משה עפראָן

# צווישן שאָטנס

## און אַנדערע דערציילונגען



אַרויסגעגעבן פון אַ גרופּע פריינט
ניו־יאָרק, 1945

אין ליכטיקן אָנדענק פון

**משה עפראָן**

וואָס איז אַוועק פאַר דער צייט,
ווערט דאָס בוך ארויסגעגעבן
פון זיינע פריינט און פאַרערער.



POSY-SHOULSON PRESS
227 West 17th St., New York 11, N. Y.
 255

# אינהאַלט

זייט

# פון די אַרויסגעבער

משה עפּראַן, אַ מערקווירדיגער מענש, אַ מענש מיט טיפן און ברייטן וויסן, וואָס האָט דערצו, בלי ספק, פאַרמאָגט אַ היפּשן ליטעראַרישן טאַלאַנט, וואָס האָט געקענט טיף אַריינדרינגען אין די פאַרבאָרגענישן פון דער מענשלעכער פּסיכאָלאָגיע און זיטלעכקייט און געפינען פאַר דעם דעם פּאַסיקן אויסדרוק, — האָט אָפּגעלעבט אַ גאַנץ לעבן, געשאַפן זאַכן פון באַדייטנדיגן קינסטלערישן ווערט, און האָט, פונדעסטוועגן, קיינמאָל ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט זיי צו פאַרעפנטלעכן. געשריבן האָט ער קענטיג, דערפאַר וואָס דערצו האָט אים געיאָגט אַן אינערלעכע, קינסטלערישע באַדערפעניש, ער האָט אָבער, צוליב זיין צוריקגעצויגענער און באַשיידענער נאַטור, זיינע זאַכן אין קיין רעדאַקציעס ניט געשיקט און צו קיינשום צייט־שריפט זיי ניט אָנגעבאָטן. ערשט נאָך זיין טויט איז איינע פון זיינע דערציילונגען, „דער סוד”, געווען געדרוקט אין „אידישן קעמפער”.

אַ דאַנק זיין אלמנה און אַ גרופּע פריינט ווערט זיין בוך דערציי־לונגען איצט אַרויסגעגעבן, און די אַרויסגעבער פילן, אַז דערמיט וואָס זיי פאַרעפנטלעכן דאָס בוך, דערפילן זיי נישט בלויז אַ חוב לגבי דעם פריי־צייטיק פאַרשטאָרבענעם פריינט, נאָר זיי ברענגען אויך אַריין אין דער יידישער ליטעראַטור אַ בוך מיט אייגנאַרטיקע און מערקווירדיקע דער־ציילונגען.

משה עפּראַן איז געבוירן געוואָרן אין 1883 אין לונאַ, אַ קליין שטעטל אין אַמאָליגן גראָדנער ראַיאָן, אָבער דערצויגן געוואָרן איז ער אין וואַרשע, וואוהין זיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגעצויגן ווען ער איז נאָך געווען אַ קליין קינד.

זיין פאָטער, שלמה, איז געווען אַ העברעאישער לערער, און ער אַליין האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זיין זונס עלעמענטאַרע העברעאישע און אידישע לימודים. צו 10 יאָר האָט אים זיין פאָטער אַריינגעגעבן אין דער

דעמאָלט באַרימטער פּריוואַטער ישיבֿה פֿון יאַשע חריף, וואו עס האָבן זיך געלערנט נאָר געקליבענע קינדער פֿון אויסערגעוויינלעכע פֿעאיגקייטן. דאָרט האָט משה עפֿראָן געלערנט תנ"ך, גמרא און פּוסקים און צו 13 יאָר איז ער שוין געווען באַקאַנט פֿאַר אַן עילוי.

מערקווירדיג, אַז שוין אין זיינע גאָר יונגע יאָרן האָט עפֿראָן אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו שרייבן און צו 12 אָדער 13 יאָר האָט ער פֿאַרפֿאַסט און אָפּגעדרוקט אַ קליין חיבור און עס דערלאַנגט אַ מתּנה זיין פֿאָטער. דער דאָזיגער חיבור איז, ווי אונז איז באַקאַנט, געווען דער ערשטער און דער לעצטער, וואָס משה עפֿראָן האָט אַמאָל פֿאַרעפֿנטלעכט. זיין אינהאַלט איז אונז ניט באַקאַנט, וואָרעם משה עפֿראָן האָט זיך וועגן דעם בלויז געוויצלט און עס געהאַלטן פֿאַר אַ קינדערישער שטותערײַ.

אַרום יענער צייט האָט משה עפֿראָן פֿאַרלאָזט די ישיבֿה און זיך אָפּגעגעבן מיט וועלטלעכע לימודים, איבערהויפּט שפּראַכן, וואָס אַ חוץ יידיש און העברעאיש, האָט ער גוט געקענט רוסיש, דייטש, פֿראַנצויזיש, ענגליש, לאַטיין, אַלט־גריכיש און איטאַליעניש.

בטבע איז עפֿראָן געווען אַ גרינטלעכער מענטש און ער האָט פֿאַרמאָגט אַ גוואַלדיגן זכּרון. גאַנצקייט, ערנסטקייט און גרינטלעכקייט זיינען געווען זיינע הויפּט כאַראַקטער־שטריכן. אויבערפֿלעכלעכקייט האָט ער ניט געקענט פֿאַרטראָגן.

צו 16 יאָר האָט ער פֿאַרלוירן זיין פֿאָטער און ער האָט געמוזט איבעררייסן זיינע לימודים און זאָרגן זיך פֿאַר חיונה. ער איז געוואָרן אַ פּריוואַטער לערער אין אַלגעמיינע לימודים און איבערהויפּט שפּראַכן.

אַרום 1902 האָט משה עפֿראָן אָנגעהויבן שרייבן דערציילונגען, צוערשט אין העברעאיש, נאָכדעם אין אידיש. מיר ווייסן ניט צי ער האָט אין וואַרשע געדרוקט עפּעס פֿון זיינע ערשטע זאַכן, מיר ווייסן אָבער יאָ, אַז זיין שרייבערישער טאַלאַנט איז געווען באַקאַנט און געשעצט אין די דעמאָלטיקע וואַרשעווער יידישע ליטעראַרישע קרייזן. נאָמבערג, אברהם רייזען, ז. שניאור, יעקב שטיינבערג און אַנדערע האָבן אים שטאַרק דערמוטיגט צו שרייבן, און אין 1903, ווען ער איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָט ער מיטגעבראַכט רעקאָמענדאַציע בריוו צו אברהם ליעסינען, דעם רעדאַקטאָר פֿון „צוקונפֿט", אָבער עפֿראָן האָט די בריוו ניט אויסגענוצט, וואָרעם זיין שטרעבונג איז געווען צו שטודירן מעדיצין און ניט אָפּצוגעבן זיך מיט ליטעראַטור.

אין 1905 איז ער אָנגעקומען אין לאָנג איילאַנד מעדיקאַל סקול און האָט זיך דאָרטן זייער אויסגעצייכנט, אָבער ער האָט ניט פאַרמאָגט די מאַטעריעלע מיטלען צו פאַרענדיגן דעם קורס און ער איז אין אַ יאָר אַרום צוריק אַוועק קיין אייראָפּע. ער איז אָנגעקומען אין פּאַריז און גענומען אַ קורס אין דער סאָרבאָנע, אָבער אויך דאָרט האָט ער, מחמת דער זעלבער סיבה, ניט געקענט ענדיגן דעם קורס, און ער איז אַוועק צוריק קיין רוסלאַנד. דאָרט האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין קוזינע רחל עפּראָן.

אין אַ פּאָר יאָר אַרום איז ער ווידער אָנגעקומען קיין אַמעריקע, געוואָלט דערשלאָגן זיך צו אַ „תכלית" און אַריבערברענגען אַהער זיין פרוי און קינד, וואָס זי האָט אים געבוירן. ס'איז אים ניט באַשערט געווען, וואָרעם זיין קינד איז אין רוסלאַנד באַלד געשטאָרבן און זיין פרוי האָט דעם קינד נאָכגעפאָלגט.

אין אַמעריקע האָט ער זיך גענומען צו לערעריי, וואָס האָט געזאָלט זיין זיין צייטווייליגע פּראָפעסיע, ביז וואַנען ער וועט זיך דערשלאָגן צו עפּעס אַנדערש און בעסערס. אָבער, צוליב מאַטעריעלע אומשטענדן האָט ער זיין אַמביציע, וואָס האָט געפאָדערט גרויסע מיטלען און ריזיגע כוחות, — וועלכער ער האָט ניט פאַרמאָגט, — געמוזט אויפגעבן און איז אַזוי אַרום שוין פאַרבליבן אַ לערער ביזן סוף פון זיין לעבן. זיינע תלמידים זיינען הויפּטזעכלעך געווען סטודענטן, וועמען ער האָט געגרייט צו דאָקטאָראַט עקזאַמענס.

אין זיינע פרייע מינוטן האָט ער פאַר צייט־פאַרטרייב געשריבן קורצע דערציילונגען. ער אַליין האָט עס גערופן „גייסטיגע היגיענע"...

אין 1932 האָט ער חתונה געהאַט מיט איינער פון זיינע סטודענטקעס לאה רויטמאַן, וועלכע איז געוואָרן זיין טרייסטע און איבערגעגעבנסטע פאַרערערין, סיי בעת זיין לעבן און סיי איצט נאָך זיין טויט.

משה עפּראָן האָט איבערגעלאָזט אַ גרויסע צאָל תלמידים און פאַר־ערער, וואָס זיין גוטע השפּעה וועט ביי זיי בלייבן אויפן גאַנצן לעבן. ער איז געווען זייער אַ ליבנסווירדיגער און פריינטלעכער מענש, מיט אַ פיינעם חוש פאַר הומאָר, פאַרמאָגט אַ קאָלאָסאַלן וויסן, און האָט איבערהויפּט זייער ליב געהאַט און פאַרשטאַנען נאַטור. אַליין אַ ליידנדיגער, האָט ער מיטגעפילט מיט אַלע ליידנדיגע און פאַר אַלעמען געפונען אַ גוט וואָרט און, וואו נאָר ער האָט געקענט, אַ גוטע טאַט. דערצו איז ער געווען זייער אַ באַשיידענער און געהאַט אַ מערקווירדיגן חוש פון זעלבסט־

קריטיק. די לעצטע צוויי מידות זיינע, זיינען, אפשר, געווען די הויפּט־מניעות, וואָס האָבן אים אָפּגעהאַלטן אַרויסצוברענגען פאַר דער עפנט־לעכקייט זיין רייך־באַגאַבטע נאַטור און זיינע גרויסע פעאיגקייטן. ער האָט געזוכט אַרויסצוברענגען דאָס אידעאַלע אין לעבן און אין שאפן, און איז געווען זייער שטרענג צו זיך אַליין. ער האָט אין אַלץ און אין אַלעמען געזוכט פּערפעקציע און צו זיך אַליין זיינען זיינע פאָדערונגען געווען ניט ווייניגער האַרב ווי צו פרעמדע. אפשר דערפאַר האָט ער אויך בישט פאַרעפנטלעכט קיין איינע פון די זאַכן, וואָס ווערן איצט פאַרעפנטלעכט פון די מאַנוסקריפּטן, וועלכע זיינען פאַרבליבן נאָך אים.

משה עפראָן איז געשטאָרבן דעם 5טן יאַנואַר 1944. זיינע פיל־צאָליגע פריינט וועלן אים קיינמאָל ניט פאַרגעסן און זיי וועלן ניט אויפהערן ערן זיין אָנדענק.

# צווישן די שאָטנס

מר. מאַרק האָט לאַנגזאַם אַריינגערוקט דעם שליסל אין שליסל־לאָך און פּאַמעלעך געעפנט די טיר פון זיין דירה. אַריינגייענדיג איז ער געבליבן שטיין אַ רגע אין פּאָדערצימער ווי ער וואָלט געווען איבער־ראַשט צו זען ליכט אין זאַל. ניט אַראָפּנעמענדיג אפילו זיין ראָק איז ער גלייך אַריין אַהין.

ביזט שוין דאָ צוריק? — האָט ער געפרעגט מיט געמאַכטער איבערראַשונג, — איך האָב געדענקט אַז עס וועט דויערן לענגער.

ער האָט געוואוסט פון וואַנען זיין פרוי איז געקומען און ווען זי איז צוריקגעקומען. ער האָט אפילו געזען פון אַ באַהעלטעניש אַ טייל פון דער באַגעגעניש, נאָר דאָס איז געווען זיין סוד.

זי האָט אים גלייך ניט געענטפערט, איז געבליבן זיצן אין איר שטול ביים פענסטער, מאַט נאָך דער זאַנדערבאַרער דערפאַרונג וואָס זי האָט אָט ערשט געהאַט דורכגעמאַכט.

— וואָס אַזוינס איז דאָרט געשען? וואָס איז פאַרגעקומען? וואָס וויל ער? — האָט ער אומרואיג געפרעגט.

— לאַזאַר איז משוגע, משוגע, — האָט זי קוים אים הערנדיג געענטפערט.

— אָבער וואָס ביזטו אַזוי צערודערט?

ער האָט אַראָפּגענומען זיין ראָק און רעקל, אַרויפגעוואָרפן זיי אויף אַ שטול, ווי עס וואָלט אים געוואָרן צו הייס, און געבליבן שטיין וואַרטנדיג אויף אַן ענטפער.

— אודאי בין איך צערודערט... פון זיין גאַנג... פון זיין גאַנצן אויסזען... אַזוי האָב איך אים קיינמאָל ניט געזען... פינף יאָר ניט געזען אים, זייט איך בין אַוועק פון אים, פינף יאָר...

— עלטער געוואָרן?

— ניט דאָס, כ׳מיין ניט די עלטער, נאָר אַזוי אָפּגעלאָזן, שיער ניט ווילד. ווי זאָל איך עס דיר באַשרייבן? ס׳איז גאָרניט דער זעלבער מאַן וועמען איך האָב געקענט, כ׳מעג זאָגן אַן אומבאַקאַנטער... יענער

איז געווען אַזוי אַקוראַט, אַזוי נעט. געגאַנגען צו דער אַרבעט ווי אויף אַ שפּאַציר, איז צוריקגעקומען ווי פון אַ שפּאַציר. מענטשן פלעגן מיר זאָגן אַז ער הערט ניט אויף צו ווערן געפעלן מיר, צו האַלטן זיך ווי אַ חתן. און היינט... גאָט מיינער! זיין בליק, זיינע אויגן, ווי פון אַ מטורף...

— אָבער פאַרוואָס דערציילסטו מיר ניט בעסער וואָס ער וויל? נאָך וואָס האָט ער דיך געריפן פלוצלינג? וואָס פאַרלאַנגט ער פון דיר? ער האָט דאָך די גאַנצע פינף יאָר געשוויגן — וואָס עפּעס מיטאַמאָל?...

— לאָז מיך צורו אַ רגע. איך בין נאָר וואָס געקומען אין הויז. איך בין אַזוי מיד, אַזוי צעטומלט פון זיין גאַנצער באַנעמונג. ער איז ניט מער מיין מענטש. כ'מיין, איך האָב איבער אים מער קיין מאַכט ניט. געווען שטענדיג אַזוי מילד, אַזוי נאָכגעביג... גאָרניט דער לאַזאַר פון אַמאָל...

— ער האָט זיך דערלויבט צו זיין גראָב מיט דיר?

— גראָב נאָך? דאָס ווילסטו? אָבער אַזוי אומגעדולדיג, אַזוי איינגעשפּאַרט, און צולעצט טאַקע פרעך אויך, וואָלט איך עס גערופן. איך האָב ניט געפונען דעם וואָס איך האָב דערוואַרט. נאָר וואָס איז דער וואונדער? שוין פינף יאָר ווי דער מענטש לעבט איינער אַליין, איינער אַליין אין דיזעלבע פיר צימערן. גייט אַרויס פון פרימאָרגן פון אַן איינזאַמער הויז, אַלץ אַליין. ער פלעגט אָפט, האָב איך געהערט, קומען אַהיים בייטאָג אויך די לעצטע צייט. האָט מער ניט געאַרבעט רעגלמעסיג, זיך אָפּגעלאָזן. אַלץ אין הויז דאָרט איז געבליבן אומ־באַרירט, פונקט ווי אַמאָל. איך האָב ניט באַדאַרפט דערלאָזן פון אָנהויב אָן אַז ער זאָל דאָרט פאַרבלייבן. איך וואָלט עס דאַן געקאָנט אויספירן ביי אים.

זי האָט גערעדט שטיל, ווי צו זיך אַליין, ווי זי וואָלט איגנאָרירט איר מאַן, וואָס האָט ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס ער איז אַזוי אומגע־דולדיג געווען צו וויסן וואָס עס איז פאָרגעקומען, דאָך געשלונגען יעדעס וואָרט אירס.

— דו ווילסט וויסן וואָס ער וויל, — האָט זי ענדלעך שוין אַ ביסל העכער צו אים אַ זאָג געטאָן.

— געוויס אַזוי. ער איז דאָך געקומען מיט עפּעס אַ צוועק, וואָס איז זיין צוועק?

— אודאי מיט אַ צוועק, נאָר אסור אויב איך ווייס ווי אַזוי עס דיר איבערצוגעבן.

— גיב זיינע ווערטער, זיינע אייגענע ווערטער, אַלץ וואָס ער האָט געזאָגט.

זי האָט דערקענט, וואָס זי האָט גערופן, דעם שרייבער אין איר מאַן — דאָס וועלן וויסן ווי אַזוי אַ געשעעניש איז פאָרגעקומען טאָט־זעכלעך מיט אַלע איינצלהייטן אָן יענעמס פערזענלעכע באַמערקונגען. דאָס מאָל האָט זיין פאַרלאַנג האַרמאָנירט מיט איר אייגענער שטימונג. זי אַליין האָט געוואָלט איבערגיין אַלע דעטאַלן פון דער באַגעגעניש, ווייל איר געדאַנק איז ווירקלעך געווען ניט אין אָרדנונג. אַ חוץ דעם איז עס דאָך גאָר צוערשט געווען אינטערעסאַנט אויך.

— ער איז געווען זייער בלייך און אַזוי ניט זיכער מיט זיך די ערשטע פּאָר מינוט, — האָט זי אָנגעהויבן, — ניט געקאָנט די פּאַסיגע ווערטער געפינען. „געדוצט” מיר און „געאירצט” מיר; געבליבן ענדלעך ביים „אירצן” — פרעמד מיט מיר, הייסט עס, מיין דאגה. נאָר איידער ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן האָט ער מיך אַזוי לאַנג אָנגעקוקט — ס'איז מיר אַזש אומהיימלעך געוואָרן. וואָס אַזעלכעס האָט ער געקענט אין מיר זען? זאָל עס זיין אַז אויך איך האָב מיך פּאַר דער צייט פיל געענדערט?

מרס. מאַרק האָט זיך אַ ווײַלע באַטראַכט אין אַ שפּיגל וואָס איז געהאַנגען קעגן איר.

מאַרק האָט איר אויף איר פראַגע ניט געענטפערט.

— איבעריגנס, האָט ער זיך אַנטשולדיגט פאַרוואָס ער האָט מיך אַזוי לאַנג באַטראַכט ווי אויך פאַר זיין רופן מיך צו דער באַגעגענונג. דערמאָנט מיר אַז פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער מיך קיין איינציג מאָל ניט אין מינדסטן באַלעסטיגט, מיר קיינמאָל אויף די אויגן ניט געקומען — וואָס איז אמת. אַז ער האָט אַפילו קיין גוט וואָרט פאַר זיך ניט געפונען יענעם זונטאָג אינדערפרי ווען, אַזוי אומגעריכט פאַר אים, האָב איך אים צואוויסן געגעבן אַז איך גיי פאַרלאָזן זיין הויז. ער האָט דאָך די מינדסטע אַנונג ניט געהאַט אַז איך גיי אַוועק פון אים. ער האָט מיך בלויז געפרעגט צי איך גיי אַוועק אַליין? און איך האָב אים אָנגעוויזן אויף פרידאַן אַז איך נעם דאָס קינד מיט זיך. וואָס ער האָט געמיינט, איז געווען, צי איך גיי אַוועק מיט אַן אַנדער מאַן. האָט ער מיר איצט דערקלערט פאַרוואָס ער האָט גענומען דעם קלאַפּ אַזוי בראַוו און געלאַסן. וועסט גלויבן? ער האָט ניט געקאָנט דייטלעך אויסרעדן דאָס וואָרט „קלאַפּ”, עס האָט אים פּלוצלינג אָטעם פאַרפעלט.

— דו פאַרגעסט צו געבן זיין דערקלערונג.

— איך פאַרגעס ניט! — איר מאַנ׳ס טאָן איז איר ניט געפעלן געווען: — וואָס יאָגט ער איר? וואָס האָט ער קיין צייט ניט? — זי האָט אָבער פאָרטגעזעצט:

— ער גלויבט, האָט ער געזאָגט, אַז ער איז פון שטענדיג אָן אַן אויפריכטיגער מענטש געווען, אָן ערלעכער מענטש. ער האָט אָבער געוואוסט אַז ער איז אַ קליינער מענטש, ער איז ניט געווען גענאַרט אין זיך. אַ קליינער מענטש טאָר ניט האָבן קיין גרויסע פאַר־לאַנגען, דאַרף וויסן זיין פּלאַץ אין דער וועלט. ער האָט דעמאָלט געדענקט אַז איך גיי אַוועק מיט איינעם ניט זיין גלייכן, מיט אַ גרויסער פּערזענלעכקייט... אַזוי האָט ער דעמאָלט געדענקט. — זי האָט אַבזיכטלעך שטאַרק אונטערגעשטראָכן דעם „דעמאָלט" און זיך אָפּגעשטעלט.

— „דעמאָלט"? וואָס עפּעס דעמאָלט? — האָט מאַרק אַ כלומרשטן שמייכל געטאָן.

— יאָ, דעמאָלט, — אַזוי האָט ער געזאָגט, — פיר יאָר האָט ער אַזוי געגלויבט.

— פיר יאָר, אַ מאָדנער חשבון.

מאַרק איז געוואָרן נאָך נייגעריגער ווי ביז אַהער.

מרס. מאַרק איז ניט געווען בלינד צו איר מאַנ׳ס שטייגנדיגן אומגעדולד, האָט אָבער איר געדאַנק ניט איבערגעריסן:

— אָט דאָס האָט אים געמאַכט אַזוי בראַוו אויפצונעמען וואָס עס איז געקומען אויף אים אָן אַ וואָרט פון פּראָטעסט. דאָס איז זיין דערקלערונג... ער האָט געוואוסט פון אונדזער שווערער עקאָנאָמישער לאַגע יענע ערשטע יאָרן...

— פרידאַ האָט אים דערציילט?

— ניין, ניט פרידאַ. איך האָב אויך געדענקט אַז פרידאַ, נאָר עס איז געווען פונקט קאַפּויר. פרידאַ פלעגט אים דערציילן דווקא פון די ליכטיגערע, פריילעכערע פּאַסירונגען פון אונדזער לעבן, פאַרגרע־סערט יעדע זאַך ווי אַ קינד. איינמאָל האָט זי אים דערציילט פון אַ „גלענצנדן" אָוונט, אַ „פּאַרטי", אין אונדזער הויז. געדענקסט געוויס יענעם אָוונט? ס׳איז געווען לעבעדיג אָבער ווייט ניט דאָס ווי זי האָט געשילדערט. אָן אַנדער מאָל האָט זי געהערט אונדזער שכנה, מרס. גרין, דערציילן מיר פון אַ „גוד־טיים" וואָס זיי האָבן געהאַט, האָט זי עס איבערגעגעבן לאַזאַרן אַז מיר האָבן עס גאָר געהאַט יענעם וואָיל־טאָג. זי האָט עס דאָן אויסגעפלוידערט פאַר מיר. אַ קינד איז אַ קינד. לאַזאַר, פאַרשטייסטו, האָט פאַרשטאַנען אונדזער לאַגע פון דעם

קינד'ס הילוף, דאָס דין מאַנטעלע וואָס ער האָט געזען אויף איר אין אַ קאַלטן אָוונט, די שיך ... דאַן האָט ער זיך עס גענומען די פרייהייט בייצושטייערן צו אירע הוצאות.

— ביישטייערן! — האָט מאַרק געפּרואווט די זאַך צו קליינגעלט מאַכן.

— פאַרוואָס ניט ביישטייערן?! — האָט זי זיך אָנגעכאַפּט. איר איז ניט געגאַנגען אַזוי ווייט אין יושר צו יענעם ווי ניט לאָזן דעם זיך צופיל איבערנעמען. — לאַזאַר האָט אויסגעהאַלטן דאָס קינד אין „קאונטרי” אויף יענעם זומער.

זי האָט געקוקט איר מאַן גלייך אין די אויגן: זאָל ער נאָר וואַגן אָפּצולייקענען איר באַהויפּטונג. זי האָט זיך שיר ניט אויסגערעדט אַז זי אַליין איז געפאָרן מיטן קינד אויפן זעלבן חשבון. עפּעס אומבאַשטימטעס האָט איר קוים אָפּגעהאַלטן פון אַרויסצוברענגען עס פון אירע ליפּן.

— ווילסט גלויבן? — דאָס איז אַלץ וואָס לאַזאַר האָט געוואוסט פון אונזער לעבן, איך מיין, דאָס ביסל פון אונזער עקאָנאָמישער לאַגע. מער גאָרניט געווען נייגעריג צו וויסן. ער לעזט ניט קיין זשורנאַלן, האָט קיינמאָל דיין נאָמען ניט באַגעגנט. לעזט קיין ביכער אויך ניט, סיידן אַן אַלט בוך אַמאָל פון די פּאָר וואָס געפינען זיך אין זיין הויז. האָט זיך אָפּגעשלאָגן פון פריינט, געלעבט אַליין מיט זיך...

— ער האָט דיך גערופן, זע איך, צו באַקענען דיך מיט זיין לעבן... אַזוי קומט עס מיר אויס...

— האָסט אַ טעות אויב דו דענקסט אַזוי. ס'איז מיר ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט צו מאַכן אים רעדן פון זיך.

— וואָס ביזטו עס פּלוצלינג געוואָרן אַזוי פאַראינטערעסירט אין אים?

— צוערשט איז עס געווען נייגעריגקייט, און נאָכדעם איז עס געווען דער אינטערעס אים אויסצוהערן. אין אָנהויב איז ער ניט געווען אַזוי ווילד און משוגע ווי דערנאָך. געהאַלטן זיך אַ ביסל פרעמדלעך, געלאַסן, געוואָלט זיך איינקויפן, געלאָזט זיך דינען. אָפט האָט ער מיך מאָדנע אָנגעקוקט, עפּעס געזוכט אין מיר, איך וואָלט שווערן ער האָט זיך געריסן צו זאָגן מיר עפּעס, נאָר האָט אַלץ געוואַרט, געוואַרט און פאַרט ניט געזאָגט. איך וויס ניט אויף וואָס ער האָט געוואַרט. איך האָב גערעדט צו אים און אָפּט געמיינט אַז איך זע אַן אַנדערן, עפּעס אַ מענטש וואָס קומט פון...

זי האָט ניט געפונען קיין ווערטער צו פאַרענדיגן דעם זאַץ, האָט זי אַ נאַרישן שמייכל געטאָן איר מאָן אין די אויגן, אָבער דער שמייכל אירער איז מאַרק׳ן פאַרגעקומען פאַרדעכטיג, האָט ער געפרעגט:

— אַ מענטש וואָס קומט פון וואַנען?

— איך ווייס ניט פון וואַנען, — האָט זי געזאָגט אומגעדולדיג און דערמיט פאַרשטאַרקט מאַרק׳ס פאַרדאַכט. ווייל ער האָט געגלויבט אַז זי האָט צוריקגעהאַלטן פון אים די ווערטער „פון צווישן די שאָטנס״, דעם נאָמען פון זיינס אַ ווערק וואָס איז דערשינען אַ פּאָר מאָנאַט צוריק. מאַרק׳ס ערשטער און איינציגער דערפאָלג. זי האָט זיין פאַרדאַכט ניט באַמערקט און פון יענע ווערטער ניט געהאַט געדענקט, האָט זי רואיג פאָרטגעזעצט:

— פאַרוואָס איז ער פאַרבליבן אין יענער דירה? — האָב איך אים געפרעגט.

— יענע דירה, — האָט ער געזאָגט, — איז געווען זיין איינציגע היים פון זייט ער געדענקט זיך. — זי האָט די ווערטער באַטאָנט, ווי זי וואָלט געווען שטאָלץ מיט דעם וואָס זי האָט לאַזאַר׳ן אַמאָל געגעבן זיין איינציגע היים. — ער האָט זיך אָנגעהאַלטן אָן דער דירה יענע ערשטע טעג נאָך מיין פאַרלאָזן אים, ווי, אַ שטייגער, אַ טרינקענדיגער האַלט זיך אָן אַ שווימענדיגער ברעט... „אַלץ אַרום האָט זיך אַזוי געוואַקלט״, — האָט זי ציטירט לאַזאַר׳ס ווערטער.

— ברויכסט מיר ניט איבערצוגעבן זיינע געפילן, ס׳איז ניט וויכטיג.

זי האָט מאַרק׳ן ניט געהערט. פאַרנומען מיט איר געדאַנק, האָט זי פאָרטגעזעצט:

— דערנאָך איז עס געוואָרן אָן אינדזל, זיין אינדזל...

— זיין אינדזל? — האָט מאַרק נאָכגעזאָגט.

— יאָ, „זיין אינדזל״. וואָס פאַרשטייסטו ניט? — און זי האָט דעם געדאַנק ווייטער אַנטוויקלט פאַר מאַרק׳ן, געברויכנדיג, ווי זי האָט געדענקט, לאַזאַר׳ס ווערטער. זי האָט געשמייכלט, ווי זי וואָלט שוין געהאַט פאַרגעסן אירע שווערע געפילן פון אַ ווײַלע צוריק.

מאַרקן איז איר שמייכל פאַרדעכטיג געווען. אים האָט זיך געדוכט אַז ער הערט פראַזן פון זיין בוך. ער האָט איר אָבער געלאָזט ווייטער אָנצוגיין מיט איר דערציילונג.

— איין גאָט ווייס וואָס פון אים וואָלט געוואָרן ווען ער וואָלט ניט געווען פאַרבליבן אין דער דירה, — האָט ער געזאָגט. — אוודאי וואָלט ער ניט געוואָרן קיין שיכור, דאָס איז ניט זיין נאַטור. נאָר אַז

עפּעס שרעקלעכעס האָט געלויערט איבער אים, דאָס האָט ער געפילט. דאָס הויז האָט אים געראַטעוועט — ס'איז דאָך אַמאָל געווען אַ היים. זיין היים... די ערשטע רגע האָט ער געטראַכט, אַז אַלץ איז פון אים אַוועקגענומען געוואָרן, אָבער ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די ווענט, די ליבע ווענט, האָט ער דערפילט ווי... ווי זאָגט מען עס?

מאַרק האָט דערוואָרט, אַז אָט, אָט וועט ער הערן פון איר אַז יענער האָט זיך דערפילט „ווי אַ שומר פון אַ פאַרלאָזענעם הייליגטום", אָדער עפּעס ענלעכעס, נאָר די פרוי האָט זיך שוין פאַרטראַכט איבער עפּעס אַנדערש. מאַרק איז געווען צופרידן וואָס זי האָט ניט דערענ־דיגט איר פאַרגלייך. אַ ווײַלע שפּעטער האָט זי געזאָגט ווי זי וואָלט אים אײַנגערוימט אַ סוד:

— ער האָט געפונען אַ בוך פּאָעזיע וואָס האָט אַמאָל געהערט צו זיין עלטערער שוועסטער און וואָס זי האָט זייער געהאַלטן. מעגלעך אַז ער האָט עס ניט ווילנדיג פאַרשלעפּט אַהער מיט זיינע אייגענע זאַכן, ווען ער איז אָפּגעפאָרן נאָך אַמעריקע. נאָר עס לאָזט זיך גלויבן אַז זי אַליין האָט עס אים מיטגעפּאַקט. ער האָט דאָס בוך קיינמאָל אין האַנט ניט גענומען. אָבער איין איינזאַמען אָוונט האָט ער זיך פּלוצלינג געפונען לעזן דעם בוך: גאַרניט ווי ער אַליין, מיט זיינע אייגענע הענט, וואָלט עס געהאַט גענומען נאָר מען וואָלט עס אים דערלאַנגט אין האַנט אַריין און געהייסן לעזן...

— אַ בוך פּאָעזיע? — האָט מאַרק געפרעגט, — וואָסער בוך איז עס?

— כ'לעבן, איך ווייס ניט גענוי. איך געדענק אַז איך האָב עס געזען אַמאָל. אַ גרויסער גרינער באַנד מיט זיין שוועסטער'ס נאָמען אויפן פאָדערבלאַט. כ'האָב אפשר אַמאָל אַ קוק געטאָן אין דעם. דאָס בוך איז גלייך געוואָרן זיינס אַ פּריינט. אין קורצן האָט ער אָנגעהויבן צו שטוינען — ער האָט אין בוך געפונען אָזויפיל פון זיינע געדאַנקען, אַז ער האָט זיך אַזוי איינגעלעבט אין אים, אַז ער האָט אַליין ניט געוואוסט צי ער רעדט נאָך די ווערטער פון בוך אָדער עס זיינען טאַקע זיינע אייגענע געפילן און זיינע אייגענע ווערטער.

די פרוי האָט פּלוצלינג געביטן איר טאָן פון רעדן און זיך צעלאַכט:

— ווי מיינסטו, מאַרק, רעדט ער נאָך דעם בוך צי ניט?

מאַרק איז געבליבן ערנסט און בלייך. איז זי אַ רגע אַנטשוויגן געוואָרן. לאַזאַר'ס בלייך געזיכט איז איר אַרויף אויפן געדאַנק, ווי ער האָט אויסגעזען ווען ער האָט איר געענטפערט אויף אירע פראַגעס וועגן זיינע אָוונטן אַליין אין יענע באַקאַנטע צימערן. ער האָט איר

דערציילט פון אַ חלום וואָס האָט איר אויסגעוויזן אַזוי נאַטירלעך. זי וואָלט שווערן אַז עס איז געווען איר אייגענער חלום. פאַרוואָס האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו דערציילן איר דעם אינהאַלט פון חלום? און דאָך האָט ער אַזוי מערקווירדיג געפאָרשט אין אירע אויגן, ווי ער וואָלט גרייט געווען איר אַלץ צו אַנטפּלעקן.

יאָ, זי האָט ריכטיג געטראָפן: עס איז ווירקלעך געווען אַ חלום פון איר, וואָס לאַזאַר האָט פון איר צוריקגעהאַלטן; אַ חלום פון זיין ערשטן יאָר אַליין. עס האָט זיך אים געחלומט איין נאַכט, אַז זי וועקט אים אויף פון אַ שוידערלעכן חלום צו פאַרזיכערן אים אַז ס'איז אַ בייזער חלום, אַז זי האָט אים גאָר קיינמאָל ניט פאַרלאָזן, איז מיט אים, און לעבן אים; זי צערטלט אים ווי אַן איבערגעשראָקן קינד; וויינט, לאַכט, און ער קאָן אַלץ ניט גלויבן אַז דאָס איז מער ניט קיין חלום... ער קוקט טיפער איר אַריין אין געזיכט און עס הויבט אים אָן צו ווערן ליכטיקער און לייכטער, ליכטיקער און לייכטער, ביז וואַנען עס ווערט אַזוי ליכטיק... אָבער ווען ער האָט זיך אַ גליק־ליכער אויפגעכאַפּט, האָט ער זיך געפונען אין פינסטערן צימער און אַליין.

— ער האָט מיר דערציילט פון אַ חלום, — האָט זי ענדלעך איבערגעבראָכן איר קורצע פּויזע.

מאַרק האָט די גאַנצע צייט ניט אַראָפּגענומען זיינע אויגן פון איר.

— אַ חלום? — האָט ער געפרעגט. און זיך באַמיט צו בלייבן גלייכגילטיק.

— יאָ, אַ חלום.

איר ניט געאיילטקייט האָט געמאַטערט מאַרק'ן.

— וואָס האָט ער געוואָלט? דו זאָלסט אים פּותר חלום זיין?

— ניט דאָס, ער האָט געהערט מערקווירדיקע ווערטער אין חלום — האָט ער געזאָגט — ער האָט געשטוינט ווי אַזוי אַזעלכע ווערטער קומען צו אים, האָט ער זיי גלייך פאַרשריבן...

זי האָט באַוואוסטזיניק פאַלש איבערגעגעבן, וואָס זי האָט גע־הערט פון לאַזאַר'ן, וועמענס אמת'ע ווערטער זיינען געווען, אַז ער פלעגט אָפט פאַרשרייבן ווערטער וואָס זיינען צו אים געקומען אין אַ פאַר'חלום'טן צושטאַנד. איר אָבער האָט זיך אין דער מינוט געוואָלט אַז די מערקווירדיקע ווערטער זאָלן האָבן געקומען צו אים אין חלום, וואָס זי האָט געגלויבט איז געווען פון איר, אין „איר" חלום.

— צו־וואָס האָט ער די ווערטער פאַרשריבן?

— ווייל ער האָט מורא געהאַט אַז זיי וועלן פאַרשווינדן ווי דער חלום.

— אַזוי האָט ער דיר געזאָגט ?

— איך פאַרשטיי אַזוי . . . ער האָט געזאָגט אַז ער האָט צוערשט אָנגעהויבן צו פאַרשרייבן די ווערטער, ווייל ער איז ניט געווען זיכער אַז עס זיינען זיינע אייגענע. צוליב איין געדאַנק אַמאָל איז ער אי־בערגעגאַנגען איבערן גאַנצן בוך, זיין שוועסטער׳ס בוך, אפשר שטאַמט דער געדאַנק פון דאָרט.

— געפונען עס אין בוך ? — מאַרק האָט עס געפרעגט מיט מער ווי אַ נאַטירלעכן אינטערעס. — זי אַליין האָט געהאַט געפרעגט ביי לאַזאַרן דיזעלבע פראַגע.

— ער האָט געזאָגט אַז ער האָט ניט געפונען. איך האָב אים געזאָגט אַז ער האָט ניט גוט געזוכט.

זי איז שוין געווען גרייט ווידער צו לאַכן נאָר דער געלעכטער איז פאַרשוואונדן ביים סאַמען אָנהויב — נאָך אַלעם איז עס דאָך ניט אַ געשיכטע צום לאַכן.

— יאָ, לאַזאַר האָט געמוזט אָפט פאַרשרייבן זיינע געפילן יענע צייט, געמוזט רעדן צו זיך אַליין אויך. געדענקסט, פרידעלע פלעגט אונז אָפט דערציילן ווען זי פלעגט צוריקקומען פון אַ באַזוך ביי אים, אַז זי האָט אים געפונען שרייבענדיג. זי אַליין האָט זיך געוואונדערט. מיר פלעגן אָפט לאַכן דערפון — אפשר פאַרמעסט ער זיך דאָרט צו ווערן אַ שרייבער, זיך מתקנא אָן דיר . . . געדענקסט ?

מרס. מאַרק האָט זיך אַ ווייל פאַרטראַכט: לאַכן ? ניין, ניטאָ פון וואָס דאָ שפּאַס צו מאַכן. זי האָט זיך דערמאָנט, אַז ערשט ניט לאַנג האָט זי לאַזאַרן ווילד געמאַכט מיט דערזעלבער שפּאַסהאַפטער פראַגע צי ער איז זיך מיט זיין שרייבן מתקנא געווען אָן איר מאַרק׳ן. „עס איז דאָך געווען אַזוי נאַטירלעך צו שרייבן ווי צו רעדן צו זיך אַליין״. — האָט ער געזאָגט. דער אָרעמער מאַן האָט הייסט עס, אין שריפט גערעדט צו זיך אַליין, צו די פיר ווענט. אין אירע אויערן האָבן נאָך אָפּגעקלונגען זיינע ווערטער: „איך האָב אַזוי פיל צייט געהאַט, אַזוי פיל צייט געהאַט״ . . .

זי האָט שוין געהאַלטן ביי איבערגעבן מאַרקן איר געדאַנק ווען זי האָט זיך דערמאָנט אַז דאָס אַלץ איז דאָך ניט מער ווי אַ נעבן־זאַך, אַז מאַרק וויים דאָך נאָך דערווייל פון קיין זאַך ניט, אַז לאַזאַר איז דאָך פאָרט משוגע, ער שרייט דאָך מען האָט אים באַרויבט, ער פאַר־דעכטיקט דאָך איר אַליין אויך.

— ווייסטו וואָס ער שרייבט? — האָט זי זיך געווענדט צו מאַרקן.
מאַרק האָט געקוקט מיטן געדולד פון איינעם וואָס איז גרייט צו הערן דאָס ערגסטע. אַ רגע איז די פרוי געבליבן ווי אַפּהענטיג.

— מאָוושאָוו! האָט זי פּלוצלינג אויסגעשאָסן מער צו זיך אַליין ווי צו מאַרקן. מאָוושאָוו איז שולדיק אין אַלעס. איין, איין מאָוו־שאָוו. ער האָט אים פון זינען אַראָפּגעפירט, אַלץ שטאַמט פון איין מאָוו־שאָוו'ן! — זי האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי זי האָט עס גלייך ניט געזען: ער, לאַזאַר, האָט איר צעמישט אירע רעיונות.

— מאָוושאָוו? וועלכער מאָוושאָוו? פון וואַנען קענסטו מאָוו־שאָוו'ן?

— איך קען אים ניט. כ'האָב געהערט זיין נאָמען צום ערשטן מאָל איצט, פון לאַזאַרן. ער איז אַ שרייבער, מאָוושאָוו, ער זאָגט אַז דו קענסט אים.

— אַ, ישראל מאָוושאָוו?

— אפשר ישראל, איך ווייס ניט, אַ שרייבער.

— אַ שרייבער, אויב דו ווילסט עס רופן אַ שרייבער! רייבט זיך אַרום שרייבער, אַ קריכער. ווי אַזוי אָבער קומט לאַזאַר צו מאָוו־שאָוו'ן? און וואָס וויל דאָ מאָוושאָוו?

— פרעג מיך ניט וואָס איך ווייס ניט. לאַזאַר האָט זיך באַקאַנט מיט מאָוושאָוו'ן צופעליק, זאָגט ער, מיט אַ יאָר צוריק נאָך. לאַזאַרן איז גלייך קשה געוואָרן וואָס מאָוושאָוו דערמאָנט ניט דיין נאָמען. יענער האָט גערעדט כסדר פון שרייבער, פון די גרויסע שרייבער, איז לאַזאַרן קשה געוואָרן פאַר וואָס ער דערמאָנט דיין נאָמען ניט. לאַזאַר האָט דאָך דיך געהאַלטן פאַר אַ גרויסן שרייבער.

— נו?

— נו, גאָרניט. האָט ער אים געפרעגט צי ער קען דיך אָדער געהערט פון דיר?... זי איז געווען אין אַ פאַרלעגנהייט ווי אַזוי פאָרטצוזעצן. מאַרק'ס מערקבאַרע אומגעדולד איז איר געוואָרן צו לאַסט, האָט זי געזאָגט וואָס זי האָט דאָ ניט לאַנג געהערט פון לאַזאַרן.

— מאָוושאָוו האָט זיך אויסגעלאַכט, אויסגעלאַכט! — זי האָט געפילט אַז זי האָט ניט ריכטיק איבערגעגעבן איר געוועזענעם מאַנ'ס אַרויסברענגען אָט דעם „אויסגעלאַכט". דאָרט האָט זיך געהערט מאָוו־שאָווס אויסלאַכן אים ווי אַ טייוולאָנישער געלעכטער. — דאָס איז פאָרגעקומען נאָך מיט אַ יאָר צוריק — האָט זי צוגעגעבן, — מיט אַ יאָר צוריק. דעמאָלט האָט ער עס אויפגעהערט צו גלויבן אין דיר, פאַרשטיי איך איצט...

מאַרק׳ס אומגעדולד איז געוואָרן אַ רעזיגנירטער געדולד.

— וואָס האָט ער אים דאָרט ניט אָנדערציילט פון דיר... פון אונז... — האָט זי פלוצלינג אויסגעבראָכן אין אַ ביטערן יאָמער.

— וואָס האָט ער אים געקאָנט דערציילן?

— ליגן, ליגן, ליגן! — האָט זי אויסגעשריען דורכן יאָמער און באַגלייט די ווערטער מיט אַ העפטיקן טופען פון איר פוס.

„ליגן, ליגן, אַ שרעקלעכער ליגן“ — איז געווען איר ענטפער אַ פאָר שעה צוריק, ווען לאַזאַר האָט איר געגעבן אַ פאָרזיכטיקע אָבער דייטלעכע אָנצוהערעניש אַז ער האָט געהערט, פון דעמזעלבן מאַווישאָוו טאָקי, אַלץ וואָס זי איז אויסגעשטאַנען אַרום יענער צייט צוליב מאַרק׳ס אונטרייהייט צו איר מיט אַ געוויסער פרוי. זי האָט פאַר לאַזאַר׳ן אויך דעמזעלבן טופ געטאָן מיטן פוס, פאַר אים אָבער האָט זי ניט געוויינט ווי דאָ פאַר מאַרק׳ן.

מאַרק האָט זיין פראַגע ניט איבערגעפרעגט. ער האָט אַראָפּגעלאָזן די אויגן ווי איינער וואָס האָט איר פאַרשטאַנען. איר יאָמערלעכער אויסברוך איז געווען פון קורצן דויער כאָטש אַזוי ביטער. די געגנוואָרט האָט איבערשטאַרקט די ערינערונגען פון אַ יאָר צוריק.

— וואָס האָט ער געהאַט צו יענעם אָרעמען מענטשן, צו לאַזאַר׳ן? — האָט זי איצט געפרעגט שוין אין אַ רואיקערער אָבער נאָך אַלץ טרערפולער שטימע. — ער האָט דאָך געשטערט זיין אָרעמער רו, פאַרגיפטעט זיין איינזאַם לעבן. באַרויבט אים פון זיין ביסל עלענד גליק. דער אומגליקלעכער האָט געהאַט געגלויבט אַזוי פיל אין מיר, אין דיר... מאַווישאָוו האָט זיין גלויבן צעשטערט. ווי ער איז דעמאָלט צו זיך אַ היים געקומען...

מרס. מאַרק האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט זיך געוואָלט דערמאָנען די ווערטער אין וועלכע לאַזאַר האָט געשילדערט ווי אַזוי ער איז געלאָפן גיך, גיך, צו זיך אַ היים, נאָך יענעם געשפרעך מיט מאַוושאָוו׳ן ערגעץ אין אַ קאַפע. אָבער עס איז מער ניט געווען די היים וואָס פאַרן געשפרעך. די הויז האָט זיך פאַר אים ווי אויסגעליידיקט, פרעמד געוואָרן... לאַזאַר׳ס שילדערונג האָט איר ביז טרערן גערירט. אין דער מינוט איז אים נאָר איין פראַזע פאַרבליבן:

— ער האָט עס אנגערופן מיין צווייטן, מיין פולשטענדיקן אַוועקגיין פון אים.

עפּעס אין מאַרק׳ס אויסדרוק האָט איר געמאַכט דענקען אַז ער פאַרשטייט איר אפשר ניט. האָט זי ווידערהאָלט:

— יאָ, מיין צווייטן און פולשטענדיקן אַוועקגיין פון אים.

— פון דעמאָלט אָן האָט ער געזאָגט — האָב איך געלאָזט אַש און שטויב פאַלן אויף אַלץ, וואָס איז מיר געווען הייליג און טייער...

מאַרק האָט איר ווייטער געלאָזט רעדן.

— פרידעלע האָט אים פּונקט באַזוכט יענעם אָוונט.

— פרידעלע?

— פרידעלע... געקומען צו אים גאַנץ אומערוואַרטעט. ס'איז ניט געווען איר אָוונט. וואָס זאָל זי ווּיסן? האָט זי זיך אויסגעפּלוי־דערט פאַר אים, ווי אַ קינד, געזאָגט אים אַז זי גייט איבערבייטן איר נאָמען. זי האָט געוואָלט, אויב דו געדענקסט, אָנרופן זיך מיט דיין נאָמען, ווי איך.

מאַרק האָט פּלוצלינג אָנגעוואָרן זיין שווער געדולד.

— דאָס אַלץ, — האָט ער געזאָגט, באַמיהענדיג זיך צו פאַרבלייבן רוהיג, — איז דאָך פאַרגעקומען, ווי דו זאָגסט, נאָך מיט אַ יאָר צו־ריק. וואָס וויל לאַזאַר איצט? וואָס איז ער געקומען איצט, איצט?...

וואָס ער וויל איצט? זי האָט איצט אָנגעהויבן צו זען די גאַנ־צע געשיכטע אין אַ נייעם ליכט וואָס איז געקומען פון מאָוושאָוו'ס האַנדלונג. מאַרק'ס אומגעדולדיקע פראַגע און איר אייגענע שטאַרקע אויפרעגונג פון אַ מינוט צוריק האָבן אויף אַ ווילע איבערגעשלאָגן אירע געדאַנקען. האָט זי געענטפערט וואָס זי האָט שוין טייל ווייז געהאַט געזאָגט:

— וואָס ער וויל איצט? כ'האָב דאָך דיר שוין געזאָגט וואָס ער וויל. כ'האָב דאָך דיר געוואָרענט אַז ער איז משוגע. ער ווייס אַליין ניט וואָס ער וויל. מיר האָבן אים באַרויבט — דאָס וויל ער. מיר האָבן ביי אים דאָס לעצטע, דאָס איינציקע צוגענומען... דו הערסט? דו האָסט אים אַ הוילען נאַר פאַר דער וועלט אַרויסגעשטעלט. וואָס נאָך מער, דיין בוך „פון צווישן די שאָטנס”, זאָגט ער, איז זיין בלוטיג האַרץ, דאָס איז ער! ער!...

זי האָט פּלוצלינג דערשפּירט אַז זי זאָגט ניט דאָס וואָס זי דאַרף זאָגן און אַנשוויגן געוואָרן. פאַר איר געדאַנק איז ווידער ערשינען דער עלענדער לאַזאַר וואָס האָטווירקלעך גערעדט ווי אַ משוגענער אָבער די ליידן זיינע זיינען דאָך אויך געווען אַזוי ווירקלעך, אַזוי שרעקלעך ווירקלעך, אַזוי שרעקלעך ניט איינגערעדט. זי האָט אויסגעב־בראָכן אין טרערן פון הילפלאָזיקייט:

— איך ווייס ניט וואָס ער וויל, — האָט זי דערענדיגט, — מען האָט אים געמאַכט משוגע, מען האָט אים געמאַכט משוגע... מאָוושאָוו'ס פאַרדעכטיגע האַנדלונג איז איר צוריק אַרויף אויפן געדאַנק.

— לאַזאַר האָט געלעזן „מײַן‟ „פֿון צווישן די שאָטענס‟? — נאָר אַ שאַרף אויער וואָלט אפשר אויפגעכאַפּט דעם אומזיכערן ציטער פֿון זײַן שטימע ביים וואָרט „מײַן‟.

— אפשר האָט ער געלעזן... אויב אַפֿילו געלעזן בין איך זיכער אַז ער האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין. וואָס איז דער חילוק? איך האָב דאָס ווערק געזען אין זײַנע הענט, ער האָט עס געבראַכט מיט זיך... שטעלע נאָך שטעלע אונטערשטראָכן מיט בלויען בלײַשטיפֿט.

מאַרק׳ס אויסדרוק איז געוועזן פֿון איינעם וואָס פֿאַרשטייט ניט.

— מיינסט אפשר אַז לאַזאַר האָט דאָס אונטערשטראָכן די שטעלען?

— ניט לאַזאַר? טאָ ווער דען?

— דערזעלבער וואָס האָט אים דײַן ווערק אין זײַנע הענט אַרײַנ־געלייגט. ווי קומט דען לאַזאַר צו דײַן בוך? — זי האָט איצט געפֿילט ווי איר צעמישטקייט צעשטרויט זיך.

— מאָווישאָוו, גלויבסטו, מאָווישאָוו זאָל אים האָבן אַרײַנגעשיקט דעם בוך?

— ער האָט דעם בוך ניט אַרײַנגעשיקט, ער האָט עס אַליין גע־בראַכט צו אים. מען האָט דיר ניט פֿאַרגונען דײַן גרויסן ערפֿאָלג?

די לעצטע פּאָר ווערטער האָבן זיך ווי פֿון זיך אַליין אַרויסגעכאַפּט פֿון איר מויל, אָבער אַזוי שנעל ווי איר אויער האָט זיי דערהערט האָט זי דערפֿילט אַז אַ העלע ליכט האָט דאָ פּלוצלינג אויפגעשײַנט פֿאַר איר. אַלץ איז קלאָר ווי דער טאָג געוואָרן. זי האָט שוין געהאַט פֿאַרדעכ־טיקט מאָווישאָוו׳ן פֿריער, איצט האָט זי געפֿונען דעם מאָטיוו פֿאַר זײַן האַנדלונג: מע פֿאַרגינט ניט איר מאַן זײַן ערפֿאָלג. מאָווישאָוו האָט עס דעם אומשולדיקן לאַזאַרן פֿון זינען אַראָפּגעפֿירט. זי האָט עס גלײַך באַדאַרפֿט פֿאַרשטיין. זי האָט געזען ווי מאַרק וואַרט אויף ווײַטערעס פֿון איר. איצט האָט זי געפֿילט האָט זי וואָס צו זאָגן.

האָט זי גענומען דערציילן מאַרק׳ן וואָס זי האָט געהערט פֿון לאַזאַר׳ן און וואָס איז איר אויסגעקומען אַזוי נאַטירלעך. איצט אָבער האָט זי דאָס דערציילט אין אַ טאָן, ווי די גאַנצע געשיכטע וואָלט געווען איין פֿאַרשווערונג. וואָס אַנדערש אויב ניט אַ פֿאַרשווערונג? אַלץ איז איר איצט געווען פֿאַרדעכטיק, יעדע איינצלהייט האָט אָנגענומען אַ באַזונדערע געהיימע באַדייטונג, אַפֿילו דאָס וואָס מאָווישאָוו׳ס באַזוך ביי לאַזאַר׳ן איז פֿאַרגעקומען אַ שבת בין־השמשות, ווען אין הויז איז געווען האַלב־טונקל, און וואָס מאָווישאָוו איז געקומען אַזוי אומער־וואַרטעט פֿאַר לאַזאַר׳ן:

— פאַריקן שבת איז עס פאַרגעקומען, פאַריקן שבת... פאַר־שטייסט, אַ גאַנץ יאָר האָבן זיי זיך ניט געזען ,זייט דעמאָלט אַז ניט געזען זיך... אַראָפּגעקומען פּונקט איצט, אָפּגעזוכט לאַזאַר׳ן צוליב עפּעס אַן אַנגעלעגענהייט כלומרשט...

— וועלכע אַנגעלעגענהייט?

— ווער געדענקט עס? אַז ניט גלויב איך ס׳איז געווען אַן אַנגעלע־גענהייט... איך האָב געהאַט געגלויבט אַז ס׳איז געווען אַן אַנגעלעגענ־הייט, איצט זע איך, ס׳איז אַן אויסרייד געווען...

— אַן אויסרייד?

— וואָס אַנדערש אויב ניט אַן אויסרייד? זיינען זיי געזעסן צו־זאַמען די צוויי, אַ לאַנגע צייט געזעסן, געשמועסט, געטרונקען טיי, גע־זעסן אַזוי לאַנג ביז וואַנען יענעם, מאָוושאָוו׳ן, איז כלומרשט קשה געוואָרן וואָס עס איז אַזוי שטיל אין הויז דאָרט, — „אַזוי שטיל ביי אייך" האָט ער געזאָגט צו לאַזאַר׳ן.

— ער האָט ניט געוואוסט אַז לאַזאַר וואוינט אַליין?

— אַזוי זאָגט ער, גלויב איך... „איר וואוינט איינער אַליין אין פיר צימערן?" — האָט ער געפרעגט. — איז שוין אַוועק אַ גאַנג: „ווי לאַנג שוין אַליין? און פאַרוואָס אַליין?" ביז וואַנען ער איז ביי אים דערגאַנגען אַלץ, אַלץ... דערגאַנגען אַז ער איז געשיידט און אַז איך בין זיין געשיידטע פרוי...

— דו?

— יאָ, איך, איך... יענער האָט פּונקט באַדאַרפט באַמערקן מיין בילד אויף אַן עטאַזשערקע, אַ בילד פון אַמאָל, כ׳ווייס ניט וואָס לאַזאַר האָלט נאָך מיין בילד דאָרט, האָט ער מיך גלייך דערקענט: „ווי קומט דאָ מאַרק׳ס פרוי ביי אייך? אפשר אַ שוועסטער אייערע?" — האָט ער אים געפרעגט.

— וואָס הייסט דערקענט דיך? ער קען דיך דען, מאָוושאָוו?

— מעגלעך אַז ער האָט מיך געזען מיט דיר אַמאָל אָדער אימיצער האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר... האָט ער גענומען מיין בילד אין האַנט אַריין און געקוקט און באַטראַכט אַ שיינע ווײַלע, באַטראַכט לאַ־זאַר׳ן אויך. „איר ווייסט, — האָט ער פּלוצלינג לאַזאַר׳ן אַ זאָג געטאָן, — מאַרק איז אַרויסגעקומען מיט אַ ניי ווערקל, אַ צוויי מאָנאַט צוריק, דאָסמאָל דוקא אַ פיין שטיקל אַרבייט". די גאַנצע סצענע, פאַרשטיי איך, האָט זיך אָפּגעשפּילט שוין ביים ענדע, פאַרן שיידן זיך פון די צוויי. — „יאָ, ס׳איז אַ מין „טאָגעבוך", — האָט ער אים ערקלערט, —

„אַ טאָגעבוך פון אַן איינזאַמען מאַן.“ — און ביי די ווערטער איז ער אַרויס פון הויז.

— דאָס אַלעס ?

— ניין מייַן טייערער, ניט אַלעס. ער איז צוריקגעקומען גלייך אויף מאָרגן, לעצטן זונטאָג אָוונט. צוריקגעקומען שוין אַן אָנגעלעגנ־הייטן... געקומען מיטטיילן לאַזאַר׳ן אַז ער האָט געמאַכט אַ זאָנדער־באַרע אַנטדעקונג, דעם פאַריקן אָוונט טאַקע ביי אים, ביי לאַזאַר׳ן אין הויז. און ווייסטו ווען ? אין דער צייט וואָס ער האָט באַטראַכט מייַן בילד. דעמאָלט אָבער איז די אַנטדעקונג געווען ניט מער ווי אַ חשד, איצט איז עס זיכער. אַזוי גיך ווי ער איז געקומען צו זיך אַ היים האָט ער זיך גענומען איבערלעזן דיין בוך, געלעזן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. „איר זייט דער איינזאַמער מאַן פון בוך“, — האָט ער לאַזאַר׳ן געזאָגט, — „איר, און ניט קיין אַנדערער. ער האָט אייך אויס־געמאָלט מיט אַלע פּיטשעווקעס, אַזוי ווי איר אַליין וואָלט דאָס אים אַלץ דערציילט... אַפילו דעם צימער אויפגעכאַפּט ביז צו דער לעצטער האָרעלע, דעם צימער אין וועלכן איר, דער איינזאַמער, זיצט און שרייבט. עס איז אייער צימער, אייער טיש, אייער לאָמפּ, אייערע פיר ווענט...“

און טאָמער איז נאָך ניט געווען גענוג, האָט ער אַרויסגעצויגן דיין בוך און אָנגעוויזן לאַזאַר׳ן אויף דער אונטערשטראָכענער וואונדערלעכער שאָטן־שטעלע: „ לעזט, — האָט ער געשריען, — לעזט און זאָגט מיר צי עס זיינען ניט די שאָטענס, די אַטמאָספערע דאָ אין אייער הויז ?“

דערצו איז ער נאָך אַרויס פון צימער אין פאָרצימער אַריין און גע־הייסן לאַזאַר׳ן בלייבן זיצן ביים טיש ווי פאַרזונקען אין געדאַנקען און אַליין געקוקט פון פאָרצימער אַריין אויפ׳ן שוועבן פון די שאָטענס. „ער וועט שווערן, — האָט ער געזאָגט, אַז מאַרק האָט געשריבן זיין בוך אין דעם צימער, אין דער אַטמאָספערע.“ ער האָט פּשוט געוואָרפן אַ חשד אַז דו מוזט האָבן אַ שליסל צו דער טיר פון יענער דירה... פאַר־שטייסט עפּעס אַזעלכעס? ס׳קומט אויס ווי לאַזאַר וואָלט געווען דער איינציגער איינזאַמער מאַן אויף דער וועלט, און זיין הויז האָלט געווען די איינציגע וואָס האָט שאָטנס...

— האָסט עס אים כאָטש געזאָגט ? — האָט מאַרק געפרעגט אויפ־שטעלנדיג זיך פון זיין שטול און צוריקזעצענדיג זיך גלייך.

— איך האָב עס אים טאַקע באַדאַרפט זאָגן. נאָר אסור אויב איך האָב געוואוסט וואָס עס טוט זיך מיט מיר אין יענער מינוט אָדער אַפילו שפּעטער. אַ מענטש וואָס רעדט צו דער זאַך די גאַנצע צייט הויבט

פּלוצלינג אָן צו רעדן ווי איינער וואָס איז פון זינען אַראָפּ, האָט ער מיך צעמישט, שיר ניט משוגע געמאַכט. כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, איך האָב מער ווי איין מאָל געדענקט אַז די גאַנצע געשיכטע מיט מאָוושאָוו'ן איז אַן איינרעדעניש אַזוי ווי דאָס איבעריגע.

מרס. מאַרק האָט געפילט אַז זי מוז זיך אָפּרוען אַ ווײַלע און צוזאַ־מענבעמען אירע געדאַנקען. מאַרק האָט גענומען איר האַנט אין זײַנע.

— ווען מען זאָל עס אײַנפאַלן, — האָט זי ווייטער געזאָגט, מיט פרישן אימפּעט, באַפרייענדיק איר האַנט פון זײַנע, — אַז ס'זײַנען פאַראַן מענטשן פּעאיג אויף אַזעלכעס — גיין זאָגן אַן עלנדן מענטשן וואָס לעבט זיך אַליין, און ווײַל לעבן אַליין און פאַר זיך, אַז מען האָט אים פּלוצלינג אַרויסגעשטעלט, ווי האָט ער עס גערופן, אַ הוילן און נאַקעטן נאַר פאַר דער גאַנצער וועלט? אים, זײַן הויז, זײַן צימער, און אַפילו זײַנע שאַ־טענס... מאַכן יענעם צו דענקען, אַז אַ פרעמדער האָט ווי פון אַ באַהעלטעניש אַרויס נאָכגעשטשאָטעוועט יעדע תנועה זײַנע, אפשר זיך אַרײַנגעגנבעט צו אים אין הויז און באַשריבן אים אין זײַן אייגענעם צימער, ביי זײַן אייגענעם טיש, און דערצו נאָך צוטראָגן אים אונטערן נאָז אַ בוך, וואָס יענער וואָלט אויף זײַן לעבן קיינמאָל אַליין ניט געלעזן:
— נאַ לעז, און דערקאָן זיך!... פאַרשטייסט? האָט עס אים טאַקע פון זינען אַראָפּגעפירט. וואָס איז דער וואונדער? לאַזאַר איז אַ נער־וועזער מענטש אַזוי אויך. האָט ער זיך גלייך דערקענט, טאַקי ווי אין שפּיגל. עס איז ער, ער, זאָל גאָר פעלן אַ האָר. מען האָט פּשוט גענומען זײַנע געדאַנקען, זײַנע געפילן, אַפילו זײַנע ווערטער און עס איבערגעשריבן אין אַ בוך... אָט דאָס שרײַט ער דאָך איצט! עס פעלט איצט אַ העפטל, שרײַט ער, זײַנס אַ העפטל, גיי געפין אים זײַן העפטל... כ'ווייס ניט צי זאָל איך לאַכן צי וויינען — בשעת מעשה האָב איך געלאַכט, געלאַכט אים אין פּנים; לאַזאַר אַ שרײַבער, אַ העפטל... אָבער איצט, איצט ווען מאָוושאָוו האָט זיך דאַ אַרײַנגעמישט, איז עס דאָך עפּעס אַנדערש...

— וואָסער העפטל? — האָט מאַרק געפרעגט.

— אַ העפטל... דאָס העפטל, פאַרשטיי איך, אין וועלכן ער האָט אַמאָל פאַרשריבן זײַנע קלאָמפּערשטיגע געדאַנקען... אפשר ווייסטו ווער עס דאַרף זײַנס אַ העפטל? ער זאָגט אַליין אַז אפשר אַ יאָר ווי ער האָט עס אין האַנט ניט גענומען, האָט ער זיך איצט דערמאָנט... ווער וואָלט זיך עס געגלויבט אַז ער וועט מיר פּלוצלינג פאַרשאַפן אַזוי פיל ערגער־ניש, ער, ער!... — זי האָט גערעדט מיט טיפן געפיל. אין דער רגע איז זי געווען העכסט אויפגעבראַכט אויף לאַזאַר'ן, איר טאָן האָט גע־

שטיגן: אַזאַ נאַר! — האָט זי אויסגעשריגען, — זיך לאָזן אויף אַזוי ווייט פאַרפירן!

פלוצלינג האָט אַ שאַרפער קלונג פון טיר־גלעקל זיך ווי מיט געוואלט אין הויז אַריינגעריסן. מאַן און ווייב האָבן אַ ציטער געטאָן.

— אַזוי שפּעט, — האָט מאַרק געזאָגט.

זי האָט געשוויגן.

— זאָל זיין ס׳איז ער?

זי האָט אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ.

— מען דאַרף עפענען, — מאַרק האָט זיך אויפגעהויבן, — בעסער עפענען גלייך. ער קאָן נאָך אויפרייסן דאָס הויז מיט זיין קלינגען.

מרס. מאַרק איז מיט האַסטיגע טריט אַוועק עפענען די טיר. נאָר איידער זי האָט געהאַט דערגרייכט די טיר האָט עס געקלונגען אַ צווייטן מאָל, פיל מילדער שוין. מרס. מאַרק האָט אַ שטאַרקן צי געטאָן צו זיך די טיר. אַריין איז — איר יונגע טאָכטער, פרידאַ. זי איז אַריין שטיל, ווי אַ שולדיקע. מרס. מאַרק האָט זיך צוריקגעקערט אין זאַל אַן אַנטוישטע. זי האָט איצט געגאַרט צו זען אים, לאַזאַר׳ן, אויסגיסן אויף אים איר העפטיגן צאָרן. זי האָט געפילט אַז זי איז געווען צו פיין צו אים, אַרויסגעוויזן צופיל נייגיריקייט און אינטערעס אין אים, האָט אים צופיל געשאַנעוועט אויך. איינער וואָס קען זיך אַזוי ווייט לאָזן פאַרפירן האָט ניט פאַרדינט איר מיטלייד, איר מיטגעפיל. מאַרק איז אויך צוריק אין זאַל אַריין, ווען ער האָט דערהערט פון הינטער זיין פאַרמאַכטער טיר ווער עס איז דאָ געקומען.

— פרידאַ גאָר. — האָט ער געזאָגט צו זיין פרוי.

ביידע האָבן געהאַט אין גאַנצן פאַרגעסן אָן פרידאַ׳ן.

— וואו האָט זי געקאָנט אויסבלייבן אַזוי שפּעט? — האָט מאַרק געפרעגט.

— וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט? זי איז געווען מיט אים. ער האָט איר מסתמא אָפּגעוואַרט... ער האָט געוואוסט וואו זי איז געווען.

— פרידאַ! — האָט זי אַ רוף געטאָן איר טאָכטער. — פרידאַ!

פרידאַ האָט זיך ניט אָפּגערופן.

— וואָס טוט זי דאָרט? — האָט מרס. מאַרק זיך אַליין געפרעגט און אַוועק אין פרידאַ׳ס צימער אַריין.

פרידאַ, אַ טונקל מיידל פון אַ 13—14 יאָר מיט אַ נידעריקן שטערן איבער שיינע טונקעלע ברעמען, איז געשטאַנען אין איר קליין צימערל פאַר אַן אָפענעם שופלאַד. הייפעלעך שול־ביכער און העפטלעך ווי אויך אַנדערע קלייניקייטן זיינען געווען אָנגעוואָרפן אויף אַ קליין טישל און

אַ שטול דערביי. איר געשפּאַנט געזיכט האָט אויסגעדריקט די פאַרזאָרגטע פאַרלאָרענקייט פון אַ ניט איבריג פעאיגער שילערין פאַר אַ שווערער אויפגאַבע.

— וואָס זוכסטו דאָרט? — האָט מרס. מאַרק געפרעגט.

— איך ווייס ניט... פּאַפּאַ זאָגט אַז איך האָב ביי אים גענומען אַ העפּטל... כ׳קאָן ניט געפינען זיין העפטל... ער וויל עס צוריק... כ׳ווייס ניט... ווייס ניט...

פרידא׳ס ענטפער איז געקומען ווי פון איינער מיט אַ קורצען אָטעם.

— וואָסער העפטל? וועלכן העפטל? — איז די מוטער אָנגעשטאַנען. מאַרק איז אַריין צו זיי שטיל ווי אַ קאַץ.

פרידא איז געבליבן שטיין אָן שום ענטפער.

— ווי קומסטו צו נעמען אַ העפטל ביי אים? האָסט קאַרג העפטלעך? האָסט גענומען אַ העפטל ביי אים?

די מיידל האָט געשוויגן.

— ווען האָסטו ביי אים אַ העפטל גענומען, פרעג איך דיך, ווען?

דאָס קינד האָט נאָך נידעריגער אַראָפּגעלאָזן אירע אויגען און געבליבן אָן ווערטער. מאַרק האָט געקוקט אַזוי פאַר זיך צום פענסטער צו. איצט איז ער געשטאַנען ביים שוועל. אַ פולע לאַנגע מינוט האָט דער מיידעל׳ס מוטער אירע אויגן ניט אָפּגעווענדט פון איר טאָכטער. אויף איר מאַן האָט זי זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אַזוי ווי ער וואָלט גאָר אין צימער ניט געווען. זי האָט שוין מער ניט ערוואַרט אַז דאָס קינד זאָל איר ענטפערן, האָט אָבער ניט אויפגעהערט צו צילען אירע בליקן אויף איר.

פלוצלינג האָט די פרוי אַ ציטער געטאָן מיט איר גאַנצן קערפער צוריקהאַלטענדיג מיט געוואַלט אַ שלוכצען וואָס האָט זיך שיר, שיר ניט אַרויסגעריסן פון איר. זי האָט זיך גלייך אויפגעהויבן פון פרידא׳ס בעטל, אירע ליפּן זיינען געווען בלייך. זי האָט זיך אָבער אָנגעשטרענגט אַרויסצורעדן אירע ווערטער קלאָר און שאַרף:

— דו ווייסט ניט פון קיינע העפטן, דו הערסט וואָס מע זאָגט דיר? עס חלומ׳ט זיך דיר העפטן... עס חלומ׳ט זיך דיר... דו האָסט קיין העפטן ביי קיינעם קיינמאָל ניט גענומען... ניטאָ ביי אונז קיינעמ׳ס העפטלעך... פאַרשטייסט מיך? האָסט ניט וואָס צו זוכן...

זי איז אַרויס פון קינד׳ס צימער מיט האַסטיגע טריט. בייז און אויפגערעגט האָט זי צו זיך אַליין געמורמלט:

— וואָס דענקט ער דאָרט יענער נאַר מיט זיינע העפטן?... ווער דאַרף זיינע העפטן?... ווער וועט אַ קוק טאָן אויף זיי?... ווער וועט

אים גלויבן דעם נאַר ?... מע וועט זיך דאָך אויסלאַכן פון אים... ס'איז דאָ וועמען פאַר דער וועלט אַרויסצושטעלן !

— איך פאַרשטיי ניט, — האָט מאַרק באַמערקט, נאָכפאָלגענדיג איר האַסטיגן גאַנג — וואָס האָט ער באַדאַרפט אַריינמישן אַ קינד דאָ... וואָס האָט ער צום קינד ? מאַרק האָט אויך גערעדט ווי פאַר זיך אַליין. ער איז צוגעקומען צום עלנדן קינד און גענומען גלעטן איר אַראָפּגעלאָזע־נעם קאָפּ, דעם שיינעם, זויבערן קאָפּ פון קינד וואָס איז העכסט פּינקטלעך אַרום זיך געוועזן, ווי איר פאָטער אַמאָל. דאָס קינד אויפגערודערט פון די לעצטע פאַר שווערע שטונדן, האָט פאַרדעקט איר געזיכט מיט אירע דינע הענטלעך און גענומען וויינען שטיל, שטיל אונטער מאַרק'ס צערטלענ־דע הענט.

# אַ פּרויס בריוו

אויף אַ בריוו פון מיר וואו איך האָב יעדע געלעגנהייט דיר איבער־צוגעבן אַלץ, וואָס איך האָב צו זאָגן, האָסטו זיך געוויס ניט געריכט. שריפטלעך אָבער קאָן איך זיין פיל רואיגער און געלאסענער און אָן מורא פאַר אונטערברעכונגען פון דיין זייט.

איך וועל אָנהויבן מיט אַן אינצידענט פון 14 יאָר צוריק ווען דו ביזט 21 יאָר אַלט געווען און איך 17. שפּעטער וועט דיר קלאָר ווערן פאַר־וואָס. דו געדענקסט, מיט 14 יאָר צוריק זיינען מיר צוערשט באַקאַנט גע־וואָרן ביי די ב׳ס אין הויז. דו ביזט אומישנע געקומען ווייל דו ביזט געוואָר געוואָרן אַז דו וועסט מיך דאָרט יענעם אָוונט טרעפן. געדענקסט אונזער וועג אַהיים? דיינע ערשטע ווערטער אַט טאַקי גלייך ווי מיר האָבן זיך געפונען אין דער קילער לופט פון דעם נאַכטיגן דרויסן זיינען געווען, אַז דו קענסט מיך שוין גאַנצע זעקס מאָנאַטן, זעקס מאָנאַטן אָן מיין וויסן. האָסט ניט געוואָלט אַז איך זאָל וויסן, האָסט ניט געזוכט קיין גאַס־באַקאַנט־שאַפט מיט מיר, האָסטו מיך געשטודירט פאַר מיר אומבאַמערקטער־הייט, מיין אויבנאויפיגן וועזען, פאַרשטייט זיך. דו האָסט מיך צוערשט געמאַכט האַרציג צו לאַכן ווען דו האָסט מיר באַוויזן ווי גוט דו האָסט מיך געקענט, פיל גענויער ווי איך זיך אַליין. יעדע אייגענאַרטיקייט פון מיין פיגור און האַלטונג, יעדן דריי און יעדע באַוועגונג. אַפילו די קאַפּריזן פון מיינע לאָקן האָסטו באַמערקט און אַזוי ליבעספול כאַראַק־טעריזירט. דו האָסט געקאַנט מיין גאַנצן גאַרדעראָב, האָסט זיך נאָכגע־פרעגט אויף עפּעס אַ ברוין קליידל וואָס דו האָסט שוין אַ צייט אויף מיר ניט געזען. באַמערקט, געדענקט, און כאַראַקטעריזירט, זאָג איך. עס איז געווען קלאָר אַז יענע באַוועגונגען מיינע, מיין צופעליקער לויפן פון און אין קאַלעדזש, פון אַדער צו אַ חברטע, זיינען געבליבן לעבן אין דער ערנסטקייט פון דיינע שיינע אויגן, אין דעם וויברירן פון דיין שטימע, ווען דו האָסט גערעדט פון זיי, אַזוי, אַז איך האָב זיך אַליין

דערזען דורך דיר. מיר האָבן זיך יענעם אָוונט געשיידט פאַר דעם טויער פון מיין הויז. איך בין אַריין אין הויז ניט דיזעלבע מיידל ווי מיט אַ פאָר שעה צוריק ווען איך האָב מיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ קורצן באַזוך צו די ב׳ס, ווי איך האָב געגלויבט. „אַזוי גאָר״, — האָב איך געזאָגט, ווען איך בין ענדלעך געווען אַליין אין מיין צימער און געפּאָרעט זיך אַרום דאָס בעט מאַכן און אויסטאָן זיך און שפּעטער אַביסל ווען שוין אין בעט, — „אַזוי גאָר״, האָב איך איבערגעזאָגט, און זיך געוואונדערט איבערן וואונדער פון וואונדערס. געמיינט האָב איך, אַז איך וואוין נאָר דאָ, אין דעם הויז, אין דער גאַס, און געהער מיך אָן נאָר מיט די ליבע מענטשן, טאַטע, מאַמע, ברודער, שוועסטער, פריינד, און לסוף האָב איך געלעבט ערגעץ אַנדערש אויך, אין האַרץ און אין דער פאַנטאַזיע פון אַ גאַנץ אומבאַקאַנטן יונגן מאַן, וועמען איך האָב קיינמאָל ניט באַמערקט. כ׳האָב אַליין ניט געוואוסט. ווי געהיימניספול דאָס לעבן קען זיין. געלעבט און געמיינט אַזוי פיל, און קיינעם אפשר קיינמאָל ניט געמיינט... ווי האָסטו זיך אויסגעדריקט? יעדער בייער טאָג איז געווען טייער נאָר דערמיט אליין וואָס האָט דיר געגעבן די האָפנונג מיך ווידער צו זען... קיין ריר, קיין דריי מיינער איז פאַר דיר ניט פאַרפאַלן געגאַנגען. דו האָסט דאָך פּראָטעסטירט ווען איך האָב דיר געזאָגט אַז דו האָסט אַ גוט אויג. איך געדענק נאָך ווי איצט ווי איך בין פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען אין מיין בעט ווען איך האָב דערקענט אַז ליבע איז דאָ גאָר אומגעריכט אין מיין לעבן געקומען. עס איז געווען פּונקט אַזוי ווי די טיר פון מיין צימער וואָלט זיך שטיל געעפנט און די וואונדערלעכע געהיימניס פון ליבע וואָלט אַריין, געקומען צו מיר, אַזוי נאַטירלעך ווי לעבן איז אַמאָל געקומען מיט 17 יאָר צוריק, געקומען אין דעם זעלבן אָוונט מיט דיר, צוזאַמען מיט דיר. איך פאַרגרעסער דאָ גאָרניט. געוויס האָב איך שוין געהערט פון ראָמאַנען, סיי אין ליטעראַטור, סיי אין דערווירקלעכקייט, יענע ראָמאַנען אָבער האָבן מיך ניט פאָרבערייט צו דעם וואָס איז געקומען. דאָס איז געווען פאַר מיר ניי און מיין אייגנס, ווי ס׳איז מיין לעבן אויסשליסלעך מיינס.

שטיל און געהיימניספול איז מיין ליבע צו מיר געקומען, אין דער שפּעטער און שטילער שעה פון יענער נאַכט. עס האָט אָבער באַלד פאַרכאַפּט מיין גאַנצן וועזן, מיין יעדן געדאַנק, איך האָב געאָטעמט און געלעבט מיט און אין דעם געפיל. און דאָס איז ניט געווען גענוג פאַר דיר. איצט ווען איך דערמאָן זיך ווילט זיך מיר ביטער לאַכן. — יאָ, יענער אינצידענט פון יענע טעג טאַקע, די ערשטע ביטערקייט, דער ערשטער

פּאַרדרוס. איך מיין דעם אינצידענט מיט מיין יונגן קאָזין אַרטור פון באָסטאָן, דעם סטודענט וואָס איז געקומען צו אונז אויף די פייערטעג.

געדענקסט נאָך אפשר ווי דו ביזט געזעסן דעם גאַנצן אָוונט אָן אָנגעבלאָזענער און איך האָב אמת ניט געקאָנט פאַרשטיין די אורזאַכע. דיר איז אויסגעקומען אַז איך שענק צופיל אויפמערקזאַמקייט מיין אומשולדיגן קאָזין אַרטור. ווען האָט עס געקענט אײַנפאַלן? דעם נעקסטן טאָג ביזטו מיר געקומען זאָגן, אַז דו ביזט אַ גאַנצע נאַכט איבער דעם ניט געשלאָפן. פאַרשטייט זיך, מיר האָבן אַלץ אויסגעגלייכט און עס פאַרגעסן. איר זייט נאָך דעמזעלבן טאָג די בעסטע פריינד געוואָרן. ווי דו זעסט אָבער איז עס ניט אין גאַנצן פאַרגעסן געוואָרן, איך מיין ניט פון מיר, דו אפשר האָסט עס יאָ פאַרגעסן.

דאָס אַלץ אָבער איז דאָך אַ געשיכטע פון גאָר אַמאָל, פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט. ווי איז עס איצט? איצט זיינען מיר איבער צוועלף יאָר פאַרהייראַט. מיר האָבן צוויי שיינע און ווירקלעך באַגאַבטע קינדער, די געשעפטן זיינען אַוועק גאָרניט שלעכט, און וואָס איז ניט ווייניקער וויכטיק, גלויב איך, איז אונזער אַרט לעבן, וואָס נעמט אַריין אונזער געזעלשאַפטלעכן שטאַנד, אונזערע גייסטיגע אינטערעסן, אונזערע פאַרגעניגנס, אונזערע האַרמאָנישע געגנזייטיגע באַציאונגען, דעם גאַנצן טאָן פון אונזער הויז — יאָ, אונזער אַרט לעבן, צי דאַרף איך דיר עס באַשרייבן? עס איז ניט געוואָרן אַזוי פון זיך אַליין, אָן מי, אָן אָנשטרענגונג, אָן אַ פּלאַן, אָן אַן אידעאַל. מיין טייל, סיי אין אונזער מאַטעריעלן, סיי אין אונזער גייסטיגן ערפאָלג, איז דיר גוט באַקאַנט. דו האָסט עס מערערע מאָל אָפּגעשאַצט, און דיינע ווערטער זיינען ניט געווען קיינע פּוסטע קאָמפּלימענטן. האָב איך מיך געשעצט גליקלעך? גליקלעך איז אַ באַדייטונגסלאָזער וואָרט. איך וועל זאָגן, אַז איך האָב קיינמאָל ניט געטרוימט פון אַ שענערן און בעסערן לעבן, ניט אַפילו אין יענע גאָר ערשטע טעג פון 14 יאָר צוריק. נאָר ווער האָט אין יענע טעג געטראַכט פון דער צוקונפט? אין יענע טעג ביזטו אַמאָל געקומען מיט אַ זאָנדערבאַרן געדאַנק. דו האָסט געזאָגט אַז ווען דו טראַכסט אַז מיר ביידע האָבן צו פאַרדאַנקען אונזער באַגעגנען זיך נאָר צו אַ צופאַל, פילסטו אַן אומבאַשרייבלעכן שמערץ אין האַרצן. יעדער איינציקער פון אונז, האָסטו אַנטוויקלט דיין געדאַנק, האָט דאָך געקאָנט געבאָרן ווערן און וואוינען אין אַנאַנדער גאַס פון דער גרויסער שטאָט, אָדער גאָר אין אַנאַנדער שטאָט, אָדער וועלט טייל אַפילו, וואָלטן מיר זיך דאָך קיינמאָל ניט געקאָנט טרעפן, איך וואָלט מיך באַגעגנט דאַן מיט

אַנאַנדערער, מיט אַנאַנדערער... אָט דער געדאַנק, די מעגלעכקייט אַז דו וואָלסט זיך פאַראייניגט מיט אַן אַנדערער, פירט דיך שיר ניט פון זינען אַראָפּ.

דער צופאַל וועלכער האָט געקאָנט ניט געשען, איז אָבער יאָ געשען, מיר זיינען געבאָרן געוואָרן אין זעלבן וועלט־טייל, און אין דער ריכטי־גער צייט, געוואוינט ניט ווייט איינס פון אַנדערן און זיך באַגעגנט און דו ביזט פון זינען ניט אַראָפּ... מאַך איך שפּאָס פון יענע טעג? ניין, בשום אופן ניט. עס זיינען געווען וואונדערלעכע טעג. מיט וואָס זאָל איך עס פאַרגלייכן, סיידן צו עפּעס אַ וואונדערלעכער רייזע אין אַ וואונדערלאַנד און די רייזנדע זיינען נאָר איך, און דו. איך, די 17־יעריגע, און דו דער 21־יעריגער! איצט קוקט יענע וואונדערלאַנד מיר אויס אַביסל צו ענג, צו איינגעשלאָסן... צופיל האָט דאָרט דאָס גע־היימניספולע געלאָקט אַלס אַ סוד, אַלס אַ געהיימניס... מירביידע די איינציגע רייזענדע און דאָך ביזטו אָפט געווען אומרואיג, דיך האָט געשראָקן אַפילו דער שאָטן פון אַ מעגלעכקייט, פון דער מעגלעכקייט אַז ווען ניט אַ צופאַל וואָלט איך אפשר דערגאַנגען די אַלע וואונ־דער און סודות מיט און דורך אַנאַנדערן... די לויטערע און די רואיגערע טעג וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט דערנאָך זיינען מיר מער צום גייסט, אָט טאַקע צוליב זייער קלאָרקייט און לויטערקייט. די רייזע איז אָנגעגאַנגען — מיר זיינען ניט געבליבן שטיין אויף איין אָרט — אָבער די גרעסטע געהיימניס פון דעם נייעם לאַנד איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס האָט זיך ניט גענויטיגט אין קיינע געהיימניסן — אַלץ איז געוואָרן אַזוי אָפן און אַזוי ליכטיג, אָט טאַקי ווי ליכט איז געווען אַ געהיימניס אָבער צו דערזעלבער צייט ליכט.

יאָ, איך האָב מיר קיינמאָל ניט געהאַט פאָרגעשטעלט עפּעס בע־סערס. איז מיר אַ מאָל אַרויף אַ געדאַנק אַז עס קען עפּעס פאָרקומען צו שטערן דעם גאַנג פון אונזער לעבן? געוויס יע, אָבער איך האָב קיינמאָל ניט געזוכט צו טרעפן וואָס אַזעלכעס וועט עס זיין, נאָך וואָס? דאָס יאָ, איך האָב אין זיך געפילט אַז וואָס עס זאָל ניט פאָרקומען, וועל איך געפינען אין זיך די קראַפט עס ווירדיג אַריבערצוטראָגן. ווען עס האָט מיך ענדלעך געטראָפן, איז עס געקומען פיל פריער ווי איך האָב געדענקט און, ווי געוויינלעך, איז עס געווען עפּעס אויף וואָס איך וואָלט מיך קיינמאָל ניט געריכט. איך זע אַז דו ווערסט נייגיריג.

איין פרימאָרגן, אַרום צוויי מאָנאַטן צוריק, האָב איך ערהאַלטן אַ געטייפּטן בריוו פון איינער וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן נאָר מיטן

ערשטן נאָמען, וואָרשיינלעך מיט דעם ריכטיגן. זי האָט ערקלערט אַז דאָס וואָס באַוועגט איר מיר צו שרייבן, איז פריינטשאַפט צו מיר. זי קען מיך, האָט מיך אייניגע מאָל געזען און געהערט פיל פון מיר און זי וואָרענט מיך אַז דו האַלטסט ביי אַריינטרעטן אין נאָענטע פאַרבינדונגען מיט אַ געוויסער מיידל וועלכע האָט מיט אַ צוויי יאָר צוריק געאַרבעט פאַר דיר אַ פּאָר וואָכן און וועלכער דו האָסט צופעליג געטראָפן ערגעצ־וואו און זיך פלוצלינג אין איר שטאַרק פאַראינטערעסירט. עס איז געווען קלאָר אַז דאָס שרייבט זי ניט אַזוי פיל אויס פריינטשאַפט פאַר מיר ווי אויס אומפריינטשאַפט צו יענער אירער אַ נאָנטע פריינדין וועלכע האָט איר אַלץ אָנפאַרטרויט און וועלכע זי פאַרגינט ניט דעם גליק וואָס איר שטייט פאָר. דער בריוו האָט זיך געלעזן גאָרניט ווי אַן אויסגעטראַכטע זאַך, ס׳הייסט זי האָט געוויס דערציילט וואָס זי האָט געהערט, נאָר יענע האָט דאָך געקאָנט האָבן איבערטריבן אָדער זיך גאָר עפּעס איינגעשמועסט. דער נאָמען איז געווען דיינער, דער ערשטער און דער צווייטער, און דער אַדרעס פון דעם געשעפט אויך. עס האָט אָבער געקאָנט זיך האַנדלען פון אַנאַנדערן. און דאָך האָב איך מיך געפרעגט: זאָל זיין אַז יענע געדאַנקען פון עפּעס אַן אומגעווינשטע ענדערונג האָבן עס אָנגעדייטעט אויף דעם? דערווייל אָבער איז געווען די אונמיטעלבאַרע פראַגע, וואָס טו איך מיט דעם בריוו? ווייזן דיר? טאָמער אָבער איז עס אמת? אויב אמת, טאָר איך דעם בריוו ניט ווייזן, ווייל איך וויל דיר ניט שטערן. בין איך געווען אין אַ שווערער פאַרלעגנהייט. דאָס וועט זיין דאָס ערשטע מאָל וואָס איך באַהאַלט עפּעס פון דיר, און בכלל ווי אַזוי באַגעגנען דיך ווען דו קומסט אין אָוונט אַהיים? אַ גליק וואָס איך האָב מיך דער־מאָנט אַז דו וועסט קומען יענעם אָוונט שפּעט. עס זיינען געווען די אָוונטן פאַר דיין אָפּפאָרן נאָך די וועסט, די לעצטע פאַר אָוונטן. ערשט ווען דו ביזט געווען אַוועקגעפאָרן האָב איך דערזען דאָס קאָמישע אין מיין פאַרלעגנהייט. אָט למשל אַז עס זאָל זיך אויסלאָזן אַז די גאַנצע געשיכטע איז אַ נאַרישע פאַנטאַזיע פון אַ נאַרישער מיידל און אַז איך זאָל דיר דערציילן אַז איך בין גאָר געווען אין אַ פאַרלעגנהייט, אַז איך האָב ניט געוואוסט ווי דיך צו באַגעגנען, איך די אומשולדיגע, ווי דו וועסט דאַן לאַכן פון מיר, איך האָב אַפילו געזען ווי דו דערציילסט עס אַנדערע און מאַכסט זיי צו לאַכן אויף מיין חשבון. דער מיידל׳ס בריוו אָבער וואָס איך האָב פון צייט צו צייט איבערגעלעזן איז פאָרט געווען אַזוי ניכטער און געשעפטס־מעסיג, אַזוי ווייניג שאַפונג פון אַ פאַנטאַזיע. דיין נאָמען, דיינעביידע נעמען, האָבן אַזוי בולט און קלאָר אַרויסגעקוקט פון צווישן די אַנדערע ווערטער ווי איינער וואָס איז דאָרט וואו ער געהערט זיך ניט אָן.

דערווייל זייַנען אָנגעקומען דייַנע בריוו פֿון וועג, אַזוי אָפּט ווי שטענדיג, און אַלץ ווי געוויינלעך. אַזוי שרייבט ניט אַ מענטש וואָס פילט זיך שולדיג, האָב איך מיר געזאָגט ; געמיינט האָב איך, אַז אויב איך וואָלט מיך געפילט שולדיג וואָלט איך אַזוי ניט געשריבן, און, פאַרשטייט זיך, איך האָב געגלויבט, אַז מיר האָבן ביידע דיזעלבע איבערצייגונגען. ווייל אויב ניט אַזוי, האָב איך אין דיר די גאַנצע צייט געזען אַנאַנדער מענטשן ווי דו ביזט. וואָס וואָלט דאַן באַדייטעט די ליכט אין וועלכער איך האָב געלעבט, וואָסער ליכט וואָלט דאָס געווען?

אַרום פופצען טעג נאָך איר ערשטן בריוו האָב איך ערהאַלטן אַ צווייטן בריוו פון מיין נייעם „פריינט", אַ דאָקומענטאַרישן בריוו מעג מען זאָגן. דאָ האָט שוין מער קיין ספק ניט געקאָנט זיין אַז זי מיינט דיך טאַקע. זי האָט איבערגעגעבן דעם אינהאַלט פון אַ געשפרעך צווישן דיר און יענער וואָס זי האָט געהערט פון יענער. דו האָסט געשילדערט אַ שבת אָוונט אין אונזער הויז מיט פינף וואָכן צוריק, איינעם פון יענע שיינע און אינטימע אָוונטן מיט וועלכע איך בין געווען אַזוי שטאָלץ. איך געדענק גוט דעם אָוונט. אַרטור און זיין פרוי זייַנען דאַן געווען ביי אונז צו גאַסט פון באָסטאָן. דערזעלבער ליבער אַרטור צוליב וועלכן דו האָסט אַמאָל פאַרבראַכט אַ שלאָפלאָזע נאַכט. דו האָסט איר טאַקע געזאָגט אַז מיר האָבן געהאַט געסט פון באָסטאָן: דו האָסט באַשריבן ווי צעטראָגן דו ביזט געווען און ווי ווייניג אַנטייל דו האָסט געקאָנט נעמען אין אַלגעמיינעם געשפרעך. דאָס האָב איך אויך באַמערקט. איין געדאַנק האָט דיך אָנגעפילט און איין געפיל. דיין אויג, האָסטו איר דערציילט, האָט צופעליג זיך אָפּגעשטעלט אויף די אָוונט שאָטנס פון די ביימער פאַר די פענסטער פון אונזער זאַל און דיין געדאַנק איז געווען פון אַ לאַנגער, לאַנגער אַלייע פון אַלטע געדיכטע ביימער, דו און זי קערן זיך צוריק צו זיך אַהיים איבער די אַלייע צווישן די אָוונט שאָטענס, אָבער נאָך איידער איר האָט דערגרייכט אייער היים איז שוין די נאַכט געווען אָנגעקומען, און איר קומט שווייגענד צו זיך אַהיים ווען די נאַכט איז שוין טיף אַרום. דער שמערץ דייַנער איז געווען וואָס דו האָסט נאָך ביז דאַן ניט געהאַט די געלעגנהייט צו זיין מיט איר אין אַזאַ אָרט און אין אַזאַ צייט. איינמאָל יענעם אָוונט ווען דו האָסט אַרויסגעקוקט פון פענסטער, נאָך פול פון יענעם געפיל, איז דיר אויסגעקומען אַז דאָס קוקט אַרויס אַן אַרעסטאַנט פון דיר אויף אַ פרייע וועלט. שפעטער אין אָוונט ווען דו האָסט נאָכאַמאָל אַרויסגעקוקט האָסטו שוין מער גאָרניט געקאָנט זען אַחוץ די שוואַרצע

נאַכט און דו האָסט דערפילט דעם שאַרפן שטאָך פון נאָך אַ טאָג וואָס איז פאַרלאָרן געגאַנגען.

איך האָב דאָן באַמערקט דיין צוטראָגעניקייט. אויב איך וואָלט דיר געזאָגט וואָס איך האָב געדענקט איז געווען די אורזאַך, וואָלסטו אפשר געלאַכט. כאָטש דאָס איז גוט: דו האָסט ניט געזאָגט אַז דו פילסט ווי אַן אַרעסטאַנט צוליב מיר, פאַרקערט, דו האָסט איר ערקלערט אַז פון מיר ערוואַרטסטו קיינע שטערונגען ניט אין אייערע פלענער, ווייל איך בין ניט די סאָרט פרוי... אַ בריוו פון דיר איז אָנגעקומען דעמזעלבן טאָג — דער געוויינלעכער וואָרימער בריוו. נאַרעלע, — האָב איך מיר געזאָגט לעזענדיג, — וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט, ער האַלט זיך פאַר ניט שולדיג.

ביי דעם האָט עס געהאַלטן ווען 10 טעג פאַר דיין צוריקקומען האָב איך ערהאַלטן דעם דריטן און, איך גלויב, דעם לעצטן בריוו, אַ בריוו מיט אַ ביילאַגע — און אַ, וואָס פאַר אַן איבעררעאַשונג! — אַ בריוו פון דיר צו איר, צו יענער. ווי אַזוי דער בריוו איז אַריינגעפאַלן אין אירע הענט ווייס איך ניט. אַ בריוו דיינער פון וועג. איך מוז זיך מודה זיין אַז איך האָב עטלעכע מאָל געפילט אַז עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו לעזן דיינעם אַ בריוו צו איר פון דערזעלבער רייזע, הויפטזעכלעך דערפאַר ווייל איך האָב געגלויבט אַז עס וועט מיר העלפן צו פאַרשטיין דיך. עס האָט ניט פיל געהאָלפן. דו שרייבסט איר צווישן אַנדערעס פון דיין אייביקער בענקשאַפט נאָך איר און פון דער אייביקער פרייד וואָס פילט אָן דיין גאַנצן וועזען ביים געדאַנק אַז דו וועסט זי אין קורצן ווידער זען און מער ווי דאָס, זייט דו האָסט איר דערקענט האָסטו אַנטדעקט אין זיך אַזעלכע טיפע טיפענישן פון וועלכע דו האָסט קיינמאָל אַפילו קיין אַנונג ניט געהאַט. ביז דאָן האָסטו געלעבט אַ שיינעם לעבן, שיין אין די אויגן פון לייטן און אין דיינע אייגענע אויגן אויך. ווי דו באַטראַכטסט עס אָבער איצט מוזטו זיך פאַרגלייכן צו אַ פלאַנץ מיט קורצע, דינע וואָרצלען, וואָס האָבן ניט דערגרייכט ווייטער פון דער אויבערפלאַכע. איצט פילסטו, אַז דו ביזט איינגעפלאַנצט אין דער אייביקייט. אין אַנאַנדער אָרט פון זעלבן בריוו זאָגסטו אַז זייט דו האָסט דערהערט אין זיך די מאַיעסטעטישע שטימע פון אויבערהאַר האָסטו פאַרשטאַנען אַז ביז איצט האָסטו געדינט אַ קנעכט וועלכן דו האָסט אָנגענומען אין דיין איינפאַכקייט פאַרן אויבערהאַר.

וואָס קען איך זאָגן דערויף? איך גלויב אַז דאָס זיינען ניט קיין פראַזן. דו זאָגסט ניט וואָס דו פילסט ניט. אָבער פון וואַנען פאַרט

האָבן געשטאַמט די לאַנגע ליכטיקע טעג פון די שיינע יאָרן פון אונ־זער יוגנט? די ליכטיקע טעג, וואָס ביז אַט ערשט ניט לאַנג צוריק האָט מיר געשיינט אַז זיי וועלן זיך קיינמאָל ניט ענדיקן? זיינען אונזערע לעבעדיגע פריידן ניט געווען טיף איינגעוואָרצלט, די פריידן וואָס זיינען אַזוי נאָנט געווען צו ריינעם גליק, אַז טרערן קומען מיר ביים דערמאָנען זיך אַליין? אָן אייביגע בענקשאַפט, זאָגסטו, הייסט עס, אַז מיט אַן אייביגער בענקעניש נאָך אַנאַנדער געשטאַלט אָדער אַנ־דערע געשטאַלטן ביזטו געקומען צו מיר? אַ בענקעניש וואָס דו האָסט אפשר באַהאַלטן פון מיר, פון זיך אַליין? אפשר פאַרשטיי איך עס ניט ווייל איך בין אַ פרוי, אפשר באַצוועקט די נאַטור עפּעס מיטן מאַן? אפשר איז עס אַ מין שטורם פון נאַטור וואָס קערט איבער פלוצלינג אַ הויז געבויט מיט מי, מיט מענטשנליבע, — דאָס מאָל מיין הויז, — אַן אַקט פון דער מעכטיגער נאַטור, אָבער וואו איז דאָ דער מענטש? דו רעדסט פון אָוונט־שאָטנס צווישן די ביימער, פון אַ שוואַרצע נאַכט אין ווילדן וואַלד, פון טיפע טיפענישן, וואו אָבער איז דאָ די ליבע פון ליכט, פון אָפּענעם און פרייען, פון הויכן, פון טאָג, און פון מאָרגן נאָך דער נאַכט? דאָס אַלץ האָב איך געפרעגט ניט דיר, דאָס האָב איך זיך אַליין געפרעגט לעזנדיג און דענקנדיג פון יענעם בריוו. איצט מוז איך רעדן מיט דיר געשעפט.

איך בין נעכטן געווען ביי אונזער גוטן פריינד בערג, דעם לאַיער, און היינט קלייב איך מיר אַרויס פון הויז צוזאַמען מיט די קינדער. איך האָב ערקלערט בערג׳ן ווי שווער עס איז מיר געווען צו באַגעגנען דיך און מאַכן זיך ניט וויסנדיג, אַז עס איז מיר פיל, פיל שווערער צו רעדן מיט דיר ווי איינע וואָס ווייס אַלץ. בערג האָט געפרעגט ווי דו האָסט זיך געהאַלטן און איך האָב געענטפערט, אַז גאַנץ נאַטירלעך און אומבאַצוואונגען. ווען בערג האָט געהערט אַז די גאַנצע שווערעקייט מיינע באַשטייט אין דעם, וואָס איך שעם מיך פאַר דיר, האָט ער האַרציג געלאַכט און געמאַכט מיך מיטלאַכן. ער אויך האָט באַמערקט דאָס קאָמישע אין מיין פאַרלעגנהייט, דאָס קאָמישע, וואָס איך האָב איינמאָל געדענקט אַז עס וועט דיך אויך מאַכן לאַכן. דו וועסט אלזאָ דורכפירן אַלע פאַרהאַנדלונגען מיט אים, ווייל דער־וויל, גלויב מיר, שעם איך מיך צו קוקן דיר אין די אויגן...

# דער סוד

דווקא ווייל די זאַך איז געווען אַזוי אַבסורד, האָט ער עס באַשלאָסן צו טאָן. ער איז געווען משונה׳דיג פאַרליבט אין זיין פרוי און האָט די קלענסטע אורזאַך ניט געהאַט צו צווייפלען, אַז זי איז ווייניגער פאַרליבט אין אים, כאָטש זי איז געווען קעלטער פון אים אין טעמפעראַמענט. פאַר איר האָט ער, קען מען זאָגן, קיין פרוי ניט געקענט, און זינט ער האָט זי דערקענט, איז אים גאָר קיינמאָל ניט איינגעפאַלן אין געדאַנק זיך צו אינטערעסירן מיט אַנדערע פרויען. ער האָט אויך גוט געוואוסט, אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער איז איר ערשטע ליבע און—איר איינציגע ליבע.

דעם טאָג אָבער האָט עמיצער אין קאָנטאָר דערציילט פון אַן אומטרייער פרוי, ערגעץ־וואו אין אַ דערבייאיג שטעטל, און ווי אַזוי דער מאַן איז כלומרשט געווען אָפּגעפּאַרן, און צוריקקערנדיג אומדערוואַרט געפּאַקט זי מיטן געליבטן. פון דער געשיכטע האָט מען פיל געלאַכט אין קאָנטאָר; אים אָבער איז איינגעפאַלן צו שרייבן אַ בריוו צו זיין פרוי...

דער בריוו, פאַרשטייט זיך, וועט זיין ניט אין זיין נאָמען. ער וועט אפילו די האַנטשריפט אַזוי איבערדרייען, אַז עס זאָל ניט קענטיג זיין, אַז ס׳איז זיינע. דער בריוו וועט זיין אַנאָנים און אַ ליבע דערקלערונג. זי וועט דעם בריוו דערהאַלטן און ניט וויסן פון וועמען עס קומט. ווען זי וועט אים ווייזן דעם בריוו, וועט ער זיך מאַכן ניט וויסנדיג. פאַרקערט, אים וועט כלומרשט פאַרדריסן אויף איר: ער וועט טענה׳ן אַז זי האָט מסתמא עמיצן געגעבן דערמוטיגונג דערצו; זאָל זי זיך נאָר דערמאָנען . . . גוט דערמאָנען . . . און נאָכדעם ווי זיי וועלן אָפּשפּילן אַ שטיקעלע קאָמעדיע, וועט ער איר דערציילן דעם אמת— און זיי וועלן ביידע האָבן פון וואָס צו לאַכן . . .

וואָס צו טאָן אין קאָנטאָר איז פונקט ניט געווען. פּאַפּיר, טינט און פעדער גרייט צו דער האַנט, רעדן צו זיין פרוי איז אים שטענדיג אָנגענעם—האָט ער דעם בריוו אָנגעשריבן טאָקי אויפן שטעל.

געשריבן האָט ער אַזוי:

„ליבע מאַדאַם בערטאַ וויגאַ,

„דער בריוו איז אַנאָנים און געשריבן אין אַן אַבזיכטלעך גע־ענדערטער האַנטשריפט, איר זאָלט ניט דערקענען דעם שרייבער. און דאָך, הלוואי וואָלט איר, אָ, דערקענען דעם שרייבער! אפשר האָט איר אים שוין לאַנג דערקענט. ווייל אַמאָל דוכט מיר, אַז מיין סוד איז פאַר אייך קיין סוד ניט, אפשר פאַר קיינעם מער קיין סוד ניט. אַן אַנדערש מאָל ווידער דוכט מיר, אַז עס וועט שוין שטענדיג פאַר־בלייבן אַ סוד, ביז צו לעצט . . .

„ווי שרעקלעך דער געדאַנק איז מיר! איך פאַרלאַנג אַזוי ווייניג. איך ווייס, אַז איר ליבט און זייט געטריי אייער מאַן, און אַז אַנדערש קען עס גאָר ניט זיין. וואָלט איר כאָטש געוואוסט, ווי לאַנג, ווי לאַנג איך ליב אייך און שווייג—וואָלט איך, גלויב איך, אַזוי שטענדיג געקענט ליבן אייך און שווייגן.

"מיר דוכט, איך וואָלט דאַן געקענט רואיג טאָן מיין אַרבעט, פאָרן און צוריקקומען, לייענען און זיך פאַרטראַכטן איבערן געלייענטן, אויפנעמען פריינט און באַזוכן פריינט—לעבן און שטאַרבן רואיג, און אפשר גליקלעך אויך—וואָלט איר נאָר געוואוסט!

„און דאַרום שרייב איך. איך טאָר ניט אונטערצייכענען מיין בריוו. איך וועל אויך ווייטער בלייבן פון דערווייטן, באַהאַלטן. וועט איר מיך געדיינקען? וועט איר וויסן ווער אייער טרייער פריינט איז? מיין קאָפּ שווינדלט מיר שוין פון פרייד: אין אַ פּאָר שטונדן אַרום וועט איר אפשר וויסן, וויסן אויף זיכער, ווייל איר האָט שוין פריער אויך מסתמא געוואוסט.

מער פאַרלאַנג איך ניט, ליבע בערטאַ, ליבע בערטאַ!"

וויגאַ איז ענדלעך פאַרטיג געוואָרן מיטן שרייבן און האָט איבער־געלייענט וואָס ער האָט אַנגעשריבן. ביי די ווערטער: „ליבע בערטאַ, ליבע בערטאַ," האָט אים זיין האַרץ פּאַקטיש אַ קלאַפּ געטאָן מיט געפיל צו זיין בערטאַן. ער האָט זאָרגפעלטיג צוזאַמענגעלייגט דאָס בויגעלע פּאַפּיר אין אַ קאָנווערט, אַנגעשריבן דעם אַדרעס, זיין אייגע־נעם אַדרעס, און עס אַריינגעוואָרפן אין פּאָסט קעסטל. זיין זייגער, טאַקע זיין פרוי'ס אַ מתנה, פאַר איר מיידלש געלט, האָט געוויזן עלף. „זי וועט עס דערהאַלטן אַרום פיר, אפשר אין יעדן פאַל פאַר זיבן" (אַרום זיבן קומט ער אַהיים פון דער אַרבעט), האָט ער געטראַכט. „גיכער ווי אַלץ וועל איך דעם בריוו געפינען אויף מיין שרייבטיש, און זי אַליין וועט וואַרשיינלעך שוין האָבן פאַרגעסן אין דער גאַנצער

געשיכטע. אויב זי וועט דעם בריוו דערהאַלטן אַרום פיר וועט זי שוין האָבן פאַרגעסן.״

ער האָט געוואוסט, אַז די פּאָר שעה פאַר זיין קומען זיינען אירע באַשעפטיגסטע. ער האָט זי געזען אין געדאַנק לויפנדיק פון קיך אין עס־צימער און פון עס־צימער אין קיך, הין און הער, אָנגעטאָן אין ווייסן פאַרטוך וואָס פּאַסט איר אַזוי שיין צו די דערהיצטע באַקן, פון פּאַדען אין קיך ביים הייסן אויוון.

„איך וועל נאָך, מעגלעך, אַליין דאַרפן צו איר צוטראָגן דעם בריוו און פרעגן, וואָס דאָס באַדייט?״—האָט ער אָנגעקוואָלן פון זיין איינפאַל, זיך פאַרשטעלנדיק, וואָס פאַר אַ מינע זי וועט מאַכן.

„כ'וועל זי נעמען אויפן קרייצפאַרהער, אויף אַ שטרייגנגן קרייצ־פאַרהער.״

ער האָט אין געדאַנק שוין געזען אירע גרויסע, גרויע, אומשול־דיגע אויגן, ווי זיי קוקן אויף אים מיט פאַרוואונדערונג, ניט פאַרשטיי־ענדיג וואָס דאָ קומט פאָר—און ער האָט זיך צופרידן צעשמייכלט.

אַז ער איז געקומען אין אָוונט אַהיים, האָט אים זיין פרוי קיין בריוו ניט געגעבן. אויפן שרייבטיש האָט ער אויך גאָרניט געפונען. ער האָט זיך ניט געקענט גלויבן, אַז דער בריוו איז נאָך ניט געווען אָנגעקומען, איז ביי אים געבליבן אַז זי האָט אים ערגעץ־וואו פאַר־שטעקט און אָן אים איינגאַנצן פאַרגעסן. „זי וועט זיך געוויס באַלד דערמאָנען,״ איז ער געווען זיכער.

זי איז געווען שלאַנק און נעט ווי שטענדיג, אפשר נאָך בעטער ווי שטענדיג, נאָר אירע האָר האָבן אים אויסגעקוקט עפּעס אַנדערש, פיקאַנטער פאַרקעמט. ביים עסן איז זי געזעסן האַרט נעבן אים, אַזוי אַז ער האָט געפילט איר ווייכע וואַרעמקייט. אין איר פאַרטוך־קעשענע האָט עפּעס געשטעקט—ס'איז ניט געווען דער בריוו.

דער אָוונט האָט זיך געצויגן, און זי האָט זיך פאָרט ניט דערמאָנט. האָט ער גענומען רעדן פון ענינים, וואָס זאָלן איר דערמאָנען—אויב זי האָט פאַרגעסן.

„מיר זיינען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט אין קאָנטאָר היינט... אַזוי פיל בריוו אָנגעקומען . . . פון אַלע עקן וועלט, בריוו . . .״

זי האָט אויפגעהויבן צו אים אירע גרויע, גלעטנדיגע אויגן און שווייגנדיג געהערט. שפּעטער האָט ער איר פאַרגעלייענט די „בריוו צום רעדאַקטאָר״ פון זיין אָוונט־צייטונג, אַזעלכעס וואָס ער האָט קיינ־מאָל ביז דאָן ניט געטאָן. ער האָט געפּרואווט פאַרפירן אַ שטיקל שמועס וועגן דעם סאָרט מענטשן, וואָס שיקן דעם מין בריוו אין רעדאַקציע.

ס׳איז אָבער געווען אַרויסגעוואָרפענע מי. זי האָט אים אויסגעהערט, געמאַכט אָפּט אַ באַמערקונג, אָבער פון „יענעם" בריוו האָט זי אים ניט דערמאָנט.

דאָס איינציגע וואָס עס איז אים געבליבן צו טאָן, איז צו פרעגן איר, צי ס׳איז אָנגעקומען בריוו?—דאָס האָט ער שיִער ניט געטאָן. ער האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן: אפשר איז דער בריוו נאָך ניט אָנגעקומען? אפשר האָט זיך די פּאָסט דאָס מאָל פאַרשפּעטיגט?

ווען ער איז אַהיים געקומען דעם צווייטן טאָג און זיין פרוי האָט ווידער אַזאַ בריוו ניט דערמאָנט, איז ער גלייך געוואָרן איבערצייגט, אַז ער וועט זיין בריוו שוין ניט זען. ער האָט ניט געוואוסט ווי ער זאָל עס פאַרשטיין. אַז זי זאָל האָבן דערהאַלטן דעם בריוו און האַלטן עס בסוד פון אים, האָט ער ניט געקענט גלויבן. ערשטנס, צו וואָס דאַרף זי דעם סוד? וואָס ליגט עס איר? און צווייטנס, האָט זי פון אים קיינמאָל קיין סודות ניט געהאַט: אים שטענדיג אַלץ דערציילט. זאָל זיין, אַז דער בריוו ליגט אין פּאָסט, אָדער איז פון הויז-קעסטל פון אַ נייגעריגן אַרויסגענומען געוואָרן? דאָס איז אים אויך געווען שווער צו גלויבן. פונקט מיט דעם בריוו זאָל זיך אַזאַ זאַך האָבן געטראָפן.

פון צייט צו צייט האָט ער געוואָרפן אַ פאַר׳גנב׳עטן בליק אויף זיין פרוי: „זאָל זיין, אַז זי באַהאַלט עפּעס פון אים?" ער האָט געפילט, אַז עס ווערט אים ענג אין האַלז ביי דעם געדאַנק. פאַרדעקנדיג זיין געזיכט מיט דער צייטונג וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיך, איז ער געזעסן שטיל אויף זיין ברייטן שטול אין עס-צימער און כלומרשט אַריינגעקוקט אין דער צייטונג.

„וואָס עפּעס אַזוי שטיל?" האָט זי אים געפרעגט, אַריינקומענ-דיג פון שלאָף-צימער, וואו זי האָט זיך געהאַט געפּאָרעט אַ צייט. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ ברעג פון זיין שטול און אַרויפגעלייגט מיט ליבשאַפט איר האַנט אויף זיין פּלייצע.

ס׳איז אים איינגעפאַלן, אַז דאָס באַהאַלט זי פון אים דעם בריוו, ניט צו פאַרשאַפן אים אומזיסטע אייפערזוכט-יסורים; זי שוינט אים, הייסט עס. אַ מינוט איז אים לייכט און גרינג געוואָרן, ווי איידער ער האָט געהאַט דעם בריוו געשריבן.

„זי האָט אים דערהאַלטן, צעריסן, אַרויסגעוואָרפן און פאַרגעסן."

ער האָט זי הייס אַרומגענומען און צוגעדריקט צו זיך. נאָר ווען ער האָט שוין געהאַלטן אין באַרירן אירע ליפּן מיט זיינע, איז די פריערדיגע ביטערקייט מיט אַמאָל ווידער געקומען צו אים:

„זי טאָר ניט האָבן קיין סודות פון מיר, זי דאַרף מיר אַלץ זאָגן. אויב זי קען פאַרבאָרגן איין זאַך, קען זי דאָך עפּעס אַנדערש אויך באַהאַלטן."

אָט די געדאַנקען זיינען בליץ־שנעל זיין מוח דורכגעפלויגן.

„זאָג מיר . . ." האָט ער אַריינגערעדט אין אירע ליפּן. נאָר ער האָט ניט געענדיגט.

ער האָט געוואָלט, כמעט וויינענדיג, זי פרעגן פשוט און אָפן, צי זי האָט דערהאַלטן דעם בריוו. ער האָט עס אָבער ניט געטאָן, זי געלאָזן אַוועקגיין פון זיך.

איין טרייסט איז אים געבליבן. דער בריוו איז פאַרפאַלן געגאַנגען. „אָט טאַקע אַזעלכע בריוו גייען פאַרפאַלן. אַזוי איז עס שוין."

„כ'האָב עס אינגאַנצן ניט באַדאַרפט טאָן. ס'איז געווען אַ ווילדע נאַרישקייט!" האָט ער זיך געמאַכט פאָרוואורפן, לייגנדיג זיך שפּעטער אין בעט שלאָפן. גערעדט האָט ער צו זיך אַליין, נאָר זיין פרוי האָט אים געהערט.

„וואָס האָסטו ניט באַדאַרפט טאָן?" האָט זי אַ פרעג געטאָן.

ער האָט ניט געענטפערט, און אים האָט פאַרדראָסן וואָס זי פרעגט אים ניט איבער.

:: :: ::

דערווייל איז פאַריבער אַ וואָך נאָך אַ וואָך און אַ מאָנאַט נאָך אַ מאָנאַט. די וויגאָס האָבן שוין געוואוינט אין אַנאַנדער דירה. וויגא אַליין האָט געאַרבעט אויף אַ נייער שטעלע מיט גרעסערע פאַראַנט־וואָרטלעכקייטן און העכערער באַלוינונג. די געשיכטע מיטן בריוו איז אים שוין לאַנג געווען פון זינען אַרויס. זעלטן, זעלטן ווען ער האָט פון דעם געקלערט, און דאָס נאָר, ווען עס האָט זיך געמאַכט עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אים אין דעם דערמאָנען.

אַזוי, למשל, איז אים אויף זיין נייער שטעלע אויסגעקומען אַמאָל אָפּצופאָרן אויף אַ וואָך. שרייבנדיג, ערגעץ אין אַ האָטעל, זיין ערשטן בריוו צו זיין פרוי, האָט ער זיך דערמאָנט אָן יענעם בריוו און האָט אויף אַ מינוט אַוועקגעלייגט די פעדער, זיך וועגן דעם פאַרטראַכט . . . אָבער טאַקע ניט מער ווי אויף אַ מינוט. עס איז שוין ביי אים לאַנג געבליבן, אַז יענער בריוו איז פאַרלוירן געגאַנגען. און אויב ניט, האָט ער אויך ניט אַיינגעזען קיין עוולה, וואָס זי האָט דעם בריוו צעריסן און אים פאַרגעסן, אָדער באַשלאָסן בעסער ניט צו ווייזן אים, ניט צו פאַרשאַפן אים קיין אומזיסטע יסורים. אין אַזעלכע אַנגעלעגנ־הייטן האָבן פרויען אַ מין אינסטינקט ווי אַזוי צו האַנדלען. דערפאַר

איז זיין בריוו איצט צו זיין פרוי נאָך געוועזן הייסער און ליבער ווי שטענדיג.

און דאָך האָט זיך אין אים, אומבאַמערקט און אומבאַוואוסטזיניג פאַר אים אַליין, אַנטוויקלט אַן ענדערונג זייט דעם אינצידענט מיטן בריוו. ער האָט אָנגעהויבן קוקן מיט אַנדערע אויגן אויף זיין פרוי. אָנגעהויבן ווען פאַרשטיין זי, און זיך פאַרטראַכטן צייטנווייז וועגן אַנדערע שטריכן פון איר כאַראַקטער.

ביז דאַן איז אים אַלץ אין איר געווען אַזוי קלאָר, אַזוי פאַר־שטענדלעך און נאָענט. זי איז פאַר אים געווען און פארבליבן דאָס זעלבע קינד, ווי ווען ער האָט זי צוערשט דערזען צוזאַמענלייגן אירע שול־איבונגס־העפטן אין איר טיש־קעסטל.

פון דאַן אָן האָבן אפילו די איינפאַכסטע שטריכן פון איר כאַראַק־טער, אירע איינפאַכסטע געוואוינהייטן, אָנגעהויבן אָנצונעמען אַ מין געהיימניספולע באַדייטונג. אפילו איר ערנסט אָפּגעבן זיך מיט איר מיטאָג, ליב האָבן געשמאַקע מאכלים—איז ביי אים געווען אַן אַנט־פּלעקונג פון איר נאַטור.

אָדער, זי האָט פיל געלייענט, כמעט די גאַנצע מאָרגן־שעה׳ן און אָפּט אויך שפּעט אין דער נאַכט. ער ווידער האָט זייער ווינציג זיך אָפּגעגעבן מיט ביכער. האָט איר לייענען אים אָנגעהויבן אינטריגירן. ער האָט געקוקט אויף די ביכער: כמעט אַלע דורכגעלייענט פון איר, און אַלע פרעמד פאַר אים; ער האָט געפילט עפּעס אַ מין אומבאַ־וואוסטזיניגע לייכטע באַאומרואיגונג. ער פלעגט אַמאָל נעמען אַ בוך וואָס זי האָט נאָר־וואָס געענדיגט אָדער געהאַלטן אינמיטן לייענען, פריש פון איר האַנט, און עס אָנגעהויבן דורשטיג שלינגען.

זיין אינטערעס אין בוך האָט אָבער לאַנג ניט געהאַלטן, ווייל שוין אינמיטן לייענען פלעגט זיך צו אים אַריינ׳גנב׳ענען אַ געפיל אַז עפּעס אַנטרינט פון אים, עפּעס בלייבט פאַר אים פאַרבאָרגן; דווקא דאָס צאַרטסטע, דאָס דעליקאַטסטע, בלייבט העַנגען אומדערגרונטעוועט, ווי דער שמייכל פון אַ חכם, ווי די איינפאַכקייט פון אַ קינד. דאָס איז אויך געווען אַ נייער געפיל, גאַנץ פרעמד און אומבאַקאַנט. „זי מוז עס זען, זי פאַרשטייט,״ פלעגט ער פלוצלינג אויפטויכן אַ געדאַנק און ס׳פלעגט אים ווערן אומהיימלעך.

עס האָט זיך טונקל געפילט, אַז דער געדאַנק איז צוזאַמענגעבונדן מיט עפּעס אין אים וואָס איז אומרוהיג, וואָס האָט זיך קיין אָרט ניט געפונען, קען ניט זינקען, וויל ניט אַרויפשטייגן. אַ לייכטער זיפץ,

אָדער דער רויך פון אַ סיגאַרעט, פלעגט אין אים צעשטרויען דעם אומהיימלעכן געפיל.

איבעריגענס, זיינען געדאַנקען מיט אַזעלכע צוזאַמענבינדונגען צו אים געקומען זייער זעלטן, און וואָס ווייטער אַלץ זעלטענער, אַזוי ווי דאָס אומרואיגע האָט ענדלעך זיין אָרט געפונען, שטיל און זיכער אָראָפּ־געזונקען, וויניגסטנס האָט זיך אים אַזוי אויסגעדוכט,—ס'איז אָבער ניט געווען אַזוי. גאָר אויף אַמאָל און אומגעריכט איז עס אויפגעשפּרונגען מיט דער ערשטער קראַפט און דערשיטערט אים מיט דער אומ־געריכטקייט.

זיי זיינען איין אָוונט געזעסן ביי זייערן אַ פריינט אין הויז. דאָס צימער איז געווען פול און אַלע האָבן זיך גוט אַמוזירט. פאַרשיידענע מיינונגען וועגן פאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן זיינען אויסגעדריקט גע־וואָרן און כמעט אַלע מיינונגען זיינען געווען פרייער און געוואַגטער... די געהויבענע שטימונג האָט וואַרשיינלעך דערצו בייגעטראָגן. ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן רעדן פון ליבע, און אויך דאָ זיינען פרייע מיינונגען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון אַזעלכע, וואָס מען האָט גוט געוואוסט, אַז זייער לעבן איז פונקט דער היפך—און מען האָט דארום פיל געלאַכט.

צווישן די געסט איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף־און־דרייסיג, וואָס די וויגאָס האָבן ניט געקענט. וויגאָ האָט זיך עטלעכע מאָל דורכן אָוונט באַגעגנט מיט זיינע בליקן און זיך געפרעגט: ווער איז ער? ער האָט אים אויסגעקוקט פאַרשיידענער פון אַלע, ווי אַ מאַן פון אַן אַנדער קלאַס. גערעדט האָט ער שענער פון די איבעריגע, אויב ניט וויכטיגער. ס'איז אָבער געווען שווער צו וויסן, צי רעדט ער פון איבערצייגונג, צי ער שפּאַסט, ווייל דער טאָן פון אָוונט איז ניט געווען איבריג ערנסט.

וועגן ליבע האָט ער אויסגעדריקט פאָלגנדיגן געדאַנק: ער גלויבט אין אַ לעבנס־לאַנגע ליבע, אָבער ניט אין אַן איינציגע ליבע; ער זעט ניט איין ווי אַזוי ער קען זיך אָפּזאָגן פון אַזאַ גרויסן גליק און פאַרוואָס ער זאָל זיך פון דעם אָפּזאָגן. ער ווייסט ניט פון קיין גרעסערער, טיפערער פרייד אין לעבן, ווי די ערשטע באַגעגעניש פון צוויי נשמות, ווי דאָס ערשטע דערקענען זיך. עס איז די בלום פון ליבע, פון גאַנצן לעבן. עס איז דאָס אָנפאַרטרויען זיך פון אַ מענטשנ'ס שטענדיג באַ־האַלטענער נשמה. ווי אַזוי קען ער זיך, ווי אַזוי מעג ער זיך עס אָפּזאָגן! ליבע צוזאַמען מיט פיזישע באַציאונגען—אָט דאָס איז ניט נויטיג, אָפּט פאַרשוועכט עס די ליבע, אָפּט באַווייזט עס אַז ס'איז גאָרניט געווען קיין ליבע. ער וועט זיך אָבער קיינמאָל ניט דערלויבן

ניט צו ענטפערן דעם גרויסן סיגנאַל פון אַ ליבנדיגער נשמה; ער גלויבט ניט צי ווער עס איז האָט אַמאָל ניט געענטפערט...

זיינע געדאַנקען, אפשר ווייל זיי זיינען געווען „ליטעראַריש" אויסגעדריקט, האָבן געמאַכט אַ רושם אויף דער געזעלשאַפט, ווייל אַלע האָבן אים אויסגעהערט אין אַ מאָדנער שטילקייט.

וויגאַ האָט דער ערשטער אונטערבראָכן די שטילקייט. ער איז געווען בלאַס.

„וויפיל ,סיגנאַלן' דאַרף עס אַ מענטש ענטפערן?" האָט ער סאַר־קאַסטיש געפרעגט, דורכשטעכנדיג יענעם מאַן מיט זיינע בליקן.

„איך האָב מורא, אַז איר פאַרשטייט מיך ניט," האָט יענער גע־זאָגט, שטוינענדיג פון וויגאַ'ס אויפרעגונג.

„פאַרשטייט איר זיך אַליין?" האָט וויגאַ געפרעגט אין אַ גראָבן טאָן. „ער גלויבט ניט צי ווער עס איז האָט ניט געענטפערט דעם סיגנאַל," האָט וויגאַ איבערגעזאָגט יענעמס ווערטער צושאָקלענדיג סאַר־קאַסטיש מיטן קאָפּ. און ווענדנדיג זיך צו זיין פרוי האָט ער ביי איר אַ פרעג געטאָן: „און ווי געפעלט עס דיר?"

זי האָט ניט געענטפערט, געקוקט ווי אַ פרעמדע.

ער האָט כמעט ווי אַ ציטער געטאָן.

„וואָס זאָגסטו דערצו, בערטאַ," האָט ער זי איבערגעפרעגט און ניט אַראָפּגענומען פון איר די אויגן.

זי האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, אָבער אַלץ ניט געענטפערט.

„פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?" האָט ער געפרעגט, רויט ווערנדיג. און זעענדיג אַז זי וועט אים שוין ניט ענטפערן, האָט ער אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען און מיט אַ נאַרישן שמייכל געזאָגט ווי צו זיך אַליין: „האָסט מורא צו רעדן."

שפּעטער, אויף זייער וועג אַהיים, האָט ער ווידער געפרעגט:

„פאַרוואָס האָסטו מורא געהאַט מיר צו ענטפערן?"

זי האָט אים ווידער אָנגעקוקט אָבער אַלץ ניט געענטפערט.

„ביסט אַן איינגעשפּאַרטע!" האָט ער אַ זאָג געטאָן.

„אַן איינגעשפּאַרטע, אַן איינגע'עקשנ'טע," האָט ער איבערגעזאָגט.

ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „זי האָט דערהאַלטן דעם בריוו . . . צעריסן און ניט געזאָגט מיר דערפון. לויטער עקשנות."

די גאַנצע נאַטור אירע, דאָס וואָס אונטערשיידט זי פון אים, איז אים אין דער מינוט פאַרגעקומען ניט מער ווי אַ מין עקשנות. איז ער געגאַנגען נעבן איר זייט און געשוויגן.

אָבער אײדער נאָך זײ זײנען געקומען אַהײם האָט זי שױן גע־רעדט צו אים אויף איר ליבלעך־אינטימען אופן פון אַ גאַנץ זײטיגן ענין. דער ענין איז געװען אַזױ װײט פון דעם, װאָס איז פאָרגעקומען אין זײער פרײנט׳ס הויז, איר טאָן אַזױ פרעמד צו יענער אַטמאָספערע, אַזױ נאָענט און הײמיש צו אים, אַזױ צאַרט און װײך, אַז זײן האַרץ איז אױפגעגאַנגען פון פרײד און דאַנקבאַרקײט. ער האָט זיך גענומען אַרײנטאָן אין אירע װערטער. איצט איז אים געפעלן געװאָרן װאָס זי איז אַזאַ אײנגעשפּאַרטע. איר ליבע צו אים איז אים פאָרגעקומען װי אַ טײל פון איר עקשנות.

„זי װעט מיך אַזױ פאַר׳עקשנ׳ט ליבען ביז צולעצט,״ האָט ער זיך געטראַכט.

ערשט אַ צײט נאָך דעם לעצטן אינצידענט, און צופעליגערװײז, האָט װיגאַ געפונען זײן בריװ. עס איז פאָרגעקומען אַזױ:

בערטאַ איז פונקט אין הויז ניט געװען. עס איז געװען אַ שײנער האַרבסט־טאָג און זי איז אַװעק פאַר אַ שפּאַציר. װיגאַ האָט געזוכט אַ פּאַפּיר עפּעס, װאָס ער האָט ניט געקענט געפינען צװישען זײנע פּאַפּירן. גריבלענדיג זיך אין זײן פרוי׳ס שופלאָדן, האָט ער אָנגעטראָפן אויף אַ בלױ זײדן קישעלע, װאָס ער האָט נאָך קײנמאָל ניט געהאַט געזען. ער האָט עס אױפגעהױבן צו באַטראַכטן, און שמײכלענדיג גע־פרעגט זיך: „װאָס װיל זי מיט דעם טאָן?״

אונטער אײן זײט האָט ער דערפילט פּאַפּיר און ניט פאַרשטײענדיג צו װאָס מען דאַרף פּאַפּיר אין אַ קישעלע, האָט ער עס גוט אַרומגע־קוקט. ער האָט באַמערקט אַז דאָס קישעלע האָט אַ מין פאַרבאָרגענע קעשענע. מיט רואיגער נײגעריגקײט האָט ער אַרױסגעצױגן אַ צונױפ־געלײגט בױגעלע—עס איז געװען זײן בריװ.

ער האָט דעם בריװ ניט איבערגעלעזן, נאָר קוקנדיג און דער־קענענדיג זײן אײגענע פאַרדרײטע האַנטשריפט, האָט ער זיך אַלײן געשאָלטן.

„מיט מײנע אײגענע הענט״, — האָט ער אַ זאָג געטאָן און ניט דערענדיגט.

מיט אַמאָל איז זײן האַרץ מאָדנע שװאַך געװאָרן און ער האָט זיך דערפילט פאַרלאָזן אין זײן אײגן הויז. אַ בלײכער, האָט ער װידער אױפגעװיקלט דעם בריװ צו זען די דאַטע: איבער פינף יאָר! זײן האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן.

אין שרעק טאָמער װעט זײן פרוי אָנקומען און זען אים מיטן בריװ, װען ער װײסט נאָך גאָרניט װי צו האַנדלען, האָט ער דעם בריװ צוריקגע־

לייגט אין קישעלע, פאַררוקט דעם שופלאַד, און אַליין איז ער אַרויס פון הויז.

ער האָט געטראַכט פון יענעם גליקלעכן מאָרגן, פאַר פינף יאָרן, ווען ער האָט איר דעם בריוו געשיקט.

„עס איז מעגלעך, — האָט ער זיך געפּרוּווט טרייסטן, — אַז זי האָט דאַן גלייך דערקענט אַז דער בריוו קומט פון אים, נאָר כדי אים צו אינטריגירן האָט זי עס באַהאַלטן אין דעם קישעלע. זי האָט דערפון ניט גערעדט ווייל ער האָט געשוויגן.

ווי גליקלעך וואָלט ער געווען, ווען עס וואָלט טאַקע אַזוי געווען! פּי־לייכט איז עס טאַקע אַזוי?

ער האָט געוואַנדערט און געוואַנדערט, אומבאַקוועם אין זיין אויבערראָק אין דעם וואַרימען האַרבסט־טאָג, איבער גאַסן און פּאַרקן, פּאַרקן און גאַסן; געוואַנדערט, זיך צוגעזעצט און ווייטער געוואַנדערט.

„וועמען האָט זי געקאָנט מיינען?" — האָט ער זיך געפרעגט, און זיך דערביי גלייך אויפגעהויבן פון שאַרפן ווייטאָג. ער האָט זיך דער־מאָנט אַז אין זיין בריוו האָט ער געשריבן אַז „יענער" קען זי נאָך פון קינדוויייז אָן, נאָך איידער זי האָט אים אַליין, וויגאָן, דערקאָנט.

ווער ווייסט וועמען זי האָט דאָרט געקאָנט מיינען... וואָסערע יוגנטלעכע איבערלעבונגען מיט מיין שרייבן איך האָב אין איר דער־וועקט!....

געקומען איז ער אַהיים ווי געוויינלעך אין אָוונט. כאָטש ער האָט דעם טאָג ניט געאַרבעט, געסטאַרעט זיך עסן זיין מיטאָג אויך ווי געוויינלעך, נאָר זי האָט אויף אים עפּעס פאַרט דערקענט און אים עט־לעכע מאָל געפרעגט, וואָס מיט אים איז.

דאָס זיצן ביי זיך אין הויז האָט אים געמאַכט פילן אַז ער דאַרף זי איצט מער ווי שטענדיג, אַז ער דאַרף די גאַנצע הויז־אַטמאָספערע, אַלץ, און ער האָט אַנטשלאָסן געקלערט ווי אַזוי זי צוציען צו זיך, ווי אַזוי זי פולשטענדיק צו געווינען.

ער וועט זיך ניט מאַכן וויסנדיג, האָט ער באַשלאָסן, און זען זי צו געווינען אין גאַנצן פאַר זיך...

איינמאָל, ווען ער איז געזעסן אין זיין אַלטן, ברייטן שטול, אין עס־צימער, דעם פּנים האַלב פאַרדעקט מיט דער צייטונג האָט ער דער־הערט אַז זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול לעבן אים. עפּעס האָט ביי אים אין קאָפּ און אין האַרצן זיך מיט אַמאָל אַ מיש געטאָן.

איין זאַך נאָר האָט ער קלאָר געזען: אַז זי האָט דאַן גלייך דערקענט אַז ער אַליין איז דער שרייבער פון בריוו, און האָט אים באַהאַלטן אַלס אַ טייל פון אַ שפּאַס.

אַ ווילדע אומגעדולד האָט אים דאַן פּלוצלינג באַהערשט, און ניט וויסנדיג וואוהין זיינע ווערטער וועלן פירן, האָט ער אָנגעהויבן:

„מיט יאָרן צוריק, כ׳ווייס אַליין ניט ווי אַזוי איך האָב מיך איצט דערפון דערמאָנט, — האָט ער אָנגעהויבן שטאַמלענדיק — האָב איך צו דיר, דו וועסט לאַכן ווען דו וועסט הערן, ווייל כ׳האָב עס טאַקע געמיינט צום לאַכן, אַ בריוו געשריבן...״ — ער האָט דערפילט ווי זיין האַרץ הויבט אָן שטאַרקער צו קלאַפּן און איז אַ ווײַלע אַנטשוויגן געוואָרן. ער האָט זיך אָבער באַרואיגט און פאָרגעזעצט:

„דו האָסט דעם בריוו מסתמא ניט דערהאַלטן דאַן, אַזוי פאַרשטיי איך... עס איז געקומען כלומרשט פון איינעם, וואָס האָט דיך געקאָנט נאָך... פאַרשטייסט? עס איז געווען מיינע אַ פאַרענדערטע האַנטשריפט... און ער האָט דיך געבעטן...״

ער האָט זיך געפּרואווט פאַנאַנדערצולאַכן, אָבער ווען ער האָט אויפגעהויבן זיינע אויגן צו איר, האָט ער דערזען אַז זי איז שרעקלעך בלאַס.

„דו האָסט דעם בריוו, מיין בריוו, ניט דערהאַלטן דעמאָלט... כ׳ווייס ניט פאַרוואָס... אפשר האָסטו יאָ דערהאַלטן?״

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זי אָנגעשטעלט אירע אויגן אויף אים און געשוויגן. זי איז געווען בלייך ווי קאַלך.

„כ׳ווייס ניט פאַרוואָס איך רעד איצט דערפון, — האָט ער געפּרואווט דערקלערן, — ס׳איז אַן אַלטע געשיכטע, נאָר...״

ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף איר, און פּלוצלינג איז אים איינגעפאַלן דער שרעקלעכער געדאַנק אַז זי גלויבט אים ניט, אַז זי גלויבט ניט אַז ער האָט געשריבן דעם בריוו...

„דו גלויבסט מיר ניט, בערטאַ? האַ?״

ער האָט געשטאַמלט און געציטערט.

„גלויבסט מיר ניט? איך אַליין האָב דעם בריוו געשריבן... מיט מיין האַנט... אין אַ צעדרייטער האַנטשריפט... מיין האַנט... כ׳קען דיר ווייזן ווי אַזוי... ווי...״

מער אָבער האָט ער גאָרניט געקאָנט זאָגן. דער אויסדרוק פון איר געזיכט האָט ביי אים אָפּגענומען דעם כוח צו רעדן. די באַדייטונג פון אויסדרוק האָט ער ניט פאַרשטאַנען נאָר ער האָט געוואוסט אַז עס איז אים שלעכט, שרעקלעך, ביטער.

ער האָט זיך אויפגעהויבן צו פאַרלעשן די ליכט.

„אַזוי איז בעסער,“ — האָט ער דערקלערט היזעריק.

אַז ער האָט זיך צוריקגעזעצט אויף זיין שטול, האָט ער זי צוגע־צויגן צו זיך און זי אַוועקגעזעצט אויף זיינע קני — אַ שווערע, אַ בלייכע און אַ קאַלטע.

ער איז געווען אין גאַנצן פאַרלאָרן. טרערן זיינען אים גערונען פון די אויגן. זי האָט אויך געוויינט, נאָר ער האָט מורא געהאַט צו פרעגן זי — פאַרוואָס ?

# ב ר י ו ו

## (סצענע)

(מרס. שיפרין, אַ פרוי פון אַרום 40, עטוואָס איבער מיטל־וואוקסיג, טונקל־בלאָנד און מיט אַן אָנגענומען אינטעלעקטועלן אויסדרוק, זעצט זיך צו אויף אַ שטול וואָס מיס לאַנדוי האָט פאַר איר געשטעלט ביי אַ לענגלעך טישעל אין מיטן צימער. מיס לאַנדוי איז 30 יאָר אַלט נאָר זעט אויס פיל אינגער, זי איז פול מיט חן און איר קליינע פיגור איז פלינק און בויגזאַם, שוואַרצע האָר און שוואַרצע אויגן מיט אַ צייט־ווייזן ברען.)

מרס. ש.: איר קוקט מיך אָן ווי איך וואָלט אייך געווען גאַנץ פרעמד... עס קאָן זיין... אָבער איך דערקען אייך פון אייערס אַ בילד. ס'איז אַ שיין בילד. איר קוקט אויס עטוואָס עלטער ווי אויפ'ן בילד.

מיס ל.: מיין בילד? וואו האָט איר געזען מיין בילד?

מרס. ש.: כ'האָב עס געזען ביי דעם וועמען איר האָט עס געשאָנקען... איך בין יעקב שיפרינ'ס אלמנה. צוועלף וואָכן פונקט צום טאָג ווי ער איז ניטאָ. איר געדענקט, מסתמא, ס'איז געווען אין אַ דינסטאָג?

מיס ל.: אַז איר זאָגט 12 וואָכן איז געוויס 12 וואָכן.

מרס. ש.: און אַליין געדענקט איר דען ניט? איר געדענקט ניט די לויה? גאַנץ שטאָט איז דאָך געווען.

מיס ל.: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת. איך האָב מר. שיפרינען מיין בילד ניט געשאָנקען. ער האָט דאָס בילד אַליין גענומען, גאָר ניט געפרעגט, און פון זיין לויה האָב איך, פאַרשטייט זיך, געהערט און געלעזן, איך בין אָבער ניט געווען איינע פון די באַגלייטער.

מרס. ש.: כ'קאָן זיך עס גאָר ניט גלויבן... זאָל זיין אַז ס'איז צוליב מיר?... איר ברויכט זיך ניט זשענירן פאַר מיר... איך וויים... כ'ווייס אַלץ, רעדט פריי מיט מיר... מיך אַרט ניט.

מים ל.: איך רעד מיט אייך גאַנץ אָפן... כ׳האָב ניט מיט וואָס זיך צו זשענירן.

מרס. ש.: הייסט עס, אַז איר ווילט אַז איך זאָל אייך גלויבן אַז איר זייט ניט געקומען צו זיין לויה... ווער איז עס ניט געקומען? איר הערט דאָך אַז גאַנץ שטאָט איז געווען.

מים ל.: (ווי איינע מיט אַן אייגענער מיינונג) גאַנץ שטאָט... עס רעדט זיך נאָר אַזוי...

מרס. ש.: אָבער איר... איר וואָס... וואָס... כ׳מיין, איר האָט דאָך אים אַזוי.. הויך געשעצט?

מים ל.: געשעצט אים ניט העכער ווי מיינע אַנדערע באַקאַנטע אָדער פריינט, אויב איר ווילט וויסן. מע זאָגט אַז ער איז אַ גרויסער שרייבער געווען, מעגלעך ס׳איז אַזוי... וואָס ווייס איך?...

מרס. ש.: איר אַליין האָט גאָר זיינע ווערק ניט געלעזן?

מים ל.: איך? ניין. כ׳לעז בכלל זייער ווייניק...

מרס. ש.: איך זע דאָך ביי אייך זיינע ווערק, אָט דאָרט אויף דער פּאָליצע, נאָך אַזוי פּראַכטפול געבונדן אויך?

מים ל.: אָ, יענע ביכער דאָרט! יאָ, דאָס האָט ער אַליין מיר גע־בראַכט. כ׳האָב אפשר אַ מאָל געעפנט אַ באַנד א קוק צו טאָן, אָבער קיינמאָל ניט געלעזן. אָפּגעלייגט אויף אַנאַנדער מאָל.

מרס. ש.: איר האָט אַלע זיבן ביכער. איך קען זיי ווי זיך אַליין. כ׳קען די לעבנס־געשיכטע פון יעדען איינציקן ווערק פון דער רגע ווען דאָס ווערק איז געווען ניט מער ווי אַן נאָר וואָס געבאָרענער געדאַנק, ביז ער האָט דאָס פאַרענדיקט, ווי דאָס וואַקסן און די אַנטוויקלונג פון דעם ווערק וואָלטן פאַרגעקומען פאַר מיינע אויגן. זיי זיינען אונזערע קינדער מעג איך זאָגן. איך האָב ביי זיך אַפילו די שטעלן וואָס שיפרין האָט אויסגעבראַקירט און אויסגעשטראָכן און וואָס זיינען אין געדרוקטן ניט אַריין...

מים ל.: יאָ, איך האָב געהערט אַז איר זייט זיינע אַ גרויסע פאַרעהרערין.

מרס. ש.: איך נאָר? וואָס בין איך די איינציגע? כ׳וועל אייך דערציילן אַ געשיכטע פון אַ יאָר 12 צוריק, אונזער ערשטער יאָר צוזאַ־מען. שיפרין איז נאָך געווען אַ גאַנץ אומבאַקאַנטער שרייבער. מיר האָבן געהאַט גענומען אַ מעבלירט צימער אויף אַ פּאָר טעג, געווען פרעמד אין יענער שטאָט. איין נאַכט זיינען מיר געקומען זייער שפּעט אַ היים: אין גאַס איז געווען פינסטער, די הייזער אַרום פינסטער, נאָר אין אונזער הויז, אין בייסמענט, האָט געברענט איין איינציג ליכט. אַ יונג

מיידל, פון אַ יאָר זעכצען־זיבעצן, איז געזעסן און געלייענט. אַלץ אַרום איז געשלאָפן, נאָר זי אַליין איז אויף געווען. יעדער צוג אין איר פּנים האָט געלעבט, געלויכטן. כ'האָב זיך קוים אָפּגעריסן פון דעם בילד. מיר זיינען שוין געווען ביי זיך אין צימער אויף אַן אויבערשטן שטאָק, גרייט צו גיין שלאָפן, ווען אַ ברענענדע נייגיריקייט האָט מיך פּלוצלינג פאַרכאַפּט. האָב איך געפונען אַ שטיקל אויסרייד און אַראָפּ אונטן צום באַגייסטערט קינד מיט די לויכטענדע אויגן. וואָס דענקט איר, האָט זי געלעזן? שיפּרינ'ס אַ ניי ווערק! כ'האָב אַ גאַנצע נאַכט ניט געקאָנט אײַנשלאָפן, ב'ין געווען אַזוי גליקלעך. כ'האָב גע'חלש'ט טיילן זיך מיט אים, מיט איר... כ'האָב אָבער פוןביידן די גאַנצע געשיכטע געהאַלטן בסוד...

מיס ל.: איר האָט ניט געפילט זיכער מיט אים.

מרס. ש.: ניט געפילט זיכער?! וואָס מיינט איר מיט דעם? וואו וואָלט ער געפונען אַ נענטערן גייסט ווי אין מיר? ווייסט איר ווי אַזוי ער האָט געשילדערט...

מיס ל.: דאָס אַלץ איז נאָך ניט קיין גאַראַנטי.

מרס. ש.: טאָ וואָס איז אַ גאַראַנטי? לאָמיר הערן.

מיס ל.: עס איז ניטאָ קיין גאַראַנטי, אויב איר ווילט וויסן.

מרס. ש.: אַזוי גלויבט איר... אָבער זאָגט מיר בעסער האָט מר. שיפּרין געוואוסט אַז איר האָט גאָר קיינמאָל ניט פאַרקוקט אין זיינע ווערק?

מיס ל.: אודאי האָט ער געוואוסט... געוואוסט און געלאַכט אַזוי ווי עס וואָלט אים הנאה געטאָן. ער האָט געזאָגט אַמאָל, אַז אפשר בין איך גערעכט וואָס איך לייען ניט זיינע ווערק... (זי לאַכט).

מרס. ש.: איך זע איר האָט גראַפּ'ס ביכעל אויך דאָרט אויף אייער פּאָליצע. עס איז דאָך כלומרשט אַ קריטיק אויף שיפּרינ'ס ווערק, ווייסט איר? וואָסערע העסלעכע קריטיק, ווי ביטער, לויטערע קנאה און ניט פאַרגינערייַ...

מיס ל.: איך האָב עס ניט געלעזן... אָבער, איך בעט אייך, איר האָט מיר נאָך ניט ערקלערט וואָס האָט אייך באַוועגט צו קומען צו מיר, פון וואַנען ווייסט איר פון מיר אינגאַנצן?

מרס. ש.: וואָס האָט מיך באַוועגט צו קומען? אייער בילד... כ'האָב אייך געוואָלט זען, קענען. ביז מיט אַ זעקס־זיבען וואָכן צוריק האָב איך אַפילו פון אייער נאָמען ניט געהערט, פון אייער עקזיסטענץ ניט געוואוסט, נאָר איך האָב געפונען אייער בילד, אַזוי אומערוואַרטעט... און געוואָלט זען... די פרוי וואָס... וואָס... האָט שיפּרינען קיינמאָל

ניט געלעזן אזוי ווי איך האָב דעמאָלט גע׳חלש׳ט קענען דאָס מיידל וואָס האָט אים אַזוי שפּעט ביינאַכט געלעזן...

מיס ל.: איר שפּאַסט מסתמא, איר הערט דאָך ערשט אז איך האָב אים ניט געלעזן.

מרס. ש.: יאָ, כ׳האָב געשפּאַסט... נאָר איך שפּאַס ווייל ס׳איז מיר זייער שווער זיך ריכטיק אויסצודריקן... זייער שווער... איך קאָן אייך נאָר זאָגן אַז איך ווייס פון אַלעם, ווייס אַלץ, איר דאַרפט זיך ניט פאַרבאַרגן פון מיר.

מיס. ל.: וואָס מיינט איר אַז איר ווייסט אַלץ? איך הער עס פון אייך שוין דאָס צווייטע מאָל. וואָס אַזעלכעס ווייסט איר?

מרס. ש.: ציט מיך ניט פאַרן צונג...

מיס ל.: איר ווילט מיך ציען פאַרן צונג, וואָס זייט איר אויסן?

מרס. ש.: איך ווייס אַז ער... כ׳ווייס אַז איר זייט געווען פאַר־ליבט אין אים.

מיס ל.: פאַרליבט אין אים — ניט אמת. ווער האָט עס אייך דער־ציילט?

מרס. ש.: וואָס, ס׳איז אייך אפשר ניט אָנגעשטאַנען? אַנטשולדיקט מיר!

מיס ל.: ווערט מיר ניט צו סאַרקאַסטיש... און גיט מיר ניט קיינע אָנצוהערענישן... קיין קלוגע וואונקען... אָנגעשטאַנען צי ניט אָנגעשטאַנען, איך מוז צוערשט ליבן פיזיש, יאָ, אַזעלכע בין איך. איך שעם מיך ניט אַרויסקומען אָפן דערמיט, און פיזיש דאַרף איך אייך ניט דערציילן וואָס מר. שיפּרין איז געווען, און אויב איר ערלויבט מיר, איז ער איבעריג ציכטיג אַרום זיך אויך ניט געווען...

מרס. ש.: אַזוי איידעל געקנאָטן זייט איר... און דאָך, און דאָך ווייס איך פון אַן אָוונט, יאָ, פון אַן אָוונט מיט אַ באַשטימטער דאַטע אויך, דעם 16טן יוני, המ... עס האָט אייך ניט געאיבלט דאָן, האַ? ס׳האָט אייך ניט געאיבלט? גאָט מיינער!

מיס ל.: (געלאַסן, זוכט זיך צו דערמאָנען) אַן אָוונט, אַ דאַטע... (דערמאָנט זיך און הענפּטיג) עס האָט מיך יאָ געאיבלט, יאָ געאיבלט, יאָ, יאָ... יאָ געאיבלט!! (ציטערט פון אויפרעגונג).

מרס. ש.: באַרואיקט אייך, באַרואיקט אייך, אום גאָטעס ווילן! איר זייט אַזוי בלייך געוואָרן. איך בין ניט געקומען פאַרהערן זיך מיט אייך, פאַרווירפע מאַכן, גלויבט מיר! פאַרקערט, איך בין געקומען אַ טובה בעטן ביי אייך... איך וויל מיט אייך רעדן, ווי אַ פרוי צו אַ פרוי... ס׳איז מיר אַזוי שלעכט... מיין האַרץ אַזוי שוואַך...

ער פֿעלט מיר אַזוי . . . אַזוי פּלוצלינג אַלץ פּוסט און לעער געוואָרן אין מיין לעבן ,אַזוי פּלוצלינג...

מיס ל.: און איך רעד אויך מיט אייך ווי אַ פרוי צו אַ פרוי, און שווער אייך אַז דאָס וואָס עס איז פאָרגעקומען יענעם אָוונט איז געשען איין איינציג מאָל און מער זיך ניט ווידערהאָלט. איך האָב מר. שיפּרינען קיינמאָל ניט געוואָלט, ווי צודרינגלעך ער איז ניט צוגעשטאַנען און געבעטן. איך פאַרשטיי אַליין ניט וואָס עס איז מיט מיר געשען יענעם מאָל, ווי אַזוי איך האָב פּלוצלינג פאַרלאָרן מיין מאַכט איבער זיך. אָבער ווי אַזוי ווייסט איר דערפון? פון זיינע פאַפּירן מסתמא? פון זיינס אַ טאָגעבוך אפשר? ער האָט אָנגעגעבן מיין נאָמען אויך?

מרס. ש.: ניין, אייער נאָמען ניטאָ. אייער נאָמען האָב איך אויסגעפונען פון מר. פרידען. ער איז מיר אַ גוטער פריינט, געווען זיין פריינט...

מיס ל.: פון מר. פרידען... מר. פריד האָט אים צוערשט אַריינגעפירט צו אונז אין הויז.

מרס. ש.: אַזוי גאָר? גאָט מיינער! בין איך טאַקע גאָר אַליין... (נאָך אַ קורצער פּויזע פון נאָכדענקען) גראַפּען אויך האָט ער מסתמא באַגעגנט ביי אייך אין הויז? איצט פאַרשטיי איך, איצט ווערט אַלץ קלאָר... דאָס איז דער „גימל" פון זיין טאָגע־בוך! ער האָט געליטן פון גראַפּען. „צוגעשטאַנען און געבעטן". געווען אייפערזיכטיג אויף גראַפּען? וואָסערע אומזיסטע יסורים דער אָרעמער מענש האָט עס אַרויפגענומען אויף זיך אין זיינע לעצטע אומגליקלעכע פאַר מאַנאַטן... איר שווייגט... וועער ווייס? איך הויב אָן צו גלויבן אַז ער האָט מיט זיין לעבן באַצאָלט פאַר זיין... זיין, כ'ווייס ניט ווי עס אָנצורופן... דער שרעקלעכער טויט, ס'איז איצט איינפאַך: ער איז אַרומגעגאַנגען אַ צעטומלטער יענע טעג, ניט דערהערט, ניט דערזען... אָרעמער שיפּרין מיינער, צו וואָס זיך דערלעבט... ווי זאָגט איר „צוגעשטאַנען און געבעטן"... די ביכער־פּאָליצע דאָרט אויך... שיפּרינ'ס זיבן שטאָלצע ביכער זייט ביי זייט מיט גראַפּ'ס עלנד העפטל...

מיס ל.: איך מוז אייך דערמאָנען, מרס. שיפּרין, אַז איר זייט דאָך געקומען צוליב עטוואָס אַנדערש. וואָס איז אייער אבזיכט, וואָס אייגנטלעך פאַרלאַנגט איר פון מיר?

מרס. ש.: איר זייט געערעכט. אנטשולדיקט מיר. עס איז גאָר ניט לויט מיין נאַטור זיך אויף אַזוי ווייט צו פאַרגעסן. איין מינוט נאָר און איך וועל מיך באַהערשן. מיין אַבזיכט, יאָ, מיין אַבזיכט... איך בין געקומען נאָך זיינע בריוו... איר האָט זיינע בריוו, איך ווייס אַז איר האָט

בריוו פון אים... גיט מיר די בריוו. איך בעט אײַך, גיט מיר די בריוו...

מרס. ל.: נאָך וואָס דאַרפט איר די בריוו?

מרס. ש.: וואָס איז אײַך דער אונטערשייד? איר דאַרפט דאָך זיי סיי ווי סיי ניט... איר לעזט דאָך אים ניט. ווי אַזוי קומט איר בכלל צו אויפהיטן זיינע בריוו?

מיס ל.: עס איז אַ רעכטע פראַגע. איך וואָלט די בריוו ניט אויפ־געהיט. מיין שוועסטער האָט זיי פון מיר צוגענומען. זי האַלט זיי ביי זיך...

מרס. ש.: אײַער שוועסטער?

מיס ל.: יאָ, מיין שוועסטער איז אַ גרויסע פאַרעהרערין פון אײַער מר. שיפּרין, אויב עס אינטערעסירט אײַך. זי וועט זיך ניט וועלן שיידן פון די בריוו.

מרס. ש.: אָבער די בריוו זיינען דאָך ניט געשריבן געוואָרן צו אײַער שוועסטער. עס זיינען דאָך אײַערע בריוו. שענקט זיי מיר, איך בעט אײַך.

מיס ל.: איר ווילט פאַרניכטן די בריוו?

מרס. ש.: עס קאָן זיין...

מיס ל.: טאָ לאָמיר זיי פאַרניכטן גלייך דאָ.

מרס. ש.: ניין, ניט דאָ.

מיס ל.: איר ווילט זיי לעזן... פאַרוואָס זאָלט איר זיי וועלן לעזן? עס זיינען דאָך נאָך אַלעמען מיינע בריוו? געשריבן צו מיר...

מרס. ש.: יאָ, איך וויל זיי לעזן, איך מוז זיי לעזן, איר וועט מיך ניט פאַרשטיין... שרעקט זיך ניט פאַר מיר, איך ווייס סיי ווי זייער אינ־האַלט. איך ווייס, איך ווייס... ער האָט אײַך פאַרגעשלאָגן צו פאָרן מיט אים אין קאַליפאָרניאַ... צו באַזעצן זיך מיט אים אין זיד־אַמע־ריקאַ... ער האָט אײַך אָנגעבאָטן... זיין נאָמען, געוואָלט אײַך מאַכן פאַר מרס. שיפּרין... כ'ווייס נאָך און נאָך... איר זעט איך ווייס אַלץ... אַלץ... פריד האָט מיך באַקאַנט געמאַכט מיט דעם אינהאַלט פון די בריוו. איר האָט פאַר אים די בריוו געלעזן.

מיס ל.: ניט איך...

מרס. ש.: איז, פאַרשטייט איך, אײַער שוועסטער, אַבי איך ווייס.

מיס ל.: אויב איר ווייסט טאָ פאַרוואָס ניט פאַרניכטן זיי דאָ, גלייך אויפן אָרט, ווי מיר זיצן דאָ ביידע?

מרס. ש.: ניט איצט און ניט דאָ, און ניט זאַלבענאַנד... איך מוז זיך געבן עטוואָס צייט. עס קאָן זיין אַז איך וועל זיי פאַרניכטן... דאָס וועט זיין דאָס ערשטע און איינציקע מאָל אין מיין לעבן וואָס איך האָב פאַרניכטעט יעקב שיפּרינ'ס אַ וואָרט אָדער אַ בוכשטאַב. דאַן וועל

**איך אפשר פאַרניכטן ניט די בריוו אַליין... כ׳וועל פאַרניכטן... אַך, וואָס איך וועל פאַרניכטן!...**

מים ל.: **לעזט ניט די בריוו, איך בעט אייך... איך בעט אייך ווי אַ פרוי וואָס פאַרשטייט אייך... אויך איך האָב אַ מאָל דורכגעלעבט אַזאַ צושטאַנד ווי אייערער...**

מרס. ש.: **איר?**

מים ל.: **איך. אויך איך האָב פאַרלאָרן אַ געליבטן, מיין ערשטע יוגענט־ליבע...**

מרס. ש.: **געשטאָרבן?**

מים ל.: **ניין, ניט געשטאָרבן... פאַרלאָזן מיך... אַוועק מיט מיינער אַ פריינדין, מיין בעסטע פריינדין.**

מרס. ש.: (נאָך אַ לענגערער פויזע אין וועלכער זי באַטראַכט און פאַרשט דאָס ליידנדיק געזיכט פון מיס ל. און מיט אַ בליק אויף איר דינער און רייצנדער פיגור) **איר, איר האָט ניט פאַרלאָרן אַ יעקב שיפרין.**

מים ל.: (שפרינגט אויף) **איך האָב ליב געהאַט פיל שטאַרקער ווי איר אייער שיפרינען** (מיט טיפער איבערצייגונג) **אַ טויזנט מאָל שטאַרקער... אַזוי הייס און שטאַרק ווי נאָר בלוט און פלייש קאָן ליב האָבן... איך בין... נאָט אייך אייערע בריוו!... איך גיי אייך ברענגען די בריוו.** (זי פאַרלאָזט דעם צימער, עס הערן זיך פון אַ זייטיקן צימער דאָס קלאַפן און רוקן פון שופלאַדן. זי קומט צוריק מיט אַ פעקל בריוו וואָס זי לייגט אַוועק אויפן טיש) **דאָ האָט איר די בריוו, זיינע בריוו...**

(מרס. ש. באַטראַכט צוערשט פון דער ווייטנס דאָס פעקל, דערנאָך לייגט זי מיט אַ לאַנגזאַמער באַוועגונג אַרויף איר לינקע האַנט אויף דעם, בלייבט שטיין אַ ווייל, און קוקט אויף דעם. נעמט דערנאָך די בריוו צווישןביידע הענט אַזוי, אַז עס קוקט אויס ווי זי גייט זיי צערייסן, לייגט זי אָבער אַריין אין איר בייטל. זי קערט זיך דאַן אום צו מיס ל. קוקט איר גלייך אין די אויגן אַריין ווי איינע וואָס ישוב׳ט זיך וואָס צו טאָן אָדער זאָגן. זי פאַרלאָזט אָבער דאָס צימער אָן אַ וואָרט אָדער צייכן פון באַגריסונג. ביים אַרויסגאַנג בויגט זי אונטער עטוואָס איר קאָפּ כאָטש די טיר־איינגאַנג איז הויך גענוג פאַר אַ העכערע פערזאָן...)

(מיס ל. בלייבט אויף איר אָרט, בלויז די פינגער פון איר רעכטער האַנט באַוועגן זיך נערוועז...)

# חזקה

ביידע צדדים האָבן געשיינט צו זיין צופרידן איינער מיטן צווייטן: דער יונגערמאַן, מר. באַרט, וואָס איז געקומען דינגען דעם צימער, און די צוויי פרויען וואָס האָבן איצט געהאַלטן אין לאַכן פון זיינעם אַ וויץ. מען איז געשטאַנען טאַקע אין מיטן פון צימער וואָס ער איז געקומען נעמען. דער יונגערמאַן האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אָן עפּעס און אַ פרעג געטאָן:

— איז ניט דער אַריינגאַנג צום צימער דער ערשטער פון קאָרידאָר?

ניט וואַרטנדיק אויף זייער ענטפער איז ער אַרויס אַליין צו איבערצייגן זיך.

— איר פאַרשטייט, — האָט ער דערקלערט, — איך וויל אַ צימער מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג. דער ערשטער פון קאָרידאָר, און ווייט פון אייערע אייגענע צימערן. אַזוי אַרום הערט איר מיך ניט און זעט מיך ניט ביים אַריינגיין און אַרויסגיין.

די פרויען האָבן אים דערקלערט אַז ער דאַרף זיך ניט פילן ווי אַ פרעמדער אין הויז און ניט מורא האָבן אַז ער וועט זיי באַאומרואיקן.

— מיר זיינען דאָ די מייסטע צייט בלויז פרויען אין הויז, מיין מאַן איז אַ רייזנדער... מיר זיינען צוויי מוטערס און צוויי טעכטער...

— גערעדט האָט מרס. פיין, די אינגערע.

— איר זייט פיר פרויען, הייסט עס?

— ניין, דריי פרויען. — זי האָט געלאַכט וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען. — דאָס איז מיין מוטער, — האָט זי אָנגעוויזן אויף דער עלטערער פרוי, — און איך האָב אַ יונגע טאָכטערל פון 13 יאָר. זי איז איצט אין שולע. מיר וועלן פאַרלאַנגען „רעפערענס" פון אייך... איר פאַרשטייט דאָך אַליין...

ער האָט אָנגערופן דר. ברוין פון דער נאָענטער נאָכבאַרשאַפט. זיי האָבן קיין בעסערע „רעפערענס" ניט פאַרלאַנגט.

שוין גלייך נאָך די ערשטע פאָר טעג וואוינען ביי זיי האָט באַרט איינגעזען, אַז די פרויען האָבן אים ניט גענאַרט. זיי זיינען טאַקע

געווען די שטילע און איינזאַמע מענטשן ווי זיי האָבן זיך פאַרגעשטעלט צו זיין. זיי זיינען געווען אַזוי צופרידן ווען ער פלעגט אַריין אַמאָל צו זיי פאַרברענגען אַ ווײַלע. אפילו זיין בלויזער געפינען זיך ביי זיך אין צימער האָט זיי געמאַכט פילן היימלעכער.

באַרט האָט זיך זייער לייכט געקאָנט באַליבט מאַכן ביי מענטשן. אַ שיינער, געזונטער ברונעט, פול מיט לעבנסלוסט. אַלץ האָט אים פאַרשאַפט פאַרגעניגן. ער פלעגט צוריקקומען פון אַ בייזער זאַווערוכע ווי אַ ספּאָרטסמאַן פון אַ גוטער שפּיל, געקאָנט דערציילן פון אַן ענגן שוך אפילו מיט קענטיקער הנאה. דערצו האָט ער אויך געהאַט שיינע מאַניערן און אַזויפיל געמיינשאַפטלעכעס מיט יעדן איינציגן. עס האָט אים ניט געפעלט דער חוש גיך אויסצוגעפינען ווי זיך געמיינ־שאַפטלעך צו באַגיין מיטן אַנדערן. ניט ווי אַ פאַרלאַנג זיך אונטער־צושמייכלען צו יענעם, נאָר ווייל אַזוי איז עס פיל געמיטלעכער און פריילעכער.

די דריי פרויען האָבן זיך צו אים גלייך צוגעבונדן. די איינגסטע אַזוי גוט ווי די עלטסטע. און ער האָט זיך ניט ווייניקער צוגעבונדן צו זיי. זיי האָבן זיך געפילט ווי אייגענע מענטשן. מען וואָלט ניט געקאָנט גלויבן, אַז גאָר ניט לאַנג צוריק האָבן זיי אפילו איינער דעם צווייטנס נאָמען ניט געהערט. „ווייסט וואָס איך וועל דיר זאָגן", האָט מרס. פיין אַמאָל באַמערקט צו איר מוטער, „אונדזער באַרט געהערט צו דעם סאָרט מענטשן, וואָס מען פילט אַז מען קען זיי גוט פון ערשטן בליק אָן. דער גאַנצער מענטש ליגט אָפן אויפן פּנים". די אַלטע האָט איינגעשטימט און דערצו צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. „ס'איז דאָך טאַקע דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן. מיינע ווערטער". די קליינע טעלמאַ האָט אויך צוגעשטימט. די קליינע פלעגט אָפט באַנוצן זיך מיט אַן אויסדרוק פון די עלטערע און געטאָן עס אַזוי נאַטירלעך ווי, למשל, אַ כאַפּ טאָן אויף זיך אַמאָל איר מוטערס אַ שאַל.

די פרויען פלעגן אָפט דערמאָנען באַרט'ן אין זייערע געשפּרעכן. אַ סך צוליב דעם וואָס זייער לעבן איז געווען אַזוי שטיל און מאָנאָטאָן און ניט ווייניגער ווייל די גאַנצע געשיכטע איז נאָך געווען אַזוי פריש.

— דענקסטו ניט, מוטער, אַז באַרט וואָלט זיך געפּאַסט פאַר דאָראַן?

— האָט מרס. פיין געזאָגט איין אָוונט. דער געדאַנק איז איר איינגעפאַלן אין מיטן לעזן אַ בוך.

די אַלטע איז געזעסן און שווייגנדיק געשטריק און טעלמאַ איז געווען פאַרטאָן אין איר שול־אַרבעט. דער שיינער טיש־לאָמפּ האָט פאַרשפּרייט אַ זאַנפטע ליכט. די באָבע האָט אַרויפגעקוקט פון איר

שטריקן: — פאַר דאַראַ'ן? ניט קרום... — דאַראַ איז געווען מרס. פיינ'ס ליבסטע און געראַטנסטע קוזינע.ביידע עלטערע האָבן צו דער זעלביגער צייט באַמערקט ווי טעלמאַ'ס שיינע שוואַרצע אויגן גייען איבער פון דער מוטער צו דער באָבען — אַזוי שטאַרק פאַר־אינטערעסירט איז זי געווען אין דעם פאַרגעשלאָגענעם פּראָיעקט.

אין וואָכיגן טאָג, מיטאָגצייט, זיינען זיי אַלע געזעסן צוזאַמען אַרום טיש אין דעם זעלביגן עס־צימער. באַרט האָט געגעסן מיט זיי, ווייל ער איז צופעליג געווען אין הויז און זיי האָבן פונקט געהאַט צוגעגרייט זיינס אַ באַליבט געריכט. מען האָט שוין געהאַט אָפּגעגעסן נאָר מען האָט געהאַלטן אין פאַרענדיגן אַ שמועס. פּלוצלינג האָט זיך דאָס טיר־גלעקל מאָדנע שאַרף צעקלונגען. באַרט האָט מאָמענטאַל אָפּגעבראָכן זיינע ווערטער, אַזוי ווי דער עלעקטרישער שטראָם פון גלעקל וואָלט דורך אים אויך דורכגעלאָפן. ער האָט זיך גענומען אויפהויבן פון זיין אָרט נאָר טעלמאַ האָט שוין פאַרכאַפּט און זיך אַ לאָז געטאָן צו דער טיר מיט דער גאַנצער פלינקייט פון איר יונגן קערפּער. באַלד אָבער איז עס אַלעמען אויפפעליג געוואָרן וואָס די קליינע מאַכט אַזעלכע שווערע לאַנגזאַמע טריט צוריק איבערן קאָרידאָר. זי איז אַריין מיט אַ געזיכט ניט אירן. אָפּשטעלנדיג זיך פאַר באַרטן, אָבער אויסמיידנדיג זיינע אויגן, האָט זי געזאָגט:

— ס'איז צו אייך, מר. באַרט. אַ יונגע פרוי. — זי איז רויט געוואָרן און פאַרלאָזן דעם צימער נאָך פאַר אים.

באַרט האָט געפונען זיין גאַסט אין פאָדערצימער. ער האָט איר אַריינגעפירט אין זיין צימער און נאָך אַ פאַרמעלן קוש האָט ער געזאָגט:

— ביזט געקומען אַ האַלבע שעה פאַר דער צייט.

— 35 מינוטן, — האָט זי אים פאַרריכט.

— פאַרוואָס אַזוי?

— פאַרוואָס ניט אַזוי?

— דו ווייסט גאָר ניט פאַרוואָס ניט? — האָט ער געפרעגט, הגם ער האָט גוט געוואוסט, אַז עס איז אומזיסט איצט זיין אויס'טענה'ן זיך מיט איר.

— וואָס איז? — האָט זי געפרעגט, — כ'טאָר ניט? — זי האָט אים דוקא געוואָלט אַרויספירן פון געדולד. אַז ער האָט ניט געענטפערט האָט זי געביטן איר טאָן:

— אָט דאָס איז טעלמעלע? כ'האָב געוואָלט זען טעלמעלען. האָט זי שטענדיג אַזאַ קרומען פנים?

— האָט זי דיך באַגעגנט מיט אַ קרומער מינע?

— ניט צוערשט... צוערשט ליכטיג געשמייכלט. איידער זי האָט געוואוסט צו וועמען איך בין געקומען...

די פּלוצליכע איבערקערעניש אין טעלמאַ׳ס האַלטונג איז ניט געבליבן אומבאַמערקט פון די צוויי פרויען אין עסצימער. ווען זיי האָבן גענומען רופן דאָס קינד איז זי שוין געווען אַנטלאָפן צוריק אין שולע. זייענדיג זיי געבליבן זיצן אַ ווײַלע ווי געפּלעפּט. די עלטערע איז געווען די ערשטע איבערצוברעכן דאָס שווייגן.

— איך וואָלט עס אויף אים קיינמאָל ניט געגלויבט, אַזוי צו האַנדלען מיט אונז... מאַכן נאָך דאָס קינד צו עפענען די טיר פאַר זיין... איך וועל איר בעסער ניט אָנרופן...

— וואָס האָב איך דיר געזאָגט, מוטער, מען טאָר קיינמאָל ניט זאָגן אַז מען קען אַ מענטשן.

— ווען האָסטו עס געזאָגט? פאַרקערט, דו האָסט גע׳טענה׳ט אַז דו קענסט אים אויסגעבונדן.

מערקווירדיג, ביידע פרויען האָבן גלייך אָנגענומען, אַז עס איז ניט געווען אַ כשר׳ער גאַסט לויט זייערע באַגריפן.

— כ׳וועל דיר עפּעס זאָגן, מיין טאָכטער, זי איז דאָ ניט דאָס ערשטע מאָל... דעם שאַרפן קלונג האָבן איך שוין עטלעכע מאָל געהערט, דעם זעלביגן ריס מיטן גלאָק. וועמען האָט עס געקענט איינפאַלן ווער עס קלינגט. דאָס גייט שוין אָן אפשר נאָך פון דער ערשטער וואָך. ער האָט געזוכט אַ צימער גאַנץ פאַר זיך, און אָפּגעזונדערט צימער, געדענקסט?

— איך שטעל מיר פאָר וואָס בען (איר מאַן) וואָלט געזאָגט ווען ער וואָלט עס געוואוסט, — האָט מרס. פיין באַמערקט. — איך האָב אים נאָך היינט געשיקט אַ גערוס פון מר. באַרט׳ן...

— ער וועט מוזן אַרויסציען זיך פון דאַנען... ער קאָן דאָ ניט בלייבן מיט אונז, — האָט די אַלטע אַנטשלאָסן געזאָגט.

מרס. פיין האָט איינגעשטימט. זי האָט אָבער זייער באַדויערט אין געדאַנק וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. זי האָט געפילט אַז באַרט וועט זיי איצט פעלן אין זייער איינזאַמען לעבן. ס׳איז געווען אַזוי פריילעך מיט אים. זי האָט ניט באַדאַרפט גיין ווייטער צוריק ווי דעם לעצטן מיטאָג צוזאַמען, וואָס איז אַזוי שרעקלעך אָפּגעבראָכן געוואָרן פון אָט יענער חצופה׳שער פרוי. זי האָט געפילט אַ קאָכיגן כעס צו יענער אומבאַקאַנטער פרוי.

— וואָס פאַר אַ סאָרט פרויען זיינען זיי דאָס? — האָט זי געפרעגט איר מוטער, — וואָס האָבן גאָר קיין געפיל פון שאַנד ניט?

— כ׳וועל שווערן, אַז ס׳איז נאָך אַ פאַרהייראַטע פרוי אויך! — האָט די אַלטע געענטפערט.

— אַ פאַרהייראַטע פרוי, גלויבסטו!? — האָט מרס. פיין געשטוינט.

פאַר מרס. פיין זיינען ניט פרעמד געווען קיין שום סאָרטן ליבעס. זי האָט זיך אָנגעלעזן אויף איר לעבן מיט גענוג ראָמאַנען און זי האָט ניט איבעריג מקפיד געווען ווער דער שרייבער איז אָדער וואָסער בוך ס׳איז. זי פלעגט לעזן וואָס מען האָט איר געגעבן אָדער געראָטן אין ביבליאָטעק און איז קיינמאָל ניט שאָקירט געוואָרן מיטן אינהאַלט פון בוך, אַזוי לאַנג ווי דאָס, וואָס עס איז פאָרגעקומען איז געשען צווישן די טאָוולען פון בוך. — אויף דעם עקזיסטירן דאָך די ביכער. אין ראָמאַנען מעג אַלץ פאָרקומען: אַן אויסגעטראַכטער מענטש מעג זיך טאָן מיט אַן אַנדער אויסגעטראַכטער פערזאָן וואָס אים פאַלט איין. דאָ אָבער איז עס דאָך שוין גאָרניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך — אַ לעבעדיגע פרוי גיט אַ ריס מיט זייער גלאָק, איר יונג קינד עפנט איר די טיר, יענע רייסט איבער איר מיטאָגעסן, קומט זיך דרייסט צו זייער באַרט׳ן און נעמט אים אַוועק פון זיי...

— ער וועט מוזן מופן פון דאַנען, — האָט די אַלטע איבערגע־חזר׳ט. — ניטאָ ביי אונז קיין פלאַץ פאַר אַזעלכע באַזוכער. — אויך זי איז געווען אויפגעבראַכט אויף דער פרעמדער פרוי. — איך וועל נאָך היינט אָוונט ריידן מיט אים...

— וואָס וועסטו אים זאָגן?

— כ׳וועל שוין וויסן וואָס צו זאָגן, שרעק זיך ניט.

באַרט׳ס גאַסט איז ניט לאַנג פאַרבליבן ביי אים. אין אַ קורצע צייט אַרום האָבן די פרויען געהערט דאָס עפענען און פאַרקלאַפּן פון דער דרויסיגער טיר. פון הינטער דעם פאָרהאַנג פון זייער פענסטער האָבן זיי געזען דאָס פּאָרל גיין צו דער עוועניו צו. ס׳איז געווען אַ שיינע בלאָנדע פרוי. זיי האָבן געקוקט מער מיט שנאה און פאַראַכטונג ווי אויס נייגעריגקייט — אַ בייזע אָנשיקעניש, — האָט מרס. פיין גע־מורמלט, — וואָס וויל אַזאַ פרוי, וואָס זוכט זי?

די באָבע האָט דעמזעלבן אָוונט מיט באַרט׳ן ניט געקאָנט רעדן. ער איז געקומען צו שפּעט אין דער נאַכט. דעם נעקסטן מאָרגן איז שוין גאָר געווען אַן אַנדער סיטואַציע. גלייך אין דער פרי זיינען אָנגעקומען אין הויז אַ פראַכטיגער בוקעט בלומען פאַר דער באָבען, און אַ בוך פאַר טעלמאַ׳ן אין לעדער און אין גאָלד געבונדען, דאָס זיינען געווען

מתנות צו זייער געבורטסטאָג פון באַרט'ן. ביי באָבע און אייניקל איז אויסגעפאַלן די זעלבע געבורטסטעג. מען איז געווען איבעררעאַשט און אַנטציקט פון דעם פיינעם שטריך.

— נאָך אַלעם בין איך פאָרט געדעכט, — האָט מרס. פיין אויסגעשריען. — אַ מענטשנ'ס כאַראַקטער לאָזט זיך לייכט דערקענען.

איין טעלמא האָט ניט אַרויסגעצייגט איר געוויינלעכן ענטוזיאַזם ביי אַזעלכע געלעגנהייטן. האָט שוין די אַלטע ניט געקאָנט האָבן איר געפלאַנטן געשפרעך מיט באַרט'ן דעמזעלבן טאָג. מען האָט עס גע־מוזט דערווייל אָפּלייגן. ווי מרס. פיין האָט דערקלערט איר מוטער, האָבן זיי דאָך ניט קיינע באַווייזע אַז דאָס איז, וואָס זיי דענקען אַז עס איז. מען קאָן דאָך ניט קומען צו אַ מענטשן מיט טענות אויפ'ן סמך פון אַ בלויזן חשד. מוז מען וואַרטן דערווייל. די באָבע האָט זיך געוויס געפילט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער מאָראַל פון הויז, זי האָט אָבער געמוזט איינשטימען מיט איר טאָכטער.

— אַ שאָד נאָר וואָס אַזאַ פיינער מאַן ווי באַרט איז, איז אַריינגעפאַלן אין די הענט פון אַ בייזער פאַרפירערין, אַ מין גוירטי, געדענקסט, מוטער? — מרס. פיין האָט עס דערמאָנט איר מוטער אָן דער אומפאַרשעמטער העלדין פון אַ ראָמאַן וועלכן זי האָט איר אַמאָל פאָרגעלעזן. דאָ האָט זי זיך פאַרטראַכט. עס האָט איר גענומען אינטרי־גירן וואָס זי איז דאָ אַזוי פלוצלינג, אַזוי אומגעריכט געוואָרן אַזוי נאָענט צו דער שאָטן־וועלט פון ראָמאַנען אָדער „מואוויס". — אַ ראָמאַן ביי איר אין הויז, אין יענעם איצט געהיימען צימערל. און די העלדן פונ'ם ראָמאַן זיינען עס דאָס פאָרל ווי זי האָט געזען אַ טאָג צוריק — אַ שיין פאָרל איז עס געווען. אַ וועלט מיט געהיימניסן...

— איז איר דורכגעלאָפן דורכ'ן געדאַנק.

קיין וויטערע אַנטוויקלונג אין באַרט'ס ראָמאַן איז דערווייל ניט פאָרגעקומען, וואָס זאָל געבן דער אַלטער אַ געלעגנהייט צו אַ געשפרעך מיט אים. מען האָט אים ביי דער האַנט ניט געכאַפּט. מען האָט גע־וואוסט אַז „יענע" קומט צו אים אָבער ס'איז אַלץ צוגעגאַנגען שטיל און אָרדענטלעך. מען האָט איר ניט געהערט מער קלינגען און זי פלעגט מער ניט קומען ווען דאָס קינד איז געווען צו הויז. די פרויען אָבער, האָבן שוין געוואוסט ווען יענע איז געווען ביי אים אין צימער און זיי פלעגן זי אָפּט באַטראַכטן פון הינטער דעם פענסטער פאָר־האַנג. „ווילסט אַ קוק טאָן, מאַמע? — פלעגט מרס. פיין זאָגן, — די אַלטע פלעגט זיך דאַן שווער אויפהויבן פון איר שטול און צוגיין צום פענסטער. איצט האָבן זיי שוין געקוקט אויס ריינער נייגיעריקייט.

בארט׳ס באַזוכערין האָט זיך געשמאַקפול געקליידט. פלעגן זיי מאַכן באַ־מערקונגען איבער אַ נייער הוט, וואָס זי האָט געטראָגן אָדער עפּעס ענלעכעס און אַמאָל איבערן גאַנצן געשטעל.

די אַלטע אָבער האָט זיך נאָך אין גאַנצן ניט געהאַט באַרואיקט וואָס זי לאָזט אַזאַ זאַך אַנגיין ביי איר אין הויז און האָט איינמאָל אויסגעדריקט איר אומרואיקן געפיל צו איר טאָכטער.

— אפשר זאָל איך לאָזן וויסן בעני׳ן? — האָט די אינגערע גע־פרעגט.

— ניין, ניט בעני׳ן... מען דאַרף קיינמאָל ניט אָנווייזן אַ מאַן, וואָס אַנדערע מענער ערלויבן זיך מיט פרויען.

„מען דאַרף קיינמאָל ניט אָנווייזן אַ מאַן״... — האָט מרס. פיין איבערגעזאָגט איר מוטער׳ס וואָרנונג אָן אַ שום באַמערקונג. און דער־ביי איז עס געבליבן. בעני אַליין איז דערווייל אָנגעקומען פון זיין רייזע אויף אַ פּאָר וואָכן, און די צוויי מענער זיינען געוואָרן די בעס־טע פריינט. איינער פון אַנדערן זיך ניט געקאָנט גענוג אָפּלויבן. פאַר בעני׳ס צייט איז יענע ניט געקומען. ערשט איצט, זעענדיג ווי גוט איר פאָטער פאַרטראָגט זיך מיט באַרט׳ן, האָט טעלמאַ ענדלעך זיך אין האַרצן איבערגעבעטן מיט אים.

איין זונטאָג נאָכמיטאָג איז מרס. פיין אַרויפגעקומען פון גאַס אַן אויפגערודערטע פון עפּעס וואָס זי האָט נאָרוואָס בייגעוואוינט.

— דו ביזט געווען גערעכט, מוטער, זי איז אַ פאַרהייראַטע פרוי... איך האָב איר אָט נאָרוואָס געזען... מיט אירע צוויי קינ־דער, צוויי מיידעלעך, אַרום זעקס און אַכט יאָר אַלט... געזען איר מאַן אויך. זיי זיינען געקומען אויף אַ באַזוך צו דאָקטאָר ברוינ׳ען. זיי מוזן אַלע זיין דעם דאָקטאָר׳ס פריינט. כ׳האָב געהאַלטן אין אַרויסגיין פון דראָג־סטאָר, ווען איך האָב איר פּלוצלינג דערזען אין אַ קאַר, וואָס האָט זיך פונקט אָפּגעשטעלט פאַר׳ן סטאָר. יענע איז די ערשטע אַרויס פון קאַר און דערנאָך געהאָלפן אירע מיידעלעך אַרויסצוגיין פון קאַר. דער מאַן אירער איז געבליבן אַ ווײַלע פאַרען זיך אַרום דער קאַר. אָבער אנשטאָט אַריבערצוגיין די גאַס צום דאָקטאָר׳ס הויז, האָט זי זיך גאָר אַוועקגעלאָזן די פּאָר טריט צו אונדזער קאָרנער, געגאַנגען אין מיטן צווישן אירע טעכטערלעך האַלטנדיג יעדעס קינד ביים הענטעלע נאָענט צו זיך. אויפ׳ן קאָרנער האָט זי זיך אָפּגעשטעלט און געקוקט איבער די גאַנצע לענג פון אונדזער בלאָק צו אונדזער הויז אַרויף, צו אונדזערע פענסטער... אַ בלינדער וואָלט געקאָנט זען וואוהין זי קוקט. איין קינד האָט איר אַ צי געטאָן אויף צוריק...

צוויי מאָל האָט זי אויסגערופן צום קינד אומגעדולדיג: „העלען, העלען!” איידער זי האָט זיך אָפּגעריסן פון אונדזער שטילן בלאָק. אַזאַ אַנגעגנעמע שטימע אירע, — האָט מרס. פיין געענדיגט.

די אַלטע האָט געשטוינט און געשאָקלט מיט'ן קאָפּ: „אַזוי, אַזוי”... מרס. פיין אָבער האָט געפילט אַז איר מוטער קאָן איר ער־פאַרונג ניט באַנעמען, אַז זי באַגרייפט ניט די באַדייטונג פון יענער'ס אַרויפקוקן צו זייער הויז, צו זייערע פענסטער, זייער שייכות איצט מיט דער גאַנץ אומבאַקאַנטער פרוי, לעבן וועלכער זי איז געשטאַנען אַזוי ווי זי וואָלט זי גאָר געווען אַ ווילד פרעמדע... זייער שייכות מיט דער גאַנצער פאַמיליע... מרס. פיין האָט געפילט אַן אומבאַשטימטע צופרידנקייט מיט דעם וואָס זיי האָבן באַרט'ן ניט געמאַכט מופן פון זייער הויז אַזוי גיך ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער גע־שיכטע מיט דער פרוי. ס'איז, הייסט עס, ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַך, ס'איז אַווירקלעכע געשעעניש...

— זי האָט אַ שיינע, רירענדע שטימע, — האָט זי ווידער גע־זאָגט צו דער אַלטער.

דערווייל האָט מען זיך דערמאָנט אַז עס איז שוין אַ לענגערע צייט זייט יענע איז צולעצט געווען ביי זיי אין הויז. סיידן זי איז געקומען יענעם טאָג ווען זיי ביידע, מוטער און טאָכטער, זיינען אין הויז ניט געווען. — איז עס אויך שוין אַביסל צו לאַנג.

— מען טרעפט זיך מסתמא ערגעץ אַנדערש, — האָט די אַלטע פאַרשטאַנען, — דאָס וואָלט מיך גערעדט ניט געאַרט און אַמאָל קאָן זיך מאַכן, אַז עס איז שוין גאָר אויס.

— אויס? ניין, מוטער, דאָס קאָן ניט זיין. זי האָט אים צו שטאַרק ליב. דו האָסט ניט געזען ווי זי האָט אים געזוכט מיט אירע אויגן... זי האַלט אירע קינדער אַזוי זויבער. דער מאַן אירער אַ גאַנץ שיינער... — זי איז אַנשוויגן געוואָרן אַ ווייל און באַלד גע־פרעגט:

— פאַר וואָס זאָל עס זיין אַזוי? זי האָט אַזאַ מאַן, אַזעלכע ליב־טיגע קינדער, וואָס קומט זי זוכן דאָ? וואָלט ניט געווען גלייכער אַז זי זאָל האָבן געטראָפן אונזער באַרט'ן מיט אַ פּאָר יאָר פריער? פאַרשפּעטיגט אַ פּאָר יאָר... און דאָך קוקנדיג אויף זיי, איז זי דאָך מיט איר מאַן אויך אַ שיינע פּאָר...

מרס. פיין האָט זיך קיינמאָל פריער אַזעלכע פראַגן ניט געהאַט געשטעלט. זי האָט געלעזן און געהערט און זיך קיינמאָל ניט געפרעגט קיין פאַרוואָס און פאַר ווען. אַזוי קוקט מען אַמאָל אַרויס פון אַ

פענסטער אויף די מענטשן אונטן אין דער קאָכיגער גאַס וואָס גייען אַהער און אַהין, צוזאַמען אָדער איינציקווייז. מען קוקט און מען פרעגט זיך ניט וואוהין זיי גייען אָדער נאָך וואָס, פאַרוואָס אַליין, פאַרוואָס צוזאַמען? — פרעמדע מענטשן, וועמען גייט עס אָן? איצט האָט מרס. פיין דערפילט אַ שייכות מיט ווילד פרעמדע.

---

אַז עס איז אַריבער אַ וואָך און נאָך אַ וואָך און בארט'ס באַזוכערין איז נאָך אַלץ ניט געקומען, האָבן עס אונזערע פרויען געקאָנט דערקלערן נאָר דערמיט אַז דאָס פּאָרל טרעפט זיך ערגעץ אַנדערש. די פראַגע איז נאָר געווען, צוליב וואָס די ענדערונג?

גאַנץ אומגעריכט האָט זיך איין נאָכמיטאָג דערהערט דאָס קלינגען פון טיר־גלעקל אין דער געווייגלעכער צייט. מוטער און טאָכטער האָבן זיך איבערגעבליקט מיט אַ ברייטן שמייכל: „אַ גאַסט, אַ גאַסט", אַזוי ווי עס וואָלט זיי אַנגעטאָן גרויס פאַרגעניגן וואָס „יענע" איז ענדלעך געקומען. פאַר וואָס אָבער האָט זי איצט אָנגעקלונגען? זי פלעגט דאָך שוין קומען אָן באַרירן דאָס גלעקל. מסתמא פאַרגעסן די פראַצעדורע נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, האָט זיך אפשר דערמאָנט אין מיטן אָנקוועטשן פון קנעפּל און צוריקגעכאַפּט די האַנט, דאַרום איז עס אויסגעקומען אַזוי מילד, ניט אַזוי שרייעריש ווי אַמאָל.

מרס. פיין האָט זיך קוים דערוואָרט אויף יענער'ס אַרויסגיין פון הויז. זי האָט גע'חלש'ט כאַפּן אַ בליק אויף איר איצט ווען זי קען זי שוין אַזוי פיל נענטער. האָט זי זיך שוין באַצייטנס געשטעלט הינטער דעם פאָרהאַנג און געוואָרט.

— ס'איז ניט זי, מאַמע! — האָט זי אויסגעשריגן אין ביטערער ניט־פאַרשטייענדער אַנטוישונג.

די אַלטע האָט זיך אויפגעכאַפּט פון איר אָרט מיט אַן אימפּעט גאָר ניט אירן. אַזוי, אַז דער ווינגשטול האָט זיך דערנאָך געוויגט און געוויגט אַ שיינע ווײַלע...

— ס'איז ניט זי, — האָט זי באַשטעטיגט איר טאָכטער'ס ווערטער, — ס'איז אַנאַנדער פרוי... אַנאַנדער פרוי.

מוטער און טאָכטער זיינען נאָך געבליבן שטיין אויף זייער אָרט און קוקן אויף איר שווייגנדע, נאָכדעם ווי יענע איז צוריקגעגאַנגען, ווייל זי האָט אים ניט געטראָפן אין דער היים. גאָר אָן ווערטער האָבן זיי זיך שפּעטער געזעצט יעדע אויף איר אָרט. ענדלעך האָט מרס. פיין געזאָגט שטיל:

— פאַרשטייסטו שוין איצט פאַר וואָס זי האָט געקוקט מיט אַזאַ בענקאַשפט דעמאָלט צו אונזערע פענסטער אַרויף?... אפשר גע־גאַנגען צום דאָקטאָר אויך... זוכן אים דאָרט... אָרעמע פרוי, נע־בעך... אַזאַ פיינע פרוי ...

— כ׳האָב דיר געזאָגט אַז עס מוז שוין זיין אויס צווישן זיי, — האָט די אַלטע געזאָגט מיט אַ זיפץ.

— זי וועט דאָ אַ צווייטן מאָל ניט קומען! כ׳מיין די נייע, די נייע, די אומפאַרשעמטע... מע דאַרף עס קאָנען זיך אַזוי אַריינרוקן צווישן צוויי אַזעלכע... מיינסט, זי ווייס ניט, די נייע, פון יענער? פון דער ערשטער?

— אַז מיר ווייסן, ווייס זי... איך וועל אים זען נאָך היינט, מעג ער זיך קומען ווי שפעט...

— ניין, מאַמע, ניט דו, איך וועל מיט אים רעדן.

די אַנגעלעגנהייט האָט מען מער דעם טאָג מיט קיין וואָרט ניט באַרירט, הגם מרס. פיין האָט עס פון געדאַנק ניט אַרויסגעלאָזן. איינ־מאָל האָט זי זיך געכאַפּט אַז זי גייט עפּעס זאָגן. זי איז מיט די ווער־טער ניט אַרויס. זי האָט געוואָלט באַמערקן אַז מען טאָר ניט זאָגן אַז מען קען אַ מענטשן.

אַכט אַזייגער אין אָוונט האָבן זיי געהערט באַרט׳ן קומען. מרס. פיין האָט נאָרוואָס זיך גענומען צו איר קאָווע. אַזוי שנעל ווי זי האָט דערהערט אַז יענער איז שוין ביי זיך אין צימער איז זי אַוועק צו אים.

— דערענדיג דיין קאָווע, — האָט די מוטער איר נאָכגעשריען.

זי האָט זיך ניט אומגעקוקט. זי האָט געפילט אַז זי מוז זיך וואָס שנעלער באַפרייען פון איר לאַסט און אַז זי טאָר ניט אָפּלייגן אויף אַ מינוט שפעטער. זי האָט אָנגעקלאַפּט אָן באַרט׳ס טיר און אַריין. ער האָט זי באַגעגנט ווי געוויינלעך מיט אַ זייער האַרציגן שמייכל וועלכן זי האָט קיין אַכטונג ניט געשאָנקען, נאָר אין קאַלטע אָפּגעטאָקטע ווער־טער געזאָגט:

— מר. באַרט, מיר וועלן דאַרפן האָבן אייער צימער... כ׳מיין מיר דאַרפן עס שוין... פון מאָרגן אָן נאָך.

באַרט האָט זיך דערשפירט דורכגעדרונגען פון דער קעלט און שאַרפקייט פון דער פרוי׳ס האַלטונג. ער האָט ניט פאַרשטאַנען פון וואַנען עס קומט פלוצלינג צו איר אַזאַ האַלטונג. בלאַס און פאַרלאָרן, איז זיין גאַנצע שיינע פיגור ווי פאַר די אויגן קלענער געוואָרן. עס

איז אָבער ניט געווען מרס. פיינ׳ס אַבזיכט צו מאַכן אים פילן אַזוי עלנד.

— בארט, — האָט זי דאַרום אָנגעהויבן, — מיר איז אַ וואונ־דער אויף אייך, אַ ביטערער וואונדער. אַזאַ מאַן ווי איר זייט, אַזאַ פיינער, האַרציגער מענטש, זאָל זיך ערלויבן אַזוי צו האַנדלען מיט אַן ערענהאַפטער פרוי, אַ מוטער...

פון באַרט׳ס שטוינענדן בליק האָט זיך מרס. פיין געכאַפּט אַז ער שטויסט זיך ניט אָן וועמען זי מיינט: „איך מיין ניט זיך — האָט זי גלייך ערקלערט, און ניט מיין בכבוד׳ע מוטער... מיר האָבן אייך שוין לאַנג געהאַט פאַרגעבן. כ׳מיין יענער, יענער פרוי, יענע יונגע מוטער, אייערע געוועזענע באַזוכערין... וואָס דענקט איר, באַרט, מיר זיינען בלינד? מיר ווייסן גאָר ניט? — טרערן זיינען איר גע־קומען אין די אויגן. — איר, באַרט, זאָלט האַנדלען אַזוי... יעדע איינציגע פון אונז איז אַזוי צוגעבונדן געוואָרן צו אייך... פון אייך אַזוי הויך געדענקט״...

— אָבער איר ווייסט ניט, — האָט בארט געפּרואווט איינווענדן שטאַמלענדיג ניט ווייסנדיג וואָס צו זאָגן דער ערנסטער פרוי, — איר ווייסט ניט... ווייסט ניט... לאָמיר אייך...

— איך וויל ניט וויסן, איך ווייס גענוג, — האָט זי אים אונ־טערבראָכן און איבערגעלאָזן אים אַליין.

זי איז געגאַנגען איבערן לאַנגן קאָרידאָר צו איר עס־צימער מיט׳ן געפיל אַז דאָס האָט זי זיך אָנגענומען די קריוודע ניט נאָר פון יע־נער אומבאַקאַנטער פרוי אַליין, נאָר פון אַלע פרויען... „מען טאָר ניט דערלאָזן אַ מאַן ערלויבן זיך עפּעס אַזעלכעס״... — האָט זי גייענדיג צו זיך גערעדט.

זי איז געווען אין גאַנצן ערשעפּט און צערודערט ווען זי האָט זיך צוריק געזעצט לעבן איר מוטער.

— זאָל ער גיין, זאָל ער גיין, — האָט זי זיך גע׳חזר׳ט, אַ טיף אויפגערירטע פרוי, — געזונטערהייט, געזונטערהייט... וואו ער וויל. מען טאָר ניט דערלאָזן... מען טאָר ניט...

# אַ פרעמדער אַדרעס

עס איז געווען אָונטצייט נאָך אַ שיינעם זומערטאָג. גרין האָט שוין געהאַט פאַרבראַכט אַרום אַ האַלבער שעה איינער אַליין אויף אַ באַנק אין פּאַרק, ווען אַן אומבאַקאַנטער יונגערמאַן, פון זיין עלטער, האָט זיך צוגעזעצט לעבן אים. די יונגעלייט האָבן זיך צוערשט איבערגעבליקט, דאַן אויסגעטוישט אַ פּאָר געוויינלעכע ערשטע באַמער־קונגען און אין קורצן האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן אַן אמת האַרציגער געשפּרעך איבער אַלץ און אַלעם. גרין האָט אַליין גערעדט און געהערט דעם אַנדערן רעדן מיט דעם געפיל פון שאַרפער הנאה, וואָס ער האָט געפילט יעדעס מאָל ווען ער פלעגט עסן עפּעס מיט אַ גאַר גרויסן אַפּעטיט. זיי האָבן שוין געהאַט גערעדט אַזוי אַ שיינע צייט ווען דער יונגערמאַן האָט גרינען פלוצלינג אַ פרעג געטאָן:

— איר וואוינט דאָ אין דעם געגנט?

— ניין, ניט אין דעם געגנט, כ'וואוין ווייט פון דאַנען.

— מעג מען וויסן וואו? איך וואוין אַ בלאָק פון פּאַרק, אין...

— און ער האָט אָנגערופן זיין גאַס.

גרין האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט און גלייך אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

— איר וועט מיר גלויבן? איך האָב די ערשטע סעקונדע ניט געוואוסט וואו איך וואוין... עפּעס גאָר אַ פרעמדער אַדרעס, ניט מיין אייגענער, איז מיר אַרויף אויפן געדאַנק. מיין אייגענער אַדרעס האָט, אַזוי צו זאָגן, אָפּגעטרעטן דעם וועג דעם פרעמדן...

— די פראַגע איז צי איז טאַקע דער פרעמדער אַדרעס אַזוי פרעמד ווי איר האָט געמיינט? — האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט און אַ פינטל געטאָן מיטן אויג.

— עס איז אַ פרעמדער אַדרעס, אַ ווילד־פרעמדער; איך קאָן אייך דערציילן ווי אַזוי איך קום צום אַדרעס... איר ווילט הערן? — האָט גרין גענומען דערציילן. טאַקע דעמזעלבן טאָג, אינדערפרי און אין סטריט, האָט זיך זיין בליק אָנגעטראָפן מיט די אויגן פון אַן עלטערער

פרוי וואָס האָט געטראָגן צוויי גרויסע בעגס מיט גראָסעריס און גרינסן. ריכטיקער, זיין בליק האָט זיך גאָר אומבאַוואוסט פאַר אים אַליין אָפּגעשטעלט אויף דער פרוי, זי אָבער האָט געמוזט דענקען, אַז איר שווערער באַוועגן זיך צוליב דער לאַסט אויף איר, האָט עס צוגעצויגן זיין אויפמערקזאַמקייט. האָט זי צו אים געגעבן אַזאַ ליבן, שיר ניט שולדיקן שמייכל, אַזוי ווי ער וואָלט זי האָבן געפּאַקט גאָט ווייס ביי וואָס פאַר אַ זינד. מען קאָן זיך ניט העלפן, האָט זי זיך ווי פאַרטיידיגט, מען איז ניט מער יונג.

— איר האָט ווייט צו גיין ?

— איין בלאָק אין גאַנצן.

— גוט, וועל איך אייך העלפן.

די פרוי האָט זיך אַ ווײַלע געקווייגעלט און מיט אַ קאָקעטישן שמייכל פון גרויס צופרידנהייט אים דערלאַנגט דעם גרעסערן פון אירע צוויי בעגס.

— ניין, ניין, גיט מיר אויך דעם צווייטן בעג.

גייענדיג לאַנגזאַם ביי זיין זייט האָט זי אים דערקלערט, אַז איר יונגע טאָכטער האָט איר אָנגעזאָגט זי זאָל זיך למען השם ניט דערוועגן צו טראָגן די פּעקלעך אַליין, נאָר וואַרטן אין סטאָר אויף איר קומען איר צו העלפן.

— נו, האָב איך ניט געוואָלט וואַרטן, געוואָלט אַליין ברענגען, — האָט די פרוי געזאָגט מיט אַ שעלמישן וואונק, — זי וועט מיך...

— און טאַקע אין דער סאַמע רגע, — האָט גרין ווייטער דערציילט, — ווען איך בין אַריין צוזאַמען מיט דער אַלטער אין האָל פון זייער הויז, האָב איך דערהערט ווי מען טופּעט זיך לייכט און שנעל אַראָפּ איבער די טרעפּ פון די אויבערשטע שטאָקן. עס איז געווען דער פרוי׳ס יונגע טאָכטער. ווען די יונגע מיידל האָט אונדז דערזען, איז זי געבליבן שטיין אַ רגע אין מיטן פון די לעצטע טרעפּ. האָט אָבער באַלד פאַרשטאַנען די סיטואַציע פון איר מוטער׳ס טריאומפירנדיגן אויסדרוק און זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר אַרויסצונעמען די פּעקלעך פון מיינע הענט.

— ניט אַזוי שנעל, — האָב איך געזאָגט, געבנדיג אַ שאָקל מיטן קאָפּ, — איך טו ניט קיין האַלבע מלאכה, איך „דעליווער״ ביז צו דער סאַמע טיר.

— איין בעג כאָטש ?

— איין בעג אויך ניט, איך טראָג ביידע ביז אויבן.

האָט זיך פּענעלע — אַזוי האָט געהייסן דאָס מיידל — גוטמוטיג געמוזט אונטערגעבן און זיך געלאָזט פאַראויס. ער און די אַלטע האָבן

נאָכגעפּאָלגט. ער, גרין, איז געגאַנגען לאַנגזאַם געגוג צו האַלטן זיך לעבן דער אַלטער. פּעני, ניט מער ווי 17־18 יאָר אַלט, אַ שיין קינד, אָבער הויפּטזעכלעך מיט דער שיינקייט פון זיין אין רעכטן מיטן פון איר בליען, איז לייכט ווי אַ פויגל אַרויפגעפלויגן אויפן פערטן לעצטן שטאָק, געעפנט ברייט די טיר. דורך דער אָפענער טיר האָט גרין געקאָנט זען די נעטע און געמיטלעכע היים פון די צווי ליבע פרויען; די גריבע פלאַנצן אויף די פענסטער; דעם ערטערווייז אָפּגעבלאַקירטן טעפּיך, די שטילקייט, די רו און די זויבערקייט וואָס האָט זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן.

— איבערן שוועל גיי איך ניט, — האָט ער געזאָגט.

— סטייטש? — האָט די אַלטע געפרעגט, — איר ווילט זיך גאָר ניט אָפּרוען אַ ווײַלע ביי אונז?

די יונגע האָט גאָרניט געזאָגט נאָר איז געווען קענטיק אַנטוישט. האָט די אַלטע אים געזאָגט, אַז ער איז אַ זעלטן גוטער און איידעלער יונגערמאַן און דערביי אים באַגלייט מיט אַ פּאָר וואַרעמע ברכות. פּענעלע האָט אים באַדאַנקט ניט מיט ווערטער, נאָר מיט די אויגן און מיט אַ האַרציגן שמייכל. ווען ער איז אַרויס אין דרויסן, האָט ער באַטראַכט נייגעריג די סטריט און אויך ניט פאַרגעסן צו פאַרצייכענען אין געדאַנק דעם נומער פון הויז.

— דאָס איז געווען דער אַדרעס וואָס מיר איז דער ערשטער אַרויף אויפן געדאַנק ווען איר האָט מיך געפרעגט וואו איך וואוין...

— נו, וואָס האָב איך אייך גלייך געזאָגט?

— וואַרט אויס, איך בין נאָך ניט פאַרטיג, ווייט ניט פאַרטיג, — האָט גרין פאַרגעזעצט. — דאָס הויז, זייער הויז, מיין איך, איז אַ צוואַנציג בלאָק פון אַן אַנדער הויז, וואָס איך האָב געהאַט פאַרלאָזן אפשר אַרום צוואַנציג מינוט פריער. און, וועט איר גלויבן? אויך אַ הויז מיט צווי פרויען, אַ יונגע און אַן אַלטע, מוטער און טאָכטער...

גרין איז אַ ווײַלע שטיל געבליבן, אַ טראַכט געטאָן ווי אַזוי עס געגוי צו דערציילן. וואו זאָל ער אָנהויבן? מיט וועלכן? ער וועט אָנגעהויבן מיטן גאָר לעצטן, מיט דער לעצטער מינוט, ווייל וואָס ווייס ער וואו דער ריכטיגער אָנהויב איז? די לעצטע מינוט איז דוקא געשטאַנען איצט קלאָר און בולט פאַר זיין געדאַנק, געשטאַנען דעם גאַנצן טאָג: זיין בראָגז מיט דער טיר וואָס ער האָט פאַרקלאַפּט נאָך זיך. דער היסטע־רישער אויסגעשריי פון זיין פרוי פון יענער זייט טיר: „גיי! גיי! גיי צו!...” עס איז ניט געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס ער האָט געהערט אַזאַ אויסגעשריי. ער האָט אַפילו געקאָנט זען ווי אַזוי זי איז געבליבן

שטיין דאָרט, זיין יונגע פרוי, אויף יענער זייט טיר, אַ בלייכע, אַ ציטערנ־דיגע, מאָדנע האַרצרייסנדיג האָט אויסגעוויזן איר לײדנדיג געזיכט. און די אַלטע, איר מוטער? מסתמא געבליבן שטיין אָן ווערטער אַליין פאַרן פענסטער. די אַלטע האָט מורא זיך אַריינצומישן צווישן מאַן און ווייב, מורא אומזיסט, ווייל איר, דער אַלטער, האָט ער קיינמאָל גראָב ניט אָנגעטראָטן.

— יאָ, יאָ, — האָט זיך גרין צוריק געווענדט צו זיין ביי־באַקאַנטן, — ווי האָב איך דאָרט געזאָגט. „אויף צוויי פרויען". דאָרט אָבער האָט עס די אינגערע מיך אַרויסבאַגלייט מיט דער „ברכה", מיין ווייב, אויב איר ווילט וויסן. איר וועט זיך שוין אַליין אָנשטויסן וואָסער ברכה ס'איז געווען. די עלטערע האָט געשוויגן, נעבעך געשטאַנען אָן אַ זייט. איצט פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס מיין אויג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער אַלטער אין סטריט מיט די שווערע בעגס, אָפּגעשטעלט זיך אומבאַוואוסט־זיניג, ווי פאַר זיך אַליין. די ברכה איז געקומען פון דער יונגער.

גרין האָט געפּרואווט אַ לאַך טאָן:

— איך פרעג זיך אַליין: אויב די אַלטע, כ'מיין, די פרעמדע אַלטע, וואָלט געוואוסט פון דער פריערדיגער סצענע? אפשר וואָלט זי מיך אויך געבענשט?...

— אָבער פאַרוואָס האָט איר ניט געוואָלט אַריבערטרעטן זייער שוועל?

— איך האָב שוין אַמאָל אַריבערגעטראָטן אַזאַ שוועל...

— טאַקע? ווען?

— אָ, מיט אַ פּאָר יאָר צוריק...

— אַ פּאָר יאָר צוריק? און איר געדענקט עס נאָך?

— יאָ, ס'איז צום געדענקען... טאַקע זייער שוועל געווען, כ'מיין, מיין פרוי'ס און איר מוטער... ניט קיין ווייניג ליבלעכערע היים ווי די וואָס איך האָב היינט געזען, איר מעגט מיר גלויבן...

— איר האָט חרטה?

— חרטה?... ניין. איך גלויב, אַז אויב איך וואָלט געווען אַריבערגעטראָטן דעם איצטיגן שוועל, וואָלט זיך עס אויסגעלאָזן ניט פיל אַנדערש...

די צוויי יונגעלייט זיינען ניט לאַנג פאַרבליבן ביי דער זעלבער טעמע. נאָך אַ קורצן איבעררייס האָט זיך זייער געשפּרעך אויפסניי צעפלאַקערט, אַ געשפּרעך שוין פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. עס איז שוין געווען היפּש טונקל ווען זיי האָבן זיך אויפגעהויבן פון זייער באַנק. ביים אַרויס־

גאַנג פון פּאַרק האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, זייערע ריכטונגען זיינען געווען פאַרשיידן.

— זעט, מר. גרין, אַז איר זאָלט ווידער ניט פאַרגעסן אייער ריכ־טיגן אַדרעס...

— איך וועל ניט פאַרגעסן, קיין געפאַר ניט.

— איר וועט קומען שפּעט אַהיים...

— איך האָב געוואָלט קומען שפּעט.

— וועט איר ניט קריגן קיין סאַפּער.

— דאָס האָט איר ניט געטראָפן. סאַפּער וואַרט אויף מיר, נאָר איך וועל ניט עסן.

— פאַרוואָס?

— אַזוי בין איך... מיין מוטער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז איך בין ניט קיין גוט קינד...

די צוויי האָבן זיך וואַרעם געשיידט.

— ס'איז נאָך גוט וואָס ס'זיינען נאָך דאָ פרעמדע, אומבאַקאַנטע מענטשן אויף דער וועלט. — האָט גרין זיך געטראַכט אויפן וועג צו זיך אַהיים. — מיט פרעמדע מענטשן קאָן מען זיך אַמאָל אַזוי האַרציג אויסרעדן.

# אַ געפינס

מרס. אייב שאָר, א יונגע שיינע פרוי, פריצייטיג פאַרביטערט צוליב איר מאַנ׳ס פאַרצויגענער אַרבעטסלאָזיקייט, האָט זיך צוגעזעצט ביים טיש מיט איר מאָרגן־צייטונג. זי האָט זיך אפילו געהאט גע׳ישוב׳ט צי זי זאָל קויפן די צייטונג—א שאָד די פּאָר סענט, נאָר די אַלטע געוואוינהייט האָט גובר געווען. אַגב קאָן מען דאָך אַזוי ווייט זיך ניט לאָזן פאַלן—וואָסערע אַנדערע פאַרגעניגנס טוט זי זיך אָן?

דאָס ערשטע וואָס האָט אויגנבליקלעך צוגעצויגן איר אויפמערקזאַמקייט איז געווען אַ קעפּל: „אַ מאַן הויבט אויף פון ברוק אַ געפינס פון צוויי טויזנט דאָלער.“ אַ הייסע און גלייך נאָכדעם אַן אייז־קאַלטע כוואַליע האָבן דער פרוי אין האַרצן אַ זעץ געטאָן: „צוויי טויזנט דאָלער ברייט און אָפן אויפן ברוק און מענער וואָס שטויסן זיך אָן דערויף . . . פאַראַן גליקלעכע מענטשן, פאַראַן לייטישע מענער. . . און ער, איר אייגענער מאַן, דרייט זיך אַרום גאַנצע לאַנגע טעג איבער די גאַסן און גייט זיך גלייכגילטיג פאַרביי, ווי ניט אים מיינט מען, ניט זיינע ביזנעס!“

ס׳איז פאַר איר קיין סוד ניט געווען, אַז דעם גרעסטן טייל פון טאָג דרייט זיך איר מאַן אַרום איבער די גאַסן פון שטאָט, כאַפּט זיך אַריין אין זיין יוניאָן אויף אַ שעה אינדערפרי, און דערנאָך איז ער שוין אַ פרייער פויגל, שפּאַצירט אַרום, האָט מורא פרי אַהיים צו קומען, מורא פאַר איר. . .

זי איז געוואָרן בייגירדיג צו וויסן ווער אַזעלכער איז יענער מאַן, וואָס האָט געפונען דאָס געלט. זי וואָלט אויך געוואָלט זען ווי מען געניסט פרייד כאָטש ביי אַנדערע. און אין געדאַנק האָט זי זיך פאָרגעשטעלט די סצענע, ווי יענער מאַן ברייגנט די מציאה צו זיין פרוי און גיט זיך אַ זאָג: „ווי געפעלט דיר, מיין ווייב, די פּויטיקע? צו ווען האָסט דאָס געהערט? צו מיר, צו דיר, ס׳איז אונזערס . . . אונזערס!“ און יענע פרוי בעט: „דערצייל מיר, מיין מאַן, נאָך אמאָל, ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט?“ און צעגייט זיך פון נחת הערנדיג. נאָר צו וואָס דאָס ווען טרעפן? זי וועט בעסער זען ווי מען באַשרייבט עס אין דער צייטונג.

פרוי שאַר אָבער האָט אירע אייגענע אויגן ניט געקאָנט גלויבן, ווען זי האָט געלייענט, טאַקי נאָך אַלץ פון „קעפּל", אַז דער מאַן גיט איבער דאָס געלט דער פּאָליציי... האַ? אַן אַרבעטסלאָזער מאַן אויך... חדשים אָן אַרבעט? וואָס פאַר אַ וויסטער שלומיאל דאָס מוז זיין!

זי האָט גענומען לייענען די ערשטע פּאָר שורות פון טעקסט און זי איז אַזש אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט. „אייב שאַר, פון 55 איסט 18טער סטריט"... גענוג... זי האָט מער ניט געקענט לייענען. געוואַלד! ס'איז דאָך איר אייגענער שלומיאל! איר מאַן, איר אַדרעס. עס קען דאָך דאָ קיין טעות ניט זיין, ניטאָ קיין צוויי אייב שאַרס אין דעם הויז, ניטאָ נאָך אַזאַ טויגעניכטס אין דער גאַנצער וועלט!

זי איז געוואָרן ווילד פון פאַרדרוס. ווען האָט ער עס געקאָנט האָבן געטאָן? נעכטן, די דאַטע איז פון נעכטן, איינס אַזייגער נאָכמיטאָג. זעקס אַזייגער, פינף שעה שפּעטער, הייסט עס, האָט ער זיך אַריינגעשמוגלט שטיל ווי אַ קאַטינקע אין הויז, ווי קיין זאַך וואָלט ניט געוווען פאָרגעקומען. געקומען עסן דאָס אָוונטברויט, וואָס זי האָט פאַר אים צוגעגרייט, פאַר וועלכן זי האָט באַדאַרפט לייען. ער אליין ווייס אפילו ניט ווי אַזוי צו לייען אַ פאַר דאָלער ביי אימיצן. דעם ליבן דזשאָב לאָזט ער איבער פאַר איר. שוין מאָנאַטן ווי ער האָט אין הויז ניט אַריינגעבראַכט אַ סענט, ניט קיין פאַרדינטן, ניט קיין געליענעם. און דער שלימזל האָט עס צוגעטראָגן צוויי טויזנט דאָלער דער פּאָליציי... פאַרזאָרגט די ניו יאָרקער פּאָליציי. אַן ערלעכער מאַן! „אַנעסט אייב!" אָפּגעטאָן די גאַנצע זאַך שטילערהייט, דאָס דאַרף מען קאָנען! בשתיקה פון איר, בגנבה! בגנבה האָט ער אָפּגעטראָגן איר געלט דער פּאָליציי, יעדעס סענט איז דאָך אירער, איר בלוטיגע געלט, צוויי טויזנט דאָלער!...

די פרוי האָט געפילט, אַז זי וועט פּלאַצן דאָ צווישן די פיר ווענט. זי מוז גלייך זיך לאָזן לויפן צו זיינע שוועסטער, צו פרידאַ'ן, איידאַ'ן און גאָסי'ן. זאָלן זיי לעקן די פינגער פון זייער גערעטענעם ברודער.

זי האָט אַ כאַפּ געטאָן אירע שיך, איר קלייד, אָבער אינמיטן אַריינשטעקן איר פוס אין שוך אַריין האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי רעדט דאָך מיט זיי ניט, ברוגז מיט יעדער איינער פון זיי—טאַקי צוליב דעם גאַרנישט. זיי האָבן זיך נאָך אָנגענומען זיין קריוודע: זי מוטשעט, „נעגעט" אים כלומרשט. איר פוס איז דערווייל נאָר געבליבן האַלב שטעקן אין שוך. זאָל זי אפשר גיין צו איר אייגענעם ברודער? זי האָט אַ שמייכל געטאָן פון זיך דעם שוך ביי דעם געדאַנק. אַ שיין פנים וועט זי האָבן ביי איר ברודער. ערשט לעצטע וואָך גענומען ביי אים אַ פרישן צענערל,

וועט זי עס אים קומען ווייזן אַז איר ליבער „געמאַל" פאַרמאָגט ברוך־השם צו געבן דער שטאָט אַזאַ שיינעם געשאַנק.

זי וועט שוין מוזן בלייבן וואַרטן אויף אים, אויפן טויגעניכטס. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן זייגער—פאַלג מיך אַ גאַנג, וואַרטן ביז זעקס! זעקס אַזייגער קומט ער אַראָפּ, דער שטילינקער. מען הערט אפילו ניט די לעצטע צייט ווי אַזוי ער גנב'עט זיך אַריין אין הויז, שטעקט אַריין דעם שליסל אַזוי שטיל אַז מען זאָל ניט קאָנען הערן. נאָר פלוצלינג דערזעט מען, אַז ער איז דאָ, אַריין שטיל, אפילו אַן אַ גוט־אָוונט . . .

אַ מידע האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אין אָרם־שטול, אַליין ניט וויסנדיג ווי אויסגעמאַטערט זי איז.

„פאַרוואָס האָט ער עס געטאָן? פאַרוואָס האָט ער זי און זיך אַליין אומגליקלעך געמאַכט? זייער גליק איז דאָך געווען ביי אים אין דער האַנט. זיי וואָלטן דאָך אויפגעלעבט, די אויגן געעפנט," האָט דער פארדראָס אין איר ניט אויפגעהערט צו זידן.

זי האָט ווידער דערזען פאַר זיך די סצענע פון דער גליקלעכער פאַמיליע פון איר פאַנטאַזיע. זי איז געזעסן ווי אַ באַטויבטע, ווען מיט אַמאָל איז איר אַלץ קלאָר געוואָרן: איר צו להכעיס! ער האָט עס געטאָן איר אויף צו להכעיס, זיך אָפּגערעכנט מיט איר! זיך אַליין געשעדיגט אַבי איר אויך. ס'איז אָן שום צווייל נקמה אָן איר. . . דאָס איז דער סוד פון בייזן פייערל וואָס זי האָט לעצטנס באַמערקט אין זיינע אויגן, ווען זי דריקט אים צו צו דער וואַנט וועגן אַ תכלית. אָט דאָס בייזע פייערל האָט עס אָנגעצונדן די העלישע שרפה פון נקמה . . . אַלץ איז איצט קלאָר ווי דער ליכטיגער טאָג.

נקמה איז נאָך ניט געווען גענוג, האָט ער זי „אַדווערטייזט" פאַר דער גאַנצער וועלט. זי האָט זיך דערמאַנט, אַז פאַר זיין אַרויסגיין אינדערפרי האָט ער פאַרגעשלאָגן איר אַרויפצוברייגנען די מאָרגן־צייטונג. ער האָט מורא געהאַט טאָמער וועט זי אויסמיידן די גוטע בייס. „אַדווערטייזט" פאַר דער וועלט זיין לאַנגע אַרבעטסלאָזיגקייט, זייער גרויסע נויט וואָס זי האָט אַלע מיטלען אָנגעווענדט צו באַהאַלטן און פאַרבאָרגן פאַר לייטן. „אַדווערטייזט" פאַר דער וועלט, אַז זי האָט אַ מאַן אַ שלימזל. . . וואו וועט זי זיך איצט באַהאַלטן פון שאַנדע?

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער צייטונג, זי וועט עס צעפליקן אויף פיצלעך, פאַרניכטן איר שאַנדע. זי האָט זיך אָבער אויגנבליקלעך באַדענקט, אַז זי ווייס נאָך ניט אַלץ: וועד ווייס וואָס נאָך זיי האָבן דאָרט אָנדערציילט? זי האָט דאָך דעם אַרטיקל ניט דערלייענט ביזן

סאַמע סוף. אַלץ וואָס זי געדיינקט איז—„מאַנאַטן אַרבעטסלאָז, אין גרויס נויט.״ לאָמיר נאָר זען, האָט זי געטראַכט, ווי ער האָט אונז דאָרט אויסגעשמירט.

זי האָט אָנגעהייבן צוריק פון קעפּל אָן, ניט געוואָלט איצט דורכלאָזן קיין איינציג וואָרט. „אַ מאַן הייבט אויף...״ „אַ מאַן,״ האָט זי אַ ביטערן שמייכל געטאָן, „אויך מיר אַ מאַן״... און אַזוי לייענענדיג איז זי צוגעקומען צום טעקסט. „אייב שאָר, 55 איסט 18טע סטריט, ברוקלין״ . . . ברוקלין, ברוקלין . . . ווי קומט דאָ אינמיטן דערינען ברוקלין?—האָט זי זיך געפרעגט. ביים ערשטן מאָל לייענען האָט זי עס גאָרניט באַמערקט. מיט שאַרפע בליקן האָט זי גענומען דורכבויערן מיט אירע אויגן דאָס רעשטע פון טעקסט און איז אַזש בלייך געוואָרן . . .

„ס׳איז גאָר א ברוקלינער שאָר, ניט מיינער,״ האָט זי קוים אַרויסגעזיפּצט. „אַ ברוקלינער פאַמיליע, אַ ברוקלינער״ . . .

מרס. שאָר האָט פּלוצלינג דערשפּירט אַ שרעקלעכע ליידיגקייט אין זיך, ווי זי וואָלט גאָר איצט באַדויערט, וואָס עס האַנדלט זיך אין דער צייטונג גאָר פון אַן אַנדער פאַמיליע, אַ ברוקלינער פאַמיליע . . .

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן בעט און האָט זיך ביטער צעיאָמערט . . . „מיינע יאָרן, מיינע טעג, מיינע געפינסן!״ . . .

# אַ מעשה׳לע

— נאָך איין מעשה׳לע, מאַמעניו, דערציייל מיר נאָך איין מעשה׳לע!
— זאָל זיין גענוג, מיין אינגעלע, גענוג פאַר דאָס מאָל.
— ניט גענוג, מאַמעלע, נאָך איין, איין מעשה׳לע, איין שיין מעשה׳לע, דערנאָך וועל איך איינשלאָפן.
— כ׳קאָן דיר מער ניט דערציילן איצט... איך קאָן ניט... אַלע שיינע מעשה׳לעך האָבן זיך באַהאַלטן, ווילן ניט אַרויסקומען פון זייער באַהעלטעניש...
— פאַרוואָס זיך באַהאַלטן, מאַמעלע?
— זיי האָבן זיך אָפּגעשראָקן.

דאָס קינד שטעלט אָן אויף זיין מאַמען בלויע אויגעלעך גרויס מיט וואונדער וואָס וואַרטן אויף אַן ערקלערונג. די מוטער קוקט אַרויס דורך די אָפענע פענסטער אויף דעם קלאָרן הימל פון אַ הערלעכן זומער נאָכמיטאָג, גיט אַ זיפץ און זאָגט:

— די שיינע מעשה׳לעך האָבן דערזען אַ שוואַרצן וואָלקן אויפן הימל, האָבן זיי זיך אָפּגעשראָקן...
— דערזען אַ וואָלקן, ווען?
— היינט אין דער פרי... דו ביזט נאָך געשלאָפן אין דיין בעטעלע. שיינע מעשה׳לעך האָבן מורא פאַר שוואַרצע וואָלקנס...

די מוטער ווערט אומגעדולדיג ווען זי זעט אַז דאָס קינד גלויבט איר ניט.

— ביזט ניט אַ גוט אינגעלע, מאַטערסט אומזיסט דיין מאַמען... דער מאַמען איז שווער, שווער אויפן האַרצן... אַמאָל איז געווען אַ שלעכט אינגעלע... ניין, ניין, דאָס אינגעלע איז געווען גוט, גוט. די מאַמע איז ניט געווען גוט...
— די מאַמעלע ניט גוט? — דאָס קינד ווערט אויפמערקזאַם.
— יע, יע, מיין ליב, ליב קינד... עס איז געווען אַ שלעכטע מאַמעלע, ווייסט וואָס זי האָט געטאָן?
— וואָס האָט זי געטאָן?

— זי האָט אָפּגענאַרט איר אייגן אינגעלע...

— איר אייגן אינגעלע?

— יע, מיין קינד, אָפּגענאַרט איר אייגן אינגעלע. זי וואַרט אַ ווײלע, זוכט אין געדאַנק ווערטער — יע, זי האָט אים געזאָגט אַז ער הייסט שעפּסעלע... אָבער גערופן האָט מען אים וועלוועלע, וועל־וועלע...

— מעג מען דאָס?

— ניין, מען טאָר ניט.

— פאַרוואָס האָט זי אים אָפּגענאַרט?

— ווייל זי איז געווען אַ... שלעכטע מאַמע...

— טאָ ווי האָט זי אים גערופן?

— שעפּסעלע, שעפּסעלע. האָט דאָס אינגעלע געגלויבט אַז ער איז אַ שעפּסעלע.

— און וואָס איז געוואָרן?

— וואָס עס איז געוואָרן? — די מאַמע פאַרטראַכט זיך ווידער ווי צו דערמאָנען זיך. — געוואָרן אַזוי: איינמאָל אינדערפרי איז געקומען אַ פרוי מיט אויגעלעך וואָס זיינען אַרומגעלאָפן ווי מייזעלעך אַהין און אַהער, אַהין און אַהער... ווי קליינע מייזעלעך געזוכט אין אַלע ווינקעלעך... האָט זי געהערט ווי די מאַמע רופט איר אינגעלע שעפּסעלע, האָט זי געגעבן אַ קוק און אַ לאַך, אַ קוק און אַ לאַך...

— פאַרוואָס האָט זי געלאַכט?

— זי האָט געוואָלט לאַכן, האָט זי געלאַכט... ווען שעפּסעלע איז איינגעשלאָפן, האָט זי געזאָגט דער מאַמען: דו ווייסט, דיין שעפּסעלע זעט אויס ווי אַ וועלוועלע... אַ זאָג געטאָן און אַ לאַך...

— אָבער וואָס איז בעסער, אַ שעפּסעלע צי אַ וועלוועלע?

— אַ שעפּסעלע! — ענטפערט די מוטער, באַדענקט זיך אָבער גלייך און זאָגט שוין מיט ווינציגער זיכערקייט אין איר טאָן: אַ שעפּסעלע איז אַ שעפּסעלע און אַ וועלוועלע איז אַ וועלוועלע... — זי בלייבט שטיין אַ רגע און דערענדיגט: וועלוועלעך עסן שעפּסעלעך...

זי קוקט זיך צו נעענטער צום קינד און זעט אַז עס הערט זיך שוין ניט אַזוי אויפמערקזאַם צו. אַט, אַט וועט עס איינשלאָפן. בלייבט זי וואַרטן. דאָס קינד רייסט מיטאַמאָל אויף זיינע האַלב־פאַרמאַכטע אויגעלעך און פרעגט מיט אַ מאָדנער גלייכגילטיגקייט:

— מאַמעלע, וואָס איז אַ וואָלקן?

די מוטער טראַכט: ער וויל מיין געשיכטעלע ניט הערן, ס'געפעלט אים ניט...

זי לענט זיך צוריק אין איר שטול און נעמט זיך צוהערן צו דער שטילקייט אַרום. עס קומט איר פאָר אַז ניט נאָר אין איר אייגן הויז איז עס אַזוי שטיל, נאָר אויך אין די אַלע הייזער אַרום און אַרום. דאָס קינד אין זיין טיפן שלאָף, דוכט איר, איז איצט אַזוי ווייט, אַזוי ווייט. דורכן פענצטער זעט זי דעמזעלבן קלאָרן, באַרמלאָז־קלאָרן הימל ווי פריער.

— אָרעם, אומשולדיק קינד מיינס, — מורמלט זי שטיל, — ער וויל וויסן וואָס עס איז אַ וואָלקן.

זי פאַרדעקט איר געזיכט מיט אירע בײדע הענט אַזוי ווי זי וואָלט עס געוואָלט באַשירמען פון עפּעס... צוקונגען לויפן דורך איר לייב איינס נאָכן אַנדערן. זי הערט ניט אויף צו מורמלען:

— אָרעם, אומשולדיג אינגעלע מיינס... אָרעם אינגעלע, מיין, מיין, מיין... — און מיט גרויס אָנשטרענגונג זאָגט זי ענדלעך אַרויס:

— מיין שעפּסעלע... — און ברעכט אויס אין אַ שטילן צוריקגע־האַלטענעם יאָמער.

# בעלא

## 1

טיק־טאַק, טיק טאַק... האָט מאַנאַטאָן און אָן אויפהער געקלאַפּט דער זייגער פון זיין ווינקל, און בעלאַ האָט געוואוסט, אַז אויב זי וועט לאָזן נאָך פינף מינוט פאַרביילויפן וועט שוין זיין צו־שפּעט צו גיין באַגעגענען איר מוטער ביי דער באַן.

פאַר איר איז געלעגען איר ווייס קליידל וואָס מערי, די הויז־מיידל, האָט געהאָט אויסגעפּרעסט און עס צוגעגרייט פאַר איר זיך איבערצוטאָן. פאַר דער צייט האָט מערי שוין באַוויזן פאַרענדיגען די לעצטע קליינינקייטן אין שיין אויפגעראַמטן הויז, אַליין זיך געהעריג אָנטאָן און אַזוי אַראָפּלויפן וואַרטן אויף איר „מאַדאַם” אונטן פאַרן הויז.

ווען די פינף מינוטן זיינען פאַרביי, האָט זיך בעלאַ אויפגעהייבן פון איר שטול ביים פענסטער, גענומען דאָס קלייד און אַריינגעהאַנגען עס אין שראַנק. האָט זי דען די גאַנצע צייט ניט געוואוסט, אַז זי וועט ניט פאָרן צו דער באַן באַגעגענען איר מוטער? זעקס וואָכן ווי איר מוטער איז אַוועק, זעקס וואָכן... און זי, בעלאַ, האָט פאַרשפּילט דעם ליבן זומער... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איר מוטער האָט באַשלאָסן צו פאָרן אַזוי ווייט און אַליין, איבערלאָזנדיג די קלענערע קינדער ביי איר פאַרהייראַטער שוועסטער.

איר מוטער׳ס באַשלוס צו פאָרן אַליין איז געווען אַן אומגעריכטער קלאַפּ פאַר בעלאַ׳ן, וואָס האָט אַזוי שטאַרק געוואָלט זיין מיט איר מוטער. אויב פאַר איר מוטער׳ס געזונט איז געווען בעסער צו פאָרן אָן די קינדער, וואָלט איר בעלאַ דאָך ניט געשטערט. בעלאַ האָט דעמאָלט קיין וואָרט ניט געזאָגט. זי איז נאָר בלייך געוואָרן, געשוויגן און אין האַרצן באַשלאָסן צו בלייבן אין שטאָט איבערן זומער און אפילו ניט געזאָגט פאַרוואָס. אָט דער שטילער פּראָטעסט אירער האָט איר גלייך אַביסל באַרוהיגט.

שפּעטער, באַטראַכטנדיג גוט איר האַסטיגן באַשלוס, איז איר אויס־געקומען, אַז דאָס בלייבן אין שטאָט וועט נאָך אַלעמען גאָר ניט זיין אַזוי שלעכט. זי בלייבט אַליין מיט איר פאָטער. זי ווערט, הייסט עס, די צייט־ווייליגע באַלעבאָסטע פון הויז. זי האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי זי וועט צוזען איר פאָטער, עסן מיט אים אָפט ביינאַנד, ווערן מיטאַמאָל אַזוי פיל נענטער צו אים, פירן די שטוב אויף איר אופן און אין די אָוונטן אָפט אויפנעמען געסט. די לעצטע צייטן זיינען זייערע אָוונטן געווען גאנץ לעבעדיג. מאָריצקי, איר פאָטער׳ס אַ פריינט, האָט אַלעמען אַזוי אַמוזירט און זי איז דאָך מיט מאָריצקי׳ן אַזוי פריינטלעך, ער איז דאָך שיר ניט איר קאַוואַליר... פאַר־שטעלנדיג זיך דאָס אַלץ, איז איר דער באַשלוס צו בלייבן אין דערהיים איבערן זומער געפעלן געוואָרן, און אויפן געמיט איז איר לייכטער געוואָרן.

בעלאַ האָט אָבער געמאַכט מער ווי איין טעות אין חשבון. איר פאָטער איז אַהיים געקומען עסן נאָר די ערשטע פּאָר אָוונטן און דערנאָך שוין זעל־טענער און זעלטענער. אין הויז האָט ער שאַרפער געפילט זיין פרוי׳ס אָפּוועזנקייט און דאָס האָט געמאַכט ער זאָל זיך פארשפּעטיגן ביי זיינע געשעפטן, גיין זען באַקאַנטע, אָן וועלכע ער האָט שוין לאַנג געהאַט פאַרגעסן. און איר, בעלאַ׳ן, פלעגט ער כסדר שיקן צו איר טאַנטע אויפן לאַנד. מאָריצקי, ווידער, איז אָפּגעפאָרן געשעפטלעך אויף אַ פּאָר טעג; ער האָט אָבער שפּעטער געלאָזט וויסען איר פאָטער, אַז זיין רייזע האָט זיך פאַרצויגן, ווייל ער דיינקט צו באַזוכן זיין ברודער, וואָס וואוינט אין קאַנאַדע. קיין אַנדערע געסט זיינען אויך ניט געקומען: ס׳איז זומער און מען איז זיך צעפאָרן.

אָט דאָס האָט זיך אויסגעלאָזן פון בעלאַ׳ס פאָרשטעלונגען און פון איר שטילן פראָטעסט,—אַ דירה מיט פאַרלאָזענע צימערן, איינגעהילטע מעבל, און כמעט פון יעדן איינציגן דיזעלבע פראַגע: „פאַרוואָס עפּעס פאַר־בלייבן אין שטאָט איינע אַליין?״ אַנדערע האָבן דיזעלבע פראַגע איבער־געפרעגט אפשר צען מאָל. פון אירע צוויי אינגערע ברידער זיינען דערווייל געקומען אַזעלכע לוסטיגע בריוו צו איר און צום טאָטן. זיי האָבן אפילו ניט געפרעגט פאַרוואָס זי קומט ניט אַרויס צו זיי. אין זייער פאַרשטיפטן יום־טוב האָט זי זיי ניט געפעלט. פיל מאָל האָט זי זיך שיר ניט גרייט געמאַכט צו פאָרן צו זיי. די איינזאַמקייט, די צוועקלאָזיגקייט פון זיין אַליין אין הויז, האָבן איר געטריבן. די שיינע באַקאַנטע געגענט דאָרט האָט זי גערופן, געצויגן, זי האָט זיך אָבער צוריקגעהאַלטן, און אַזוי פאַרשפּילט דעם זומער....

דער זייגער אין ווינקל האָט געשלאָגן דריי, און בעלאַ׳ס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן. אין דער מינוט, האָט זי געוואוסט, איז איר מוטער׳ס צוג אָנגעקומען. זי האָט ווי מיט אירע אויגן געזען די סצענע דאָרט: ווי איר מוטער לאָזט זיך אַראָפּ פון די שטיגלעך פון וואַגאָן אַזוי רוהיג און ניט געאײלט, מיטן שטילן און טיפן גלאַנץ אין אירע שוואַרצע אויגן . . . ווי איר פּאָטער וואַרט אַזוי אומגעדולדיג, אַז ער באַמערקט אַפילו ניט איר, זיין טאָכטער׳ס, אָפּוועזנקייט. ער האָט אפילו פאַרגעסן אָפּצורעדן מיט איר אינדערפרי וואו זיך צו טרעפן, זיי זאָלן קענען פאָרן צוזאַמען . . . אַזוי גליקלעך צעטראָגן איז ער געווען מיטן קומען פון טייערן גאַסט.

זי, די מוטער, האָט איר זומער גוט פאַרבראַכט. בעלאַ צווייפלט ניט אין דעם. איז זי געוויס ניט דאַגעגן, פאַרגינט איר מוטער יעדע פרייד. דאָס שטערט איר אָבער ניט צו פאַרטראַכטן זיך אָפּט איבער דעם ווי אַזוי, ניט געזוכט און ניט געפּלאַנט, גיט זיך איר מוטער אַלץ איין, בשעת איר, בעלאַ׳ן, העלפן קיינע פּלענער ניט. און איר מוטער׳ס רייץ, און די געהיימע פייערלעך פון אירע אויגן ליגט עס איר קראַפט איבער אַלץ און אַלעמען, די קראַפט וועלכע זי, בעלאַ, זוכט אָפּט צו פילן אויף זיך.

בעלאַ האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אַ סצענע פון אַזוי לאַנג צוריק, נאָר וואָס זי קען דאָך ניט פאַרגעסן און וואָס קומט איר אָפּט אויפן געדאַנק. זי איז דאַן נאָך קיין פולע דריי יאָר ניט אַלט געווען. זי איז געלעגן אין איר מוטער׳ס שויס און זיך טוליענדיג צו איר האָט זי אַרויפגעקוקט צו איר מוטער׳ס ליבע שוואַרצע אויגן, וועלכע האָבן איר אַזוי געצערטלט. . . איר פּאָטער איז אַריינגעקומען. אַ רגע איז ער געבליבן שטיין און קוקן אויף מוטער און קינד, איז אָבער גלייך צוגעפאַלן קושן די מוטער, אין די אויגן, אין שוואַרצן גלאַנץ פון די אויגן, אָן אויפהער און מיט אַזוי פיל אַנטציקונג ביז וואַנען זי, דאָס קינד, האָט זיך צעוויינט. דער פּאָטער, ווי ער וואָלט זיך געמאַכט ניט פאַרשטייענדיג וואָס דאָ קומט פאָר, איז שווייגנדיג אַרויס פון צימער, אפילו קיין גלעט איר ניט געגעבן. די מוטער האָט יאָ פאַרשטאַנען. זי האָט זיך האַרציג צעלאַכט אויפן ביטערן געוויין פון איר קינד, האָט זי עס געגומען דריקן נענטער צו זיך ביז וואַנעןביידע זיינען ווידער געווען גליקלעך און פריילעך. און זי האָט געגומען דורשטיג קושן איר מוטער׳ס אויגן. אָט די דערינערונג האָט בעלאַ׳ן איצט מאָדנע גערירט. זי האָט געפילט, אַז אַלץ וואָס זי פאַרלאַנגט איז נאָר, אַז איר מוטער זאָל זי אויך איצט אַזוי ווייך און וואַרעם האַלטן ווי דעמאָלט. זי וואָלט דאַן באַשיצט געוואָרן פון אַלע בייזע ליידנשאַפטן.

איר מוטער . . . זי מוז איצט אויסקוקן ווי שטענדיג נאָך אַ זומער פאַרגעניגן אויפן לאַנד. נאָר פונקט דעמאָלט, ווען בעלאַ האָט אָנגעהויבן

זיך פאַרצושטעלן ווי איר מוטער זעט איצט אויס, האָבן זיך דערהערט באַקאַנטע שטימען הינטערן טיר. איבערהויפּט האָט מערי׳ס לוסטיגע שטימע זיך געהערט מער פון אַלע אַנדערע. און טאַקע אויגנבליקלעך האָט זיך די טיר געעפנט און מערי איז אַריין די ערשטע מיט אַ וואַליז אין דער האַנט און נאָר איר די מוטער.

זי האָט דאָס מאָל אויסגעזען ווי זי, בעלאַ, האָט זיך פאָרגעשטעלט. שיין, ווי געוויינלעך, אפשר נאָך שענער, נאָר דינער און בלייכער. אַזוי דין איז איר געזיכט קיינמאָל פריער ניט געווען. בעלאַ איז אַזש אויך בלאַס געוואָרן קוקנדיג אויף דער מוטער . . .

אַ רגע זיינען זיי ביידע געשטאַנען איינע אַנטקעגן דער אַנדערער אומאַנטשלאָסן. איינע האָט געפאָרשט אין דער אַנדערער׳ס אויגן ווער ווייס וואָס . . . זיי זיינען אָבער באַלד צוגעפאַלן איינע צו דער אַנדערער, איינ־געקרעמפּט זיך צוזאַמען און אויסגעבראָכן אין האַרציגן געוויין . . .

מר. גרין, בעלאַ׳ס פאָטער, איז דערווייל אונטערגעקומען אויך מיט אַ וואַליז אין דער האַנט און געפונען זיי נאָך אין יענער פּאָזע. אַ ברייטער צופרידענער שמייכל האָט זיך צעשפּרייט איבער זיין גליקלעכן פּנים. ער האָט זיך איבערגעבליקט מיט מערי׳ן. אין מערי׳ס אויגן זיינען אויך געשטאַנען טרערן גרייט זיך אַראָפּצוקייקלען. מר. גרין איז געווען זיכער, אַז מוטער און טאָכטער וויינען פון פרייד. בעלאַ וואָלט זיך אפשר גלייך ניט געקענט דערקלערן, וואָס עס האָט איר צו טרערן געבראַכט, נאָר אַז זי האָט זיך אָפּגעריסן פון איר מוטער האָט זי געפילט צום ערשטן מאָל, אַז זי איז מיטאַמאָל עפּעס אויסגעוואָקסן און אַז זי איז נאָר־וואָס געשטאַנען מיט איר מוטער ווי אַ פרוי מיט אַ פרוי, ניט ווי אַ קינד און מוטער.

:: :: ::

מיטן צוריקקומען פון מרס. גרין האָט אַלץ אויפגעלעבט, ווי זי וואָלט געווען די נשמה פון הויז. כאָטש זי איז געווען אַ שטילע פרוי און נאָך אַ שטילערע באַלעבאָסטע, האָט דאָך יעדער איינציגער געפילט איר אָנוועזנקייט און זיך עפּעס געפילט מונטערער אין איר געגנוואַרט. אַפילו מערי האָט איצט געאַרבעט לעבעדיגער.

אין הויז האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן פריינט, ווי זיי וואָלטן אין דער לופט דערשפּירט איר צוריקקער. אויך די צוויי אינגלעך, אַזוי גיך ווי זיי האָבן דערהערט אַז די מאַמע איז דאָ, האָבן זיי שוין ניט געוואָלט פאַרבלייבן לענגער מיט זייער טאַנטע און זיינען גלייך צוריקגעקומען אין שטאָט. אַלץ האָט זיך איינגעשטעלט אויפן פריערדיגן אופן.

דאָס נייע און צוגעקומענע איז געווען די אינטערעסאַנטע ענדערונג אין די באַציאונגען צווישן מוטער און טאָכטער. ניט נאָר זיינען זיי געווען איצט מער צוזאַמען, נאָר אַפילו געזוכט צו זיין מער איינע מיט דער אַנדע־רער. בעלאַ האָט תמיד ליב געהאַט די געזעלשאַפט פון איר מוטער. זי האָט אָבער געוויינלעך געפונען, אַז איר מוטער איז עפּעס צו גלייכגיל־טיג צו איר, און אַפילו איר פאָטער, האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז דאַנק־באַר געווען זיין פרוי פאַר יעדער ביסל צערטלעכקייט, וואָס זי האָט איר אַרויסגעוויזן. זייט איר צוריקקומען, האָט זי אָפט געפילט, אַז איר מוטער זוכט איר, ווי זי נויטיגט זיך כמעט אין איר. דאָס אַז פאַר איר געווען עפּעס ניי.

מרס. גרין גייט אָפט פאַרביי בעלאַ'ס צימער, קוקט אַריין און רופט צאַרט אויס: „בעלאַ?" אָט אַזוי זיך, ווייל זי זאָגט מער גאָרניט און גייט גלייך אַוועק. אויך בעלאַ פאַרקוקט אָפט צו איר מוטער וואו זי איז דאָרט, און רופט אויס: „מאַמע" און מער גאָרניט. און קיינע פון זיי פרעגט ניט: וואָס? ווען? אין ביידענ'ס שטימען קלינגט עפּעס נייעס, האַרציגס . . . בעלאַ'ס עמפּפינדליכער אויער האָט גלייך אויפגעכאַפּט איר מוטער'ס האַרציגן רוף, ניט געפרעגט קיינע שאלות נאָר עס האַרציג אויפגענומען, ווי עפּעס נאָך וואָס זי האָט לאַנג געבייגקט.

:: :: ::

אין אָוונט, אַרום אַ צען טעג נאָך מרס. גרינ'ס צוריקקער, האָט גרין אַריינגעפירט מאַריצקי'ן נאָך זיין לענגערער רייזע אין קאַנאַדע. ניט גלייך אַריינגעפירט, נאָר געלאָזט אים שטיין אַ ווײַלע אין פאָרהויז און פאַרגע־שלאָגן דעם עולם צו טרעפן וועמען ער גייט אַריינברײנגען. יעדער איינ־ציגער האָט געטראָפן, אַ חוץ מרס. גרין. מאַריצקי איז געווען דער באַליב־סטער גאַסט אין הויז. ער איז געווען דער איינציגער מענש וואָס האָט געקענט אפילו מרס. גרין אַרויספירען פון איר נאַטירלעכער צוריקהאַלטונג און מאַכן זי אָפט לאַכן ביז טרערן, וואָס דאָס אַליין האָט שוין פאַרגרעסערט די אַלגעמיינע לוסטיקייט, און מאַריצקי'ס פּרעסטיזש האָט זיך דערפון געהייבן אין אַלעמענ'ס אויגן. קיינער האָט ניט באַמערקט דעם שטומען פּראָטעסט און פאַרלעגנהייט אין מרס. גרינ'ס בליק, ווען זי האָט גענומען מאַריצקי'ס אויסגעשטרעקטע האַנט. מאַריצקי האָט איר בליק אויסגעמידן.

דערפאַר האָט אים בעלאַ אויפגענומען מיט אָפענער און גרויסער פרייד. וואָלט זי ניט אַבזיכטלעך אויסגעמידן צו דיינקען אָדער צו ריידן פון אירע זעקס איינזאַמע וואָכן, וואָלט זי אים געפרעגט, וואו ער איז געווען

יענע טעג, יענע לאַנגע צוועקלאָזע טעג, וואָס זי איז געווען אַליין? ווייל דאָס איז געווען איר אויגנבליקלעכער געדאַנק.

מאַריצקי האָט איר פעסט געדריקט די האַנט און געפרעגט: „וואָס מאַכט איר, אײַנגעשפּאַרטע?"

„אײַנגעשפּאַרטע!?" בעלאַ האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט מיט דעם. ס'איז דאָס ערשטע מאָל וואָס זי הערט פון אים אַזאַ אויסדרוק.

„וואָס עפּעס אײַנגעשפּאַרטע?" האָט זי געפרעגט, ניט באַהאַלטנדיג איר אומצופרידנהייט.

ער האָט ניט געענטפערט פאַרוואָס. צי ווייל ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן, צי ער האָט ניט געוואָלט. ער האָט געשמייכלט האַלב פאַרלעגן, האַלב שולדיג און זיך איבערגעבליקט מיט גרינ'ען. גרין האָט אים אַרויסגעהאָלפן:

„וואָס דען, ביסט אפשר ניט קיין אײַנגעשפּאַרטע?" און ווענדנדיג זיך צו מאַריצקי'ן, האָט ער געזאָגט:

„זי איז דאָך דעם גאַנצן זומער געבליבן אין שטאָט, ניט געוואָלט פאָרן. ווער איר גלויבן? איינע אַליין געבליבן." דאָ האָט ער דערציילט מאַריצקי'ן אַלע איינצעלהייטן פון דעם פאַל.

מאַריצקי האָט געשטויבט און געשאָקלט מיטן קאָפּ: „ווען איך וואָלט עס נאָר געוואוסט, וואָלט איך טאַקע ניט אָפּגעפאָרן. איך וואָלט איר געזאָגט: אָדער איר פאָרט אָדער מיר בלייבן ביידע דאָ."

בעלאַ האָט געלאַכט און געטראַכט, אַז אויף אַזאַ מאַן ווי מאַריצקי איז אַלץ צו גלויבן — אפשר וואָלט ער טאַקע פאַרבליבן. אויף אַזעלכן טראָגן לאַנג אַ פאַראיבל קאָן מען ניט. דאָך האָט בעלאַ ניט פאַרגעסן אָן זיין רופן איר „אײַנגעשפּאַרטע".

ווען מערי איז אַ ווײַלע שפּעטער אַריין מיטן טאַץ מיט טיי־מכשירים און דערזען דעם אומדערוואַרטעטן מאַריצקי, איז זי געבליבן שטיין אַ רגע אַזוי ווי גרייט אַראָפּצולאָזן די טאַץ אויפן פלאָר, פון אַנגענעמער איבעראַשונג. אַלע האָבן באַמערקט דער מיידל'ס פּאָזע און אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער. אפילו מרס. גרין האָט זיך ניט געקענט איינגאַנצן צוריקהאַלטן.

און ווידער האָט בעלאַ דורכגעלעבט איינעם פון יענע אָוונטן קורץ פאַר איר מוטער'ס אָפּפאָרן — אַלע שיינבאַר צופרידן, מיט שמועס, וויץ און געלעכטער. ווי דעמאָלט, אויך איצט האָט בעני, דער עלטערער אײַנגל, זיך אָפּגע'גנב'עט פון דער געזעלשאַפט און איז אַרויס אין גאַס. פאַר אים איז די הויז קיינמאָל ניט לעבעדיג גענוג; אַ הויז פול מיט געסט שטעלט אים אויך ניט צופרידן. ווי געוויינלעך, כאַפּט מערי אַ קוק פון צייט צו צייט

אין זאַל צו זען אויב מען דאַרף עפּעס, און עס איז היימיש און היימלעך.

בעלאַ וואַרפט אָפּט אַ בליק צו איר מוטער, נאָר טרעפט זיך זעלטן אָן מיט איר בליק. זי זיצט און שטריקט, רעדט ווייניג און קוקט אויס אַביסל נידערגעשלאָגן. זי וויל איר פרעגען די אורזאַך פון דעם ,נאָר זי לייגט עס אַלץ אָפּ אויף שפּעטער.

גרין באַמערקט פּלוצלינג, אַז מאַריצקי איז אַביסל צו פראַנטיש אויסגעקליידט. „כ׳וואָלט שווערן אַז מאַריצקי ווערט אַ חתן!" הערט אים בעלאַ זאָגן אין שפּאַס. זי ווערט רויט, ווייס אַליין ניט פאַרוואָס. איר פאָטער באַמערקט עס און ווענדט זיך צו איר:

„כ׳מיין ניט דיין חתן . . . מאַריצקי איז אפשר עלטער פון מיר, ניט אַזוי?" דאָס פרעגט ער שוין מאַריצקי׳ן אין ערנסט. „ער זעט אויס אינגער."

ביסלעכווייז ווערט שפּעט. אין דרויסן איז שטיל און טונקל. מייסטע פענסטער אָן ליכט. אין צימער ווערט אַ מינוט שטיל. עס איז אַ צופעליגע פויזע אין געשפּרעך. נאָר אָט דערהערט זיך פּלוצלינג אַ שטימע וואָס רופט אין דער נאַכט אַריין: בע־ני, בע־ע־ני! . . . עס איז מערי׳ס שטימע וואָס קלינגט אַזוי יונג און נאַאיוו, נאַאיוו און אויך ערנסט. די טרייע הויז־מיידל, כמעט איינע פון דער פאַמיליע, האָט זיך דערמאָנט אָן פאַרשפּעטיגטן בעני און רופט אים צוריק אין הויז אַריין פון איר קיך־פענסטער. בע־עני, בע־ע־ני! און עס דוכט זיך, אַז דאָס האָט מען אָפּגע־בראָכן דעם שמועס כדי צו קאָנען הערן מערי׳ס טרייען און נאַאיוון רופן.

„בעני קאָן זיך גאָרניט אָפּרייסן פון דער גאַס", זאָגט מר. גרין.

נאָך דער קורצער פויזע דערהערט זיך ווידער מאַריצקי׳ס קול. ער דערציילט וועגן זיינעם אַ ברודער, אַ פאַרמער אין קאַנאַדע, וועלכן ער האָט באַזוכט—אַ לאַנגזאַמע דערציילונג, ערטערווייז אַביסל אינטערעסאַנט, אָפּט ווערט ער אונטערבראָכן פון גרינ׳ס פראַגן.

בעלאַ הערט זיך צו פאַרטראַכטערהייט... נאָר פּלוצלינג האָט זי עפּעס אַ ציטער געטאָן. מיטאַמאָל האָט זי געהאַט דעם זאָנדערבאַרן געפיל אַז זי האָט אַ ציטער געטאָן דערפאַר, ווייל זי האָט דערשפּירט איר מוטער׳ס אַ ציטער. זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר. יענע איז געזעסן ביי איר אַרבעט און געצויגן די נאָדל אין דער לופט און אַליין געקוקט פאַר זיך ווי זי וואָלט זיך ניט צוגעהערט צום געשפּרעך.

אין דער אמת׳ן האָט זיך מרס. גרין טאַקע זייער ווייניג צוגעהערט. קאַנאַדע, קאַנאַדע . . . וואָס האָט זי צו טאָן מיט קאַנאַדע? . . . דעם גאַנצן לאַנגען אָוונט האָט זי זיך געפרעגט: „פאַרוואָס איז ער געקומען? ער

האָט דאָך איר היי׳ליג פאַרשפּראָכן ניט צו קומען . . . זי האָט פאַר אים דאָס אוממעגלעכע געטאָן... פאַרוואָס איז ער געקומען?... „מיט יעדן שטאָך פון נאָדל האָט זי אין געדאַנק איבערגעפרעגט: פאַרוואָס איז ער געקומען? . . . זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף בעלאַ׳ן. בעלאַ האָט איצט אויך געקוקט פאַר זיך. ווער ווייס אין וואָסערע ווייטקייטן געקוקט, רוהיג, זיכער, גליקלעך. און די מוטער האָט געביינקט נאָך איר טאָכטער׳ס רוהיגקייט.

:: :: ::

אַ גאַנצע נאַכט האָט מרס. גרין קוים פאַרמאַכט מיט אַן אויג. זי האָט זיך געפילט פאַרלאָרן און זיך געפרעגט: פאַרוואָס זי קאָן ניט, ווי אַ קליין קינד, אויפהייבן אַ געוויין? אפשר וואָלט זיך געפינען אימיצער וואָס וואָלט איר צוריקגעבראַכט וואו זי געהערט. ערשט מיט צוויי־דריי מאָנאַטן צוריק איז זי געשטאַנען אַזוי פעסט, אַזוי רוהיג, אַזוי פריי פון זאָרג, אַזוי גליקלעך. . . איצט איז אַלץ, אַלץ פון איר צוגענומען געוואָרן. און ווי אומבאַמערקבאַר דאָס אַלץ איז פאַרגעקומען! ביסלעכווייז, לאַנגזאַם, ביז זי האָט איין פאַלשן טראָט געמאַכט—און אָט וואו זי געפינט זיך איצט—אַן אויסגעגליטשטע! זי האָט געדיינקט אַז זי שפּילט זיך, גיט זיך נאָך אַ מאָמענטאַלן קאַפּריז . . . אַז אויך ער, מאָריצקי, איז ניט אויסן מער ווי זי . . . אַז זי וועט זיך קאָנען אָפּשטעלן וואו זי וועט וועלן און ווען זי וועט וועלן. זי האָט געמיינט, אַז מאָריצקי איז ווי איר מאַן, וואָס האָט איר נאָך קיינמאָל קיין זאַך ניט אַנטזאָגט, קיין איינציג מאָל ניט . . . ווער האָט זיך עס געקאָנט פאָרשטעלן, אַז מאָריצקי וועט זיך אַרויסווייזן פאַר אַזאַ הארטן, שטאָלענעם מענטש, וואָס וועט פאַרלאַנגען פון איר אַלץ מער און מער, איר גאָרניט וועלן נאָכגעבן, ניט דאָס קלענסטע . . . וואָס ער האָט געמאַכט פון איר . . . זי האָט ביי אים אַזוי ווייניג דעה געהאַט . . . דאָס איז דערפאַר—טענה׳ט ער — ווייל ער האָט איר אַזוי שטאַרק ליב. אָבער ווער וויל זיין ליבע . . . זאָל ער איר בעסער צורו לאָזן. זאָל ער איר לאָזן לעבן ווי זי האָט געלעבט איידער זי האָט אים דערקענט. ער האָט איר דאָך צוגעזאָגט צו לאָזן ווייניגסטנס דריי־פיר מאָנאַטן צורו, דערנאָך וואָלט זי שוין געזען, וואָס זי האָט צו טאָן. און מיטאַמאָל באַווייזט ער זיך ווידער, אפילו קיין וואָך ניט אָפּגעוואַרט. זי האָט געדאַרפט צוריקקומען אַהיים גלייך ווי זי האָט געהערט אַז בעלאַ האָט זיך אַנטזאָגט צו פאָרן מיט די אַנדערע קינדער. ווען בעלאַ וואָלט עס געוואוסט . . .

מאָדנע, זי האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן פאַר איר טעכטערל, בעלאַ׳ן... מיטוואָך וועט ער געוויס ווידער קומען . . . ער ווייס, אַז עס איז מערי׳ס פרייער טאָג, די קינדער זיינען אויך ניטאָ אין הויז . . . זאָל ער

קומען. זי וועט אים זאָגן, אַז אויב ער לאָזט זי ניט צורו, וועט זי עפּענען איר גאַנץ שווער האַרץ פאַר איר מאַן. זאָל ער, איר מאַן, טאָן מיט איר וואָס ער וויל . . .

זי האָט געפילט, אַז דאָס איז דאָס איינציגע וואָס איז איר געבליבן צו טאָן. זי וועט זיך איבערגעבן אין איר מאַנ'ס הענט. איר מאַן איז דער איינציגער וואָס קאָן איר העלפן . . . מיט אָט דעם געדאַנק איז זי ענדלעך איינגעשלאָפן ווען עס האָט שוין גענומען טאָגן.

מיטוואָך איז מאַריצקי געקומען, ווי זי האָט דערוואַרט.

דעמזעלביגן מיטוואָך איז בעלאַ געזעסן אין איר צימער און געלייענט. זי איז געווען אַוועק צו איר מוזיק שטונדע, נאָר האָט זיך באַלד צוריק־געקערט, ווייל איר לערער האָט זי פונקט דעם טאָג ניט געקאָנט אויפנעמען. זי איז אַריין שטיל אין הויז און זיך גענומען גלייך צו איר ראָמאַן, וואָס זי האָט געהאַלטן אין לייענען. ס'איז געווען אַ שיינער העלער טאָג און אויפן געמיט איר איז געווען אַזוי לייכט. ניט קוקנדיג אויף אירע פופצן יאָר, האָט זי ניט אָפט געפילט זיך אַזוי רוהיג ווי איצט. עס פלעגט שוין שטענדיג עפּעס פּאַסירן, וואָס האָט איר געשטערט און געערגערט. צוליב דעם טאָקע, ווען אַ גוטע שעה פלעגט אַמאָל קומען, האָט זי עס אומגעוויינלעך שאַרף און דאַנקבאַר געפילט. ווי דורך אַ קרישטאָלענעם טייכעלע האָט זי דורכ־געקוקט דורך איר גאַנצן וועזן ביז צום גאָלדענעם דעק פון איר יונגן האַרצן און געפונען אַלץ העל, קלאָר און ליב. אין דעם קלאָרן צושטאַנד האָט יעדעס וואָרט וואָס זי האָט געלייענט אָפּגעקלונגען צאַרט אין איר און דערוועקט אַזעלכע נייע געדאַנקען, אַזוי ווי זי וואָלט פּלוצלינג אָנ־געהויבן צו זען זאַכן מיט אַנדערע, ניט געוויינלעכע, אויגן.

בעלאַ שטעלט זיך אָפּ אויף אַ שטעלע אין בוך, וואו דער יונגער ליבהאָבער געפינט אויפן טיש פון זיין חבר דאָס בילד פון דער יונגער מיידל וועלכע ער ליבט דערוויל בסוד פון אַלעמען, אַ חוץ פון איר אַליין . . . דער חבר איז דער העלדינ'ס ברודער און דאָס בילד האָט ער נאָר וואָס דערהאַלטן פון לאַנד וואו יענע געפינט זיך איצט. אַ יונגע שיינע מיידל זיצט אין וואַלד אין אַ האַמאַק און קוקט פאַר זיך ווייט, איבער די בוימער, פעלדער און שטרעקן, וואוהין? . . . דער יונגערמאַן ווייס וואוהין. ער קוקט, און זיין האַרץ קלאַפּט אַן ענטפער . . .

בעלאַ ווערט באַצויבערט פון דער געהיימניס פון דער גאַנצער זאַך: ווי יענע צוויי האָבן דאָ פּלוצלינג אַנטדעקט אַ נייע געהיימניספולע וועלט, אַ וועלט פאַר זייביידן, וואו איין מענטש ווערט טייערער ווי אַלע בערג און טאָלן, טייערער ווי די בלומען, ווי יעדער אַנדער מענטש, יאָ, ווי יעדער

אַנדערער. יענע מיידל, באַמערקט זי, איז ניט מער ווי זיבעצן יאָר אַלט. רואיג קוקט זי פון בילד אַרויס. בעלאַ׳ן געפעלט זייער ווי דער שרייבער שילדערט די רוהיגקייט פון דער דערוואַרטונג: דאָס וואָס איז פאַראויס איז אַזוי זיכער צו קומען און אַזוי געהיימניספול שיין, אַז פון וואַרטן אַליין ווערט אַזוי זיס, אַז עס ווילט זיך וואַרטן און וואַרטן ביז וואַנען יענע טירן וועלן זיך עפענען פון זיך אַליין. יענע מיידל, זאָגט דער שרייבער, דיינקט, אַז זי טראָגט זיך אַזוי געלאַסן איבער אַ וואונדערשיינעם שטילן וואַסער צו אַ צויבערהאַפטן און אומבאַקאַנטן וואַלדיגן ברעג . . .

אין איר איצטיגן צושטאַנד פאַרשטייט בעלאַ יענע מיידל אויסגעצייכנט. זי פאַרמאַכט דאָס בוך אויף איר פינגער און לייגט עס אויפן שויס. די מיידל אין האַמאַק האָט איר דערמאָנט, אַז זי אַליין האָט דעם זומער פאַרשפּילט. אָבער די דערראַינערונג שטייגט אויף אין איר איצט ווי אַ לופט־בלאָז אין אַ קרישטאָלענעם וואַסער און ווערט ניט פון זיך אַליין. אין איר לייכטן זיפץ וואָס באַגלייט די דערראַינערונג געפינט זיך קיין טראָפּן ביטערקייט ניט. זי גייט לייכט איבער צו אַנאַדער געדאַנק, אַז איר זיצן אַזוי מיט דעם בוך אויף איר שויס איז אַזוי ענלעך צום זיצן פון יענער מיידל אין בוך. דיינקט אימיצער פון איר? ווער קאָן עס דיינקען פון איר? מאַריצקי אפשר? . . . און זי פילט אַז זי ווערט רויט, ווי אַ רויטער עפּל . . . זי דערמאָנט זיך ווי זי איז אויך רויט געוואָרן יענעם אָוונט, און זי קאָן ניט פאַרשטיין פאַרוואָס. גלאַט אַזוי, ענטפערט זי זיך. ווייל דער געדאַנק וועגן מאַריצקי׳ן איז געקומען אַזוי אומדערוואַרטעט, ווי פון זיך אַליין. זי האָט פון מאַריצקי׳ן ניט געהאַט געדיינקט.

זי וויל זיך צוריקנעמען צו איר בוך, נאָר איר דאַכט זיך, אַז זי האָט דערהערט אַ זשום פון שטימען ערגעץ דאָ דערביי. ווי איר דוכט, האָט זי שוין פריער אויך געהערט דאָסזעלבע. ניין, עס האָט זיך איר ניט אָפּגעדוכט און עס קומט ניט פון דרויסן. ס׳איז פון אינעווייניג, אימיצער איז דאָ אין הויז. זי איז ניט אליין. גלייכצייטיג דערמאָנט זי זיך אַז זי האָט טאַקע געהערט פריער אַ שוואַכן קלונג—האָט מען עס טאַקע געקלונגען ביי זיי . . . טאָ ווער האָט געעפנט? פלוצלינג גיט איר אַ מורא׳דיגער זעץ אין האַרצן. זי שפּרינגט אויף פון אָרט און לאָזט זיך לויפן צום זאַל צו.

„מוטער!”—שרייט זי אויס ווילד און מיט אַלע אירע כוחות, ווען זי דערזעט איר מוטער קומען האַסטיג צו איר צו.

„בעלאַ!”—ענטפערט די מוטער, ניט ווייניגער אויסער זיך ווי איר טאָכטער.

ביידע בלייבן שטיין א רגע. בעלאַ הויבט שוין אָן צו גלויבן, אַז זי האָט געמאַכט אַ שרעקלעכן טעות און זי וויל צוגיין צו איר מוטער, ווען זי דערזעט מאַריצקי'ן, וואָס האָט זיך אויפגעהייבן פון זיין שטול. מיט אַמאָל האָבן זיך דאָ ווי די הימלען געעפענט פאַר בעלאַ'ן. אַלץ איז קלאָר געוואָרן, ווי דער העלער טאָג, אַלץ אין איין מאָמענט . . . דער גאַנצער זומער זייערער דאָרט, דאָס אומפאַרשטענדלעכע פון פאַר דעם פאָרן, פון דער גאַנצער צייט, פון נאָכן קומען . . . אַלץ, אַלץ, אַ לאַגע געשיכטע דערציילט אין איין שרעקלעכן אומגליקלעכן מאָמענט.

בעלאַ האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַרן קאָפּ, אַ וואָרף געטאָן איין שווידערנדיגן בליק אויף איר מוטער, אַ קאָנוואולסיוון טרייסל געטאָן מיט איר גאַנצן יונגן קערפּער און זיך א לאָז געטאָן צוריק אין איר צימער אַריין.

אַ צייט איז זי געזעסן און געלעגן אויף דער דילע פאַר דער טיר אין איר צימער, מיד און מאַט פון דער איבערלעבעניש. זי האָט געהערט דאָס קלאַפּן אין דער טיר, דאָס דרייען פון דער קלאַמקע. זי האָט פאַרשטאַנען, אַז ביידע, איר מוטער און מאַריצקי, שטייען הינטער דער טיר, וואָס זי האָט געהאַט פאַרהאַקט נאָך זיך אין רעכטן אימפּעט פון אריינלויפן צו זיך. זי האָט געהערט איר מוטער רופן:

„בעלאַ, בעלאַ, עפן."

„ניין, ניין, ניין!"—איז געוועזן אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט ענטפערן, ביז וואַנען מען איז אָפּגעטראָטן. זי האָט מורא געהאַט זיי צו זען, איר מוטער אַליין אפילו. „ניין, ניין!" האָט זי געענטפערט שפּעטער, ווען איר מוטער פלעגט צייטנווייז צוקומען און פּרובירן ווידער עפענען די טיר.

און אָט האָט זי דערזען איר בוך אויף דער דילע ניט ווייט פון זיך וואו עס איז אַרויסגעפאַלן פריער פון אירע הענט, האָט זי אָפּגעווענדעט פון דעם אירע אויגן. וואָלט זי איצט כוח געהאַט וואָלט זי דעם בוך ערגעץ פאַרשמיסן, עס זאָל איר מער אונטער די אויגן ניט קומען. דאָס וואָס זי האָט נאָר וואָס בייגעוואוינט האָט פאַרטריבן אויף אייביג יענע שיינע יונגע פאַר. איצט האָט זיך איר געדוכט, אַז אין דעם בוך האַנדלט זיך גאָר פון דער פאַר אין זאָל דאָרט . . . געשריבן פאַר זיי, וועגן זיי . . . ווי אויטאָמאַטיש האָט זי זיך שפּעטער דערשלעפּט צו איר בעט און נאָר דאַן ווען זי האָט דערפילט אונטער זיך איר באַקאַנטן געלעגער האָבן זיך אירע אויגן געעפנט.

טרערן האָבן גענומען פליסן אָן אויפהער, ביז וואַנען איר האַרץ האָט זיך דערוואָרעמט און זי האָט דערפילט ווי שלעכט אַלץ איז. איר פאָטער, איר ליבער פאָטער! ווי אומדערבאַרעמלעך, ווי עלענד! ער ווייס

נאָך פון קיין זאַך ניט. ער מיינט, אַז ער איז נאָך גליקלעך. דעם פרימאָרגן האָט זי אים געזען, קורץ פאַר זיין אַוועקגיין. ער איז געווען אַזוי צופרידן, ער האָט אונטערגעזונגען, באַדויערט וואָס צוליב געשעפטן וועט ער דעם אָוונט ניט קאָנען זיין אין הויז . . . טראָגט איר מאַמע׳ס בילד אין זיין זייגערל, אין זיין בריפטאַש, האַלט עס אויך אויף זיין שרייבטיש . . . אָט אַזאַ מזל האָט זי שוין, אַלע פאַר איר און מיט איר. אפילו דער קליינער עדי, דער אינגסטער ברודערל, אויך. אויף עדי׳ן זאָגט מען אין שפּאַס, אַז ער האָט זיך נאָך ניט אַנטוואוינט פון זיין מוטער. אָרעמער עדי, וואָס פאַר אַ פּנים זיין האָבן איצט אַלע. זי דאַרף זיי קיינעם ניט, האָט זיי קיינמאָל ניט באַדאַרפט. איר פאָטער איז שולדיג אין אַלץ. דורך זיין בלינדער באוואונדערונג פאַר איר זיינען זיי אַלע פאַרבלענדט געוואָרן . . . אָבער טאַקע אָט די בלינדע באַוואונדערונג פון איר פאָטער צו איר מוטער האָט מיט אַמאָל אויפגעהייבן אַ כוואַליע פון מיטלייד צו אים, וואָס האָט פאַרפלייצט איר גאַנצן וועזן. איצט האָט זי געזען נאָר אים, איר אָרעמען פאָטער.

זי איז אויפגעשפרונגען אין איר בעט. אָט דאָס קליינע, דינע מיידל האָט געוואָלט זיך לאָזן לויפן צו אים, וואו ער איז דאָרט . . . זי וועט אים זאָגן עפּעס וואָס זי ווייס נאָך אַליין ניט וואָס . . . זי וועט זיין נעבן אים, אפשר וועלן די ווערטער קומען . . . זי איז אָבער צוריקגעפאַלן אויף איר געלעגער, דערפילט ווי אומבאַהאָלפן זי איז.

„נאָך וואָס איז זי געקומען צו זיי?"—האָט זיך בעלאַ געפרעגט אַ פאָר מינוט שפּעטער. איצט האָט איר געשראָקן דער געדאַנק, אַז איר מוטער וויל פאַרבלייבן מיט זיי אין הויז.

ווען בעלאַ האָט אויפגעעפנט די טיר פון איר צימער איז געווען שוין רעכט פינסטער. אַלץ אין הויז איז געווען שטיל. פון קיך האָט געלויכטן אַ ליכט. איר מוטער פון איר צימער האָט איר געהערט ארויסגיין. זי איז אויך ניט געשלאָפן. זי האָט געוואַרט צו הערן איר טאָכטער׳ס טיר עפענען זיך. די גאַנצע צייט האָט זי געהאַלטן אין איין פרעגן זיך: „וואָס טוט איצט בעלאַ?" אַלץ האָט זיך געענדיגט אַזוי שוידערהאַפט . . . בעלאַ וועט איר עס קיינמאָל ניט פאַרגעבן . . . איר מאַן איז איצט איר איינציגער פריינט . . .

:: :: ::

„מיין פרוי"—האָט מר. גרין געזאָגט צום דאָקטאָר, וואָס איז נאָר וואָס אַרויס פון מרס. גרינ׳ס צימער—„איז אין אַלע הינזיכטן ווי אַ קינד. אומבאַהאָלפן, שוואַך. זי נויטיגט זיך אין פלעגע און אויפפּאַסונג, אויב מען וויל זי זאָל זיך ווי אַ בלום פאַנאַנדערבליען צו איר פולער פראַכט . . .

אָבער ווי אַ קינד מוז מען איר נאָכגעבן אירע קאַפּריזן. אַזוי אַרום האָב איך זי געוואונען." מר. גרין האָט אַ ברייטן שמייכל געטאָן. „איך וועל אײַך זאָגן דעם אמת, עס איז מיין פאַרגעניגן נאָכצוגעבן אירע קאַפּריזן. זי האָט ניט געטאָרט פאָרן איינע אַליין אין אַזאַ וויטן און פרעמדן געגנט. זי האָט דאָרט ניט געקראָגן די ריכטיגע פּלעגע, די רו. זי איז צוריקגעקומען אַ קראַנקע, אויב איר ווילט וויסן. וואָס האָב איך געקענט טאָן ? אַזוי איז איר אײַנגעפאַלן." גרין איז געווען צופרידן צו הערן פון דאָקטאָר אַז זיין פרוי איז פיל בעסער. „איצט פאָר איך אָפּ," האָט ער געזאָגט, „שוין באַדאַרפט פאָרן נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריער . . . כ'וועל אפשר איבער־וואַרטן נאָך אַ טאָג."

עס איז געווען אויפן דריטן טאָג נאָך יענער סצענע. צוויי טעג איז מרס. גרין ניט אַראָפּ פון בעט. זי האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ שרעקלעכן קאָפּווייטאָג. זי האָט קיינעם אויסער מערי'ן ניט געוואָלט זען, נאָר אָפּט זיך נאָכגעפרעגט וואו בעלאַ איז און וואָס זי טוט.

עטוואָס שפּעטער דעמזעלבן טאָג, האָבן זיך בעלאַ און איר מוטער צופעליג צונויפגעטראָפן אין דעם קליינעם קאָרידאָר וואָס פירט צו דער קיך, דאָס ערשטע מאָל זינט יענעם טאָג. די מוטער איז אַרויס פון איר צימער די ערשטע, אין איר מאָרגנראָק, מיט די האָר צעלאָזן. בעלאַ האָט ניט געהערט אירע שטילע טריט און איז אַרויס נאָך איר. אָבער אַזוי גיך ווי זי האָט דערזען איר מוטער'ס פּראָפיל האָט זי זיך אומגעקערט צוריק צו זיך. זי האָט דערקענט דאָס געזיכט פון יענער שרעקלעכער מינוט— איצט נאָך אַ בלאַסער, ליידנדער, שיער ניט פרעמד, אָן אַ שפּור פון דער אַמאָליגער שמייכלענדער רואיקייט. אָבער איר געזיכט, אַזוי שאַרף און בלייך פון ליידן, האָט איצט ניט דערוועקט קיין מיטלייד אין בעלאַ'ן. פאַר־קערט, ס'האָט איר נאָך מער אויפגערעגט. וואָס בלייכער אַלץ זינדיגער האָט זי אויסגעקוקט אין אירע אויגן, אַלץ ווייניגער האָט זי איר געקענט שיינ־קען. דאָס ליידט זי דאָך צוליב יענעם, דאָס בענקט זי און גאַרט דאָך נאָך אים . . . בלייך—זי איז געווען בלייך די ערשטע מינוט ווען זי איז אין הויז אַריין נאָך איר רייזע. אפשר ניט אַזוי בלייך ווי איצט, אָבער בלייך, בלייך. בלייך צוליב דערזעלבער אורזאַך . . . און די אומגעוויינלעכע צערט־לעכקייט מיט וועלכער זי איז צוגעפאַלן צו איר די ערשטע מינוט פון איר צוריקקומען, די טרערן, די האַרציגקייט פון די ערשטע טעג—וואָס איז עס אַלץ געווען, אויב ניט אַ בייגקענעש נאָך יענעם . . . זי האָט געוויינט נאָך זייער היים דאָרט אין יענער גרינער ווייטעניש . . . זעקס לאַנגע זומער־וואָכן צוזאַמען, צווישן יענע בלויע, ווילדע בערג . . . (בעלאַ האָט

ניט געוואוסט, אַז דיווילדע בערגען־סצענע פאַר אירע אויגן קומט פון בוך, וואָס זי האָט לעצטנס געלייענט.) אָט די בלייך־געזיכטיגע! פאַרוואָס גייט זי שוין ניט אַוועק? זאָל זי גיין, ווייל איר געזיכט וועט זי פון זינען טרייבן. צו וואָס איז זי גאָר צוריקגעקומען?

פּלוצלינג האָט זיך בעלאַ׳ס האַרץ ווי אָפּגעשטעלט און אַ קאַלטקייט האָט זיך צעשפּרייט איבער איר לייב. זי האָט דערהערט אַ פּאָר שוואַכע אומאַנטשלאָסענע קלאַפּ אין טיר. איר מוטער איז גלייך נאָכדעם אַריין און געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג . . . אירע האָר זיינען איצט געווען צוזאַמענגענומען אין אַ דיקן קנויל פון הינטן.

בעלאַ איז אויפגעשפּרונגען פון איר אָרט.

„גיי, גיי! גיי אַרויס! — האָט זי געשריגן, ווי פון אַ קאָשמאַר, מיט אירע לעצטע כוחות. זי האָט אפילו מיט איר פוס געטופּעט.

איר מוטער איז אָפּגעטראָטן אַ האַלבן טראָט צוריק און געבליבן שטיין פאַר איר . . . שטיין און קוקן אויף איר טאָכטער אַזוי לאַנג ווי די אָנגעלאָפענע טרערן האָבן איר דערלויבט. זי איז ניט אַריין מיט אַ באַשטימטן צוועק. אַזוי איז איר איינגעפאַלן יענע רגע ווען זי האָט דערהערט ווי בעלאַ האָט זיך צוריקגעקערט צוליב איר. זי וואָלט איר גלייך נאָכגעלאָפן, און בלויז דאָס צורעכט מאכן אירע האָר האָט איר אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט. האָט זי איצט ניט געוואָלט אָפּטרעטן. פאַרקערט, זי האָט צוריק געמאַכט דעם האַלבן טראָט. בעלאַ האָט אַזוי אַמאָל פּרובירט אָפּטרייבן אַ יונג קעצעלע, וואָס האָט זיך געהאַט צוגעטוליעט צו זייער טיר. ס׳איז אָפּגעטראָטן אַביסל און באַלד צוריקגעלאָפן, ניט קוקנדיק אויף איר טופּען מיט די פיס און מאַכן מיט די הענט. אַ קליין קעצעלע . . . אַ גאַנצן טאָג איז איר דערנאָך דאָס קעצעלע פון זינען ניט אַרויס . . .

מיט אַמאָל האָט בעלאַ דערפילט אַז זי פאַרלירט זיך, אַז זי ווערט איבערוועלטיגט פון דער מוטער׳ס חן, פון איר צויבערהאַפטער אומבאַהאָלפנקייט. און פאַלנדיק אויף אירע קני פאַר איר בעט, באַהאַלטנדיג איר געזיכט אין אירע הענט, האָט זי אָנגעהויבן צו שלוכצן און בעטן:

„גיי, גיי . . . איך קאָן דיך ניט זען, כ׳קאָן ניט, כ׳קאָן ניט . . .״

טריט ביי טריט איז די מוטער אָפּגעטראָטן פאַר דעם האַרצרייסנדיגן געבעט פון איר קינד. זי איז געבליבן שטיין הינטערן טיר און זיך צוגעהערט צו איר קינד׳ס געוויין, וואָס האָט גאָרניט אויפגעהערט. ווען זי האָט געהערט מעד׳ן אַריינקומען אין הויז איז זי שטיל אַוועק.

:: :: ::

צומאַרגנס איז מר. גרין אָפּגעפאָרן. אינמיטן פון זיינע לעצטע פאַר ווערטער צו בעלאַ'ן האָט ער זיך אַליין איבערגעהאַקט מיט דער באַמערקונג:

„דו זעסט מיר ניט אויס אַזוי גוט, בעלאַ, וואָס איז מיט דיר?"

בעלאַ האָט פאַרשטיקט איר ענטפער אין אַ הייסן קוש. ביידע זיינען געווען גערירט. ער, מיט עפּעס אַן אומבאַשטימטן געפיל, האָט אַ לייכטן זיפץ געטאָן און פאַרלאָזן די הויז. בעלאַ איז געבליבן שטיין אַ פאַרלאָרענע.

זי איז געטשאַנען ביים פענסטער און אַרונטערגעקוקט צו דער גאַס, אויף דעם ברוינשטיינערנעם הויז אַנטקעגן, אין די אַנטקעגנדיגע פענסטער אַריין. אַלץ אַזוי לאַנג באַקאַנט. פאַר איין פענסטער איז געזעסן, ווי געוויינלעך, אַן עלטערע פרוי—די באָבע פון יענער אומבאַקאַנטער פאַמיליע. בעלאַ האָט געזען דיזעלביגע פרוי ביי דעם זעלביגן פענסטער שוין מיט דריי יאָר צוריק, ווען זי, בעלאַ, האָט צום ערשטן מאָל אַרויסגעקוקט אין דרויסן צו באַקענען זיך מיט דער נאָכבאַרשאַפט, איר ערשטן טאָג אויף דער נייער דירה. אַרויסקוקנדיג איצט צו דער גאַס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז זיי האָבן קיינמאָל ערגעץ אַנדערש ניט געוואוינט, ווי דאָ, אין דער גאַס, און אַז ס'איז שוין אַזוי לאַנג צוריק זינט זי האָט געפונען איר מוטער מיט מאַריצקי'ן אין זאַל דאָרט, און ס'איז דאָך ערשט ניט מער ווי מיט דריי טעג צוריק . . .

„זי" וועט, ווי עס ווייזט אויס, פאַרבלייבן אין הויז, און איר פאָטער וועט זיך וועגן דעם קיינמאָל ניט דערוויסן? און אפשר ווייסט ער שוין? ווי האָט ער געזאָגט: „עס איז מיין גרעסטער פאַרגעניגן נאָכצוגעבן אירע קאַפּריזן." איז מעגלעך אַז ער ווייסט? אַז ער האָט געוואוסט? ער? ער?

בעלאַ האָט אָפּגעטראָטן פון פענסטער. „אַ קינד" האָט איר פאָטער גערופן זיין פרוי. זי, די מוטער אירע, איז גאָר אין זיינע אויגן אַ קינד! יאָ, איין מינוט האָט זי נעכטן, ביי איר אין צימער, אויסגעזען ווי אַ יונגינ־קע, רייצנדע קעצעלע, וואָס האָט זיך געבעטן אַריינצוקומען. זי קען אויס־זען אומשולדיג, ווי אַ קינד. זי, בעלאַ, ווייסט אָבער, אַז אויף איר אומ־שולדיג געזיכט וועט זי שטענדיג זען אַ בייזע, שלעכטע, פאַרבאָרגענע קלוגהייט, וואָס נאָרט אָפּ און פאַרפירט...

ווען האָט זי זיך צוערשט פאַרשטאַנען מיט יענעם? ווי אַזוי איז עס צוגעגאַנגען? ווער ווייס וואָס פאַר אַ סודות זי טראָגט מיט זיך . . . און צי וועט איר האַנדלונג בלייבן אומבאַשטראָפט? ווייל, ווי זאָגט איר פאָטער: „ווי אַ קינד מוז מען איר נאָכגעבן אירע קאַפּריזן."

די אומבאַשטראָפּבאַרקייט האָט איר געמאַכט פּילן ווייטאָגדיג. זי האָט דאַן דערזען אַנאַנדער וועלט, אַזוי פאַרשידן פון דער וואָס זי קען, איר מוטער׳ס וועלט. ווי הילפלאָז זי איז קעגן איר. אָט דרייט זיך אַרום די מוטער מאַיעסטעטיש אין איר צער, אין איר שיינעם צער, קאַלט און געדולדיג. וואָס וויל זי איבערוואַרטן? וואָס דיינקט זי וועט זיין? נאָר טרערן האָבן עטוואָס געשטילט בעלאַ׳ס האַרץ.

אַ פּאָר שעה שפּעטער איז בעלאַ געזעסן אין קיך מיט מערי׳ן. זי איז אַריינגעגאַנגען אויף אַ ווײַלע, נאָר איז שוין פאַרבליבן. מערי האָט זי ביסלאכוויז אַריינגעצויגן מיט איר זיסער געמיטלעכקייט, מיט איר האַרציגער שטימע און נאַאיווע פראַגן. האָט זיך בעלאַ שוין צוגעזעצט. און באַלד האָט מען שוין ניט געקענט וויסן צי מערי רעדט ווייל זי זעט אַז בעלאַ הערט זיך צו מיט אינטערעס, צי פאַרקערט, בעלאַ הערט זיך צו ווייל זי זעט, אַז עס טוט מערי׳ן גרויס הנאה צו דערציילן. ביידע האָבן די גאַנצע צייט איינע פון דער צווייטער די אויגן ניט אַראָפּגענומען. פּלוצלינג האָט זיך מערי פאַרפּלאָנטערט מיט אַ וואָרט: זי האָט געזאָגט „פּעטעלע" אַנשטאָט „טעפּעלע". מער האָט זי ניט באַדאַרפט, ווייל קיין זאַך איז אין אירע אויגן ניט געווען קאָמישער ווי אַזאַ מין פּלאָנטערן. האָט זי געלאַכט אַזוי גוטהאַרציג אַז בעלאַ האָט שוין געמוזט מיטלאַכן. האָבן זיי ביידע געלאַכט. אַ פּאָר מינוט שפּעטער האָט מערי זיך ווידער פאַרפּלאָנטערט אין דעמזעלביגן וואָרט, דאָס מאָל האָט זי געזאָגט „פּעפּעלע". אַ „פּעפּעלע!" איין קלייניגקייט. איצט האָט זי זיך שוין געמוזט האַלטן פאַר די זייטן פון געלעכטער. עס האָט טאַקי געקלונגען קאָמיש: „פּעטעלע" און „פּעפּעלע". האָט די קיך טאַקי אַ ווײַלע געקלונגען מיט זייער זאָרגלאָזן יונגען געלעכטער.

בעלאַ איז די ערשטע געקומען צו זיך און מיט אַמאָל זיך אָפּגע־האַלטן. זי האָט זיך אויסגעגלייכט אויף איר שטול און איר געזיכט האָט זיך אויגנבליקלעך פאַרוואָלקנט.

„דו ווייסט, מערי, איך פאָר אַוועק . . . "

מערי האָט דערפילט אַ קאַלטקייט אַרום האַרצן, אי פון די נייעס, אי פון דער פּלוצלינגער כמאַרע אויף בעלאַ׳ס געזיכט.

„גיי שוין גיי," האָט זי געזאָגט. עס איז געווען אַזוי שווער צו גלויבן.

„יאָ, יאָ, מערי. איך פאָר אַוועק פון דאַנען. וועסט זען . . ." בעלאַ׳ס טאָן איז געווען אַזוי אַנטשלאָסן, אַז מער האָט מערי ניט געקאָנט צווייפלען.

„די מאַמ . . . דער טאַטע ווייסט?" מערי אַליין וואָלט געגוי ניט געקענט זאָגן פאַרוואָס זי האָט דאָ פאַרגעצויגן דעם טאַטן.

„ביין, ער ווייס נאָך ניט.“

נאָך אַ קורצער פּויזע, אין וועלכער מערי האָט זיך געוואָלט פאַר־שטעלן אַ הויז אָן בעלאַ׳ן, האָט זי ווידער געפרעגט.

„וואוהין פאָרסטו ?“

„כווייס נאָך ניט.“

„אַזוי ?“

„אַזוי.“

ביידע מיידלעך איז געוואָרן אומעטיג. בעלאַ האָט פּלוצלינג אַ קוק געטאָן צו דער טיר צו. אויפן שוועל פון דער אָפענער טיר איז געשטאַנען מרס. גרין. זי איז געווען אַזוי בלייך . . . בעלאַ איז געווען זיכער אַז איר מוטער האָט איר געהערט.

:: :: ::

מרס. גרין איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע און איז אַוועק אָן אַ באַמערקונג. בעלאַ, אַ בלייכע, איז אויך אַריין צו זיך. זי האָט געפילט, אַז עפּעס אַנטשידענעס איז דאָ פאָרגעקומען צווישן איר און איר מוטער און אַז דאָס אומבאַשטימטע פון די לעצטע פאָר שווערע טעג האָט זיך געענדיגט. ווי וועט עס איצט זיין ? ווי אַלץ איז צוגעגאַנגען ווי פון זיך אַליין ! דאָס פאַרבלייבן אין קיך מיט מערי׳ן, זייער זאָרגלאָזער געלעכטער, בעלאַ׳ס פּלוצלינגער באַשלוס צו פאַרלאָזן דאָס הויז און ענדלעך די שטילע דער־שיינונג פון איר מוטער אין טיר, וועלכע בעלאַ איז געווען די ערשטע צו באַמערקן.

ווי לאַנג אַשטייגער איז זי געשטאַנען דאָרט ביים טיר ? האָט זיך בעלאַ געפרעגט. זי האָט ניט געקענט שטיין אַזוי די גאַנצע צייט. מען וואָלט איר דאַן געהאַט פריער באַמערקט. זי האָט אָבער געקענט שטיין שטיל און אומבאַמערקט אַביסל אָן אַ זייט און זיך צוהערן. אפשר האָט זי געהערט פון דערווייטן זייער פריילעכן געלעכטער און אַריינגעקומען. אפשר מיטגעלאַכט אַ ווײַלע מיט זיי, געמיינט אַז זי, בעלאַ, האָט שוין אַלץ פאַרגעסן . . .

בעלאַ איז געווען דאַנקבאַר, וואָס דער געדאַנק פון אַוועקגיין פון הויז איז איר געקומען אין דער ריכטיגער מינוט און וואָס זי האָט אויס־געדריקט אַזוי אַנטשלאָסן איר באַשלוס. ווי בעלאַ האָט זיך ענדלעך פאַר־געשטעלט, איז איר מוטער צוגעקומען צום טיר נאָר צוליעצט, צום סאַמע לעצט, טאָקי אין דער רגע ווען זי האָט איר דערזען. זי האָט געוויס געהערט איר באַשלוס אַוועקצוגיין פון הויז.

אַ שעה שפּעטער האָט זיך בעלאַ צוזאַמענגעטראָפן מיט איר מוטער אין עס־צימער. בעלאַ איז געבליבן שטיין אויף איר אָרט ווען זי האָט דערזען דער מוטער'ס רוקן. יענע האָט זיך אויגנבליקלעך אומגעקערט, געמאַכט אַ פּאָר טריט פאָראויס צו בעלאַ'ן און געבליבן שטיין נאָנט פאַר איר, ניט אָפּווענדנדיג די אויגן פון איר טאָכטער'ס. איצט איז זי ניט געווען די אומבאַהאָלפענע פרוי פון אַ טאָג פריער. בעלאַ האָט עס גוט באַמערקט. זי האָט זיך געפילט צוגעשמידט צו איר אָרט פון אַ געהיימער קראַפט, וואָס האָט איר אַזוי ווי אַריינגערוימט אין אויער, אַז איצט וועט עפּעס פאָרקומען. עס איז געווען קלאָר, אַז איר מוטער וואַרט נאָר אויף אַ צייכן אין בעלאַ'ס אויגן. בעלאַ האָט דעם צייכן ניט געגעבן.

„ווילסט אַוועקגיין, בעלאַ?"—האָט די מוטער ענדלעך געזאָגט, און גלייך געמאַכט אַ פּויזע, אַזוי ווי זיך אָנצונעמען מיט פרישן אָטעם. — „ווילסט אַוועק צוליב מיר? ווילסט מיך ניט דאָ?"

בעלאַ האָט גאָרניט געענטפערט. די מוטער האָט פאָרטגעזעצט:

„דאַרפסט ניט אַוועקגיין, בעלאַ . . . איך, איך גיי, איך גיי . . ."

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט אירע הענט, ווי צו ווייזן אַז זי גייט.

בעלאַ, אין איר פאַרגליווערטן צושטאַנד, האָט אַ ווײַלע ניט געכאַפּט די פולע באַדייטונג פון איר מוטער'ס ווערטער. אָבער די געהיימע קראַפט האָט איר געמאַכט צושאָקלען מיט'ן קאָפּ אויף יאָ. זי האָט געזען איר מוטער'ס אויגן ווי זיי פילן זיך אָן מיט טרויער. איצט האָט זי ווידער אויסגעקוקט פיזיש אומבאַהאָלפן. בעלאַ האָט נאָכאַמאָל צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

„יאָ, יאָ"—האָט די פרוי ווי ארויסגעהאָלפן איר טאָכטער און איז שטיל און גיך אַרויס פון עס־צימער.

אַזוי גיך ווי די מוטער איז אַרויס איז אויך די געהיימע קראַפט אָפּגעטראָטן פון בעלאַ'ן און זי האָט קלאָר באַגריפן וואָס עס איז נאָר וואָס פאָרגעקומען. עס האָבן נאָך אָפּגעקלונגען, ווי אַ עכאָ, איר מוטער'ס שטילע גיכע טריט, ווי זי וואָלט איצט אַרויס פון צימער מיט אָן ארויסגאַנג פון איינער וואָס האָט מער ניט אויף וואָס צו בלייבן וואַרטן. אַרויסגעגאַנגען ווי אַ קינד, וואָס איז ניט געוואוינט מ'זאָל עס עפּעס אַנטזאָגן. בעלאַ האָט איצט אפילו געזען דאָס קלייד וואָס איר מוטער האָט געטראָגן, אויף וועל־כער זי האָט פריער קיין אַכט ניט געגעבן: די שוואַרצע שטייפע זיידענע קלייד, ענג געפּאַסט אַרום דער אויבערשטער העלפט פון איר גראַציעזער פיגור, מיט די ריינע, פולע פאַלדן אַרום און אַרום אונטן. וואָסערע צאַרטע ווייסע הענט האָבן עס געמאַכט דעם האָפענונגסלאָזן זשעסט, אַז זי

גייט אַוועק! וויפיל מאָל האָט בעלאַ דורשטיג געקושט די צאַרטקייט פון איר מוטער׳ס הענט, געשטאַלצירט מיט איר פיגור, באַוואונדערט דעם גלאַנץ פון אירע אויגן, ווי רייך איר פיגור איז אַפילו איצט, אין איר נידערשלאָגענער מינוט, אַזוי זעלטן רייך!

אָבער זי האָט דאָך די קלייד פריער ניט געטראָגן, זי האָט עס אָנגעטאָן דאָ ניט לאַנג.

בעלאַ האָט דערהערט ווי איר מוטער זאָגט עפּעס מערי׳ן אין קיך און גלייך נאָכדעם האָט זי דערהערט אַ קלאַפּ פון דער דרויסנדיגער טיר. זי איז אַרויס. וואוהין גייט זי? אפשר צו מאַריצקי׳ן?

טראַכטנדיג וועגען דעם, האָט זיך בעלאַ פאַרגעשטעלט, ווי מאַריצקי׳ס הענט נעמען אַרום די ענגע, וואַרעמע נאַנטקייט פון דער זיידענער שוואַר־צער קלייד . . . און דערמאָנט האָט זי זיך, אַז די קלייד האָט איר מוטער זיך געמאַכט קורץ פאַר איר רייזע אויף זעקס וואָכן דאָרט. בעלאַ האָט דעמאָלט אַזוי באַוואונדערט די קלייד אויף איר און זי האָט איר אויס־געהערט אַזוי גלייכגילטיג.

וואָס גייט איר אָן וואוהין זי איז געגאַנגען?—האָט זי ווייטער גע־טראַכט. זאָל זי גיין וואוהין זי וויל! איר אַוועקגיין וועט זיין בעסער פאַר אַלעמען. סיי ווי סיי קאָן שוין דאָס וואָס איז אַוועק ניט צוריקקומען. אַמאָל האָט בעלאַ געגלויבט, אַז דאָס וואָס אירע אויגן זעהען איז איר גאַנצע מוטער. איז עס דאָך געווען אַ שרעקלעכער טעות. איצט ווייס זי אַז זי האָט קיינמאָל ניט אַרומגענומען אַ גאַנצע מוטער, נאָר עפּעס אַ שאָטן. זיי אַלע האָבן געקענט נאָר אַ שאָטן. ס׳איז גוט וואָס זי גייט פון זיי אַוועק, ווייל בעלאַ פילט, אַז זי קאָן מער ניט איבערטראָגן דעם בליק פון אירע אויגן, וואָס צינדן זיך אַזוי אָפט אָן מיט געהיימע פייערלעך, וואָס מען ווייסט ניט פאַרוואָס.

בעלאַ׳ן האָט זיך אויסגעוויזן אַז זי הערט נאָך אַלץ איר מוטער׳ס טריט ווי זיי גייען אַוועק פון איר, שטיל און גיך, אַן אַנטזאגטע, אַ באַליי־דיגטע, און אַ טיפער זיפץ האָט באַגלייט איר מוטער׳ס שטילע, גיכע טריט. שוין ליגנדיג ביינאַכט אין איר בעט האָט זיך בעלאַ׳ן נאָך געדוכט אַז זי הערט איר מוטער׳ס טריט און דעם קלאַפּ פון טיר ווען איר מוטער איז אַרויס נאָך אירע פאַר ווערטער מיט מערי׳ן אַ קלאַפּ, וואָס האָט איר געמאַכט צו דיינקען אַז דאָס איז געווען איר מוטער׳ס לעצטער קלאַפּ פון דער טיר, נאָך ווייל זי וועט שוין אין איר הויז ניט צוריקקומען. וועט איר פאָטער, צוריקקומענדיג, זי שוין מער ניט געפינען אין הויז? בעלאַ האָט אַזש אַ ציטער געטאָן ביי דעם געדאַנק.

ווען בעלאַ איז אײַנגעשלאָפן האָט זיך איר געחלומ'ט, אַז זי זעט אַ שוואַרצן וואָלקן זיך אָנרוקן אויפן הימל . . . זי האָט זיך מיט שרעק אויפגעכאַפּט, אַ טראַכט געטאָן, אַז דאָס איז די גרויסע שאַנדע, וואָס גרייט זיך פאַר זייער הויז.

וואָס וועט זײַן? וואָס וועט זײַן? — האָט זי זיך אין פאַרצווייפלונג געפרעגט. אָבער דיזעלביקע געהיימע קראַפט, וואָס האָט איר געמאַכט צושאָקלען מיטן קאָפּ, אַז איר מוטער זאָל גיין, האָט איר אויך דאָס מאָל געשטאַרקט און באַרוהיגט, אַז אַלץ וועט זײַן צום גוטן.

זי האָט געטראַכט, אַז זי וועט זײַן אַ גוטע, איבערגעבענע טאָכטער צו איר פאַרלאָזענעם, אָפּגענאַרטן פאָטער, וואָס וועט אַזוי שטאַרק לײַדן . . . זי וועט אים ליבן, זי וועט אים טרייסטן און זען ווי ווײַט מעגלעך צו פאַרלינדערן זײַנע לײַדן . . . פאַרטאָג איז בעלאַ ענדלעך אײַנגעשלאָפן מיט אַ טיפן שלאָף. עס איז אַזוי גוט צו ליבן טריי . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . .

## 2

„איר זעט יענעם פאַרשוין דאָרט ביי דער ווענדונג פון דער אַלייע?" — האָט מר. גרין געפרעגט.

גרין איז געווען אַ מאַן אין די פופציקער, און געפרעגט האָט ער אײנעם וואָס איז געווען פיל עלטער פון אים, וועמען ער האָט געקענט בלויז פון זען. אַ מאַן פון שטילן, אָנשטענדיקן אויסזען, וואָס איז געזעסן אויף דעם אַנדערן עק באַנק.

„איר זעט? ער האָט זיך דאָרט נאָר וואָס אָפּגעשטעלט. וואַרט, ער וועט באַלד כאַפּן אַ בליק אויף מיר... איר זעט? ער גייט אַוועק אָן אַ זייט. דאָס איז אָן אויסוואָורף! איר זעט ווי ער האָט מורא? ווי ער קוקט אַריבער ווי אַ געשלאָגענער הונט צו אונז? ער איז אַ הונט! איך האָב געמיינט, אַז ער לעבט שוין ניט. שוין צען יאָר ווי איך האָב ניט געהערט פון אים. איצט זע איך, איז ער ווידער דאָ. נעכטן האָב איך אים צוערשט דערזען, נעכטן אָוונט, דאָ טאַקע. ער זעט אויס אַלט, אָרעם, האַ? רעכט אָרעם, אויסגעטריקנט, אָפּגעבלאַקירט, זעט אויס ווי אַ לץ אין מײַנע אויגן... גוט אַזוי. ער האָט עס כשר פאַרדינט. פאַרוואָס לעבט ער אָבער, וואָלט איך וועלן וויסן? איך בין געווען זיכער, אַז ער איז שוין טויט..."

גרין האָט אַ זיפץ געטאָן. „עלטערע יאָרן זײַנען דאָך אַ זכות, אַ גרויסע פּריווילעגיע... מיר עלטערע ווייסן דאָך, ווי עס צו שעצן. אַ וועלט בעט

לאַנגע יאָרן . . . ווי אַזוי אָבער קומט אַזאַ הונט צו דער פּריווילעגיע ? אמת, מען בעט ניט אויף אַן עלטער ווי זיינע, מיט אָפּגעבלאַקירטע מלבושים און אויסגעהונגערטע אויגן. אַזאַ מין עלטער איז שוין גיכער אַ שטראָף. איך וואָלט אים אָבער דאָס אויך ניט געגעבן." גרין האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגערוט.

„עס וואָלט געווען בעסער," האָט ער ווידער אָנגעהויבן, „ אַז איך וואָלט אים ניט דערזען. ווער דאַרף אים דאָ האָבן . . . אַזאַ דאַרער הונט קאָן אַמאָל לעבן און לעבן. איך האָב ליב צו פאַרגעסן וואָס עס איז געווען. איך קלער ניט, טראַכט ניט פון דעם עבר. זיץ מיר אָפּט דאָ און קוק מיך אַזוי אַרום . . . נעכטן אָוונט בין איך טאַקי אויף דערזעלבער באַנק געזעסן . . . אַזאַ שיינער, פרייער אָוונט געווען . . . איך בין געזעסן אַליין, ווען פּלוצלינג איז ער מיר אָנגעקומען, פון הינטער דעמזעלבן בוים ווי איצט, ער מיט זיין פאַרגעלטן ראָק. אַ בליק געטאָן אויף מיר, ווי איצט, אָפּגעשטעלט זיך, און באַלד אָפּגעטראָטן, ווי אַ געשלאָגענער הונט, ווי אויס מורא . . . ס'איז מיר זייער שווער אויף מיין האַרצן, מיין אומבאַקאַנטער פריינט . . . ."

„האָט ער אייך אַמאָל געקריוודעט אין ביזנעס?"

„ניין, ניט אין ביזנעס. ביזנעס איז ניט אַלץ. ביזנעס איז אַמאָל גאָרניט. מען לויפט, מען האָוועט ווען מען איז יונג, מען מיינט ווער ווייס נאָך וואָס מען יאָגט זיך, און לסוף . . . אָט דרייט ער זיך ווידער אָן. וואָס איז ביזנעס ? וואָס וואָלט מיך געאַרט אַז איך וואָלט איצט געווען אָרעם ? אַז איך וואָלט אפילו ניט . . . נאָר נאָך וואָס דאָס ריידן. גאָט'ס וועלט איז גרויס, אָבער גאָר פּלוצלינג קאָן עס ווערן אַזוי קליין און ענג . . . איך וועל גיין. עס ווילט זיך זאָגן צו זיך אַליין : דו האָסט געדיינקט, אַז דו ביסט שוין אַ מאַן אין די יאָרן, האָסט פיל געלעבט און וועסט נאָך לעבן און לעבן. ס'איז אַ טעות. דיין גאַנץ לעבן איז גרויס ווי אַ מינוט, דו האָסט ניט געלעבט און וועסט ניט לעבן . . . איך זע אייך זעלטן דאָ. איר ווילט בלייבן זיצן ? לאָמיר זיצן."

גרין האָט אַראָפּגענומען זיין הוט און זיך געפאָכעט דערמיט. צו דערזעלביגער צייט קוקנדיג פון דער זייט אויף זיין מיטזיצער'ס אַלט און בלאַס געזיכט.

„ס'איז אַ חלום, אמת ? דאָס גאַנצע לעבן אַ חלום,"—האָט ער געזאָגט מיט אַ ביטערן שמייכל. יענער האָט אים באַטראַכט מיט גרויס מיטגעפיל און צוגעשאָקלט מיט'ן גרויען קאָפּ. ביידע לייט האָבן זיך פּלוצלינג אומגעקוקט : אַ פריילעכע באַנדע יונגוואַרג, אינגלעך און מיידלעך, האָבן זיך

פאַרבייגעטראָגן ענג פאַר זיי מיט גרויס טומל און זאַרגלאָזן געלעכטער. גרין האָט זיי נאָכגעפאָלגט אַ ווײַלע מיט זײַנע אויגן.

„וואָס ווייסן זיי?“ — האָט ער געזאָגט—„וואָס האָבן מיר געוואוסט וואָס עס קומט פאַר אויף דער וועלט ווען מיר זײַנען קינדער געווען?“— ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע זײַנען געזעסן אַ צייט שטיל פאַרטיפט אין געדאַנקען. גרין איז געווען אַזוי ווייט פאַרטיפט אין זיך, אַז דער אַנדערער, וואָס פלעגט פון צייט צו צייט אויף אים אַן אויג וואַרפן, האָט געמיינט אַז ער איז גאָר אײַנגעשלאָפן, האָט ער אים ניט געוואָלט שטערן און געבליבן שטיל קוקן פאַר זיך.

איינמאָל האָט ער באַמערקט, ווי יענער דאַרער מאַן דרייט זיך ווידער אָן ביי דערזעלבער ווענדונג פון דער אַלייע און פאַרקוקט צו זיי. גרין האָט ניט אויסגעוויזן צו האָבן אים געזען דאָס מאָל, ווײַל ער איז אַלץ געבליבן אין דערזעלבער פאָזע, ווי ער וואָלט געשלאָפן, אָדער סתם אַזוי געזעסן פאַרשטיינערט. ענדלעך אָבער האָט גרין ווי אויפגעוואַכט, זיך גוט אומגעקוקט, אַריינגעקוקט טיף אין שכנ׳ס אויגן און געפרעגט:

„ווי מיינט איר, מיין פריינט, אויב אַן עלטערער מאַן, לאָמיר זאָגן, וואָלט געטויט אַן אַנדערן, אויך אַן עלטערן, וואָלט מען שווער באַשטראָפט? מיט טויט־שטראָף? . . . מען הערט עפּעס ניט, אַז מען זאָל באַשטראָפן עלטערע מענשן מיט טויט, אמת?“—דאָ אָבער האָט גרין דייטלעך געזען אַז ער שרעקט אָן זיין פריינט, האָט ער אים גלייך גענומען באַרוהיגן:

„כ׳פרעג עס אַזוי אין דער וועלט אַריין . . . וואָס מיינט איר . . . כאַ־כאַ . . . איך בין נאָך ניט משוגע . . . אַזוי, אַלערליי פאַנטאַזיעס פאַלן אַמאָל אין מוח אריין, ווייסטע פאַנטאַזיעס . . . איז וואָס מיינט איר? ווי אַזוי טאַקי פירן זיי זיך מיט אַן עלטערער פערזאָן?“

דער אַנדערע האָט עפּעס געוואָלט ענטפערן, נאָר זיין מויל האָט זיך פאַרקרימט אין אַ האַלב־האַרציגן שמייכל. האָבן זיי ביידע כלומרשט צוגעשמייכלט איינער צום צווייטן, איינער האָט ניט געוואָלט מער דער־ציילן, דער אַנדערער—הערן.

:: :: ::

שפּעטער, ביי זיך אין דער היים, פריי פון מענשלעכע אויגן, האָט גרין דערפילט, אַז עס איז אים פיל ערגער ווי ער האָט געדיינקט. זיינע הענט האָבן אים געטרייסלט און דאָס האַרץ איז אים אויסגעגאַנגען פון ווייטאָג און פאַרדרוס. פון צייט צו צייט זיינען אים געקומען אויפן געדאַנק סצענעס פון זיין לעבן די לעצטע פּאָר יאָר. ווי פרידלעך ער האָט געלעבט זייט ער האָט זיך, נאָכן ראַט פון דאָקטוירים, האַלב צוריקגעצויגן פון

געשעפטן. געזויגן זאַרגלאָז יעדן פרימאָרגן און אָוונט די פרישע פאַרק־לופט; איינגעזאַפּט אין זיך די בלויקייט פון הימל; דאָס גרינע פון די בלעטער; זיך צוגעקוקט אין פרידן צו אַלץ אַרום, פון אַלץ הנאה געהאַט. און די פּאָר נאָכמיטאָגדיקע שעה אין ביזנעס . . . מיט וואָסער חשק ער האָט געאַרבעט, ווי אויסגעצייכנט ער האָט זיך איינגעאָרדנט. עס איז געווען אַזאַ פאַרגעניגן צו לעבן און לעבן, עלטער און עלטער צו ווערן. פריי ווי אַ קינד האָט ער געלעבט, אַלץ פאַרגעסן געהאַט, געלעבט שיר ניט ווי אין יענע גליקלעכע טעג איידער ער איז אַזוי פּלוצלינג פאַרלאָזן געוואָרן פון איר . . . ווי שרעקלעך און ווי פּלוצלינג דאָס האָט זיך געענדיגט. ווי באַרמלאָז . . .

עס איז אויסגעקומען אַזוי ווי מיט אַ בייזן מיין האָט מען אים גע־לאָזן ביסלעכווייז זיך איינשטילן, זיך איינשלעפערן, איינשמועסן זיך אַלערליי פאַנטאַזיעס, כדי דערנאָך, אויף אַמאָל צו באַווייזן אים דעמזעלבן . . . דעמ־זעלבן וואָס האָט שוין אַמאָל צוגענומען ביי אים זיין . . . זיין אַלץ . . .

נעכטן האָט יענער זיך צוערשט באַוויזן . . . ער האָט אים דערזען אַזוי פּלוצלינג, כמעט אינמיטן פון אַ געלעכטער צו זיך אַליין. אמת, דער ערשטער בליק איז געווען ווי ער וואָלט דערזען זיין מלאך־המות, אָבער עטוואָס שפּעטער האָט ער דאָך עס כמעט ווי שוין ניט געפילט. די גאַנצע נאַכט דערנאָך אַזוי פעסט געשלאָפן, שיר ווי ניט געדיינקט דערפון. ערשט ווען ער האָט אים דערזען דעם צווייטן מאָל, ניין, דעמאָלט נאָך אויך ניט, ערשט איצט, איצט האָט ער דערשפּירט וואָס אים האָט געטראָפן. געטראָגן אין זיך זיין טויט־קויל און ניט געוואוסט. וואָס וועט איצט זיין?

פון שאַרפן ווייטאָג האָט גרין שיר ניט געשאָלטן דעם נאָמען פון דער שיינער פרוי, וואָס איז אַוועק פון אים מיט פּופצן יאָר צוריק און וואָס איז שוין טויט איבער צען יאָר. האָט ער שוין בעסער געשאָלטן דעם טאָג אין וועלכן ער האָט זי צוערשט דערזען. וואָס זי האָט אויף אים אָנגעבראַכט! וואָס זי האָט פון זיין לעבן געמאַכט! ער האָט זיך איצט געשעמט פאַרוואָס ער האָט איר שוין געהאַט איינגאַנצן פאַרגעבן; פאַר־וואָס ער האָט באַטראַכט איר פריציייטיגן טויט—פינף יאָר נאָך איר אַוועק־גיין פון אים—אַלס אַ טויט פון בייזקענעש נאָך אירע קינדער, נאָך אים אַליין. פון בייזקענעש און ביטערער חרטה. פאַרוואָס זאָל ער ניט האָבן געקאָנט אַזוי דיינקען? פאַרוואָס? האָט עס ווירקלעך ניט געקאָנט זיין אַזוי? איז איר דען ניט געווען אַזוי גוט ביי אים און מיט אים? האָט ער שוין געהאַט געדיינקט, אַז זי איז אַוועק ווי אַ קינד אַנטלויפט אַמאָל פון אַ הויז פון וואוילטאָג און ווייס ניט ווי אַזוי צוריקקומען . . .

„דער שוואַרץ יאָר ווייסט דאָרט פון וואָס זי איז געשטאָרבן״— האָט ער זיך איצט גיפטיג געזאָגט און געדיינקט פון דעם ,וואָס די לעצטע יאָרן האָט ער זי שוין צוריק באַטראַכט אַלס זיין ווייב, און „יזכור״ פאַר איר נשמה געבעטן, ווי זי וואָלט געשטאָרבן זיין ווייב. ער האָט דאָך טאַקי פעסט געגלויבט שוין, אַז זי איז געשטאָרבן זייענדיג זיין ווייב . . . צוריקגעקומען אין געדאַנק צו אים . . .

גרין האָט אַמאָל געהערט פון טייוועלשן גאַלעכטער, ווי זיי גיבן אַן אָרעמען מענטשן אַ שאָטן, מאַכן אים גלויבן פאַר אַ צייט אַז ער האָט עפּעס אַ זאַך, און דאַן צעלאַכן זיי זיך מיט אַ טייוועלשן געלעכטער... איז ער אַליין דען ניט אַזאַ אומגליקלעכער מאַן? אפשר האָט ער אַמאָל מיטגעשפּילט מיט אַזאַ לוסטיגער באַנדע יונגוואַרג ווי יענע אין פּאַרק, טאָ וואו איז יענע פרייד איצט? ער איז אַ פאַרמעגלעכער מאַן, זיין פאַרמעגן איז דאָך אָבער אַ שפּאָט, אַ חוזק, אַ שאָטן... אַלץ האָט זיך צערונען, צעפלאָסן אין זיינע הענט. אייןווירקלעכקייט איז געבליבן—דער אַלטער, אויסגעדאַרטער הונט, מאַריצקי. מאַריצקי, וועמען ער האָט אַליין אַמאָל אַריינגעפירט אַלס אַ פריינט אין זיין הויז. ער איז פאַרבליבן אפילו דעמאָלט ווען ער, גרין, האָט געדיינקט אַז ער עקזיסטירט שוין מער ניט. ווען ער איז געווען זיכער, אַז נאָר זיין אייגענער לעבן איז אַזאַ עלנדער.

„מאַריצקי איז דאָ״—האָט גרין געזאָגט צו זיין טאָכטער א פאַר שעה שפּעטער. ער האָט עס ניט געזאָגט גלייך ווי ער איז אין איר הויז אַריין, הגם ער האָט געזען אין איר בליק, אַז איר איז עטוואָס אויפפעליג וואָס ער איז געקומען ניט אין זיין געוויינלעכער צייט. אַ שטיקל צייט איז ער געזעסן אין איר טונקעלן לייגלעכן עס־צימער, געלאָזט איר ריידן, דאָ און דאָרט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צו מאַכן איר גלויבן, אַז ער הערט זיך צו. דער צימער איז אים קיינמאָל פריער ניט אויסגעקומען אַזוי טונקל און אַזוי לאַנג. פון צייט צו צייט האָט ער זיך צוגעקוקט צום קינד, וואָס זיין טאָכטער האָט געהאַלטן אויף אירע קני און וואָס האָט געוואָלט עפּעס מיטטיילן. גאַ־גאַ־גאַ . . . האָט עס זיך אָט געריסן צום זיידן און אָט צו דער מוטער, אָדער גאָר אין צימער אַריין, ביז וואַנען עס האָט אַ פּלוצלינגען וויין געטאָן. גרין האָט געקוקט ווי די מוטער האָט אויפגעכאַפּט דאָס קינד נאָענט צו איר האַרצן, צוגעדריקט איר געזיכט צו אים, איינגעשטילט עס, און גלייך אָוועקגעקוקט פון קינד צו איר פאָטער מיט אַ ברייטן שמייכל אויף אירע ליפּן. איר שמייכל איז אויגנ־בליקלעך פאַרשוואונדן.

„וואָס איז דער מער, פּאַפּאַ ?"

דאַן האָט זיך עס ווי פון זיך אַליין ביי אים אַרויסגעכאַפּט:

„מאַריצקי איז דאָ..."

גרין האָט דערפילט, אַז ער ווערט בלייך צוזאַמען מיט זיין טאָכטער. דאָס קינד האָט זיך שיר ניט אַרויסגעגליטשט פון אירע הענט, האָט זי עס אַראָפּגעלאָזט געלאַסן אויפן דיל. זי האָט געקוקט אויף איר פאָטער מיט גרויסע, טרייע אויגן, וואָס האָבן געקוקט און געוואַרט. טרייע, וואַרעמע אויגן, יאָ. פופצן יאָר איז זי אַלט געווען ווען איר מוטער איז אַוועק, אַזוי נאָענט מיט איר מוטער געווען. גרין האָט קיינמאָל ניט געקענט גלויבן, אַז זיין יונגע טאָכטער האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט. ער אַליין איז דאַן געווען אויף דער רייזע. וואָלט ער אין הויז געווען, וואָלט זיין פרוי קיינמאָל ניט אַוועק ... זי האָט געלאָזן... גרין האָט זיין טאָכ־טער ניט געלאָזט לאַנג וואַרטן און גענומען דערציילן ווי אַזוי, ווען און וואו ער האָט מאַריצקי'ן געזען דאָס ערשטע מאָל און דאָס צווייטע מאָל, אינגאַנצן מיט אַ פּאָר שעה צוריק...

„ער לעבט" — האָט ער געענדיגט.

„פאַרוואָס זאָל ער וועלן זיך אַרומדרייען אַרום יענעם פּלאַץ ?"— האָט זי געפרעגט.

גרינ'ען איז די פראַגע גאָר ניט איינגעפאַלן. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין טאָכטער, אַ בליק געטאָן אין געדאַנק אויף דער שולדיגער, נידערשלאָגענער פיגור פון מאַריצקי'ן און געענטפערט:

„וואָס ווייס איך פאַרוואָס ? ... ער איז דאָך אַ הונט, אַ הונט ..."

„גיי ניט דאָרט, פּאַפּאַ"—האָט זי געבעטן.

גרין האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיין אומפאַרהייראַטן זון, אַן אַרבעט־זאַמען און שטילן יונגנמאַן, וואָס איז געווען מאָדנע צוגעבונדן צו זיין פאָטער און צו דעם אָנדיינק פון זיין מוטער. ווען גרין איז אַריין צו זיך האָט ער אים געפונען פאַרטיפט אין זיינע ביכער. דער פאָטער האָט גע־וואוסט, אַז ער קאָן אַזוי אָפּזיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. גרין האָט זיך שטיל צוגעזעצט פון דערווייטן און גענומען קוקן אויף דער באַשעפ־טיגטער פיגור, אויף זיין שיינעם קאָפּ און אויף זיין מוטער'ס בילד, וואָס איז געהאנגגען אַנטקעגן אים.

„מיין אומשולדיג קינד״—האָט ער זיך געטראַכט—„דו ווייסט נעביך גאָרניט . . . בעסער אַזוי, בעסער אַזוי . . .״

:: :: ::

גרין איז יענע נאַכט אַ לאַנגע צייט געלעגן אין זיין בעט און גע־טראַכט, ניט געקאָנט איינשלאָפן. מאָריצקי איז אים פון געדאַנק ניט אַרויס. אַ זייגער האָט ערגעץ אָפּגעשלאָגן די שעה. „ס'איז שוין שפּעט״, האָט ער צו זיך געזאָגט, און גלייך איז אים איינגעפאַלן, אַז מאָריצקי מוז איצט געוויס שלאָפן געשמאַק וואו ער וואוינט דאָרט. מאָריצקי שלאָפט, און אויב עס חלומ'ט זיך אים פון זיינע מעשים רעים, שמייכלט ער נאָך אפשר אויך אין זיין שלאָף. עס שלאָפן אָבער ניט זיינע קרבנות . . . און גרין האָט אָנגעהייבן זיך פאָרצושטעלן ווי לאַנג, לאַנג, מאָריצקי וועט זיך אַזוי רואיג לעבן, געשמאַק שלאָפן און אַרומגיין איבער דער וועלט. עפּעס איז געווען אין מאָריצקי'ס לאַנג און אויסגעדאַרט געזיכט, וואָס האָט אים געוואָרנט, אַז יענער וועט אים, גרינ'ען, איבערלעבן; אַרומגיין מיט זיין הינטיש געזיכט איבער דער וועלט. פאַרוואָס האָט ער אים געלאָזט אַוועקגיין פריי דעם פרימאָרגן? פאַרוואָס איז ער ניט אַרויפגעפאַלן אויף אים און צע'ממית'ט זיין פאַרשאָלטן געזיכט, צונישט געמאַכט עס, אויס־געמעקט עס פון גאָט'ס וועלט? גרין האָט געפילט, אַז אַ וועלט אָן מאָריצקי'ן וואָלט נאָך געקענט זיין אַ שיינע, געבענשטע וועלט פאַר אים. און ווען יענער לעבט, שטייט יענער נאָך איצט צווישן אים און זיין טויטער פרוי. דער מענש טאָר ניט עקזיסטירן. ליגנדיג אין בעט אין דער פינסטער־נעש פון דער נאַכט, האָט גרין קלאָר און דייטליך געזען יענעמ'ס פאַר־שאָלטענע צורה.

אַ משונה'דיגער, היסטערישער געשריי פון געלעכטער און געוויין, משוגעת און האָפנונג האָט זיך פּלוצלינג אַרויסגעריסן פון אים, און גלייך נאָכדעם האָט ער זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לייגנג אויף זיין גע־לעגער אַ באַרואיגטער. ער איז געווען זיכער, אַז איצט וועט ער באַלד איינשלאָפן.

זאָנדערבאַר איז דאָס וואָס ביז דעמאָלט איז גרינ'ען קיין איינציג מאָל ניט געקומען דער געדאַנק, אַז דער קלעגלעכער צושטאַנד, אין וועלכן מאָריצקי געפינט זיך, איז אפשר אויך איינע פון די פאָלגן פון זיין ליידנ־שאַפט פאַר דערזעלבער שיינער פרוי, זיין פריינט'ס פרוי, און אַז דאָס איז זיין פרייז פאַר זיין ליבע . . .

:: :: ::

אויף צומאָרגנס אינדערפרי איז גרין אַריין צו אַ טאָקער.

„איך וויל, אַז איר זאָלט אַראָפּנעמען די זילבערנע הענטל פון מיין שטאָק און אַרויפזעצן אַ שטאָלענע, אָבער אַ שווערע . . . די שווערסטע וואָס עס לאָזט זיך, אַזוי פאַלט מיר איין . . .”

די קורצע ווײַלע, וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביי דעם טאָקער האָט גרין זיך געפילט מאָדנע לייכט צו מוט, געערעדט און געשפּאַסט מיטן טאָקער און מיט זיין יונגן העלפער. אָבער אַזוי שנעל ווי ער איז אַרויס פון טונקעלן שאַפּ אין דעם העלן ליכט פון דרויסן, איז זיין געדאַנק שוין מער ניט געווען ביים שפּאַסן. אַן אויגנבליק האָט זיך אים געדוכט, אַז די פּלוצלינגע שווערקייט אַרום זיין האַרצן קומט אים פון דער שווערער שטאָלענער הענטל צו וועלכער זיינע פינגער זיינען נאָך ניט געוואוינט געווען. אפשר וואָלט טאַקי אַ רעוואָלווער בעסער געווען? אָבער פון אַ רעוואָלווער האָט ער דאָך שוין געהאַט געדיינקט: ווידער די זעלבע זאַך, קיין ערפאַרונג מיט אַ רעוואָלווער האָט ער ניט און ס'וועט הייסן אַ גע־פּלאַנטער מאָרד. מיט אַ שטאָק אָבער איז עס נאָר אַ געשלעג, אַ געשלעג . . . נאָך עפּעס, אַ קויל איז ניט „ער”, ס'איז אַ קאַלטע, פרעמדע קראַפט. ער אָבער האָט געוואָלט פילן אין זיין האַנט דעם קלאַפּ וואָס ער דער־לאַנגט, פילן און שמעטערן נאָך שטאַרקער. שמעטערן ביז וואַנען עס וועט ניט זיין מער וועמען . . .

אונטער דעם איינפלוס פון דעם געדאַנק האָט זיך גרינ'ס שווערער געפיל אין קורצן פאַרוואַנדלט אין אַ אינגלשן אומגעדולד וואָס שנעלער דורכצופירן דאָס וואָס ער האָט זיך פאַרבאַרייט צו טאָן. ווען ער איז גע־קומען אין פּאַרק, האָט ער מאָריצקי'ן נאָך ניט געפונען. נאָר זיין האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז יענער וועט ניט לאַנג אויסבלייבן. שפּרייזנדיג הין און צוריק איבער דער מאָרגן־פרישער און נאָך איינזאַמער אַלייע צווישן די גוט באַקאַנטע בוימער פון ביידע זייטן, האָט ער זיך ניט גע־קענט גלויבן, אַז די שטילע אַלייע דאָ, איבער וועלכער ער האָט אַזוי פיל מאָל געשפּאַצירט אין אַזעלכע פרידלעכע געדאַנקען, אָדער אין אַ פריילעכן שמועס מיט אַ פריינט, זאָל פּלוצלינג ווערן די סצענע פון אַזאַ וויכטיגער טאַט אין זיין לעבן. וואָס קען אַ מענש פאָראויסזען? ער האָט זיך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט צו באַרירן לייכט מיטן שפּיץ פון זיין שטעקן דאָס גראָז דאָ און דאָרט, לויט זיין געוואוינהייט, אָדער אַ לייכטן שאָקל טאָן אַ ווילד בוימל און גראָז . .

אַ לייכטער הוסט פון הינטער אים האָט גרינ׳ען אויפגעטרייסלט פון קאָפּ ביז די שפּיץ פינגער. ער האָט זיך אויגנבליקלעך אומגעדרייט און דערזען פאַר זיך די אומאַנטשלאָסענע פיגור פון מאַריצקי׳ן.ביידע זיינען געווען בלייך ווי דער טויט. אַ רגע זיינען די צוויי עלטערע מענשן געשטאַנען איינער פאַרן צווייטן און זיך אָנגעקוקט פּנים אל פּנים, דאָס ערשטע מאָל אין לאַנגע יאָרן, געקוקט ביז וואַנען מאַריצקי האָט אונטער־טעניג אַ באַגריסענדן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. גרין וואָלט געענטפערט מיט אַ פולן שפּיי אין יענעמ׳ס צורה, נאָר זיין מויל האָט זיך ווי אויסגע־קרימט פון אַ זאָנדערבאַרער שטייפקייט. האָט יענער אים ווידער באַגריסט און אַ דריטן מאָל, מיט אַ שטייגנדיגער הכנעה.

„אויסוואורף!״—האָט גרין ענדלעך אַ געשריי געטאָן, און זיך אַ לאָז געטאָן מיט זיין שטעקן. אויסער זיך און אומגעשיקט האָט ער דעם ערשטן קלאַפּ געגעבן זיך אַליין. ס׳איז געווען אַ שאַרפער זעץ אין זיין אייגענעם קין, אַז בלוט איז אַרויס. מאַריצקי האָט געמאַכט אַ באַוועגונג ווי אים צו העלפן. גרין, ווילד פון רציחה און פון שמערץ פון קלאַפּ, וואָס ער האָט זיך אַליין געגעבן, איז ווי אויפגעריסן געוואָרן פון יענעמ׳ס פריינטלעכער באַוועגונג און ער האָט אים אַראָפּגעלאָזן אַ שווערן קלאַפּ איבערן ברוסט. יענער האָט זיך כמעט ווי ניט געווערט.

„גענוג״—האָט ער זיך געבעטען—„זאָל זיין גענוג.״

נאָר גרין האָט ניט געהערט. ער האָט געזוכט אים צו געבן אַ קלאַפּ אין קאָפּ—אַ טויט־קלאַפּ. יענעמ׳ס הוט האָט ער שוין געהאַט אַראָפּגע־וואָרפן און ער האָט געצילט אין גרויען קאָפּ.

„איר זייט משוגע! איר מערדערט מיך!״—האָט מאַריצקי געשריען, איצט שוין אין טויט־שרעק פאַר דער ערנסטקייט און ווילדקייט פון זיין געגנער. דער געשריי האָט גרינ׳ען מאָדנע דערמוטיגט.

„איך מערדער אים אין דער אמת׳ן״—איז אים געקומען אויפן געדאַנק.

„גוט, גוט״—און ער האָט געצילט אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ.

ווען מענשן זיינען זיך צוזאַמענגעלאָפן האָבן זיי אים געפונען איבערגעבויגן איבער מאַריצקי׳ן, וועלכער איז געלעגן אַ פאַר׳חלש׳טער מיט אַ פאַרבלוטיגטן קאָפּ.

„איך גיי, איך גיי . . .״—האָט גרין געזאָגט צופרידן צו די מענשן, וואָס האָבן אים אָוועקגעצויגן פון איבער יענעם. ער האָט געצווייפלט אַז זיין קעגנער איז טויט.

מען האָט אים געפּירט אַ צעבלוטיגטן. ער אָבער האָט גליקלעך געלאַכט. ס'איז אים געווען נאָר קשה, וואָס די פּאָליציי איז נאָך ניטאָ. ער האָט ניט געוואוסט, אַז אַ גוטער פריינט זיינער פירט אים אונטערן אָרעם און געדיינקט, אַז ער ווענדט זיך צו אַ ווילד פרעמדן ווען ער האָט געזאָגט:

„מיר קומט אַ מזל־טוב . . . זי וועט מיר אויך דאַנקען . . .״

דאָס האָט ער געמיינט זיין געוועזענע פרוי, וואָס איז שוין געווען טויט צען יאָהר . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . .

# אַ טריפה׳נער מזל

אַריין בין איך דאָרט צופעליק, ווייל ביי דער „נעקסט-דאָריגע", וואו איך האָב געהאַט צו קאָלעקטן אינשורענס, איז קיינער אין הויז ניט געווען. איך בין דאָרט ניט אָפּגעזעסן קיין פינף מינוט אפשר, אָט טאַקע ביי דער ערשטער פויזע בשעת איך האָב מיך געקליבן אַ רעד צו טאָן פון אינשור-רענס, ווען די קליינינקע אָבער גאַנץ אָנגענעמע, שוואַרץ-אויגיגע באַלע-באָסטע האָט מיך אַ פרעג געטאָן:

— קענט איר אפשר ווינשטיין, דעם דראָגיסט? איך גלויב איר מוזט אים קענען? — איר פראַגע האָט זי באַגלייט מיט אַזאַ וואַרימען בליק, אַז ניט ווילנדיג האָב איך געענטפערט:

— מיר דוכט, אַז יאָ.

— אַ נידעריקער? אַ דיקלעכער? — האָבן מוטער און איר 15-יעריגע טאָכטער כמעט אין איין אָטעם געפרעגט. — איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— מיט אַ פּופּקעלע לעבן נאָז? — דאָס האָט געזאָגט דאָס 4-יעריגע מוזיניקל. ער האָט זיך שוין פאַר דער צייט געהאַט צוגערוקט צו מיר און מיך באַטראַכט מיט זיינע קליינע אָבער עגבערדיגע שוואַרצע אויגלעך. דער איינציגער וואָס האָט נאָך קיין אָנטייל ניט גענומען אין דעם געשפּרעך איז געווען אַ 12-יעריגער אינגל. געזעסן איז ער אָנגעבלאָזן און פון צייט צו צייט געוואָרפן אַן אויג אויף מיר. דער האָט עס מיך טאַקע אַ פרעג געטאָן:

— וואו איז ווינשטיינ׳ס סטאָר?

איך האָב געענטפערט: אין לאָנג איילאַנד, און פאַרשטייט זיך ניט גע-טראָפן. אַלע זיינען אַנטוישט געוואָרן אַחוץ דאָס בייזע אינגל.

—אַ שאָד וואָס איר קענט אים ניט, — האָט געזאָגט די פרוי. אָט אין יענעם צימער האָט ער געוואוינט.

איך האָב אַ קוק געטאָן וואוהין זי האָט אָנגעוויזן. זי האָט זיך אָבער מיט מיין קוק ניט באַנוגנט, נאָר האָט זיך אויפגעהויבן און מיך אַריינגע-פירט אין צימער אַריין: אַ געווינלעכער איסט-סיידער בעד-רום.

— ניט קיין מיאוסער צימער — האָב איך געזאָגט.

זי האָט אַ שמייכל געטאָן: — ניט אַזוי האָט דער צימער אויסגעזען ווען וויינשטיין האָט דאָרט געוואוינט. אַט דאָס שמאָלע בעטל, האָט מען אַריינגעשטעלט פאַר דעם איצטיגן קוואַרטיראַנט. וויינשטיינ׳ס בעט איז יענע, די בראָנזענע גרויסע בעט, וואָס שטייט איצט אין עס־צימער.

— עס איז איצט איר בעט — האָט דער באַלעבאָס אַ ברום געטאָן אַנוויזנדיק אויף זיין טאָכטער. — דעם דעסק וואָס שטייט אין פאַרלאָר, האָבן מיר ספּעציעל געקויפט פאַר וויינשטיינען. איצט איז ער פאַרשלאָסן. איך אַליין דאַרף אים ניט. ווען „אייב — דער אַנגעבלאָזענער" — וועט זיין אַ „גוד באַי", וועט מען עס אים אָפּגעבן.

וואָלט איך געווען געקומען מיט אַ דריי מאָנאַט צוריק, האָבן זיי געהאַט וויינשטיינ׳ס אַ פאָטאָגראַפיע. מיט דער פאָטאָגראַפיע איז אַ גאַנצע געשיכטע. זי האָט געוואָלט לאָזן פאַרגרעסערן און האָבן עס מיט קאָלירן. מען וואָלט עס אויפגעהאָנגען איבערן „מענטל־פּיס" וואו עס הענגט איצט דעם מוזיניק׳ס בילד. און דעם מוזיניק׳ס בילד וואָלט מען איבערגעהאָנגען אויף דער אַנדער וואַנט. דער מוזיניק האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, קענטיק ער האָט ניט געהאַט דאַגעגן. זעט מען אָבער דעם אַגענט ניט: צוגענומען די קאַרטע און ניט געוואָרן.

— איך וואָלט אים געוואָלט זען, נאָר אויף אַ פּאָר מינוט — האָט דער שווערער מאַן אויסגעשאָסן. — קוקנדיג אויף דעם שווערן און אין דער מינוט אויפגערעגטן מאַן, איז געווען צו גלויבן, אַז אַ פּאָר מינוט וואָלט געווען גענוג.

— אַט דאָס איז וויינשטיינ׳ס קעמעלע און בערשטעלע — דער מוזיניקל האָט זיך קוים דערוואָרט אויף דער געלעגנהייט מיר מיטצוטיילן די ידיעה. ער האָט מיר שוין אַ צייט פריער געהאַט געריבן די קני מיטן בערשטעלע און קעמעלע. איצט האָט ער מיר זיי געוויזן גלייך אין די אויגן. זיין מוטער אָבער האָט מיט אַ וואונק מיר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָס נאָרט ער מיך אָפּ. דאָס איינציקע וואָס איז פאַרבליבן אין הויז פון וויינשטיינען איז געווען עפּעס אַ ציביקל, אָדער עפּעס אַזעלכעס.

די טיר האָט זיך פּלוצלינג געעפנט און עס איז אַריין מיט אימפּעט גאָר אַן אָנקלאָפּן, אַ גרויסע פרוי מיט אַ קאָנטעפּל אין איר פאַרשאַרצטער האַנט. דערזען מיך איז זי געבליבן שטיין. לויטן אימפּעט מיט וועלכן זי איז אַריין, האָט מען געקאָנט דענקען אַז זי איז געקומען עפּעס זאָגן. זי האָט אָבער גאָרניט געזאָגט און קיינער האָט פון איר גאָרניט ערוואַרט. זי איז געשטאַנען אַ ווײַלע, זיך צוגעהערט צום געשפּרעך, דערהערט אַז מען רעדט פון וויינשטיינען, האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און איז אַרויס אַזוי

פלוצלינג, ווי זי איז אַריין. דעם אמת זאָגנדיג, ביז אַהער האָב איך זיי אויסגעהערט נאָר צוליב דעם, אַז זיי זאָלן מיך אויסהערן, ווען איך וועל פּרוואוון אַ שמועס טאָן מיט זיי מכח ביזנעס. איצט אָבער האָט מיך טאַקע ווײַנשטיין פאַראינטערעסירט און איך האָב גענומען זיך צוהערן מיט קאָפּ.

— יאָ, וועגן אונזער געוועזענעם באָרדער ווײַנשטייגען — האָט די פרוי געזאָגט — מיר האָבן דאָך אַלץ דורכגעמאַכט מיט אים, אַלץ, יעדעס ברעקעלע. וואָס הייסט, ער האָט דאָך בײַ אונדז דורכגעפירט זײַן גאַנצן סטודיום, דאָ געוואָרן אַ דראַגיסט.

— אין יענעם צימער? — האָב איך נאַריש געפרעגט.

— וואָס פאַרשליסט איר אים עפּעס אין יענעם צימער? געשטודירט האָט ער דווקא אין פאַרלאָר, עס איז דאָרט לופטיגער און געראַמער. וואָסי? ווײַנשטיין איז דען געווען אַ קוואַרטיראַנט? ער איז דאָך געווען אַלץ איינס ווי אַ ברודער...

אַ ברודער! האָב איך מיר געטראַכט, איצט פאַרשטיי איך שוין, די פרוי מוז זײַן אַן איינציג קינד בײַ אירע עלטערן און פרויען האָבן שוין אַזעלכע קאַפּריזן. זיי קאָנען אָפּגעבן זייערע שוועסטער־געפילן אַ ווילד פרעמדן מענטשן, זיי מוזן האָבן אַ ברודער. טאַקע צו איבערצייגן זיך אַז איך ווייס עפּעס פון פרויען־נאַטור, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— אמת, איר זײַט אַן איינציג קינד געווען? אַן שוועסטער, אַן ברידער?

אַלע האָבן זיך צעלאַכט, אַפילו דאָס אָנגעבלאָזן אינגל. ער האָט אפילו בשעת מעשה עפּעס אַראָפּגעלאַטכנט פון אַ טעלער. זי האָט 2 שוועסטער און 7 ברידער: צוויי צווילינגס.

— און נאָך וואָסערע ברידער, — האָט איר מאַן זיך אַרײַנגעמישט — ריזן! זי איז די קלענע אין דער פאַמיליע. קליין, ווי זי איז, פירט זי אונז אַלעמען פאַר דער נאָז...

איך וועל זיך גאָרניט שעמען און זאָגן, אַז בײַ די ווערטער איז מיר געוואָרן קאַלאַמוטנע אויפן האַרצן. איך בין ניט קיין איפּערזיכטיגער, נאָר אַזוי אַן איינזאַמער מאַן. איך בין טאַקע ניט ווײַנשטיין, אָבער אַזוי איינזאַם... איך האָב זיך שוין מער ניט געקאָנט אַזוי אויפמערקזאַם צוהערן צו דער פרוי. גערעדט האָט זי פון ווײַנשטיינ׳ס עקזאַמענס, ווען איז עס געקראָכן אין קאָפּ?

— איר קאָנט זיך ניט פאָרשטעלן, — הער איך איר זאָגן, ווי דורכן שלאָף, — וואָס איך האָב מיך דאַן אָנגעליטן.

— ווער האָט זיך אָנגעליטן? — כאַפּ איך מיך אויף.

— איך — זאָגט זי — איך. איך בין עס פאַרשוואַרצט געוואָרן. וויינ־שטיין איז ניט דער מענטש, וואָס נעמט זיך שטאַרק צום האַרצן. איך אָבער, האָב דאָך געוואוסט אַז טאָמער האַלט ער ניט אויס דעם עקזאַמען, שמעקט עס מיט נאָך אַ יאָר. איינמאָל האָט דאָך געהאַלטן שוין ניט ווייט דערפון. און דאָ קומט ער איין טאָג און זאָגט, אַז ער דאַרף רחמים. ער געדענקט גאָר ניט, אין איין אויער גייט עס אים אַריין, פון אַנדערן אַרויס. אַלץ האָט זיך אים אויסגעוועבט פון קאָפּ. — וויינשטיין — שריי איך, ווי קאָנט איר אַזוי רעדן? — זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און שטודירן קאָן ער אויך ניט. ער שלאָפט איין, אַלץ אַרום שלאָפט, וויל ער אויך שלאָפן. אויף אַ חתונה, אָדער אויף אַ פּאַרטי, איז ער אַ בריה אויף צו זיין אַזוי גוט ווי אַנאַנדערער. דאַרף מען שוין זען, אַז ער זאָל ניט איינשלאָפן. אַוודאי ניט איבערטרייבן די מאָס, ווייל וויינשטיין איז געווען ניט קיין איבעריג גע־זונטער מענטש און איך האָב נאָך פריש אין קאָפּ געהאַט זיין לעצטע קרענק...

— אַזוי, וויינשטיין איז קראַנק געווען אַמאָל — האָב איך געפרעגט מיט גרויס אינטערעס, ווייל איך אַליין בין אויך קראַנק געוועזמיט אַ פּאָר מאָנאַט צוריק. איך בין נייגעריג געווען צו וויסן, ווי אַזוי עס איז צוגע־גאַנגען מיט אים.

— קראַנק צו קראַנק איז ניט גלייך — הער איך ענטפערן און מיין האַרץ ווערט מיר שוואַך הערנדיק. ניין, ניט צוליב וויינשטיינען, צוליב מיר אַליין. ווי אַזוי די פרוי האָט עס אויף אים אַכטונג געגעבן, אים ניט געלאָזן ליגן אין שפּיטאָל. ניט געלאָזט אַנאַנדער פערזאָן אים אַטענדן, ווען זי קען אים אַזוי, ווייס יעדער פּיצעלע ווענן אים. און עס האָט איר גאָרניט פאַר־דראָסן וואָס זי האָט אים אַליין געטענדעט, ניט קוקנדיג אויף דעם, וואָס איר מוזיניקל האָט זיך אַוועקגעלייגט גלייך נאָך אים — זי האָט אים נעבאַך געהאַט פאַרנאַכלעסיגט. אין שפּיטאָל וואָלט מען אויף וויינשטיינ׳ען אַוודאי ניט אַזוי אַכטונג געגעבן.

יאָ, האָב איך מיר געטראַכט, איך בין אויך אָפּגעלעגן אַכט טעג, איינער אַליין אין בעד־רום, אַ הונט זאָל עס פאַרשמעקן . . .

איך האָב זיך שיר ניט אויפגעהויבן פון מיין אָרט, ניט געקאָנט מער הערן פון וויינשטיינען. אין אמת׳ן, וואָס גייט עס מיך אָן ווי אַזוי ער האָט חתונה געהאַט? ווער איז ער עס אַזעלכעס? אַ שטיקל דראַגיסט! איבער־געלאָזן אַ ציביק — באַצאַלט, הייסט עס, פאַר אַלעס . . . געזעסן 2 יאָר אין איין קלאַס . . . געמיינט טאַקע ווער ווייס ווער עס איז. האָב איך מיר שוין צוגעהערט מיט איין אויער נאָר. זי האָט געוואָלט אַז וויינשטיין זאָל זיין געדולדיק מיטן הייראַטן, זאָל וואַרטן אויף אַ מיידל מיט געלט. ער האָט

ניט געוואָלט וואַרטן, ער איז אַ געענדיגטער, ווײַל ער הייראַטן. גענומען אַ מיידל כמעט אָן געלט. געלט אויף אַ סטאָר וועט ער זיך קאָנען באָרגן...

— באָרגן? ביי וועמען?

— אַ שיינע שאלה! וועמען האָט ער דאָ? מיר האָבן אים געבאָרגט דאָס געלט, די אײַנריכטונגען האָבן געמאַכט אירע ברידער, דער עלטערער צווילינג, יענע גרויסע אידן. זיי זיינען קאַרפּענטערס. אָפּגעאַרבעט אַ סטאָר אַ ליאַלקע. שנעל און שפּאָט ביליג אויך.

„מיין באָבע'ס דאגה, — איז מיר אײַנגעפאַלן אַ געדאַנק. — וואָס גייען מיך אָן פילאָזאָפישע פראַגן? איך בין קודם כל אַן אינשורענס אַגענט. ביזנעס איז דאָס ערשטע", און ביזנעס, האָב איך געזען, קאָן מען מיט די מענטשן טאָן, דאָס לאָזט זיך אָנטאַפּן. נעם איך מיר דאָס מיזיניקל צו זיך אויפן שויס.

— דאָס אינגעלע, — ווענד איך מיך צום פאָטער, — דאָס אינגעלע לאָזט מיך פאַראינשורן. אַ שיין אינגעלע.

— נאָו סער!

— פאַר וואָס ניט?

— ער איז שוין אינשורט, גאָר פראָסט...

— טאָ זאָל זיין די יונגע מיס, מאַך איך, אָדער אייך אַליין. איך בין ניט קיין אײַנגעשפּאַרטער. אַבי ביזנעס.

ער זאָגט ניט „נאָו סער", נאָר שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניט.

— פאַרוואָס?

אַנשטאָט אַן ענטפער שמייכלט ער ברייטלעך. ריכטיגער, שמעלצט זיך פון הנאה.

— זי איז אויך אינשורט? איך גלויב אייך ניט.

—ס'איז אַזוי. זיין פּנים גלאַנצט פון שוויס, פון הנאה. ער צעגייט זיך, וואָס עס האָט זיך געפונען איינער וואָס האָט אים פאַרכאַפּט דעם וועג. אַז וויינשטיין איז עס געווען דער פאַרשוין, איז ניט געווען קיין גרויסער קונץ צו טרעפן. אַלס סטודענט האָט זיך וויינשטיין גענויטיגט אין אַן עקס־טרא הכנסה.

קומענדיק אין אָוונט צו זיך אַהיים האָב איך געפונען מיין מיט־קוואַרטיראַנט, אויך אַזאַ בעל מזל ווי איך.

— קענסט אפשר וויינשטיין דעם דראַגיסט?

און איך האָב אים דערציילט אַלץ און געפרעגט ווי אַזוי ער פאַר־שטייט עס.

— ס'איז אַ טריפה'נער מזל, האָט ער, קורץ געזאָגט.

— דאָס אַלעס? דאָס האָב איך שוין אַליין געטראַכט, אָן דיר...

# אין די בערג

אויפן באַרג אין אַ ווייס הויז צווישן אַלטע הויכע ביימער האָבן זיי געוואוינט מיט זייער איינציגער יונגער טאָכטער.

אונטן האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ ברייטער טאָל, און ווייט, ווייט איז געלעגן צוזאַמענגעשטיקט אַ שטאָט.

פון הויכן באַרג האָט דער טאָל אויסגעזען גלאַט ווי סאַמעט; די מענטשן וואָס האָבן דאָרט געאַרבעט — מאָדנע קליין און ליב. עס האָט אויסגעזען אַז זיי שפּילן זיך מער ווי זיי אַרבעטן, הגם זיי פלעגן אָפט אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג אויפן זעלביקן אָרט. איינגעבויגן אין דרייען, שפּילן זיך מיט קליינע פערדעלעך, קיעלעך און עקסעלעך — אַלץ שיין, פאַרביק, אפילו די אָרעמע שמאַטעס פון די אַרבעטער...

די שטאָט האָט אַרויסגעגעבן אַ זשומען ווי פון טויזנטער און טויזנטער בינען, וואָס אַרבעטן פלייסיק און שטיל ערגעץ וואו אין אַ העלן זומערטאָג אויף שמעקעדיקע פעלדער. אַ רויך פלעגט זיך אָפּט־מאָל זען אויפשלענגלען צום הימל אַרויף און צעגיין ווי ווייראַך.

די יונגע טאָכטער, נאָך דעמאָלט אַ קליין קינד, פלעגט אָפט צוקומען צום ברעג פון שטילן באַרג און זיך צוהערן צום זשומען פון שטאָט.

— וואָס זשומעט עס אַזוי שיין? — פלעגט זי פרעגן.

— די שטאָט.

— וואָס איז אַ שטאָט?

— זיי האָבן איר דערקלערט וואָס איז אַ שטאָט, אויף זייער אופן.

— פאַרוואָס וואוינט איר ניט אין שטאָט?

— ווייל דאָ איז גראַמער, פרייער, און העכער, קינד, העכער. בעסער פאַר דיר.

און דאָס קינד האָט יאָ געגלויבט און ניט געגלויבט, ווייל יעדעס מאָל האָט איר דאָס זשומען אַנדערש געקלונגען און שטענדיק אינטערע־סאַנט. און כמעט יעדעס מאָל האָט זי געהאַט עפּעס אַנדערש צו פרעגן וועגן דער שטאָט און די וואָס וואוינען דאָרט. מאַנכע מאָל, אין אַ שטי־

לער פאַרטראַכטער מינוט, פלעגט זי וואַרפן אַ בליק איבער דער זייט פון צוים וואו עס איז געווען אַ פאַרקלאַפּטער ברעטער־אַריינגאַנג. דאָ, האָט זיך איר געדוכט, איז אַמאָל געווען אַן אַריינגאַנג פון שטאָט איבער אַ שמאָל וועגעלע, באַוואַקסן איצט מיט גראָז, וואָס האָט זיך געדרייט און געשלענגלט באַרג אַרפּ. זי פלעגט אַ בליק טאָן אַהין ווי מיט דערוואַרטונג: טאָמער וועט זיך פּלוצלונג איבערן צוים באַווייזן דער קאָפּ פון אַ שטאָט־מענטש.

זי פלעגט זיך אָבער גלייך אומקוקן צי מען זעט ניט, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז אירע עלטערן ווילן עס ניט לײדן. זיי האָבן איר אַלץ דערציילט פון אַן אַנדער וועלט און געהייסן קוקן אַרויף און צו דער זייט פון זונען־אונטערגאַנג, ניט אין דער שטאָט־ריכטונג. און זי פלעגט טאַקע אַמאָל פאַרקוקן אַהין אויך, פאַראינטערעסירט אויסצוגעפינען אַליין, וואָס איז די צוקונפט און די וועלט וואָס זיי זאָגן איר צו. זי האָט אָבער גאָרניט געהערט און גאָרניט געזען, מער ניט ווי אַ שטילע שטיל־קייט, אַן איינזאַמע איינזאַמקייט, און אַן אומענדלעכקייט...

אַ צייט פלעגט זי אַזוי אָפּשטיין אַליין, דאַן געבן אַ שמייכל און צוריקקערן זיך אין הויז אַריין. דער שמייכל האָט אפשר געהאַט אַ טויזנט מיינען, וואָס זי אַליין האָט ניט געוואוסט זיינע אַלע מיינען. און ווייל זי האָט ניט געוואוסט, האָט זי אים באַלד באַגלייט מיט נאָך אַ שמייכל.

דערווייל איז דאָס מיידל געוואַקסן און זיך אַנטוויקלט. די שטאָלצע עלטערן, קוקנדיג אויף איר, פלעגן זיך אָפטמאָל איבער־בליקן מיט אַ גליקלעכן שמייכל און דאָס קינד האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט אַ שייכות צו דער גרויסער צוקונפט וואָס זיי בויען פאַר איר, נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד. און ווען זי פלעגט זיך אַמאָל דורכגיין פאַר זיי, אַבזיכטלעך, שטאָלץ, מיטן קאָפּ הויך, די טריט ריטמיש, אַזוי ווי זיי האָבן זי געלערנט זיך צו האַלטן, — האָט זי געזען ווי זייערע געשפּאַנטע אויגן לייכטן אויף מיט גרויסער האָפנונג. נאָר אַז זיי פלעגן זיך פאַרקוקן אַן אַ זייט, פלעגט זי דאַן גלייך אַראָפּלאָזן דעם קאָפּ. אַ שפּאַציר טאָן מיט אַזאַ דראַבנינקן געדיכטן, לעכערלעך־פּאַטעטישן טראָט, נאָכ־מאַכנדיג דעם גאַנג פון אַ מאָדנער פיגור.

— ווי לאַנג וואוינט איר שוין דאָ אין דער הויך? — האָט זי אַמאָל איר פאָטער געפרעגט.

— וואָס מאַכט דיר דענקען אַז מיר האָבן ניט שטענדיג געוואוינט אין דער הויך?

דאָס מיידל האָט דייטלעך געלעזן זיין פאַרלעגנהייט, כמעט שרעק.

— איך דענק ניט, איך פרעג נאָר, — האָט זי געענטפערט.
— דו ביזט אַ קינד פון די בערג. דו ביזט געבאָרן געוואָרן אין דער הויך...
— יאָ, אָבער איר? — איז זי ווי צוגעשטאַנען.
— אַן אַנדערש מאָל, אַן אַנדערש מאָל... ניט איצט.
ער איז אַרויס און זיין אויג האָט געקוקט אין זיך, אויף צוריק.
ווען זי איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָבן אירע עלטערן זי אין זאַל אַריינגערופן. זייערע אויגן האָבן געשיינט מיט דעם ליכט פון דער נאָענטער און זיכערער דערוואַרטונג. זיי האָבן איר געהיימניספול אָנגעוויזן אויף אַ טייערן שטיין וואָס זי האָט געטראָגן זינט זי געדענקט זיך, און האָט דעריבער ביז אַהער ניט געהאַט קיין איבעריגן אינטערעס אין דעם.
זי האָט געעפנט אירע גרויסע טיפע אויגן גרייט צו זען די צויבערהאַפטע וואונדערקראַפט פון דעם באַקאַנטן שטיין. זיי האָבן אָבער געזאָגט:
— טראָג דעם שטיין און היט אים אָפּ. טראָג אים ביזן טאָג אין וועלכן ער וועט קומען. ער וועט קומען פון דאָרט — פון דער זייט פון זונען־אונטערגאַנג, פון צווישן די הויכע, דערהויבענע בערג, פון די שטילע געגנטן דאָרט... דו וועסט אים דערקענען ווען דו וועסט אים זען. ווייל זיין גאַנצע פיגור איז פון אַ זון פון די בערג. ער איז הויך און שטאָלץ, שטאָלץ ווי אַ גאָט. זיין גאַנג איז ווי באַפליגלט: געשיקט און לייכט. זיין אויג שיינט מיט גלויבן אין זיך, ברענט מיט אַ געטלעך פייער. אָט דורך דעם פייער אַליין וועסטו אים דערקענען. אויך וועסטו אים דערקענען נאָכן גרויסן גליק וואָס וועט אים אָנפילן ווען ער וועט דיך דערזען. דו וועסט אים דערקענען נאָכן גרויסן גליק וואָס וועט דיין אייגן האַרץ אָנפילן, ווייל אַזאַ גליק האָסטו נאָך קיינמאָל ניט דערפילט. ס'איז אַ גליק וואָס דאַרף זיך ניט אויסשעפּן אַ גאַנץ לעבן. ער וועט דיך רופן צו זיך אין די בערג. ווען דו וועסט אים דערקענען, זאָלסטו אים דעם צויבערשטיין געבן — דאָס וועט זיין דער צייכן פון אייער פאַראייניגונג...
דאָס יונג מיידל האָט נאָכאַמאָל אויפגעהויבן דעם שטיין און לאַנג עס באַטראַכט.
— פון וועלכער זייט דאַרף ער אָנקומען? — האָט זי געפרעגט.
— פון זונען־אונטערגאַנג, פון די בערג.
— ניט פון דער שטאָט? — האָט זי ווי צו זיך אַליין געלאַכט.
— ניין, ניין! — האָבן זיך די עלטערן דערשראָקן.

— ניט פון אונטן? — האָט זי אַלץ מער געשמייכלט.

— וואָס איז מיט דיר, ליב קינד, וואָס רעדסטו?

— אַ הויכער, זאָגט איר, — האָט זי רואיק פאָרטגעצויגן, — אַ שטאָלצער?

— יאָ, יאָ, טייער קינד.

— ניט קיין אײַנגעבויגענער? קיין אַלטער? קיין אײַנגעהויקערטער?

— טאָכטער, — האָבן זיי ביידע אויסגעשריען, — טאָכטער אונזערע, וואו האָסטו געזען אַן אײַנגעבויגענעם? פון וואַנען ווייסטו פון אײַנגעהויקערטע? פון געקריפּלטע?

— אין חלום, — האָט זי רואיק געענטפערט, — אָפט געזען מאָדנע לעכערלעכע פיגורן... — און זי האָט נאָכגעקרומט אַ לעכערלעכע לצ׳ישע פיגור, אַז זיי זײַנען בלאַס געוואָרן פון טויט־שרעק.

— אין חלום? אָפט, אָפט אין חלום? — האָבן זיי קוים וואָס מען האָט געהערט געפרעגט, איבערגעבליקט זיך איינס מיטן צווייטן, געשטוינט און ניט פאַרשטאַנען.

— ס׳איז גאָרניט, — האָט דאָס קינד זיי באַרואיקט און ניט פאַרשטאַנען.

— ס׳איז גאָרניט, — האָט דאָס קינד זיי באַרואיקט, — גאָרניט מיט גאָרניט... איך האָב מיך ניט געשראָקן, כ׳האָב ניט מורא געהאַט.

זי איז אַרויס פון צימער גלעטענדיק דעם שטיין...

אַ האַלב יאָר איז אַריבער. פאַר דער צייט האָט דאָס מיידל נאָר זעלטן, זעלטן, אַ טראַכט געטאָן פון דעם צויבערשטיין און פון דעם גאַסט וואָס זי דאַרף ערוואַרטן. אַמאָל נאָר, ווען זי האָט זיך פאַרטיפט ווייט אין וואַלד, האָט זיך איר געדוכט אַז זי הערט דאָס קלאַפּן פון טריט און זי האָט געמיינט אַז דאָס קומט ער אָן. זי האָט זיך דאַן אָנגעשפּאַרט אָן אַן אַלטן בוים און געהאָרכט אַ ווײַלע אין שטילער ערוואַרטונג. זי האָט זיך אָבער באַלד איבערצייגט אַז דאָס זײַנען ניט געווען קיין מענטשן־טריט, נאָר איינע פון די שטימען פון טיפן וואַלד.

אַנאַנדערשמאָל, ווען זי האָט פונקט ניט געהאַט וואָס צו טאָן, האָט זי אַראָפּגענומען דעם שטיין פון האַלז, אים גוט באַטראַכט און ניט געקאָנט פאַרשטיין: „אַ צייכן פון פאַראייניגונג, אַ צייכן פון פאַראייניגונג״, — האָט זי צו זיך געזאָגט. זי האָט באַשלאָסן צו פרעגן איר פאָטער, האָט עס אָבער פאַרגעסן צו טאָן.

און דערווײַל איז שוין געווען ענדע זומער און הייסע, הייסע טעג. איין נאָכמיטאָג איז זי געלעגן אויפן טרוקענעם גראָז אונטער אַ בוים,

ניט ווייט פון הויז. ס'איז געווען שטילער ווי שטענדיג. איר פאָטער איז אָפּגעפאָרן נאָך אין דער פרי און די מוטער איז אויך אוועק ערגעץ־וואו. אויב ס'איז געווען ווער עס איז אין הויז, איז מסתמא געווען פארשטעקט אין אַ ווייטן צימער און געדרעמלט ביי דער אַרבעט. זי איז געלעגן אויפן גראָז שטיל און באַוועגונגסלאָז און עס איז אויסגעקומען, אַז נאָר אירע גרויסע אָפענע אויגן זיינען אָפן און קוקן פויל און רואיג פאַר זיך. פלוצלינג האָט זי דערזען פון יענעם זייט צוים ביים פאַר־קלאַפּטן אַריינגאַנג, די פיגור פון אַ מאַן. אַ סעקונדע פריער איז די פיגור דאָרט ניט געווען, נאַרוואַס, אין דער הוילער רגע פלוצלינג אויסגעוואַקסן: אַן איינזאַמע מענטשלעכע פיגור, מיט רויטע צעשוי־בערטע האָר, וואָס איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט און געקוקט אויף איר מיט לעכערלעך דערשראָקענע קליינע אויגן.

זי האָט זיך הויך פאַנאַנדערגעלאַכט, ווייל זי האָט דערקענט אַ פיגור פון אַ חלום אין איר גאַנצער גראָטעסקייט.

— קום אַהער — האָט זי געזאָגט און מיטן פינגער געגעבן אים אַ צייכן אַריבערצוקומען.

די פיגור איז געבליבן שטיין שטום ווי פריער, נאָר געקוקט שאַרף מיט זיינע קליינע אויגן.

— קום, קום! האָט זי ווידער אַריבערגעשריגען און דער שטיין האָט זיך אַ שאָקל געטאָן פון איר באַוועגונג. — קום, שפּרינג אַריבער איבערן צוים. ס'איז ניט אַזוי הויך.

דער שטיין האָט אויגנבליקלעך צוגעצויגן זיין אינטערעס. אָבער אַריבערגעשפּרונגען איז ער ניט, ער איז דורכגעקראָכן דורך אַ לאָך אונטן אויף אַלע פיר און אַ שעמעוודיגער מיט אונאַנטשלאָסענע טריט איז ער צוגעגאַנגען צו איר.

— גוט, — האָט זי געזאָגט, — זעץ דיך דאָ לעבן מיר. וואָס האָס־טו אין דיין רענצל?

עס האָט איר אַמוזירט וואָס אַרויסלאָזנדיג זיך אויף זיין וועג באַרג אַרויף, האָט ער ניט געהאַט פאַרגעסן אָן זיין באַשיידן טעגלעך ברויט, וואָס זי האָט באַמערקט אין זיין רענצל.

— ווי דען אַנדערש? — האָט זיין לוסטיג אויג נאַאיוו געפרעגט.

זי האָט גענומען אים געבן באַטראַכטן: אַ מאָדנע פיגור — אַזוי מענטשלעך אָבער אַזוי לצ'יש. אין זיינע קליינע אויגן האָט געשפּילט דאָס לוסטיגע פייערל פון פּאַיאַץ. ער האָט אויסגעזען קאָמיש, באַגרענעצט, און שטיפעריש. ווי אַ פּאַיאַץ, האָט ער מיטגעלאַכט שטיפעריש און זעלבסט־צופרידן. און דאָך האָט אין דיזעלבע אויגן אָפט אויפגעלויכטן

אַ פּייערל פון אַ גאַנץ אַנדער סאָרט, אַן אומאויסלעשלעך, אומרואיג פייערל, וואָס האָט אַזוי געעגבערט און געזוכט.

עס איז געווען מאָדנע אַנגענעם, ביז צו איבעררײַשונג אַנגענעם, צו פילן אים אַרום זיך אויפן באַרג. אַזוי ווי ער וואָלט געקומען נית איינער אַליין נאָר מיטגעבראַכט מיט זיך עפּעס אַ לאַנג פאַרגעסענע פרייד פון אַמאָל, וואָס קאָן יעדע רגע קלאָר און ליכטיק ערשיינען פאַר איר.

— קומסט פון שטאָט ? פון יענער שטאָט דאָרט ? זיינען אַלע שטאָטישע ווי דו ? ניט אַלע ? ניט אַלע — פון דער געהיימניספולער שטאָט קומסטו ? . . .

דערווייל האָבן אירע שיינע לאַנגע פינגער געבלאָנזשעט צווישן זיינע רויטע, האַרטלעכע האָר. גלעט זי האָר, אָדער די פעל פון אַ חיה? — האָט זי געטראַכט.

— דערקענסט מיך ? — האָט זי אים אַריינגעשושקעט אין אויער. ער האָט איר ניט פאַרשטאַנען.

— טאַקע ניט ? דערקענסט מיך ניט . . . געדענקסט ניט אונזער חלום ? — זי האָט געלאַכט פון פולן האַרצן איבער איר אייגענער וויל-דער פאַנטאַזיע, וואָס זי וויל אַז ער זאָל איר געדענקען ווייל זי האָט אים אין איר חלום געזען. — אונזער חלום האָט אויך געקלונגען אַזוי קאָמיש.

ער איז פלוצלינג געוואָרן אומגעדולדיג און זיך אַרומגעקוקט.

— איז דאָ קיינער ניטאָ? — האָט ער געוואָלט וויסן.

— קיינער איז איצט ניטאָ . . . מיר זיינען אַליין . . .

— ווייז מיר דעם שטיין . . . גיב מיר דעם שטיין . . .

— דו ווילסט דעם שטיין! ביזטו ניט אַמאָל יענער וואָס דאַרף קומען פון דער ריכטונג פון זונען-אונטערגאַנג ? יענער פאַרשטעל-טער פרינץ ? — האָט דאָס מיידל אין שפּאַס געפרעגט און אים זאַנפט צוגעפליסטערט :

— וואַרט נאָר, וואַרט, זיי ניט אומגעדולדיג, וועסטו אפשר קריגן דעם שטיין . . .

אין דער מינוט איז ביי איר רעכט געווען צו געבן אים דעם שטיין. ער איז געקומען דער ערשטער . . . דערווייל האָט זי אים געפּרואווט דערציילן פון יענעם, וואָס דאַרף קומען און געשילדערט אים גענוי לויט איר עלטערנ'ס באַשרייבונג. זי האָט גערעדט האַלב אין שפּאַס, האַלב אין ערנסט, האַלב געוואָלט אים מאַכן גלויבן, האַלב זיך אַליין גע-מאַכט גלויבן : אויב דער פון איר חלום איז געקומען, פאַרוואָס קאָן

יענער ניט קומען? אפשר איז יענער אויך אַ חלום, זייערס אַ חלום? אַזוי האָט זי געטראַכט און דעם שטיין געהאַלטן באַדעקט מיט איר האַנט.

ער האָט אָבער שוין אומגעדולדיק אַרויסגעלייגט זיין האַנט אויפן קייטעלע.

— דו רייסט דאָס קייטעלע, דו רייסט מיר דעם האַלז? דאָס ניט!

— האָט זי אויסגעשריען ערנסט. — ניט אַזוי!

עס איז איר מאָדנע באַנג געוואָרן קוקנדיק אויף אים. זי האָט זיך ניט געהאַט פאַרגעשטעלט אַז די פיגור פון איר חלום, וואָס קאָן זיין אַזוי קאָמיש, איז אויך פעאיג אויף געוואַלד. דער מיידל׳ס ערנסטער טאָן האָט אים אַ רגע צודיקגעהאַלטן אָבער אַזוי גיך ווי איר געזיכט האָט ווידער אויפגעשטראַלט מיטן פאַריגן ליכטיגן שמייכל איז ער ווידער ווילד מיט באַגער געוואָרן.

— דו רייסט שוין ווידער!... אָ!...

ער האָט איר דאָסמאָל ניט געהערט.

— שוין! — האָט ער געזאָגט, האַלטנדיק אין זיין האַנט דעם שטיין מיטן צעריסן קייטל. — פאַרטיק! און ער האָט זיך געלאָזן אַוועקגיין פון איר.

— פאַרטיג!? — האָט דאָס מיידל מיט ווייטאָג געפרעגט.

ער האָט געשפּאַנט גיך, גיך צום צוים צו. דאָס מאָל איז ער אַריבערגעשפּרונגען. אויף יענער זייט צוים האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַריבערגעקוקט צו איר מיט אַזאַ אומענדלעך לאַנגן און באַנגן בליק, אַז איר געזיכט האָט ווידער אויפגעלויכטן. און דאַן איז ער פאַרלאָרן געוואָרן. זיין קאָפּ האָט זיך אָבער באַלד ווידער באַוויזן און באַוויזן זיך אַ דריטן מאָל...

:: :: ::

ווען די מוטער איז אַהיים געקומען, האָט זי געפונען דאָס יונגע מיידל אויף דער אָפּענער וועראַנדע, זינגענדיק אַ זאַרגלאָזן און מוטיגן געזאַנג. זי האָט אָנגעהויבן צו זאָגן איר עפּעס, נאָר ביי די ערשטע פּאָר ווערטער זיך פּלוצלינג אָפּגעשטעלט:

— וואו איז דער שטיין?! — האָט זי געפרעגט אין אַ שטימע פון שרעקלעכער פאַרצווייפלונג, ווי זי וואָלט גלייך פאַרשטאַנען וואָס עס איז פאַרגעקומען.

— אַוועקגעגעבן...

גאָרניט פרעגנדיג וועמען און ווי אַזוי, האָט די מוטער זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אַ שטול אין אַ ווינקל, פאַרשטעלט איר טויט־בלאַס פּנים מיט אירע מאַכטלאָזע הענט און ביטער אַריינגעוויינט אין זיי.

— ס'איז געווען דיין גרעסטער פאַרמעגן! — האָט זי געזאָגט איר טאָכטער, נאָך אַ לאַנגער פּויזע, דורך טרערן, ניט אָוועקנעמענדיק אירע הענט פון געזיכט.

דאָס מיידל אָבער איז געשטאַנען אַנגעשפּאַרט שטום און שטאָלץ אין דעם ווינקל אַנטקעגן, און איר פאַרקלערט, אין דער מינוט טרויעריק געזיכט, האָט געטראָגן אַ שמייכל, וואָס האָט אפשר געהאַט אַ טויזנט מיינען. — אַ שמייכל פון אַן אמת בערגן־קינד פון אַ מוטער, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין אַ טאָל.

— ווי אַזוי ווערסטו אים באַגעגענען? — האָט די מוטער ווידער אַרויסגערעדט פון איר פאַרשטעלט געזיכט.

און דער שמייכל אויף דעם מיידל'ס געזיכט האָט זיך פאַרטיפט און געוואָרן נאָך מער רעטזעלהאַפט אַזוי אַז עס האָט געריסן דאָס האַרץ קוקנדיק אויף דעם, ווייל עס האָט אויסגעוויזן צו זיין דער שמייכל פון די פאַרטריבענע פון גן־עדן. אָבער אַ ווײַלע שפּעטער האָט שוין אויסגעקוקט אַז דאָס שמייכלט איינע וואָס איז אונערשעפּלעך רייך, און וואָס ווערט אַלעמאָל רייכער.

אַז די מוטער האָט ענדלעך אירע הענט פון איר געזיכט אַראָפּגענומען און אַ בליק געטאָן אויף איר טאָכטער, האָט זי איר טאָכטער ניט דערקענט. איר געזיכט און די האָר אַרום האָבן געלויכטן פון די שטראַלן פון דעם הערלעכן זונען־אונטערגאַנג אַנטקעגן...

# לאַנגע צינגער

אַ פרוי דערציילט אַן אַנדערער:

— זעט איר, ביי אונז איז עס צוגעגאַנגען גאַנץ אַנדערש. מיר האָבן אונזער מוטער אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. זי איז געווען אַ פרוי וואָס פלעגט זיך נעמען צום האַרצן פון יעדער קלייניגקייט, האָבן מיר באַהאַלטן פון איר יעדן פּאַרדרוס, צי גרויס, צי קליין, ווי עס קומט אַמאָל פאָר אין הויז. קיין קרומע מינע איר קיינמאָל ניט געוויזן.

איך געדענק, ווען מיין פאָטער האָט פּלוצלינג אָנגעוואָרן זיין שטעלע, פונקט דעמאָלט ווען ער האָט זיך געריכט אויף אַ העכערונג אין געהאַלט. מיר האָבן שוין געהאַט געמאַכט פּלענער איבערציען זיך אין אַ שענערער דירה. מילא, פון אַ שענערער דירה, האָט שוין נאָכדעם, פאַרשטייט זיך, מער קיין רייד ניט געקאָנט זיין. די פראַגע איז איצט געווען, ווי האַלט מען כאָטש אָן די דירה און דעם פריערדיגן אָרט לעבן, אַזוי אַז די מוטער זאָל זיך ניט אָנשטויסן אויף דער ענדערונג, ווייל מיר זיינען אַלע איינשטימיג געווען אַז די מוטער טאָר פון קיין זאַך ניט וויסן, זי וועט עס פשוט ניט אַריבערטראָגן. און מיינט איר אפשר, אַז מיר האָבן אונזער באַשלוס ניט דורכגעפירט? זעקס מאָנאַטן איז מיין פאָטער אַרומגעגאַנגען אָן אַ שטאָך אַרבעט, אַ פאַראומערטער, אַ פאַר־חושכ׳טער, אָבער אין הויז איז אַלץ געווען ווי געווינלעך. וואָס דאַרפט איר מער, מיין מוטער איז געווען אַ גרויסע ליבהאָבערין פון רוסישן קאַוויאַר, טאַקע פון עכט־רוסישן. זי איז ניט אַזעלכע וואָס מען וואָלט געקאָנט געבן עפּעס אַנדעריש און זאָגן אַז עס איז די עכטע סחורה, זי האָט געהאַט אַ זעלטן דעליקאַטן חוש — האָט זי געהאַט איר קאַוויאַר אויך. ווי אַזוי מיר האָבן עס באַוויזן צו טאָן? עס איז טאַקע געווען מיט גרויסע צרות, אַ ביסל מיינע אָפּגעשפּאָרטע געלט, אַ ביסל מיין ברודער׳ס, דאָס רעשט זיך פאַרשולדיגט, נאָר זי זאָל פון קיין זאַך ניט וויסן, ווייל וואָלט זי געוואוסט איז...

— איך שטעל מיר פאָר וואָס זי האָט געזאָגט ווען איר האָט איר ענדלעך דערציילט ווי די זאַך איז געווען...

— דערציילט?! מיר האָבן איר קיינמאָל ניט דערציילט.

— איר האָט איר קיינמאָל ניט דערציילט? עס גלויבט זיך גאָרניט.

— עס גלויבט זיך אייך ניט? אַזוי איז עס אָבער געווען. וואָס דאַרפט איר מער, איך האָב באַדאַרפט דורכמאַכן אַ שווערע אָפּעראַציע, אין ערשטן יאָר פון מיין פאַרהייראַטן לעבן, זאָל איך גיין מיט דער ליבער בשורה צו דער מאַמען? זי איז דאָך אַזאַ ציטערדיגע, איר האָרץ פאַר־חלש׳ט איר ווען זי זעט אַז מען האָט זיך פאַרשטאָכן מיט אַ שפּילקע, — קומען און זאָגן איר, אַז איר איינציגע טאָכטער, איר בת־יחידה, גייט אונטערן מעסער ערגעצוואו אין אַ שפּיטאָל? זי אַליין האָט באַדאַרפט אַמאָל זיך לאָזן אויסרייסן אַ צאָן, אַ שאָקלדיגן צאָן נאָך אויך, האָט זיך געוווג אָפּגעטאָן מיט דעם צאָן. אָן גאַז אודאי ניט, מיט גאַז האָט זי ווידער מורא געהאַט...

— אַ שוואַך האַרץ?

— אַ שוואַך האַרץ, ניין. מיר זיינען געווען מיט איר ביי אַ דאָקטאָר, האָט ער זי באַרואיגט: איר האָט גאָרניט וואָס מורא צו האָבן. און אויב דאָס איז ניט געווען גענוג, האָב איך איר געבראַכט מיינער אַ פריינדינ׳ס מוטער ביי וועלכער מען האָט געהאַט אַרויסגעצויגן עלף ציינער אויף אַמאָל — זאָל זי זען און ניט שרעקן זיך. נו, ווען איך מיט מיין פאָטער זיינען צוגעקומען מיט איר צום דענטיסט, דענקט איר ניט אַז מיר האָבן זיך געמוזט אומקערן אַהיים מיט איר שלעכטן צאָן אין איר מויל? דערפאַר האָב איך איר פון דער אָפּעראַציע ניט דערציילט, געזאָגט אַז איך פאָר אין קאָונטרי און פטור...

— און פון דעם אויך האָט איר איר שפּעטער ניט דערציילט?

— פון דעם אויך ניט.

— האָט זי ניט געוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע?

— דאָס וועל איך ניט זאָגן. זי האָט זיך דערוואוסט.

— דערוואוסט זיך? דאָס איז שוין אַן אַנדער געשיכטע. איך האָב פאַרשטאַנען אַזוי...

— כאַפּט ניט. פאַרוואָס פרעגט איר ניט ווי אַזוי אַרום זי האָט זיך דערוואוסט?

— ווי אַזוי?

— אַ קוזינע מיינע האָט זיך דערבאַרעמט און איר דערציילט.

— אַ צייט דערנאָך, פאַרשטיי איך.

— ניט געטראָפן. זי האָט איר דערציילט נאָך פאַר דער אָפּעראַציע.

— גייט שוין, גייט!

— יאָ, יאָ. מיר זיינען עס הערגאַנגען גאָר צופעליג, אַ צייט שפּעטער. זי אַליין, די קוזינע, מיין איך, האָט זיך אויסגעפּלוידערט. זי האָט איר אויך דערציילט אַז מיין פאָטער איז אָן אַ שטעלע, גלייך ווי זי אַליין האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט. מיין מוטער האָט די גאַנצע צייט געוואוסט פון אַלץ מיט אַן אַנדער גלייך מיט אונז. זי האָט זיך אָבער געמאַכט ניט ווייסנדיג.

— זיך געמאַכט ניט ווייסנדיג, זאָגט איר, אָבער געוואוסט פוןביידע געשעענישן ?

— יאָ, יאָ, מיין ליבע פרוי, די קוזינע האָט איר אַלץ באַריכטעט.

— אָט אַזעלכע מענטשן זיינען עס דאָ אויף דער וועלט...

— ווי אַזוי מיינט איר ?

— איך מיין מענטשן מיט לאַנגע צינגער...

— יאָ, דאָס מיינט איר... אָבער פאַרוואָס האָט זיך אייער מוטער געמאַכט ניט ווייסנדיג אויב זי האָט יאָ געוואוסט ?

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט ? יענע האָט איר אָנגעזאָגט אַז אונז גייט אין לעבן אַז זי זאָל ניט וויסן...

— האָט זי זיך געמאַכט ניט ווייסנדיג ?

— האָט זי זיך געמאַכט ניט ווייסנדיג...

# אַ שרעקלעכער נאָמען

דאָס יונגע מיידל איז קוים דערגאַנגען צו זיך אַהיים. אַזוי שנעל ווי זי האָט פאַרמאַכט נאָך זיך די טיר און דאָס קליין גוט־באַקאַנט צי־מערל זייערס איז ערשינען פאַר איר אין זיין גאַנצער אומגעביטנקייט — איז איר האַרץ אויף אַמאָל איבערגעלאָפן. זי האָט מער אַראָפגעריסן ווי אַראָפגענומען איר הוט, זיך אומגעדרייט און דערזען איר אַלטע מוטער אַליין אויף דער סאָפא: בלאַס, און דערשראָקן, נאָר וואָס אויפ־געריסן פון נאָכמיטאָג שלאָף. אַ מינוט איז דאָס מיידל געשטאַנען און זיך געקווענקלט, האָט זיך אָבער ניט געקאָנט מער באַהערשן. זי איז צוגעלאָפן צו דער אַלטער און אַראָפלאָזנדיג זיך פאַר איר אויף די קני און אַיינגראָבנדיג איר קאָפ אין מוטער׳ס שויס, האָט זי אויסגעבראָכן אין אַ שרעקלעך געוויין.

עס איז געווען אַ האַרצרייסענדער געוויין, ווי נאָר אַ יונגע אומ־גליקלעכע פרוי קאָן וויינען: אויפן קול, פליסיק, און אָן אויפהער; ליידנשאַפטלעך, קלאַנגפול, און האַרצברעכנד. די אַלטע איז צוערשט געוואָרן ווי פאַראַליזירט פון שרעק, פון אומבאַשטימטן שרעק פאַר אַן אומגליק. עטוואָס שפּעטער, קומענדיג צו זיך, האָט זי געפרעגט:

— וואָס איז עס? וואָס איז געשען?

דאָס מיידל האָט ניט געענטפערט, נאָר געוויינט, געכליפּעט ווי פריער אָן אויפהער, און אין דעמזעלבן טאָן, מיט דערזעלבער נידער־געשלאָגנקייט. ניט אָפּגעבנדיג זיך קיין חשבון פאַרוואָס האָט די אַלטע פרוי מיט איר שוואַכן קולאַק דער טאָכטער אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ.

— זאָלסט מיר גלייך זאָגן פאַרוואָס דו וויינסט, דו הערסט? וואָס איז געשען? דו הערסט?

און געבליבן זיצן שוואַכער ווי פריער, בלאַסער ווי שטענדיג, מיט אויסגעלאָשענע אויגן, וואַרטנדיג געדולדיג.

— מאַמע, מאַמע! — האָט זיך שפּעטער אָנגעהויבן צו הערן אין דעם קלאָגן. מאַמע! מאַמע! — געקלונגען האָט עס ווי „אַמע, אַמע!“ — און באַלד קלאָר און דייטלעך ארויסגערעדט:

— מען האָט מיך גערופן אַ שרעקלעכן נאָמען... אַ שרעקלעכן נאָמען...

די מוטער איז געבליבן זיצן אויף איר אָרט באַוועגלאָז און דאָס מיידל האָט עטוואָס פאַרבויגן איר קאָפּ אָן אַ זייט און ווידער געזאָגט מער צו זיך אַליין, ווי צו איר מוטער:

— דעם שרעקלעכסטן נאָמען... וואָס מע קען רופן.... אַ.... פרוי....

זי האָט געפּרואווט צוהערן זיך אַ ווײַלע צו דער באַדײַטונג פון אירע אייגענע ווערטער. עס איז געווען צו שמערצהאַפט. האָט זי זיך ווידער פונאַנדערגעוויינט אין דער גאַנצער קלאַנגפולקייט פון איר ערשטן אויסברוך, טרייסלענדיק איר באַוועגלאָזע, שיער ניט טויט־פאַרגליווערטע מוטער, מיט אירע קאָנוואולסיווע ספּאַזמען.

אַ לייכטע רויטקייט איז פּלוצלינג אויפגעשטיגן אין דער אַלטער׳ס געזיכט, איר אויג האָט ווי אַ פינטל געטאָן און זי האָט געפרעגט:

— ווער איז עס געווען?

— דו קענסט זי ניט... אַ פרוי.... — האָט דאָס מיידל געענטפערט, קוים זעענדיק איר מוטער דורך אירע טרערן פאַרלאָפענע אויגן, — כ׳ווייס ניט פאַרוואָס... כ׳האָב איר גאָרניט געטאָן.

די רויטקייט האָט זיך פאַרשטאַרקט אין דער אַלטער׳ס געזיכט.

— ווער איז זי? — האָט זי אַרויסגערעדט מיט פאַרקריצטע ציין און ווידער דער טאָכטער אַ זעץ געטאָן מיטן קולאַק אין קאָפּ.

אַ פּאָר טרערן האָבן זיך אַרויסגעקייקלט פון דער יונגער מיידל׳ס אויגן.

— דו קענסט זי ניט... איך פלעג דאָרט אַמאָל אַרײַנקומען... כ׳האָב דיר ניט געזאָגט... קיינמאָל ניט געזאָגט... כ׳פלעג ניט קומען צו איר... כ׳פלעג קומען צו... מאַמע מײַנע! כ׳ווייס אַליין ניט ווי עס איז אַלץ פאַרגעקומען... כ׳ווייס ניט... ס׳איז שוין לאַנג...

די אַלטע האָט אַ גיפטיק שמייכל געטאָן:

— וואָס האָט זי געוואָלט פון דיר?

— כ׳ווייס ניט, כ׳ווייס ניט... זי איז אין כּעס אויף אים... דו קענסט אים ניט... איך האָב דיר ניט געזאָגט... ער וואוינט ביי איר... ער איז איר שולדיק געלט... כ׳ווייס אַליין ניט ריכטיק ווי אַזוי עס איז... האָט זי אויסגעלאָזן איר כּעס אויף מיר...

— ווי אַזוי אָבער קומט זי דיך צו רופן אַזאַ נאָמען?

די אַלטע האָט גערעדט קוים וואָס מען האָט זי געהערט. אירע ליפּן זיינען בלייך און בלייכער געוואָרן אונטער אירע ווערטער, אַזוי

ווי די ווערטער וואָלטן געלאָזן זייערע שפּורן אויף די ליפּן. דאָס מיידל האָט געשוויגן, אַ לייכטער ציטער איז דורכגעלאָפן דורך איר יונגען קערפּער.

— ווי אַזוי קומט זי דיך רופן אַזאַ נאָמען? — האָט די מוטער אי־בערגע׳חזר׳ט איר פראַגע. אירע טויט־בלאַסע ליפּן האָבן הילפלאָז גע־ציטערט און אונטער אירע מאַטע אויגן האָבן זיך פלוצלינג באַוויזן צוויי געלע פלעקן.

דאָס מיידל האָט ניט אויפגעהערט צו ציטערן מיטן גאַנצן לייב און צו שווייגן.

— ווי אַזוי? ווי אַזוי? — האָט די אַלטע אַן רחמנות געפרעגט, אין שטילע שרעקלעכע טענער.

ניט דערהאַלטענדיג קיין ענטפער, האָט זי ווידער געגעבן אַ גיפטיג שמייכל. דאָס מאָל האָט דער שמייכל אַזוי אויסגעקרימט אירע ליפּן אַז זי האָט אַ ווײַלע זיי ניט געקענט אויסגלייכן, און די טאָכטער האָט זיך טויט דערשראָקן.

— האָב רחמנות, מאַמע, טייערע מאַמע מיינע! האָב רחמנות!

— האָט זי זיך געבעטן ביי איר מיט שרעק אין איר קול. ביז וואַנען דער אַלטער׳ס ליפּן האָבן זיך ענדלעך אויסגעגלייכט.

דאָס מיידל האָט זיך צוריק אַראָפּגעלאָזן אויפן דיל לעבן דער קושעטקע. אירע רייכע בלאָנדע האָר האָבן זיך ערטערווייז צעלאָזן און אַ רויט בלימל פון קאָרסאַזש איז אַראָפּגעפאַלן פאַרוועלקט אויפן דיל. עס איז איר דורכגעלאָפן אַ קעלט דורכ׳ן לייב, נאָר זי האָט זיך דערצו ניט צוגעהערט. זי האָט איצט געקוקט פאַר זיך אין צימערל אַריין. פון צייט צו צייט האָט זיך אַן איינזאַמער שלוכצען אַרויסגעריסן פון איר, וואָס זי האָט געפילט נעמט עפּעס אַוועק פון איר — זי האָט ניט גע־וואוסט וואָס, נאָר זי האָט געפילט אַז עפּעס גייט פון איר אַוועק. זי האָט אַלץ געקוקט פאַר זיך און גאָרניט באַמערקט ווי אַזוי זי האָט זיך מיט־אַמאָל געפונען אין מיטן פון נייע געדאַנקען, וואָס זיינען אָנגעקומען ווי פון זיך אַליין.

מאָדנע: אַלעס דוכט זיך ווי געווען און דאָך ווי אַנדערש. דאָס גאַנצע ביזאַהעריגע לעבן אירס איז ווי פלוצלינג אַוועק ווייט, ווייט אָפּגעפאָרן, אַזוי אַז די שטילקייט פון צימער האָט געקלונגען ווי זיין ווייטע שטימע. אַלץ געוואָרן אַ חלום, אויסער דער גרויער וואָלקענדיגער טאָג אין דרויסן, און די שאָנדע, דער אומגליק. קליק־קלאַק! די חיה איז אין פאַסטקע — און דאָס ביזהעריגע ווערט אַ שווערער חלום...

און דאָך וואָלט די פרוי איר היינט ניט אָנגערופן מיטן „נאָמען״, וואָלט דאָך אַלץ געווען ווי פריער! דאָס האָט איר געוואונדערט מער ווי אַלץ. דער געדאַנק האָט גאָרניט געוואָלט אָפּטרעטן. נאָך דעמזעלבן פרימאָרגן איז זי דאָך אַרויס פון שטוב אַזוי פריילעך און לעבנסלוסטיג; ביים ראָג גאָס האָט זי זיך אַ רויט בלימל געקויפט. הייסט עס, אַז ווען מע וואָלט איר היינט ניט אָנגערופן מיט אַזאַ שרעקלעכן נאָמען, וואָלט זי איצט געווען...

אירע באַציאונגען מיט ר. זיינען איר דורכגעפלויגן דורכ׳ן קאָפּ און זי איז פּלוצלינג רויט געוואָרן און זיך פאַרקלערט. ווי ווייניג זי האָט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די באַציאונגען. ס׳איז ערשט איבער אַ יאָר ווי זי האָט זיך באַקאַנט מיט אים, אַ מאַן, ווי עס האָט זיך שפּע־טער אַרויסגעוויזן, פון אַ פרוי און קינד ערגעץ ווייט אַוועק. פון אָנ־פאַנג, האָט זי גאָר אַנדערש ניט געדענקט אַז זייערע באַגעגענישן זיינען צופעליגע. אַזוי האָט ער זיי פאַרגעשטעלט צו זיין און זי האָט געגלויבט. פון אירע פריינדינען, און פון איר אַליין, פלעגט ער אויס־געפינען ווען זי אַרבעט, און ווען ניט, און וואו און ווען זי גייט, און פלעגט זי „פונקט״ טרעפן אין אירע פרייע מינוטן. מערקווירדיג זי האָט פון אים אַזוי ווייניג געדענקט... זי קען אַליין ניט פאַרשטיין ווי אַלץ איז פאַרגעקומען אַז ער זאָל זיין אַזוי פאַרדאַרבן און נאָך גיין דערציילן אַנדערע...

דאָס מיידל איז ווידער רויט געוואָרן און זיך אַ קער געטאָן אויף איר אָרט פון אינערלעכער רעגונג.

— דאָס האָסטו געוואָלט אויספוצן דיין מאַמען אויף יום־טוב, האַ?

— האָט די אַלטע פּלוצלינג אָנגעהויבן, שאָקלענדיג שווער מיטן קאָפּ,

— געקלערט פון דער מאַמען?

די אַלטע האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאָמאָד וואו עס איז געלעגן איינגעפּאַקט אַ שטיקל שטאָף, וואָס דאָס מיידל האָט נעכטן געבראַכט אויף אַ קלייד פאַר דער מאַמען.

— דו האָסט שוין דיין מאַמען אויסגעפוצט. מיר זיינען שוין ביידע שיין אויסגעפוצט! וואָס איז דאָ געווען?!

— כ׳ווייס ניט, כ׳ווייס ניט... — האָט דאָס מיידל נאָר געקאָנט ענטפערן.

— ס׳מוז שוין זיין אַ לאַנגע געשיכטע! — האָט די אַלטע פאַרט־געזעצט, קוקנדיג פאַרשעמט אין איר טאָכטער׳ס פאַרשוואָלענע אויגן,

— אָפּגענאַרט דער מאַמען!... קושן די מאַמען, האַלזן די מאַמען, דערציילן דער מאַמען, הייסט עס אַלץ — און אָפּגענאַרט דער מאַמען...

צוגעשטאַנען צו דער מאַמען, צו דער נאַרישער מאַמען, אַז זי זאָל טרינקען מילך יעדן מאָרגען... מילך דאַרף איך! געשלאָפן מיט דער מאַמען אין איין בעט, צוזאַמען — און די גאַנצע צייט...

די פרוי האָט אויסגעבראָכן אין דעם שטילן קאַלט־טרעריגן געוויין פון אַלטע.

— אַוועק, אַוועק!, — האָט זי געטריבן דער טאָכטער פון זיך.

דער זייגער האָט אָפּגעקלאַפּט דריי: טעמפּע קלעפּ, וואָס האָבן געציטערט אין דער לופט אַ צייט נאָכן אָפּקלאַפּן. אין פענסטער האָט אַריינגעקוקט אַ גרוי־דונקעלער אומעטיגער נאָכמיטאָג. און דאָס מיידל האָט זיך ווידער פאַרטראַכט איבער דעם וואָס וואָלט איצט פאָרגעקומען, ווען די פרוי וואָלט זי היינט ניט געהאַט אָנגערופן מיטן „נאָמען".

איר מוטער וואָלט מסתמא איצט זיך אויפגעטשוכעט פון איר טעגלעכן נאָכמיטאָג־שלאָף, וואָס איז היינט אַזוי באַרמלאָז אין זיין ערשטער טיפקייט אויפגעריסן געוואָרן. זי וואָלט זיך אַרומגעקוקט און גענומען זיך צוגרייטען דעם סאַפּער. דאָס פלייש און גרינס האָט זי שוין געהאַט איינגעקויפט און צוגעגרייט: געשטאַנען אויפן פענסטער־ברעטעל צוגעדעקט מיט אַ טעלער. אין איר פאַנטאַזיע האָט דאָס מיידל געזען ווי איר מוטער נעמט זיך צום צוגרייטן דעם סאַפּער. יעדער ריר און קער פון דער אַלטער איז איר דאָך געוועזן אַזוי גוט באַקאַנט. זי איז זיכער, אַז אין מיטן איר אַרבעט אַרום דעם עסן וואָלט זי ניט פאַרגעסן אויסצופאַקן דאָס פּעקעלע שטאָף פאַר איר קלייד וואָס זי האָט איר נעכטן געבראַכט און נאָך אַ מאָל באַטראַכטן עס ביים שיין פון פענסטער: איר מוטער, ווייסט זי, איז אַן אויסקלייבערקע! זי וואָלט געוויס ליב אַ טראַכט געטאָן פון איר טאָכטער. זי האָט שוין, מסתמא, געוויזן די שטאָף דער שכנ'טע: „זעט וואָס מיין טאָכטערל האָט פאַר מיר איינגעהאַנדלט".

זי אַליין וואָלט איצט אין שאַפּ געוועזן, אין דעם גרויסן שאַפּ מיט די לאַנגע רייען פון בייע זשומענדע מאַשינען, מיט די פילע ליבע געזיכטער פון אירע פריינדינען. דאָרט איז איר איצט פאָרגעקומען איז אַזאַ ליבער פלאַץ! איר שטול שטייט איצט ליידיג. העללא און איידא, אירע נאָנטסטע פריינדינען דאָרט, האָבן שוין מסתמא עטלעכע מאָל זיך איבערגעפרעגט: וואו זי איז, וואו זי קאָן זיין, פאַרוואָס זי איז ניטאָ. זיי ווייסן פון גאָרניט. „אפשר ווייסן זיי?" — האָט זי זיך מיט ווייטאָג געפרעגט. אפשר האָט ער זיי אויך דערציילט. ווייסן, און מאַכן זיך ניט ווויסנדיק. ביין, זיי ווייסן פון גאָרניט. זי איז זיכער אַז העללא און איידא ווייסן ניט. — האָט זי זיך געזוכט צו באַרואיגן — ניט מיט

אַזעלכע צוטרוילעכע, רעספּעקטפולע אויגן וואָלטן זיי אויף איר געקוקט, ווען זיי וואָלטן געוווּסט...

אין שאַפּ, הייסט עס, אַרבעט מען איצט, אַלע מיידלעך זיינען דאָ, די געביידע טרייסלט זיך פון דעם זשומען פון די באַשעפטיגטע מאַשינען. אויך אין די שעפער פון די אויבערשטע ביז די אונטערשטע פלאָרן אַרבעט מען איצט — אומעטום, אין אַלע שעפער, אין אַלע געשעפטן, אין אַלע הייזער. אין גאַנצן שטאָט איז איצט אַלץ ווי שטענדיג...

זי דערמאָנט זיך אַז דער געדאַנק איז איר שוין באַקאַנט. זי האָט עס דורכגעלעבט דאַמאָלס, ווען זי איז געקומען אין שאַפּ גלייך נאָך דעם „פאַלן" אירן, דאָס ערשטע מאָל. „אַלץ אַרום ווי אַלע טעג", — האָט זי זיך דאַן אויך געטראַכט. — די געזיכטער פון אירע פריינדינען האָבן זי ווי אימער באַגעגנט. דאַן האָט זי דער געדאַנק געטרייסט און באַרואיגט.

זי האָט שווער אָפּגעזיפצט און אַ טרער האָט זיך אַראָפּגעקייקלט איבער איר באַק. פאַרוואָס האָט זי זיך ניט פאַרטראַכט די גאַנצע צייט וועגן דעם וואָס זי טוט? פאַרוואָס האָט זי געוואַרט ביז וואַנען די פרוי האָט זי היינט אָנגערופן?...

וואָס האָט זי זיך געדענקט? ניין, זי האָט גאָרניט געדענקט. זי האָט אויפריכטיג געמיינט אַז אַלץ איז דאָסזעלבע ווי פריער. זי וואָלט שווערן אַז זי האָט אַזוי געדענקט, אַלץ איינס ווי איר מוטער האָט געדענקט, ווי אירע פריינד האָבן געמיינט, ווי אַלע, אַלע.

ניין, ניט ווי אַלע. יענע פרוי האָט געוווּסט דעם אמת, כאָטש זי האָט זיך געמאַכט ניט ווויסנדיג. זי האָט מסתמא אַנדערע דערציילט, און אפשר אויך אָנגעוויזן אויף איר צו אַנדערע. פילע מוזן זי איצט קענען. איר איז געוואָרן מורא'דיג פאַר די פילע אונבאַקאַנטע וואָס ווייסן און שווייגן, קוקן זיך צו און זאָגן גאָרניט. אַזוי פיל בייזע אויגן... דאָס מאַכן זיך ניט ווויסנדיג פון זיי, איז איר פאַרגעקומען ערגער ווי אַלץ. יענע פרוי האָט דאָך ביז די סאַמע לעצטע מינוט זי אַזוי אָנגענעם אויפגענומען, אַזוי האַרציג צוגעשמייכלט. אָט דאָ ניט לאַנג איר טיי צוגעטראָגן...

— מאַמע, מיר וועלן אַוועקפאָרן פון דאַנען.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף איר מוטער. די אַלטע איז האַלב געלעגן אַנקעגן וואַנט מיט די אויגן פאַרמאַכט. די צוויי גרויע געלע פלעקן אונטער די אויגן האָבן זיך שטאַרק אָנגעזען. זי האָט איר טאָכטער ניט געענטפערט אַזוי ווי זי וואָלט ניט געהערט.

— מיר וועלן אַוועקפאָרן אין אַנאַנדער שטאָט, מאַמע...

אויך דאָסמאָל איז קיין ענטפער פון דער מוטער ניט געקומען.

„אַנאַנדער שטאָט", — האָט זיך דאָס מיידל איבערגערעדט, — און, זי האָט פאַר זיך דערזען די אַנדערע שטאָט. אַ שטאָט אָן אַ נאָמען דערוויַיל, מיט ברייטע נייע גאַסן, מיט זון־באַגאָסענע פּלעצער, מיט נייע מענטשן; אַ שטאָט ווי זי ווערט אין טרוים געזען פון אַ טרוימער אָדער פּאָעט. זי האָט אויך געזען דאָס נייע צימערל וואו זי וועט וואוינען מיט איר מוטער צוזאַמען, צווישן נייע שכנים, אַפילו דעם נייעם שאַפּ אין וועלכן זי וועט אַרבעטן. קיינער וועט דאָרט קיין זאַך ניט וויסן, און אַלץ וועט צוריק זיין ווי עס איז געווען. זי האָט געזען אין איר פאַנטאַזיע אירע נייע פריינדינען — אַלץ אַזעלכע יונגע, בלאָנדע, הויכע ריינע, אומשולדיגע קינדער, און זי פילט זיך צווישן זיי — אַן אומשולדיגע צווישן אומשולדיגע, אַ קינד צווישן קינדער.

די אַלטע האָט געמאַכט אַן אומרואיגע באַוועגונג. דאָס מיידל האָט זיך אומגעקוקט.

דער אַלטער'ס מויל האָט זיך לאַנגזאַם געעפנט:

— כ'וועל עס ניט אַריבערטראָגן, — האָט זי שטיל און דייטלעך איר געדאַנק אַרויסגעזאָגט.

אירע אויגן זיינען נאָך אַלץ געווען פאַרמאַכט. די געלע פלעקן האָבן אויסגעקוקט גרעסער.

עפּעס האָט פלוצלינג אַ ציפּ געטאָן דער יונגער מיידל'ס האַרץ: איז עס געווען אַ בענקשאַפט נאָך דער אַלטער שטאָט, נאָך די אַלטע פריינדינען, און דעם גאַנצן אַלטן לעבן? אפשר אַ צווייפל אין אירע נייע חלומות? אָדער גאָר די ביטערע לאַגע פון איר אַלטער מוטער? ווער ווייסט? זי האָט אויסגעבראָכן אין אַ פרישן געוויין, הויך און קלאָגפול, האַרצרייסנד און יאָמערפול און ביטער, ביטער...

# צוריק פון די בערג

דער אַכצן־יעריקער עדי ראָוו איז צוריקגעקומען פון די בערג אומע־טיק און נידערגעשלאָגן. זיין שוואָגער, דער ערשטער צו זען אים צוריק, האָט אים טאַקע באַגעגנט מיט די ווערטער:

— איך זע אַז דו ווייסט שוין אַלץ... ווער האָט זיך עס גע־כאַפּט אָנזאָגן דיר די גוטע נייעס?

עדי ראָוו האָט אָבער פון קיין זאַך ניט געוווּסט און קיינער האָט אים קיין נייעס ניט אָנגעזאָגט. אַלץ וואָס דער אָרעמער איינגל האָט געוווּסט איז אַז ס'איז אים געווען שלעכט, אַז ער האָט ניט געוואָלט צוריקקומען איצט פון די בערג און אפשר ניט געטאָרט.

אַלץ האָט זיך געהאַט אָנגעפאַנגען דאָרט אין די בערג אַזוי שיין, אַזוי ליכטיק. געקומען איז ער אַהין מיט אַ דריי וואָכן צוריק, אַזאַ זוניגער טאָג געווען און גלייך דערזען די נאָך אומבאַקאַנטע דאָרא'ן. מען קאָן זאָגן, דערזען דאָרא'ן די ערשטע, און תיכף דערפילט אַז ער קאָן אָן איר ניט לעבן. פון ערשטן טאָג אָן איז ער געוואָרן גליקלעך מיט אַן אייביק גליק.

אַזוי איז עס געווען ביז מיט אַ דריי־פיר טעג צוריק, ביז וואַנען עס זיינען אָנגעפאָרן נייע געסט, אַ נייע גרופּע. אָנגעקומען פּונקט ווען ער, עדי, האָט שוין באַדאַרפט אַהיים פאָרן. אַז ער וויל קאָן ער זאָגן, אַז ער האָט ניט קיין גרויסע אורזאַך צו פילן זיך אַזוי אומגליקלעך: דאָראַ האָט צופיל געלאַכט איבער דזשעק'ס — איינער פון דער נייער גרופּע — כלומרשטע חכמות, קנאַפּע חכמות. ער האָט איר אפילו פאַרגעוואָרפן, אַז אַזאַ מין חברה־מאַן ווי דזשעק'ן טאָר מען ניט וויזן צופיל אויפמערקזאַמקייט. זיינען שוין פאָרגעקומען שאַרפע ווערטער צווישן אים און דאָרא'ן. האָט ער זיך שוין אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן אָוונט פון קומען איר זען. ער איז געווען זיכער אַז זי וועט צו אים קומען: ס'איז דאָך געווען זיין לעצטער אָוונט דאָרט. איז זי ניט געקומען. אויב ער וואָלט ניט געווען געקומען געזעגענען זיך מיט איר, וואָלט זי אים אפשר געלאָזן אַהיים פאָרן ניט געזעגנטערהייט. ווער ווייס וואָס

עס וואָלט דאָן געווען. געשידן האָבן זיי זיך דוקא ווי ליבהאָבער — אַלץ האָט אויסגעקוקט ווי ס'איז געווען די גאַנצע צייט. ס'איז אים אָבער אַלץ שלעכט, — שלעכט וואָס ער איז אַזוי ווייט פון איר און שלעכט צוליב יענער געשיכטע. דאָס איז אַלץ וואָס עדדי האָט געוואוסט, האָט ער ניט פאַרשטאַנען זיין שוואָגער'ס ווערטער: „פאַרגעקומען", איז ביי זיי אין הויז אויך עפּעס פאַרגעקומען?

אויפן וועג פון גאַס וואו עדדי'ס שוואָגער האָט אים באַגעגנט, ביז צו זייער דירה אויפן צווייטן שטאָק פון הויז, האָט זיין שוואָגער אים דערציילט אַז דער קליינער בעני ליגט געפערלעך קראַנק שוין איבער צוויי וואָכן. ער אַליין האָט אים גלייך געוואָלט לאָזן וויסן נאָר עדדי'ס מוטער האָט ניט געלאָזט צעשטערן זיין יום־טוב דאָרט. וואָס זיי זיינען זיך אַלץ אויסגעשטאַנען פאַר דער צייט... אַזוי פּלוצלונג אויך...

— איך וואָלט דיר גלייך געלאָזט וויסן, — האָט דער שוואָגער אָנגעהויבן איבערצו'חזר'ן וואָס ער האָט שוין געהאַט געזאָגט.

ער האָט זיך צוגעהערט צו זיין שוואָגער און געקלערט פון די בערג וואוהין ער האָט צו אים געוואָלט שרייבן. דעם שוואָגער'ס בריוו וואָלטן געווען אָנגעקומען אין מיטן פון זיין גרעסטן יום־טוב, אין יענע טעג! זיין שוואָגער האָט קיין אַהנונג ניט פון יענעם וואונדער־אָרט. דער אָרט פון וואַנען ער איז נאָר וואָס געקומען איז אים איצט אויסגעקומען אַזוי ווייט. און ער, עדדי, פילט ער, איז עפּעס אַליין אויך אַן אַנדער עדדי. עס וואָלט אפשר בעסער געווען ווען מען וואָלט אים געשריבן, וואָלט ער געווען גלייך צוריקגעפאָרן, וואָלט עס זיך געענדיגט.

— וואָס איז מיט דיר, עדדי? דו זעסט מיר ניט אויס איבעריג גוט, גאָרניט ווי נאָך אַ „קאַונטרי"... האָסט דאָך געשריבן אַזעלכע שיינע בריוו?

מיט דער פראַגע האָט דער שוואָגער פאַרענדיגט זיין באַריכט פון וואָס עס איז פאַרגעקומען אין הויז ביי זיי. וואָס האָט עדדי אים געקאָנט ענטפערן? האָט ער אַ צוק געטאָן מיט די אַקסלען, געגעבן אַ קרומען שמייכל און זיך אַריינגעלאָזן דורך דער האַלב־אָפענער טיר אין הויז אַריין.

אַלץ אין הויז האָט באַשטעטיגט, אומ'ברחמנות'דיג באַשטעטיגט, די לאַגע ווי דער שוואָגער האָט זי געשילדערט. דעם איינציגן שיינעם צימער האָט מען אָפּגעטראָטן דעם קראַנקן קינד — צו מאַכן עס לופטיג און געראַם פאַר אים. האָט מען זיך צוזאַמענגעשטיקט און צוזאַמענ־

געדריקט אין די פּאָר אַנדערע צימערן אין אַ מיש־מאַש, אַזוי ווי ווי עקספּרעס־לייט וואָלטן נאַרוואָס אָפּגעלייגט זאַכן און מעבל.

עדדי׳ס באַווייזן זיך האָט אַרויסגערופן אַ באַנייאונג פון געוויין און יאָמער. זיין שוועסטער׳ס פּנים האָט זיך אויסגעקרימט אויף ניט צו דערקענען. פון דער היים איז ער עס אָפּגעפאָרן דריי וואָכן צוריק, און צו דער היים איז ער איצט צוריקגעקומען ? — זיין היים . . . די אַלט־באַקאַנטע ווענט . . . דאָ געהערט ער ... ווי ווייט, ווייט, ער איז עס איצט פון דאָרט, פון די בערג, פון דער זון, פון די גליקלעכע טעג מיט דאָראַן . . . עדדי האָט זיך צוגעשטעלט צו אַ ווינקל און זיך צעוויינט מיט דער לוסט און דערשעפּלעכקייט מיט וועלכע נאָר גאָר יונגע קאָנען וויינען. ער האָט געוואָלט וויינען דעם גאַנצן טאָג, דאָ האָט ער געקראָגן די ערשטע געלעגנהייט.

— עדדי, עד ליבער, באַרואיג זיך ! — האָט זיין שוועסטער געפּרואווט אים אָפּהאַלטן.

— לאָזט אים צורו, לאָזט אים צורו, — האָט עד׳ס מוטער זיך אַריינגעמישט. — לאָזט אים זיך גוט אויסוויינען, ס׳איז בעסער אַזוי.

זי אַליין האָט זיך שוין געהאַט גוט אויסגעוויינט ניט לאַנג צוריק פאַר זיך אַליין אַז איר טאָכטער זאָל ניט זען. זי האָט גוט געוואוסט אַז עס האַלט זייער שמאָל מיטן קינד. איין גאָט קאָן אים העלפן, גאָט, וועמעס הילף קומט אויגנבליקלעך. האָט זי געבעטן, געהאַפּט און געשטאַרקט זיך, ווייל מען טאָר קיינמאָל ניט אויפגעבן צו האָפן.

עד׳ן האָט די לאַגע צוערשט אויסגעקוקט גאָרניט אַזוי שלעכט ווען ער איז געבליבן אַליין אין צימער מיטן קינד. דער צימער איז קיינמאָל אַזוי ליכטיג און אַזוי גערוימיג ניט געווען. אַלץ אַזוי ריין און לויטער. דאָס בעטעלע איז געשטאַנען אין מיטן און דערביי אַ טישעלע מיט די מעדיצין־פלעשלעך. ער האָט תיכף דערקענט די געניטע האַנט פון זיין מוטער אין דער שיינער אָרדענונג. דאָס קינד האָט אויף אים אַרויסגעקוקט פון די שניי־ווייסע קישנס אַרויס : פאַר־שטענדיגע טונקעלע אויגן, אָבער שוויגנדיגע, אָן באַגריסונג.

— בענעלע, בענעלע, — האָט ער אָנגעהויבן צו רופן שטיל. ער האָט געגלויבט, אַז ער וועט קאָנען אויפוועקן דעם שטיפערישן און לוסטיגן בענעלע ווי ער האָט אים געקענט.

בענעלע האָט אויף אים געקוקט און ניט געענטפערט. זיין שיינער געוועלבטער שטערן איבער די שיינענדיגע אויגן, די בלאָנדע לאָקן און דער בליק זיינער, האָבן עדדי׳ן דערמאָנט אָן די קליינע מלאכים־לעך וואָס ער האָט געזען אויף אַ געוויסן בילד אין מוזעאום —

קליינע קינדערישע מלאכים־געזיכטער מיט אויגן וואָס האָבן געזען די געטלעכקייט. עדדי איז געבליבן שטיין און קוקן, נאָר זיינע ליפּן האָבן איצט שוין געשעפּטשעט מעכאַניש: בענעלע, בענעלע. „וואָס קוקט עס אַרויס פון זיינע אויגן?״ האָט ער זיך געפרעגט. ביז אַזוי האָט ער זיך פאַרגעשטעלט קראַנקהייט — אַ געזיכט צעקרימט פון ווייטאָג און שמערץ, טרערן, זיפצן. דאָ אָבער איז אַלץ כמעט ווי דערהויבן, אַזוי געהיימניספול, רואיג און שווייגנדיג, אָבער ווי שיין. זיין אייגן האַרץ האָט זיך דערווייל געהאַט באַפרייט פון די קאַנוואולסיעס פון דעם פאַריגן געוויין, באַרואיגט זיך, ער האָט איצט געאָטעמט געלאַסענער אַזוי ווי די רואיגקייט פון דעם אַרומיגן וואָלט אַריבער צו אים.

זיין אַ ביסל באַרואיגט געמיט האָט אָבער לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. גאָר פּלוצלינג איז אויף עד׳ן אָנגעפאַלן אַ מין אימה. אַ קעלט האָט אים אַרומגעכאַפּט אַרום האַרצן — עפּעס צו לאַנג קוקט דאָס קינד אויף אים אַזוי. ער וואָלט שוין בעסער געוואָלט אים זען ווייגען, זען אַ ליידנדיגע גרימאַסע אויף זיין פּנים׳ל אידעם דעם זעלביגן פאַר׳עקשנ׳טן בליק וואָס איז אים אַזוי פרעמד. אַ בענעלע וואָס וויינט איז אים באַקאַנט אָבער דאָס... „וואָס קוקט עס אַרויס פון קינד׳ס אויגעלעך?״ „ווער קוקט עס אַרויס?״

ערשט מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט ער דערציילט דאָראַ׳ן אַז ער בענקט שוין נאָכ׳ן קינד, געמאַכט דאָראַ׳ן אַזוי לוסטיג לאַכן פון בענעלע׳ס שפּאַסן — ניט מער ווי אַ פּאָר טעג. וואָס פאַר אַן איבער־קערעניש איז דאָ דערווייל פאַרגעקומען!

עדדי האָט זיך געפרעגט צי איז דאָרט — אין יענע בערג — אַלץ ווי געווען? די זעלביגע סצענע? די זעלביגע גרופּע? זיינען צוגעקומען נייע גרופּעס געסט? מען לאַכט און מען שפּאַסט צווישן ליכט און גרינס אָן אים ניט ערגער ווי מיט אים? נאָר אים, הייסט עס, האָט דער אומגליק געטראָפן, אים און דאָס אומשולדיגע קינד דאָ. ווי שלעכט, ווי ביטער אַלץ איז. עד האָט ווידער דערשפּירט זיין ענגשאַפט, דעם שווערן דרוק אויף זיין געמיט.

עד האָט דערזען, שאַרפער ווי ווען עס איז ביז אַהער, צוויי וועלטן זייט ביי זייט: די וועלט אין וועלכער ער האָט געלעבט, און אַן אַנדער וועלט פון אַנדערע מעגלעכקייטן. ער האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין ווי אַזוי ער האָט עס געלעבט ביז אַהער אַזאַ לעבן. אַלץ אַזוי קליינ־לעך, אַזוי וואָכעדיג, אַזוי אָרעם ענג. מיט זיין אייגענעם ווילן וואָלט ער זיך אין אַזאַ לעבן קיינמאָל ניט איינגעלעבט. דאָס האָט ער נאָר געפאָלגט זיין ענג־פּראַקטישער מוטער, געלאָזט זיך פירן פון איר ווי

אַ גוטער זון. אין דער מינוט פון גרויסע ליידן און דרוק האָט ער זיך ניט אָפּגעשטעלט אויף קיין באַזונדערע איינצלהייטן פון זיין לעבן, אפילו ניט געבראַכט צום געדאַנק אַז צוליב זיין מוטער האָט ער אָפּגעבראָכן זיין ווייטערן שטודירן, ווייל זי האָט געפונען בעסערע שאַנסן פאַר אים אין ביזנעס. עס איז ניט געווען די איינצלהייט, אָדער יענע, ווען אַלץ צוזאַמען איז געוואָרן אַזוי אומדערטרעגלעך. די פּאָר וואָכן אין די בערג אין דער גרעזעלשאַפט פון דאָראַ'ן האָבן אים אַ סך געלערנט, אויפגעוועקט אין אים אַ ווילן צו טאָן און לעבן אויף אַן אַנדער שטייגער, געגעבן אים אַן אומבאַשטימטן באַגער פון באַפרייאונג. איצט, ווען ער איז געשטאַנען פאַר'ן קראַנקן קינד, איז אים אויסגעקומען אַז ניט זיין בענקענדיג פאַרליבט האַרץ דריקט אים, נאָר די וועגט אַרום, דאָס הויז, דאָס גאַנצע ביזהעריגע לעבן. עס האָט אים געריסן צו פאַרשווינדן פון דאַנען צו דעם אומבאַשטימטן „אַהין", וואו דאָראַ איז, וואָס איז דער איינציגער קלאָרער און ליכטיגער פּונקט פאַר אים... אָבער, ווען ער האָט דערזען אין געדאַנק ווי דאָראַ אַמוזירט זיך דאָרט אַזוי האַרציג מיט דזשעק'ס פלאַכע וויצן, איז אים ווידער ביטער געוואָרן. דאָראַ און יענער: — ווי אַזוי שטימט עס? ווי איז עס מעגלעך? הייסט עס אַז ער, עד ראוו, געהערט ניט דאָ און ניט דאָרט?

אָט אין די טרויעריגע געדאַנקען האָט זיין מוטער אים געפונען ווען זי איז שטיל, כמעט אומבאַמערקט אַריין אין קראַנקן־צימער. עד האָט איר געזען אָפּמעסטן דאָס קינד מיט אַ לאַנגן דערשראָקענעם בליק, זי האָט פאַררוקט איר האַנט אונטער זיין בעט־צודעק און באַטאַפּט זיינע פיסלעך. נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט צו פרעגן וואָס דאָס באַדייט, האָט די מוטער אָנגעהויבן ברעכן אירע הענט און אויסגעשריען אין פאַרצווייפלונג:

— זעסט שוין, עדדי, מיין בראָך? באַגרייפסט אונזער חורבן?

ער איז בלייך געוואָרן און געבליבן שטיין ווי געפּלעפט. אַז מיטן קינד האָט עס געהאַלטן אַזוי שלעכט האָט ער זיך גאָר ניט געהאַט פאָרגעשטעלט.

:: :: ::

דאָס קינד האָט ניט איבערגעלעבט די נאַכט. עד איז געלעגן אויסגעצויגן אויף זיין בעט און איז געשלאָפן. ער האָט זיך אפילו ניט אויסגעטאָן. ער האָט זיך געהאַט צוגעלייגט אויף אַ פּאָר מינוט צוליב צו טאָן זיין מוטער, געווען זיכער אַז ער וועט ניט איינשלאָפן און איז דאָך פעסט איינגעשלאָפן. אין רעטכן טיפן שלאָף האָט ער דערהערט אַ שטאַרקן געוויין, און אין שלאָף זיך געפרעגט, וואָס עס

באַטייט. ס׳האָט זיך אים אפילו געדוכט, אַז דאָס קומט פון ערגעץ אַנדערש, פון דעם גרויסן געלן הויז פון יענער זייט גאַס... עס הערט אָבער גאָרניט אויף, הערט ניט אויף... פאַרקערט, עס ווערט נאָך שטאַרקער און שטאַרקער, עס דערגרייכט שוין באַלד צו אים דאָ... רייסט זיך אַריין צו זיי. „גאָט!" — האָט ער אַ געשריי געטאָן און איז אויפגעשפרונגען פון בעט. די שרעקלעכע נאַכטיגע יללה קומט דאָך פאַר אין זייער אייגן הויז!

ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צום קינד. ער איז פאַרבייגעגאַנגען צוויי מענער וואָס זיינען אים געשטאַנען אין וועג און ער האָט אויפגע־כאַפּט די ווערטער: „עס גוסס׳ט". ער האָט דאָס וואָרט „גוסס׳ט" געהערט איצט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן, דאָך האָט ער עס גלייך דערקענט, דערקענט אין זיין גאַנצער שוידערלעכקייט און אַ ציטער געטאָן פאַרן קינד, פאַר זיך אַליין. ער האָט קיינמאָל ביז אַהער ניט בייגעוואוינט קיינע סצענעס פון שטאַרבן, פון טויט. זיין פאָטער איז געשטאָרבן אין גאַס פון אַ צופאַל און זיין מוטער האָט אָפּגעזונדערט אירע קינדער פון דעם וואָס עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען. טויט איז פאַר עדדי׳ן געווען ניט מער ווי אַ וואָרט. איצט אָבער איז ער געקומען צו זיי אין הויז אין מיטן נאַכט — ווי שרעקלעך. „עס גוסס׳ט", האָט זיך עס גע׳חזר׳ט און איבערגע׳חזר׳ט און אָפּגעקלונגען אין עד׳ן, ווען ער איז געבליבן שטיין פאַרן קינד׳ס בעטעלע. „עס גוסס׳ט" — סאַראַ העסלעך וואָרט דאָס איז! וואָס עד האָט געזען פאַר זיך איצט איז שוין ניט געווען מער יענער קאַלטער, שווייגנדיגער מלאכ׳ל. ס׳איז געווען אַן אָרעם לעבעדיג קינד וואָס צאַנקט, וואָס ווערט זיך, צאַנקט אָן כוחות, צאַנקט אַליין, נעבעך. געווען מענטשן אַרום — זיי האָבן זיך ניט מער ווי צוגעקוקט. „אָט דאָס איז גוסס׳ן" — האָט ער געטראַכט — מען לאָזט דיך אַליין, מען בלייבט פלוצלינג איינער אַליין, מען געהערט זיך מער ניט אָן צו קיינעם און מען ווערט זיך אומזיסט...

— בענעלע, בענעלע, — איז ער צוגעפאַלן צום קינד, — זעסט מיך? איך בין דאָ מיט דיר, איך אָנקל עד. האָב ניט קיין מורא... איך...

ער האָט געוואָלט אָננעמען דעם קינד׳ס הענטל, ווען אימעצער האָט אים צוריקגעהאַלטן. עס איז געווען אַן אומבאַקאַנטער מאַן.

— ווער איז אָט דער פרעמדער? — האָט ער זיך געפרעגט, — וואָס וויל ער? — נאָר באַלד האָט ער דערזען נאָך אַנדערע פרעמדע פּנים׳ער — אַלע וואָס זיינען געשטאַנען אַרום קינד זיינען געווען אומבאַקאַנטע. עדדי האָט פאַרגעסן, אַז ער האָט געהאַט געזען די

זעלביגע מענטשן פריער: „פון וואַנען קומען זיי? ווער זיינען זיי?"
ער האָט געזען מער מענטשן ווי עס זיינען געווען — די שאָטנס אויף
די ווענט האָט ער אויך אָנגענומען פאַר מענטשן. „וואו איז לאַלאַ?
זיין שוועסטער לאַלאַ?" — האָט ער אָנגעהויבן זי צו זוכן מיט די
אויגן אַרום. זיין שוועסטער איז געלעגן אַ קראַנקע אין אַן אַנדער
צימער. אַרום איר זיינען געווען איר מוטער און אַ דאָקטאָר. נאָר ער
האָט דערפון ניט געוואוסט. ער האָט נאָר באַמערקט זיין שוואָגער,
דעם פאָטער פון קינד, ווי ער שטייט אַליין אין אַ ווינקל און פאַרגייט
זיך אין געוויין. „ווער האָט עס אָנגעלאָזן אין הויז די אַלע פרעמדע
מענטשן? פון וואַנען קומען זיי אין מיטן נאַכט?" — עפּעס האָט אין
עד'ן אויפגעציטערט פון אַן אומבאַקאַנטער שרעק. אים האָט זיך פּלוצ־
לינג אויסגעדוכט אַז די פרעמדע, די אומבאַקאַנטע געסט זיינען עס אַ
מין סימבאָל פון די מיטגעסט פון יענעם, פון שווידערלעכן יענעם, דעם
פרעמדסטן פון אַלע, דעם שרעקלעכסטן גאַסט, דעם אומזיכטבאַרן
גאַסט ביים קינד'ס בעטל. האָט ער זיך גלייך אומגעקערט צום קינד:
זאָל דאָס קינד אים פילן לעבן זיך, זאָל עס ניט זען בלויז פרעמדע
געזיכטער. צו פרי האָט עס אָנגעהויבן צו זען זיך אין דער פרעמד.

ער האָט עס אָנגענומען ביים הענטל, געגלעט און גערופן ליבלעך
און שטיל. דער געדאַנק אָבער פון דער אומזיכטבאַרער אַנוועזנהייט
האָט עדדי'ן ניט פאַרלאָזן, געעגבערט זיין מוח, געלעכערט זיין האַרץ.
ווי שרעקלעך ס'איז דער טויט... עד האָט געפילט אַז מען האָט זיי
מיאוס אָפּגענאַרט, אים אַליין און דאָס אָרעמע קינד. מען האָט פון אים
באַהאַלטן דעם טויט ווי אַ סוד, דאָס שווידערלעכסטע פון אַלץ. זיין
מוטער האָט אים אָפּגענאַרט. ווי האָט ער עס ביז אַהער ניט געדענקט,
ווי אַזוי?...

אַ נייער שטילער אויפרודער אַרום אים האָט איבערגעריסן זיינע
געדאַנקען. מען האָט זיך אָנגעהויבן צורוקן נעענטער צום בעטעלע,
גענויער זיך צוצוקוקן. עד האָט פאַרשטאַנען. מען האָט אים געפּרוואווט
אַוועקנעמען פון קינד. ער האָט זיך ניט געלאָזן. ניט איצט, ניט אין
דער מינוט וועט ער אָפּטרעטן פון זיין אָרט. טרערן האָבן אים
געשטיקט. וואָלט ער נאָר געקאָנט שטאַרבן מיטן קינד צוזאַמען, אַוועק
צוזאַמען מיט בענעלע'ן פון אַזאַ בייזער וועלט... „עס איז אויס", האָט
אימעצער שטיל געזאָגט הינטער עדדי'ן. „ניין, ניין!" — האָט ער
אויסגעשריען ווי ניט מיט זיין קול, כאָטש ער האָט אַליין געזען אַז
ס'איז אויס. דאָס קינד האָט זיך איינגעשטילט אויף אייביג. „ס'איז
אויס, אויס", — האָט עד'ס געדאַנק ניט ווילנדיג ווידערהאָלט די נאָר

וואָס געהערטע ווערטער. „ניטאָ מער בענעלע? אָבער וואו איז ער? ער ליגט דאָך דאָ אין זיין בעטעלע, און פּאַרט מער ניטאָ... וואו, וואו איז ער?"

אַזוי איז ער געשטאַנען און געטראַכט און געפרעגט און געגאָסן טרערן.

דרויסן האָט עס שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. איין רגע ווען ער האָט אַ בליק געטאָן פאַר זיך האָט ער געזען דורך די אָפענע פענסטער אַנטקעגן די בלייך־גרויע סימנים פון קומען פון נייען טאָג. ער האָט צוערשט עפּעס ניט פאַרשטאַנען. ווען ער האָט זיך דערמאָנט האָט ער גלייך אָפּ־געטריבן פון זיך די עראינערונג. עס איז געווען די עראינערונג פון אַ זונען־אויפגאַנג אין די בערג, בלויז אַ פּאָר מעת־לעת צוריק. אַ גאַנץ אַנדער נאַכט געווען יענע, און אַן אַנדערער, גאָר אַן אַנדערער טאָגען.

עדי האָט זיך ניט געשיידט פון קינד ביז צום סאַמען לעצטען, ביז וואַנען ער האָט געהערט דאָס דומפּע פאַלן פון פרישער ערד אויפן קעסטל וואו עס איז געלעגן. און ער האָט מיט זיין גאַנצן האַרצן געוואונשן צו קאָנען זיין דאָרט מיט אים. אַ סוף, אַן ענדע מיטן לעבן. בעסער ליגן איצט צוזאַמען מיטן קינד איידער דאָס קינד זאָל דאָ ליגן אַליין און ער, עדי, שפּעטער ערגעץ וואו אַנדערש אַליין. ער האָט אַלץ בייגע־וואוינט, דעם גאַנצן טרויעריקן צערעמאָניאַל. וויפיל מען איז ניט אָנגע־שטאַנען אויף אים ער זאָל זיך שוינען, סיי שכנים, סיי אייגענע — עס האָט גאָרניט געהאָלפן.

ער האָט געקוקט אויפן לעבלאָזן קינד ניט אַן אַ געוויסער אימה. ווי אומבאַוועגלעך עס ליגט, ווי שרעקלעך שטיל, שטילער ווי טויזנט שטיל־קייטן. ווי מוראדיק אַנדערש פון פריער. ער האָט זיך געשראָקן פאַר די אומבאַוועגלעכקייט און צו דערזעלבער צייט געפילט אַז נאָך שרעקלעכער פון דער אומבאַוועגלעכקייט וואָלט געווען אַ פּלוצלינגע באַוועגונג איצט פון קינד. ווי אומהיימלעך, ווי שוידערלעך מוז עס זיין דער טויט אַז לעבע־דיקע ציטערן אַזוי פאַר דעם.

„איז טאַקע אַלץ געענדיקט, אַלץ אויס און קיין האָפנונג איז מער ניטאָ?" — האָט ער זיך אין אַנאַנדער מינוט געפרעגט. — דאָס קינד איז געלעגן פאַר אים אויסגעקליידט אין זיינע אייביקע בגדים. עס וואָלט אויס־געזען ווי לעבעדיק ווען ניט דער וואַקסענער דינער פּאַס אַרום שפּיץ נאָז. ס'האָט אויסגעוויזן ווי פאַרטיפט אין אייביקע געדאַנקען. יאָ, עס האָט זיך געלאָזן גלויבן, אַז די באַוועגונג פון געדאַנק איז מערקבאַר אונטערן שיינעם געוועלבטן שטערן. עס האָט זיך געקאָנט גלויבן, אַז אויב עס געהערט ניט צו דער וועלט, געהערט עס ערגעץ אַנדערש, צו אַ העכע־

רער, שענערער וועלט. „גאָט, גאָט, גאָט!" האָט עד געבעטן פאַר זיך טרייסט און האָפנונג. ער האָט נאָרוואָס געהערט פון די וואָס האָבן זיך געַעסק'ט אַרום קינד ווערטער פון גלויבן אין אַן אַלטער שפּראַך וואָס ער האָט ניט פאַרשטאַנען, נאָר געוואוסט, אַז די ווערטער חזרט מען איבער מיט גלויבן און האָפנונג פון דור צו דור. עד האָט געבעטן אַליין שפּעטער צוזאַמען מיט אַנדערע אָבער זיין האַרץ איז געבליבן אונגעטרייסט.

מיט זיין מוטער האָט עד כמעט ווי זיך ניט צוזאַמענגעטראָפן פאַר דער גאַנצער צייט פון זיין זיצן ביים לעבלאָזן קינד. זי איז געווען זייער פאַרנומען מיט איר טאָכטער, דער עלענדער מוטער פון קינד, וועלכע זי האָט אויף קיין רגע פון אויג ניט אָפּגעלאָזן. עד'ן האָט זיין מוטער ניט געפעלט. פאַרקערט, ער האָט זי אָבזיכטלעך אויסגעמידן אַזוי ווי ער וואָלט געפילט אַז זי וואָלט אים געשטערט אין זיין גרויסן נשמה־צער. איינמאָל האָבן זיך זייערע בליקן באַגעגנט האָט די מוטער גלייך איר קאָפּ אַראָפּגעלאָזן. אַ קורצער בליק וואָס איז פאַרבליבן אומפאַרגעסלעך פאַר עד'ן. „זי האָט אַראָפּגעלאָזן איר קאָפּ, זי פילט זיך שולדיק, זי שעמט זיך פאַר מיר", — האָט עד מיט ווייטאָג געטראַכט — ער האָט זיך ניט געפרעגט ווי באַגרינדעט זיין געפיל איז אָדער פאַר וואָס זי זאָל זיך פילן מער שולדיק ווי איר מוטער פאַר איר, אָדער איר מוטערס מוטער, ווי יעדע אַנדערע מוטער. ער האָט פון אַנדערע איצט ניט געדענקט. זי איז געווען זיין מוטער, די גרויסמוטער פון טויטן קינד דאָ. איר האָט ער געקענט אפשר נאָך איידער ער האָט געקענט זיך אַליין, געקענט אויך איר זעלטענע ענערגיע, איר מוטיגקייט, איר האָווען און זוכן, איר אומבאַזיגבאַרע לעבנסלוסטיקייט. אין דער מינוט איז זי געשטאַנען פאַר אים אַ הוילער באַנקראָט.

ביי אַנאַנדער געלעגנהייט האָט ער דערזען זיין מוטער פון דער זייט ווען זי האָט זיך שנעל דורכגעטראָגן פון איין צימער אין אַנאַנדערן. איר שוואַרץ קלייד, די פרישע טונקעלע רינגען אַרום אירע אויגן פון ניט דערשלאָפן, פון אָפּטן, באַהאַלטענעם וויינען, האָבן מאָדנע גערירט זיין האַרץ. איר פעסטע, כמעט שטאָלצע האַלטונג האָבן איר געמאַכט אויסזען, נאָך מער פאַטעטיש אין זיינע אויגן. ער האָט זיך פּלוצלינג דערמאָנט אַז זיין מוטער איז דאָך אַן אַלמנה, אַזוי פיל יאָרן אַן אַלמנה, — געלעבט די גאַנצע צייט פאַר אירע קינדער, ווי זי פלעגט אַמאָל ער־קלערן. עד האָט זעלטן ווען געדענקט דערפון, אויך איצט איז ער ניט לאַנג פאַרבליבן ביי דעם געדאַנק. ער האָט איר באַלד געזען אין אַנאַנ־דער ראָלע. ווי ווילד זי האָט געטאַנצט אויף איר טאָכטער'ס חתונה, ווי לייכט און זאָרגלאָז און זינלאָז זי האָט זיך געטראָגן אַרום און ארום

איבערן זאַל דעמאָלט, געטראָגן זיך ווי וואַנזיניק צום באַוואונדערן פון גאַנצן עולם. און האָט זי דען ניט געטאַנצט אַזוי לוסטיק ווען דאָס קינד איז געבאָרן געוואָרן, דאָס טויטע קינד דאָ... ווען זיין מוטער האָט נאָך אַ קורצער ווײַלע, זיך ווידער פאַרבייגעטראָגן פאַר אים, האָט ער זיך צוגעקוקט צו אירע שיינע פעסטע פיס: זיי זיינען אים פאַרגעקומען ווי פיס וואָס זיינען גרייט ווידער ווילד צו טאַנצן, ביי דער ערשטער געלעגנהייט, פונקט ווי דעמאָלט.

*****

אַרום אַ וואָך נאָך די טרויעריגע פּאַסירונגען האָט זיך עד לאַנג־זאַם אַראָפּגעלאָזן איבער די טרעפּ פון זיין הויז. ער איז געגאַנגען אין אָפיס וואו ער האָט געאַרבעט, דאָס ערשטע מאָל נאָך זיין צוריקקומען פון די בערג. אונטן האָט ער געפונען אַ בריוו צו אים פון דאָראַ׳ן. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט פאַר דער גאַס־טיר פון הויז און גענומען לייענען לאַנגזאַם, וואָרט נאָך וואָרט, אָפּט אָפּשטעלנדיג זיך אַ לענגערע צייט איבער אַ וואָרט דאָ און דאָרט. דאָרא האָט געשריבן ווי אַזוי זי האָט זיך נאָרוואָס דערוואוסט דורך אירע אַ פריינדין פון זייער שרעקלעכן פאַר־לוסט ווען זי איז שוין געווען היפּש באַאומרואיגט פון זיין ניט שרייבן צו איר. איר בריוו שרייבט זי קוקנדיק אויפן קינד׳ס בילד, אַ קאָדאַק בילד, וואָס ער, עד, האָט איר געגעבן. עד האָט באַמערקט אַז זי באַ־שרייבט דאָס קינד ווי אַ ליכטיגן מלאך און אַז זי געדענקט וואָס ער האָט איר פון בענעלען דערציילט. זי איז געקומען אין שטאָט אַזוי שנעל ווי זי האָט געהערט די שרעקלעכע נייעס און וועט וואַרטן אויף זיין אָפּ־רופן זי דעם גאַנצן טאָג: וואו און ווען ער וויל און קאָן זי זען. ער מוז איר גלויבן, אַז דאָס איז איר צער און פאַרלוסט אויך.

צוויי מאָל האָט עד געלייענט דעם בריוו, איינס נאָכ׳ן אַנדערן. דאָס צווייטע מאָל אַזוי לאַנגזאַם ווי דאָס ערשטע, ניט רירנדיג זיך די גאַנצע צייט פון זיין אָרט פאַר די טיר. דורכ׳ן גאַנצן לייענען און איבערלייענען האָט זיין פנים געטראָגן דעמזעלבן אויסדרוק פון אומעט און טרויער ווי פאַרן זען דעם בריוו. וואָס עס האָט אים גערירט אין דאָראַ׳ס בריוו איז געווען ניט אַזוי פיל וואָס זי האָט געשריבן, ווי איר שטימע, ווייל ער האָט דייטלעך אַרויסגעהערט איר זיסע שטימע פון די צײַלן פון בריוו, אַזוי ווי זי וואָלט גערעדט צו אים מינדלעך. ביים איבערבעטן זיך מיט איר דעם טאָג פון זיין פאַרלאָזן די בערג, ווען זי האָט צוריקגעשליידערט מיט גרויס פאַרדרוס זיינעם אַ פאַרוואורף, האָט איר שטימע זיך אַ רגע איבערגעבראָכן, דאַן זיך גענומען ווערן קעגן אָנקומענדע טרערן, ווען די שטימע האָט געקראָגן אַן אונפאַרגעסלעכן

קלאַנג, אַן אַקאָרד, אַזוי זיס, אַזוי האַרצרייסנד צו דער זעלבער צייט. די זיסע נאָטע, דעם האַרצרייסענדן אַקאָרד האָט עדי איצט געהערט אַרויסקלינגען פון אַנדערע שטעלן פון דעם געשריבענעם. ביי די שטעלן האָט ער זיך מייסטענס אָפּגעשטעלט און ווידער און אָבער געהערט און ווידער און אָבער געלאָזט זיין האַרץ ענטפערן מיט אַ שמערצהאַפטן ציטער.

נאָכן צווייטן מאָל לייענען האָט ער דעם בריוו אַריינגעלעגט אין קעשענע, נאָר אַלץ געשטאַנען אויפן אָרט און ניט געפילט ווי ער לייגט איבער דעם בריוו פון דער אויבערשטער קעשענע אין בוזים־טאַש. מיט אַמאָל איז אים אַרויפגעשוואומען אַ געדאַנק אַז רעכטס ליגט דער וועג צום אָפיס און צו דאָראַ׳ס וואוינונג, וואו זי וואַרט אויף אים. לינקס אָבער איז דער וועג אַהין, דאָרט וואו דאָס קינד ליגט אַליין אין אַ היל־צערנעם קעסטל אונטער אַ בערגל ערד.

עד איז נאָך געשטאַנען אַ לענגערע ווילע אַליין און פאַרלאָרן ביז וואַנען ער האָט זיך מוטלאָז און לאַנגזאַם גענומען רעכטס...

# אַ סך הכל

— הייסט עס, ביי וואָס האַלטן מיר? האָט מרס. צוקער געפרעגט פאַרטזועצנדיק:

— ביי די אייז קרים...

— יע, ביי די אייז קרים. איך האָב אייך דאָך שוין גענוי באַקאַנט געמאַכט, וואָס מע האָט אונז געגעבן ביז די אייז קרים, די אייז קרים אָבער, מוז איך זאָגן, האָט איבערגעשטיגן אַלץ. איך האָב נאָך אַזוינס אויף מיין לעבן ניט פאַרזוכט. קיין וואונדער ניט, אויב איר ווילט וויסן. די אייז קרים האָט געמאַכט אירע אַ שכנה, נאָך אַ האַלב גרינע פרוי, האָט געהאַט אַ גאַר באַרימטע קאָנדיטאָריי אין פּאַריז, פאַרשטייט איר? צוליב דער שכנה טאַקע האָט זי דאָס געמאַכט אַזאַ שמחה, ווייל די שכנה האַלט, אַז אויב אַ שמחה, זאָל זיין אַ שמחה מיט דער פולער האַנט. זי האָט איר גאָר ניט ווייניג צוגעהאָלפן. איז דאָרט, קען מען זאָגן, געווען אַ האַלב מחותנת׳טע... אין גאַנצן דריי מאָנאַט ווי מען וואוינט אין שכנות און מען לאָזט איינע די אַנדערע פון אויג ניט אָפּ. זאָל עס נאָר לאַנג אַנהאַלטן אַזוי... מען וויס שוין ווי אַזוי עס ענדיגן זיך געוויינלעך אַזעלכע הייסע ליבעס צווישן שכנות... איר לאַכט? ווייסט איר מסתמא אויך...

— זעט איר, דאָס איז זי געווען גערעכט, אַז אויב אַ שמחה זאָל זיין מיטן פולן מויל, אַזוי איז עס טאַקע געווען. דער בר־מצוה׳ניק האָט אויס־געזען ווי איך האָב אים נאָך קיינמאָל ניט געזען. גאָרניט צו דערקענען. כ׳מיין מיטן פאַררויטלטן קאָליר אין פּנים, צעהיצט, צערודערט, אין קליי־ניקייט, אַזאַ געהויבענע געלעגנהייט... אַזוי האָט ער אַ בלאָסן, דעליקאַטן אויסזען... וואָס זי איז זיך אויסגעשטאַנען פון דעם קינד! געווען אַזאַ לאַנגע צייט קראַנק... לאָמיר האָפן אַז פון איצט אָן וועט זי שוין האָבן פון אים בלויז נחת. מען זאָגט אפילו אַזעלכע זאַכן קומען אַמאָל צוריק... זיין „ספּיטש" איז געווען דווקא צו באַוואונדערן, פאַרשטייט זיך, עס איז ניט געווען זיין אייגענער „ספּיטש", דער רבי זיינער איז געזעסן דערביי, אים צוגעגעבן מוט. נאָך גאָר אַ יונגער מאַן דער רבי... דער אינגל האָט זיך געהאַלטן אויסגעצייכנט, אמת שיין, אַזוי וואונדערלעך אַרויסגעבראַכט די ווערטער. אַזוי איז עס אַ זייער גראָטן קינד, אויב איר ווילט וויסן. טאַטע און מאַמע האָבן געקוואָלן קוקנדיג אויף אים, און איך האָב געקוואָלן קוקנ־

דיג אויף זיי, איבערהויפּט אויף איר. שוין צייט אַביסל פרייד צו פאַרזוכן, גענוג צער געהאַט, וויפל איז דער שיער?

— יאָ, אַ קראַנק קינד, און אַן איינציג קינד נאָך...

— וואָס עפּעס דווקא פון קינד? און פון מאַן? פון מאַן האָט זי אויך געהאַט, ווי רופט מען עס...

— פון מאַן? וואָסי?

— וואָס, איר ווייסט גאָר ניט? גאָרניט געהערט? וואָס דענקט איר, זיי האָבן דאָך שוין געלעבט באַזונדער, איבער צוויי יאָר באַזונדער, געווען געשיידט, ס'איז ניט קיין סוד. דאָס האָבן מענטשן זיי ווידער צוזאַמענ־געבראַכט... ער האָט זיך, כ'וויס, רופט עס פאַרליבט, אויב איר ווילט, פאַרליבט אין זיין באַסעס אַ קרובה, נו, האָט זיך דער באַס דערוואוסט און קודם כל אָוועקגעשיקט אים, איז ער אַ צייט געווען אַן אַ שטעלע. זי ווידער, כ'מיין זיין ווייב, ווען זי האָט זיך דערוואוסט די שיינע געשיכטע, האָט זי פון אים ניט געוואָלט מער הערן... אַבי איצט איז אַלס ווידער גוט... יע, יע, ס'איז גוט, אַזוי שמועסט מען... ער זאָל זיך האָבן אויסגעדריקט, אַז דאָס האָט ער זיך איצט צום צווייטן מאָל פאַרליבט אין זיין אייגענער פרוי. וואָס מיינט איר, זי איז ניט ווערט מע זאָל זיך פאַרליבן אין איר? קוקט מען זיך טאָקע איינס דעם אַנדערן אין די אויגן ווי פאַרליבטע... נאָר צוריקגעשמועסט, מיט אַזאַ מאַן איז מען קיינמאָל ניט רעכט זיכער. ער איז, האָב איך מורא, פון די וואָס לאָזן זיך דעם קאָפּ פאַרדרייען פון אַ ליאַדע פרוי... מע דאַרף מיט אַזעלכע קיין איבעריקע קונצן ניט אָנ־ווענדן... נאָר הויבט זיך אָן אַ מעשה, מיט וואָס איז מען זיכער?

— מען איז מיטן לעבן ניט זיכער...

— איר זייט גערעכט, ס'איז אַזוי... דאָס יאָ, פריילעך איז דאָרט געווען, פריילעך? איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען אַז אַן עולם זאָל זיך אַזוי האַרצלעך משמח זיין. ס'איז געווען אַ שיינער עולם אויך... ניט קיין איבעריג גרויסער, זי האָט געפּראַוועט די שמחה ביי זיך אין הויז. האָט אַ וואונדערלעכע דירה, זאָג איך אייך. די דירה אירע בין איך איר טאָקע מקנא, אַזעלכע ריזיקע צימערן, און ליכטיק... מען זעט גאָרניט היינטיקע צייטן אַזעלכע ליכטיקע צימערן. איר פאַרשטייט, דאָס הויז אַנטקעגן איז אַן איינשטאָקיגע געביידע, קריגט זי די גאַנצע ליכט אַריין, יעדער באַזונדע־רער צימער ליכטיג... מען רעדט אַפילו אַז עס האַלט דערביי אַז מען זאָל דאָס הייזל אין קורצן אַראָפּרייסן, אויפשטעלן אַ הויכע געביידע דאָרט. עס לאָזט זיך גלויבן. דערווייל אָבער איז ליכטיק ווי די זון, גיט נאָר אַ קוק — מען גייט דאָך שוין פון סקול. פאַררעדט זיך... כ'מוז שוין גיין, איר גייט אויך? טאָ לאָמיר גיין צוזאַמען.

# אַ „מעגלעכער" פריינט

קאָהן, אַ מיטל־וואוקסיגער דאַרער מאַן, פון קרענקלעכן אויס־זען, אַ מאַן פון אַ יאָר פערציג, האָט נאַרוואָס געענדיגט לעזן. ער האָט לאַנגזאַם, נאָך אונטער דעם גוטן אײַנדרוק פון געלעזענעם, אויסגע־ווישט מיט'ן שפּיץ פון זײַן קלײנעם פינגער די ווינקלען פון זײַנע אויגן פון וועלכער ער האָט נאַרוואָס אַראָפּגענומען די ברילן, דאַן פאַר־מאַכט דאָס בוך, אויך לאַנגזאַם, און צופרידן אַ קלער געטאָן אַז עס מוז שוין זײַן גוט שפּעט אין דער נאַכט, אַז זײַן בעט וואַרט אויף אים אין דערבײַיאיגן שלאָף־צימער שוין אַן אויסגעבעטע — ער דאַרף נאָר אַראָפּוואַרפן פון זיך זײַן שלאָפּראָק און זיך אויסציען. עס איז טאַקע שוין געווען שפּעט און מאָדנע שטיל אין דרויסן. קאָהן האָט זיך געפוילט אויפצוהויבן פון זײַן אָרט און געבליבן קוקן אויפ'ן לאָמפּ פאַר זיך, ווען פּלוצלינג האָט ער דערהערט אַז אין זײַן שלאָפצימער האָט עפּעס ווי אַ שאָרך געטאָן. ער האָט גענומען זיך גוט צוצוהערן — עס האָט זיך גאָרניט מער געהערט, דאָך אום זיך פאַלשטענדיג צו באַרואיגן האָט ער זיך אויפגעהויבן, אַ זוך געטאָן אין אַ ווינקל אַ שוועבעלע, אָבער נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָנצוצינדן דאָס שוועבעלע האָט ער דערזען פאַר'ן שוועל פון שלאָפצימער די פיגור פון אַ פרעמדן מאַן. עס איז געווען אַ נידעריגע, אָבער פעסטע און ברייטע פיגור, מיט אַ העסלעך געזיכט און אַ פּאָר אויגן אַזעלכע, אַז קאָהן איז געבליבן שטיין ווי פּאַראַליזירט, ווייל זײַנע פיס, די גאַנצע לענג פון איבער די קני ביז אַראָפּ זײַנען ווי אָפּגענומען געוואָרן.

— שאַ! — האָט דער אומבאַקאַנטער געזאָגט און אַ מאַך גע־טאָן מיט זײַנע פינגער איבער זײַנע ליפּן, — שאַ... האָט ניט קיין מורא... עס וועט אײַך קיין בייז ניט געשען. כ'בין ניט אויסן אײַך...

קאָהן איז געבליבן שטיין ווי פריער און דער מאַן האָט א שמייכל געטאָן קוקנדיג אויף אים.

— איז דאָרט קײנער ניטאָ? — האָט ער געפרעגט אָנווייזנדיג אויף די אַנדערע דונקעלע צימערן פון יענער זייט.

קאָהן האָט געענטפערט מיט אַ שאָקל מיט'ן קאָפּ:

— ניין, קיינער ניטאָ?

— ניטאָ... — האָט ער קוים וואָס מ'האָט געהערט אַרויס־געריעדט.

— מען דאַרף באַלד אָנקומען? איהר ערוואַרט ווערמען?

— ניין, איך ערוואַרט קיינעם ניט.

— פרוי און קינדער אין קאַונטרי?

— אין קאַונטרי...

דער פרעמדער האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן קאָפּ און זיך צוגע־זעצט אויף אַ שטול. ער האָט אַרויסגעצויגן אַ סיגאַרעטל פון אַ פּעקעלע, אַריינגעקוועטשט צווישן זיינע ליפּן, און אָנגעוויזן קאָהנ'ען אַז ער זאָל אים געבן די שוועבעלע וואָס ער האָט נאָך געהאַלטן אין דער האַנט:

— איר דאַרפט עס דאָך איצט ניט.

קאָהן האָט געפילט אַז ער האָט ניט נאָך וואָס צו בלייבן שטיין און ער האָט זיך אויך צוגעזעצט. אים האָט אָנגעהויבן קלאָר צו ווערן אַז ער מעג גלויבן, אַז זיין „גאַסט" איז ניט אים אויסן געווען, ווי יענער האָט זיך אויסגעדריקט. און ער האָט זיך באַרואיגט. און אין אמת'ן, וואָס האָט ער זיך צו באַאומרואיגן? זיין גאָלדענער זייגער האָט אַזוי רואיג און דייטלעך געטיקט אויפ'ן אָפענעם טיש, און יענער האָט זיך אַפילו אויף דעם ניט אומגעקוקט. ער האָט געמוזט אַנטלויפן פון ערגעצוואו, — האָט קאָהן זיך משער געווען, — אַרויפגעכאַפּט זיך אויפ'ן דאַך פון הויז, געפונען די פענסטער זיינע פאַרמאַכט איז ער אַריין צו אים דורכ'ן פענסטער פון שלאָפצימער וואָס איז געווען אָפן. אויב ס'איז טאַקע אַזוי ווערט עס העכסט אינטערעסאַנט...

דאָס מערקווירדיגע איז געווען וואָס קאָהן האָט זיך שוין אייניגע מאָל, מיט יאָרן צוריק, געהאַט פאַרגעשטעלט אַן ענלעכן צופאַל, ווי אַזוי אים קומט אויס צו ראַטעווען פון גרויס געפאַר אַזאַ מין פאַר־צווייפלטן נפש, אַ באַרימטן רויבער און אַריינברעכער. יענעמ'ס לעבן איז ביי אים אין האַנט און ער ראַטעט אים און געווינט דעם צוטרוי און אייביקע דאַנקבאַרקייט פון אַזאַ מין רויב־פויגל. איצט, הייסט עס, איז דער רויב־פויגל טאַקע אַריינגעפלויגן צו אים, דורך די אָפענע פענסטער פון זיין פינסטערן שלאָף־צימער, אַזוי שפּעט אין דער נאַכט, ווען ער איז פונקט אַליין אין הויז.

„רויב־פויגל", אין אמת'ן, — זיינען דאָך אַ וועלטעלע פאַר זיך. האָבן דאָך זייער אַ שפּראַך, מאַנכע אויסדריקע פון זייער גנב'יש לשון זיינען דאָך אַזוי וויציג, און אינטערעסאַנט. קאָהן האָט אויך געוואוסט

פילע כאַראַקטעריסטישע אַנעקדאָטן פון זיי. יאָ, זיי האָבן אויך זייער יושר און מאָראַל, קאָנען זיך מקריב זיין פאַר אַ פריינט און בכלל אַמאָל אַרויסווייזן גרויסמוט. פון זייער אַנטשלאָסענקייט און מוט איז דאָך אָפּגערעדט. מערקווירדיג איז דאָס, וואָס קאָהן אַליין איז גראַדע געווען אַן ערלעכער מאַן. ער האָט געהאַלטן זיין שטעלע מער צוליב זיין ערלעכקייט ווי צוליב זיין געשעפטס־פייאיקייט. ער האָט געהאַט אַ מאָדנעם פאַרגעניגן ווען עס פלעגט אים אויסקומען אויפמערקזאַם צו מאַכן אַז מען האָט אים איבערגעצאָלט אין אַ חשבון הגם ער פלעגט עס טאָן אויף אַזאַ קאַלטבלוטיגן און גלייכגילטיגן אופן.

איצט איז קאָהן געווען פאָלשטענדיג באַרואיגט. דאָס איז אים אָבער שוין ניט געווען גענוג. ער האָט געוואָלט ווערן גוט־ברודער מיט זיין גאַסט, מאַכן אים פאַר זיינעם אַ פריינט. ער איז קיין פּראַק־טישן צוועק ניט אויסן געווען: אָט זיך טרעפן צופעליג אַמאָל אין גאַס, אָפּשטעלן זיך רעדן אַ פּאָר ווערטער, און סתם קענען אַ מענטשן וואָס האָט אַ שטיקל שייכות מיט דער אונטערוועלט. קאָהן האָט באַ־מערקט אַז זיין גאַסט'ס הענט זיינען געווען צעדראָפּעט און ערטער־ווייז עטוואָס פאַרבלוטיקט, און בכלל פאַרדעכטיג, האָט ער אים פאָרגע־שלאָגן זיך אָפּצוואַשן די הענט, אָנצייגנדיג אויפ'ן שניי־ווייסן האַנטוך און פריש שטיקל זייף, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר זיך אַליין אויף מאָרגן פרי. דער פרעמדער האָט אַ רגע באַטראַכט זיינע הענט, און קאָהנ'ען, און אָנגענומען דעם פאָרשלאַג. קאָהן האָט אים צוגע־פירט צום וואַש־טישל, אָנגעוויזן וואו ס'איז דאָס וואַרעמע, און וואו ס'איז דאָס קאַלטע וואַסער. ווען יענער האָט זיך איבערגעבויגן איבער'ן וואַש־שיסל האָט ער באַמערקט אַ רעוואָלווער אין זיין קעשענע, ער האָט אַ טראַכט געטאָן: „ס'איז דער ריכטיגער סוחר, מיט די געהעריגע כלי־זיין...״ צוריק איז קאָהן געגאַנגען פאָראויס אַז יענער זאָל אים ח״ו ניט חושד זיין אַז ער מיינט אים צו פאַרראַטן. אין דער מינוט האָט קאָהן געפילט אַז ער מעג שוין מיט זיין גאַסט פאַרפירן אַ גע־שפּרעך, האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים און גענומען, אַלס פאָרוואָרט, פריינטלעך צושמייכלען צו אים. דעם גאַסט'ס געזיכט האָט זיך אויגנבליקלעך פאַרכמאַרעט און קאָהן האָט ווידער דערזען דעם העסלעכן, פינסטערן בליק פון דער ערשטער מינוט, און ער האָט זיך גלייך אָפּגערוקט.

— פאַרלעשט דעם לאָמפּ דאָרט, האָט דער פאַרשווין געהייסן, — וואָס דאַרפט איר דעם לאָמפּ איצט? איר קאָנט גיין שלאָפן אויב איר ווילט... איך דאַרף נאָך דאָ פאַרברענגען אַ ווילע...

קאַהן האָט געהאָרכזאַם פאַרלאָשן דעם לאָמפּ. ער האָט זיך גע־פילט ווי אַן אָפּגעשמיסענער. „אַזוי, אים פּאַסט נאָך ניט גוט פריינט צו ווערן." ער האָט זיך פאַררוקט אין אַ ווינקעלע. זיין ווייב, האָט ער געקלערט, וואָלט זיך גאַנץ אַנדערש באַגאַנגען מיט אַזאַ נפש. ער איז געווען זיכער אַז שוואַך ווי זי איז, וואָלט זי אַרויפגעשפּרונגען אויף אים מיט קולות אַזוי שנעל ווי זי וואָלט אים נאָר דערזען. ווען ער דערציילט איר, למשל, אַז ער זיצט דאָ אין דער פינסטער מיט אַ רויבער צי גאָר אַ מערדער, האָט אים נאָך געהאָלפן מיט'ן וואַשן, וואָלט ער ביי איר געהאַט אַ שיינעם פּנים... נאָר ביי זיין ווייב? ביי יעדן איינציגען פון זיינע שכנים... קאַהן האָט אָנגעהויבן צו פילן די שאַנדע פון זיין האַנדלונג. ס'איז דאָך אַ מערדער, ווער ווייס פון וואָס, פון וועמען אַנטרונען, ווער ווייס וואָס ער האָט מיט אַ צען־פופצען מינוט צוריק אָפּגעטאָן... עס איז אפשר איצט נאָך אויך ניט צו שפּעט... קאהנ'ס האַרץ האָט אָנגעהויבן צו זעצן אין אים ביי דעם געדאַנק. ער קאָן נאָך איצט אויך אויפהויבן אַ גע־שריי אין מיט'ן דער נאַכט: אַ רויבער, אַ מערדער, אַ רויבער! אָדער איז עס אפשר בעסער אַז ער זאָל איבערוואַרטן ביז וואַנען יענער וועט פון הויז אַרויס און דאַן מאַכן דעם ליאַרעם, אַזוי וועט עס זיין זיכערער.

און דאָ איז אויף אים פּלוצלינג אַן אימה אָנגעפאַלן — וואָס האָט ער אויף זיך אַרויפגעבראַכט? וואָס האָט זיך אים דאָ פאַרוואָלט? וואָס זאָל ער איצט טאָן? די נאַכט איז שרעקלעך שטיל, אַלע אַרום שלאָפן טיף, ווי אַזוי זאָל ער שרייען? ווי שרייט מען אין אַזאַ שטילקייט? ווי ראַטעוועט ער זיך? ער האָט אַ בליק געטאָן פון זיין ווינקעלע אויף זיין גאַסט. יענער האָט זיך פּלוצלינג אויסגעגלייכט אויף זיין שטול און ווי אָנגעשטעלט די אויערן. קאהנ'ס אויגן זיינען צוגעשמידט גע־וואָרן צו יענעם. און פּלוצלינג האָט זיך אים אָנגעהויבן צו דאַכטן, אַז אויך ער הערט עפּעס פון דער ווייטן. יאָ, עס דערנעענטערט זיך אַהערצו, עפּעס אַ מין טיפער זשומען, שטימען, שטימען, מענטשלעכע שטימען, און ס'איז פון דער הויך גאָר, פון איבער אים, פון דאַך מסתמא! אַ שטיל נאָר דייטלעך רעדן, אַ פּלוצלינג שטיל געשפּרעך אויפן דאַך פון אַ גרופּע מענער, אין מיטן דער נאַכט. אָפּגעשטעלט זיך פונקט איבער זיין פענסטער דאָ. פּאָליציי! ס'איז פּאָליציי, דאָס מוז מען זוכן דעם חברה־מאַן. קאהן וואָלט איצט אפשר געקאָנט כאַפּן אַנדערע ווערטער פון שטילן געשפּרעך...

אָן אומבאַשטימטער נאָר שטאַרקער געפיל האָט אים באַהערשט. ער האָט ווידער פאַרקוקט צו זיין גאַסט. עס איז אים געווען שווער צו זען דייטלעך יענעמ׳ס געזיכט, נאָר ס׳איז געווען קלאָר אַז יענער שמייכלט צו אים אין דער פינסטער: ווייסע ציינער, טיררישע ציינער, וואָס האָבן ווי אַרויסגעלויכטן פון דער פינסטערניש, ווי מען דערציילט פון וועלפישע אויגן וואָס ברענען אין דער נאַכט. קאהן האָט מער געפילט ווי געזען, אַז דאָס איז געווען דער פאַרדעכטיגער שמייכל פון אַ געכאַפּטן וואָס זוכט איצט אין זיין געפאַר זיך איינצושמייכלען ביי אים. „אַזוי״, האָט קאהן זיך געטראַכט, „ער האָט מורא, דער העלד! איצט שמייכלט ער שוין, איצט שטייט אים שוין אָן צו ווערן פריינט. איצט בין איך אים מוחל זיין ליבן שמייכל״. און ער האָט אָפּגעווענדט זיינע אויגן פון יענעם. ער זאָל זען מיט וועמען ער האָט דאָ צו טאָן, — האָט ער זיך פרייער איבערגעזעצט אויף זיין שטול, זיך ברייטער צוריקגעוואָרפן, פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס. זיין פריערדיגע שרעק האָט אים פאַרלאָזן. פאַרקערט, ער האָט גאָר דערפילט אין זיך אַ שטאַרקייט. איצט האָט ער שוין ניט געדענקט פון שרייען. נאָכ־אַמאָל, זאָל יענער זען מיט וועמען ער האָט צו טאָן. ער, קאהן, קאָן זיין אַזוי גרויסמוטיג ווי דער בעסטער פון זיי...

אויפן דאַך איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן. — זיי זיינען אַוועק, — האָט קאהן צו זיך גלייכגילטיג געזאָגט, — אַוועק מיט ליידיגן. — ווידער שטיל. ביין, זיי זיינען נאָך ניט אַוועק. זיי גייען איצט אַוועק, זיי לאָזן זיך איצט אַראָפּ שטיל איבער די שטיגן פון הויז. זיי גייען אַראָפּ דורך דעם הויז טאָקע. אויף אַ ווײַלע האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער סאַמע טיר: דאָס האָט איין טייל פון דער גרופּע זיך אָפּגע־שטעלט וואַרטן אויף די אַנדערע וואָס זיינען נאָך געווען אויבן. דאָס ליכט פון זייערע לאַמטערנעס האָט אַריינגעשיינט אין פינסטערן צימער אַריין. קאהן האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. איצט זיינען זיי שוין מיט אַלעמען אַוועק. אַ מאָדנע שטילע נאַכט. ערגעצוואו האָט אַ זייגער אָפּגעקלאַפּט — וועך ווייס וויפל. קאהן האָט געפילט אַז יעדע רגע איצט וועט יענער אויפשטיין פון זיין אָרט, אויסשטרעקן אים זיין האַנט דאַנקענדיג אים ניט אַזויפיל פאַר דער גרויסער טובה, ווי פאַר דעם בלויזן כאַראַקטער־צוג, וואָס קאהן האָט דאָ אַרויסגעוויזן. ווי אַזוי זאָל ער ענטפערן? ער וועט בלייבן קאַלט ווי אייז: ביזט אַ קנאַפּער יחסן ביי מיר, הייסט עס. דערווייל האָט ער אַראָפּגעלאָזן זיין קאָפּ אויף דער ברוסט. ער האָט מער פון קיין זאַך ניט געוואָלט דענקען, נאָר זיך געפּרוואווט איינוויגן אויף צו שלאָפן מיט אַ שמייכל אויף זיינע

ליפּן. פאַרוואָס ניט איינשלאָפן? פאַר וועמען האָט ער מורא?

אַ סקריפּ פון טיר האָט אים עטוואָס שפּעטער אויפגעוועקט. ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון גאַסט — קיינער איז דאָרט מער ניט געווען. אַוועק גאָר אָן איבעריגע צערעמאָניעס? ניין, גיכער ניט געוואָלט אים שטערן אין זיין שלאָף. האָט ער פאַרענטפערט אין געדאַנק זיין גאַסט. „איך בין, ווייזט אויס, אויף אַן אמת'ן פעסט געשלאָפן".

ער האָט זיך לאַנגזאַם און פויל אויפגעהויבן פון אָרט, געבליבן שטיין אַ ווײַלע, דערנאָך אַוועק פאַרשליסן די טיר. „איצט גיין שלאָפן, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — זיך גוט אויסרוען. עס מוז שוין זייער שפּעט... ווי שפּעט זאָל עס זיין?" ער האָט געמאַכט ליכט צו זען די צייט — זיין זייגער איז אויפן טיש ניט געווען. „אַ שפּיצל, אַ שפּיצל!" האָט קאהן צו זיך געזאָגט ווי איינער וואָס פאַרשטייט. ער האָט אַנדערש ניט געדענקט, אַז יענער האָט פאַרשטעקט זיין זייגער ערגעץ אַנדערש צו געבן אים אַ רגע פון אומזיסטע שרעק. „זיי האָבן ליב צו טרייבן שפּאַס, די חברה... אַן אַלטע געשיכטע". ער האָט גענומען זוכן אומעטום זיין פיינעם זייגער, וואָס איז אים געווען זייער טייער, ממש אַ פריינט. אָבער אין דער מינוט איז אים מער געגאַנגען צו איבערצייגן זיך צי יענער האָט געשפּאַסט, ווי דער זייגער גופא. „וואו האָט ער אים ערגעץ פאַררוקט?" — האָט ער זיך געפרעגט. ס'איז אים געווען שווער צו גלויבן אַז יענער זאָל אים האָבן פאַררוקט ערגעץ צו זיך אין קעשענע...

# מאַן און ווייב

(אָונט. אַ שיינער עס־צימער אין אַ פאַרמעגלעך הויז. עס איז קורץ נאָכן אָונט־עסן. מר. ליבמאַן ,אַ קורצע און פעטטע פיגור, זיצט און לעזט זיין ציייטונג. זיין פרוי, אויך קורץ, נאָר דין, מיט בלוי־גרויע אויגן וואָס האָבן דעם וואַכזאַמען בליק פון אַ כיטרער פרוי, קומט אַריין און זעצט זיך צו אויף אַ וויג־שטול.)

ער: ווייסט מיט וועמען איך האָב מיך היינט צופעליג באַגעגנט אין גאַס? דו וועסט ניט טרעפן, שוין אַ יובל ניט געזען אים, גאָלד'ן, סעם גאָלד'ן.

זי: גאָלד'ן? וואָס דערציילט ער?

ער: דערזעלבער גאָלד... מיר האָבן מערסטענס גערעדט פון שטיינ'ען.

זי: שטיינ'ען? וועלכן שטיין מיינסטו?

ער: איב שטיין, וואָס פאַרשטייסטו דאָ ניט.

זי: וואָס, ער איז געשטאָרבן?

ער: ניין, פאַרוואָס עפעס געשטאָרבן? עס איז אים סתם שלעכט, מאַכט ניט קיין לעבן. ניט לאַנג צוריק אַרויס פון האָספיטאַל נאָך אַ שווערער אָפעראַציע. אַ ביטערער צער אויף אים...

זי: גאָלד זעט אים אַמאָל?

ער: יאָ, און גאַנץ אָפט אויך.

זי: ווי אַזוי קומסטו צו גאָלד'ן?

ער: כ'האָב דאָך דיר שוין דערציילט, באַגעגענט זיך צופעליג. ער האָט מיר געגעבן איב'ס אַדרעס. ווייסט וואו ער וואוינט? אין דער 103־טער סטריט, אונזער אַלטער 103־טער. עס איז אין אונזערע יאָרן שוין ניט געווען קיין געהויבענע נאַכבאַרשאַפט, געדענקסט דאָך, איצט, הער איך, איז עס אַ ריכטיגער העק. זיין הויז איז נומער 92, אונזער הויז דעמאָלט איז געווען 94, ער האָט זיך צוריק אריינגעקליבן אין יענע גאַסן, אַן אמת'ער צער... און דאָך אַז מען דערמאָנט זיך אָן יענע יאָרן איז עס...

זי: וואָס האָט גאָלד דיר עפּעס געגעבן אייב׳ס אַדרעס? וואָס דענקסטו איז געווען זיין מיין?

ער: איך האָב ביי אים געבעטן דעם אַדרעס.

זי: דו האָסט געבעטן? וואָס דאַרפסטו אייב׳ס אַדרעס? וואָס אַזעלכעס ווּעסטו טאָן מיטן אַדרעס?

ער: איך ווייס נאָך אַליין ניט וואָס איך וועל טאָן... איך פיל אַז איך וויל עפּעס טאָן. פאַרגעס ניט אַז איך האָב ניט געהערט דערמאָנען אייב׳ס נאָמען שיינע עטלעכע יאָר און דאָ הער איך פּלוצלינג אַז ער איז צוריק אין דער 103־טער, אַליין אין געגענט וואו מיר אַלע האָבן געלעבט אין אַזאַ נאָענטער און ליבער שכנות, אַליין דאָרט און אַ קראַנקער נאָך דערצו... איך האָב געפילט אַז איך וויל אים זען...

זי: זען גאָר?

ער: פאַרוואָס ניט זען אים? באַטראַכט נאָר וואָס עס איז אַלץ פאָרגעקומען פאַר די צוועלף יאָר פון אונזער... אָפּפרעמדונג. ער האָט אַ זון אין קאָלעדזש, הער איך, מיר האָבן שיינע קינדער. ניט מיר קענען זיינע קינדער, ניט זיי קענען אונז, די קינדער אונזערע זיינען פרעמד צו זייערע. וועד האָט זיך עס פאַרגעשטעלט דעמאָלט...

זי: וואָס ווילסטו? וואָס רעדסטו? איך פאַרשטיי דיר ניט. „אָפּגעפרעמדט״ רופסטו עס? זיי זיינען דאָך אונזערע שונאים, בלוטיקע שונאים... דו ווייסט ניט וואָס דו רעדסט...

ער: בלוטיקע שונאים, ניט אַזוי געפערלעך. וואָס האָט ער מיר אַזעלכעס געטאָן די גאַנצע, לאַנגע צייט מיט זיין בלוטיקער שנאה?

זי: קנאפּ דיר געטאָן? קנאפּ פאַרשוואַרצט און באַשמוציגט דיין נאָמען, ער אַליין און זיין פרידא אַלס אַ צוגאַב.

ער: וואָס האָסטו דערוואָרט, ער זאָל די גאַנצע געשיכטע פאַרשווייגן? ער האָט זיך געפילט געקריוודעט האָט ער אויסגעשריען... מער ווי אויסגעשריען האָט ער זיך ניט... ער האָט זיך איינגעשמועסט אַז איך האָב אים אָפּגענאַרט, איבערגעשפּיצט, אַז איך האָב געוואָלט אַלץ פאַרכאַפּן פאַר זיך אַליין. כ׳ווייס דאָרט, דאָס איז געווען זיין מיינונג. איך ווידער האָב גוט געוואוסט אַז עס איז דאָרט קיין שאָנס ניט געווען פאַר צוויי... אגב האָב איך ניט געגלויבט אַז ער איז בכלל געווען דער פאַסיקער מענטש פאַר יענעם סאָרט ביזנעס... נו, האָט ער שוין אָנגעהויבן צו טענה׳ן אַז איך האָב טונקל־מונקל געמאַכט מיט אַ פּאָר הונדערט טאָלער זיינע ביים אויסרעכענען זיך... קיין באַווייזן האָט ער ניט געהאַט...

זי: דער אָרענטלעכער מענטש דיינער!

ער: די פּאָר הונדערט דאָלאַר האָב איך דעמאָלט באַדאַרפט אים צוריקשמייסן גלייך אויפן אָרט... איך מיין ניט ח״ו אַז זיין חשבון איז געווען דער ריכטיגער, נאָר צוריקשמייסן אויף יעדן אופן. האָב איך מיך פּונקט געגויטיקט אין די פּאָר דאָלאַר, וואָלט ניט געקאָנט אָנגיין מיט די ביזנעס אָן זיי... איז עס אַ שאָד... באַדויער איך עס זייער.

זי: וואָס באַדויערסטו אַזוי שטאַרק?

ער: וואָס עס איז געקומען צו אַזוי פיל ביטערניש צווישן אונז און דאָס גאַנצע רעשטע אויך...

זי: האָסט אפשר באַדאַרפט אָנגיין מיט איינעם וואָס טויג ניט, וואָס?...

ער: כ׳ווייס ניט ווי דיר צו זאָגן... איצט קומט מיר אַלץ אויס אַביסל אַנדערש ווי דעמאָלט... די צייט עפנט אויף די אויגן. אָט די ביזנעס, למשל, האָט זיך דאָך אַזוי שיין פאַנאַנדערגעוואָקסן... איך מיין אַז אַן איבעריגער מענטש... עס וואָלט געסטאַיעט פאַר...

זי: ווילסט זיך אפשר איינשמועסן אַז מיט אים וואָלט עס אויך אַזוי אַוועק, האַ?

ער: וואָס ווייס איך איצט ווי אַזוי די ביזנעס וואָלט אַוועק צוזאַמען מיט אים? קיין נאָר איז ער ניט... ער האָט דאָך נאָר געטשענה׳ט אַז דער גאַנצער געדאַנק פון די ביזנעס איז געווען זיינער... ער האָט גוטע איינפאַלן אַמאָל... אפשר האָב איך אים טאַקע געקריוודעט, נאָר כ׳וויל עס ניט צוגעבן. דו ווייסט די וואַרהייט. וואָס קוקסט מיך אָן אַזוי?

זי: איך זע ניט איין פאַרוואָס דו פאַרענטפערסט זיך דאָ... אַזוי ווי...

ער: איך פאַרענטפער מיך ניט, האָב מיך ניט וואָס צו פאַרענטפערן... איך וויל נאָר זאָגן אַז איך האָב באַדאַרפט... כ׳מיין איך האָב געקאָנט אַנדערש האַנדלען, אַנדערש...

זי: ווי אַזוי למשל?

ער: ווי אַזוי? האַנדלען אַזוי, אַז עס זאָל ניט קומען צו דעם רוגז.

זי: האָסט זיך פאַרבענקט נאָך אים?

ער: יאָ...

זי: גאָר אַזוי פלוצלינג פון דער העלער הויט פאַרבענקט?

ער: ניט אַזוי פלוצלינג ווי דו דענקסט... אפשר איז עס גאָר־ניט אַזוי פיל נאָך אים ווי נאָך יענע יאָרן, נאָך די יונגע יאָרן פון

אַמאָל. ווייסט ווער עס האָט מיר אָנגעהויבן צו דערמאָנען אָן יענע יאָרן ?

זי : ווער ?

ער : אונזער לעאָ, אונזער זון לעאָ. איך האָב אָנגעהויבן צוקוקן זיך נענטער צו אונזער לעאָ׳ן די לעצטע צייטן, צו לעאָ׳ן מיט זיינע חברים, און צו זיין בעסטן חבר... דענ׳ען. ס׳איז דאָך פונקט ווי איך אַמאָל, גאָר אַמאָל מיט אים, מיט אייב׳ן, זאָל גאָר פעלן אַ האָר... לעאָ מיט דענ׳ען: ס׳איז דאָך אַ וועלט פאַר זיך, אַ וועלט פון צוויי און פאַר צוויי, פרואוו נאָר אַריינדרינגען צווישן די צוויי, עס וועט זיין אומזיסטע מי... דו שמייכלסט ?

זי : (מיט אַ ברייטן שמייכל) ס׳איז אַזוי...

ער : האָסט געהאַט אַמאָל אַזאַ חבר׳טע ?

זי : פאַרשטייט זיך...

ער : האָסט מיר קיינמאָל ניט דערציילט... נאָר ניט דאָס בין איך אויסן, דאָס איז ניט דער עיקר. האָסטו באַמערקט אַז אונזער לעאָ האָט אַן ענלעכקייט צו אייב׳ן ?

זי : ווי אַזוי מיינסטו ?

ער : כ׳מיין ניט קיין פיזישע ענלעכקייט, הגם אין אַנדערע מאַניערן דערמאָנט ער מיר אָן אייב׳ן.

זי : דו מיינסט וואָס לעאָ איז אַ ביסל צוריקגעהאַלטן ?

ער : יאָ, לעאָ איז צוריקגעהאַלטן. רעדנדיג וועגן דעם ענין, איז עס אינטערעסאַנט צו וויסן וואָס אַזעלכעס אייב׳ס זון איז. דו מוזט אים דאָך געדענקען, טעדי האָט ער געהייסן. נאָר איך האָב דאָך דאָ געוואָלט רעדן פון דער ענלעכקייט צווישן לעאָן און אייב׳ן. איך דאַרף דיר ניט דערציילן ווי ליב, ווי ליב און טייער לעאָ איז מיר, ניט נאָר ווייל עס איז מיין קינד, נאָר ווייל ער איז ליב אין יעדנס אויגן. ער איז אַזוי שיין און איידל, עס פעלט אים אָבער די נויטיקע קאָמפּסלוס־טיקייט... איך גלויב ניט אַז ער האָט ווען עס איז אין זיין יונגן לעבן זיך רעכט מיט וועמען געשלאָגן, ווי עס קומט פאַר ביי אינגלעך. דערזעט ער אַן עולה, אַן אומרעכט, בלייבט ער שטיין אָפּהענדיק. איך האָב ניט איינמאָל באַמערקט ווי טרערן, טרערן פון אָנמאַכט שטעלן זיך אים אין די אויגן ווען אַנאַנדער יונג וואָלט...

זי : מיר האָבן אים באַדאַרפט אָפטער שיקן אין אַ קעמפּ...

ער : אַ קעמפּ וועט דאָ ווינציג וואָס העלפן. עס איז עפּעס וואָס זיצט טיף, טיף אין זיין נאַטור. אייב שטיין איז געווען אַזוי ווען ער איז געווען אין לעאָ׳ס יאָרן. איך בין אָפטמאָל זייער באַזאָרגט איבער

אים. עס באַאונרואיגט מיך... איך פיל אַז איך לאָז דאָ אַרויס אַ שוצ־לאָז קינד אין אַ וועלט וואָס...

זי: איך גלויב אַז דו פאַרגרעסערסט אַביסל די געפאַר. דערפאַר זעסטו איז עטעל אַ קאָזאַק. מיט איר בין איך פאַרזאָרגט.

ער: עטעל איז עפּעס אַנדערש. עס האָט באַדאַרפט זיין פונקט פאַרקערט. ניין איך וועל עס ניט זאָגן, ווייל איך האָב אים האַרציג ליב ווי ער איז. ער איז מיר אפשר נאָך ליבער וואָס ער איז אַזוי. נאָר מורא האָב איך...

זי: האָב ניט קיין מורא, איך בעט דיך, און זאָג מיר ניט קיינע בייזע נביאות.

ער: איך זאָג ניט קיינע נביאות... וואָס האָב איך געוואָלט זאָגן? יאָ... דאָס געדענקסטו? אַז שטיין, מיין איך, האָט זיך אָפּ־געהאַלטן דעמאָלט פון אַנקלאָגן מיך אין געריכט. איך וועל ניט זאָגן אַז ער האָט געהאַט אַ „קייס" קעגן מיר. „זאָל דיר אַנאַנדער אַנלערנען"... האָט ער געזאָגט. מאָדנע, ווי די גאַנצע סצענע ווערט דאָ אַזוי פריש אויפגעלעבט פאַר מיינע אויגן אין דער מינוט, נאָך צוועלף יאָר... אַ שווערע סצענע געווען... (נאָך אַ קורצער פּויזע אין וועלכער ער זיצט פאַרטראַכט און זי נעמט זיך דורכבלעטערן די צייטונג) דו ווייסט פון וואָס איך האָב די מינוט געדענקט? פון דעם וואָס איך ווייס נאָך עד היום ניט דיין ריכטיגע מיינונג איבער דער גאַנצער אַנגעלעגנהייט?

זי: אַנגעלעגנהייט? פון וועלכער אַנגעלעגנהייט רעדסטו?

ער: גאַנץ איינפאַך. איך פרעג מיך צי דו האָסט אין יענער צייט אָדער דערנאָך, געהאַט אַ שטיקל פאַרדאַכט אַז איך האָב געהאַנדלט ניט אויפריכטיג קעגן מיין פריינט שטיין... אַז איך האָב אים אין וואָס געקריוודעט. זאָג מיר דעם אמת.

זי: האָסטו זיך אַליין באַטראַכט פאַר שולדיג?

ער: איך? איך אַליין? ניין...

זי: טאָ פאַרוואָס ווילסטו אַז איך זאָל האָבן אַן אַנדער מיינונג וועגן דיר?

ער: איך... איך בין דאָך געווען אין די ביזנעס, געוואוסט יעדע איינצלהייט. אַלץ, אַלץ...

זי: אָבער דו האָסט דאָך מיר אַלץ געגוי דערקלערט, געדענקסטו דען ניט, ווי דו האָסט מיט מיר אַלץ איינגעשטודירט? איך לאָך ווי איך דריק מיך דאָ אויס: „איינגעשטודירט".

ער: אודאי געדענק איך. איך האָב געוואָלט אַז דו זאָלסט וויסן גענוי אַלץ. די פראַגע איצט איז צי האָב איך דיר איבערצייגט? איך ווייס

אַז איך האָב דיר געוואָלט איבערצייגן צוליב זיך אַליין און טאַקע פון דיינעטוועגן אויך. ניט ווינציגער פון דיינטוועגן ווי פון מיינטוועגן. איך האָב געוואוסט אַז דו האַלטסט פון אייב שטיינ׳ן פיל מער ווי פון מיר, איך מיין אַלס אַ מענטש וואָס...

זי: דאָס רעדסטו שוין נאַרישקייטן, פאַנטאַזיעס...

ער: ניט אַזעלכע פאַנטאַזיעס ווי דו ווילסט מיר, אָדער זיך אַליין איינשמועסן. קיין פאַנטאַזיעס ניט, זאָג איך נאָכאַמאָל. אָט טאַקע דעריבער האָב איך עס מיט דיר, ווי דו רופסט עס, איינגעשטודירט, ניט געוואָלט אויסזען אין דיינע אויגן ערגער... ווי איך בין... און טאַקע פון דיינטוועגן אויך, ווי שוין געזאָגט — דו זאָלסט ניט פילן אויף זיך דעם מינדסטן פלעק אָדער פגם צוליב מיר...

זי: טאָ פאַרוואָס פאַלט דיר איצט איין אַז דו האָסט מיך ניט איבערצייגט?

ער: טאַקע ווייל דו האָסט אים אַזוי הויך געשטעלט און... און ביזט נאָך דערצו געווען איינע פון... פון אונז, פון אונזער ענגן קרייזל... (ער פאַרטראַכט זיך ווידער אַ ווײַלע) דיין ענדערונג צו אים איז מיר געקומען צו שנעל, איך מעג זאָגן איבערנאַכט... פאַרגעס ניט אַז עס האָט מיר גענומען אַ היפּשע צייט איידער איך בין געקומען צו מיין באַשלוס... כ׳האָב דעם גאַנצן קאַמף, אַזוי צו זאָגן, דורכגעמאַכט מיט זיך אַליין, אַליין, צו דיר בין איך געקומען די לעצטע מינוט, כמעט ווי אַן פאַרבאַרייטונג...

זי: אָבער וויבאַלד דו האָסט מיר אַלץ באַוויזן שוואַרץ אויף ווייס... פאַרוואָס ווילסטו האָבן אַז דו האָסט מיך ניט איבערצייגט? איך פאַרשטיי דיך ניט, איך ווייס בכלל ניט וואָס דו ביזט אויסן איצט.

ער: פאַרוואָס? די געשיכטע איז אַזוי... ווי דערקלער איך עס דיר? געדענקסטו מיין היציגן אַרגומענט מיט אים יענעם אָוונט? געדענקסט, האָסט זיך פּלוצלינג געוואָלט איינשטעלן פאַר מיר, איך האָב עס גראָד ניט געוואָלט; עס איז מיר געווען דערווידער דאָס וואָס דו האָסט זיך אַריינגעמישט, ווייל דו ביזט דאָך נאָך אַלעמען ניט געווען באַקאַנט געווען מיט דער אַנגעלעגנהייט. פּלוצלינג ביזטו געבליבן שטיין אַן ווערטער און אויסגעבראָכן אין טרערן. דו געדענקסט ניט? ס׳איז מיר אַ וואונדער... אָבער איך געדענק, געדענק גוט. דו האָסט ניט געקאָנט אויסהאַלטן זיין בליק... עס איז געווען אַ מיאוסער בליק פון פאַראַכטונג. דער בליק איז געווען זיין גאַנצער ענטפער צו דיר. אָבער דיין גאַנצע פעסטקייט פון אַ רגע פריער איז זיך אויפן שטעל צערונען, האָסט אַ קוק געטאָן אויף דער אָפענער טיר און ביזט גלייך אַרויס.

זי: איך געדענק ניט... נאָר וואָס ווילסטו באַווייזן דערמיט?

ער: באַווייזן? גאָר ניט. איך וויל נאָר זאָגן, אַז איך גלויב אַז אין יענער רגע, אונטער זיין בליק האָט זיך אַ פאַרדאַכט אַריינגעגנב׳עט אין דיר אַז אפשר זיינען מיר שולדיג, ניט אין גאַנצן גערעכט, דעריבער האָסטו פלוצלינג פאַרלאָרן דיין מוט... טאַקע נאָך דעם זעלבן אָוונט האָסטו געענדערט דיין מיינונג וועגן אים. אודאי איז מעגלעך אַז דו האָסט אים ניט מוחל געווען יענעם פאַראַכטלעכן בליק, מעגלעך אַזוי, אָבער עס קאָן אויך זיין אַז דער פאַרדאַכט האָט אַזוי געווירקט אויף דיר: דו האָסט זיך דערפילט פלוצלינג שולדיג, האָסטו דיין פאַרדרוס אויסגעלאָזן אויף אים... מיט פרויען טרעפט עס אַזוי...

זי: וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל אים לאָזן רואינירן אונזערע שאַנסן? איך זאָל אים האָבן אונטערגעטראָגן וואָס אים קומט ניט?

ער: איך שטים מיט דיר איין. אָבער דאָס איז דאָך אונזער מיינונג. ער וויל דאָך האָבן אַז...

זי: הער זיך צו, וואָס ווילסטו? ווילסט אים שיקן די פאָר הונדערט דאָלאַר פון סכסוך?

ער: רעדסט נאַרישקייטן. ער וואָלט אונז צוריקגעשמיסן אין פנים די פאָר הונדערט דאָלער. וואָס דו קענסט אים ניט? ניט קוקנדיג אויף זיין גרויסער נויט. עס האַנדלט זיך דאָ ניט פון אַ פאָר הונדערטער.

זי: עס האַנדלט זיך ניט פון אַ פאָר הונדערטער? טאָ פון וואָס דען האַנדלט זיך עס? איך ווער שוין טשיקאַווע...

ער: איך וויל אים מאַכן אַ פאָרשלאָג... כ׳ווייס, אפשר אַריינ־נעמען אים אין די ביזנעס?

זי: דו מאַכסט שפּאַס?

ער: איך טרייב דאָ ניט קיין שפּאַס. געבן אים אַ טייל אין די ביזנעס ווערן מיר פּטור פון אַלע נאָכדענקענישן, פון אַלע ספקות און אפשרס און טאָמערס... גייט אַראָפּ אַ לאַסט פון...

זי: ביזט אַראָפּ פון זינען... דו רעדסט מיר דעם גאַנצן אָוונט ווי גאָר ניט דו, ווי אַ פרעמדער מענטש. אַ טייל אין די ביזנעס... דאָס איז דאָך דיין זונ׳ס ביזנעס, אונזער לעאָ׳ס... דיין זון וואָס דו ביזט אַזוי שטאַרק באַזאָרגט איבער אים. גיי, נעם אַוועק פון דיין זון און גיב עס פרידאַ׳ן, פרידאַ שטיין...

ער: איך טו עס צוליב אונזער זון טאַקע אויב דו ווילסט וויסן. דאָס הייסט מיר לעאָ אַזוי צו האַנדלען. איך מיין — לעאָ וואָלט מיר געהייסן אַזוי צו האַנדלען אויב ער וואָלט געוואוסט...

(זי קוקט אים אָן אַ שיינע ווײלע אָן אַ וואָרט, ווי אַ ווילדע און אַ צעמישטע, דאַן ברעכט זי פּלוצלינג אויס אין אַ ווילדן געלעכטער, וואָס עס איז שווער צו באַשטימען וויפל עס איז אָנשטעל און וויפל עכט).

זי: **כאַ, כאַ, כאַ... וואָס פאַר אַ נאַר איך בין... כאַ, כאַ, כאַ... איך האָב דאָך שיר ניט געגלויבט דיר... כאַ, כאַ, כאַ... דו האָסט עס אפילו ניט געדענקט צו טאָן, מיין ליבער מאַן. כאַ, כאַ, כאַ...**

ער: **אַזוי זאָגסטו?** (אויפגעבראַכט) **טאָ זיי זשע וויסן, מיין ליבע פרוי, אַז איך גיי עס טאַקע טאָן.**

זי: **וועסט עס קיינמאָל ניט טאָן...**

ער: **כ'וועל עס קיינמאָל ניט טאָן? האַ? האָב איך עס טאַקע שוין אָפּגעטאָן!**

זי: **ווען?**

ער: **היינט נאָכמיטאָג.**

זי: **דו האָסט אים, הייסט עס, שוין געזען?**

ער: **יאָ, איך האָב אים שוין געזען.**

זי: (גיט אַ שאַרפן בליק אויף איר מאַן און זאָגט מאָדנע געלאַסן:) **דו האָסט עס ניט געטאָן און דו וועסט עס ניט טאָן. וואָס מיינסטו, איך קען דיך ניט? איך קען דיך אויסגעבונדן.** (זי גייט האַסטיק אַרויס פון צימער, אַ פולשטענדיק באַרואיקטע פרוי).

ער: (מיטן אויסדרוק פון איינעם וואָס איז מאַט און געשלאָגן, פּרוּווט גאַרניט צו ענטפערן איר, נאָר פאָלגט איר נאָך מיט זיינע אויגן ביז וואַנען זי פאַרשווינדט. פון צווישן זיינע ציין, לאַנגזאַם, שטיל און מיט גיפט:) **בייזע, פאַלשע פרוי!...** (לענט זיך צוריק אין זיין שטול און פאַרמאַכט די אויגן).

# אַ פרוי גייט פאַרביי

די צוויי מענער, ביידע פאַמיליע־לייט אין די הויכע פערציגער, שכנים, זיינען געזעסן אויף אַ באַנק אין פּאַרק אַרום זייער הויז. זיי האָבן געקערעדט פון די פאַרשידענע שווינדלען וואָס די גרויסע קאָרפּאָראַ־ציעס באַגייען כדי צו פאַרקלענערן זייערע שטייערן. ריכטיקער, עדעלמאַן וואָס איז געווען אַ העברעאישער לערער, האָט געפרעגט און זיין פריינד דער אַקאַונטענט, קליין, האָט דערקלערט וואָס עס איז אים ניט קלאָר געווען און וואָס ער איז געווען העכסט נייגעריג צו וויסן. ווען דער אַקאַונטענט האָט געהאַלטן אין מיטן אַנטוויקלען אַ זייער אינטערעסאַנטן און פאַרוויקלטן פונקט, האָט עדעלמאַן פּלוצלינג באַמערקט:

— איר זעט די פרוי? זי גייט שוין דאָ פאַרביי אפשר צום פינפטן מאָל...

קליין האָט ניט דערוואַרט אַז מען זאָל אים דאָ אַזוי פּלוצלינג איבערשלאָגן די רייד, דאָך האָט ער זיך אומגעקוקט און דערזען די פרוי וואָס איז אָנגעקומען.

— די פרוי גייט דאָ פאַרביי דאָס ערשטע מאָל, — האָט ער געזאָגט.

— איר האָט אַ טעות. זי איז דאָ פאַרבייגעגאַנגען אפשר מיט אַ צוויי מינוטן צוריק.

— עס חלומ׳ט זיך אייך, מיין פריינט. צוויי מינוטן פריער, די פרוי? איר חלומ׳ט, די פרוי און יענע איז ביי אייך איינע און די זעלבע פרוי?

— פאַרוואָס?

— אָט דאָס שמאַקלאָזע שטיק אייז און יענע פייערדיגקייט איז ביי אייך איינס און דאָס זעלבע?

— שטיק אייז רופט איר זי?

— וואָס דען? אַ שאָד וואָס איר האָט זיך ניט רעכט צוגעקוקט צו יענער... ווייסט איר דען וואָס פאַר אַ סאָרט פרוי זי איז געווען?

— וואָס למשל?

— איר פאַרשטייט, מיין פריינט, עס איז פּונקט געווען . . . ווי זאָל איך אייך זאָגן? — קליין האָט אַ רגע אָנגעקוקט זיין פריינט מיט אַ מינע וואָס האָט אויסגעדריקט גרויס מיטלייד מיט אים, וואָס ער האָט גאָרניט געזען און האָט דערביי אויך גרויס הנאה געהאַט פון דעם וואָס ער אַליין האָט יאָ געזען.

— יאָ, ס׳איז געווען איינע פון יענע, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — וואָס ווען זיי גייען אייך פאַרביי טראָגן זיי ממש פאַר אייער סאָמע נאָז דורך אַ זעלטענעם אוצר. יאָ, אַן אוצר . . . קיין מאָן וועט ניט פאַרבלייבן גלייכגילטיג פאַר אַזאַ פרוי . . . זיי רויבן אַוועק די רו . . .

— איר דענקט אַזוי?

—איך דענק אַזוי? איך פיל עס אין מיינע ביינער . . . געזען די היפטן? די אָרעמס, האַ?

— איצט רעדט איר שוין גאָר ווי אַ דאַמסקער שניידער . . .

— אַזוי גאָר, ווי אַ דאַמסקער שניידער? וואָלט איר געזען וואָס איך, וואָלט איר אַנדערש גערעדט. נאָר איר האָט דאָך זי כמעט ווי ניט באַמערקט, ביי אייך זיינען דאָךביידע גאָר איינע און די זעלבע. איר ווייסט וואָס איך האָב איך געוואָלט אָנרופן ווען איך האָב עס פון אייך געהערט? איך קאָן עס אייך זאָגן.

— זאָגט מיר ניט, איך בעט אייך, איך וועל מיר שוין אַליין אָנשטויסן.

— שווייג איך . . . נו, אַז ניט געזען, האָט איר דאָך איר גאַנג אויך ניט געזען?

— וואָס מיינט איר דעם גאַנג?

— יאָ, דעם גאַנג, דאָס פאַרביישוועבן . . . זייט וויסן אַז עס גיט אַ גאַנג וואָס פירט מיך שיר ניט פון זינען אַראָפּ . . . אָט די פרוי האָט געהאַט אַזאַ מין גאַנג. איר געדענקט אפשר ווי איך בין געבליבן שטיין אין מיטן רעדן? איצט פאַרשטייט איר שוין פאַרוואָס, איצט? עס איז ניט דאָס שטעלן פון די טריט אַליין, ניט אין די שפּיץ פון די פיס ליגט דער גאַנצער סוד. אויב איר האָט אַזוי געקוקט, אויף די פיס אַליין, און איך האָב מורא אַז איר האָט טאַקע אַזוי געקוקט, און אפשר נאָך אַזוי אויך ניט, ווער ווייס אייך דאָרט? נאָר אויב אַפילו אַזוי, האָט איר געזען ניט מער ווי אַ טייל. מען דאַרף האַלטן די אויגן אויף יעדן גליד באַזונדער, ווייל אַלץ גייט מיט, אַלץ שפּילט מיט, יעדער איינציגער גליד שפּילט אויף זיין אייגנאַרטיגן אופן, הגם דאָס זעלבע ליד . . .

— די היפטן אויך אפשר, ווי אַזוי זאָגט איר? די היפטן שפּילן אויך מיט?

— אפשר, זאָגט איר? די היפּטן זיינען דאָך די פידלען מיט די טשעלאָס... דאָס האַרץ פון ליד... די היפּטן אפשר! דער מאַן איז בלינד.. און וואָס איז מכוח דאָס דין זיידן קליידל איבער די היפּטן? דאָס שווייגט, מיינט איר? אָט דאָס דין קליידל וואָס וויל בשום אופן ניט איבערטרעטן איבער די קני, קאָן זיך ניט שיידן פון די היפּטן... איר ווילט אפשר הערן וואָס מיינער אַ פריינט האָט מיר אַמאָל געזאָגט? אײדער, האָט ער געזאָגט, צו שטיין און צוקוקן זיך פון דער ווייטנס וואָלט ער ליבערשט געוואָלט פילן די טריט אויף זיך. ער וואָלט זיך מיטן גאַנצן האַרצן אויסגעצויגן פאַר אַזאַ מין פרוי און זאָל זי טרעטן איבער אים. און דער מאַן, דאַרפט איר וויסן, איז ניט קיין שנעקל, שוין אַ זיידע...

קליין האָט ביי די ווערטער אַ שטויס געטאָן עדעלמאַנען אין די ריפּן אַריין ווי אויפצואוועקן אַ מאַן וואָס האָט זיינע יאָרן פאַרשלאָפן.

איצט פאַרשטייט איר שוין? איר ווייסט, איך האָב גאָרניט געדענקט אַז איר זייט נאָך אַזוי רוי?

— און ביי דער אַנדערער, מיינט איר, באַוועגן זיך ניט די היפּטן בשעת זי גייט? — האָט עדעלמאַן האַלב געפרעגט, האַלב איינגעווענדט.

— ווער זאָגט אייך אַז ניט? אודאי באַוועגן זיי זיך, נאָר וועמענס דאגה איז עס? ווער וועט זיך אומקוקן?

— מען קוקט זיך ניט אום, ווילט איר האָבן?

— מען קוקט זיך ניט אום, — האָט קליין אָפּגעפּסק׳נט.

— עס רעדט זיך נאָר אַזוי. אַז זיי וועלן ניט האָבן קיין ברירה וועלן זיי בעסער ווערן, וועלן זיי זיך שוין אומקוקן. — עדעלמאַן האָט ניט קלאָר געמאַכט ווער די „זיי״ זיינען.

— אַז עס איז ניטאָ קיין ברירה איז שוין עפּעס אַנדערש. — קליין האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פריינט. ער איז געוואָרן נייגעריג צו וויסן צי מיינט יענער זיך אַליין צי אים. די פרויען פון ביידע מענער זיינען ניט געווען קיין גרויסע פאַרשוינען.

— איר מוזט זיין אַ גרויסער בעל־תאוה׳ניק, — האָט עדלמאַן איבערגעשלאָגן יענעמס געדאַנק.

— אַ בעל־תאוה׳ניק! — האָט קליין אויסגעשריגען. ער האָט זיך געפונען מאָדנע געטראָפן.

צום צווייטן מאָל האָט ער דערפילט אַז ער וואַרפט אַרויס זיין מי אויף דעם קאַלטן מענטשן. צוערשט ווען יענער האָט אים איבערגעשלאָגן אין מיטן פון אַ דערקלערונג איבער די קאָרפּאָריישאַן־טריקס, און איצט ווען ער האָט געהאַלטן אין אַנטדעקן פאַר אים אַזעלכע שיינע,

אומבאַוואוסטע פאַר אים וועלטן. ס'איז דאָך פּאָעזיע, נאָך אַלעמען, געפיל.

— אַ בעל־תאוה'ניק רופט איר עס ? אַז מען איז ניט אַזוי טויב און בלינד ווי איר איז מען שוין אַ בעל־תאוה'ניק ?

קליין האָט עדעלמאַנען אָפּגעמאָסטן מיט אַ לאַנגן בליק. וואָס ענטפערט מען דעם קאַלטבלוטיגן פאַרשוין מיטן אומגלויבלעך טעמפּן אויסדרוק אויפן געזיכט, אומגלויבלעך טעמפּ ? געענטפערט האָט ער ענדלעך עפּעס וואָס איז אים אויפן מאָמענט אַריין אין קאָפּ און גאָר אומדערוואַרט פאַר אים אַליין :

— הערט זיך איין, — האָט ער געזאָגט, — מאַכט זיך ניט פאַר אַזאַ נעבעכל... איך הויב אָן מורא צו האָבן אַז איר ווייסט מער פון מיר...

— אויב איך וויים מער פון אייך, טאָ וואָס האָט איר מיר דערציילט ?

—איך האָב אייך טאַקע ניט באַדאַרפט דערציילן. אַ נעבעכל. סך־הכול ווער האָט עס אָנגעהויבן די גאַנצע געשיכטע אויב ניט איר ?

— איך ?

— אודאי איר... וואָס האָט איר מיר געהאַט צו איבערהאַקן מיינע רייד ? וואָס איז עס אייער דאגה אַז אַ פרוי גייט פאַרביי, איין מאָל צי צוויי מאָל ? זאָגט, אדרבא !

— און אַז איך וועל אייך זאָגן וועט איר מיר דען גלויבן ?

קליין איז שוין גרייט געווען מיט זיין ענטפער ווען ער האָט פלוצלינג דערזען פון גאָר ווייט יענע שיינע פרוי קומען.

— זי קומט אַהער צוריק, ווי איך בין אַ איד, — האָט ער אויסגעשריען.

— וועלכע ? — האָט זיך אַרויסגעכאַפּט ביי עדעלמאַנען מיט אַ ביסל צופיל אינטערעס.

— וועלכע ? מיינע, מיינע... וואָס דען אייערע ?...

# מיט זיך אַליין

דער אַלטער ראָם האָט לאַנגזאַם אַרויסגעצויגן זיין שליסל פון שלאָס, געעפנט די טיר און שטיל אַריין צו זיך אין זיין צוויי־צימערדיגער דירה. עס איז שוין געווען טונקל אָוונט... „צוריק אַליין", — האָט ער צו זיך געזאָגט נאָך אַ מינוט פון לאַנגזאַמען אַרומקוקן זיך. ער האָט אַראָפּגענומען זיין רעקל און זיך אַ מידער אַוועקגעזעצט אין זיין אָרעם־שטול. „צוריק אַליין", — האָט ער ווידערהאָלט אין געדאַנק אי מיט באַדויערן, אי מיט צופרידנהייט. ער איז מיטן גאַנצן האַרצן געווען צופרידן צוריקצוקערן זיך צו זיין שטילן אָרט לעבן, וואָס איז געשטערט געוואָרן פאַר די לעצטע צען טעג פון זיינע געסט — זיין איינציגע טאָכטער מיט אירע צוויי קינדער. דאָס איז ער נאָר וואָס געקומען פון דיפּאָ. זי מוז שוין איצט זיין ניט ווייט פון איר היים, — האָט ער אַ טראַכט געטאָן אַ בליק־טוענדיג אויפן זייגער. זיי דערנעענטערן זיך שוין צו זייער פּענסילווייניאַ שטעטל. אויך זי האָט זיך שוין מסתמא גוט פאַרבענקט אַהיים. זיך געענוג אָנגעזעען דאָ מיט פריינט, קרובים, און פאַרבראַכט אויף פאַר־ווילונגען. איר קליין טעכטערל האָט זיך נעכטן פאַנאַנדערגעיאָמערט פון בענקעניש ווען מען האָט איר דערמאָנט איר טאַטן, וואָס איז פאַרבליבן אין דער היים.

דער אַלטער האָט פאַררויכערט אַ ציגאַר. די „אשניצע" איז ניט געווען אויפן געוויינלעכן אָרט. דאָס האָבן די קינדער איבער־געשטעלט. ער וועט עס טאַקע שוין לאָזן שטיין אויפן נייעם אָרט וועט עס אים דערמאָנען אָן זיינע באַזוכער. די טאָכטער זיינע האָט אויך אַביסל איבערגעאַנדערשט די אָרדנונג אין צימער. וועט ער עס אויך אַזוי לאָזן... וואָס, וואָס, ער האָט ליב שטילקייט און רו, און דאָס קענען זיין מיט זיך אַליין, אפילו אין די שטילע דונקעלע שעה'ן. איין צייט איז ביי אים געווען אַ סברה אַז דאָס געוואוינט מען עס ביסלעכווייז צו דעם מענטשן צו דעם וואָס קומט אָן אויף אים — די איינזאַמקייט, די שטילקייט און די פינסטערניש פון קבר. ס'איז

דאָך אָבער נאַריש צו דענקען אַזוי. דער טויט איז דאָך ניט אַן עניין בלויז פאַר עלטערע. עס שטאַרבן דאָך אויך אַזויפיל יונגע מענטשן און קינדער אויך...

איבער זעקס יאָר ווי ער וואוינט אַזוי איינער אַליין. דאָס איז זיין דריטע איינזאַמע דירה זייט זיין פרוי איז געשטאָרבן. ווי אונטער־וואַרטעט איר טויט אי געקומען, געווען אַ זיבן יאָר אינגער פון אים. געכאַפּט אַ לונגען־אָנצינדונג און אַוועק אין ווייניגער פון אַ וואָך. אַוועק און גאָרניט — שטיל, שטיל. פאַר די גאַנצע זעקס יאָר וואָס זי איז טויט איז זי אפילו קיין איינציג מאָל צו חלום אים ניט געקומען. געוויס, ער דענקט פון איר אָפט, איר טאָכטער דערמאָנט איר אָפט צום גוטן... נאָר וואָס באַטרעפט עס? גאָרניט מיט גאָרניט. געבליבן אַ פּאָר קלייניגקייטן פון איר; די טאָכטער האָט איר צירונג, טראָגט עס אַמאָל. אים איז פאַרבליבן אירס אַ סידור. אַז ער וויל קאָן ער זיך פאָרשטעלן ווי אירע ליפּן פלעגן זיך באַוועגן ווען זי האָט געדאַווונט אין דעם סידור, ער קען זיך אפילו פאָרשטעלן דעם גאַנצן אויסדרוק פון איר ליבן געזיכט. זי איז געווען אַ זעלטן פיינע פרוי, געהאַט אַ טיפן גלויבן. איז ווידער וואָס? זיצט ער זיך דאָ רואיג און ציט מיט הנאה פון זיין ציגאַר אין אָט דער שטילער שעה...

ס'שטיל, מען הערט ניט מער איר קול. שטיל פון אַלעמען, פון די אַלע, אַלע וואָס זיינען מער ניטאָ צווישן די לעבדיגע. אַזוי וועט עס ווערן שטיל ווען אויך ער וועט אַוועק. פון אַנדערע בלייבט נאָך אויף אַ קורצע צייט אַ נאָמען, פון אַנדערע דאָס אויך ניט. זאָל מען אים, למשל, פרעגן זיין עלטער זיידנ'ס, אָדער עלטער באָבע'ס נאָמען, ווייס ער ניט. שאָטנס, שאָטנס, אַ וועלט מיט שאָטנס... ניין, אפילו קיין שאָטנס אויך ניט. אַ שאָטן קאָן מען דאָך זען. אָט איז אין יענעם ווינקל אַזויפיל טונקעלער ווי אין איבעריגן טונקעלן צימער — דער שאָטן פון דעם שענקל דאָרט. אָבער פון זיי? ניט מען זעט, ניט מען הערט, ווי גאָר קיינמאָל ניט געווען.

וואָס אַ שטייגער וואָלט געווען — טראַכט ער — ווען דאָס אוממעגלעכע וואָלט געטראָפן און זי, זיין ווייב, וואָלט צוריקגעקומען פון וואַנען מען קומט ניט צוריק? ווען פלוצלינג וואָלט זיך דער־הערט אַ קלונג, אָדער אַ קלאַפּ אין דער טיר דאָ אַנטקעגן, און ווען ער וואָלט געעפנט, וואָלט ער איר דערזען שטיין פאַר אים. און אויסגעזען וואָלט זי, לאָמיר זאָגן, ווי אַ וואָך פאַר איר טויט, טאַקע ווי אין יענעם זונטאָג ווען ער איז מיט איר צוזאַמען צוריק אַהיים געקומען פון אַ קורצן שפּאַציר. זי האָט זיך דעמאָלט פאַר אים

באַקלאָגט אויף אַ שטעכעניש אין זייט. מאָדנע חנ'עוודיג האָט זי אויסגעזען אין יענער מינוט. וואָס וואָלט געווען, ווען זי באַווייזט זיך איצט פאַר אים? אוודאי וואָלט ער זיך דערפרייט, זיך האַרציג דערפרייט צו זען איר. איין קלייניגקייט, אַזוי לאַנג איר שטימע ניט געהערט. ער האָט דאָך איר אַזויפיל צו דערציילן, אַזויפיל אויסצופרעגן. שרה'לע, שרה'לע, און ווידער שרה'לע... אָבער נאָך די ערשטע פאַר שעה? געוויס וואָלט ער איר ניט אַוועקגעשיקט פון הויז, געלאָזט איר וואוינען מיט זיך דאָ, אָבער זי וואָלט אים שוין געווען אין וועג, זיין רואיג לעבן ווי ער האָט זיך שוין צוגעוואוינט צו לעבן, וואָלט צעשטערט געוואָרן, ווי זיין טאָכטער, למשל, האָט אים דאָ ערשט ניט לאַנג צושטערט. עס איז געווען אַ שיין אָנגענעם לעבן מיט איר יענע לעצטע יאָרן, וואָס איז אַזוי פלוצלינג אָפּגעבראָכן געוואָרן דורך איר טויט. זיין געשמאַק אָבער פאַר אַזאַ סאָרט לעבן איז אויך אָפּגעשטאָרבן פאַר די זעקס יאָר. אומבאַמערקט אָפּגעשטאָרבן, גאָר אומבאַמערקט. ווי אַלץ גייט אַזוי אַוועק, איינס נאָכן צווייטן, איינס פריער, איינס שפּעטער. בלייבן, בלייבט קיין זאַך ניט. איצט וויל ער שוין לעבן ווי ער לעבט, איינער אַליין. זי וואָלט אים געשטערט. אַ פרוי פאַרלאַנגט אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט אַז מען פאַרגעסט אינגאַנצן אָן זיך.

עגאָאיסטיש אפשר צו פילן אַזוי? זי פלעגט אים טאַקע צייטנווייז פאָרוואַרפן אַז ער איז אַן עגאָאיסט. זי וואָלט אפשר ניט געפילט אַזוי ווי ער ווען זי וואָלט פאַרבליבן אַליין. גיכער ווי אַלץ וואָלט זי ניט געוואוסט אַז זי פילט אַזוי. זי וואָלט אָפּט, ווען זי וואָלט געווען אַליין, געוויינט נאָך אים און געמיינט אַז ער פעלט איר. אָבער דאָס וויינען איז דאָך אויך אַ מין פאַרגעניגן. נאָר וואָס קאָן ער וויסן? אין יענעמס האַרצן אַריינדרינגען קאָן מען ניט. ער ווייס אַז ער באַדויערט פון גאַנצן האַרצן וואָס זי איז אַוועק פאַר דער צייט, באַדויערט עס צוליב איר. ער ווייס אָבער אויך, אַז ער זיצט ניט איצט ווי אַן אבל, אַן אומטרייסטבאַרער אבל. פאַרקערט, ס'איז דאָ עפּעס שיינעס, אָנגענעמעס אין דער איצטיגער שעה, אין די איצטיגע טעג, די טעג פון לעצטן סעזאָן פון לעבן. יעדער סעזאָן מיט זיין רייץ.

אַ סעזאָן? ניין, ס'איז ניט קיין סעזאָן. ס'קומט ניט צוריק. וואָס זאָל ער זיך נאַרן? אַן אַנדערש מאָל האָט ער מורא פאַר דעם וואָס קומט אָן. אָבער אַ סך מאָל האָט ער ניט מורא. פאַרקערט, ס'זיינען דאָ צייטן ווען ער פילט אפילו אַז ס'איז דאָ עפּעס דערהויבענעס אין די לעצטע יאָרן פון לעבן. מען האַלט ביים אויפהערן

צו ווערן — אין אַן אַנדער עקזיסטענץ איז אַזוי שווער צו גלויבן — אויפהערן צו ווערן, הייסט עס, אַלץ איז אויס, מען ווערט גאָרנישט. אַ טרויעריגער געפיל, אמת, אָבער צוזאַמען מיט דעם געפיל קומט אָפּט דער געפיל פון אַ זונדערבאַרער ביז אַהער אומדערפאַרענער לייכטקייט, געוויכטלאָזיגקייט, אַזוי ווי אַלץ וואָס האָט באַלעסטיגט און באַשווערט איז ווי פון זיך אַליין אַראָפּגעפאַלן, אַלץ וואָס האָט געדריקט און געפּענטעט האָט זיך אויפגעלייזט. מען פילט זיך אַזוי פריי, אַזוי אַנדערש ווי פריער — מען איז שוין אַ מענטש פון אַן אַנדער וועלט. דאָס פאַרגאַנגענע קומט פאָר ווי אַ גאָר אַלטער מלבוש וואָס מען האָט שוין לאַנג צוריק אַראָפּגעוואָרפן פון זיך און וואָס מען וועט שוין קיינמאָל ניט דענקען צוריק אָנצוטאָן. אַ מענטש פון אַן אַנדער וועלט און עס ווילט זיך אפילו ניט פרעגן פון וואָסערער וועלט? מען איז ניט נייגעריק, מען וויל ניט פאַרכאַפּן פאָראויס. עס איז דאָ צייט. אַן אייביגקייט שטייט פאָראויס. מען געהערט צו דער רואיקער אייביגקייט. ניט שטענדיג פילט זיך אַזוי, ניין. דאָס איז אַ מין יום־טוב׳דיגער געפיל און ניט יעדער טאָג איז אַ יום־טוב.

דאָס פאַרגאַנגענע... עס איז שווער צו פאַרשטיין פאַרוואָס איינציגע פאַסירונגען קומען אַזוי אָפּט אויפן געדאַנק בשעת אַנדערע פיל וויכטיגערע זיינען שוין לאַנג פאַרגעסן געוואָרן. פאַרוואָס טאַקע קומט אָפּט צוריק יענע לאַנג פאַרגאַנגענע נאַכט נאָך פון דער אַלטער היים מעבר לים? וואָס האָט דאָן פאַסירט? גאָרניט פאַסירט, און דאָך...

ער איז דאָן געווען אין זיינע ערשטע צוואַנציגער און זיך נאָרוואָס געהאַט באַקאַנט מיט איר און זיך אויפן שטעל פאַרליבט. האָט ער אָבער פונקט געהאַט אָנגעטראָגן אַ גאַסט צו זיי — אַ טאַנטע פון ערגעץ, וועלכע האָט אַנדערש ניט געוואָלט ווי מיטנעמען איר מיט זיך אויף זייערס אַ גוט אויף אַ באַזוך. ענדע זומער איז עס געווען. זי, אין וועלכער ער האָט זיך פאַרליבט, איז געווען אַ פיל קעלטערע נאַטור פון אים. — „מיר פאָרן אָפּ מאָרגן", — האָט זי אים אַזוי קאַלטבלוטיג באַריכטעט. — „דו פאָרסט מאָרגן? וואָס הייסט דו פאָרסט?" פאַר אים איז עס געווען אומבאַגרייפלעך. ער האָט זיך ניט געקאָנט פאָר־שטעלן אַ מאָרגן אָן איר. ער האָט געהאַט אַזויפיל פּלענער וועגן זייער צוזאַמען זיין. די ערשטע פרייד פון זיין ערשטער און איינציגער ליבע האָט זיך נאָרוואָס געהאַט אָנגעהויבן און דאָ... „ניט מער ווי אויף אַ 3—4 וואָכן", — האָט זי געפּרוּווט אים באַרואיקן. עס האָט אים קיין זאַך ניט געהאָלפן, זי איז אָפּגעפאָרן מיט איר טאַנטע. איינס

האָט ער אויסגעפּירט — צו קומען איר זען דאָרט אויפן גוט אין אַ וואָך אַרום. ער האָט איר איבערצייגט אַז ער וועט שוין געפינען דעם פּאַסיגן אויסרייד. צו קומען צום גוט האָט מען געקאָנט נאָר מיט פערד און וואָגן. זיין ערינערונג איז עס טאַקע פון זיין רייזע דורך נאַכט צום גוט מיט פערד און וואָגן. ניט פון דער גאַנצער רייזע נאָר פון איין שעה, די שעה פון אַרום נאָך איינס, וועלכע ער האָט פאַרבראַכט איינער אַליין אין וואָגן אויף אַ גאַס פון דער פינסטערער, שלאָפנדער, פרעמדער שטעטעלע, ליר. נאָר פון צוויי הייזער האָט זיך געוויזן ליכט. אין איינעם איז זיין בעל־עגלה אַריין, דאָס אַנדער הויז, ניט וויט דערביי, איז געווען דעם בעקער׳ס פון שטעטעלע. אי דער בעל־עגלה, אי עטוואָס שפּעטער, דער אייגנטימער פון הויז, האָבן אים פאַרבעטן אין הויז אַריין. ער האָט אָבער פאַרגעצויגן צו בלייבן אין דרויסן אין וואָגן אַליין. נאָך שפּעטער האָט זיך באַוויזן אויפן שטיגל פון הויז די טונקעלע פיגור פון אַ יונגער פרוי. אויך זי האָט אים גערופן אין הויז אַריין אויף אַ וואַרעמען טרונק. ער איז אָבער פאַרט פאַרבליבן אין וואָגן אַליין מיט זיינע געדאַנקען. מערקווירדיג, ער האָט אפילו ניט געדענקט פון דער קומענדער מאָרגנדיגער זעאונג מיט איר, זיין געליבטער. ער איז געווען אינגאַנצן פאַרשלונגען אין דער שעה און אין דעם אָרט. ער האָט אפילו פאַרגעסן, ווי אַזוי ער איז געקומען אויפן אָרט. עס האָט זיך געפילט אַזוי ווי פון הימל וואָלט מען אים אַראָפּגעלאָזן דאָ אויפן פור. איבער אים זיינען געווען די שטערן, ער האָט קיינמאָל אַזויפיל שטערן ניט געזען. די ווייטע שטערן זיינען ניט געווען ווייט פון אים. זיי זיינען געווען אַזוי נאָענט און אינטים איינס צום צווייטן ווי נאָר לעבעדיגע באַשעפענישן קאָנען זיין. פון בעקער׳ס הויז האָבן זיך צייטנווייז געהערט שטימען אָדער אפשר האָט אים נאָר געדוכט אַזוי. שאָטנס האָבן דאָ און דאָרט פאַרבייגעשוועבט. דאָרט, הייסט עס, איז מען אויך ניט געשלאָפן אַזוי ווי ער דאָ. אין דער וואַרעמער נאַכט האָט זיך צו אים דערטראָגן דער זעלטן געשמאַקער ריח פון ברויט וואָס באַקט זיך. דער ברויט וואָס די „לירער" וועלן עסן מאָרגן, — האָט ער געטראַכט. — ער אַליין, דער פרעמדער, וועט האָבן פאַרזוכט זייער ברויט דער ערשטער. אמת, ניט מער ווי פון ריח, אָבער פון ריח וועט פאַר זיי גאָרניט פאַרבלייבן. אַ קאַץ איז פּלוצלינג אויסגעוואַקסן ביים זייט פון וואָגן, מיטן עק אין דער לופט. געקומען באַקענען זיך מיטן אורח. — „אַ לירער קאַץ", און ער האָט אַזוי האַרציג געלאַכט צו זיך אַליין, אַזוי קאָמיש איז אים אויסגעקומען די שייכות פון דער קאַץ צו דעם שטעטל. ער האָט אָפּט,

שפּעטער,ביים דערמאָנען זיך וועגן דעם אויך געלאַכט איבערן קאָמישן געדאַנק. וואָלט אים איצט אויך איינגעפאַלן אַזאַ געדאַנק? און אויב יאָ, וואָלט עס אים געמאַכט אַזוי האַרציג לאַכן? — אַ „לירער קאַץ״ — פאַרוואָס ניט? און ער אַליין געהערט זיך מער אָן ווי די קאַץ, אין ליר? ווי שטיל און רואיק אַלץ אַרום איז געווען! ווי אומ־פאַרגעסלעך זיס איז אים די שטילקייט געווען! ווי געדולדיג ער האָט געוואַרט אויפן קומען פון זיין בעל־עגלה — ער האָט גאָר אָן אים אינגאַנצן פאַרגעסן. אויך איצט איז עס רואיק און אַזוי זעלטן גוט און דער „בעל־עגלה״ וועט אויך קומען, וועט קומען פונקט אין צייט...

איין פרימאָרגן אפשר וועט ליבע, זיין שכנה, ביי זיין טיר געפינען אַז זיין פלאַש מילך שטייט עפּעס פאַרדעכטיג, צו לאַנג פאַר זיין טיר און מיט פאַרשנעלערטער האַרצשלאָגעניש אָנקלאַפּן צו אים, און ווען זיין ענטפער וועט ניט קומען, וועט זי עפענען זיין טיר מיטן שליסל וואָס זי האָט, און צוזאַמענרופן מענטשן. ליבע, זיין פרוי'ס געוועזענע פריינדין, וואָס איז אַזוי צוגעשטאַנען אַז ער זאָל וואוינען אין שכנות מיט איר און וואָס וואַכט אַזוי געטריי און באַשיידן איבער אים. וואו וועט אַהינקומען די זיסע ערינערונג פון יענער שטילער שעה, וואָס ער טראָגט אין זיך שוין אַזוי לאַנג?

פאַרוואָס איז זי טאַקע אַזוי אָפט שפּעטער געקומען אים אויפן געדאַנק די שטילע שעה? די שטורעמדיגע טעג און שעה'ן פאַר דעם, די גרויסע, פולע שעה'ן און מינוטן, דעם מאָרגן פון זייער זען זיך דערנאָך זיינען ווי פאַרגעסן געוואָרן. אַזויפיל אַנדערע שטורמען האָבן שוין לאַנג אויפגעהערט צו האָבן זייער ערשטע באַדייטונג. פאַרוואָס קומט די ערינערונג פון דער דעמאָלטדיגער שטילער שעה צו אים נאָך איצט, אין דער שפּעטער מינוט? וואָס וויל זי זאָגן? זי רעדט פון אַ טיפער רו אָבער וואָסער רו? דאָס באַגרייפט ער ניט. ס'איז עפּעס אַ מין רו פון גאָט'ס שבת נאָך די ערשטע זעקס טעג. נאָר וואָס פאַרשטייט ער פון דער רו? ער האָט ערגעץ געלעזן פון אַ יונגן מאַן וואָס האָט געוואַרט אין אַ פינסטער שטעטל אויף זיין פור. צו יענעם האָט זיך אויך באַוויזן אין שאָטן די פיגור פון אַ יונגער פרוי. יענער אָבער איז שוין ווייטער ניט געפאָרן נאָר פאַרבליבן מיט דער פרוי. איז וואָס? גאָרניט. דעם בעקער'ס ליכט האָט זיך שוין מסתמא לאַנג צוריק אויסגעלאָשן. איז ווידער דאָס אייגענע, — אַן אַנדער בעקער, מסתמא, און אַן אַנדער קאַץ. פאַרבליבן זיינען בלויז די שטערן, די אייביקע שטערן...

אַן אַנדער בעקער, ער באַקט אָבער דעם זעלביגן ברויט און אַן אַנדער קאַץ דערשיינט אויך אויפן זעלביגן שטילן און געהיימניספולן אופן. און אויב אַן אַנדער יונגערמאַן האָט זיך איצט דאָרט אָפּגעשטעלט מיט אַן אַנדער יונגער האַרץ, שלאָגט עס דאָך פּאָרט מיט די זעלבע באַקאַנטע געפילן. קורץ פאַר איר טויט האָט ער איין אָוונט אויפמערקזאַם געמאַכט זיין פרוי אויפן געשריי אין דרויסן פון די אינגלעך מיט די אָוונט־צייטונגען. „די זעלבע אינגלישע קולות וואָס גאָר אַמאָל, מיט לאַנגע יאָרן צוריק“, — האָט ער איר געזאָגט, — „זיי ווערן גאָרניט עלטער“. די זעלבע אינגלישע קולות, אמת, אָבער פון אַנדערע, אַנדערע אינגלעך... ביי זיין טאָכטער אין הויז איז איצט פריילעך. ער קאָן דאָ פונדערווייטן זען דעם יום־טוב'דיגן ליכט אין זייער הויז. ער שטויסט זיך לייכט אָן ווער זייערע געסט זיינען דאָרט. אַלץ פונקט ווי ביי אים אַליין אַמאָל, ווען זיין פרוי איז אַמאָל צוריקגעקומען נאָך אַן ענלעכער קורצער אָפּוועזנהייט טאַקע מיט דער זעלבער טאָכטער אַלס אַ קינד. אפשר געדענקט זי עס נאָך. די זעלבע פרייד נאָך אין אַן אַנדער הויז ביי אַנדערע איינגערע מענטשן. און די אייביגע שטערן קוקן אייביג צו מיט אַן אייביגער געדולד. מען זאָגט אָבער אַז אויך זיי זיינען ניט אייביג. ער איז מיד און מאַט. זיינער אַ פריינט, דער קרעפטיגער אַלטער שולץ, וואָס איז נאָך עטוואָס עלטער פון אים, האָט ליב, רעדנדיג פון זיין לעבן, צו באַמערקן מיט עכטער הנאה אַז ער האָט געלעבט און געליבט, געשטריטן, געלאָפן און שיער ניט געפלויגן. און איצט פילט ער דעם נאָכגעשמאַק פון אַ געטלעך געטראַנק. ער, ראָם, האָט אויך געלעבט, אָבער זיין בעסטע שעה איז נאָך אַלץ יענע שטילע שעה, יענע רו.

מיט וואָס קאָן ער פאַרגלייכן אַזאַ איבערלעבונג? די אויסערע וועלט האָט נאָך קיינמאָל ביז דאַן ניט געהאַט אַזוי טיף אין אים אַריינגעדרונגען ווי דעמאָלט. אַריינגעדרונגען און אָנגעפילט אים ביז זעלבסט־פאַרגעסונג. מערקווירדיג איז אויך, וואָס אפילו די קאַץ איז אין יענער מינוט געווען ניט ווייניגער וויכטיג ווי די שטערן. אַלץ אַזוי גוט באַקאַנט און צו דער זעלבער צייט אַזוי סימבאָליש, אַזוי געהיימניספול. דער אַלטער שולץ באַשרייבט זיין געפיל פון זיין פאַרגאַנגענעם לעבן, ווי דער נאָכגעשמאַק פון אַ געטלעך געטראַנק. ער, ראָם, איז אַן אַנדערש מאָל גענייגט אָנצורופן יענע ערפאַרונג אַלס אַ פאָרגעשמאַק. אין רעכטן קאָך, אין מיטן פון גרויסער לײדנשאַפטלעכער רעגונג איז אים פלוצלינג אָנטפּלעקט געוואָרן די אַנדערע, די

שטילע זייט פון דער געהיימער און אומפּערזענלעכער עקזיסטענץ... נאַרישקייטן, פּוסטע חלומות, איינרעדענישן, ווערטער... מעגלעך אַז ס'איז ניט מער ווי דאָס, דאָך איז שווערלעך צו צעשיידן זיך מיט דעם געפיל און זאָגן: דו ביזט אויך ניט דאָס וואָס איך האָב מיר פאָרגעשטעלט.

הייליגע ווערטער קומען נאָך אַלץ צו זיינע ליפּן הגם ער איז קיינמאָל ניט געווען אַ „בעטער" ווי זיין פרוי איז געווען, און ניט געוואָרן אַ בעטער אויף דער עלטער, ווי אַנדערע פון זיינע באַקאַנטע פון וועלכע איינער הערט ניט אויף צו זופן און צו זאָגן תפילות... די ווערטער קומען צו אים מייסטנס ביינאַכט, ביים שלאָפן גיין. „אין דיין האַנט טרוי איך אָן מיין גייסט". די ווערטער אָבער קומען ניט ווען אים איז שווער אויפן האַרצן. ווי אַ קליין קינד ווערט ער אַמאָל ברוגז אויף זיין פאָטער אויבן און רעדט צו אים ניט. אים מוז זיין לייכט צום מוט, אַז די ווערטער זאָלן קומען ווי פון זיך אַליין: — זיי וועלן זיכער קומען היינטיגע נאַכט: „אין דיין האַנט טרוי איך אָן מיין גייסט, מיין נשמה".

צו שווער צו פילן זיך גאָר און גאָר אַליין. ניין, ער מיינט ניט, אָן מענטשן נאָענט אַרום זיך. וואָס זיינען מענטשן? דאָס זעלבע וואָס ער, אויב ניט שוואַכער און מער הילפלאָז ווי ער. דאָס אָרעם מענטשלעך האַרץ וויל זיך ניט באַרואיגן, עס גאַרט און זוכט. אָבער ווער ען קימערט עס איבערן אָרעם מענטשלעך האַרץ? גענוג, גענוג. זיין געדאַנק קומט צוריק צו דעם זעלבן. זאַנדערבאַר, ווי מען לאָזט ניט לויפן דעם מענטשלעכן געדאַנק פריי, פאָראויס, נאָר אין קרייזן, אין קרייזן, גרעסערע צי קלענערע, אָבער קרייזן אַרום דאָס זעלבע. גענוג אויף דאָס מאָל, ער איז מיד. ווען ער איז געווען גאָר אַ קליין קינד, פלעגט ער אָפּטמאָל פאַרן איינשלאָפן זיך איינשמועסן אַלערליי פאַנטאַזיעס, וועט ער עס איצט טאָן אויך. ער וועט דענקען ווי ליבע וואַכט איבער אים אין די שטערן, און נאָך, און נאָך. פאַרוואָס ניט? ער האָט דאָך באַגעגנט גענוג פריינדלעכעס אויך אין לעבן, גוטס, ליבע, איבערגעבנהייט, און ער אַליין האָט דאָך אויך קיין איבעריג בייז ניט געשאַפן. — — —

דער אַלטער ראָם האָט זיך געלאָסן אויפגעשטעלט אויף די פיס, שווערע פון לאַנגן זיצן, זיך אויסגעגלייכט און אָנגעצונדן ליכט.

# געשאָסן

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון מר. אַנשעל, אַ גראָסער, זיין פרוי און דריי קינדער. אַ זון פון אַ יאָר 16, אַ טאָכטער אַרום 15 און אַ מוזיקנקל 12 יאָר. די דירה, פינף, זעקס צימערן, איז געווען פאַר־אייניגט מיט דער סטאָר. איך האָב געוואוינט ביי זיי נאָך ניט קיין פולע צוויי וואָכן, נאָר איך האָב זיך שוין געפילט פאַר אַ גאַנצן בן בית. זיי האָבן מיך טאַקע איינגעלאַדן פון ערשטן טאָג אָן צו פאַרברענגען מיינע אָוונטן צוזאַמען מיט זיי, אין זייער עס־צימער, און איך האָב מיך ניט געלאָזט לאַנג בעטן.

פאַר די צוויי וואָכן האָב איך געמיינט אַז איך קען שוין די גאַנצע געשיכטע פון דער פאַמיליע, זייערע פריינט און באַקאַנטע. דעריבער איז מיר אַביסל קשה געוואָרן, ווען איך האָב געהערט מרס. אַנשעל דערמאָנען איר טאָכטער, זי זאָל ניט פאַרגעסן צו באַשטעלן ביים דרוקער די איינלאַדונגען. איינלאַדונגען? ס׳האָט ניט געקענט זיין אַ חתונה אָדער אַ תנאים, פון אַ ברית איז שוין אָפגערעדט — אַזעלכע זאַכן לאָזן זיך הערן. בין איך געוואָרן טשיקאַווע און געפרעגט. מרס. אַנשעל האָט זיך גאַרניט געגלויבט אַז איך ווייס גאַרניט פון וואָסער שמחה עס האַנדלט זיך. דאָך האָט זי צוגעגעבן, אַז איך בין דאָך נאָך אַלעמען אַ פרישער מענטש.

— ס׳איז זיין שמחה, האָט זי אַנגעוויזן אויף אַנשלען, די נעקסטע וואָך ווערט פופצן יאָר ווי ער איז ניצול געוואָרן פון אַ גרויס געפאַר. ניצול געוואָרן דורך אַ נס. איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן בעל דבר אַליין און געוואָלט טרעפן אין וואָסער געפאַר ער איז עס געשטאַנען.

— אַ באַן צופאַל? עלעווייטעד?

זי האָט געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניט.

— פרעגט אים, ער וועט אייך שוין זאָגן.

ער האָט זיך ניט געאײלט מיט זיין ענטפער. שמייכלענדיג צו מיר האָט ער מיך געלאָזט מאַכן עטלעכע אומגעוויינלעכע טרעפונגען.

— יאָ, — האָט ער ענדלעך געזאָגט, — מי במים ומי באש, איר וועט אָבער ניט טרעפן. אַזעלכעס טרעפט זיך ניט יעדן טאָג, און ניט מיט יעדן... מען האָט מיך געשאָסן!

— געשאָסן! — איך האָב זיך גאָרניט געקאָנט גלויבן. הגם זיין אויסערלעכע פּערזאָן איז מיר געווען גוט באַקאַנט, דאָך האָב איך מיר גענומען אים גוט באַטראַכטן: אַ דין, בלייך אידל, אַ שיטער גרוילעך קורץ בערדל — ווּעמען וועט עס איינפאַלן צו שיסן אַזאַ פּערזאָן? אמת, מיט 15 יאָר צוריק האָט ער אפשר געקענט אַנדערש אויסזען, אפשר טאַקע געאַנדערשט זיך צוליב דעם צופאַל, אָבער פאָרט? פאַרוואָס? איך האָב אָנגעהויבן אָנצושטויסן זיך וואָס עס איז דעמאָלט פאָרגעקומען.

— זאָגט מיר, פעטער, — האָב איך מיר ערלויבט צו ווערן היימיש, — זייט איר ניט געשטאַנען מיט אַנדערע וואוילע חברה אין אַ פּיקעט ליין?

ער האָט זיך קענטיג געפילט געשמייכלט, וואָס ער מאַכט דעם איינדרוק פון אַזאַ מין „חברה־מאַן". דער אמת איז אָבער געווען, אַז ער האָט קיינמאָל אין אַ שאַפּ ניט געאַרבעט; געווען, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, אַ ביזנעסמאַן כל ימיו, אָט טאַקע פון זיבנט ער האָט חתונה געהאַט. ביי די ווערטער האָט ער אָנגעדייטעט מיט'ן קאָפּ אויף זיין ווייב. פאַר דער חתונה האָט ער גאָרניט געטאָן, זיך אַרומגעדרייט אַזוי; אַ ביסל געלערנט, אָבער ניט צופיל, ניט געווען קיין קלויזניק, הייסט עס. איך האָב שוין ניט געוואָלט מער טרעפן נאָר איך האָב געזען, אַז איך פאַרשאַף מיין איד'ן הנאָה מיט מיין צילען און פעלן, האָב איך מיר ווידער געפרואווט.

— אַ ביזנעס מאַן! איז ניט אַנדערש ווי אַ קאָנקורענט האָט אייך געשאָסן, אפשר אַן איטאַליענער קאָנקורענט? פאַראַן איטאַליענער אַרום אייך?

כ'האָב ווידער ניט געטראָפן. ער האָט קיינע קאָנקורענטן ניט געהאַט; דער נעענטסטער גראָסער אין געגענד איז דווקא אַ גוטער פריינד זיינער, מר. לעווין. טאַקע דער מאַן וואָס האָט אים נאַראַיעט צו קויפן די סטאָר. אַ גוטע סטאָר, ס'איז שוין 16 יאָר ווי ער זיצט אויפן פּלאַץ.

— פאַרוואָס דערציילסט אים ניט ווי די זאַך איז פאָרגעקומען? וואָס מאַטערסטו אומזיסט אַ מענטשן? — האָט זיך מרס. אַנשעל אַריינגעמישט.

מר. אַנשעל איז גלייך געוואָרן ערנסט. ער האָט עס קענטיק ניט געהאַלטן פאַר אַ צופאַל איבער וועלכן מע קען טרייבן שפּאַס. ס׳איז טאַקע געווען אַ מערקווירדיקע פּאַסירונג. די געשיכטע איז געווען אַזוי.

מיט 15 יאָר צוריק, האָט זיך מר. אַנשעל געפירט אַזוי: יעדן נאָכמיטאָג, אַ חוץ שבת און זונטאָג, אַרום איינס אַ זייגער, פלעגט ער טראָגן זיין טעגלעכן דעפּאָזיט אין אַ באַנק אויף דער עווענין אַ צען בלאָק פון זיין סטאָר. צען בלאָק איז אפשר ניט קיין גרויסער שפּאַציר פאַר אַנדערע, פאַר אים אָבער איז אָט דער טעגלעכער שפּאַציר געווען די והותר. עס פלעגט אים דערפרישן און געבן אַפּעטיט פאַר דעם מאָלצייט וואָס ער פלעגט נאָכדעם עסן. נאָכן עסן פלעגט ער זיך צולייגן שלאָפן און שלאָפן גאַנץ געשמאַק. לעבן באַנק איז געווען אַ ספרים סטאָר — פלעגט ער זיך מייסטנס אָפּשטעלן פאַר די פענס־טער און באַטראַכטן די ספרים, אָפּשטעלן זיך שוין נאָכדעם ווי ער האָט געהאַט געמאַכט דעם דעפּאָזיט: אפשר האָט ער ניט געוואָלט טראָגן מיט זיך קיין געלט? אפשר עפּעס אַנדערש, וואָס ער ווייס אַליין ניט וואָס. ווי די מעשה איז, ער האָט קיינמאָל ניט געהאַט ביי זיך קיין געלט צו קויפן די ספרים, וואָס האָבן אים צוגעצויגן. פלעגט ער עס אָפּלייגן אויפן נעקסטן טאָג און דאָס נעקסטע מאָל ווידער פאַרגעסן.

יענעם פאַטאַלן טאָג האָט ער זיך אויך אָפּגעשטעלט פאַר דער ספרים־סטאָר און ווי געוויינלעך אָן געלט אין קעשענע. דאָס מאָל האָט ער געקוקט אויף אַ שיינעם סעט מחזורים אויף וועלכן ער האָט געוואָרפן אַן אויג מיט אַ וואָך צוריק; געקוקט און געפילט מיט פאַרגניגן, אַז דער סעט איז שוין האַלב זיינס. געוויינלעך פלעגט ער זיך נאָך דער קורצער פויזע פאַר דעם ספרים־סטאָר גלייך פאַרקערע־ווען אויף צוריק, אַהיים צו. זעלטן ווען ער פלעגט גיין אַ בלאָק ווייטער. טאָמער האָט ער שוין יאָ געמאַכט דעם עקסטראַ בלאָק — איז ווייטער פון דאָרט האָט ער זיך קיינמאָל ניט גערירט, העכסטנס פלעגט ער אַמאָל פאַרקוקן דאָרט. קיין וואונדער ניט, מיט יענעם בלאָק האָט זיך שוין אָנגעהויבן אַ נייער פרעמדער געגענד, עפּעס ווי אַ פרעמד לאַנד; אויס קאָך, אויס לעבן, שטיל און פרעמד. וואָס עס האָט אים פלוצלינג באַ־וועגט יענעם טאָג זיך אַ לאָז צו טאָן אין דעם געגענט, קען ער עד היום הזה ניט פאַרשטיין. עס איז געווען באַשערט אַזוי... אַ לאָז גע־טאָן האָט ער זיך ווי אַ לייכטזיניקער אינגל. אָבער ביי די ערשטע פאַר טריט האָט ער דערפילט אַז ער איז דאָרט ווי ער געהערט זיך ניט אָן.

—ווי איר קוקט מיך אָן, — האָט מר. אַנשעל געזאָגט, — בין איך ניט קיין נעבאַכל ח״ו, ניט קיין שרעקעדיג קינד. אַז מען האָט באַדאַרפט מיט יאָרן צוריק פאָרן קיין אַמעריקע, האָב איך מיך ניט אָפּ־געשראָקן. אַז מען דאַרף אַמאָל, ווי עס קומט פאָר אין ביזנעס, ריזיקירן שרעק איך מיך אויך ניט אָפּ. נאָר יענע מינוט איז געווען עפּעס אַנדערש... יענע מינוט האָב איך מיך טאַקע געשראָקן. אַ פּלוצלינגע אימה איז אָנגע־פאַלן אויף מיר ביי די ערשטע פאָר טריט, ווי מ׳וואָלט מיר געגעבן צו וויסן, אַז עפּעס קומט אָן אויף מיר. איך האָב עס באַלד דערזען אויך. איך בין געווען אויף איין עק פון בלאָק, „יענער״ ביים אַנדערן עק און דאָך האָבן מיר זיך ביידע גלייך דערזען. זיך אָנגעכאַפּט מיט די בליקן איינער אויפן אַנדערן, ווי מיר וואָלטן געווען אַלטע גוטע פריינט וואָס זיינען לאַנג שוין צעשיידט, הגם מיר זיינען געווען ווילד פרעמד איינער צום צווייטן, זיך קיינמאָל פריער ניט געזען. איר פאַרשטייט אַזאַ מין דערקענונג פון ווילד פרעמדע? מ׳האָט זיך שוין ניט געקענט אַרויס־דרייען. איך האָב זיך געוואָלט פאַרקירעווען צוריק, לויפן צוריק איבער־האַקן די גאַס, אַריבערלויפן אויף יענער זייט סטריט, אָבער איך בין ווי אין אַ חלום, די פיס גייען ניט וואוהין איך וויל, זיי פירן מיך דווקא גלייך צו אים...

— הער שוין אויף, — האָט זיין וויב דאָ איבערגעשלאָגן, — האָב רחמנות, אויף דעם יונגן מאַן. דאַרפסט ניט איבערגעבן מיט אַלע פּיטשעווקעס. עס גייט מיר איבער אַ סקרוך איבער די ביינער הערנדיק.

די פרוי האָט ניט געמאַכט קיין אָנשטעל, אַזוי האָט זי געפילט.

— אַז איך וועל ניט דערציילן גענוי, וועט ער ניט וויסן, — האָט אַנשעל געזאָגט מיט אַ שמייכל. — איר פאַרשטייט, זי הערט עס נאָר דאָ, ביי זיך אין שטוב, און ציטערט, היינט שטעלט זיך שוין פאָר וואָס איך האָב געפילט דאָרט... אַזוי האָט עס מיך געטראָגן צו יענעם פאַרשוין דאָרט, איצט שוין געלאַסענער, און געלאַסענער ביז וואַנען כ׳האָב ניט געקענט מער גיין. מיינע פיס זיינען מיר געוואָרן שווער ווי קלעצער... די פיס?... כ׳בין אינגאַנצן געוואָרן ווי אָנגעגאָסן מיט בליי, ווי פאַרשטיינערט... אַנשעל האָט גערעדט ווי עס וואָלט אים פאַרפעלט אָטעם, — האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזן ווי איך שטיי און גיי פאַר אים, אויפן סיידוואָק.

— געבליבן ליגן?

— ניין, געבליבן זיצן פאַר אים. אָט דאָס האָט מיך געראַטעוועט, דאָס בלייבן זיצן. פילע דענקען אַזוי. ס׳הייסט ניט אַז איך האָב בשעת־מעשה געוואוסט וואָס איך טו. איך האָב מיך אָוועקגעזעצט

ווייל עס האָט מיך אָנגעקנוועצט... די גאַנצע צייט זינט איך האָב אָפּגעטראָטן פון ספרים־סטאָר בין איך מער ניט געווען מיין אייגענער מענטש: ווי קום איך גאָר אין יענעם בלאָק? פאַרוואָס בין איך דאָרט קיינמאָל פריער ניט געגאַנגען? פאַרוואָס האָב איך מיך ניט אומגעקערט אַזוי שנעל ווי עס איז מיר געוואָרן אומהיימלעך? גיי פרעג קשיות ווען אַ מענטש ווערט געפירט, ניט ער פירט זיך אַליין...

— טאָ וואָס איז געוואָרן? — בין איך שוין געוואָרן אומגעדולדיג, — ווי לאַנג זייט איר אַזוי געזעסן?

— איך בין געזעסן ביז וואַנען איך בין געבליבן ליגן...

— ער האָט אייך אויסגעצויגן מיט אַ קויל?

— ניין איך האָב מיך אַליין אויסגעצויגן פאַר אים, איך האָב ניט געוואָרט, אַז ער זאָל מיך אויסציען. איך האָב געזען, אַז ער נעמט זיך עסק'ן מיטן פּיסטאָלעט, האָב איך מיך אויסגעצויגן און פאַרמאַכט די אויגן...

— וואו האָט ער אייך געטראָפן?

— ער האָט ניט געטראָפן; ווען ער וואָלט געטראָפן, וואָלט קיין נס ניט געווען.

— אויסגעשאָסן און ניט געטראָפן?

— דריי מאָל האָב איך אים געהערט שיסן, ביים דריטן שאָס האָב איך פאַרלאָרן מיין באַוואוסטזיין... וואָס עס איז פאָרגעקומען דערנאָך, האָט מען מיר שוין דערציילט: מענטשן האָבן זיך גענומען עוסק'ן אַרום מיר, ס'איז געוואָרן אַ צונויפלויף...

— אָנגעקומען אין אַ דראַג סטאָר?

— ניט אין אַ דראַג סטאָר, אין שפּיטאָל, כ'בין געלעגן דריי טעג אין שפּיטאָל.

— דריי טעג אין שפּיטאָל?

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט: פאַרגעסט ניט די שרעק וואָס איך האָב דורכגעמאַכט און דער פאַל? אַ שווערער פאַל געווען.

— צוזעצט די קאָפּ פאַלנדיק?

— ניין, די קאָפּ דוקא ניט, איך האָב מיך צעשעדיגט פון שווערן אַראָפּזעצן... ווייסט איר דען ווי שווער איך האָב געפילט?

— און איך בין מיר דאַן געזעסן רואיג אין סטאָר, — האָט באַמערקט מרס. אַנשעל, — געוואַרט אויף זיין קומען, אַריינגעכאַפּט זיך אַלע פאַר מינוט צום קינד וואָס איז געשלאָפן דערביי. קיין קאַסטאָמערס זענען ניט געווען. איין קאַסטאָמער, געדענק איך, האָט געקויפט צוקער, כ'האָב אַלץ ניט געקענט צוטרעפן די ריכטיגע וואָג, כ'האָב

אויך ניט געוואָלט געבן ווינציגער — אַן אָרעמע פרוי געווען די קאַסטאַמער, האָב איך געוואויגן אַרויף און אַראָפּ, און פּאַרט איר געגעבן איבער דער וואָג... כ'וועל שווערן, אַז דער זכות פון דעם איז אים אויך אַביסל געשטאַנען דאָרט אין יענער מינוט. לויט ווי איך האָב מיר אויסגעמאַרקירט איז עס געווען אין דער זעלבער צייט. איך וואָלט שיין אויסגעזען מיט אַ קליין עופה'לע אויף די הענט און אַן אַנדערס האָט אין קורצן באַדאַרפט קומען... אונזער פריינט, מר. לעווין, האָט מיר געבראַכט די שיינע בשורה... אַריינגעקומען אַן אָטעם. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָט דאָ פּאַסירט. ער האָט געפּרואווט מאַכן די זאַך צו קלייגעלט, האָט מיך געשאַנעוועט צוליב מיין צושטאַנד. איך האָב מיר ניט געלאָזן איינשמועסן. מיין האַרץ האָט מיר גלייך געוואָרנט.

מר. אַנשעל האָט אַ שמייכל געטאָן.

— אַ מאָדנער מענטש לעווין. ער איז אַלץ דערגאַנגען אין דער ערשטער הייסער רגע... ער איז געקומען אין שפּיטאָל כמעט גלייך מיט מיר... ווי אַזוי ער האָט דערשנאַפּט די נייעס ווייס איך ניט. ווי פון דער לופט... ער האָט שוין זיינע רעפּאָרטערס וואָס מען לאָזט אים ניט וואַרטן, אַ גרויסער קאָכלעפל איז ער, אָט דער מר. לעווין.

— יאָ, האָט מרס. אַנשעל צוגעשטימט, אָבער ער איז אונז טאַקע גינציג אויך... אים איבערהויפּט... וואָס ער האָט עס דאַן צעפּאָדעט אַרום אים... ער האָט אים געבראַכט פון שפּיטאָל, געגאַנגען מיט אים אין שול גומל בענטשן. די ערשטע שמחה איז געווען אַן אמת'ע חתונה... מיך האָט ער ניט געלאָזט אַ פינגער אין קאַלטע וואַסער איינטונקען, האָט מיך געשאַנעוועט. האָט געבראַכט אַ פרוי וואָס האָט געקאָכט און געבאַקן, געווישט און געוואַשן. ער האָט אויך געלאָזט וויסן די געסט...

— ער איז אַ שיינער רעדנער, — האָט מר. אַנשעל צוגעלייגט.

— האָט ליב צו רעדן, גיב אים נאָר די געלעגנהייט. כ'געדענק נאָך זיין ערשטע רעדע... געדענקסט? — מרס. אַנשעל האָט ניט באַדאַרפט שטאַרק אָנשטרענגען איר זכרון. זי האָט גלייך אויפן שטעל געזאָגט: השגחה... שליח?

— יאָ, השגחה... גאָט'ס השגחה, האָט ער אונז דערקלערט, הערט ניט אויף אפילו אויף אַ סעקונדע, סיי בייטאָג, סיי ביינאַכט: לא ינום, ולא יישן... מיר מענטשן פאַרגעסן אָן דעם, מיר מיינען אַז מיר דאַרפן ניט קיין אַפּהיטער... מיט אַזאַ מין צופאַל ווי מיינעם, וואָרנט מען אונז אַז מיר זאָלן זיך ניט נאַרן... איך בין עס געווען אַ מין שליח, און איך באַדאַרף מיך ניט שעמען דערמיט, מען קלייבט ניט אויס „אויבן“

אַבי וועמען פאַר אַ שליח און פאַר אַזאַ מין שליחות...

— אָבער פאַרוואָס האָט יענער געשאָסן אויף אייך? — האָב איך געוואָלט וויסן, — האָט מען אים געכאַפּט?

— אַ שאלה! די גאַנצע גאַס איז אויגנבליקלעך שוואַרץ געוואָרן. וואָס מיינט איר, מען וועט לאָזן אַ מענטשן מערדערן אין מיטן העלן טאָג, אין מיטן גאַס? געכאַפּט און געוועזן אַ טרייעל אויך.

— וואָס האָט ער גע׳טענה׳ט?

— וואָס פאַרשטייט איר ניט? ער האָט געזאָגט אַז ער האָט געשאָסן אויף שפּאַס, „פאַן"... האָט מיך בלויז געוואָלט איבערשרעקן, הייסט עס... פאַרוואָס? ער וויס אַליין ניט. געשאָסן האָט ער כלומרשט אין דער לופט אַריין, ניט געוואָלט מיר אָנטאָן קיין שאָדן. דער פּיסטאָל, האָט ער גע׳טענה׳ט, איז ניט געווען אַזעלכער וואָס מען שיסט מענטשן דערמיט... לעווין האָט אים ריכטיג אויסגעפּאַרשט, געפונען אַז ער איז אַ קרוב צו אַ פּאָליטישען... לעווינס סברה איז, אַז מען האָט אונטערגעשטעלט אַן אַנדער פּיסטאָל... לעווינס לאָיער שטימט איין מיט אים, אַז ס׳איז געווען אונטערגעשטעלט. אַ יאָר האָט ער געקראָגן, — סוספּענדעט סענטענס.

— אָבער ווי פאַרשטייט איר עס פּאָרט? צוויי ווילד פרעמדע מענטשן?

— ווי איך פאַרשטיי עס? ווי קום איך עס צו פאַרשטיין? גרעסערע קעפּ וועלן עס ניט פאַרשטיין. ס׳איז אַ באַשערטע זאַך... באַשערט מיר און באַשערט יענעם... אויף דער וועלט איז ניטאָ קיין פרעמד...

מר. אַנשעל איז אַרויס אויף אַ ווײַלע.

— איר ווייסט וואָס איך האָב געוואָלט פרעגן מר. אַנשעל׳ן? — האָב איך באַמערקט צו מרס. אַנשעל, — צי זעט ער אַמאָל יענעם מאַן?

— זאָל אייך גאָט אָפּהיטן פון פרעגן אַזעלכע פראַגעס. ער האָט אים געזען אין חלום אַ פּאָר יאָר צוריק איז...

זי האָט ניט געענדיגט, ווייל מר. אַנשל איז צוריקגעקומען מיט אַ סעט ספרים אין די הענט.

— איר זעט?

— די מחזורים! — האָב איך האַסטיג אויסגערעדט.

דאָס מאָל האָט איך געטראָפן.

# צוויי זיבעציגער

מר. בערמאַן און מר. ווײַנער, בײדע אין די זיבעציגער, זײַנען געזעסן אײן שײנעם פרילינג פרימאָרגן אויף אַ באַנק אין פּאַרק בײַ אײנעם פון די אַרײַנגאַנגען. בײדע האָבן ממש געקײַכט פון געלעכטער. יעדער מיט זײַן שטעקן און הוט בײַ זײַן זײַט, מיט אַ לײדיגן שטח צווישן די צוויי כּדי זיך צו געבן רחבות. זיי האָבן אָפּט געקוקט אײנער דעם צווייטן אין געזיכט צו זען אויף ווי ווײַט אײנער האָט דעם אַנדערן געמאַכט צום לאַכן; געקוקט און מיטגעלאַכט צוערשט מיט זײער נאַטירלעכן געלעכטער, דערנאָך זיך אָפּט שוין צעגאַנגען אין קוים הערבאַרע אומנאַטירלעכע קולות; דערבײַ זיך געהאַלטן בײַם האַרצן, בײַ די בײַכער, אָדער געקלאַפּט זיך אין די פּיס, אין באַנק, אָדער געמאַכט מיטן האַנט צו דעם אַנדערן ווי צו זאָגן: גענוג, גענוג, האָב רחמים, איך וועל פּלאַצן.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט בערמאַנ׳ס אַ באַמערקונג. בערמאַן איז געקומען אויפן אָרט דער ערשטער. — „איר ווייסט, האָט ער געזאָגט ווײַנערן, ווען יענער איז צוגעקומען צו דער באַנק, — איך האָב איך געזען קומען נאָך פון דאָרט אָן״. ער האָט אָנגעוויזן אויף די רײע הײַזער איבער דער גאַס פון פּאַרק. „לאָמיר איך זאָגן, איר האָט עס געמאַכט גאָר שנעל״.

ווײַנער האָט צוערשט גאָרניט פאַרשטאַנען. ערשטנס, האָט ער זיך ניט געהאַט געריכט צו טרעפן זײַן פרײַנט אין פּאַרק און אויך ניט געהאַט די קלענסטע אַהנונג אַז מען האָט אים דאָ נאָכגעשטודירט זײַן גאַנג. האָט ער געקוקט אויף זײַן פרײַנט׳ס זײגער וואָס יענער האָט געהאַלטן אין דער האַנט און צוריק. „איך קאָן איך געבן די צײַט ביז צו אַ סעקונדע״, — האָט בערמאַן געזאָגט. דאָ האָט ווײַנער באַמערקט דעם שטיפערישן וואונק אויף בערמאַנ׳ס כּלומרשט ערנסטן אַנשטעל און האָט דעם ערשטן שמייכל געטאָן. בערמאַן האָט אים געזאָגט די צײַט און געפרעגט: „ניט שלעכט געשאַרט זיך, אמת? גאָר ניט מיאוס דערשאַרט זיך אַהער״. און טאַקע גלײַך האָט ווײַנער

געהערט די געניטע באַשרייבונג פון זיין מאַרשרוט מיט דערזעלבער הנאה מיט וועלכער מען קוקט אויף אַן אייגן בילד אויסצוגעפינען עפּעס פון דער שענערער זייט פון זיך. בערמאַן האָט פּאַר אים געשילדערט ווי אַזוי ער האָט זיך געפּלאָנטערט צווישן די אויטאָ־מאָבילן, ניט געלאָזן זיי לויפן פריי. צוויי מאָל געמאַכט אַ בראַוון שריט פאָראויס און גלייך זיך צוריקגעצויגן, דוקא געשיקט, הגם די גרינע ליכט האָבן געריסן די אויגן. ווינער האָט געלאַכט ניט וויניקער ווי זיין פריינט.

דערמיט האָט זיך עס אָנגעהויבן. האָט מען זיך שוין גלייך גענומען שפּאַס טרייבן ניט נאָר פון זייער ביידנ׳ס אומגעשיקטקייט פון גיין אַליין, נאָר פון אַלערליי אומגעשיקטקייטן זייערע, ווי מען דערהערט ניט און מען דערזעט ניט, און מען דערגייט ניט און פון אַלערליי קאָמישע אינצידענטן וואָס זיינען געווינלעך צוזאַמענגעבונדן מיט די שוואַכקייטן. מען האָט געלאַכט פון גאַנצן האַרצן אָפּט ביז צו טרערן און צווישן איינס און דאָס אַנדערע האָט מען זיך איבערגעוועקסלט מיט אַזעלכע באַמערקונגען ווי „שיין דערלעבט זיך, האַ? אַ שיינעם פּנים האָבן מיר!..." און ווידער געלאַכט און גענומען דערציילן עפּעס אַנדערש. ווינער האָט זיך דערמאָנט אַז דעם לעצטן ווינטער איז ער פון דער קעלט אָפּט געבליבן שטעקן אין גאַס מיט זיין נאָז: ניט געוואוסט געשיקט גענוג אַריבערצולויפן האָט ער שוין די אויטאָמאָבילן געלאָזט לויפן, זאָל זיינס איבערגיין.

— אַזוי ווי איר האָט געלאָזט לויפן די קאַרס נאָר־וואָס? — האָט בערמאַן געשפּאַסט.

— יאָ, יאָ, איר זייט גערעכט.

אַזוי האָבן זיך ביידע געטיילט מיט יעדער פּאַסירונג, מיט יעדער אַנשיקעניש פון עלטער, וואָס זיי האָבן איינע די אַנדערע איבערגעגעבן מיט אַלע איינצלהייטן, געטיילט זיך אפילו מיט אַזעלכעס וואָס מען דערציילט נאָר אַ דאָקטאָר. נאָר אַ דאָקטאָר דערציילט מען עס מיט ערנסטע געזיכטער און דער דאָקטאָר הערט אויך ערנסט אויס. דאָ אָבער האָט מען עס דערציילט און זיך געהאַלטן ביי די זייטן, ווייל אין אַלץ האָבן זיי געפונען שפּאַס און געלעכטער. האָט איינער עפּעס דערציילט, האָט דער אַנדערער געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער הערט עפּעס, וואָס ער קאָן ניט גלויבן און איינגעווענדט: גייט שוין, גייט שוין! אָבער תוך כדי דיבור באַוויזן, אַז ניט נאָר איז ער גוט באַקאַנט מיט דער ערפאַרונג נאָר נאָך צוגעגעבן אייגענע פּיקאַנטע איינצלהייטן.

— זאָגט מיר נאָר, — האָט בערמאַן אַ פרעג געטאָן, — ווי איז ביי אייך מיט דער השתנה?

— פרעגט שוין גאָר ניט...

— איר האַלט אין איין לויפן, האַ? כאַ, כאַ.

— אַ ברירה האָב איך? און איר?

— וואָס בין איך אַ יחסן?

— ניטאָ קיין יחסנים, אמת?

— ניין, ניין.

— ניטאָ קיין יחסנים... אוי, ווי גוט געזאָגט, ווי גוט... כאַ, כאַ, כי...

ביידע אַלטע האָבן געפונען אַ משונה׳דיגע הנאה אין דעם געדאַנק, אַז עס זיינען ניטאָ קיין יחסנים: אַלע פאַרפּאַקט אין דערזעלבער פּאַסטקע. אוי ווי גוט, ווי גוט.

אַזוי שנעל ווי זיי האָבן געכאַפּט דעם אָטעם האָבן זיי זיך גענומען צו זייערע פריינט און באַקאַנטע. איז אַוועק אַ פרישע סדרה איבער דעם, ווי אַזוי איינער בלאָזט נאָכאַנאַנד און איינער סקריפּעט און נאָך איינעם טרייסלט... זיי האָבן זיך ניט באַנוגנט מיט בלויזע ווערטער נאָר זיך אָפּט אויפגעהויבן פון זייערע ערטער צו פערזאָניפיצירן דעם אָדער יענעם ווי אמת׳ע קאָמיקער.

— אַ שיינע קאָלעקציע, ווי זאָגט איר?

ביידע האָבן געמוזט ווידעראַמאָל אָרויסנעמען זייערע שנופּ־טיכלעך און ווישן זייערע טרערן ווען זיי האָבן זיך דערמאָנט אָן איינעם אַ שלומ׳ען, וואָס נעמט זיך נעבעך אַזוי ערנסט; שאָקלט מיטן קאָפּ רעכטס און לינקס, רעכט און לינקס און טייטלט אָן מיט אַ שפּיץ פינגער אויף זיין בויך. עס הייסט, אויב די וועלט וועט אונטערגיין, וועט עס זיין צוליב זיין בויך.

— כ׳האָב שוין מער ניט קיין כח, — האָט בערמאַן געזאָגט ערשעפּט.

זיינען זיי געבליבן זיצן און אָנגעהויבן צו קוקן פאַר זיך, אָבער מיט פינקלדיקע אויגן אַזוי ווי דער גאַנצער הומאָר האָט זיך אויף אַ קורצע ווייַלע אַריבערגעצויגן אין די אויגן.

— געזען דעם פאַרשוין? — האָט וויינער אָנגעוויזן אויף דער פעסטער פיגור פון אַ מאַן אַרום פערציג וואָס איז שטאָלץ פאַרבייגע־גאַנגען.

— יאָ, אַ פעסטער פאַרשוין איז ער, גייט אַרום ווי המן בשעתו...

— ער מיינט אַז אָן אים וועט מען פאַרגעסן, אָבער ווי האָבן מיר געזאָגט? ניטאָ קיין יחסנים... נאָר אַ פּריצייטיגער טויט דורך אַן עקסידענט קאָן אים ראַטעווען. אויב ניט קיין עקסידענט איז ער אונדזערער אַ קאַנדידאַט.

ווייַנער האָט פּלוצלינג אַ זיפץ געטאָן:

— כ׳וויל זאָגן, אַז שטאַרבן ווילט זיך פאָרט ניט.

— ס׳איז אמת. עס ווילט זיך ניט שטאַרבן...

— מען ווייס ניט ווי אַזוי דאָרט איז...

— וואָס ק אָ ן דאָרט זיין אַזעלכעס? וואָס דאָס לעבן איז ווייסן מיר דאָך, וואָס קאָן שוין זיין דער טויט?

— ווער ווייס?...

— איין זאַך איז גוט וואָס דאָ קאָן מען זיך אַמאָל אַזוי גוט אויסלאַכן.

— יאָ.

— מען זאָל זיך כאָטש קאָנען אויסלאַכן דאָרט, וואָלט שוין ניט אַזוי שלעכט געווען. — האָט ווייַנער צוגעשטימט.

# אַ געהיימער גליק

זיי זיינען ביידע געזעסן ביי אַ קליין טישל אין מיטן פון געמיט־לעכן צימער. ער צוריקגעוואָרפן אין אַ ווייכן אַרמשטול, זי איבערגע־בויגן צו אים פון איר פלאַץ אַנטקעגן. דער טישל איז געווען געדעקט: וויין, צובייסן, קאַווע, און כאָטש ס'איז שוין געווען אַ שיינע ווײַלע נאָכ'ן עסן האָט זי נאָך צייטנווייז עפּעס אַ כאַפּ געטאָן פון דעם זיסן. ער איז געווען אנגעטאָן אין פּאַזשאַמאַס, זיין אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ אָנ־געשפּאַרט אויף דער האַנט, אָן ווערטער ווי גאַנץ פאַר זיך. זי איז גע־ווען אָנגעטאָן אין אַ לייכט שיין אונטער־קליידל, ס'האָבן זיך אַרויס־געזען אירע הוילע אָרעמס, אירע האָר זיינען געווען צעלאָזן.

—. געליבטער מיינער! — האָט זי צו אים געפּליסטערט פון צווישן אירע שיינע ווייסע און שײַנענדע ציינער אַרויס, פאַרקוקנדיג אים אין געזיכט אַריין.

ער האָט איר געענטפערט מיט אַ מידן שמייכל ניט ענדערנדיג זיין פּאָזע.

— כ'וועל מיך גיין אָנטאָן, — האָט זי געזאָגט, אויפהויבנדיג זיך, מיטן זעלבן שמייכל און זעלבן בליק צו אים. — נאָר אנשטאָט זיך אָנצוטאָן האָט זי גענומען באַטראַכטן זיך אַליין, ווי זי שטייט אַזוי, דעם שפּיץ פון אירע שיך, דעם זוים פון איר אונטערקליידל, דאַן האָט זי זיך חנעוודיק צעלאַכט, צערטלענדיק אים מיט אירע וואַרימע טונ־קעלע אויגן און זיך צוגעזעצט, דאָס מאָל אויפן אָרעם פון זיין שטול.

— דו ביזט מיר צו בלייך...

— איך גלויב אויך אַזוי...

— וואָס איז מיט דיר?

— גאָר ניט מיט גאָר ניט... כ'האָב דאָך דיר שוין דערקלערט. אין אַ פּאָר מינוט בין איך צוריק דערזעלבער...

זי איז אַראָפּ פון זיין שטול.

— כ'בין אַ שלעכט מיידל, — האָט זי געזאָגט אין אַן ערנסטן טאָן. — כ'האָב דיך צופיל ליב... כ'וועל מיך אָנטאָן. — זי האָט

אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ דין זיידן בלוזע, פאַרשפּילעט עס אויף איין קנעפל און קוקנדיג אויף אים, זיך פאַרטראַכט.

— דו ווייסט פון וואָס איך טראַכט? — האָט זי געפרעגט נאָך אַ קורצער פויזע. — פון דאָס וואָס מיר האָבן גערעדט פריער, פון אונז אַליין טאַקי, פון דיר מיט מיר, מיר און דיר, איך און דו... יאָ, מיין ליבער, קיין אַנדער ליבע ווי צו דיר האָב איך אויף מיין לעבן ניט געהאַט, פאַר דיין קומען, פונקט אַזוי ווי נאָך דיין קומען. איך האָב אַזוי יונג געהייראַט, כ׳האָב אָבער פון דער ערשטער רגע אָן געוואוסט אַז ס׳איז ניט ער און ס׳איז ניט דאָס, מעגסט עס מיר גלויבן. איך האָב זיך שטיל געזאָגט: מיין געליבטער וועט נאָך קומען... טאַקי גייענדיג צו און פון דער חופה, אין דער ווייסער קלייד, שלייער און קראַנץ בלומען, האָב איך געקלערט פון אַנאַנדער קלייד, אַנאַנדער שטאָף און מוסטער וואָס איך וועל טראָגן פאַר יענעם, פאַר יענער חתונה... געדענקסט מיין קלייד יענעם טאָג מיט דיר? יאָ, ווען מע האָט געטאַנצט און געשפּרונגען פאַר מיר, אין רעכטן מיטן פון דער בלענדענדער און רוישיקער פרייד אַרום, האָט מיין האַרץ שטיל געבענקט און געגאַרט און געציטערט, ווייל אַלץ אַרום האָט מיך מאָדנע פאַרזיכערט אַז דער אַנדערער מוז און וועט קומען.

— ער איז געקומען! דו, דו, דו!...

זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויף אירע קני פאַר אים, אַריינגעגראָבן איר דופּטיקן קאָפּ אין זיין שויס, און ער, פאַררויטלענדיג זיך אויף אַן אויגנבליק, האָט גענומען לייכט גלעטן איר שיינעם קאָפּ.

— אָבער וואָס איז פאַרט מיט דיר, ליבער? איך האָב דאָך דיר קיינמאָל אַזוי מיד ניט געזען?

ער האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן צו באַרואיקן איר, געזאָגט אַז אַביסל רו, אַ פּאָר מינוט רו, דאָס איז אַלץ וואָס ער דאַרף איצט. דאָס זעלבע האָט מיט אים פּאַסירט אַ וואָך צוריק, האָט ער זיך אַזוי צו־געזעצט אויף צען מינוט און די מידקייט איז אַוועק.

— ניין, ליבער, דאָס מאָל וועסטו מוזן זען אַ דאָקטאָר.

מיטן זעלבן שוואַכן שמייכל האָט ער איר צוגעזאָגט צו טאָן אַזוי.

— דאָס ווייסטו? — האָט זי עטוואָס שפּעטער באַמערקט, — אין זיבעצען טעג אַרום ווערט דריי יאָר ווי מיר קענען זיך... קע־נען זיך, באַקאַנטע, — האָט זי זיך לוסטיק צעלאַכט. ווי שנעל מיר זיינען געוואָרן די נאָנסטע אויף דער וועלט, געדענקסט? מיין עלטסטער, ווילי, געדענקט דיך גוט. ער איז דאָך געווען ביי אונזער ערשטער באַגעגעניש. ער פרעגט אַמאָל צי איך זע דיך, אַזוי פאַר

אַלעמען, און איך לאַך, לאַך, לאַך... לאַך צו זיך אַליין, פאַרשטייט זיך. אַראָפּגעקומען ביזטו דווקא אַזאַ פרעמדער מיט דיין שוואַרצער שטרענגער דערבי הוט, מיטן שווערן גרויסן איבערמאַנטל פון אַן אויסלענדישן שניט, און מיט דיין טונקל־בלייך געזיכט און שוואַרצן שנורבאַרט אַזוי ווי דו וואָלסט געווען געקומען פון אַ ווייטער פרעמ־דער געגענט. עס האָבן נאָר געפעלט אַ פאָר שווערע וואַליזען אַרום דיר... — זי האָט זיך ווידער צעלאַכט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בלוזע, צוגעזעצט זיך אויפן טעפיך צו זיינע פיס און אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף איר שולטער.

— ווי קאַלט דיין האַנט איז... לאָמיר דיך אָנוואַרעמען... — נעמענדיג זיין פרייע האַנט צווישן אירע איז זי אַזוי געבליבן זיצן פאַרטראַכט.

— איך וועל מיך צולייגן אויף דער סאָפאַ אַ ווילע, — האָט ער פלוצלינג געזאָגט. — ער האָט זיך שווער אויפגעהויבן, צוגעגאַנגען צו דער נידעריקער סאָפאַ און זיך אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג. ווען זי האָט ניט געזען האָט ער געמאַכט אַ גרימאַסע פון גרויס ווייטאָג. ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין טיכעלע און פאַרדעקט אַ טייל פון געזיכט, ערקלערענדיג אַז אַזוי רוט זיך לייכטער. זי האָט אַ זיפץ געטאָן און זיך געזעצט לעבן סאָפאַ.

זי איז געוואָרן אומרואיג, געטראַכט, וואָס קאָן אים זיין? זי האָט אים אַזוי ווי איצט קיינמאָל ניט געזען. געטראַכט אַז זי היט אים אפשר ניט גענוג אָפּ, אַז ווען זי זעט אים פאַרגעסט זי אין גאַנצן אָן זיין שוואַכן געזונט. וואָס קאָן אים טאַקי זיין? דערווייל האָט זי זיך פאַרטיפט אין פאַרשידענע געדאַנקען. פלוצלינג האָבן אירע אויגן אויפגעשטראַלט — זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים און צאַרט געפרעגט:

— איינגעשלאָפן?

„איינגעשלאָפן“ — האָט זי געטראַכט ווען ער האָט איר ניט גע־ענטפערט. מאָדנע, זי האָט זיך דערזען מיט אים אַליין ערגעץ וואו, אין אַן איינזאַמען געגענט. וועמען דאַרפן זיי אַ חוץ איינער דעם צווייטן? — ער האָלט ביי געזונט ווערן פון אַ שווערער קראַנקהייט אַדאַנק איר לאַנגן וואַכן איבער אים, לאַנגן, אומאויפהערלעכן, שלאָפלאָזן וואַכן, אַליין, אַליין, ערגעץ וואו ווייט... פון וואַנען איז געקומען צו איר אַזאַ פאַנטאַזיע? — האָט זי זיך געוואונדערט.

זי איז שטיל צוגעגאַנגען צו איינעם פון די פענסטער פון צימער: זי וועט אָפּוואַרטן ביז וואַנען ער וועט צו זיך קומען. די פענסטער זיינען געווען פאַרהאַנגען מיט געדיכטע פאַרהאַנגען, קיין פרעמד אויג

זאָל ניט אַריינדרינגען אין זייער געהיימניס. ער האָט איר אַזוי געווויסנהאַפט אָפּגעהיט, געדונגען אַ דירה אין אַן אומבאַקאַנטן געגנט צוליב איר. דורך אַ שפּאַרונקע האָט זי געקאַנט זען די גאַס און די הייזער אַנטקעגן — אַזאַ שטילע גאַס. ביי די פענסטער האָט זי קיין לעבעדיג זעל ניט געזען, נאָר אין די אונטערשטע שטאָקן האָט ערטער־ווייז אַ העל פלעק פון ליכט געשיינט.

ניט ווילנדיג איז איר אויפן זינען אַרויף איר אייגן הויז. עס מוז זיך איצט טומלען ביי די קינדער אין צימער, אויך אין קיך רודערט זיך איצט. אימיצער איז מסתמא פאַר דער צייט געווען באַזוכן איר, געפרעגט וואו זי איז? ווען זי קומט צוריק? אין אַ שעה שפּעטער וועט זי טאַקע אַהין קומען און גלייך אַריינטרעטן אין די זאָרגן און פליכטן פון יענעם הויז: פאַר דעם זיין אַ מוטער, פאַר דעם אַ בעל־הביתטע, אַ פריינט, אַ ווייב. אַריין אין אַ לעבן אין אַ וועלט אַזוי פאַרשידן פון דער איצטיגער דאָ... איז זי עס די זעלבע? איז עס זי? יאָ, זי איז אייך און די זעלבע, ווייל זי לאָזט אים, איר געליבטן, אויף אַ רגע פון זינען ניט אַרויס, ווייל זי אָטעמט אומעטום די לופט פון זייער קליינער ליבער היים דאָ, זי האָט אים שטענדיג מיט זיך...

אָט דוכט זיך איר אַז זי איז געווען מיט אים נאָך אידער זי האָט אים באַגעגנט. און דאָך פאַרוואָס האָט זי זיך טאַקע ניט דערוואַרט אויף זיין ענדלעכן קומען? פאַרוואָס איז זי מיט דעם אַנדערן, מיט איר איצטיגן מאַן, געגאַנגען צו דער חופה? — דאָס פאַרשטייט זי ניט. דאָס מוז זיין דער סוד פון איר שיקזאַל. איר איז באַשערט געווען אַ גליק אַ געהיימער ווי אַ קאַרגן טיף פאַרבאָרגן גאָלד. אפשר איז עס איר שטראָף, אפשר איר שטראָף... אַ געדאַנק ניט ביי פאַר איר... קיינער ווייס ניט פון זיי, סיידן גאָר פרעמדע אויגן וואָס זעען זיי אַמאָל צוזאַמען אין ערטער וואו זיי דאַרפן ניט באַהאַלטן זייערע געפילן.

זי האָט אַ זיפץ געטאָן, זיך דערמאָנט אָן אַ פאַנטאַזיע אירע פון אַ צען טעג צוריק, וואָס זי האָט אים ניט דערציילט. אויפן וועג פון אים צו זיך אַהיים האָט זי זיך אין געדאַנק געזען מיט אים ווייט, ווייט אין אַ פרעמדער גרויסער שטאָט, אין אַזיע. אַ שטאָט פון אַ האַלב אייראָפּעאישן כאַראַקטער, אַזוי קאָכיק, אַזוי פיל מענגען פון מענטשן אין די גאַסן, אייראָפּעאיש און האַלב אייראָפּעאיש געקליידט, אָריענ־טאַליש אויך; טורבאַנען און פעסקן און בורנוסן, געלבהויטיקע, טונקל הויטיקע, אַ מיש־מאַש פון ראַסן, פון וועלטן, אַלע פרעמד צו איר,

פרעמד . . . זי קומט אָן מיט איר געליבטן אויפן רויש און קאָך פון אַ נייער גאַס און דאָ אין מיטן פון אַ ניט דערענדיגטער באַמערקונג אירער האָט זי אים פּלוצלונג פאַרלאָרן, פאַרלאָרן אין דער פרעמדער מענגע. אַ שוידערלעכע פאַנטאַזיע, וואָס זי האָט געהאַלטן אַ סוד פון אים. עס האָט איר אַזש איצט אויך אַ שוידער געטאָן.

זי וועט זיך אָנטאָן דערוויל, איידער ער וועט זיך אויפכאַפּן, האָט זי זיך געזאָגט אַוועקגייענדיג פון פענסטער, און איינגעבויגן זיך אויפצוהויבן איר בלוזע. אָבער איידער זי האָט באַוויזן זיך איינצובויגן, האָט זי אים דערזען זיצנדיג מיט די פיס נאָך אַלץ אויסגעצויגן אויף דער סאָפאַ: בלייך ווי טויט; זיינע האָר צעשויבערט און מיט אַ ווילדן בליק אין אויג און אָן אַ וואָרט. זי האָט אַ צי געטאָן דאָס קייטל פון לאָמפּ און צוגעפאַלן צו אים. אַ פּלוצלינגע שרעק איז אייז־קאַלט דורכגעלאָפן דורך איר גאַנצן קערפּער.

— ליבער, וואָס איז דיר? וויי, וויי איז מיר! וואָס איז דיר?

ער איז בלייך צוריקגעפאַלן, אַ בליק געטאָן אויף איר און געגעבן אַזאַ שרעקלעכן שמייכל מיט אַזעלכע אומבאַקאַנטע ליפּן און צוגעמאַכט די אויגן. זי האָט אים געבראַכט וואַסער אָבער זיין מויל איז געווען פאַרהאַקט און די אויגן האָבן פאַרלאָרן זייער אויסדרוק. אומזיסט האָט זי אים געריבן מיט וויין, מיט קאַלט וואַסער. זי האָט פאַרשטאַנען אַז זי מוז רופן הילף, שרייען נאָך הילף, טעלעפאָנירן נאָך הילף. דאָס האָט זי ניט געקאָנט טאָן, ניט געוועזן בכח צו טאָן. צו לאַנג האָט זי געטראָגן איינגעשלאָסן אין זיך זייער וואונדערלעכן סוד, אַ סוד אפילו פון איר נאָענטסטער פריינדין, זי זאָל קאָנען אַרויסברענגען אויף דער ליכט אַלץ מיט איין מאָל. ווער רעדט נאָך איצט, אין אַזאַ סיטואַציע, דאָס וואָלט דאָך געווען אַ שרעקלעכע פאַרלוימדונג פון זייערע הייליקסטע געפילן. האָט זי גענומען כאַפּן אויף זיך אירע זאַכן שנעל, שנעל און, ניט אַראָפּנעמענדיג אירע אויגן פון אים האָט זי גערעדט צו אים, געבעטן, דערקלערט כאָטש זי האָט אַליין ניט געגלויבט אַז ער הערט, אָדער פאַרשטייט איר.

— אָט באַלד, אָט באַלד, מיין ליבסטער, דו זעסט, דו ווייסט, מען טאָר מיך דאָ ניט זען אַזוי . . . כ׳וועל רופן הילף פון דרויסן . . . אַלץ איז איר געפאַלן פון די הענט, טרערן האָבן זיך געגאָסן פון די אויגן.

ענדלעך איז זי געשטאַנען אין איר הוט און מאַנטל. נאָך אַן אויגנבליק פון וואַקלונג איז זי צוגעפאַלן צו אים, אַ קוש טאָן זיין קאַלטע האַנט. לויפנדיק צו דער טיר האָט איר האַסטיגער בליק זיך

אָנגעטראָפֿן אויף איר בילד אויף אַ ביכער־שראַנק, האָט זי עס אַ כאַפּ געטאָן מיט זיך.ביים שוועל פון טיר האָט זי קאָנוואולסיוו אויפגע־ציטערט פון קאָפּ ביז די שפּיץ פּיס: „איך פאַרלאָז אים איצט, איצט... מיין בילד אויך, מיין בילד אויך.. וויי, וויי איז מיר"... זי איז געלאָפן אָן אָטעם. אין דער נעקסטער גאַס האָט זי טעלעפאָנירט. דער דאָקטאָר איז ניט געווען אין הויז, האָט זי אָפּגערופן אַן אַנדערן: ער שטאַרבט... ער איז אַליין...

— אַליין? — האָט מען ניט געוואָלט גלויבן.

מיט אירע לעצטע כחות האָט זי ווידערהאָלט: „אַליין, אַליין"...

מען האָט איר צוגעזאָגט צו קומען אויגנבליקלעך. זי איז אַרויס פון טעלעפאָן־בודע, איז אָבער גלייך ווידער אַריין און געגומען אָפּרופן נאָך אַ דאָקטאָר, און אַן אַנדערן. אומעטום איז געווען דער זעלבער ניט־גלויבנדער „אַליין" און איר אַנמעכטיגער ענטפער: „אַליין, אַליין"...

דערנאָך האָט זי זיך געלאָזט צו זיך אַהיים. די אונטערשטע צימערן זיינען געווען העל באַלויכטן ווי געוויינלעך אין דער צייט. „ווי ליכטיק, ווי ליכטיק... אַ ליכטיגע חתונה!" — האָט זי צו זיך געזאָגט לויפנדיג איבער די שטיגן און איז אַריין אומבאַמערקט אין הויז און גלייך צו זיך אין צימער. זי איז געלעגן אַ צייט ווי אָן אַ געדאַנק און געציטערט מיטן גאַנצן לייב. שפּעטער האָט זי זיך אויפגעהויבן, איבערגעטאָן זיך און שטיל אַרויס אין דער טונקעלער גאַס. זי איז אַריין אין אַ טעלעפאָן־בודע און אָפּגערופן זיין נומער, דעם אומפאַר־געסלעכן ליבן נומער זיינעם. אַ פרעמדע שטימע האָט געוואָלט וויסן ווער זי איז און זי האָט געגעבן אַ פרעמדן נאָמען און אַ פרעמדן אַדרעס. זי האָט געוואוסט וואָס זי וועט הערן. אַרויסגייענדיק האָט זי זיך געפרעגט צי האָט ער געפילט און פאַרשטאַנען איר פאַרלאָזן אים, אָדער ער איז שוין געווען דעמאָלט טויט. „אַלץ איינס, אַלץ איינס", — האָט זי זיך געענטפערט. זי האָט געטראַכט פון זיין לעצטן שמייכל צו איר פון אומבאַקאַנטע ליפּן: „ער האָט מיך געוואָלט באַרואיקן, אָרעמער ליבער", — און זי האָט אויפגעשווידערט. „אַלץ איינס". און דאָך איז זי אַוועק אין זיין גאַס אַריין. שפּרייזנדיג דאָרט הין און צוריק האָט זי געפילט ווי אַ נייער סוד דרינגט קאַלט און שווידערלעך אין איר אַריין. דער שרעקלעכער סוד פון זייערע לעצטע מינוטן צוזאַמען. דעם סוד וואָס זי אַליין נאָר וועט שוין אייביג טראָגן מיט זיך...

# דער קליינער יודעלע

אויף אַ געוויסער באַנק אין אַ געוויסן פּאַרק אין ניו־יאָרק האָט זיך קיין רעדע־שטאָף קיינמאָל ניט אויסגענומען. האָט מען ניט גערעדט פון איין זאַך האָט מען באַהאַנדלט עפּעס אַנדערש. פּאָליטיק — דוקא ניט, נאָר אַזוי טאָג־טעגלעכע געשעענישן. האָט זיך ביי איינעם עפּעס פּאַרלאָפן אָדער ער האָט געהערט פון עפּעס אינטערעסאַנטעס, האָט ער עס שוין געבראַכט מיט זיך צו דער באַנק. דאָרט פלעגט זיך שוין געפינען אַזעלכער וועמען די נייע געשיכטע האָט דערמאָנט אָן אַן אַלטער ענלעכער פּאַסירונג, ווייל די וואָס פלעגן זיך כסדר טרעפן ביי דער באַנק זיינען מערסטנס געווען עלטערע מענטשן, האָט מען שוין די געשעעניש באַטראַכט און באַשפּראָכן פון יעדער זייט. ווען קיין נייעס איז ניט געווען, איז מען אויך ניט געזעסן און געשוויגן ווי אבלים ר״ל; פלעגט זיך איינער דערמאָנען פלוצלינג אָן אַ נאַרישן שריט וואָס אַן אַנדערער פון דער גרופּע האָט באַגאַנגען אפשר מיט לאַנגע יאָרן צוריק, דערציילן אָדער איבערדערציילן עס דעם עולם, ניט אָן היפּשע גוזמאות; אונטערוויינקען שטיפעריש מיט די אויגן צו דעם, צו יענעם, וועלכע האָבן עס שוין געהעריג אונטערגעכאַפּט און מיטגעהאָלפן. האָט מען געלאַכט און געלאַכט אויפן חשבון פון דעם פאַרשוין, וואָס האָט זיך ניט געקאָנט רעכט באַשיצן איינער אַנטקעגן אַ גאַנצן עולם. עס איז געווען אַ זאָרגלאָזע חברה: פּאַרמעגלעכע מענטשן, צוריקגעצויגן פון ביזנעס, אָדער אַזעלכע וואָס זייערע קינדער האָבן זיי באַזאָרגט, האָט מען ליב געהאַט צו שפּאַסן און טאַקע אָפט געשפּאַסט.

דאָסמאָל איז מען געזעסן און כלומרשט שפּעקולירט איבער דעם, וואָס אשר רובין, וועלכער איז געוויינלעך געווען פון די ערשטע אַרום דער באַנק, זעט זיך נאָך אַלץ ניט. דעם פאַריקן טאָג האָט רובין געבראַכט די נייעס אַז דער קליינער יודעלע איז אַנטלאָפן פון זיין היים און מען ווייס ניט וואוהין. רובין אָבער האָט זיך אַזוי פיל גענומען צום האַרצן, וואָס ער האָט ניט געקאָנט פולשטענדיק איבער־

ציגן פּנחס גריג׳ען, אַז ער האָט קיין חלק ניט געהאַט אין דעם, אַז דער עולם האָט פאַרגעסן אַן קליינעם יודעלען, און געטריבן שפּאַס פון רובינ׳ס נאַאיווער ערגערניש. יודעלע איז עס אַנטלאָפן פון פּנחס גריג׳ס רייך הויז, און רובין האָט ווירקלעך פון קיין זאַך ניט געוואוסט. ניט ער האָט געוואוסט, אַז יודעלע אַנטלויפט, ניט ווער עס האָט אים מיטן נויטיגן געלט אַרויסגעהאָלפן. איז מען געזעסן איצט און געמאַכט פאַרשידענע לוסטיגע סברות וואָס אַזעלכעס האָט געקענט רוביג׳ען פאַרהאַלטן; אפשר איז ער אַ גאַנצע נאַכט פון ערגערניש ניט געשלאָפן? אפשר שטייט ער גאָר איצט פאַר פּנחס׳ן מיט פרישע באַווייזן פון זיין אומשולד? און אָט טאַקי אין מיטן פון די סברות האָט מען דערזען אשר רוביג׳ען אָנקומען מיט שנעלע טריט צו דער באַנק. עס איז געווען אַן אויפגעלייגטער רובין. האָט מען זיך גלייך אָנגעשטויסן אַז אַלץ איז רעכט געוואָרן.

— געפונען דעם סוחר, אמת? — האָט מען געפרעגט פון דאָ און פון דאָרט.

— געפונען? דערווייל נאָך ניט, — האָט רובין געענטפערט, — מען וועט אים געפינען. איר קאָנט זיך פאַרלאָזן אויף פּנחס׳ן, ער האָט שוין די ריכטיקע פאַרשוינען צו העלפן אים געפינען דעם סוחר... מען ווייס שוין פון וואַנען יודעלע האָט געהאַט דאָס געלט. דאָס איז זיין אייגן אָפּגעשפּאָרט טאַשנגעלט. ער קריגט פון פּנחס׳ן וועכנטלעך טאַשנגעלט... אבי איך בין איצט ריין פון אַלע חשדים... וואָס לאַכט איר? — האָט רובן געזאָגט, ווען ער האָט געזען ווי דער עולם קוקט זיך איבער ביי זיין לעצטער באַמערקונג. — אבי איך בין ריין. מעג איך זאָגן נאָך אַמאָל, ווער וויל עס זיין פאַרמישט אין אַזעלכעס? וואָס קאָן מען ווייסן ווי אַזוי אַזאַ זאַך קאָן זיך אויסלאָזן?

— מען האָט אים אפשר גאָר געקידנעפּט? — איז געקומען פון איינעם.

— אַז מען זאָגט אייך אַז יודעלע האָט איבערגעלאָזן אַ צעטעלע געשריבן מיט זיין אייגענער האַנט, טאָ ווי פּאַסט זיך דאָ קידנעפּן? אַ סברה אַז דער קליינער יודעלע איז איצט אין שיקאַגאָ...

— האָט איר ביי מיר אַן עולה... איך האָב דאָס צעטעלע ניט געזען.

— אָבער פאַרוואָס זאָל ער האָבן אַנטלאָפן? וואָלט איך וועלן ווייסן.

געפרעגט די פראַגע האָט אַזעלכער וואָס מען האָט געוואוסט אַז ער האָט ליב צו פרעגן דאָס וואָס ער ווייס גוט אַליין. ער האָט שוין געהערט דעם פאַריקן טאָג פאַרוואָס דער קליינער יודעלע איז אַנטלאָפן פון זיין היים, האָט ער טאַקע ניט געוואַרט און זיך אַליין אויפן אָרט

געענטפערט: „ער האָט ניט געוואָלט, הייסט עס, לערנען, יודעלע, האָט ער פאַרלאָזן אַזאַ הויז מיט אַזאַ עשירות...

— פּנחס גרין איז ניט אַזאַ גוואַלדיגער עושר, — האָט אים איבערגעשלאָגן דער אַלטער הערץ, אַליין אַ זייער רייכער מאַן, דער רייכסטער פון דער גרופּע.

— אויף מיר געזאָגט געוואָרן כאָטש אַ העלפט, אַ פערטל, אַ...

— האָט רובין געפּרואווט זיך אָננעמען פאַר פּנחס'ן, נאָר הערץ האָט אים ניט געלאָזן דערענדיגן:

— פון דיר רעדט מען ניט... דו ביזט דאָך אַ קבצן...

דער גאַנצער עולם האָט זיך לוסטיק צעלאַכט, די פּאָר אָרימערע נאָך אפשר פיל האַרציגער. אשר רובין אַליין האָט זיך ניט געפונען באַליידיגט און מיטגעלאַכט מיט די אַנדערע.

— אָבער ווייסט איר, רבותי, — האָט רובין ווידער אָנגעהויבן, — וואָס פּנחס גרין האָט מיר אָנגעטרויט? פּנחס האָט געהאַט אַ כלה פאַר יודעלען, אַ שיינע כלה אויך...

— אַ כלה? ווער איז די כלה? — דער וואָס האָט געפרעגט איז פונקט געווען אַן עלטערער מאַן, וואָס איז אַ זעקס וואָכן צוריק געוואָרן אַן אלמן. מער האָט דער עולם ניט באַדאַרפט. ווער רעדט נאָך ווען הערץ האָט זיך דאָ אַריינגעמישט מיט זיין קאַלטער באַמערקונג:

— דער מאַן וויל וויסן ווער די כלה איז, איר הערט?

אשר רובין האָט ניט דערלאָזן אַז דאָס געלעכטער זאָל אים אָפּשלאָגן פון זיין ענין, האָט ער פאָרטגעזעצט:

— פּנחס האָט פאַרלאַנגט פון יודעלען נאָר איינס און ניט מער ווי דאָס. ער וויל אַז יודעלע זאָל זיך רואיג אָפּגעבן צום לערנען, זאָל זיין כאָטש איין וואויל־לערנער אין דער משפחה...

— הייסט עס ווידער אַמאָל אַז דער סוחר האָט ניט געוואָלט לערנען.

— דאָס זאָלט איר ניט זאָגן, — האָט רובין איינגעווענדט, — דאָס ניט. עס הייסט גאָר פּראָסט, אַז יודעלען האָט פאַרשמעקט ביזנעס. ער האָט זיך אָנגעהערט אַ טויזנט און איין נאַכט פון אַמעריקאַנער ביזנעס, אַ כח־הדמיון האָט ער, וויל ער ביזנעס. קיין גרעסערס ווי ביזנעס איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ... ס'איז אַ ים, אַ ים... לאַכט ניט, איך גיב אייך איבער זיינע ווערטער.

— און אַז מען וויל ביזנעס דאַרף מען אַנטלויפן פון ניו־יאָרק? וואָס איז דער מער מיט אונזער שטעטעלע דאָ?

— אַ האַרבע שאלה אייערע, — האָט רובין געזאָגט, — וואָס דענקט איר, פּנחס וועט זיך לאָזן פאַרשווארצן זיין פּנים פון אים?

— וואָס עפּעס פאַרשוואַרצן דעם פּנים ?

— אוודאי פאַרשוואַרצן... וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט. צו וואָסער ביזנעס, למשל, האָט זיך יודעלע געקענט נעמען דאָ ? קיין געלט האָט ער ניט — אויף ביזנעס וועט אים פּנחס קיין פּרוטה ניט געבן, און לאַנד איז ער סך הכל ניט פיל איבער אַ יאָר, די שפּראַך קען ער ניט...

—ווי אַזוי וועט אים דאָ העלפן שיקאַגאָ, זאָגט מיר ?

— שיקאַגאָ איז עפּעס אַנדערש. אין שיקאַגאָ וועט ער פּעדלען מיט פּייפּערס, מעטשעס, כ׳ווייס וואָס... אפילו מיט זאָקן-בענדלעך, אויב איר ווילט. ביי אים איז אַלץ רעכט, האָט ער מיטאַמאָל געזאָגט, אפשר מיט אַ האַלב יאָר צוריק. ער האָט מיר אַמאָל געוויזן אַן אַרטיקל אין „מאָרגן זשורנאַל", וואו עס ווערט באַוויזן ווי אַזוי אונזערע גרעסטע מיליאָנערן האָבן אָנגעהויבן מיט פּעדלען אין די גאַסן מיט פּייפּערס, מעטשעס...

— ער האָט מיר אויסגעוויזן צו זיין אַ זשוואַרער יונג, דער יודעלע, — האָט זיך אַן אַנדערער אַריינגעמישט אין געשפּרעך, — קליין־געוואוקסיג אָבער ספּריטנע... ווי אַלט דענקט איר איז ער, יודעלע ?

— ווי אַלט ער איז ? לאָמיר זען... ער מוז שוין זיין אין די שפּעטע זעכציגער...

— אין די שפּעטע זעכציגער, זאָגט איר ? איך האָב מיר אויך משער געווען אַזוי. אַ ספּריטנער אידל איז ער, דאָס מוז מען צוגעבן, געשיקט אויף די פיס, זשוואַווע... וואָס האָט ער געטאָן אין יוראָפּ ? ס׳איז טשיקאַווע...

— אַ מלמד געווען, אַ מלמד אין יוראָפּ...

— אַ מלמד ! — האָט אויסגעשריען איינער, וואָס האָט ביז אַהער קיין אַקטיוון אָנטייל אין געשפּרעך ניט גענומען, האָט זיך נאָר צוגעהערט.

— אויב אַ מלמד שיקט זיך שוין... איך האָב ניט געהאַט בדעה צו מאַכן שפּאַס דאָ, איך האָב נאָר געוואָלט דערציילן עפּעס ענלעכעס, וואָס איך האָב געהערט אַמאָל וועגן אַ מלמד. — נאָר אַן אַנדערער האָט אים איבערגעשלאָגן:

— זאָגט מיר נאָר, — האָט ער זיך געווענדט צו רובינ׳ען, — איך בעט אייך, ווי אַזוי קומט עס צו אַ טאַטן ווי יודעלע וואָס איז אַ שטיקל למדן, פאַרשטייט איך, און איז נאָך דערצו אַ מלמד אויך געווען, ווי אַזוי קומט עס, פרעג איך, צו אַזאַ טאַטן אַ זון אַן עם־הארץ ווי פּנחס איז ?

— וואָס דענקט איר, מיין פריינט, אַז אונזער יודעלע האָט קנאַפּ אַריינגעקאַטעוועט זיין פּנחסן דאָרט אין דער אַלטער היים? אוי, האָט ער אים געקאַטעוועט... עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. האָט ער אים געקאַטעוועט און געקאַטעוועט אַזוי לאַנג ביז וואַנען פּנחס איז אַנטלאָפן פון אים, אַנטלאָפן אַזש אין אַמעריקע...

— האָט אויך ניט געוואָלט לערנען, פּנחס — האָט געזאָגט דער אַלטער הערץ, — געראָטן אין זיין טאַטן, אין יודעלען...

דער גאַנצער עולם האָט ווי איין מענטש אויסגעשאָסן אין איין הילכיגן געלעכטער. וואָס ס'האָט אַרויסגערופן די לוסטיגקייט איז געווען אפשר ניט אַזוי פיל די קאָמישע ענלעכקייט צווישן פאָטער און זון, וואָס דער אַלטער הערץ האָט דאָ אַזוי בולט אַרויסגעבראַכט, נאָר דער טאָן און די אַרט מיט וועלכע ער האָט עס דורכגעפירט: די געמאַכטע קאַלטע ערנסטקייט — דער אַלטער האָט אפילו מיט אַן אויג ניט אָ פינטל געטאָן, די פּיפּקע פון מויל ניט אַרויסגעלאָזן. האָט מען זיך געקייכט פון געלעכטער, אַנדערע אַזש ביז לוסטיגע טרערן...

# דער ערשטער גאַסט

אין עסצימער איז געזעסן איין איינציגער מאַן און געגעסן. פון זיין פּלאַץ — דער אויבנאָן פון אַ לאַנגן טיש — האָט ער געקאָנט זען אַ חוץ די גאַנצע לענג פון זיין אייגענעם טיש, נאָך אַ לאַנגן טיש לענגסט דער וואַנט אַנטקעגן, און עטלעכע קליינע טישלעך דאָ און דאָרט. טישן און טישלעך זיינען געווען געדעקט מיט שפּאָגל־נייע בלאַנקע טישטוכער, סאַרוועטן, און מיט ביי געפעס און זילבער. דער צימער איז אויך געווען פריש געמאָלט, ס'איז קענטיק געווען אַז אַט דער פּלאַץ איז ביי־געעפנט, אָדער פריש באַנייט. אין יעדן פון די צוויי פענסטער איז געווען אַ קליין ווייס גלעזערן שילדל: „מרס. דאַנציג, פּריוואַטע מאָלצייטן".

דער עסער איז געווען אַ מאַן אין די מיטעלע דרייסיגער מיט אַ געזיכט בלוט און מילך, ווייט ניט איבערגעשפּיצט, פּאַרקערט שיער ניט צו אומשולדיג פאַר זיינע יאָרן. ער האָט זיך ווייניג וואָס אומגעקוקט אויפן אַרומיגן, כאָטש ס'ערשטע מאָל אין הויז. זיין אויג אָבער האָט זיך אָפּט אָנגעטראָפן אויף אַ וואַזע מיט שיינע, פרישע בלומען אין מיטן פון זיין טיש, אָבער נאָר דערפאַר ווייל ס'איז פונקט געשטאַנען פאַר זיינע אויגן. יעדעס מאָל וואָס ער האָט אַרויפגעקוקט פון זיין טעלער אויף אַ ווײַלע, אַרויפגעקוקט און געקייט, האָבן זיך זיינע בליקן אָנגעשלאָגן אָן דער וואַזע. וואָלט דאָרט עפּעס אַנדערש געשטאַנען, וואָלט אים אויך ניט אויסגעמאַכט. ער האָט ליב געהאַט אַז זיין אויג זאָל רוען אויף עפּעס בשעת ער קייט.

ער האָט געהאַלטן אין רעכטן מיטן, ביים „הונגאַריאַן גולאַש" און געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. אַריין איז ער אין הויז דווקא ניט קיין הונגעריגער. ער האָט דערזען דאָס שילדל אין פענסטער און דערמאָנט זיך אַז היינט וועט ער ניט קאָנען עסן אין זיין געוויינלעכער צייט — איז ער אַריין. און אַז מען טרעפט אָן אויף אַ געהעריגן ביסן שאַדט ניט אויב עס איז אַ שעה פאַר דער צייט.

דער ריכטיגער אַפּעטיט האָט זיך ביי דעם מאַן צעשפּילט ביים גולאַש, נאָך דער פאָרגעריכט און די זופּ. די זופּ איבערהויפּט, האָבן

אויך איבערגעלאָזן אַ שיינעם טעם... אַט טאַקע אין אַזעלכע מאָמענטן ווען דער געניוס פון גולאַש איז געווען אַמשטאַרקסטן, האָט דער מאַן דערמאָנט צום גוטן דאָס פאַריגע, די זופּ, און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: קיינע תרעומות האָב איך ניט.

געגעסן דעם גולאַש האָט ער מעטאָדיש, ניט געכאַפּט, ניט געיאָגט; צעשניטן די קליינע שטיקלעך אויף נאָך קלענערע. ער האָט זיך געוואונדערט ווי פיין דער ברויט פון הויז פּאַרט זיך מיטן גולאַש אַזוי ווי איינס וואָלט געמאַכט געוואָרן פאַרן צווייטן. ער האָט שוין לאַנג דעם סאָרט ברויט ניט געגעסן, פאַרגעסן אַז עס גיט אַזעלכעס. די אייגנאַרטיגע זויערקייט פון ברויט האָט מאָדנע פאַרשאַרפט דעם רייכן געשמאַק פון פלייש. נאָר דער מאַן האָט אויך געלאָזן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף די גרינסן, וואָס ער האָט אויך פאַרזוכט צווישן די געשמאַקע מאכלים.

גאַנץ אַליין איז דער מאַן ניט געווען. מרס. דאַנציג האָט, אומ־באַמערקט פאַר אים, אָפּט פאַרקוקט צו אים פון הינטערשטן צימער. זי האָט זיך ניט געוואָלט ווייזן איידער ס'איז נייטיק. אַנדערע מענטשן פאַרטראָגן ניט אַז מען שטייט זיי איבערן קאָפּ ווען זיי עסן. זי איז געווען פון גאַנצן האַרצן דאַנקבאַר דעם פרעמדן מאַן וואָס ער עסט ב״ה אַלץ און עסט מיט קענטיקער גרויסער הנאה אויך. האָט זי געקוקט און געקוואָלן ווי אַ מאַמע וואָס זעט די ערשטע סימנים פון גוטן אַפּעטיט ביי אַן איינציג קינד נאָך אַ שווערער קראַנקהייט. זי האָט נאָר געוואָרט אַז דער מאַן זאָל זיך נעמען צום שיסעלע קאָמפּאָט וואָס איז געשטאַנען פאַר אים. דער מאַן האָט אָפּט געכאַפּט אַ בליק אין יענעם שיסעלע אַריין. ער האָט דערשפּירט אַז דאָס וועט זיך גוט אַריינפּאַסן מיטן רעשטן. ער האָט שוין שיר ניט געהאַט אָנגענומען אַ ביסל דערפון אויפן שפּיץ מעסער צו פאַרזוכן דעם טעם פון דעם, האָט זיך אָבער אָפּגעהאַלטן: „אַלץ אין צייט, ניט פאַרכאַפּן פאָראויס״, — האָט ער געטראַכט. ענדלעך איז די פרוי אַריין מיטן טיי און קוכן און מיט אַ ברייטן דאַנקבאַרן שמייכל אויף איר בלאַסלעך געזיכט.

— אַ ביסל צו שטיל דאָ ביי אייך, — האָט דער מאַן געזאָגט, אַנדייטנדיג אויפן לערן צימער.

די פרוי האָט זיך געפונען אַ ביסל שולדיג.

— דער פלאַץ האָט זיך נאָר וואָס געעפנט, — האָט זי דערקלערט. היינט איז דער ערשטער טאָג. איר זייט מיין ערשטער גאַסט...

דאָס לעצטע האָט זי געזאָגט מיטן שמייכל מיט וועלכן מען איבער־ראַשט איינעם מיט אַ שיינער מתנה. מרס. דאַנציג האָט אויפן אָרט

איינגעזעזן, אַז איר ערשטער גאַסט האָט ניט אויסגעזען צו זיין איינער פון די וואָס זיינען להוט צו זיין די ערשטע, קיין אונטערשייד ניט ביי וואָס. מער ווי אַ בליק האָט זי פון אים ניט אַרויסגעקראָגן, כאָטש ער האָט גוט געהערט וואָס זי האָט אים געזאָגט. איינס אָבער איז געווען קלאָר — דער גאַסט האָט זיך געפילט אויפגעלייגט. וואָלט די פרוי ניט געשטאַנען פאַר אים, וואָלט ער זיך פרייער געמאַכט אַרום גאָרטל. דער־ווייל האָט ער אָפּגעשניטן אַ ביסן פון קוכן, צוגערוקט צו זיך דאָס גלאָז טיי, אַ זופּ געטאָן און אויך אַריינגעהויכט אין זיך דעם ריח. ער האָט ליב געהאַט דעם ריח פון גוטן טיי.

— אַ שטילער בלאָק אייערער, — האָט ער געזאָגט, צוריק אָנלע־נענדיג זיך אין זיין שטול.

— איר גלויבט אַזוי ?

— ס'איז אַזוי, — האָט ער אָפּגע'פסק'נט, — איר זעט דען ניט ?

— די עוועניו איז בלויז אַ האַלבער בלאָק פון מיר.

— אַ האַלבער בלאָק פון דער עוועניו איז נאָך ניט אויף דער עוועניו.

— מיין שילד זעט זיך דייטלעך פון דער עוועניו... מיין שוואָגער האָט מיר געמאַכט זייער אַ שיינע שילד. מיין שוואָגער אַרבעט פאַר די גרעסטע הייזער. זעט זיך גוט אָן, — האָט זיך די פרוי באַרימט.

— איר זייט מסתמא איינע אַליין דאָ ?

— ניט אַליין... איך און מיין יונגע טאָכטער, אויך אַן אלמנה...

— האָט זי געזאָגט מיט אַ פּאַטעטישן שמייכל.

— איר זייט אויך אַן אלמנה ?

— יאָ, אַן אלמנה... מיר וועלן אַריינגעמען אַ מיידל אַזוי גיך ווי עס וועט ווערן ביזי ביי אונז.

— צוויי איז גענוג, פּלענטי, — האָט דער גאַסט באַרואיגט די פרוי, — איר וועט ניט דאַרפן קיין מיידל. — זיין טאָן איז געווען זיכער.

— פאַרוואָס מיינט איר אַזוי ?

דער גאַסט האָט אַ שמייכל געטאָן :

— וואָס, איר ריכט זיך דען אויף אַ „ראַש” דאָ ? צוויי — פּלענטי !

— עס ווענדט זיך ווי אונזער מזל וועט אויסטראָגן, — האָט מרס. זאַנציג געזאָגט. — ווי אונזער מזל וועט אויסטראָגן, — האָט זי איבער־גע'חזר'ט מיט אַן אויסוואַרטנדיגן בליק אויפן גאַסט.

מיט דעם האָט דער גאַסט גראָד איינגעשטימט מיט דער פרוי. מזל האָט פיל, פיל צו זאָגן אין אַלע אָנגעלעגנהייטן, האָט ער געהאַלטן. מזל איז אַלץ, אַלץ. ער האָט געזען ווי דער פרוי'ס בלאַס און פאַרזאָרגט פּנים שיינט ממש אויף פאַר זיינע אויגן. אויך זי האָט עפּעס געהאַט

צו זאָגן איבערן זעלבן קעגנשטאַנד, נאָר דער מאַן האָט איר אָפּגעהאַלטן מיט אַ מאַך פון זיין האַנט: ער האָט נאָך ניט געהאַט אויסגעדריקט זיין פולע מיינונג. צוערשט אָבער האָט ער אַ זופּ געטאָן פון זיין נאָך האַלב פולער גלאָז.

— מזל איז אַלץ, יאָ, אָבער, מיין ליבע פרוי, מיט מזל דאַרף מען געבאָרן ווערן, איר הערט? געבאָרן ווערן... מזל קומט ניט אַזוי פלוצלינג ... אַ מזל וואָס קומט אַמאָל פלוצלינג אַראָפּ דויערט ניט... ס'איז ניט מיין אייגענער געדאַנק אויך, מעגט איר וויסן...

אָנשטאָט אַן ענטפער האָט מרס. דאַנציג גענומען געניי באַטראַכטן דעם מענטשן. וואָס זי האָט געזען איז געווען דאָס, וואָס יעדער אַנדערער וואָלט אויף אים געפונען: אַ רונד, אָפּגעפּאַשעט געזיכט, בלוט און מילך, ווייט, זייער ווייט פון איבערגעשפּיצט, און טאַקע הוילע אומשולד, שיער ניט הילפלאָזע אומשולד... פון קיין גאַל אַפילו קיין טראָפּן ניט, קיין פּינטעלע. — איז זי געבליבן שווייגן. דער גאַסט האָט אָבער באַלד איבערגעריסן אירע געדאַנקען.

— זאָגט מיר נאָר, זייט איר אונגאַריש?

מרס. דאַנציג האָט אַ שמייכל געטאָן. זי האָט פאַרשטאַנען אַז דער גולאַש מאַכט אים דענקען אַז זי איז אונגאַריש.

— ניין, אונגאַריש בין איך ניט, — האָט זי געענטפערט, — נאָר גולאַש, זעט איר, מאַך איך אויפן אונגאַרישן שטייגער. דער אונגאַרישער שטייגער, גלויב איך, איז דער בעסטער.

— ס'איז אַזוי, ס'איז אַזוי, — האָט ער איינגעשטימט. אַ רגע האָט ער זיך פאַרטראַכט און דאַן פול אויפגעשמייכלט ווי איינער וואָס דערמאָנט זיך אָן עפּעס וואָס איז העכסט אָנגענעם. — האָט ער געזאָגט:

— האָב איך אַמאָל געגעסן אַ גולאַש, איז דאָס געווען איינמאָל אַ גולאַש! — ער האָט אַ לעק געטאָן זיינע שפּיץ פינגער. — די פרוי דאָרט האָט מיר דערשנאַפּט דאָס ריכטיגע שטיקל פלייש, דאָס ריכטיגע, זאַפטיגע שטיקל פלייש, איז די ערשטע זאַך. נאָר וואָס עפּעס דאָס פלייש? יעדעס איינציג פּיצל האָט אַרויסגעשמעקט פון טעלער אַרויס... ווי זאָגן איך? ...

מר. דאַנציג האָט גאָרניט געזוכט צו באַהאַלטן איר פרייד און שטאָלץ הערנדיג ווי איר ערשטער גאַסט צעגייט זיך אין לויב פון גולאַש וואָס ער האָט כלומרשט „אַמאָל" געגעסן. ער ווייס אפשר ניט אַז זי האָט אים איצט געזען עסן איר גולאַש... דער מאַן האָט געוועדעט מיטן זאַפט פון איר גולאַש נאָך פריש אין זיין מויל. — האָט זי געזאָגט מיט אַ קלוגן וואונק:

— אַמאָל ? האַ ? אַמאָל ? — זי האָט אַ שמייכל געטאָן.

אָבער אַזוי ווי יענער האָט איר אָנגעקוקט ערנסט און זיין געזיכט האָט אויך ניט אויסגעזען צו זיין צופיל איבערגעשפּיצט, איז איר שוין די זאַך געוואָרן אַ ביסל קשה און זי האָט אים שוין מיט ערנסט געפרעגט :

— וואו האָט איר עס געגעסן יענעם גולאַש ?

— יאָ, שוין אַ מעשה פון אַ פינף יאָר צוריק, — האָט ער ערנסט געענטפערט, — אין בראָנזוויל איז עס געווען, איך בין ניט קיין בראָנז־ווילער, פּונקט געווען דאָרט יענעם טאָג... אויך אַ פרוי ווי איר...

— אין בראָנזוויל גאָר ?

— מיינט איר אפשר אַז איך בין ניט געגאַנגען אויפזוכן דעם פּלאַץ אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער ווען איך בין געווען אין יענעם געגנט ?

— נו ? און דאָס צווייטע מאָל איז דער גולאַש אויך געווען אַזוי גוט ווי צום ערשטן מאָל ? — מרס. דאַנציג האָט דערוואַרט צו הערן אַז ניט אַזוי גוט.

— דאָס צווייטע מאָל, דאָס צווייטע מאָל, איז שוין געווען אויס גולאַש, אויס פּלאַץ, אויס ביזנעס... יענע האָט זיך אויפגעהאַלטן קוים דריי מאָנאַטן און אויס, געפּלאַצט... אויך אַזאַ פרוי ווי איר...

— ניט אויף אונז געדאַכט, — האָט די פרוי געזאָגט אמת באַזאָרגט.

דער גאַסט האָט זיך אויפגעהויבן און באַצאָלט. אַרויס איז ער מיט קוים אַ שאָקל מיטן קאָפּ. ער איז אָבער אַריין גלייך צוריק און געבליבן שטיין מיט אַ ברייטן פריינדלעכן שמייכל אין דער אָפענער טיר :

— איר ווייסט וואָס איך האָב פאַרגעסן ?

מרס. דאַנציג'ס האַרץ האָט איר געזאָגט אַז ער וועט צוריקקומען. איצט האָט זי ערווידערט זיין שמייכל און געפרעגט ווי איינע וואָס ווייס ניט :

— טאַקע, טאַקע, וואָס האָט איר פאַרגעסן ?

דער גאַסט האָט מיטן פינגער געטייטלט צום ווינקל וואו עס איז געשטאַנען זיין שירעם. דעם שירעם האָט די פרוי גאָרניט באַמערקט.

# אַ זויבער הויז

לואי, אַ פעסטער און שיינער יונגער מאַן פון 18, וואָס האָט אויסגעזען וויינציגסטענס אַ פינף—זעקס יאָר עלטער, איז אין אַ מילדן און זוניקן ווינטער מאָרגן, געגאַנגען און געקוקט אין אַ ליסטע פון „צימערן צו פאַרדינגען". צוויי וואוינונגען האָט ער שוין געהאַט באַקוקט און געפונען אַז זיי זיינען ניט צופרידנשטעלנד, גאָר ניט ווי דער סאָרט צימער וואָס זיין מוטער האָט אים געהייסן נעמען פאַר זיך. איצט האָט ער געזוכט דעם הויז־נומער פון דריטן צימער אויף דער ליסטע. עס איז געווען לואי'ס אַכטער טאָג אין דער גרויסער שטאָט וואוהין ער איז געקומען פון אַ פאַרם אָפּסטייט וואו ער איז געבאָרן געוואָרן און פאַרבראַכט זיין גאַנץ לעבן, דער איינציגער פון אַ היבשע צאָל ברידער און שוועסטער וואָס האָט געגאַרט צו אַרבעטן און שטודירן אין שטאָט און געוואוסט אַז דערמיט ערפילט ער אויך דעם טיפן וואונש פון זיין ליבער מוטער. קומענדיג אין דער גרויסער שטאָט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי קרובים, עס איז אָבער ניט געווען דאָס הויז פאַר אים.

געעפנט די טיר האָט אַ נעטע, פּינקטלעכע פרוי פון אַרום 60 אַנגעטאָן אין אַ שיין קאָלירט פאַרטוכל, וואָס האָט זיך אַזוי געפּאַסט צו איר יונג־מיידעלשער פיגור, ווי דאָס קלייד צו איר קאַלטן אָבער העכסט אָנגענעמען געזיכט אונטער אירע זילבער־ווייסע האָר. זי האָט גלייך דערזען די ליסטע אין דער האַנט פון יונגען מאַן און ניט וואַרטענדיג ער זאָל איר פרעגן, האָט זי געזאָגט:

— איר זייט געקומען וועגן אַ צימער? קומט אַריין.

איין בליק אויפן פאַרצימער און לואי איז געוואָרן איבערצייגט אַז ער האָט געפונען וואָס ער האָט געזוכט: די זויבערקייט, די אָרדנונג האָבן אַרויסגעשיינט פון יעדן ווינקעלע, פון יעדער זאַך. ווען די פרוי האָט פאַר אים געעפנט די טיר פון „זיין" צימער האָט דער יונגער מאַן זיך ברייט צעשמייכלט. אַ טראַכט געטאָן, אַז זיין מוטער וואָס האָט אַזוי ליב אָרדנונג, געשמאַק און זויבערקייט, וואָלט גאָר אַנגע־

קוואָלן קוקנדיג: דאָס ליכט וואָס האָט אָנגעפילט דעם צימער האָט עס געגעבן דעם עפעקט פון אַ ליכטיג בילד. פון שפּיץ פון אויג האָט לואי געקאָנט זען אַז די פרוי לעזט דעם אויסדרוק פון זיין געזיכט; זי איז געשטאַנען און געשוויגן ווי ס׳גייט איר ניט אָן. „אָט דאָ וועל איך קאָנען האַלטן מיינע ביכער“, — האָט זיך לואי אין געדאַנק געכומען איינאָרדנען „דער טישל — אויסגעצייכנט, אַ קאָמאָד אויך דאָ — גוט“.

— איר פאַרשטייט, — האָט ער זיך ווי אַנטשולדיגט פאַר דער פרוי, — דאָס וויל איך זען ווי אַזוי איך וועל מיך דאָ קאָנען איינאָרדנען. איך וועל דאָ דאַרפן שטודירן...

— איר קאָנט קיין בעסערן אָרט ניט געפינען פאַר שטודירן, איר האָט דאָ פאָלשטענדיגע רו פון אינוועניג ווי פון דרויסן. איר ווילט אפשר זען דעם אַנדערן צימער? יאָ?

דער אַנדערער צימער עטוואָס גרעסער ווי דער ערשטער, איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער; עס איז געווען מער דער צימער פון אַ פרוי, הגם אַזוי שטרענג און איינפאַך. דאָס איינציגע געמיינשאַפטלעכע וואָס ביידע צימערן האָבן געהאַט, איז געווען די וואונדערלעכע אָרדנונג, דער געשמאַק און מער ווי אַלץ די זויבערקייט. אין דעם היגזיכט האָט ער נאָך איבערגעשטיגן דעם ערשטן.

לואי איז געווען געוואוינט צו זויבערקייט. זיין מוטער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ זעלטענע באַלעבאָסטע. ביי זיי אין הויז אָבער, אפשר ווייל זיי זיינען געווען אַ גרויסע פאַמיליע, האָט מען עס כמעט ווי ניט באַמערקט. דאָ אָבער אין דער שטילקייט און רוהיגקייט אינ׳ם הויז האָט יעדער זאַך זיך גלייך געוואָרפן אין די אויגן, פאַרלאַנגט מע זאָל זיך קאָנצענטרירן דערויף. צו דערזעלבער צייט איז אַלץ געווען אַזוי באַשיידן ווי אַ שיינע נאָנע... די פרוי האָט אים געלאָזט אַלץ באַוואונדערן און אַליין איז זי געשטאַנען גלייכגילטיג און קאַלט ווי אַ קאַלטע פריסטערין, פון עפּעס אַ קאַלטן גאָט. איר פאַרטוכל האָט זי שוין געהאַט אַראָפּגענומען און געבליבן אין אַ שוואַרץ איינפאַך קלייד מיט אַ קליין שניי־ווייס קאָלנערל, אַ קלייד וואָס איז געווען ווי אויסגעגאָסן אויף איר גראַציעזער פיגור.

— זייער שיין, — האָט לואי קוים וואָס מען האָט אים געהערט געזאָגט.

— ס׳איז מיין צימער.

— אייער צימער? ס׳דאָ נאָך צימערן?

— אַ קיך, דאָרט. איך וואוין דאָ אַליין. — זי האָט באַמערקט אַז דעם יונגן מאַן ווערט דאָ די גאַנצע זאַך עפּעס קשה. — איך וואוין שוין דאָ איבער צוויי יאָר... איך האָב ליב צו וואוינען אַליין. לואי האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אָבער ניט אויסגעוויזן צו זיין אין גאַנצן איבערצייגט. האָט זי צוגעגעבן:

— כ'בין אַ מוטער פון צוויי טעכטער,ביידע פאַרהייראַטע. זיי וואוינען פאַר זיך, פאַרשטייט זיך. כ'האָב ניט געדענקט אַנדערש...

— זיי האָבן אייך געלאָזן וואוינען איינע אַליין? ניט געבעטן אייך...

— געבעטן? ניין. פאַר יעדן זיין וועלט... איך וואוין דאָ. — איצט האָט זי לאַנגזאַם דורכגעפירט אירע אויגן איבער איר צימער.

—כ'גלויב אין זויבערקייט, — האָט זי ערקלערט שיר ניט מיט מיסטישן ענטוזיאַזם, — די פולע באַדייטונג פון זויבערקייט האָב איך אָנגעהויבן ערשט צו פילן זייט איך בין גאַנץ אַליין פאַר זיך... — לואי האָט אין דער רגע אויך געגלויבט אַז ער זעט אַ זויבערקייט מיט אַ באַדייטונג.

— און איך גלויב אויך, אַז טיפע שטילע רו, קאָן קיינעם ניט שאַדן. שטילע רו אין אַ רואיקן זויבערן ווינקעלע. איך שרעק מיך ניט אָפּ פון זיין אַליין... אַ יונגער מאַן האָט געוואוינט אין יענעם צימער איבער אַ יאָר, אַרויסגעמופּט לעצטע וואָך, ער האָט געהייראַט. מייסטנס אָוונטן איז ער סיי ווי אין הויז ניט געווען, אפשר ביי דער כלה. ווען ער איז יאָ געווען איז ער אויך געווען פאַרנומען, פאַרשטייט איר, ווי איך אַליין דאָ. מען קען שטענדיג געפינען וואָס צו טאָן.

לואי האָט געטראַכט פון זיין מוטער. אַזוי לאַנג ווי ער געדענקט איר האָט ער זי קיינמאָל ניט געזען אַליין, שטענדיג אַרומגערינגלט, שטענדיג אין רעכטן קאָך פון דער גרויסער משפחה.

— איך גלויב אין אַרבעט — האָט די פרוי געזאָגט ווידער מיט ענטוזיאַזם, — אַ באַשעפטיגטער מענטש איז אין דער געזעלשאַפט פון גוטע געדאַנקען. — דאָס האָט זי אַרויסגעזאָגט ווי אַ שטילן סוד.

לואי האָט געפילט אַז דאָס וואָס ער הערט דאָ פון דער פרוי איז אַ מין אני מאמין; דער טאָן און די גאַנצע זאַנדערבאַרע אַט־מאָספערע פון צימער האָבן אים געמאַכט דאָס צו פילן. ער אַליין האָט קיינמאָל ניט געטראַכט צו פאָרמולירן זיינע פרינציפּן און ביי־גונגען. אפשר האָט ער גאָר קיינע באַשטימטע בייגונגען ניט געהאַט. ער האָט געוואוסט אַז איצט האָט ער געוואָלט שטודירן און זיין מו־

טער האָט עס אויך געוואָלט, אָבער ער וואָלט גרייט געווען צו טאָן עפּעס אַנדערש אויך. הערענדיג די פּרוי האָט ער געפילט וואָס אַנ־דערע דערציילן אין אַ מינוט פון חשבון הנפש. די פּרוי איז אים איצט אויסגעקומען פיל אָרעמער אין גייסט ווי ער האָט זיך פאַרגעע־שטעלט פון דער אויסערלעכער ווירדע פון איר אויסזען, אַפילו עטוואָס דינער און בלייכער אין געזיכט. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זי האָט אים אָנגענומען פאַר אַן עלטערן ווי זיינע אמת'ע יאָרן, זי איז געווען ניט די ערשטע צו מאַכן דעם טעות. ער האָט געוואָלט עפּעס זאָגן און ניט געפונען וואָס. ער האָט שוין פריער געהאַט באַמערקט אַ בילד אויף דער וואַנט אַנטקעגן, האָט ער זיך איצט אומגעקערט צום בילד.

— איך קוק אויף דעם בילד ווייל עס דערמאָנט מיך אָן מיין היים: אַזוי זעט מיין היים איצט אויס.

ער איז צוגעטראָטן צום בילד, וואָס האָט פאַרגעשטעלט אַ הויז אויף אַ פאַרם אין אַ ווינטערדיגער אומגעבונג, אָוונט צייט. אַלע אויבערשטע פענסטער שוואַרץ מיט אַ בלאַסן גלאַנץ דאָ און דאָרט, דאַגעגן דער גאַנצער אונטערשטער שטאָק העל מיט אַ וואַרם רויטלעך ליכט מיט אַ ליכטיג פּאַס אונטן פאַרן אַריינגאַנג. רעכטס און אַ שטריקע צוריק פון פראַנט צווישן אויסגעשיטערטע סאָסנעס שטייט אַ שניי־מענטש. אי די שניי־פיגור, אי די בוימער ערטערווייז, אויך דער באָדן אַרום דער פיגור, לייכטן מיט אַ זילבער־קאַלט ליכט. דער צושויער שטויסט זיך אָן אַז דאָס מוז זיין דאָס ליכט פון דער לבנה וואָס זעט זיך ניט אויפן בילד און דאָך לאָזט זיך גלויבן אַז דאָס ריינע קאַלטע ליכט קומט פון דער שניי־פיגור.

אַלץ כמעט ווי ביי אונז דאָרט אויף דער פאַרם, — האָט לואי ערקלערט מיט אַ שמייכל, — אַפילו די שניי־פיגור וואָס די קינדער האָבן געמאַכט. און יאָ, אָט איז אונזער טים! — ער האָט זיך צע־לאַכט אָנווייזנדיג אויף די שוואַרצע פיגור פון אַ מאַן וואָס דערנענ־טערט זיך פון אַ שאָטענדיגן ווינקל אַרויס צו דעם ליכט פון הויז צו. — איך וואָלט שווערן אַז ס'איז אונזער טים, אַן אַרבעטער וואָס וואוינט מיט אונז. ער קומט תמיד דער לעצטער צום סאַפּער אַריין, דאָס גייט ער צום סאַפּער... כאַ, כאַ... ער איז שוין מיט אונז אַן אַכט יאָר, אַ טייערער אַרבעטער, אַן איבערגעגעבענער פריינט, מע האָט אים פאַרגעשלאָגן גרעסערע שכירות און ער האָט אונז ניט געוואָלט פאַרלאָזן. ער איז שוין ניט קיין גאַנץ יונגער, אַז מען וויל זאָגן איז

ער שווין אַן עלטערער. מע זאָגט אַז ער האָט ערגעץ אַ פרוי און קינ־דער, ווער ווייס, ער האָט אונז קיינמאָל קיין זאַך ניט דערציילט.

די פרוי האָט לואי׳ן אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס און מיט־געשמייכלט ביים „שטענדיג שפעט צום־סאַפּער״־טים.

— איר זייט אַ גרויסע פאַמיליע?

— יאָ, יאָ.

— און אַלע צוזאַמען?

— יאָ, אַלע צוזאַמען, זיידע און באָבע אויך.

— מיין מאַן, מיין געוועזענער מאַן, — איך בין געשיידט פון אים, — ער איז אויך אַזוי... — זי האָט באַמערקט אַ ניי־ערוועקטע נייגירונג אין לואי׳ן און פאַרשטאַנען וואָס דער יונגער מאַן מוז דאָרט טראַכטן. — ניין, האָט זי געלאָסן געשמייכלט, ס׳איז ניט אייער טים. אייער טים, הער איך, איז אַזאַ אַרבעטזאַמער. מיינער איז דאָ אין שטאָט, איך ווייס אַז ער איז אין שטאָט. ער איז אַ זעלטענער האַנטווערקער, אַן אַרטיסט אין זיין פאַך. האָט אָבער פיינט רעגעלמע־סיגע אַרבעט.

— ער איז אַ טרינקער? — האָט לואי געוואָלט טרעפן.

— ניין, ער איז ניט קיין טרינקער, ניט קיין טרינקער... דער אומגליקלעכער קאָן ניט איינצוימען זיין אומרואיגן גייסט צו קיין זאַך, צו קיין פערזאָן, אַפילו ניט צו זיין קינסטלערישן פאַך. בלאָנקעט אַרום ווי אַ בלודנע נשמה...

די פרוי האָט באַמערקט אַז דער יונגער מאַן הערט זיך צו מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. אין דער קורצער פויזע האָבן ביידע געפוי־נען זיך נאָכפאָלגן אין זייער געדאַנק יענעם אומרואיגן מאַן. די פרוי האָט זיך אויפגעהויבן און קוקנדיג צום בילד געזאָגט — כ׳וועל אייך זאָגן דעם אמת, איך האָב די פערזאָן אין שאָטן, אייער טים, ביז אַהער ניט געהאָט באַמערקט. ער איז ניט אייער טים, האָט זי ווידערהאָלט. לואי האָט איינגעשטימט, אָבער ווער איז „טים?״ — האָט ער זיך געפרעגט אין געדאַנק, דאָס ערשטע מאָל איצט פאַר די אַכט יאָר וואָס ער האָט אים געקענט.

— אויב איר וועט באַשליסן צו נעמען דעם צימער קאָנט איר האָבן דאָס בילד דאָרט ביי זיך, — האָט זי געזאָגט עפּעס אונערוואַר־טעט.

זאַנדערבאַו׳, לואי האָט ניט געוואוסט וועלכעס ס׳איז געקומען דאָס ערשטע: צי זיין באַשלוס ניט צו נעמען דער פרוי׳ס צימער, צי איר „אויב״, „אויב איר וועט באַשליסן״. עפּעס האָט ער געהאָט ס׳גע־

פיל, ווי אַ קאַלטער פאָך וואָלט פון ערגעץ אויף אים פלוצלינג אַ ווייע געטאָן. דער קאַלטער פאָך איז ניט געקומען פון אינווייניג. פאַר זיין געדאַנק איז אויף אַ רגע ערשינען די פיגור פון אַן איינזאַמער בעטערין אין עפּעס אַ פרעמדן און ליידיגן טעמפּל.

די פרוי האָט קלאָר געלעזן זיין פאַרלעגענהייט און אים גענומען אַרויסהעלפן — איר זייט דאָך אַ פרעמדער אין שטאָט, אפשר ווילט איר נאָך זען עפּעס אַנדערש? אדרבא. איך האָב ניט קיין זאָרג מיט מיין צימער. ער האָט זי גוט פאַרשטאַנען און איר געווען דאַנקבאַר פאַר דעם אויפריכטיג פריינדלעכן, שוין גאָרניט געמאַכטן שמייכל מיט וועלכן זי האָט אים אַרויסבאַגלייט. איצט איז זי געשטאַנען פאַר אים די זעלבע שטאָלצע פיגור מיט איר זילבער־ווייסן קאָפּ, ווי ער האָט איר געזען אין די ערשטע פאָר מינוטן: די אומבאַ־קאַנטע, וואָס האָט זיך איצט צוריקגעצויגן אין איר ערשטער אפשר נאָך טיפערער אומבאַקאַנטקייט. צוריקשמייכלענדיג און אַן דייטלעכע ווערטער איז ער פון הויז אַרויס...

# שוין...

„דאָס קינד" איז מיט אַמאָל אַריבער פון שאַרפער וואַכזאַמקייט אין אַ טיפן שלאָף. אָט איז זי געלעגן אין איר בעט און עפּעס געזאָגט אָדער געפרעגט, און אָט איז זי שוין אין פעסטן שלאָף. די אַרומיגע האָבן זיך איבערגעבליקט, זאָל עס שוין זיין דער סוף? יאָ, זי איז שוין געשלאָפן טיף און פעסט, מער נישט אויפצושטיין. — האָט זי אַליין געפילט אַז זי גייט איינשלאָפן אויף אייביג? — האָט מען זיך מיט די בליקן געפרעגט.

האָב איך זי גערופן: „קינד?" געוויס אַזוי, אָבער דאָס „קינד" איז אַלט געווען אַ יאָר אַכציג... זי האָט זיך אַזוי געמיט ניט צו לאָזן זיך איינשלאָפן, אויפגעריסן צוריק אירע מידע אויגן אַזוי שנעל ווי זיי האָבן זיך פאַרמאַכט. די אַרומיגע האָבן עס געזען און פאַרשטאַנען. דאָס רעדן און פרעגן איז אויך געווען מיטן זעלבן אַבזיכט — צו האַלטן זיך וואַך.

מיט יאָרן צוריק, ווען זי האָט נאָך געהאַט אַ היבשע ביסל אייגענע ציין אין מויל, האָט איר טאָכטער גענומען איר צו אַ דענטיסט. קוים, קוים איר איינגעזעצט אין דענטיסט׳ס שטול. מען האָט איר פאַרזיכערט אַז זי וועט קיין שמערץ ניט שפירן, האָט זי אָבער געהערט אַז ניט יעדער האַרץ פאַרטראָגט גאַז. ווען זי איז שוין געווען אונטערן גאַז־מאַסק האָט זי אָנגעהויבן מורא צו האָבן אַז זי וועט קיינמאָל ניט איינשלאָפן. ווי אַזוי וועט זי דאָ פלוצלינג איינשלאָפן אַז זי איז אַזוי וואַך? דער דענטיסט קאָן נאָך נעמען ציען אירע ציין ווען זי איז נאָך אויף. מער פעלט איר ניט. אויפגעכאַפּט זיך — האָט זי דערזען אַ קליינע גרופּע גליקלעכע מענטשן שטייען לעבן איר און שמייכלען איר אין פּנים אַריין. דער דענטיסט פרעגעלט זיך ממש פון נחת. זיין אַסיסטענטין, אַזאַ שיין, יונג און פריש מיידל אין ווייסן, גלעט איר די הענט, גיט איר שיר ניט אָפּ אַ מזל־טוב. און איר טאָכטער אויך מיט אַזאַ ברייטן שמייכל. שוין? שוין? זאָל זיין שוין? אודאי, שוין! האָט זי זיך דערפרייט צוזאַמען מיט זיי. אַזאַ שיינער, זוניגער זומער־טאָג

אויך געווען, און דאָס גאַנצע ליכט פונקט פאַרן דענטיסט׳ס פענסטער. און וועט איר גלויבן? עס האָט זיך איר נאָרוואָס געחלומ׳ט פון קופּעס ווייסן שניי, פון אַ ווייסקייט וואָס עס איז גאָר ניט צו זען? אַלץ אין איין רגע! — האָט זי דעמאָלט געלאַכט ווי אַ קינד.

שפּעטער אָבער פלעגט איר צייטנווייז שרעקן דער געדאַנק וואָס מע קאָן אַזוי איינשלאָפן אויפאַמאָל, אומגעריכטערהייט. אפשר איינשלאָפן אויף אייביק... איר אייגענע עלטערע שוועסטער חוה, טויט שוין 10 יאָר, האָט אַזוי פיל געוואוסט פון אַלץ, וואָס עס ערוואַרט דאָרט דעם מענטשן, דעם זינדיקן מענטשן. פון חוה׳לען איז דאָך אָפּגערעדט, אַזוי פיל געקוקט און געזאָגט אין די הייליקע ספרים, אַזוי פיל גוטעס געטאָן. חוה׳לע האָט ניט מורא געהאַט פאַרן טויט, חוה׳לע פלעגט בעטן פאַר איר אויך, פאַר איר ליב שוועסטערל, ווי זי האָט זי גערופן ביז צולעצט. חוה׳לע האָט איר פאַרזיכערט אַז זי האָט ניט וואָס מורא צו האָבן. אָבער דאָס ליגן אַזוי לאַנג אַליין ביז צו תחית־המתים? אָט ליגן דאָך שוין אַזוי לאַנג אַנדערע, פון ווער ווייס פון ווען אָן און ווער ווייס ווי לאַנג נאָך זיי וועלן דאַרפן אַזוי ליגן. ליגן אַליין און וואַרטן, וואַרטן... די גאַנצע געשיכטע איז איר קיינמאָל ניט איבעריק קלאָר געווען. גן־עדן, יאָ, דאָס לאָזט זיך פאַרשטיין. דאָס איז שוין אַביסל ווי ביים דענטיסט: מע כאַפּט זיך אויף און מען דערזעט ווידער אַ ליכטיקע, פריינדלעכע וועלט... אָבער דאָ? דאָ ליגט מען דאָך אָפּ יאָרן און מען וואַרט אויף תחית־המתים, איז איר טאַקע די גאַנצע זאַך עפּעס ניט קלאָר...

די לעצטע צען יאָר איז איר זכרון געוואָרן שוואַכער און שוואַכער. זי פלעגט זיך אָפּטמאָל אויפהויבן גיין עפּעס טאָן און בלייבן שטיין ביי די ערשטע פאָר טריט האַבנדיק פאַרגעסן וואָס זי האָט געדענקט צו טאָן. איר טאָכטער האָט איר אַמאָל באַמערקט: „וואָס שטייסטו, מאַמע? זעץ זיך צו... אַז ניט וועסטו דען אַזוי שנעל דערמאָנען זיך?" — זי האָט מיטגעלאַכט מיט איר טאָכטער פון דעם גאַנצן האַרצן, זי האָט זייער ליב געהאַט צו לאַכן. ווען זי איז אָבער געווען מיט זיך אַליין, האָט זי אָפּט ערנסט געטראַכט: מען זאָל נאָר אָן איר ניט פאַרגעסן דאָרט, לאָזט איר וואַרטן, וואַרטן אומזיסט. פאַר גאָט איז ניטאָ קיין פאַרגעסן, אָבער גאָט טוט דאָך ניט אַלץ אַליין, ער שאַפט זיך דאָך מיט אַנדערע אויך, שליחים, מלאכים... מען זאָל איר נאָר ניט לאָזן אויסבלייבן אַליין אין אומזיסטן וואַרטן...

איצט איז זי געלעגן אין טיפן שלאָף... קיין זכר ניט מער פון דעם ראַנגל מיטן שלאָף, וואָס האָט ווי אַ קינד, וואָס גאַרט צו בלייבן

זיצן מיט אַלע אין הויז, זיך גערעאַנגעלט ניט באַזיגט צו ווערן פון שלאָף. זי האָט געגלויבט אַז מיט אַ יאָר צוריק האָט זי זיך אַזוי ארום געהאַט אַרויסגעדרייט: מע טאָר זיך ניט לאָזן אײַנשלאָפן. איר טאָכ־טער האָט איר פאַרשטאַנען. איצט קוקנדיק אויפן לעבלאָזן קערפּער דורך אַ פלוס פון הייסע טרערן, האָט זי זיך געפרעגט: וואָס באַדייט דער בייזער אויסדרוק אויף איר מוטער׳ס געזיכט. רו? ניט רו. עס האָט איר געדוכט, אַז ס׳איז גיכער אַ מין פראַגע. „דאָס קינד״ האָט ווי געפרעגט: שוין? שוין?... איז עס טאַקע שוין אויף אייביג?

# אַן עצה פאַר אַן עצה

יעקב קאַר, אַ מיטלוואוקסיגער דיקלעכער מאַן פון אַ יאָר 36 מיט אַ ברייטן פליישיגן גוטמוטיגן געזיכט און אַן אַנגעזען בייכל, האָט אַנגעקלונגען אין טיר און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, אַ דריי געטאָן דאָס הענטל און אַריין. ער האָט געמאַכט אַ צוויי־דריי טריט און איז געבליבן שטיין. ער האָט זיך דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געפונען אין אַזאַ מין אומגעבונג. זיינע אויגן האָבן גענומען לויפן רעכטס און לינקס, פאַר זיך און הינטער זיך, און זיין פנים האָט אויפגעשיינט קוקנדיק מיט אַן אמת קינדיש אַנטציקונג איבער זיין נייער דערפאַרונג.

— גיט נאָר אַ קוק, גיט נאָר אַ קוק, — האָט ער אויסגעשריען, — וויפל ביכער, וויפל ביכער! אַזויפיל ביכער צוזאַמען אין איין אָרט האָב איך נאָך אויף מיין לעבן ניט געזען!

זיין איבעראַשונג איז געווען אַזוי גרויס און אַנגענעם, אַז עס איז אים גאָרניט איינגעפאַלן צו באַגריסן דעם אומבאַקאַנטן באַלעבאָס פון הויז, אָדער באַקענען אים מיטן אַבזיכט פון זיין קומען: — מען זעט דאָך גאָר די ווענט ניט אַרויס ביי איך, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — פאַרשטעלט אַלע ווענט. מיינט איר אפשר אַז מען האָט מיך ניט געוואָרנט אַז קיין ביכער פעלט איך ב״ה ניט? אָבער אויף אַזעלכעס האָב איך מיך ניט געריכט.

דער באַלעבאָס האָט אַנדערש ניט געדענקט אַז זיין באַזוכער איז דער מאָלער, וועלכן ער האָט דערוואַרט דעם טאָג. איז ער געשטאַנען און געשמייכלט. קאַר איז צוגעקומען נעענטער אַביסל צו די פּאָליצעס, אַרויסגעצויגן אַ היפשלעך שווער בוך:

— ווי געפעלט איך דער בחור׳עק? אַ גרויס! אַ וואָג! און גראָד ניט קיין גמרא... — און קאַר האָט אויסגעשאָסן אין אַ האַרציגן געלעכטער. —אַן ענגליש בוך, אמת? — ער האָט דאָס בוך פאָרזיכטיג צוריקגעשטעלט און מאַכנדיק אַ פּאָר טריט וויי טער, האָט ער אַנטדעקט אַ גרופּע אידישע ביכער: — אידיש? ווער וואָלט זיך עס געגלויבט!

אידיש! געשיכטעס? איר האָט ליב אַ שיין אידיש געשיכטעלע... צי פאַרשטיי איך? דאָס געפעלט מיר! הלוואי וואָלט איך נאָר צייט געהאַט... נאָר ווער האָט עס די צייט? דעם גאַנצן טאָג איז מען דאָך פאַרקויפט, ביינאַכט — ווייס מען ניט וואָס פריער צו טאָן... נאָר איך האָב דאָך אייך פאַרגעסן צו זאָגן, ווער איך בין.

קאַר האָט איצט געמאַכט אַ פאַרמאַלן בויג און גרוס און גענומען באַטראַכטן דעם מאַן אַנטקעגן אים. ער האָט געזען אַ פּערזאָן פון זיין אייגענעם וואוקס, נאָר פיל דינער, אַ ברונעט מיט אַ שוואַרץ שפּיציג בערדל מיט אַ געזיכט פון דעם טיפּישן געלערנטן, אָבער מיט אויגן וואָס האָבן שטיפעריש אַרויסגעשמייכלט פון הינטער זיינע ברילן.

— איך בין מרס. ביצקאָ'ס ברודער, איר געדענקט ניט ווער מרס. ביצקאָ איז? ס'איז דאָך אייער שכנה רעכטס, 3־בי, גאָט איז מיט אייך! איר וואוינט מיט איר אַ טיר ביי אַ טיר שוין איבער צוויי יאָר... ווי אַזוי טאַקע האָט איר זי אַזוי שנעל פאַרגעסן — איר האָט דאָך איר געטאָן אַזאַ גרויסע טובה, אין גאַנצן מיט אַ יאָר צוריק? וואָס הייסט, ווען ניט אייערע בריוו — אייערע צוויי בריוו — וואָלט איר גאַנץ ביסל געלט אפשר פאַרלאָרן געגאַנגען. עס זיינען געווען שוין איינמאָל אַ פּאָר בריוועלעך! און גראָד קליינע בריוועלעך, האָב איך געהערט, ניט קיין לאַנגע טענות... בלויז אַ צען שורות, אָבער יענע פאַרשוינען דאָרט האָבן פאַרשטאַנען מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן... כאַ, כאַ, כאַ... ס'איז געווען אַ גרויסער איינפאַל פון מיין שוועסטער, דאָס אַריינקומען צו אייך, דאָס דערקענען אין אייך דעם ריכטיגן מאַן. אָבער דאָס מוז איך זאָגן, מיין שוועסטער האָט מיר אייך באַשריבן אַלס אַ גרויסן מאַן, נאָר אסור אויב איך האָב מיר פאָרגעשטעלט אויף אַזוי ווייט. — קאַר האָט אָנגעוויזן אויף די פּאַליצעס אַרום הויך געפּאַקט מיט ביכער. — אַזעלכעס זעט מען גאָרניט. איך האָב עס נאָך ניט געזען. אין קורצן, הייסט עס, אַז איך בין גליקלעך וואָס איך בין צו אייך אַריין — איר וועט מיר העלפן. כ'פאַרלאַנג ניט פאַר אומזיסט ח"ו, איך בין אַ גוטער ברודער... איר שאָקלט מיטן קאָפּ... איר נעמט ניט קיין באַלוינונג פאַר אַ טובה? אַזוי? יאָ, איר האָט פון מיין שוועסטער אויך ניט געוואָלט נעמען אַ סענט... מילא, פאַרפאַלן... כ'וועל אָפּדינען! ס'איז אַן ענלעכע געשיכטע. אויך אַ לאָיער וואָס וויל מיך באַ'גזל'ן, באַ־רויבן. זיי זיינען דאָך רויבער, גזלנים! זיי האָבן דאָך ניט קיין מענטש־לעכקייט אין זיך. וואָס דען, אַן ערלעכער מאַן וועט זיין אַ לאָיער? ס'איז דאָך גנבה און גזלה. אָן דעם גייט עס ניט... נו, האָט ער געמאַכט אַ תכלית פון מיין שווער פאַרהאָרעוועטע געלט... נאָר איר וועט אים

שוין דערלאַנגען איבער די הענט. — קאַר איז זיך צעגאַנגען אין אַ גליקלעכן געלעכטער.

— איין זאַך אָבער פאַרשטיי איך ניט, — האָט ער ווייטער גערעדט, — פאַרוואָס זאָלט איר אַליין ניט זיין קיין לאַיער? אַזאַ מאַן ווי איר, אַזאַ קאָפּ! — ער האָט ווידער אָנגעצייגט אויף די ביכער. — אַזאַ קאָפּ! אַזאַ מענטשן ווי איר זוכט מען דאָך מיט ליכט. כ׳מיין די מאַגנאַטן, די מיליאָנערן, די טראָסטניקעס... זיי מוזן דאָך דורכפירן אַלע זייערע שווינדלען אויף אַ געזעצלעכן אופן, ס׳איז דאָך אַ לאַנד פון געזעץ, זאָלן זיי זיך ניט קאָנען זעצן און שטעלן — געזעץ, מוז מען שוין האָבן אַ לאַיער, ניט אַבי וועלכן, פאַרשטייט זיך. זיי וואָלטן זיך מחיה געווען מיט אייך! איר לאַכט? וואָס איז דאָ פאַראַן צו לאַכן? כ׳בין אויסן אייער טובה! גלויבט מיר, כ׳מיין בלויז אייער טובה. שטעלט איך באַר פאַר — אַ גרויס אָפיס, אין די הויכע פענסטער טאַקע, שווייצאַרעס און לאַקייען, מען קאָן צו אייך ניט צוקומען: איר הערט? מען לאָזט ניט צו צו אייך, אַ חוץ די ריכטיגע פאַרשוינען. וואָס פאַר אַ שאַנס וואָלט למשל אַזאַ מענשעלע ווי איך געהאַט צוצושלאָגן זיך צו אייך? רעדן מיט אייך? פרעגן אַן עצה ביי אייך? וואָס מיינט איר, אַזאַ מאַן ווי איר איז אפשר ניט ווערט אַזאַ כבוד? אַזאַ רייכטום און וואוילטאָג? יענע פאַרגין איך עס טאַקע ניט, יענע לאַיערס, אייך יאָ! באמת, ס׳איז מיר אַ גרויס וואונדער אויף אייך. איר מעגט זיך לאַכן פון מיר וויפל איר ווילט, איר מיינט כ׳ווייס ניט פאַרוואָס איר לאַכט? איך קאָן מיטלאַכן... כ׳האָב ליב צו לאַכן, כ׳בין גראָב פון לאַכן. — האָט קאַר האַרציג מיטגעלאַכט.

קומענדיג צו זיך אַ ווײַלע שפּעטער, האָט קאַר באַמערקט:

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? איר מוזט זיין אַ זייער גוטער מענטש. איך דערקען עס פון אייער לאַכן, נאָר גוטע מענטשן קאָנען אַזוי לאַכן. איך האָב אַ שיינעם שכן אין אייך. איך האָב אַריינגעטופּט צו מיין שוועסטער צוויי וואָכן ווערט שוין היינט, כ׳האָב געוואוינט אין ניו־הייווען. איר האָט זיך דאָ, זע איך, זייער שיין איינגעאָרדנט, זייער באַקוועם... אָט יענער ווינקעלע מיטן טישלאָמפּ, די פאָליצע אויבן און דער שטול... און יענער צימער דאָרט... ס׳איז אַ דירה וואו ס׳איז ניט שווער זיך גוט איינצואָרדענען... זייער שיין, זייער שיין... און איר זייט מיין שכן — עס גלויבט זיך מיר גאָרניט... אפשר ווילט איר גאָר אַרויסציען זיך פון דאַנען? ווי געפעלט אייך דער געדאַנק? איך פּאַסט זיך גאָר אַנדערע שכנים, הגם ס׳איז גראָד אַ שטיל הויז און ציכטיג געהאַלטן אויך. איר לאַכט שוין ווידער?

כ׳מיין עס ערנסט, ווי איר זעט מיך לעבן... כ׳וואָלט אייך אַליין געהאָלפן אויפזוכן די ריכטיגע דירה, כ׳האָב פונקט צייט אויך די טעג, און אויב ניט, וואָלט איך מיר גענומען צייט... כ׳וואָלט אייך ריכטיג געהאָלפן איינפּאַקן. אפילו די ביכער. נישקשה פון אַ דזשאָב — נאָר ס׳מאַכט ניט, כ׳וואָלט אַלץ געטאָן פאַר אייך, אַבי... — קאַר האָט ניט געפונען דעם פּאַסיגן וואָרט...

— אַבי געגאַנגען, אַבי אַרויס פון דאַנען — האָט אים דער צווייטער אַרויסגעהאָלפן און ביידע מענער האָבן זיך ערשט רעכט צעלאַכט.

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן, עס איז שווער מיט אייך ערנסט צו רעדן. איר מאַכט שפּאַס פון אַלץ. לאָמיר אייך שוין בעסער דערציילן מיינע צרות? גוט? — און קאַר האָט אים גענומען דערקלערן וואָס עס האָט אים געבראַכט...

# אַ דערפאַרונג

לויט ווי נאַשקין אַליין האָט באַטראַכט די זאַנדערבאַרע פּאַסירונג מיט אים, איז עס געווען ניט מער ווי אַ באַשערטע זאַך. עס איז אים באַשערט געווען אומזיסטער פאַרדרוס און ווען ס'איז עפּעס באַשערט, מאַכט זיך עס שוין שטענדיג אַזוי אַז די זאַך זאָל אויסקומען קאָמפּליט ביז צו אַ האָר.

ערשטנס האָט עס באַדאַרפט טרעפן אין אַ וואַרט־זאָל פון אַ ווילד־פרעמדן דאָקטאָר. ווי קומט ער צום דאָקטאָר? ער אַליין וויל זיך ניט באַטראַכטן אַלס אַ חולה. דאָך באַקלאָגנדיג זיך אָפטמאָל פאַר פריינט אויף געוויסע אומאָנגענעמע סימפּטאָמען אין קאָפּ און ערגעץ אַנדערש, האָט ער אָנגעהויבן צו דענקען אַז אפשר זיינען זיי טאַקע גערעכט, אפשר איז עס באמת אַ הויכער בלוטדרוק, צי דאָס האַרץ. צו זיין אייגענעם פאַמיליע־דאָקטאָר האָט ער ניט געוואָלט גיין, כאָטש ער האָט אים געהאַלטן דוקא פאַר אַן אויסגעצייכנטן דאָקטאָר. ער האָט אָבער געגלויבט אַז ער איז אַ גרויסער בלוטזויגער, האָט ליב צו פאַנאַנדערבלאָזן אַ זאַך. איבערהויפּט נאָך ווען דער דאָקטאָר האָט זיך אַביסל געריבן אַרום ריעל־עסטייט און האָט געוואוסט צופיל פון נאַשקינ'ס געשעפטן. אַזוי אַרום האָט זיך נאַשקין געפונען אין אַן אומבאַקאַנטן וואַרט־זאַל. דאָס אָבער איז נאָך ניט אַלץ. וואָלט ער געווען איינער צווישן אַנדערע, וואָלט צו קיין שום בייז ניט געקומען. איז ער אָבער געזעסן איינציגער אין גרויסן צימער. ער האָט זיך שוין געהאַט געפרעגט: — אַ גרויסער זאָל גאָר אָן פּאַציענטן, וואָסער דאָקטאָר קאָן עס זיין? נאָר מען האָט דעם דאָקטאָר פאַרט הויך רעקאָמענדירט. אגב האָט ער זיך געפילט ניט גוט, איז ער שוין געווען טשיקאַווע צו הערן וואָס דער דאָקטאָר וועט אים זאָגן און איז פאַרבליבן.

עס איז געווען אָנהייב אָוונט און נאָך ליכטיג גענוג, נאָר דער זאָל איז געווען העל באַלויכטן, צו העל פאַר נאַשקינען. נאַשקין האָט ניט פאַרטראָגן צו זען אַ לאָמפּ ברענען גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. אויף זיצן און וואַרטן איז נאָך געווען גענוג ליכט פון דרויסן.

האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַראָפּגעדריקט דאָס ליכט־קנעפּל. וואָס האָט ער געקאָנט וויסן? ביי זיך אין הויז וואָלט ער אַזוי ניט געלאָזט אַ ליכט ברענען. אויף דער רגע האָט ער ניט געדענקט פון דעם וואו ער געפינט זיך, און אודאי ניט געוואוסט, וואָס עס איז פאָרגעקומען אין דעם זעלבן צימער מיט איין וואָך צוריק, אויך אין דער זעלבער אָוונט־שעה, נאָר דרויסן איז דעמאָלט געווען פיל טונקעלער, עס האָט גערעגנט. אין צימער אָבער איז געווען העל ווי היינט, און איין איינציגער מאַן האָט דעמאָלט געוואָרט, ווי ער היינט, אויפן דאָקטאָר, וואָס האָט זיך, ווי דאָס מאָל געהאַט פאַרשפּעטיגט. אין יענעם אָוונט ווען דעם דאָקטאָר׳ס פרוי האָט צופעליג פאַרקוקט אין זאַל אַריין, האָט זי געזען יענעם מאַן זיך אַרומדרייען אַרום אַ פאַרשלאָסן שענקל און דאָס איז איר פאָרגעקומען פאַרדעכטיג. אויגנבליקלעך האָט זי זיך געפונען אין דער פינסטער. דאָס האָט יענער פאַרדרייט דאָס ליכט און אין דער פינסטערניש ניט געוואָרן.

פון דעם אינצידענט האָט זיך נאַשקין דערוואוסט שוין שפּעטער. דערווייל איידער ער האָט צייט געהאַט צוריקצוזעצן זיך פון וואַנען ער האָט זיך געהאַט אויפגעהויבן, האָט ער דערהערט . . . ניין, ער האָט ניט געוואוסט וואָס ער האָט געהערט אָדער געזען, ניט די ערשטע פּאָר מינוט. ער האָט זיך דערפילט אין מיטן זאַל מיט די הענט אין דער הויך, שוין גאָרניט אַליין. אין צימער איז געווען פיל, פיל ליכטיגער ווי פריער, עס האָט ממש געריסן די אויגן. דאָס וואָס ער האָט געהאַלטן זיינע הענט אין דער הויך האָט אים געראַטעוועט. דאָס, און זיין דינער און שוואַכער אויסזען. אַ פעסטע פערזאָן האָט אים געהאַלטן ביים קראַגן. אַרום אים ווער ניט? די דאָקטאָרשע, איין דינסט, נאָך אַ דינסט, אַ שכן, נאָך אַ שכן, דער „עלעווייטאָר באָי״ פון הויז, פרויען, קינדער. ער האָט גע׳טענה׳ט, אַז ער איז אַ פּאַציענט, געקומען צום דאָקטאָר, און יענע האָבן געלאַכט. דאָס ביטערסטע איז געווען וואָס מען האָט אים גענומען באַזוכן. אַ רויט־געזיכטיגער פאַרשוין האָט אים צוערשט גוט אַרומגעטאַפּט, ביי דעם אָבער איז עס ניט געבליבן. ער האָט אַרויסגעצויגן פון נאַשקינ׳ס בוזעמטאַש אַ באַנקביכל, נאָך אַ באַנקביכל פון אַ הויזן־קעשענע און ווידער אַ ביכל פון אַן אַנדער קעשענע. פיר באַנקביכלעך, ביכלעך, וואָס ער האָט זיין אייגענער פרוי קיינמאָל ניט געלאָזן אָנקוקן, וואָס קיין מענטשלעך אויג האָט ניט אָנגעזען, אַ חוץ, פאַרשטייט זיך, די באַנק־באַאַמטע. יעדעס ביכעלע באַזונדער איז דורכגעקוקט געוואָרן, דער נאָמען פון אייגנטימער, נאַשקין — איז הויך אויסגערופן געוואָרן,

און די סומע פון יעדן ביכל איז אַנאָנסירט געוואָרן פאַר דעם גאַנצן עולם. — „ווער איז דער נאַשקין ?" — האָט דער רויטער פאַרשוין געוואָלט וויסן. ווען נאַשקין האָט קוים הערבאַר געענטפערט אַז דאָס איז ער, האָט מען ווידער געלאַכט. דערווייל האָט זיך צופעליג גאָר אָנגעדרייט אַ דעטעקטיוו, וועלכער, ניט פאַרלאָזנדיג זיך אויפן פריער־דיגן באַטאַפּער, האָט אויך באַטאַפּט און באַזוכט נאַשקינען און איז איבערגעיאָגט אומ׳ברחמנות׳דיג איבער די טיפסטע געהיימניסן פון זיינע באַנקביכלעך, — אַלץ פאַר דער גאַנצער עדה.

— פאַרוואָס האָט איר פאַרלאָשן די ליכט אין צימער ?

די פראַגע האָט מען אים שוין געהאַט געפרעגט. וואָלט ער געענטפערט דעם אמת וואָלט ער זיך אפשר געהאַט פאַרשפּאָרט איבעריגע אַנגסט. האָט ער אָבער געענטפערט אַז ער ווייס ניט פאַרוואָס און איצט האָט ער זיין ענטפער ווידערהאָלט. די גאַנצע סצענע איז נאַש־קינען פאָרגעקומען ניט אַנדערש ווי אַ בייזער חלום, אַ קאָשמאַר. איבערהויפּט ווען ער האָט פלוצלונג דערזען צווישן פרעמדן עולם זיין אייגענע טאָכטער. פון וואַנען האָט זי זיך דאָ פלוצלונג גענומען ? ס׳איז אָבער פאַרט געווען זי, זי, זיין טאָכטער אסתר.

— פּאַפּאַ !

— אסתר !

איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז מען האָט מסתמא אָפּגערופן זיין הויז, ניט ווייט דערביי און זי איז געקומען צולויפן צו אים. איצט האָט ער דערפילט אַז ס׳איז אים פרייער געוואָרן אַרום האַלדז, זיינע באַנקביכלעך האָט ער איצט אויך צוריקגעקראָגן . . .

— אָבער פאַרוואָס האָט ער פאָרט אויסגעלאָשן די ליכט ? — האָט די דאָקטאָרשע געפרעגט אסתרן.

אסתר האָט אַ שמייכל געטאָן : זי וואָלט זיך מער געוואונדערט אויב ער וואָלט עס לאָזן ברענען .

— אַן איינשפּאָרער ?

— יאָ אַן איינשפּאָרער קאָן ניט לאָזן אַ ליכט ברענען „גלאַט אַזוי" ווי ער רופט עס. און אסתר האָט דערציילט ווי מיט אַ דריי טעג צוריק האָט ער אַזוי אויסגעלאָשן די עלעקטריק פונקט אין דער מינוט ווען זיין ווייב איז אָנגעקומען מיט אַ פולע טאַץ פון אַנאַנדער צימער. אַ גליק וואָס זי האָט אָפּגעשניטן מיט אַ לייכטן פאַל און מיט די צעבראָכענע כלים.

— וואָלט זי ניט געווען אָנגעקומען מיט אַזאַ אימפּעט ווי איר שטייגער איז, וואָלט אַלץ רעכט געווען, — האָט נאַשקין צוגעגעבן.

דער דעטעקטיוו האָט אים געגעבן אַ פּאָר פּריינטלעכע לייכטע קלעפּ איבערן פּלייצע, שווער צו זאָגן צי איז נאַשקין אים געפעלן געוואָרן צוליב זיין כאַראַקטער צי צוליב זיינע פיר שיינע באַנק ביכלעך.

פון בלייבן וואַרטן אויפן דאָקטאר האָט יענעם אָוונט קיין רייד שוין ניט געקאָנט זיין, אָבער אויך שפּעטער האָט נאַשקין ניט געדענקט מער צו זען אים. ערשטנס, האָט ער ניט געוואָלט מער אָנקוקן יענעם וואַרט־זאַל. צווייטנס, וואָס וואָלט ער דאָ אויסגעפירט? יענער ווייס שוין איצט פון זיין פינאַנציעלן צושטאַנד פונקט ווי זיין אייגענער דאָקטאָר. אַ חוץ דעם האָט זיך נאַשקין אָפּט געטראַכט: וויבאַלד זיין האַרץ האָט געקאָנט אי־בערטראָגן יענע ערפאַרונג און ניט געפּלאַצט, האָט ער אַ געזונט האַרץ און דאַרף קיינע דאָקטוירים ניט...

# אַ פרוי

מרס. ריוולין, אַ פרוי אין די פופציגער, איז געזעסן אויף איר באַקוועמען שטול אין זאַל און געקוקט פאַר זיך. זי האָט זיך ניט לאַנג צוריק צוריקגעקערט פון אַ באַזוך ביי איר פריינדין עטלען, וועמען זי האָט אין הויז ניט געטראָפן. זי האָט געקוקט אויף די מעבל, בילדער, וואַזאָנען, און ענלעכעס פון איר שיין איינגעאָרדנטן זאַל, ווי מען הויבט אַמאָל אָן צו קוקן אויף אַ פערזאָן מיט וועמעס געזעלשאַפט מען איז איבערזעטיגט. זי האָט זיך פריער אַרויסגעכאַפּט אַ ביסל צו באַפרייען זיך פון דער באַלעסטיגנדיגער אַטמאָספערע פון איר שיינער היים, איז זי צוריקגעקומען פיל שנעלער ווי זי האָט געדענקט. זי האָט איצט געקאָנט זיין מיט איר פריינדין, איז זי גאָר צוריק ביי זיך אין הויז מיט דעם זעלביגן. אָבער „דאָס זעלביגע" האָט ניט לאַנג געלאָזט קוקן אויף זיך. ווי אַ לעבעדיגער פערזאָן האָט עס אין איר דערוועקט איין געפיל נאָכן אַנדערן. אמת, דאָס הויז, ריכטיגער, די זאַכן אַרום, מאַכן איר דאָס האַרץ נאָך שווערער ווי עס איז, אָבער איין ווײַלע האָט זי געפילט אַז זי טוט אַן אומרעכט יעדער איינציגער זאַך באַזונ־דער — וואָס איז דאָס הויז, די זאַכן שולדיג אַ איר האַרץ ווייטיגט איר? ס'איז נאָך קיין פולער יאָר ניט ווי זי האָט באַנייט, איבער־מעבלירט דאָס גאַנצע הויז. זיך גענוג אַנגעלאָפן דאָן פון סטאָר צו סטאָר, געזוכט, געקליבן, זיך אַזוי געפרייט מיט יעדער זאַך וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט. שיר זיך ניט צעריסן מיט אַ שכנה וואָס האָט געוואָלט איר נאָכקאָפּירן אין עפּעס. אַלע האָבן דעמאָלט באַוואונדערט איר הויז, מען באַוואונדערט עס נאָך איצט אויך. זי אַליין האָט דאָך אַלץ אַרייַנגעבראַכט און אַרייַנגעפירט, טאָ פאַרוואָס קוקט זי איצט אַזוי קרום אויף דעם? וואָס איז דאָס הויז אירס שולדיג? וואָס ווייס עס פון איר שווער געמיט? דאָס יאָ, זי זעט איצט אַז דאָס גאַנצע לויפעניש און האָוועניש דעמאָלט, איז געווען נאַריש ווי די פרייד דערמיט. זי האָט עס ניט באַדאַרפט. עס וואָלט רעכט געווען מיטן אַלטן. זי וואָלט זיך אפשר היימלעכער געפילט צווישן אַלטן. מילא.

אָבער וואו האָט עס עטעל געקאָנט זיין? סיידן אין אַ מואווי. ווען זי וואָלט אפשר עטוואָס אונטערגעוואַרט וואָלט עטעל אָנגעקומען. וואָס האָט זי זיך אַזוי געיאָגט צוריק צו זיך? דער אימפּעט מיט וועלכן זי איז געקומען האָט איר גלייך צוריקגעטריבן. עטעל איז דוקא אַ צופרידענע. ניט קיין וואונדער. עס גייט זיי איצט גאָרניט שלעכט. זיי האָבן זיך געגנוג אָנגעפּלאגט. אפשר האָט זי טאַקי באַדאַרפט אַביסל אונטערוואַרטן אויף איר? אפשר זיך גאָר פּרואוון אַ צווייטן מאָל? ניין, זי וועט ניט גיין. וואָס קאָן איר עטעל העלפן? קנאַפּ מאָל געלאָפן צו איר מיט אַ פול האַרץ און צוריקגעקומען מיטן זעלבן אָנגעלאָדענעם צער? אַביסל ווייס מען ניט ווי אַזוי אָנצוהויבן, דערווייל דערציילט יענע דאָס און עפּעס אַנדערש, פאַררעדט מען זיך שוין אַזוי. ניין, מען פאַררעדט זיך שוין גאָרניט, נאָר מען ווייס ניט ווי אַזוי אָנצוהויבן, ס׳קומען עפּעס ניט די ריכטיקע ווערטער, דערשטיקט מען אַלץ אין זיך און מע גייט אַוועק מיטן זעלבן, פאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי — דאָס פאַרשטייט זי ניט. אין אמת׳ן, איז עטעל דאָך ניט פרומע. יענע, פרומע, דאַרף נאָר זען ניט מער ווי עפּעס אַ מינע אויף יענעמ׳ס געזיכט שטעלט זי שוין אָן נאָז און אויערן. אָט אַזאַ מין וועט זי דווקא גאָרניט דערציילן, זי וויל צופיל וויסן. ס׳איז ניט דער רעכטער סאָרט ווען וויסן. ניין. עטעל קאָן זיין אַ פריינד און איז אַ פריינד. איר וואָלט מען דוקא וועלן דערציילן. איז אָבער, וואָס זאָגט מען איר? ווי אַזוי מאַכט מען איר פאַרשטיין? זי האָט מורא אַז עטעל וועט איר קיינמאָל ניט פאַרשטיין. עס גייט זיי איצט אַזוי פיל בעסער ווי אַמאָל, מיינט זי אַז דאָס איז שוין אַלץ. זי איז נאָך ניט אין גאַנצן געוואוינט צום ביסל גוטן. די פּאָר מאָל וואָס זי האָט באַרירט איר צושטאַנד פאַר עטלען, ניט דירעקט, נאָר אַרום און אַרום, גערעדט כלומרשט פון אַן אַנדערער פרוי גאָר, האָט זי באַמערקט אויף עטעל׳ס געזיכט דעם סאָרט האַלבשמייכל פון אַ טויבן, וואָס וויל ניט צוגעבן אַז ער האָט ניט דערהערט, אָדער פון איינעם צו וועמען מען רעדט אין אַ שפּראַך וואָס ער פאַרשטייט ניט געגנוג. ס׳איז ווייט, ווייט פון שמייכלען געווען אין דעם וואָס זי האָט געזאָגט, איין גאָט ווייס ווי ווייט ...

נאָר וואָס וואָלט שוין געווען אַז עטעל וואָלט איר בעסער פאַרשטאַנען? זי וועט זיך פאָרשטעלן, אַז זי האָט עטלען געטראָפן פריער אין הויז און אויסגערעדט פאַר איר ס׳גאַנצע האַרץ, וואָלט זי דען געפילט אַנדערש ווי זי פילט איצט? וואָלט זי דען ניט געזעסן אַזוי טרייסטלאָז ווי זי זיצט איצט און קוקט אויף די שטומע ווענט, אָדער אויף די בילדער וואָס זי ווייס באמת ניט, צי זיצט זי ביי די בילדער אין הויז, צי זיי, די בילדער, ביי איר? אין אַ שעה אָדער צוויי שפּע־

טער, וואָלט זי זיך ווי געוויינלעך גענומען פּאָרען אַרום דעם מאָלצייט פאַר זיך און איר מאַן און אפשר פאַר אַ גאַסט, וואָס ער וועט מיטברענגען, פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן נעכטן און ווי זי וועט עס טאָן מאָרגן, איצט, ווען די קינדער זייערע זיינען שוין פאַר זיך. אַלץ, הייסט עס, וואָלט געבליבן ביים זעלבן. און עטעל? עטעל וואָלט אויך געבליבן דיזעלבע, צי געהערט, צי ניט, דיזעלבע באַשיידן שמייכלענדע, גוטהערציקע עטעל, יענע אין איר הויז, ווי זי אין אירס. אָבער פאַרוואָס זאָל עס זיין אַזוי, פאַרוואָס? ווייל מען דערציילט קיינמאָל ניט דאָס וואָס עס האָט זיך אַזוי געבעטן דערציילט צו ווערן ,מען דערציילט גאָרניט. אַלץ, אַלץ בלייבט דערשטיקט אין זיך, מע דערטראָגט עס קוים צו די ליפּן און פון דאָרט קערט זיך עס אום צוריק. נאָר פאַר איין גאָט וואָלט זיך איר גאַנץ האַרץ פריי און ברייט געעפנט, יעדעס ווינקעלע, יעדע באַהעלטעניש. גאָט איינער!...

מרס. ריוולינ׳ס מח איז געבליבן אַ ווײַלע אינהאַלטסלאָז. פּלוצלינג איז איר אַרויף אַ זאָנדערבאַרער געדאַנק: ווי אַזוי וואָלט זי זיך אויסגעוויינט און אויסגערעדט פאַר גאָט אַליין אויב ער וואָלט פּלוצלינג דערשינען פאַר איר? זי האָט געוואוסט אַז ס׳איז געווען אַ ווילדער געדאַנק, דאָך האָט זי אים ניט אָפּגעלאָזט פון זיך. זי האָט באַמערקט אַ מינוט פריער אַ שטיק בלויע שטרעקע הימל, האָט זי זיך איצט געפּרואווט פאָרשטעלן, ווי אַ קאָפּ הויבט זיך אָן אַרויסצובאַווייזן פון מיטן בלויען הימל אַרויס. זי האָט געזען אין געדאַנק די לאַנגע זילבערווייסע האָר. „ניט אַזוי, ניט אַזוי״, — האָט זי זיך אָבער גלייך געזאָגט, — אַזוי איז עס צו וויט, צו קאַלט, כאָטש זי האָט שוין שיר, שיר, געפילט ווי די קאָפּ מיטן הימל קומען צו אַלץ נענטער און נענטער. נאָכדעם ווי זי איז געזעסן אַ ווײַלע מיט פעסט פאַרמאַכטע אויגן, האָט זי זיך געכאַפּט אַז ס׳איז קינדיש צו ווען פאָרשטעלן זיך אַ גאָט, וואָס מען קאָן זען. וואָס עס איז אפשר יאָ מעגלעך איז צו פילן גאָטס געגענוואַרט. מען זיצט, מען זיצט, און פּלוצלינג דערשפּירט מען אַז ער איז דאָ. ער, דער רחמים׳דיקער, דער דערבאַרעמדיקער, דער באַשאַפער פון דער גאַנצער וועלט, דער ליבער פאָטער פון אַלץ וואָס לעבט, דער פאָטער... מען דערשפּירט אַז ער איז דאָ. מען הויבט אָן צו פילן אויף זיך זיין גנאָד, זיין הימליש ליכט, זיין צערטלעכדיג אויג, עפּעס אַזעלכעס וואָס זי האָט געפילט אויף איר יונג און פריש געזיכט ווען זי איז נאָך אַ קינד געווען און אין די יונגע מיידעלשע יאָרן. עפּעס, וואָס זי האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געפילט...

— זיצסט אַליין, מיין קינד? איינע אַליין? וואָס איז דיר, אָרעם, אָרעם קינד מיינס?

מרס. ריוולין האָט געגאַרט זיך צו הערן רופן קינד נאָך און נאָך. טרערן זיינען איר געקומען אין די אויגן, אַזעלכע זיסע, ליבע טרערן. זי האָט דערשפּירט ווי איר שווער האַרץ עפנט זיך אויף, יעדע באַהעל־טעניש, יעדע ווינקעלע...

— וואָס איז דיר, מיין ליב קינד, מיין אָרעם קינד?

— ס'איז מיר ביטער, גאַטעניו, פאָטער מיינער...

— ביטער, זאָגסטו?

— יאָ, זייער, זייער ביטער. איך ווייס ניט פאַרוואָס, נאָר כ'ווייס אַז עס איז מיר זייער שלעכט...

— דו ווייסט ניט פאַרוואָס, מיין קינד?

— כ'ווייס ניט... גלאָט אַזוי שווער, שווער... ניט צום דער־טראָגן...

— שוין לאַנג אַזוי?

— יאָ, שוין לאַנג, אַ פּאָר יאָר שוין...

— דיין מאַן ניט גוט צו דיר?

— כ'ווייס ניט, אפשר איז ער יאָ גוט צו מיר, אפשר דאַרף עס אַזוי זיין, כ'ווייס ניט, כ'ווייס ניט...

— דו מיינסט אפשר אַז ער איז דיר ניט געטריי?

— ניט דאָס... איך גלויב אַז ער איז מיר געטריי...

— נאָר וואָס?

— כ'ווייס ניט וואָס... אפשר דאַרף עס אַזוי זיין, אפשר איז עס אַזוי...

— דו האָסט געראָטענע קינדער?

— יאָ, זייער געראָטענע, אַזוי זאָגט מען.

— שוין פאַרהייראַטע?

— פאַרהייראַט... אַזוי פאַרנומען... מיט זיך אַליין, מיין איך... אפשר דאַרף עס אַזוי זיין, אפשר איז עס אַזוי...

— ווי אַזוי?

— אָט, ווי ס'איז, ווי ס'איז... אפשר דאַרף אַלץ זיין ווי ס'איז, אפשר... אָבער פאַרוואָס איז מיר אַזוי שווער, פאַרוואָס? דאַרף דאָס אויך זיין אַזוי? ס'איז דאָך מיר אַזוי שווער, אַזוי...

טרערן האָבן איר אָנגעהויבן שטיקן און זי האָט ניט געקענט דערענ־דיקן. האָט זי זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע. זי האָט זיך אָנגענומען מיט אָטעם

און געזאָגט אַזוי שטיל אַז עס זאָל קיין מענטשלעך אויער ניט דער־גרייכן, נאָר גאָט אַליין:

— איך . . . א י ך . . . איך זע דאָך מיך גאָר ניט אָן אויף דער וועלט . . . גאָרניט . . . גאָרניט . . — זי האָט צוזאַמענגעבראַכט די שפּיצן פינגער פון יעדע האַנט און גלייך צוריק פאַנאַנדערגעעפנט צו אילוסטרירן דעם „גאָרניט".

פלוצלינג האָט זיך מרס. ריוולין אויסגעגלייכט אויף איר שטול און זיך אַרומגעקוקט. דער צימער האָט אויסגעקוקט מאָדנע שטיל און איינזאַם, וואָלט אַ קאַץ כאָטש שטיל זיך אַרומגעדרייט. „ווי גוט, ווי גוט עס וואָלט געווען ווען זי וואָלט געקאָנט זיך אויסוויינען אויפן קול, אויפ'ן קול" . . .

# צוויי שוועסטער

(אַ קליינער צימער פון אַ יונגער שילערין. אַלץ אַקוראַט און אין גו־טער אָרדענונג. אויף אַ טיש ביי דער וואַנט ביכער אין צוויי רייען. לי־לי, די שילערין, אַ מיידל פון אַ יאָר 19, זיצט ביי איין עק טיש, אַנטקעגן איר זיצט איר שוועסטער טייבעלע, אַרום 25, אַ זעלטענע שיינהייט. טיי־בעלע איז נאָר וואָס געקומען מיט אַ באַזוך צו איר שוועסטער. אָוונט.)

ט.: האָסט געהאַלטן אין מיטן מאַכן דיינע לעסאָנס, זע איך.

ל.: יע, טייבעלע.

ט.: האָסט מער ביכער אויפן טיש ווי געוויינלעך.

ל.: וואָס פאַרשטייסטו ניט — ס'איז נאָענט צו די עקזאַמענס.

ט.: דו פרעגסט מיך גאָרניט פאַרוואָס איך בין ניט געקומען צו דיר דינסטאָג...

ל.: פאַרוואָס ביזטו טאַקע ניט געקומען?

ט.: פרעגסט נאָכדעם ווי איך האָב דיר אויפמערקזאַם געמאַכט, דאָס הייסט ניט געפרעגט.

ל.: איך וואָלט דיך שפּעטער אַליין געפרעגט.

ט.: וואָס הערט זיך אַזוי ביי דיר? ביזט געווען זען אימיצען?

ל.: יאָ, זונטאָג אָוונט, געווען ביי בוירטאַן.

ט.: און בעני קומט גאָרניט צו דיר?

ל.: ער קומט, דרייט מיר דעם קאָפּ. איך האָב ניט קיין צייט פאַר אים.

ט.: פאַרוואָס? ביזט פאַראינטערעסירט אין אַנאַנדערן?

ל.: איך בין ניט פאַראינטערעסירט אין קיינעם. ווער האָט דעם קאָפּ פאַר זיי?

ט.: האָסט אַ קאַלטע נאַטור, מיין שוועסטער.

ל.: וואָס ווילסטו איך זאָל טאָן? אַרומלויפן מיט זיי?

ט.: וואָס הייסט איך וויל? געוויס איז בעסער אַז דו קאָנסט זיך אָפּגעבן צו דיין שטודירן אַזוי ווי דו ווילסט. אַזוי אַרום וועסטו גיכער ערגרייכן דיין ציל. אַנדערע מיידלעך זיינען אַנדערש פון דיר... בוירטאַ,

זעסטו, איז אויך ווי דו. איך האָב פון דיר גערעדט אַ פּאָר טעג צוריק מיט אַ באַקאַנטער, דערציילט אַז דו ענדיקסט היי־סקול אין קורצן און ביזט אין גאַנצן איבער דריי יאָר אין לאַנד... אָבער אַ קאַלטע נאַטור האָסטו, לילי, אָט האָסטו מיך נאָך אַלץ ניט געפרעגט פאַר וואָס איך בין ניט געקומען. עס איז דיר אַלץ איינס געקומען די שוועסטער אָדער ניט געקומען.

ל.: דו טשעפּעסט זיך צו מיר לעצטענס.

ט.: ווען האָב איך מיך ווען געטשעפּעט צו דיר?

ל.: ווען? פאַריגע וואָך אויך, געדענק איך, האָסטו געהאַט טענות צו מיר.

ט.: וואָסערע טענות?

ל.: איך... איך געדענק שוין ניט.

ט.: געדענקסט שוין ניט, זעסטו ווי איך ליג דיר אין זינען מיט מיינע טענות...

ל.: האָסט זיך בכלל געענדערט צו מיר. ביזט ניט מער דיזעלבע טייבעלע פון אַמאָל.

ט.: איך בין ניט דיזעלבע. אין וואָס, למשל, בין איך אַנדערש? עס פעלט דיר עפּעס?

ל.: איך מיין ניט דאָס. עס פעלט מיר קיין זאַך ניט. פאַרקערט, דו גיסט מיר נאָך מער ווי פריער.

ט.: דו דאַרפסט מער גיב איך דיר מער.

ל.: ביזט אָבער ניט אַזוי... ניט אַזוי האַרציג ווי אַמאָל.

ט.: ניט אַזוי האַרציג — דאָס איז אמת, דאָס מוז איך צוגעבן.

ל.: פאַרוואָס אַזוי, טייבעלע?

ט.: פאַרוואָס? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת — מיר איז אַ גרויסער וואונדער וואָס דו פרעגסט מיר גאָר פאַרוואָס. דו האָסט באַמערקט אַן ענדערונג אין מיר? נאָר צוריק גערעדט, דו פרעגסט דאָך ניט, איך האָב דיך אַרויסגעבראַכט צו פרעגן, אָבער פילן, פילסטו עס ניט.

ל.: וואָס מיינסטו, איך פיל ניט?

ט.: דו פילסט, דו פילסט. ביזט אַ לעבעדיקע באַשעפעניש, פילסטו. פילסט ניט מיט מיר אָבער...

ל.: זייט ווען האָב איך עס אויפגעהערט צו האָבן געפילן פאַר דיר?

ט.: זייט ווען? אויב דו ווילסט וויסן האָב איך דערפילט אַן אַנטוישונג אין דיר נאָך די ערשטע טעג פון דיין קומען אין לאַנד, מיט דריי יאָר צוריק נאָך. נאָר דעמאָלט האָב איך געדענקט אַז דיין האַלטונג צו מיר איז אפשר צוליב דיין בענקעניש נאָך דער היים. איך האָב מיך

דערמאָנט ווי שרעקלעך איך האָב געבענקט די ערשטע צייט. נאָר איך בין דאָך ניט געקומען צו אַ שוועסטער ווי דו צו מיר. ווּעמען האָב איך דאָ געפונען? אַ פּאָר ווייטע אומבאַקאַנטע קרובים, עלטערע מענטשן... אַ סך האָבן זיי זיך געזאָרגט פאַר מיר? בין איך אויסגע־גאַנגען פון בענקעניש. נאָכ׳ן טאַטן אַם מייסטן... דער טאַטע... (פאַרטראַכט זיך אַ ווײַלע, דאַן ווי צו זיך אַליין) ער האָט אַזוי ניט גע־וואָלט אַז איך זאָל פאָרן אין אַמעריקע, אַזוי ביטער געוויינט ביים זעגנען זיך, אַזוי ווי זיין האַרץ וואָלט אים געזאָגט... אַזוי ווי זיין האַרץ וואָלט אים געזאָגט... (איריע אויגן הויבן אָן צו שײַנען מיט פייכטקייט) „מיין קינד, — האָט ער מיר געזאָגט, — זע אַז דיין אויפפירונג דאָרט זאָל זיין אַזוי שיין ווי דו ביזט אַליין”... „מיין קינד איז מיין אויג אין קאָפּ”, האָט ער מיטגעשיקט אין אַ בריף מיט מיר... זיי האָבן זיך אַ סך געקימערט וועגן מיר... (נאָך אַ קורצער פּויזע) דו ווייסט, לילי, אַז ווען ער וואָלט געלעבט, וואָלט ער דיך אפשר ניט געלאָזן קומען צו מיר...

ל.: פאַרוואָס?

ט.: כ׳ווייס? אַזוי... אַזוי פאַלט מיר איין. אפשר האָט אים זיין האַרץ געזאָגט...

ל.: (מיט וואַקסענדער נייגיר) וואָס מיינסטו זיין האַרץ האָט אים געזאָגט? וואָס האָט אים זיין האַרץ געקאָנט זאָגן?

ט.: (רירט זיך אויף איר שטול, איז אַ רגע פאַרלעגן, ענטפערט שטיל) אַז מיר וועלן זיך מער ניט זען... (אַ קורצע פּויזע) יאָ, איך האָב געגלויבט אַז אויך דו האָסט געבענקט ווי איך. איך האָב מיר אָבער גע־נאַרט אין דיר...

ל.: דו מיינסט אַזוי...

ט.: וואָס? איך האָב אפשר ניט געזען, אַז דו ביזט גלייך פאַר־כאַפּט געוואָרן מיט דיין שטודירן?

ל.: עס איז דאָך געווען דיין אייגענער פּלאַן אַז איך זאָל שטו־דירן.

ט.: מיין פּלאַן, יאָ. עס האָט מיך געפרייט וואָס דו ביזט אַזוי פאַר־כאַפּט געוואָרן. אויב דו ווילסט וויסן בין איך מיטגעכאַפּט געוואָרן צו־זאַמען מיט דיר, ווי עס וואָלט געווען מיין סקול, מיינע לערער און לע־רערינס, מיינע חברטעס און מיין ערפאָלג...

ל.: איך האָב דיר אפשר ניט באַדאַרפט דערציילן פון סקול ווען דו האָסט מיך געפרעגט? האָסט אַזוי געוואָלט וויסן האָב איך דיר דער־ציילט.

ט.: איך האָב געוואָלט וויסן, זאָגסטו... דו אָבער האָסט דאָך פון קיין שום זאַך ניט געוואָלט וויסן אַחוץ דיין סקול. איך בין דיר אַפילו אין דער לינקער פּיאַטע ניט געלעגן. מיינסט איך האָב עס ניט געפילט? נאָר איך האָב דיר אַלץ מוחל געווען דעמאָלט — איך בין געווען אַזוי גליקלעך... איך בין געווען גליקלעך מיט דעם וואָס דו ביזט דאָ, וואָס איך בין ניט מער איינע אַליין. איך האָב אַזוי לאַנג געוואַרט אויף דער מעגלעכקייט צו קאָנען דיך אָהער ברענגען און באַזאָרגן דיך. געדענקסטו, ווי נאָר אַ פרייע מינוט בין איך געקומען צולויפן צו דיר? איך האָב מיך געפרייט, איך בין געווען גליקלעך, נאָר וואָס איך בין... וואָס האָב איך מיך אַזוי געפרייט?

ל.: דו מאַכסט מיר מיין האַרץ שווער, איך ווייס ניט וואָס דו ביזט אויסן. דו נעמסט זיך איצט מיט מיר רעכענען וואָס עס איז פאַרגעקו־מען מיט יאָרן צוריק. איך האָב דיר געזאָגט אַז דו ביזט די לעצטע צייט אַ גאַנץ אַנדערע, וואָס ווילסטו פון מיר?

ט.: וואָס איך וויל פון דיר? איצט וויל איך שוין גאָרניט. איצט בין איך קליגער, אַביסל קליגער. פריער האָב איך יאָ געוואָלט.

ל.: וואָס האָסטו געוואָלט?

ט.: איך האָב געוואָלט האָבן אַ שוועסטער...

ל.: נו, בין איך דיר ניט קיין שוועסטער?

ט.: מיט וואָס, מיט וועלכן ביזטו מיר אַ שוועסטער?

ל.: איך האָב געקאָנט עפּעס טאָן פאַר דיר און ניט געטאָן?

ט.: אפשר יאָ, אפשר האָסטו געקאָנט...

ל.: האָסט מיך געבעטן צו טאָן?

ט.: האָסטו מיך געבעטן?

ל.: דו האָסט געוואוסט וואָס איך וויל, איך האָב ניט געוואוסט, דו האָסט מיר ניט געזאָגט, קיינמאָל ניט געזאָגט.

ט.: איך האָב דיר געוואָלט זאָגן...

ל.: האָסט מיר געוואָלט זאָגן, ווען?

ט.: ווען? די גאַנצע צייט, אפשר פון דער ערשטער מינוט אָן. די גאַנצע לאַנגע צייט...

ל.: טאָ פאַרוואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט? וואָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגן?

ט.: (פרעגט זיך אַליין) טאַקע, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? (ברעכט אויס אין אַ היסטערישן געוויין פאַרדעקנדיק איר געזיכט מיט אירע הענט).

ל.: (בלייך און דערשראָקן לויפט צו צו איר שוועסטער) טייבעלע, טייבעלע, וואָס איז מיט דיר? באַרואיג דיך... וואָס איז געשען? עפּעס איז געשען. וואָס איז געשען? טייבעלע!

ט.: (ווישט אָפּ אירע טרערן מיט אַ טיכל וואָס זי האָט געלאָזן אַרויסגעצויגן פון איר בייטעלע) יע, לילי, עפּעס איז געשען, עפּעס איז געשען מיט מיר...

ל.: עפּעס געשען... זאָג מיר וואָס? ווען איז עס געשען?

ט.: אָ! געשען שוין לאַנג, אַ פּאָר יאָר צוריק, יאָרן צוריק, אפשר נאָך ווען איך בין געבאָרן געוואָרן...

ל.: רעד ניט מיט קיין רעטענישן צו מיר. וואָס איז געשען?

ט.: איך מיין ניט קיינע רעטענישן, עס איז דער אמת. איך בין געבאָרן געוואָרן אַזאַ...

ל.: וואָס מיינסטו אַזאַ?

ט.: איך מיין אַזאַ... איך ווייס ניט ווי מע רופט עס... אפשר האָט עס ניט קיין נאָמען, אפשר בין איך די איינציגע אַזוי... איך האָב אַלץ געזוכט גוטע מענטשן... מענטשן מיט געפילן. איך בין ניט ווי דו. דו דאַרפסט קיינעם ניט. דו ביזט אַנדערש.

ל.: וואָס מיינסטו אַנדערש? פאַרוואָס דאַרף איך ניט קיין מענטשן?

ט.: דו וואָלסט זיך באַגאַנגען אָן מיר, אָן מיין הילף אויך, וואָלסט ניט פאַרפאַלן געגאַנגען אָן מיר, דו...

ל.: און דו האָסט גאָר ניט געפונען אַזעלכע וואָס האָבן דיר געוואָלט העלפן?

ט.: איך האָב געפונען, געפונען... פילע האָבן מיר געוואָלט העלפן.

ל.: יאָ.

ט.: יאָ, יאָ... האָבן זיי מיר געהאָלפן. בין איך טאַקע אַ געהאָלפענע...

ל.: וואָס מיינסטו ביזט אַ געהאָלפענע? וואָס איז פּאַרט מיט דיר?

ט.: איך וועל דיר זאָגן, מיין שוועסטער, אפשר בין איך גאָר ניט ווערט מען זאָל מיר העלפן.

ל.: פאַרוואָס עפּעס ביזטו ניט ווערט?

ט.: דו, לילי, זאָלסט עס מיר פרעגן? געדענקסט פאַראַכטאָגן פרייטאָג ווען איך בין דאָ מיט דיר געזעסן? געדענקסט, איך האָב גענומען אין מיין האַנט יענעם שווערן בוך דאָרט... זאָג מיר נאָר, איז דאָס דער בוך וואָס דו האָסט מיר געזאָגט אַז דו חלש'סט צו קויפן?

ל.: יע, טייבעלע, דאָס איז דער בוך.

ט.: כ׳האָב פאַרשטאַנען אַזוי. געדענקסטו, דו האָסט מיך ניט גע־לאָזן האַלטן דעם בוך אין מיין האַנט?

ל.: איך האָב דיר ניט געלאָזן האַלטן דעם בוך?

ט.: האָסט אַרויסגענומען דעם בוך פון מיין האַנט, געדענקסט גאָר ניט?

ל.: איך ווייס... אפשר האָב איך אַרויסגענומען.

ט.: אפשר, זאָגסטו? און געדענקסטו וואָס דו האָסט מיר דאַבײ געזאָגט?

ל.: איך האָב דיר עפּעס געזאָגט? וואָס האָב איך דיר געזאָגט?

ט.: געדענקסט גאָר ניט?

ל.: איך געדענק ניט, איך קאָן ניט אַלץ געדענקען...

ט.: ריכטיג. מען קאָן ניט אַלץ געדענקען... לאָמיר דיר דער־מאָנען. דו האָסט אַרויסגעצויגן דעם בוך פון מיין האַנט און געזאָגט: „ס׳איז ניט אַ בוך פאַר דיר, דו וועסט עס ניט פאַרשטיין״. איצט געדענקסטו שוין?

ל.: אפשר האָב איך עס געזאָגט.

ט.: אפשר?

ל.: צוליב דעם ביזטו עס ניט געקומען צו מיר דינסטאָג?

ט.: אפשר... און זעסטו, לילי, מיין טאַטע, מיין פאַרשטאָרבע־נער טאַטע, האָט דוקא געהאַלטן אַז איך האָב אַ גוטע קאָפּ. עס פעלט מיר נאָר דאָס וועלן זיך אָפּגעבן צום לערנען, האָט ער געזאָגט. אונזער טאַטע האָט אויך עפּעס געוואוסט, האַ?

ל.: כ׳ווייס ניט... איך וויל אַמאָל ניט ליידן אַז מען שלעפּט מיר אַרויס מיינע ביכער.

ט.: גערעכט. ווער רעדט נאָך ווען דער וואָס שלעפּט אַרויס וועט סיי ווי סיי ניט פאַרשטיין... (נאָך אַ פּויזע) זאָג מיר, לילי, ווייסטו אויף געווי מיט וואָס איך באַשעפטיק מיך?

ט.: וואָס עפּעס פּלוצלינג אַזאַ פראַגע?

ט.: אַזוי. ענטפער מיר.

ל.: אויף געווי ווייס איך ניט... אַמאָל אַרבעטסטו ביי איין זאַך, אַמאָל ביי עפּעס אַנדערש... איך ווייס ניט צי דו האָסט אַ באַשטימטן פאַך?

ט.: ס׳איז אַזוי... איז ניט אמת, לילי, אַז נאָר די ערשטע פאַר וואָכן האָב איך דיך אַמאָל געגומען צו זיך אין הויז, זייט דאַן זעען מיר זיך כסדר דאָ ביי דיר? ווייסטו פאַרוואָס עס איז אַזוי?

ל.: איך ווייס... האָסט מיר מערערע מאָל ערקלערט פאַרוואָס. וואָס ביזטו איצט אויסן?

ט.: דו האָסט מיינע ערקלערונגען ניט אין גאַנצן געגלויבט? זאָג מיר דעם אמת... (קוקט איר שוועסטער אין די אויגן אַריין).

ל.: (פאַרלעגן) מאַכסט מיך נערוועז היינט מיט דיינע פראַגעו... איך ווייס ניט... איך האָב דיר ניט געגלויבט אין גאַנצן...

ט.: וואָס האָסטו געדענקט איז די אורזאַכע?

ל.: וואָס מוטשעסטו מיך?

ט.: איך וויל וויסן... איך בין ניט אויסן צו מוטשען דיך.

ל.: איך האָב געדענקט אַז אפשר טוסטו דאָרט עפּעס אַזעלכעס וואָס... מיט וואָס דו שעמסט זיך...

ט.: וואָס, למשל?

ל.: וואָס? ווי זאָג איך עס דיר? אפשר דינסטו ערגעץ וואו... אפשר ביזטו אַ דינסט...

ט.: און אַז איך שעם מיך דערמיט?

ל.: יאָ.

ט.: דו וואָלסט זיך געשעמט צו זיין אַ דינסט?

ל.: איך ווייס ניט. אפשר יאָ, אפשר וואָלט איך מיך געשעמט...

ט.: וואָלסט ניט געוואָלט זיין אַ דינסט?

ל.: ניין.

ט.: אָבער מיך האָסטו געלאָזן זיין אַ דינסט?

ל.: געלאָזן! איך בין דאָך ניט געווען זיכער אין דעם, ס'איז דאָך געווען ניט מער ווי אַ סברה... פאַרשטייסט?

ט.: איך פאַרשטיי. (שיינט צו זיין אַ ווײַלע אין גרויסער און שווע־רער איבערלעגונג, אַנטשיידט זיך ענדלעך) דו האָסט געטראָפן, לילי... איך בין אַ דינסט. זעסט צו וואָס איך האָב מיך דערשלאָגן דאָ? בין גקעומען אַ צייט פאַר דיר אַהער... איך שעם מיך טאָקע אויך. איך וועל זיך אָבער באַפרייען, איך מוז זיך באַפרייען. וועסט זען... ווייסט ווי אַזוי?

ל.: (פאַראינטערעסירט) ווי אַזוי?

ט.: גאַנץ איינפאַך. דו ענדיגסט הײַ־סקול אין אַ חודש צייט, אמת? וויל איך אַז דו זאָלסט זיך נעמען זוכן אַ שטעלע אין אַ ביזנעס־פּלאַץ, זאָלסט קאָנען מאַכן אַ לעבן פאַר זיך... פאַר וואָס ניט? איך זע אַז דו ביסט אומצופרידן, לילי?

ל.: אומצופרידן... איך בין ניט אומצופרידן. נאָר דו אַליין האָסט דאָך די גאַנצע צייט געוואָלט אַז איך זאָל אָנקומען אין קאַלעדזש, האָסט אַנדערש ניט געדענקט, אַנדערש ניט גערעדט, דו אַליין...

ט.: איך לייקן עס ניט אָפּ. עס איז טאַקי געווען מיין פּלאַן... נאָר איך קאָן עס ניט אויספירן איצט... (זי באַמערקט טרערן אין ליליס אויגן) דו וויינסט... איך פאַרשטיי דיך. ביזט געווען אַזוי אומגעדולדיק צו גיין אין קאַלעדזש, איך וויים עס. עס איז אויך געווען מיין טייערסטער וואונש... (מיט טרערן פון מיטפילונג אין אירע אייגענע אויגן) ביזט שוין געווען זיכער מיט אַלעם, בוירטא קומט אויך אָן גלייך. איך פאַרשטיי פאַר וואָס דו פאַרגיסט אַזעלכע הייסע טרערן. איך בין זיכער עס זיינען ניט טרערן פאַר מיר. דו דאַרפסט זיך אָבער ניט נעמען אַזוי פיל צום האַרצן. וועסט קריגן אַ שטעלע, וועסטו קאָנען אָנקומען אויף אָוונט קורסן, וועסטו ענ־דיקן אַ פּאָר יאָר שפּעטער, קיין אומגליק ניט. איך מוז זען טאָן עפּעס פאַר זיך אַליין. ווילסטו וויסן דעם אמת? קוקנדיג אויף דיר בין איך געקומען צו מיין באַשלוס — פאַרוואָס ניט דענקען פון זיך אַ ביסל, ווי דו טוסט.

ל.: (דורך טרערן) דיין באַשלוס אַזוי פּלוצלינג, אַזוי שנעל...

ט.: פּלוצלינג זאָגסטו? אפשר איז עס פּלוצלינג... (קוקט אויף ליליץ פאַרשעמט) טראַכסט אודאי, אַז איך האָב מיך ניט וואָס צו יאָגן. איך אָבער, פאַרשטייסטו, האָב מורא אָפּצולייגן אויף שפּעטער, איצט פיל איך מיך שטאַרקער. ס׳דוכט מיר אויך אַז איך זע אַ גוטע געלעגנהייט איצט. (בלייבט ווידער פאַרטראַכט אַ ווילע, דאַן ווענדט זי זיך צו לילין) וואָס פאַר אַ דינסט דענקסטו בין איך?

ל.: (אָן אינטערעס) איך פאַרשטיי ניט דיין פראַגע... דו אַרבעטסט פאַר אַ פאַמיליע דאָרט, ביזט אַ דינסט...

ט.: ניט פאַר אַ פאַמיליע, פאַר איין פּערזאָן... (אירע ליפּן ציט־טערן אויף).

ל.: פאַר אַ פרוי מסתמא?

ט.: ניט פאַר אַ פרוי...

ל.: (ווערט נייגיריג) ניט פאַר אַ פרוי?

ט.: ניין, פאַר אַ מאַן... (נעמט ניט אַראָפּ אירע אויגן פון לילין) אַזאַ דינסט בין איך... ס׳האָט נאָך געקאָנט זיין ערגער מיט מיר, פיל ערגער... ווי אַזוי... ווי אַזוי . . . האָסטו מיך פריער געפרעגט — וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגן? (ביידע שוועסטער קוקן זיך אָן מיט טרוקענע אויגן).

# ביזנעס

די באָבע האָט גלייך באַמערקט אַז דייוו, איר אינגסטער איניקל, איז ניט געהעריג אויפגעלייגט. געגעסן האָט ער שווייגענדיג, ווי אָן אַפּעטיט, און אַזוי צוטראָגן געוועזן. ער האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער איז ניט הונגעריג, ניט לאַנג נאָכן מיטאָג. די באָבע אָבער האָט געוואוסט, אַז דייוו, הונגעריג, צי זאַט, געפינט שטענדיג גענוג אַפּעטיט פאַר די פאַרשידענע מאכלים וואָס שטייען ביי איר, צי פאַררוקט אין אויוון, אָדער איבערן אייז.

די אַלטע האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול און גענומען קוקן פאַרדעכטיג אויף דאָס שיינע געזיכט פון איר צוואַנציג־יעריגן איניקל, ווי ער איז געשטאַנען פאַרטראַכט פאַרן פענסטער: וואָס קאָן עס זיין מיט אים? קוקנדיג אַזוי האָט זי קלאָר געהערט ווי דייוו לאָזט אַרויס אַ שטילן זיפץ. דאָ האָט זי זיך אין אמת'ן דערשראָקן.

— וואָס איז דיר, דייוועניו? — איז זי צוגעלאָפן צו אים.

די אַלטע פרוי איז געוועזן טיף איבערצייגט אַז ערגערס ווי דערלאָזן יונגע לייט צו דענקען אָדער זיפצן איז גאָר ניטאָ. פון דענקען און זיפצן פאַר זיך, ביז בייסן זיך די נעגל פון האַנט און זיך נעמען דאָס לעבן, איז ניט ווייט.

— וואָס איז עס? האַ? דייוועניו? דו הערסט שוין גאָר ניט, דייוו?

— גאָרניט, באָבע! — האָט דייוו געענטפערט אַזוי שנעל ווי ער האָט זיך געכאַפּט אַז זיין באָבע שטייט פאַר אים.

— וואָס הייסט גאָרניט? וואָס, איך זע ניט, מיינסטו? כ'פאַרשטיי אפשר ניט?

די ערשטע רגע האָט זיך דייוו דערשראָקן: אפשר זעט זי טאַקי? אפשר לעזט זי זיינע געדאַנקען? איז ער רויט געוואָרן. ער האָט אָבער גלייך איינגעזען זיין נאַרישן געדאַנק און באַטראַכטנדיג דעם האַרציגן מיטפילנדן פנים פון זיין ליבער באָבען האָט ער געזאָגט:

— איך דאַרף זייער נויטיג געלט...

— געלט? אויף וואָס דאַרפסטו דאָס געלט? אפשר אויף ביזנעס? האַ? אויף ביזנעס? איך וועל שווערן, אַז דו ווילסט גיין אין ביזנעס. — זי האָט שוין מער קיין ספק ניט געהאַט אַז זי האָט געטראָפן און איז געווען איבערגליקלעך.

— אויף ביזנעס, — האָט דייוו אַרויסגעשטאַמלט, ניט צו אַנטוישן זיין גוטער באָבען.

— וואָסער ביזנעס?

דאָס האָט ער שוין ניט געוואוסט ווי עס אָנצורופן. האָט ער זיך דערמאָנט אַז ער האָט ניט לאַנג צוריק געהערט אַז אַ יונגער מאַן האָט געמאַכט אַ ביסל געלט פון ווייץ, געקויפט ווייץ.

— ווייץ, — האָט ער אָפּגעשניטן קורץ. — עס מאַכט זיך מיר צו קויפן אַ מציאה... זאָלסט קיינעם ניט דערציילן! קיינעם ניט! דעם זיידן אויך ניט. דו ווייסט דאָך, ער וועט עס גלייך אויספּויקן...

— חס וחלילה, מיין קינד... כ׳וועל ניט דערציילן קיין נפש — האָט זי אים ערנסט צוגעזאָגט — איך וועל זאָגן, אַז איך דאַרף דאָס געלט פאַר זיך... — וויפל וועסטו דאַרפן, דייוועלע?

דייוו האָט אַ ווײַלע אַ קלער געטאָן.

— עס פעלט מיר אויס אַ הונדערט און פופציג דאָלאַר.

געדאַרפט האָט ער פיל ווייניקער, נאָר וויבאַלד אַז ביזנעס, האָט ער שוין געמוזט אָנרופן אַ פאַסיקע סומע.

אין גיכן איז דער זיידע אָנגעקומען. נאָך איידער ער האָט באַוויזן אָנווערקצושטעלן זיין שטאָק אין ווינקל, איז שוין די באָבע ביי אים געווען.

— וואָס זאָגסטו, רפאל, אויף אונזער דייוועלען? ער נעמט זיך דאָך מיט מזל צו ביזנעס!

דייוו איז רויט געוואָרן און ערנסט פּראָטעסטירט.

— וועלכע ביזנעס! ווער האָט גערעדט פון ביזנעס? כ׳האָב ניט געמיינט קיינע ביזנעס...

נאָר די באָבע האָט הארציג געלאַכט פון אים.

— ער גייט דאָך קויפן ווייץ און קאָרן! וואָס זאָגסטו אויף אים?

— זע נאָר, ווי רויט ער איז געוואָרן! — האָט געלאַכט דער אַלטער קוקנדיג אויף זיין אייניקל. — ער אַליין האָט זיך ניט ווייניגער צערויטלט, הגם אויס אַן אַנדער אורזאַכע. — וואָס שעמסטו זיך, נאַרעלע?

— ער וויל ניט מע זאָל וויסן דערוויל, — האָט זיך די באָבע דערמאָנט. ער וויל עס האַלטן בסוד דערוויל.

און דאָ האָט די באָבע געגומען דערציילן ווי אַזוי זי האָט באַמערקט אַז דייוו גייט אַרום אַ צעטראָגענער, ווי זי האָט אים געהערט זיפצן, שווער זיפצן, טאַקי שוין ווי אַן אמת׳ער סוחר, ווי זי האָט זיך רעכט דערשראָקן, ווייל ער האָט שוין ניט געהערט, וואָס מע רעדט צו אים.

דער זיידע האָט געהערט און געשאָקלט מיטן קאָפּ רעכטס און לינקס — אַ געוואוינהייט זיינע.

— כ׳גיי ניט אין ביזנעס! — האָט דייוו ווידער אַמאָל צוגעוואָרפן אין גרויס פאַרלעגנהייט. — איך האָב זיך איבערלייגט, ס׳לוינט מיר ניט...

די אַלטע האָבן אים ניט געהערט.

— דו פאַרשטייסט, רפאל, עס פעלט אים צו געלט, — האָט די באָבע ערקלערט. — מע וועט אים דאַרפן אַרויסהעלפן.

— נו? ס׳איז דאָך דיין איניקל?

מער האָט דער אַלטער זיין פרוי ניט געזאָגט. ער האָט נאָר אַ פּאָר־שעה אויגן אין בליק געטאָן איר אין די אויגן. זי האָט אים שוין פאַרשטאַנען. ווי פילע פרויען פון איר שטאַנד האָט זי שטענדיג געהאַט אַביסל געלט בשתיקה פון איר מאַן. רעדן דערפון אָפן האָט מען ניט געטאָרט — זי וואָלט אָפּגעלייקנט שטיין און ביין. אויפן וואונק איז עפּעס אַנדערש. דאָסמאָל האָט זי כמעט ווי גאָרניט געהאַט. אַ טאָכטער איז ביי איר מיט אַ טאָג פריער געווען און אויסגעליידיגט דער מאַמע׳ס „קניפּל״. האָט זי איצט דרייסט צוריקגעוואָרפן אַ בליק און ווען ער האָט אַזוי גיך ניט פאַרשטאַנען, האָט זי אָפן געענטפערט:

— זע נאָר, ווי ער מאַכט זיך עס תמ׳עוואַטע... — וואָס מיינסטו זיך, וואָס?...

ער אַליין האָט אַזאַ סומע ניט געהאַט ביי זיך. זיין ביסל פאַרמעגן איז געווען אין זיין זון׳ס הענט, טאַקי ביי דייוו׳ס פאָטער, וועלכער איז פונקט געווען אָפּגעפאָרן.

— מוזט דאָס געלט שוין האָבן? — האָט ער געפרעגט דייוו׳ן.

אַ פּאָר מינוט פריער איז ביי דייוו׳ן רעכט געווען, אַז ער וויל ניט דייער געלט. איצט אָבער, ווען עס האָט אויסגעוויזן, אַז ער דאַרף נאָר צושאָקלען מיט זיין קאָפּ און דאָס געלט איז שוין „זיינס״, האָט זיין האַרץ ווי אָפּגעחלש׳ט דערפילנדיג ווי נאָענט ער איז צו דעם, און כמעט ווי אָן אָטעם געענטפערט:

— יאָ!

— שוין! שוין! תיכף ומיד? — האָט דער אַלטער איבערגעפרעגט, — אפשר קאָנסטו אָפּוואַרטן ביז מאָרגן? האָ?

אַ פּאָר מינוט האָט דייוו געקוקט אויף זיין זיידן און זיך געקווייקלט. ס'איז אים אויסגעקומען, אַז אויב ניט איצט דאַרף ער דאָס געלט שוין אין גאַנצן ניט. דער אַלטער רפאל האָט אָבער אויסגעקוקט אַזוי מיד אַז דייוו האָט נאָכגעגעבן.

אויף מאָרגן האָט זיך רפאל אויפגעכאַפּט פריער ווי געוויינלעך און, ליגענדיג אין זיין בעט, האָט ער זיך דאָס ערשטע דערמאָנט אָן דייוו'ן

— שלאָפסט ניט? — האָט ער געפרעגט זיין פרוי וואָס איז געלעגן אין איר בעט לעבן זיינער.

— וואָס איז דען? — האָט די אַלטע געפרעגט.

— איך קלער ביי וועמען מען קריגט דאָס געלט פאַר דייוו'ן, אפשר ביי האַלצער'ן?

און כאָטש עס איז אים געווען אַלצאיינס ביי וועמען ער וועט באָרגן די סומע, דאָך האָט ער באַשטימט צו ווענדן זיך צו האָלצער'ן. האָלצער איז אַמאָל געווען דער חבר פון זיין עלטערן זון און דער פעאיגערער, וואָס ער האָט אים נאָך ביז היינט ניט פאַרגעסן. האָלצער'ס איינציגער זון האָט געהאַט אַ נאָמען פון אַ גרויסן אויסברעכער, אַ לעבקינד און רפאל האָט געפילט אַז עס שאַדט ניט, אַז האָלצער זאָל וויסן, אַז זיין דייוו געפינט זיך עטוואָס געענגט צוליב ביזנעס. דייוו איז געווען אַ פּאָר יאָר אינגער פאַר יענעמ'ס תכשיט. און אַזוי ווי רפאל האָט געוואוסט, אַז האָלצער זאָגט קדיש און דאַוונט השכמה, איז ביי אים געבליבן, אַז דאָס בעסטע וועט זיין ווען ער וועט דאָס מאָל דאַוונען השכמה.

האָלצער'ן האָט ער דערזען גלייך ווי ער איז אַריין אין שול און זיך אמת דערפרייט מיט אים. בכלל האָט זיך דער אַלטער געפילט אויסגעצייכנט אויפגעלייגט אין שול. ער דאַוונט זעלטן השכמה און אַלץ איז אים אויסגעקומען אַזוי ניי. ביים אַרויסגאַנג האָט ער זיך געווענדט צו האָלצער'ן.

— צו דיר האָב איך מיך טאַקי געקליבן היינט.

— אדרבא!

— אַ גמילת־חסד... אויף אַ פּאָר טעג... ניט פאַר מיר אַליין... פאַר מיין איניקל, דייוו'ן... קענסט דאָך אים?

האָלצער האָט דייוו'ן געקענט נאָר פון דערווייטן. איצט ווען ער האָט געהערט אַ גמילת־חסד פאַר דייוו'ן איז אים די זאַך אַריין אין נאָז.

— אודאי, אודאי קען איך אים... חיימ'ס זון, אַ שאלה! כ'זע אים אפילו זעלטן נאָר... אויף וואָס דאַרף ער געלט?

— אויף וואָס? אויף ביזנעס! אויף וואָס דאַרף מען געלט אויב ניט אויף ביזנעס? ער קויפט ווייץ, אפשר קאָרן? דער גוטער יאָר ווייס אים...

די צוויי מענער זיינען איצט געווען אויף זייער וועג צו האָלצער׳ס הויז. רפאל׳ס רויט געזיכט איז איצט געווען נאָך רויטער ווי געוויינלעך און אונטער זיין רונד הוט האָט ער צייטנווייז דערמאָנט אָן אַ קאָפּ פון אַ נאָך צײַנלאָז קינד. מער ניט, וואָס ער האָט נאָכאַנאַנד געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס. דאַגעגן האָט האָלצער מיט זיין גרויען קאָפּ און טיף געראונצלט געזיכט אויסגעזען עלטער ווי זיינע פופציק יאָר.

— ווייץ, זאָגט איר? — האָט ער איבערגעע׳חזר׳ט, — עס מוז זיין לוקאַס׳עס ווייץ... פון וואַנען האָט ער עס אָבער אַזוי שנעל דערשנאַפּט? ער קאָן דאָ עפּעס מאַכן...

אין הויז ביי האָלצערן איז רפאל געווען אַ גוטער גאַסט. פון פרישטיק האָט ער זיך אַנטזאָגט, אַ גלאָז טיי האָט ער אָבער יאָ געטרונקען. האָלצער האָט גלייך דערציילט זיין פרוי וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— ער קויפט לוקאַס׳עס ווייץ.

עס איז שוין ביי אים קיין ספק ניט געווען, אַז ס׳איז לוקאַס׳עס ווייץ.

— אַ וואונדער ווי ער האָט עס דערשנאַפּט!...

רפאל האָט געלאַכט. אַז ס׳איז געקומען אָנצורופן די סומע, האָט ער געפילט אַז הונדערט און פופציג וועט פאַרקלענערן די זאַך, האָט ער שוין געבעטן דריי הונדערט.

נאָכ׳ן געלט האָט מען באַדאַרפט שיקן אין באַנק. זיין דינסטמיידל האָט האָלצער ניט געוואָלט שיקן, ווייל איר ציט אַלץ צום דרויסן, וואו זי קאָן זיך ניט געבן אַן עצה. דאָס מיידל, אַן אויגנשיינלעכע קאָקעטקע מיט געקינצלט־פאַרקאָמטע בלאָנדע האָר, האָט אַ פריש פּנים׳ל מיט אַ פאַרקאַשערט נעזל, — האָט ווי פון דער לופט דערכאַפּט אין וואָס עס גייט דאָ און זיך אָנגעהויבן צו וואַרפן אין די אויגן. האָלצער ווידער האָט איינגעשפּאַרט געוואָרט טאָמער וועט אימעצער אַנדערש אונטער־קומען און דערווייל געוואָרפן בייזע בליקן אויף דער מיידל. געשיקט האָט ער לסוף איר.

— זאָלסט מיר קומען גיך צוריק, הערסט? מען וואַרט דאָ...

ס׳מיידל איז אַרויסגעפלויגן לעבעדיק ווי אַ פויגל אין דער פרייער לופט.

צוריקקומענדיג צו זיך אַהיים האָט דער אַלטער רפאל געפונען אַ גרייטן טיש און זיך געזעצט עסן. ביים ערשטן געריכט איז דער אַלטער, אַן אויפגעלייגטער, געווען פאַרנומען כמעט אויסשליסלעך מיטן

עסן. האָט שוין זיין פרוי פאַרשטאַנען, אַז ער האָט וואָס צו דערציילן איר און געקוקט אים אין די אויגן. ערשט שפּעטער האָט ער אַרויס־געמורמלט ווי פאַר זיך:

— ניט קיין קרומע זאַך קויפן ווייץ איצט...

— טאָקע? — האָט זיך די פרוי דערפרייט.

— וואָס דען? קרום? ס'איז לוקאַס'עס ווייץ, מעגסטו וויסן...

— גיי שוין גיי... לוקאַסעס ווייץ קויפט ער?

זי האָט זיך אָבער אויפן שטעל געמוזט מודה זיין אַז זי ווייס ניט ווער לוקאַס איז.

— טאָ וואָס רעדסטו, אידענע, לוקאַס, לוקאַס?

ער אַליין האָט ביז דאַן אויך ניט געהאַט געהערט פון לוקאַס'ן.

— דערשנאַפּט אַ לוקאַס'ן, דייוו אונזערער... — האָט דער אַלטער אונטערגעברומט.

דייוו איז געקומען נאָכן געלט שפּעטער ווי מען האָט זיך געריכט אויף אים. דער אַלטער איז שוין געשלאָפן זיין נאָכמיטאָג־שלאָף, אַ פעסטן שלאָף נאָך די אומגעווייַנלעכע אָנשטרענגונגען.

— דער זיידע האָט שוין געלט פאַר דיר... ער האָט גענומען דריי הונדערט דאָלאַר, — האָט די אַלטע איינגערוימט דייוון אין אויער.

— דריי הונדערט! — האָט דייוו זיך דערשראָקן. — ווער דאַרף דריי הונדערט! — האָט ער שיר ניט אויסגעשריען מיט כעס. עס איז אים געוואָרן ענג און שלעכט און אַ שווייס איז אַרויס איבער זיין שטערן און געזיכט. די באָבע אָבער איז געשטאַנען פאַר אים און געקוואָלן פון נחת.

— ער וועט באַלד אויפשטיין, — האָט זי אים אָנגעוויזן אויפן שלאָפנדיקן רפאל'ן.

דער אַלטער, אָנגעלענט זיין שניי־ווייסן קאָפּ אויף דער בלאַנקער קישן, איז געשלאָפן געשמאַק, פון צייט צו צייט אונטערפייפנדיק מיט דער נאָז. דייוון איז אַריין אַ געדאַנק אַז ער וועט מוזן אַנטלויפן פון שטאָט און ער האָט געכאַפּט אַ בליק צו דער טיר און פענסטער.

— זעץ זיך צו, דייוועניו, וואָס שטייסטו?

דייוו האָט זיך צוגעזעצט. ער האָט ניט געוואוסט וואָס אַנדערש צו טאָן.

— אמת, דו קויפסט לוקאַס'עס ווייץ? — האָט די אַלטע געפרעגט מיט אַזאַ גלעטנדער שטימע.

דייוו האָט ניט געענטפערט.

— האַלצער זאָגט ס'איז לוקאַס'עס...

— האַלצער ?!

— פון האַלצער׳ן האָט דער זיידע דאָס געלט געבאַרגט...

— די דריי הונדערט ?

ביי דייוו׳ן איז שוין איצט פעסטגעשטעלט אַז ער מוז פאַרלאָזן די שטאָט נאָך דעם טאַראַראַם מיטן ווייץ וואָס די אַלטע האָט אָנגעמאַכט. דער באַשלוס האָט אים אַביסל באַרואיגט.

— עס איז שוין גאָרניט קיין קרומע זאַך צו קויפן איצט ווייץ!...

— האָט די באָבע טיפזיניג באַמערקט.

דייוו האָט איר שאַרף אָנגעקוקט און די פרוי האָט זיך גלייך מודה געווען:

— האַלצער... זאָגט אַזוי...

די באָבע האָט גענומען גלעטן דייוו׳ס האַנט.

מיט אַ שאַרפן נאָז־פייף האָט זיך דער זיידע דערביי פלוצלינג אויפגעכאַפּט, ווי אויפגעריסן פון זיין אייגענעם פייף...

—:::—

דייוו, מיטן געלט אין קעשענע, איז אַרויס אין גאַס. אַ פריש וואַרעם ווינטל האָט אים באַגריסט און פאַרפירעריש גענומען אַריינ־מורמלען דעם צעשטרייטן דייוו׳ן אין די אויערן. דייוו איז אַרויס פון זיידנס גאַס און איז אַריין אין אַן אַנדערער, אַ ווייניקער באַקאַנטער און פון דאָרט אין אַ זייטיגער, גאָר פרעמדע גאַס, און ווי דער ווינט וואָלט די צעשטרויאונג זיינע אַוועקגעבלאָזן, האָט זיך ביי אים אין געמיט אויסגעלייטערט ווי דער הימל איבער אים. איצט האָט ער געשפּרייזט אַזוי לייכט און פריי, ווי ער וואָלט ניט געשפּרייזט אויף זיינע אייגענע פיס, נאָר געטראָגן געוואָרן פון ווינטעלע. ווייל דער וואַרעמער ווינטעלע האָט אים באַגלייט די גאַנצע צייט און פאַרפירעריש עפּעס געשושקעט און דערציילט. „וואוהין גייסטו, דייוו ?״ — האָט ער זיך געפרעגט. „דערווייל ווייס איך ניט״, איז געווען דער ענטפער, „דערווייל איז עס נאָך צו פרי. כ׳וועל וויסן שפּעטער, דערווייל גיי איך אויף אַ פאַרזיגלטע שליחות...״ און דאָ, יאָ, הויבט די זון אָן זינקען, זינקען... פון וואַנען דייוו שטייט איצט קאָן ער זען די גאַנצע פראַכט פון זונען־אונטערגאַנג. די וואונדערלעכע פאַרבן, וואָס רוען ניט, נאָר קומען און גייען און קומען ווידער, אַמאָל דאָ, אַמאָל דאָרט, רירן און רייצן אים. אָט האָט זיך דאָרט אָנגעצונדן אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיגע רויטקייט... וואו האָט ער געהאַט געזען אַזאַ רויטקייט ? דייוו ווייס וואו און אויף וועמען. אויף איר, אויף איר... ער וועט עס אפשר זען אויף איר נאָך די נאַכט...

הויך אין הימל האָט זיך אַ בלאַס שטערנדל באַוויזן. „די נאַכט קומט אָן", — האָט דייוו געמורמלט קוקנדיג אויף אַ טיף־וויאָלעטן פּאַס אין אַ נידעריגן און ווייטן ווינקל פון האָריזאָנט, און דאָס וואָרט „נאַכט" האָט אים געקלונגען אַזוי סודות'דיג־זיס און צאַרט.

האָט דייוו זיך אָן אַלעמען געהאַט פאַרגעסן? ניין, ניט אינגאַנצן, ווייל איין מאָל האָט ער זיך געהאַט געפרעגט: אפשר טאַקע קויפן ווייץ, וויבאַלד עס האָט זיך שוין געמאַכט אַזוי? צוליב טאָן דעם זיידן, זיין גוטער באָבען? און טאַקע אויפזוכן לוקאַס'ן... ווער אָבער איז דער לוקאַס? איז עס זיין ערשטער, אָדער פאַמיליע־נאָמען? ווי אַזוי קויפט מען ווייץ? ווי אַזוי פאַרקויפט מען?

ווי אַ גנב, שטיל, איז אָנגעקומען די נאַכט און דייוו איז פאַר־שלונגען געוואָרן צווישן די שאָטנס פון פינסטערעביימער אַרום אַ שטיל הויז.



שעה'ן, שעה'ן שפּעטער איז דייוו ווידער אַרויס אויף דער פרייער לופט אויפן וועג צו זיך אַהיים. עס איז געווען שפּעט, שפּעט אין דער נאַכט. די גאַסן זיינען געווען טונקל און שטיל, נאָר דער הימל האָט געלויכטן מיט צאָללאָזע שטערן. דייוו האָט זיך גאָרניט געאיילט אַהיים. ער איז קיינמאָל אַזוי וואָך ניט געווען ווי אין יענער שעה. „וואָך ווי די שטערן", — האָט זיך אים געדוכט. אַ מערקווירדיגע פרייד איז געפלאָסן אין אים. נאָך אַלעמען איז עס גוט וואָס ער האָט געבעטן 150, האָט ער גליקלעך געטראַכט.

קיין לעבדיגן נפש האָט ער ניט אָנגעטראָפן אויף זיין וועג: „אַלץ רוט אַחוץ אים און זיין שטילן שאָטן". ווען ער איז אַריין אין איין גאַס, איז אַ הונט וואָס איז ווי פון דער ערד אַרויס, אים פּלוצלינג אַנטקעגן געקומען, שטיל ווי אַ שאָטן. אַ גאָר פרעמדער הונט וואָס האָט באַלד אָנגעהויבן צו לעקן זיין מאַנטל און זיינע הענט. דייוו'ן איז געווען אָנגענעם די וואַרשיינלעכע סימפּאַטיע פון הונט צו אים אונטער דעם פיל־אויגיקן און פריינטלעכן הימל אין דער איינזאַמקייט אַרום. „נאָך אַ הונט", האָט ער זיך געזאָגט, גלעטנדיג די וואַרעמע באַשעפעניש און געלאַכט איבער זיין אייגענעם וויץ.

אַ שאַרף ווינטל האָט אַ בלאָז געטאָן פריש און קיל פון איין זייט. „אַ פאַרטאָג ווינטעלע", האָט דייוו זיך געזאָגט און גלייך זיך דערמאָנט אַז דעם פאַריגן מאָרגן, אפשר אַרום דער זעלבער צייט, האָט זיך זיין זיידע אויפגעכאַפּט פריער ווי געווינלעך צו קריגן אים דאָס געלט.

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט די ערנסטע מינע אויפן געזיכט פונ׳ם אַלטן, ווי ער איז דאָרט געגאַנגען פאַר אים אין שול און געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף רעכטס און לינקס. אפשר האָט מען אים געזען און געפרעגט זיך וואוהין ער גייט עס אַזוי פרי? דער געדאַנק איז דייווי׳ן אויסגעקומען העכסט אינטערעסאַנט. ער האָט זיך אָבער אויף דער שטעל איבער־געריסן מיט דער פראַגע: „וואָס וועט ער זיי זאָגן?״ נאָר עס איז אים געוועזן צו לייכט אויפן געמיט און צו פריידיג אויף האַרצן צו וועלן טראַכטן איצט וועגן אַן ענטפער. האָט ער ווייטער שטאָלץ געשפּרייזט ווי דער באַלעבאָס פון שטאָט און פון אַלץ אַרום. יאָ, „העכסט אינטערעסאַנט, העכסט אינטערעסאַנט״, — האָט ער נאָך איינציגע מאָל איבערגע׳חזר׳ט גייענדיק אַזוי און ציענדיק פאַר זיך דעם פריערדיקן געדאַנק. — ווייטער איז עס ניט געגאַנגען . . .

# אַ חלום

צווישן צוויי און דריי איז געווען די שטילע שעה אין מיס ראָזען׳ס פּאַנסיאָן און דאָס איז אויך געווען מיס ראָזען׳ס רו־שעה. זי פלעגט זיך דאַן צוריקציען אין איר קליין צימערל אויפן צווייטן שטאָק, זיך באַקוועם איינזעצן אין איר לענשטול ביים פענסטער און קוקן פאַר זיך אין דרויסן, צום הימל, אָדער אין זיך. דאָס צימערל איז אינגאַנצן געווען פאַר איר אַליין, אירע זעלטענע געסט פלעגט זי מייסטנס אויפנעמען אין אונטערשטן עס־צימער. דאָ אין צימערל איז געשטאַנען איר שמאָל בעטל, אַ קליין קאָמאָד, אַ שטול און אַן עטאַזשערקע, האַלב פאַר אירע ביכער, האַלב פאַר איר בראָנז און פאָרצעליי־קליינינג־קייטן. אויף די ווענט — דאָ און דאָרט אַ בילד. אַלץ נעט, ריין, באַשיידן און געשמאַק. אונטן, אין אויפנאַמס־צימער, איז זי געווען מיס ראָזען, דאָ ביי זיך — שרה׳לע, צוריק שרה׳לע, הגם עס איז ניט געווען ווער עס זאָל זי אַזוי רופן. זי האָט זיך אָבער דאָ געהערט אַזוי רופן: פון די ווענט, פון די מעבל, פון דער לופט, פון זיך אַליין. שרה׳לע, די אַמאָליגע יונגע מיידל פון וואַרשע, ווי זי האָט זיך געדענקט און געזען. איבער זעכצן יאָר ווי זי איז אין ניו־יאָרק, נאָר אַז מען איז די גאַנצע צייט פאַרנומען, פאַרשיידנאַרטיג פאַרנומען, זעט זיך אַמאָל די גאַנצע צייט־שטרעקע ווינציג וואָס אָן, האַלט מען זיך פעסט אָן ביים פאָריגן, און מען לאָזט עס ניט אָפּ פון זיך.

אין איין הינזיכט ווייניגסטנס איז זי טאַקע פאַרבליבן די שרה׳לע פון אַמאָל, אָדער אַפילו פון גאָר אַמאָל, פון די קינדערישע יאָרן נאָך — אין איר אָפטן וואונש צו פאַרבלייבן מיט זיך אַליין אַ ווילע, מיט אירע אייגענע געדאַנקען: איבערלעבן אין געדאַנק די געשעענישן פון טאָג אָדער איבערהערן און ווידער איבערהערן די עכאָ־קלאַנגען פון לאַנג שוין פאַרגאַנגענע פּאַסירונגען און געפילן. זי האָט אויף אַזאַ אופן, ווי געוואָלט פאַרהאַלטן דאָס פאַרגאַנגענע, באַטראַכטן עס ווידער און ווידער און אָפטמאָל אַפילו געפונען אין דעם עפּעס נייעס און נאָך ניי׳ערעס. ניט אַלע מאָל זיינען די געווינשטע געדאַנקען געקומען, האָט עס אויך

ניט אויסגעמאַכט. פלעגט זי בלייבן זיצן און וואַרטן געדולדיג ביז וואַנען עס איז געקומען דער זיסער געפיל פון רו און שטילקייט, ווען אפילו די אויסערע וועלט אַרום האָט אויסגעדוכט שטיל און שטילער צו ווערן אין טיפער שייכות מיט אירע געדאַנקען.

גאָר פרי אין איר לעבן האָט שרה׳לע אָנגעהויבן צו פילן אין זיך אַ באַשטימטע פערזענלעכקייט, אַן אייגנאַרטיגקייט וואָס לאָזט זיך ניט אויפלייזן, נאָר בלייבט שטענדיג געטריי צו זיך. „אַן אינעווייניגסטע שרה׳לע״, — פלעגט זי עס רופן. זי איז אַמאָל צוגעקומען אומבאַמערקט צו אַ גרופּע פון אירע קליינע חבר׳טעס, האָט זי געהערט איינע פון זיי זאָגן: „אַזוי איז שוין שרה׳לע, ווייסט איר דען ניט?״ שרה׳לע האָט פאַרשטאַנען און זיך געפונען געשמייכלט וואָס אויך זיי ווייסן פון סוד, פון דער אינעווייניגסטער שרה׳לע.

נאָך אַן אינצידענט פון יענער צייט — ווען זי איז צען יאָר אַלט געווען — איז פאַרבליבן אין איר זכרון. זי האָט באַגלייט אַ מיידעלע אויף אַ שליחות צו אַן עלטערער קינדערלאָזער פּאָר. זי האָט געדענקט אַז דאָס קומט זי אין אַ הויז ווי אַנדערע באַקאַנטע הייזער. זי האָט אָבער דערזען אַ צימער מיט אַזויפיל ביכער וואָס זי האָט נאָך קיינמאָל ניט געזען צוזאַמען. אויף אַ טיש האָט זי באַמערקט צווישן אַנדערעס אַ שיינעם נייעם בוך אין העברעאיש. דאָס האַרץ האָט איר געזאָגט אַז איר פאָטער וואָלט גע׳חלש׳ט צו לעזן דעם בוך. — „אַנטלייט מיר דעם בוך פאַר מיין טאַטן״, — האָט זי זיך געווענדט צום אומבאַקאַנטן באַלעבאָס פון הויז. דער אַלטער מאַן האָט זיך כמעט פאַרלאָרן, עס איז ביי אים געווען אַ חוק ולא יעבור ניט אַרויסצובאָרגן קיין ביכער. ער האָט זיך פון זיינע ביכער ניט געקאָנט שיידן, זיי זיינען געווען זיינע קינדער. „ווער איז דיין טאַטע״? — האָט ער געפרעגט. איר פאָטערס נאָמען איז אים געווען גאַנץ פרעמד. „מיין טאַטע האָט ליב גוטע ביכער, ליב ווי דאָס לעבן״, — האָט זי צוגעגעבן. מיט איר האַנט האָט זי געגלעט דעם ספר און מיט אירע שיינע אויגעלעך געבעטן ביי דעם מאַן. ער האָט אָנגעהויבן צו שמייכלען, אַ גלעט געטאָן איר איבערן קאָפּ און איר געגעבן דעם בוך. איר פאָטער האָט זיינע אויגן ניט געגלויבט ווען שרה׳לע האָט אים שפּעטער צוגעטראָגן דעם שווערן באַנד. זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן מיט אַ זעלטענער פרייד איבער זיין געראָטענער טאָכטערל, איבערן בוך, איבער די נייע אינטערעסאַנטע באַקאַנטשאַפט, ווייל ער האָט פון יענעם מאַן דוקא גוט געוואוסט. שרה׳לעס פאָטער איז געווען אַ קרענקלעכער מענטש, לייכט אויפצורעגן, מייסטנס פאַרנומען מיט זיך. זייער הויז, אין יענע יאָרן, איז

באַשטאַנען פון צוויי באַזונדערע גרופּעס: דער פאָטער פון איין זייט, און די מוטער מיט אַן עלטערער טאָכטער פון א יאָר 18, פון דער אַנדערער. שרה׳לען האָט מער געצויגן צו איר איינזאַמען פאָטער. עס איז אויך געווען אַן אינגערער ברודערל, לייבעלע.

אין דער ערשטער רגע פון איר פאָטערס גרויסער איבערראַשונג איז דאָס קליינע מיידעלע געווען מער פון אַלץ אַנטציקט מיטן גרויסן וואונדער, וואָס זי האָט באַוויזן, אויסצוקלייבן פון צווישן אַזויפיל אַנדערע ביכער פונקט דעם נאָך וועלכן איר פאָטער האָט אַזוי געגאַרט, ווי ער האָט איר פאַרזיכערט. און ווי וואונדערלעך ס׳איז איר געווען צו הערן איר פאָטער זאָגן, אַז ער וועט גיין באַזוכן יענעם מאַן. אין שפּעטערדיגע יאָרן, ווען דער אינצידענט פלעגט איר קומען אויפן געדאַנק, פלעגט זי דענקען פון דער גייסטיגער דערנעענטערונג וואָס איז פאָרגעקומען דעמאָלט צווישן פאָטער און איר, זיין קליינער טאָכטער, פון זייער שטומער פאַרשטענדיגונג זייט יענעם טאָג. מער פון אַלץ האָט איר דעמאָלט הנאה געטאָן וואָס זי האָט דעם איינזאַמען שווער־מוטיגן מאַן פלוצלינג דערזען אַזוי גליקלעך ווי א קינד.

אַלטע, וואונדערלעכע געשעענישן פון אַזוי לאַנג צוריק... וואָלט זי, די אַמאָליגע צען־יאָריגע מיידעלע, זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַזאַ גרויסן וואונדער, אַז מיט אַזויפיל יאָרן שפּעטער איז דער ווייטער וואונ־דערלעכער אַמעריקע, ערגעץ אין אַ הויז אין ניו־יאָרק, וועט זיצן אַ פרוי און דענקען פון זיך און פון אירע קינדערישע וואונדערלעכע אויפטואונגען? די פרוי איז שוין איצט 35 יאָר אַלט און איז די איינגנטימערין פון אַ פּאַנסיאָן, דאָס איז זי אַליין טאַקע, די אַמאָליגע שרה׳לע.

וואָס עס איז אַלץ פאָרגעקומען פאַר דער צייט! איר פאָטער איז געשטאָרבן. צוליב דעם טאַקע איז זי אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע; איר שוועסטער איז פאַרבליבן דאָרט מיט אַ מאַן און קינדער. אַלע דאָ זיינען איר אַזוי פרעמד. איר מוטער איז אויך געשטאָרבן, איז זי אַן עלנטע, אַליין דאָ. און איר ברודערל, לייבעלע, וואו ערגעץ איז איר ברודערל?

איר ברודער איז אַוועק פון הויז אַ אינגל פון 13—14 יאָר און מער האָט זי פון אים ניט געהערט. ער איז אַוועק אַ שטיק פאַרטאָג, און דאָס אַליין וואָלט געמאַכט יענע נאַכט צו געדענקען, אָבער זיין אַוועקגיין איז געוואָרן פאַרבונדן מיט נאָך עטוואָס ניט ווייניגער דענקבאַר...

זי האָט געזען יענע נאַכט דעם ערשטן מאָל אין איר לעבן, דעם איינציגן מאָל, אַ וואַרעם ליכטיק גליק וואָס זי וועט טראָגן אין איר געדאַנק ביז צולעצט. עס איז געווען אַ חלום אָבער וואָרער ווי די וואָר. דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס דער אינהאַלט פון׳ם חלום איז פאַר־שוואונדן געוואָרן פון איר צוזאַמען מיטן חלום אַליין. געבליבן איז נאָר דאָס אָנדענקען פון דעם ליכט און וואַרעמקייט, און דער געדאַנק אַז עס גיט אַזויפיל גליק אויף דער וועלט. דער חלום איז באַשטאַנען פון דריי טיילן: צוערשט ריינער ליכטיגער חלום; דערנאָך עפּעס וואָס איז געווען האַלב־חלום, האַלב־וואָר; דערנאָך שוין טיפער גליקלעכער שלאָף. דאָס הייסט, אין מיטן חלום האָט זי דערשפּירט, ווי עפּעס רייסט זיך איבער, אַז זי כאַפּט זיך אויף פאַר אַ ווײַלע. זי האָט זיך טאַקע אויפ־געכאַפּט אויף אַן אויגנבליק. דערפילט איר קליינעם ברודערל לעבן זיך, האָט זיך גאָרניט געפרעגט ווי אַזוי ער קומט דאָ צו איר — אַזוי טיף דורכגעדרונגען איז זי נאָך געווען פון חלום — נאָר שנעל צוגע־צויגן אים צו זיך אַזוי ווי מיטצונעמען אים מיט זיך אַהין, צום חלום, פון וועלכן זי האָט זיך געלאָזט אַפּרייסן. זי האָט דערשפּירט די זיסע וואַרעמקייט פון זיינע ליפּן אויף זיך: „גוט אַזוי, גוט, גוט״, — האָט זי זיך געטראַכט, — אָט באַלד, אין אַ רגע איז זי צוריק דאָרט״, און אַזוי איז זי ווידער איינגעשלאָפן אין דער זעלבער רגע נאָך.

ווען זי איז ענדלעך אויפגעשטאַנען פון שלאָף, האָט איר גלייך געפעלט די פאָרטזעצונג פון חלום. זי האָט גענומען זוכן איר ברודער — יענער איז שוין אין הויז ניט געווען. איבערגעלאָזט אַ פּאָר ווערטער אַז ער גייט אַוועק אויף אַ לאַנגער צייט. ס׳איז געוואָרן אַ גערודער. איר מוטער האָט איר באַשולדיגט אַז זי האָט געוואוסט פון זיין פּלאַן און אים מיטגעהאָלפן. זי מיט אים זיינען געשלאָפן אין זעלבן צימער. עס האָבן געפעלט אַ פּאָר רובל פון קאָמאָד, וואָס איז געשטאַנען ביי שרה׳לעס בעט. שרה׳לע אָבער האָט איר חלום פון געדאַנק ניט אַרויסגעלאָזן — אַ נייע וועלט האָט זיך דאָ אַנטפּלעקט פאַר איר. איר האַרץ האָט אָנגעהויבן וואַרטן אויף אַן אומבאַשטימטן אָבער זיכערן גליק. נאָך מער, זי האָט באַטראַכט איר ברודערל׳ס אַפּפאָרן אין ליכט פון איר געהויבענעם מוט אין יענעם ליכטיגן פרימאָרגן: „דער יונגער מענטשעלע האָט געוואַגט, אויך מסתמא עפּעס געהערט, געזען, געהאַט אַ פאָרגעפיל און פאַרלאָזן זייער אומעטיג הויז. אַ נייע ליכט גייט אויפשיינען פאַר איר אויך... וואָלט ער נאָר איר אָנפאַרטרויט זיין געהיימן פּלאַן, וואָלט זי דאָך אים אָפּגעגעבן די לעצטע אָפּגע־שפּאָרטע רובלען אירע״.

לויט ווי זי האָט זיך דערנאָך משער געווען איז איר ברודער געקומען צו איר אין דעם אויגנבליק ווען איר חלום האָט זיך פון איר אַליין געענדיקט. אַזאַ חלום האָט ניט געקאָנט לענגער אָנהאַלטן. געקומען געבן זיין שלאָפנדער שוועסטער אַ שטילן קוש פאַרן אַוועק־גיין... געקומען צו איר אַליין פון גאַנצן הויז... אַ שטילן קוש, מורא געהאַט זי זאָל אים ניט שטערן. איז זי געווען גליקלעך, וואָס זי איז גראָד אויף־געווען יענע רגע און אַזוי ליב אויפגענומען זיין צערטלעכקייט.

מיט דער צייט איז דער, וואָס איז פאַר אַלעמען געבליבן אַ סוד, אַלץ זעלטענער און זעלטענער געקומען שרה׳לען אויפן געדאַנק. פון איר ברודער׳ס לעצטער צערטלעכקייט האָט זי אָבער אָפט געדענקט. ווען דער פּלאַן צו פאָרן קיין אַמעריקע איז איר צוערשט געקומען, האָט איר האַרץ אין דער ערשטער רגע איר געזאָגט אַז דאָרט וועט זי געפינען איר ברודער. די גאַנצע צייט פון דער רייזע איבערן ים האָט זי נאַאיוו געגלויבט, אַז די ערשטע פּערזאָן וואָס זי וועט דערזען ביים לאַנדן, וועט זיין ער. שפּעטער, שוין אין לאַנד, האָט זי אים אָפט געזוכט דורך די ניו־יאָרקער צייטונגען. געזוכט אים אויך קורץ פאַר איר כלומרשטן חתונה האָבן און ווען די חתונה האָט זיך אַזוי ביטער געענדיקט.

ניין, שרה׳לע איז ניט געווען אַ טרוימערין. פאַרקערט, זי האָט געהאַט אַ געזונטן פּראַקטישן חוש אין זיך, גאָר ניט אָנגעוואָרן אין קאָפּ פון ניו־יאָרקער לעבן. איינע אַליין איז זי געקומען אין אַמעריקע אַ יונג מיידל פון אַ יאָר 19, מיט זייער ווייניג געלט און ניט מער ווי מיט אַ רעקאָמענדאַציע פון אירער אַ באַקאַנטער פון וואַרשע צו יענערס אַ פריינדין דאָ. אַלס אַ פעאיגע אַרבעטערין האָט זי זיך שנעל דערשלאָגן צו אַ גוטער שטעלע. געאַרבעט, געלערנט זיך און אָנגעקליבן אַ פּאָר דאָלער. פאַר דער צייט האָט זי זיך געהאַט באַקאַנט מיט אַ מיס מירקין, אַ מיידל וואָס האָט פאַרוואַלטעט אַ פּאַנסיאָן. די באַשעפטי־גונג איז שרה׳ן געווען מער צום האַרצן ווי אַרבעטן אין שאַפּ. עס האָט איר ניט לאַנג גענומען אויפצוכאַפּן די נויטיגע פונקטן און אין קורצן האָט זי געפונען אַ פּלאַץ פאַר זיך. עס איז אַוועק ניט שלעכט פון סאַמע אָנהויב אָן. זי איז געווען אַ טיכטיגע אַרבעטסזאַמע באַלע־באַסטע, נעט, אַקוראַט, און אַ פיינע פּערזענלעכקייט אויף דערצו: אַ ברונעטין, דין און מיטל־וואוקסיג, האָט זי אויסגעזען אינגער ווי אירע יאָרן אין אירע געשיקטע באַוועגונגען. כאַראַקטעריסטיש אין איר איז געווען די געהיימע ליכט אין אירע טונקעלע אויגן ווען מען פלעגט איר

עפּעס ערנסטעס דערציילן. דער דערציילער האָט קוקנדיג אָפּט געדענקט אַז זיין מיטטיילונג האָט פיל מער באַדייטונג ווי ער האָט געגלויבט. אַ יונגער דיכטער פון קאַליפאָרניע, וואָס איז איינגעשטאַנען ביי איר אין פּאַנסיאָן האָט אַמאָל ביי אַ געלעגנהייט באַמערקט: „עס קומט מיר אָפּט אויס, אַז דאָס אָנגעשריבענע איז פיל שוואַכער ווי דאָס וואָס איז געוועזן אין געדאַנק, לעז איך עס איבער אין אייערע אויגן איז עס אַזוי פיל, אַזוי פיל רייכער". ער האָט עס ניט געזאָגט אַלס אַ קאָמפּלימענט.

איר פּאַנסיאָן האָט איר געגעבן עקאָנאָמישע זעלבסטשטענדיגקייט, מער פרייהייט און דערפאַרונג: זי האָט דאָרט באַגעגנט אַלערליי מענטשן. אָבער דעם ערשטן יאָר נאָך, האָט זי אויך באַגעגנט דעם מאַן וועלכן זי האָט צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס זי האָט באַטראַכט אַלס דעם איינציגן שענדלעכן פלעק אין איר לעבן. „זי זאָל זיך האָבן אָנפאַר־טרויט אַזאַ מאַן, זי מיט איר באַזונדערן חוש". די גאַנצע געשיכטע האָט געדויערט ניט מער ווי אַ פּאָר מאָנאַטן: דאָס טרעפן זיך, דאָס צוזאַמענלעבן און זיין אַנטלויפן. אַנטלאָפן מיט איר ביסל געלט... געקאָנט האָבן איר יוגנט, איר האַרץ, אירע האָפענונגען און פאַרגעצויגן די פּאָר הונדערטער... און דוקא אַ יונגער מאַן ניט אָן בילדונג... זי האָט ניט געוואוסט וואו צו באַהאַלטן זיך פאַר חרפּה. זי וואָלט אַנטלאָפן ווען ניט אירע חובות און פליכטן צו פריינט. צוויי וואָכן לאַנג האָט זי דאַן געקראָפן איר ברודער דורך די צייטונגען.

אַ האָפענונגסלאָזער פאַרערער אירער פון יאָרן, וואָס האָט קיינמאָל ביז דעמאָלט ניט געהאַט דעם מוט איר צו מאַכן אַ פאָרשלאַג, האָט געהערט פון דער פּאַסירונג, איז ער געקומען און זיך פאַרגעשלאָגן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז ער צוריקגעקומען מיט אַ סטראַ־שונאַק: ער וועט חתונה האָבן מיט אַן אַנדערער אויב זי גיט אים ניט איר צושטימונג. ער קאָן מער אַליין ניט זיין. דעם סטראַשונאַק האָט ער אויסגעפירט. „קאָמיש געווייס, ער איז אָבער דאָך פאַרבליבן איר פאַרערער — קומט נאָך עד היום צו איר, ברענגט נאָך מיט זיין ווייב... דאָס איז אפשר אויך קאָמיש".

בלויז שאַנדע, אָדער עטוואָס קאָמישעס? ניין, ס'איז געוועזן ראָמאַנטישעס אויך. געוועזן אַזוינס וואָס האָט איר טיף גערירט, וואָס זי וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן, מיט וואָס זי איז פאַרבליבן שטאָלץ, אָבער אויך אַזוי טרויעריג... אַזוי אומפאַרשטענדלעך ווי עס איז אַלץ. פאַרוואָס אַ שטייגער האָט זי אים געלאָזט גיין, אָט דעם יונגן דיכטער פון קאַליפאָרניע? איז עס דערפאַר וואָס ער איז געקומען צו פרי נאָך יענער שענדלעכער פּאַסירונג? צי זי האָט געוואָלט זיך אַליין באַ־

שטראָפן? זי געדענקט גוט יענעם געפיל. זי געדענקט אויך איר שטאָלץ וואָס האָט זיך דערוועקט פון קינדווייז אָן נאָך: זי האָט געוואָלט ווייזן אַז זי דאַרף קיינעם ניט, אַז זי קאָן שטיין אַליין... אָבער מער ווי דאָס, גלויבט זי, איז עס געווען עפּעס אַנדערש. זי האָט באמת געבענקט נאָך די יאָרן פון פאַר דער פּאַסירונג, זיך געוואָלט זען צוריק ווי זי איז געווען דעמאָלט, נעענטער און נעענטער צו די אומשולדיגע יאָרן פון יענעם גליקלעכן פרימאָרגן, דעם פרימאָרגן נאָכן חלום. און דאָך האָט זי זיך אָפּט פאַרגוואָרפן די פאַרקערטקייט פון איר נאַטור: „צו וואָס זי האָט זיך צוגעכאַפּט און וואָס זי האָט אָפּגעשטופּט"...

— האָב איך ליב פּעגגין? — האָט זי זיך אַליין אַמאָל געפרעגט ווען זי האָט זיך נאָר וואָס באַפרייט פון ענלעכע געדאַנקען איבער יענעם ראָמאַן. עס איז געווען אין די ווערטער אומצווייפלהאַפטע איראָניע צו איר לאַגע אָבער קיין גרינגשעצונג צו פּעגגין. זי האָט פּעגגין ליב געהאַט און געשעצט. פּעגגי איז געווען די איירישע פרוי פון שרה'לעס עלטער, וואָס האָט פאַר איר געאַרבעט. די ערשטע צייטן האָט פּעגגי איר אויסגעקוקט אַ ביסל צו איינפאַך, צו פּראָזאַאיש. נאָר אַ קורצער געשפּרעך אַמאָל האָט שרה'ן איבערצייגט אַז מען טאָר פּעגגין ניט אָוועקמאַכן מיט דער האַנט. שרה'לע האָט געהאַט אויסגעדריקט איר אָפּשאַצונג פון פּעגגיס גינסטיגקייט און איבערגעבנהייט.

— איר צאָלט מיר דערפאַר, — האָט יענע טרוקן געענטפערט אַזוי, אַז שרה'לע האָט זיך געפונען אַ ביסל אַנטוישט.

— הייסט עס אַלץ ווערט געקויפט און פאַרקויפט?

— יאָ, — האָט פּעגגי געענטפערט, — געוויס אַזוי. איך וואָלט אודאי ניט וועלן אַרבעטן אָן לוין..

דערנאָך האָט זי צוגעגעבן: — אָבער איך וועל ניט שטיין לאַנג צוזאַמען מיט אַזעלכע וואָס געפעלן מיר ניט.

שרה האָט באַוואונדערט דעם בליק פון אייזערנעם ווילן אין פּעגגי'ס בלויע אויגן ביי די ווערטער. פון דעמאָלט אָן זיינען די צוויי געוואָרן מער אָנפאַרטרויט צווישן זיך. דאָך האָט שרה געוואוסט, אַז זיי לעבן אין פאַרשיידענע וועלטן און האָבן פאַרשיידענע השגות. פּעגגי האָט געשטוינט ווען זי האָט צופעליג אויסגעפונען אַז שרה'לע פאַר־ברענגט איר שעה פון רו ניט אין שלאָפן, נאָר אין וואַכזאַמן דענקען. זי פלעגט קיינעם ניט צולאָזן צו איר אין יענער שעה, אָננעמענדיג אַז שרה שלאָפט. ווי דען אַנדערש?

— וועגן וואָס דענקסטו, סאַראַה? — האָט זי נאַאיוו געפרעגט,

— כ׳וועל דיר זאָגן וועגן וואָס איך האָב היינט געטראַכט. איך האָב מיך דערמאָנט אָן אַן אינצידענט פון אַ פּאָר יאָר צוריק. איך בין געגאַנגען באַזוכן אַ באַקאַנטע פאַמיליע, אַלטע פריינט. איך קום אַריין: די זעלביגע דירה, די זעלביגע גוט באַקאַנטע מעבל און דער זעלביגער באַקאַנטער אָרדנונג. נאָר פרעמדע געזיכטער קוקן מיך אָן, אומבאַקאַנטע פּנימער. איך קוק מיך אַרום און באַמערק מיין אייגענע פאָטאָגראַפיע אויף דער וואַנט: ניט נאָר, הייסט עס, בין איך אַליין, דער אָריגינאַל, אומגעריכט אַריינגעפאַלן צווישן פרעמדע מענטשן, נאָר מיין בילד, די קאָפּיע, אויך. אין קורצן איז עס געווען אַזוי: מיינע פריינט זיינען אַפּגעפאָרן קיין שיקאַגאָ און פאַרקויפט זייער גאַנצע באַלעבאַטישקייט, אַריינגערעכנט שוין מיין פאָטאָגראַפיע, צוזאַמען מיט דער דירה צו די לייט. אַ פאָטאָגראַפיע וואָס זיי האָבן קוים אויסגעבעטן ביי מיר. מילא, כ׳בין שוין מוחל די פריינט כלומרשט, כ׳האָב ניט געדענקט פון זיי, נאָר די גאַנצע סצענע איז מיר אויסגעקומען מאָדנע קאָמיש: ווי אַזוי לעבן עס מענטשן זיך אַריין אַזוי בוכשטעבלעך טריי אין יענעמס היים?

— וואָס איז דאָ אַזוי קאָמיש?

— ניט קאָמיש? טאָ וואָס לאַכסטו אַזוי? — ווייל פעגגי האָט געלאַכט פון איר פולן האַרצן.

— איך לאַך פון דעם ווי מאָדנע דו פאַסט אויף אויף זאַכן.

וואָס עס האָט שרה׳לען דערמאָנט אָן דעם פאַריגן אינצידענט איז געווען עפּעס, וואָס אין יענער מינוט האָט זי ניט געקאָנט איבערגעבן פעגגין. — וואָס מאַכט אַ היים? — האָט זי זיך געהאַט געפרעגט. זי האָט אַמאָל געזען אַן אַרויסגעשטעלט היים: אַ פּאָר עלענדע שטיקלעך מעבל, אַ שפּיגל, אַ בלאַס בילד, אפשר פון אַ פערזאָן וואָס איז שוין לאַנג טויט, נאָך אַ בילד. — דאָס איז געווען אַ היים. זי האָט אויך געדענקט פון אַן אַנדער סאָרט היים, פון דער היים וואָס דער גייסט, דער „איך", בויט פאַר זיך, פון איר אייגענער אינערלעכער וועלט. ווי באַגרענעצט, ווי אָרעם, דוכט זיך, איז די היים, ווען מען באַטראַכט פון וואָס עס באַשטייט: אייך געדאַנק, און נאָך אַ געדאַנק: אַ בילד פון דעם, פון יענעם; אַ לאַנדשאַפט פון אַ שיינעם פאַרגאַנגענעם פרימאָרגן אָדער אָוונט; די דערינערונג פון אַ פריינדלעך וואָרט, פון אַ בליק, און אַ שאָטן פון נאָך אַ חלום... צווישן אָט דעם סאָרט „מעבל" זיצט עס דער „איך", דאָ ווירקט ער, דאָ שאַפט ער, — דאָס איז זיין היים. נעמט דאָס ביי אים צו און ער בלייבט היימלאָז.

איין מיטוואָך נאָכמיטאָג ווען שרה׳לע איז געזעסן ווי געוויינלעך אין דער צייט אין איר צימערל אויפן צווייטן שטאָק האָט זי פּלוצלינג דערהערט פּעגגי׳ס שנעלע טריט איבער די שטיגן צו איר אַרויף. איר האַרץ האָט איר גלייך געזאָגט אַז עפּעס וויכטיגעס איז דאָ פאָרגעקומען, אַנדערש וואָלט פּעגגי ניט געקומען שטערן איר רו. זי איז אַראָפּ נאָך פּעגגין און געפונען אונטן אין עס־צימער איר פריינדין מיס מירקין, די פּאַנסיאָן־פאַרוואַלטערין, צוזאַמען מיט אַ יונגן מאַן. זי האָט גוט אָנגעקוקט דעם יונגן מאַן און עפּעס האָט אין איר אַ ציטער געטאָן. נאָך אַ קוק און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזן אויפן ערשטן שטול און אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. עס האָט ניט געקאָנט זיין קיין אַנדערער ווי איר ברודער.

ס׳איז געווען ניט מער ווי אַ צופאַל, אַ גליקלעכער צופאַל, ווי אַזוי שרה האָט געפונען איר ברודער. איר ברודער איז דעם טאָג געקומען פון באָסטאָן און זיך אָפּגעשטעלט פּונקט ביי מיס מירקין. ביים אָנגעבן זיין נאָמען האָט זיך ביי אים דאָס מאָל אומגעריכט אַרויס־געכאַפּט ראָזען, אַנשטאָט ראָוז, ווי ער רופט זיך. דאָס איז געווען גענוג

ער האָט געדאַנקט גאָט וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. ער איז געקומען אין ניו־יאָרק כמעט מיט ליידיגע הענט. איצט וועט ער האָבן די מעגלעכקייט פרייער אַרומצוקוקן זיך — מען טאָר זיך ניט צוכאַפּן צו שנעל צו אַ זאַך. די שוועסטער איז געוואָרן טיף גערירט וואָס זי איז אימשטאַנד צו העלפן איר ברודער. לעאָ ראָוז האָט אַ שמייכל געטאָן אויף שרה׳ס נאַאיוויטעט:

— קענסט מיך ניט, שוועסטערל, וואָס מיינסטו, איך וואָלט מיך פאַרלוירן אָן דיר? — ער האָט זיך גוטמוטיג צעלאַכט און אַ גלעט געטאָן איר האַנט ווי אַ קינד. דאָס וואָס איר ברודער קאָן אַליין זיין שטעטל באַשטיין איז איר, דער שוועסטער, דווקא געפעלן געוואָרן. זי האָט דערזען דעם ברודער וואָס האָט זיך אַרויסגעלאָזן אַמאָל, אַ קינד נאָך, אויף דער ווייטער וועלט.

דער שמועס איז פאָרגעקומען דעם ערשטן אָוונט נאָך. אַ צוויי־דריי טעג נאָכדעם ווען לעאָ ראָוז האָט שוין געהאַט זיך אַ ביסל אַרומ־געקוקט אין דער שטאָט, האָט ער געדאַנקט גאָט ניט מער פאַר זיך נאָר פאַר זיין שוועסטער.

— דו דאַרפסט דאַנקען גאָט, — האָט ער איר פאַרזיכערט, — פאַר דעם גליקלעכן צופאַל. איך וועל דיך שטעלן אויף די פיס...

זיין מיינונג איז געווען אַז איר אַנשטאַלט איז ניט אין די ריכטיגע הענט און ער האָט געבעטן זי זאָל אים לאָזן זען זיך מיטן ווירט פון דעם

הויז ווּער זאָל איר לאָזן רעמאָנטירן דאָס הויז און איבערבויען עס און פאַרגעסערן.

ער האָט זיך צעלאַכט זעענדיג ווי זיין שוועסטער האָט זיך אָפּגע־טרייסלט פון זיין פּלאַן:

— דיר האָט פאַרשווינדלט פאַר די אויגן, סאַראַה?

וואָס ער האָט געטאָן אין באָסטאָן האָט ער ניט גענוג קלאָר געמאַכט. זי האָט אים געהערט זאָגן, אַז באָסטאָן איז ניט ווערט געווען די מי וואָס ער האָט איר געגעבן, הגם ער איז שוין איניגע מאָל געווען ביים סאַמע „שפּיץ".

— האָסט פאַרלאָרן געלט? — האָט זי געפרעגט.

— אפשר דאָס אויך, און אפשר לאָזט זיך אַמאָל אַזוי אַ זאַך ניט אויס, גליטשט זיך אַרויס פון די הענט... ניט געזאָרגט, שוועסטער, וויבאַלד איך זאָרג זיך ניט.

דערווייל האָט ראָוז נאָך קיין איינציגן אינטימן געשפּרעך מיט זיין שוועסטער ניט געהאַט, הגם ער איז אויך ווערטער ניט געווען שפּאָרעוודיג. ער האָט זיך אפילו ניט ווי געהעריג נאָכגעפרעגט וואָס עס האָט פּאַסירט ביי זיי אין הויז די ערשטע יאָרן נאָך זיין אָפּפאָרן, אָדער ווי אַזוי זי, שרה'לע, איז געקומען צו איר איצטיגן צושטאַנד. איז שרה'לע געוואָרן אומגעדולדיג און געפילט ווי איר האַרץ לויפט איר איבער. אָפּטמאָל אין מיטן פון אַ געוויינלעכער אונטערהאַלטונג מיט אים פלעגט זי זיך שיר, ניט גאָר פלוצלינג, אַרויסכאַפּן מיט אַ פראַגע: „ווייסטו, ליבער מיינער, וויפיל איך האָב געדענקט פון דיר, געררופן דיך?" אָדער אַנדערש מאָל קוים צוהערנדיג זיך צו זיינעם אַ געשפּרעך מיט אַן אַנדער פּערזאָן, פלעגן אירע ליפּן שטיל שעפּטשען: „איך האָב געהערט דיין אַוועקגיין יענע וואונדערלעכע נאַכט... איך בין ניט געשלאָפן ווי דו דענקסט אפשר... איך פיל דיך נאָך איצט"...

זי האָט געמאַכט איניגע פאַרזוכן צו עפענען זיין האַרץ פאַר איר, צוריק־צוקערן זיך צוזאַמען מיט אים צו יענע יונגע יאָרן, צו יענער נאַכט. מעגלעך אַז ער האָט איר ניט פאַרשטאַנען, מעגלעך אַז ער האָט געהאַט אַן אורזאַך אויסצומיידן דערווייל אַזאַ געשפּרעך. אַזוי, צי אַנדערש, זי האָט ניט באַוויזן צו ברענגען אים צו דער פּאַסיגער שטימונג.

איין אָוונט האָט זי אים אַרויפגענומען אויבן צו זיך. זי האָט געהאַט דאָס פאַרגעפיל אַז דאָס מאָל „וועט עס געשען". זי האָט געהאַט פאַרבאַרייט איר צימער און זיך אַליין פאַר דער געלעגנהייט: די גע־מיטלעכע ליכט, די פּאַסיגע קלייד, די גאַנצע אַטמאָספערע, אפילו די קאַווע אין דער עלעקטרישער מאַשינקע האָט אַזוי פריינדלעך געזאָדן.

— זעץ זיך צו, לעאַ, — האָט זי מיט ליבשאַפט געזאָגט. — דאָ וועט אונז קיינער ניט שטערן. — און זי האָט געוואַרט.

עס איז אָבער געווען אוממעגלעך אָפּצורייסן אים פון דער קליינ־לעכער פאַרביילויפנדער מינוט. ער האָט געלויבט איר קאַווע, געפונען אַז זי האָט זיך ניט שלעכט איינגעאָרדנט אין איר צימער, הגם אַ ביסל צו איינפאַך און באַשיידן. און גלייך דערויף איז ער איבערגעגאַנגען צו זיין פּלאַן פון דורכהאַקן די וואַנט. האָט זי געמאַכט נאָך אַ פאַרזוך און נאָך איינעם, שוין אָן איבעריגע צערעמאָניעס, אָבער מיט די זעלבע רעזולטאַטן. האָט זי אָנגעהויבן צו צווייפלען צי האָט זי אויף וואָס צו וואַרטן.

זי האָט זיך אָבער פאַרט דערוואַרט. איין וואָכיגן פרימאָרגן אין גרויסן עסצימער אונטן, ביים ענדע פון פרישטיק, האָט זיך לעאָ פּלוצלינג דערמאָנט אָן זיין אַנטלויפן פון דער היים. געווען מיט אים זיינען שרה'לע, פעגגי, און מיס מירקין. נאָר איין מיס מירקין האָט אים אויסגעהערט ביז צו לעצט. שרה'לע איז די ערשטע פון טיש אַוועק אין אומבאַשטימטער שרעק, וואָס זי קאָן דאָ אפשר הערן. עס האָט איר אָבער ניט דערלאָזט איינגאַנצן אויסן צו בלייבן, האָט זי גענומען דרייען זיך אַהין און אַהער, אַריין און אַרויס. אַנדערע ווערטער פון איר ברודער'ס דערציילונג האָבן איר דערגרייכט ווי מען וואָלט איר נאָכגעוואָרפן שטיינער . . . „זיי לאַכן דאָרט, איר ברודער און מיס מירקין, ס'איז צום לאַכן". אָן וואָס אַלץ דער אָרעמער אינגל האָט זיך עס ניט אָנגעשלאָגן יענע נאַכט — אַזוי שטאַק פינסטער געווען . . . איידער ער האָט הערטאַפּט וואָס ער האָט געזוכט . . . „ס'איז קאָמיש, אָבער דאַרף זי שטיין דאָ און אויסהערן ביזן סוף?" זי איז אָבער פאַרט געבליבן, געמאַכט דעם אָנשטעל אַז זי איז באַשעפטיגט און הערט זיי ניט. הערט זיי ניט — זי האָט זיך איצט צוגעהערט שאַרפער ווי פריער, ניט צו פאַרפעלן, אויב מעגלעך, קיין איינציג וואָרט. דער אינגל איז ענדלעך בשלום צוגעקומען צום קאָמאָד, האַלט שוין, וואָס ער האָט געזוכט, פעסט אין זיין האַנט. איצט, הייסט עס, איז ער שוין אַ פרייער מענטש? עס הויבט זיך ניט אָן! מיס מירקין קייכט זיך ממש אַביסל פון וואָס זי האָט שוין געהערט, און ניט ווייניגער פון וואָס זי דערוואַרט צו הערן. שרה'לע האַלט אַ טעלער אין דער האַנט גאָר אָן אַ פאַרוואָס. זי מיידט אוס די גאַנצע צייט צו געבן אַפילו אַ זייטיגן בליק אויף לעאָן. „זי פאַרשטייט ניט וואָס עס נעמט אים דאָרט אַזוי לאַנג צו דערציילן. זי זעט שוין ווי עס וועט זיך ענדיגן: ס'איז פינסטער וועט ער זיך אָנשטויסן אָן איר בעט, די בעט איז געשטאַנען ביים קאָמאָד. ס'איז

קאָמיש, ער מאַכט עס מסתמא נאָך קאָמישער ווי ס׳איז פּאָרגעקומען...
יאָ, ס׳איז ווי איר האַרץ האָט איר פאָראויסגעזאָגט!״ דאָך ווען זי האָט געהערט לעאָ׳ן אויסשיסן הילכיג מיט אַ „באָץ אין סאַראַ׳ס אָרעמס אַריין״, האָט זי אַ מאַך געטאָן מיטן טעלער וואָס זי האָט נאָך אַלץ געהאַלטן ווי אַ „באָץ״ צו טאָן דערמיט. פּעגגי האָט דעם טעלער פון איר האַנט אַרויסגענומען אין דעם אויגנבליק. „ווי קומט דאָ פּעגגי לעבן איר?״ זי האָט אַ בליק געטאָן פּעגגין אין די אויגן, געזען אַז יענע וויל איר באַהילפיג זיין. זי איז אָבער געווען זיכער אַז פּעגגי פאַרשטייט ניט די ריכטיגע אורזאַך פון איר צושטאַנד, איז זי געווען צופרידן און איז אַרויס.

זי איז אַרויף צו זיך ניט אין איר געוויינלעכער צייט, צוויי נאָכמיטאָג. אַריינקומענדיג איז זי געבליבן שטיין ביי דער טיר. איר ערשטער געפיל איז געווען אַז זי זעט עפּעס אָן ענדערונג אָדער גלאָט אַז זי איז בטעות אַריין ניט צו זיך. ניין, אַלץ ווייזט אויס אין דער געוויינלעכער אָרדענונג. זאָל זי זיך צולייגן אויף אַ ווייל? טאָן די גלייכע זאַך, ווי פּעגגי האָט איר אַמאָל געראָטן? שלאָפן אָבער וועט זי קיינמאָל ניט פאַרזאָמען. האָט זי זיך אָנגעלענט אָן דער טיר וואו זי איז געשטאַנען. יענער חלום, הייסט עס, האָט זיך ניט איבערגעריסן פון זיך אַליין, — האָט זי זיך געטראַכט, — ער, לעאָ, זיין „באָץ״ האָט עס איבערגעריסן. וואָסער חלום האָט עס געקאָנט זיין? וואָס קאָן זי איצט וויסן? אַ חלום, וואָס איז דער אונטערשייד? אַ חלום? ניין, מער ווי אַ חלום... אַנדערש וואָלט זי איצט ניט אַזוי באַדויערט וואָס עס איז אַזוי פּלוצלינג איבערגעריסן געוואָרן. מער ווי אַ חלום געווען... אפשר איז עס בעסער וואָס ס׳איז איבערגעריסן געוואָרן... מעגלעך, ס׳איז בעסער אַזוי. מיט דעם געדאַנק האָט זי זיך ענדלעך צוגעזעצט אויף איר שטול. זי האָט לאַנגזאַם פאַרמאַכט די אויגן: זי וועט איצט פון קיין זאַך ניט דענקען, זי וועט פּרואוון צו רוען...

# אַרום אַ קאַמערא

מר. געלב איז אַריין אין עס־צימער רייבנדיג זיך די הענט פון צו־פרידנקייט, אפשר האָט ער דערשמעקט די פיינע ריחות פון זיין סאַפּער, וואָס מרס. מאראַן האָט געהאַלטן ביים דערלאַנגען. ער האָט זיך ניט געריכט ווען ער האָט געדונגען זיין צימער, מיט אַ 4—5 מאָנאַט צוריק, אַז ער וועט געפינען אַ באַלעבאָסטע וואָס קאָכט אַזוי גוט און וואָס וועט זיך ניט ענטזאָגן צו קאָכן פאַר אים. די צרה איז אָבער, וואָס מער ווי אַ דריי מאָל אַ וואָך קאָן ער צוזאַמען מיט איר ביי איין טיש ניט עסן — ער קומט צו שפּעט אַ היים, עסט ער שוין זיין סאַפּער אַליין נאָכדעם ווי די הויזיגע האָבן שוין אָפּגעגעסן.

ווען מרס. מאראַן איז אַריינגעקומען, האָט ער זי באַגריסט מיט אַ פריינטלעכן שאָקל מיטן קאָפּ. זי האָט אים צוריק געענטפערט און זיך גלייך צוגעזעצט צום טיש. נאָך די ערשטע פּאָר געשמאַקע ביסנס האָט מר. געלב זיך געווענדט צו דער פרוי, וואָס האָט אויסגעקוקט אַביסל פאַר־זאָרגט :

— וואָס הערט זיך, מרס. מאראַן ? בערעלע איז שוין אַ ביסל באַ־רואיגט ?

זי האָט אים גלייך ניט געענטפערט נאָר אָנגעקוקט. זי האָט ניט געהאַט קיין גרויסן צוטרוי צו דעם מאַן, זי איז מיט אים קיינמאָל זיכער ניט געוועזן. וויל אַלץ וויסן פון יענעם, פון זיך אַליין דערציילט ער גאָרניט מיט גאָרניט. אָבער ער איז דאָך פאָרט געווען אין הויז ווען בערעלע האָט זיך געכאַפּט אַז ער האָט ניט זיין קאַמערא. ער האָט דאָך געזען זיין ערשטן אומבאַשרייבלעכן צער און עלענד, בייגעוואוינט די גאַנצע סצענע ווי בערעלע איז אַריין פון סקול אין הויז, נאָך רעכט די ביכער ניט אָפּגעלעגט האָט ער זיך געלאָזן אָפּשטאַטן אַ וויזיט צו זיין קאַמערא וועלכע ער האָט נאָך ניט זאַט געצנוג אָנגעקוקט פאַר די פּאָר טעג זייט ער האָט דעם פּרעזענט געקראָגן. אפשר איז מר. געלב גאָר פאַרבליבן עטוואָס לענגער אין הויז כדי בייצוואוינען די סצענע, וואָס וויס זי ? זי האָט דאָך אים דערציילט אַז זי וויס ניט ווי אַזוי צו באַגעגענען דעם

יתומ׳ל, בערעלען, אַז זי האָט זיך ניט געקאָנט העלפן און געלאָזן איר אייגענעם אינגל ווילי׳ן מיט אַ פּאָר שעה צוריק מיטנעמען די קאַמערא מיט זיך אין קעמפּ. געלב וויס דאָך סיי ווי סיי אַלץ, מיט וועמען אַנדערש קאָן זי זיך אויסרעדן איר האַרץ? איר מאַן וויל פון דער גאַנצער גע־שיכטע ניט וויסן, וויל זיך ניט אַריינמישן צווישן צוויי יונגלעך? — האָט זי געענטפערט געלב׳ן מיט אַ האַלב מויל:

— באַרואיגט, באַרואיגט... זאָל זיין באַרואיגט...

— באַרואיגט? איז גוט, אויסגעצייכנט... כ׳האָב איך געזאָגט אַז דער אינגל וועט זיך באַרואיגן.

מרס. מאַראַן האָט געלב׳ן נאָך אַ מאָל אַנגעקוקט: גיי טרעף צי איז ער ערנסט צי ניט. צי גלויבט ער טאַקע אַז דער אינגל האָט זיך באַרואיגט. אַלץ וואָס זי האָט געקאָנט זען איז אַז דעם מאַן שמעקט דאָס עסן, אַ פּיק מיטן גאָפּל אין דעם טעלער, אין יענעם, קוויקט זיך מיט דעם, מיט יענעם, אפשר גיט אים דער געשפּרעך וועגן אינגל אויך צו אַ מין געווירץ צום עסן? איר האַרץ איז דאָך פּאַרט געווען שווער האָט זי ערקלערט:

— ווי אַזוי מיינט איר באַרואיגט? מען קאָן זיך דען פאַרלאָזן אויף זיין רואיקייט? וויפיל מאָל האָב איך שוין געגלויבט אַז איך בין מיט אים פאַרטיג? ער איז אַ וואויל קינד, אַ פאָלגנדיג קינד, ער הערט זיך גוט צו, וויל פאַרשטיין. ער זעט אַז איך בין אויסן זיין טובה, כ׳מיין אַז איך וויל אים פאַרלייכטערן זיין האַרץ. וויל ער מיר אויך ניט פאַר־שאַפן קיין איבריגן פאַרדרוס, דאָס איז אמת. איז ווי האָב איך געזאָגט? ווען איך בין שוין מיט אים אין גאַנצן פאַרטיג ברעכט ער מיר פלוצלינג אויס אין אַ פרישן יאָמער; מער זאָגט ער, שוין ניט, דאָס איז דאָס לעצטע מאָל. ער האָט שוין עטלעכע מאָל דאָסזעלבע געזאָגט, אָבער ער טוט ווידער דאָסזעלבע.

— ער האָט נאָך אַ קינדערשן שכל...

— ס׳איז אַזוי... דרייצען יאָר אַלט...

— אַ יאָר אינגער פון אייערן?

— פערצען מאַנאַטן... איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאָרגעשטעלט אַז מען זאָל קאָנען וועלן אַ זאַך מיט אַזאַ שטאַרקייט, מיט אַזאַ עקשנות ווי דער בערעלע זיין קאַמערא...

—אַזוי, זאָגט איר, ער וויל עס שטאַרק? וויל ניט אָפּלאָזן?

— וואָס הייסט? איך בין אויך אַמאָל אַ קינד געווען, איז יע, יע, און ניט איז אויך רעכט... ער האָט נאָך זיין טאַטן אַזוי פיל ניט געיאָמערט פאַר דריי יאָרן. וואָס זאָג איך, איך געדענק ניט אַז ער זאָל האָבן אַזוי פיל

געטרוייערט נאָך זיין מוטער; איין יאָר אין גאַנצן, מיין אַרעמע שוועס־טער... און אויב אַפילו יאָ, איז דאָך עס אַ מוטער. מרס. מאַראַן איז אַ ווייל אַ פאַרטראַכטע שטיל געבליבן. זי האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן ווען זי האָט דערהערט אַ שאַרפן קראַך. דאָס האָט אַ ביין אַ קראַך געטאָן צווישן געלב׳ס שטאַרקע ציינער. ער האָט איין לאַנגן זויג געטאָן, אַ צווייטן און באַלד אָוועקגעלעגט דעם ביין אָן אינטערעס. ווייזט אויס, געפונען ווייניגער ווי ער האָט ערוואַרט.

— איך האָב אים ערקלערט ווי די זאַך איז — האָט די פרוי פּאַרט־געזעצט.

— געטאָן די ריכטיגע זאַך — האָט געלב געזאָגט מיט אַ שאָקל פון קאָפּ אַז ער איז איינשטימיג — די ריכטיגע זאַך. וואָס האָט איר אים געזאָגט?

— ערשטנס, האָב איך אים געזאָגט, האָט דאָך ווילי ניט גענומען זיין קאַמערא אויף אייביג. ער קומט דאָך צוריק אין אַכט, העכסטנס צען וואָכן.

— ווען ווילי וועט צוריקקומען וועט ערשט זיין אַ ריכטיגער גע־שלעג — האָט געלב געזאָגט מיט אַ שמייכל אַזוי ווי ער וואָלט שוין געזען פאַר זיינע אויגן דעם געשלעג.

— ס׳וועט ניט זיין קיין געשלעג. און ווידער, וואָס האָב איך איצט צו קלערן וואָס עס וועט זיין? צווייטנס, האָב איך אים געפרעגט וואָס איז מיין שולד אַז...

— ער באַשולדיגט אייך? אַזוי גאָר? טשיקאַווע...

— איך זאָג ניט אַז ער באַשולדיגט מיך, נאָר וואָס מיינט איר, עס רייסט מיר ניט ביים האַרצן צוצוקוקן זיך צו אים. מיין שוועסטער׳ס קינד איז מיין קינד... וואָס איז מיין שולד? — האָב איך געזאָגט, — איך האָב ניט געזען אַז ווילי נעמט מיט זיך די קאַמערא. פאַרוואָס זאָל ער מיר פאַראומערן מיין האַרץ? איך האָב אים געזאָגט אַז איך האָב ניט געוואוסט, ניט געזען...

— ס׳איז בעסער אַזוי. אַ גוטער געדאַנק... אויב ער גלויבט אייך, אויב...

געלב האָט זיינע ווערטער באַגלייט מיט אַ טיפן זופּ פון עפּעס אַ רויטע פליסיקייט אין אַ גלאָז, עפּעס געדיכטער פון וויין און קענטיג זייער געשמאַק.

— ער גלויבט מיר... וואָס האָב איך טאַקע געקאָנט טאָן, איך פרעג אייך, אַרויסרייסן פון ווילי׳ס הענט די קאַמערא ווען איך זע אַז מיין קינד גייט מיר אויס נאָך דעם? אַ קרענקלעך קינד... כ׳וועל ניט

זאָגן קרענקלעך ח״ו, נאָר אַביסל צו בלייך האָט ער מיר אויסגעקוקט, אויב איר ווילט וויסן... פאַרט אין קאָונטרי וויל ער האָבן אַ „גוד־טיים״... זאָל איך אים שטערן אין דעם? אַז אַ „גוט־טיים״ זאָל שוין זיין מיט אַלעמען גוט...

— דאָס וואָס איך האָב אים געזאָגט...

— וועמען? ווילי׳ן?

— ניין בערעלען...

— איר האָט אויך גערעדט מיט בערעלען דערפון?

— אודאי האָב איך גערעדט, ווי דען אַנדערש? כ׳האָב אים געזאָגט וואָס קאָן מען אויפטאָן מיט אַ קאַמערא אין שטאָט? גאָרניט מיט גאָרניט, סיידן אין פּאַרק, אין פּאַרק יע אַביסל. אָבער אין קאָונטרי?... — די טעג, די וואָכן... אַלץ בליט דאָך איצט דאָרט, אַלץ איז אַזוי רייך, די פעלדער און די וועלדער... כ׳האָב אים שוין גוט אָפּגעמאָלט, פאַרלאָזט זיך אויף מיר... היינט וואו איז דאָס טייכעלע? איז דאָרט דאָ אַ טייכעלע? האָב איך אים געזאָגט, — ער זאָל בעסער פאַרשטיין. אוי! געדענק איך אַ טייכעלע מיט קאַטשקעס... ווער ווייס עס ניט כאַפּן מאַכן אַ „סנעפּשאָט״ פון די קאַטשקעס? געזען אַמאָל ווי קאַטשקעס שווימען? דאָס פרעג איך אייך, מרס. מאראַן?

געלב׳ס פּנים איז געוואָרן מאָדנע נאַריש: מאַכט ער זיך אַזוי נאַריש אָדער איז עס אמת׳ע הנאה ביים דערמאָנען זיך? — האָט זי געטראַכט און בשעת מעשה האָט עס איר געמאכט דענקען פון איר ווילין וואָס איז איצט מיט די קאַטשקעס אין די וועלדער דאָרט. — האָט זי האַרצלעך מיטגעשמייכלט.

— איר האָט ניט באַדאַרפט רעדן צו בערעל׳ען אַזוי — האָט זי זיך פּלוצלינג באַדענקט.

— פאַרוואָס ניט? איך האָב געוואָלט אַז ער זאָל פאַרשטיין ווילין...

— אַ קינד קאָן זיך נאָך מתקנא זיין, דאָס איז ניט גוט...

— איר גלויבט אַזוי? אפשר זייט איר גערעכט... איך האָב דערפון ניט געדענקט...

— פאַרוואָס האָט איר אים בעסער ניט געזאָגט וואָס איך האָב געזאָגט?

— וואָס האָט איר אים געזאָגט?

— איך האָב אים געזאָגט אַז ער דאַרף ניט פאַרגעסן אַז די קאַמערא איז ניט אין פרעמדע הענט, ס׳איז דאָך זיינס אַ לייבלעכער שוועסטערקינד... אַז...

— פון וואַנען נעמט איר עס אַז איך האָב עס אים ניט געזאָגט? האָב איך עס טאַקי יאָ געזאָגט... וואַרט נאָר, האָב איך אים געזאָגט, וואַרט נאָר, ועסט זען וואָס דיין קאָזין וועט דיר ברענגען צוריק פון קאונטרי... ער וועט אָן דיר ניט פאַרגעסן...

די פרוי איז געווען אַנטוישט מיט דעם וואָס געלב האָט געזאָגט בע־רעלען.

— וואָס אַזעלכעס קאָן ער אים ברענגען צוריק פון קאָונטרי, אַ אינגל, וואָס פאַרמאָגט ער צו ברענגען?

ווען געלב האָט געהאַלטן ביי זיין קאַווע האָט ער פאַררויכערט אַ פאַפּיראָס, אַ גוטן צי געטאָן און באַמערקט:

— איר ווייסט, מרס. מאראַן, עס פאַרדריסט מיר וואָס איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט בערעלע׳ס אָנקל ווען ער איז אין שטאָט געווען. אַן אינגערער ברודער פון בערעלע׳ס פאָטער איז ער, ניט וואָהר?

— וואָס למשל וואָלט געווען?

— אַזוי זיך.. אַ מענטש, געהערט פון אים, זעלטן אין שטאָט, ווילט זיך באַקענט ווערן... געגעבן בערעל׳ען אַ שיינעם פּרעזענט, זייער אַ שיינעם פּרעזענט... איר ווייסט וויפיל עס קאָסט אַזאַ קאמערא? איך ווייס, ס׳ניט אַ ביליגע קאמערא...

— איך פרעג ביי אייך ניט וויפיל עס קאָסט... וואָס גייט עס מיר אָן? הלואי וואָלט ער זיך אין גאַנצן ניט געהאַט אָנגעדרייט מיט דער קאמערא... איר האָט אפשר געזאָגט בערעלען וויפיל עס קאָסט?

— ניין, ניט געזאָגט... ניט געזאָגט... און אויב ניט געזאָגט וואָלט ער ניט געוואוסט? מע דאַרף זיי דערציילן די חברה? וואָס איז דער חלוק? אַ שיינער פּרעזענט איז עס פאַר אַזאַ אינגל... אַ אינגל ווי... בערעלע... ער מוז זיין אַ גאָר וואוילער מאַן דער אָנקל זיינער, ווי איך בין מיר משער...

— וואָס איז עס אַזוי די וואוילקייט מיט אים, וואָלט איך וועלן וויסן? וואָס מיינט איר, ער צאָלט זיך איבער פאַרן אינגל, איך מאַך פּראָפּיטן אָן קינד... וואָס צאָלט ער? אַ שבוש... און די גאַנצע מי אַרום קינד איז מיינע... וואו וואָלט דאָס קינד געקראָגן אַזאַ באַהאַנדלונג ווי דאָ ביי מיר?

מרס. מאראַן האָט גערעדט מיט וואַרעם געפיל ווי איינער וואָס רעדט דעם ריינעם אמת און אין אַ גרויסער מאָס איז עס טאַקע געווען דער אמת...

— דאָס דאַרפט איר מיר ניט דערציילן, ליבע מרס. מאראן, די באַהאַנדלונג ... וואָס איך זע דען ניט אַליין ?

דאָ האָט מרס. מאראן געזוכט זיך אַנצוטרעפן מיט געלב׳ס בליק. זיינע אויגן אָבער האָבן פאַרעקשנט נאָכגעפאָלגט דעם רויך וואָס ער האָט כסדר געבלאָזן אין דער הויך ?

אַ שעה שפּעטער — עס איז שוין געווען אַרום צען אין אָוונט — איז אין דעמזעלבן עס־צימער געזעסן נאָר איין בערעלע פּאַר זיינע בי־כער און העפטן. ער איז געווען אַ פלייסיגער שילער. דורך די אָפענע פענסטער האָט אַריינגעדרונגען אַ צאַרטע היילענדע זומער נאַכט און, צייטנווייז, שטילע, פרידלעכע שטימען פון אַ זאַנפטן געשפּרעך ער־גער־וואו דערביי. בערעלע איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין זיין אַרבעט אַז ער האָט ניט געהערט ווי געלב פאַרבייגייענדיג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביים אַריינגאַנג אין אָפענעם עס צימער. געלב איז עס צוריקגעקומען אַהיים פון גאַס. ער האָט אַ מינוט באַטראַכט דעם אינגל׳ס אומעטיגן אָבער אויפמערקזאַמען פּראָפיל און געזאָגט :

— העלאָ, בערעלע !

בערעלע האָט זיך אומגעקוקט און געענטפערט אויף דער באַגרי־סונג.

— דו שטודירסט, בערעלע, זייער שיין ... זייער גוט ...

בערעלע האָט פון אים די אויגן ניט אַראָפּגענומען און געלב האָט פאָרטגעזעצט :

— כ׳האָב דיר געזאָגט אַז דו וועסט פאַרגעסן, געדענקסט ? גע־דענקסט ? ס׳איז בעסער אַזוי ... וואָס דען ? זאָל ער זיך דאָרט אַרומ־לויפן ווי אַ זומער־פויגעלע מיט זיין קאַמערא איבער די וועלדער און די פעלדער, אַ שאָס דאָ, אַ שאָס דאָרט ... — געלב האָט געמאַכט מיט דער האַנט אַזוי ווי ער וואָלט גענומען „סנעפּשאָטס" — דו, בערעלע, שטודיר, שטודיר ... פאַרגעס אַז דו האָסט ווען עס איז געהאַט אַ קאַמערא. פאַרשטייסט ? זאָל דיר דאַכטן אַז עס איז געווען אַ חלום, אַ חלום ... געלב האָט געגעבן אַ פריינטלעכן שאָקל מיטן קאָפּ דעם אינגל און איז אַריין צו זיך אין צימער .

# אונזער איינער

מר. און מרס. לערנער זיינען געזעסן ביים טיש אַרום זייער גאַסט, אַן אַלטן באַקאַנטן, וואָס פּאַלט אַריין צו זיי איינמאָל אין לאַנגע מאָנאַטן. דער גאַסט האָט אָפּגערוקט פון זיך זיין ליידיגע גלאָז טיי, אַ בליק געטאָן אויפן איינגעמאַכטס, וואָס איז נאָך פאַרבליבן אין טעלערל לעבן אים, עס געלאָזט שטיין אויפן אָרט און פאַרטגעזעצט דאָס וואָס ער האָט געהאַלטן אין מיטן דערציילן וועגן זיינעם אַ פריינט.

— איז וואָס האָב איך געזאָגט ? יאָ, ער איז אונזער שטייגער מענש, אונזער סאָרט מענטש.

לערנער איז געווען אַ גרויסער אינדיווידואַליסט און זיין ווייב האָט געגלויבט, אַז קיין גלייכן צו איר מאַן איז אויף דער וועלט ניטאָ. האָט ער האַלב געפרעגט, האַלב פּראָטעסטירט :

— אונזער עגאַל מענטש ?

— יאָ, אונזער שטייגער. — ער איז אַ באַרבער ..

— אַ באַרבער ? — האָט מרס. לערנער איינגעווענדט, — טאָ ווי אַזוי איז ער אונזער סאָרט מענטש ? לערנער איז ניט קיין באַרבער, איר אויך אַזוי ווייט ווי איך וויים, זייט קיינמאָל קיין באַרבער ניט געווען.

— כ'מיין דען צו זאָגן, אַז מיר זיינען באַרבערס ? איך מיין אַז ער איז אונזער קלאַס מענטש, איר פאַרשטייט ? — אַ שטילער מענטש, ווי איך בין, ווי מר. לערנער איז, אונזער גלייכן...

דאָס איז ניט געווען אָפּצולייקענען. לערנער האָט געוואוסט אַז ער געהערט צווישן די שטילע מענטשן, זיין פרוי פלעגט זיך אָפט באַקלאָגן אַז ער איז שוין אַ ביסל צו שטיל. האָט דער גאַסט אַ בליק געטאָן צום באַלקן צו, צוזאַמענצונעמען זיינע געדאַנקען וואָס די פּאָר פּאַלק האָבן איבערגעשלאָגן און דערציילט ווייטער :

— נו, האָט ער זיך באַנאַרישט... אַזעלכע זאַכן טרעפן זיך... אַ יונגע פרוי דראָעט אים אָנצוקלאָגן...

— פאַרפירט איר ? — האָט די פרוי געפרעגט.

— ניין, ניט פאַרפירט... די פרוי האָט אַ מאַן. ביידע טאַקע, מאַן און פרוי, סטראַשען אים מיט קאָורט...

מר. קראַסנע, דער גאַסט, האָט געפילט אַז זיינע צוויי צוהערער זיינען פאַראינטערעסירט, ער האָט נאָר געוואַרט ביז וואַנען ער וועט געפינען ווי זיך אויסצודריקן גענוי און גלאַט.

— וואָס פאַרשטייט איר דאָ ניט ? — האָט ער געזאָגט, ווי ער וואָלט זיי שוין עפּעס געזאָגט וואָס זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען, — ער האָט אָפּגעטריבן ביי דער פרוי אַ שווענגערונג . . .

— וועמעס שוועגנערונג ?

— איר מאַנ׳ס . . . וועמענס דען אויב ניט איר מאַנ׳ס ? ניט מיינע...

— ווי קומט אַ באַרבער אָפּצוטרייבן אַ שוועגערונג ?

— אָט דאָס איז די מעשה... ער אַליין האָט ניט אָפּגעטריבן. ער האָט צוגעשטעלט דעם פאַרשוין וואָס האָט דורכגעפירט די אָפּעראַציע, צוגעשטעלט דעם פאַרשוין . . .

— דעם דאָקטאָר ?

— ניין, ניט קיין דאָקטאָר . . . דאָ איז די צרה. צוגעשטעלט אַ היימישן רופא, אַ פעלדשער, געמאַכט די פרוי גלויבן אַז יענער איז אַ ספּעציאַליסט, אַ דאָקטאָר . . . באַנאַרישט זיך, גאָר פראָסט . . .

— זיך נישקשה׳דיג פאַרפּלאָנטערט, — האָט לערנער באַמערקט.

— געוואָלט, מסתמא, רעקאָמענדירן אַ פריינט.

— יאָ, אַ נישקשה׳דיגער פּלאָנטער, גערעכט. איר מיינט ער פילט עס ניט ? ער איז אויס מענטש. ס׳איז אים ניט צו דערקענען, ס׳איז ניט פאַר אונזער שטייגער מענטש . . . אונזער מענטש דאַרף מער ניט האָבן ווי זיין אַריינגעמישט אין אַזעלכעס, ווי מיינט איר ?

ניט לערנער און ניט זיין פרוי האָבן פאַרהערט קראַסנע׳ס „אונזער שטייגער מענטש, אונזער מענטש". זיי האָבן עס נאָר פאַרשוויגן דערווייל. אַ ביסל האָט זיך געוואָלט הערן מער פון דער געשיכטע.

— אָבער פאַרוואָס ווילן זיי פאַרקלאָגן אים און ניט דעם וואָס האָט געמאַכט די אָפּעראַציע ? — האָט פרוי לערנער ניט פאַרשטאַנען.

— גאַנץ איינפאַך. יענעם קענען זיי ניט. יענער איז ניטאָ . . .

— זיך אָפּגעטראָגן ?

— אפשר זיך אָפּגעטראָגן, כ׳ווייס ניט. ער איז ניט צום זען . . . די אָפּעראַציע איז פאָרגעקומען ביים באַרבער אין הויז. דאָס הייסט, ניט אין הויז, נאָר אין אַ הינטער־צימער פון זיין שאָפּ. ער האָט אַ שיינעם, געראַמען צימער דאָרט. פאַרשטייט איר שוין ?

— אָבער ווי אַזוי קומט די שוואַנגערע פרוי צום באַרבער גאָר ?

— ווי אַזוי ? וואָס ווייסט איר דאָ ניט ? איין פרוי הערט פון דער אַנדערער, קומט זי . . .

— הייסט עס, ס'איז ניט די ערשטע אָפּעראַציע אין יענעם הינטער־צימערל?

— ניין, ניט די ערשטע...

— דאָס איז עפּעס אַנדערש... כ'האָב געמיינט צוערשט אַזוי אַ רעקאָמענדאַציע... ס'איז אַ מין רעגולערע ביזנעס זיינע, זע איך... — האָט לערנער געזאָגט.

— ניין, ניט קיין רעגולערע ביזנעס, דאָס ניט... אַז עס מאַכט זיך אים אַ קאָסטאָמער, אַ פּאַציענטקע, געפינט ער שוין דעם מאַן. געהאַט אַ נעענטערן מאַן פריער, אויך אַ געוויזענעם פעלדשער. דער נייער, פאַרשטיי איך, איז ניט אַזוי גוט ווי יענער. איר פאַרשטייט, ס'איז אַ זעלטן באַקוועם צימערל, כ'מיין פאַר אַ הינטער־צימערל, און אַז עס מאַכט זיך אַ ווייטיג פאַרדינסטל איז עס שווער אָפּצושטויסן...

— און אַזאַ מין פאַרשוין, ווי דער באַרבער אייערער, איז ביי אייך אונזער גלייכן, אונזער קלאַס, איך פרעג אייך? וואָלט מיין מאַן זיך אויך געוואָרפן אויף אַזאַ זייטיג פאַרדינסטל, האַ? — האָט מרס. לערנער מיט ווידערגעפיל באַמערקט.

קראַסנע האָט קאַלטבלוטיק אַנגענומען, ווי שוין עטלעכע מאָל פריער, אַ האַלב לעפעלע פון זיין טעלערל איינגעמאַכטס, זיך פאַסמאַקעוועט, און גוטמוטיג אַ שמייכל געטאָן אין פרוי לערנער'ס געזיכט אַריין.

— איר דאַרפט עס מיר דערציילן? וואָס, איך קען ניט מר. לערנער'ן? קען אים פון נעכטן אפשר? האַ? און איך אַליין וואָלט מיך געקוואַפּעט, גלויבט איר, אויף אַזעלכעס?

— געוויס ניט! אָבער אויב טאַקע אַזוי, טאָ...

— טאָ וואָס? — האָט קראַסנע איבערגעשלאָגן די פרוי, — טאָ וואָס? האָב איך דען געזאָגט, אַז מר. לערנער וואָלט זיך יאָ געקוואַפּעט? יענער האָט עס אויך ניט באַדאַרפט, עס האָט זיך ניט געלוינט. איצט גייט ער אַרום אָן אַ קאָפּ, אַ האַלבער מענטש...

מיט די לעצטע ווערטער האָט ער זיך שוין געווענדט צו לערנער'ן:

— ער איז אין אונזערע יאָרן אויך, אויב איר ווילט וויסן,— האָט ער אים געזאָגט נאָך אַ קורצער פּויזע אין וועלכער ער האָט לערנערן גוט באַטראַכט.

— ווי אַלט איז ער? איז מרס. לערנער געוואָרן טשיקאַווע.

— ווי אַלט? איך וועל קיינמאָל ניט גלויבן אַז ער איז אַ זעכציקער... אַרום זעקס און פופציק, אפשר יאָ. אַרום 56...

— און לערנער איז נאָך קיין פולע פופציק ניט, ווייסט איר שוין? קראַסנע'ס געזיכט האָט זיך באַלויכטן מיט אַ טיכטיג שמייכעלע.

— וואָס ווילט איר ? — האָט ער זיך געווענדט צו ביידן, מ׳קאָן דאָך ניט צוטרעפן פונקט צום האָר. פּערל, האָב איך געהערט, טייערע פּערל, קאָן מען קוים צופּאַסן איינס צום צווייטן... מענטשן זיינען דאָך ניט קיין פּערל, ניט אַזוי ?

פרוי לערנער האָט אומגעדולדיק אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ. לערנער אַליין האָט דווקא אים צוגעשמייכלט, ער האָט ניט געקאָנט ביישטיין קראַסנע׳ס טריאומפירנדיקן שמייכל. קראַסנע איז געווען זיכער, אַז ער האָט אים איבערצייגט.

— זאָגט מיר נאָר, מרס. לערנער, — האָט ער געפרעגט, האַלטנ־דיק אַ האַלב טיי לעפעלע איינגעמאַכטס אין זיין האַנט, — אייער אייגענע געמאַכטע ? טאַקע ? ס׳האָט טויזנט טעמים, זעלטן ! איך האָב עס אַייך געוואָלט זאָגן די גאַנצע צייט. אגרעס, אמת ?

— קאַרשן.

— קאַרשן ? קאַרשן ? כ׳האָב טאַקע געדענקט אַזוי...

# אסתר

(אַוונט אין אַ באַשיידן מעבלירטן צימער. איינצלנע ביכער דאָ און דאָרט. אסתר, די ווירטין פון דער דירה, זיצט אויף איר סאָפא, לעבן איר אויף אַ ווייכן אָרעמשטול זיצט מערי, אַ פריינדין. ביידע פרויען איבער 40. ליכט קומט פון אַ הויכן לאָמפּ אין אַ ווינקל אַנטקעגן.)

מערי: מיר האָבן שוין גערעדט, דוכט זיך, פון אַלץ, אָבער איך פיל אַז מיר האָבן נאָך פון גאָרנישט גערעדט פאַר דער קנאַפּער וואָך וואָס מיר זיינען צוזאַמען... אין צוויי טעג אַרום צעשיידן מיר זיך ווידער; איך האָף, אויף ניט אַזוי לאַנג ווי פריער... ס'איז מיר אַזוי שווער אָפּצו־פאָרן... זאָג מיר, ליבע אסתר, פאַר וואָס וואוינסטו איינע אַליין? ס'איז דאָך שוין איבער אַ יאָר ווי דיין זון לעבט ניט...

אסתר: דו מיינסט, אַז אויב איך וועל וואוינען ניט אַליין פאַר זיך נאָר מיט פריינט אָדער באַקאַנטע וועל איך מיר פילן בעסער? האָסטו אַ טעות. איך פיל מיר בעסער אַזוי... (מיט אַ ביטערן שמייכל) אַזוי האַלט איך זיין היים אָפן פאַר אים... ווייל ער אַהיים קומען, וואַרט אויף אים זיין אַלטע היים — מיר האָבן דאָ געוואוינט צוזאַמען אַ שיינע פאַר יאָר. נאַריש? סענטימענטאַל? איך ווייס אַז ער דאַרף שוין ניט מער קיין היים, ער האָט שוין דאָרט אַ היים. נאָר מיר רעדן דאָך דאָ פון פילן — וואו איך וועל מיך בעסער פילן, מעג איך זיין סענטימענטאַל. דאָ פיל איך מיך בעסער ווי ערגעץ אַנדערש. פון דאַנען איז ער איך פרימאָרגן אַרויס, אַרויס צו דער אַרבעט, געדענקט אַז ער וועט צוריקקומען דעמזעלבן טאָג נאָך, און איז ניט געקומען... איך... מיך האָט מען שוין גערופן צו אים, צו אַ לעבלאָזן „אים"... דעמזעלבן טאָג טאַקע... דו ווייסט אַלץ... פאַרשטייי איך.

מערי: יאָ, איך ווייס אַלץ...

אסתר: מען האָט דיר דערציילט... ווער האָט דיר דערציילט?

מירי: יאָ, איך ווייס אַלץ...

אסתר: האָסט געהערט, דאָס איז גענוג...

מערי: (אין אַן אומזיכערן טאָן) עס איז ניט גענוג...

אסתר: עס איז ניט גענוג... ביזט גערעכט, ניט גענוג...

מערי: ווי אַזוי? זאָג מיר, אסתר, ווי אַזוי?

אסתר: ווי אַזוי? דאָס האָב איך מיך אויך געפרעגט. ווי אַזוי? ניין, מיין פריינט, זאָלסט זיך ניט פאָרשטעלן אַז איך גיי אַרום מיינע טעג אַן אומגליקלעכע מוטער מיט פינסטערע געדאַנקען, אָדער אַז איך זיץ אַ פאַרצווייפלטע, לאַנגע אָוונטן איינע אַליין דאָ פאַר דער טיר פון זיין צימער, וואָס איז פאַרבליבן ווי דו האָסט שוין מסתמא באַמערקט, פונקט אַזוי ווי ער האָט עס פאַרלאָזן יענעם פרימאָרגן... איך האָב אַפילו קיין צייט ניט עס צוצוקלויבן. דו ווייסט דאָך, מע האָט באַדאַרפט גיין צו דער אַרבעט מיידלווייז און ווייבלווייז, ווער רעדט נאָך ווען איך בין געבליבן אַן אלמנה. אָבער פון מיין געדאַנק לאָז איך עס קיינמאָל ניט אַרויס, דאָס איז אמת. אויך איך וואָלט געוואָלט וויסן וויאַזוי, ווי אַזוי... ווייל ס'איז דאָך ניט געקומען אַזוי פלוצלינג ווי מענטשן דענקען.

מערי: ניט פלוצלינג?

אסתר: ניט פלוצלינג. דאָס הייסט, איך מיין ניט די ענדע, נאָר וואָס האָט געפירט צו דער ענדע. אויף אַזאַ סוף, זעסטו, האָב איך מיך ניט געריכט — אַז אונזערע אַ האַנט, — עס איז דאָך אַזוי כאָטש מען ווייסט ניט ווער, — זאָל זיך האָבן אויפגעהויבן אויף זיין יונגן לעבן...

מערי: ווי איך האָב געהערט, איז עס געווען אַ שרעקלעכער צו־פאַל...

אסתר: דאָסזעלבע וואָס איך האָב געהערט. מען האָט ניט גע־מיינט אים, מען האָט זיך געצילט אויף דעם אַנדערן. ער האָט זיך פלוצ־לינג אַנגעדרייט און געכאַפּט די קויל. כ'ווייס אַז וואָס־וואָס, וויקטאָר'ס זון וואָלט מען געשוינט. מען וואָלט מיך אויך געשוינט. אָבער... אויפ־געבראַכט אויף אים איז מען דאָך געווען. ער איז דאָך געשטאַנען וואו ער האָט ניט געטאָרט זיין... פון דעם האָב איך ניט געוואוסט, כ'מיין, אַז ער איז דאָרט געווען...

מערי: דאָס פאַרשטייט זיך. אַזוי האָבן אַלע געדענקט, ווי דען אַנדערש... אָבער דו האָסט זיך געהאַט אָפּגעשלאָגן פון אַלץ, פון אַלע־מען, האָב איך געהערט. מען האָט דיך כמעט אין ערגעץ ניט געזען. פאַר־וואָס האָסטו זיך אַזוי אָפּגעשלאָגן פון אַלעמען?

אסתר: פאַר וואָס איך האָב מיך אָפּגעשלאָגן פון אַלעמען? (פאַר־טראַכט זיך אַ שיינע ווײַלע, טוט אַ צוק מיט די אַקסלען) אָבער וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגן איז דאָך, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט אים איז ניט

געקומען פּלוצלינג. איך האָב עס געזען וואַקסן, וואַקסן, פּונקט אַזוי ווי איך האָב אים אַליין געזען וואַקסן פון גאָר קליין צו גרעסער און גרויס. פאַרשטייט זיך, איך האָב גלייך צוערשט ניט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון די ערשטע דערשיינונגען, זיי זיינען געווען ניט מער ווי איינצעלנע און באַזונדערע אינצידענטן. שפּעטער האָבן זיך די באַזונדערע איינצלהייטן געגומען צוזאַמענהעפטן אין מיין געדאַנק אין איין גרויסער איינצלהייט און איך האָב פאַרשטאַנען די פולע שרעקלעכע באַדייטונג. דער סוד איז ווען און פון וואַנען איז עס געקומען? אַ טיפער סוד איז עס... עס איז געקומען פון דאָרט וואו ער האָט זיך ניט אָנגעהערט... (באַטראַכט אַ ווילדע דאָס געשפּאַנט געזיכט פון איר פריינדין) איך האָב אַמאָל געזען אַ ווילד אָרעם פלאַנץ צווישן רייכע בלומען־בייטן פון אונזער שיינעם פּאַרק. אַליין איז עס געווען, איינס פון איר מין, צווישן די אַנדערע שטאָלצע קולטיווירטע פלאַנצן. אַזוי אונגעריכט, אַזוי אונגעווינשט דאָרט, האָט זיך עס אויך געצויגן צו דער זון. אַזוי לאַנג ווי דעם גערטנער'ס אונפריידלעך אויג האָט זי נאָך ניט געפּאַקט, די אָרעמע איינזאַמע פלאַנץ... „ווי אַליין, ווי שרעקלעך שרעקלעך אַליין!” דאָס איז געווען מיין ערשטער, בליצשנעלער געדאַנק ווען איך האָב דערזען מיין טויטן קאַרל'ן יענעם טאָג אין שפּיטאָל. דאָס בילד וועט מיך שוין קיינמאָל ניט פאַרלאָזן...

מערי: (נעמט אסתר'ס הענט) באַרואיג דיך ליבע...

אסתר: איך בין רואיג... (קוקט אָן מערי'ן מיט ברייט אָפענע טרוקענע אָבער ענדלאָזע אויגן און זעצט פאָרט) איך האָב גערעדט פון אַ ווילדער פלאַנץ אין אַ פרעמדער אומגעבונג. געמיינט האָב איך דאָך אים. ווי אַזוי? האָסטו געפרעגט. מיר האָבן אָפט געוואוינט אין אַ געמישטער נאַכבאַרשאַפט. אין דעם פאַל אָבער, האָט קיין פראַגע ניט געקאָנט זיין פון אַן אויסערלעכן איינפלוס. אַלץ האָט געשטאַמט פון קינד אַרויס, פון איינעווייניק. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען ווער ווייס ווי פרי, אַלס אַ בלינדער ווידערשטאַנד צו אונזער גאַנצער גייסטיגער אַטמאָספערע. עס איז אויסגעקומען אַזוי ווי ער וואָלט אין אונזער לעבן און שטרעבן, אין אונזער גייסט, אין אונזער סאָרט מענטשן דערשמעקט עפּעס אַזעלכעס וואָס ער האָט ניט געקאָנט פאַרטראָגן, דערשמעקט אָדער דערשפּירט אויף אַ געהיימניספולן אופן... כ'וועל דיר בעסער עפּעס דערציילן:

ער איז נאָך קיין פולע פיר יאָר ניט געווען ווען די שטיינס האָבן איין מאָרגן געבראַכט צו אונז זייער מאַקסי, אויף פון זיין עלטער, געלאָזן אים מיט אונז ביז אָוונט. אַ זעלטן ליבער און פריינדלעכער אינגעלע געווען דער מאַקסי. איך פיר די קינדער פריילעך צוזאַמען, מאַקסי שמייכלט אים ברייט אין געזיכט אַריין, וויל אָנרירן זיין האַנט, זיין אַרבל, זיין פּלייצע און קאַרל

דרייט אַלץ אָפּ זיין קאָפּ אַהער, אַהין, נאָכאַמאָל און איבעראַמאָל. צוערשט לאָך איך, דערנאָך ווערט מיר אמת פאַרדריסלעך — „אַזוי נעמט מען אויף אַ גאַסט, אַזאַ וואוילן אינגעלע? שעם דיך, שעם דיך," — זאָג איך שוין ווען איך זע אַז מיינע ווערטער העלפן ניט. גוט נאָך וואָס מאַקסי האָט גוטמוטיק און שמייכלענדיק געוואַרט. האָב איך געלאָזן די קינדער אַליין, געדענקט זיי וועלן זיך שוין אַליין צוזאַמענקומען. אַריין צו זיי אין צימער שפּעטער, האָב איך געפונען מאַקסי'ן זיצן אַן אומעטיקן אַליין ביים עק פון דער לאַנגער סאָפע. — „וואו איז קאַרל?" — ער ווייסט ניט. איך קוק אַרויס פון פענס־טער און זע ווי מיין קאַרל זיצט אין דרויסן אויך איינער אַליין אויף די טרעפּ, ווען איך בין צו צום שטיל־שווייגנדיגן מאַקסי און אַ גלעט געטאָן אים איבערן קאָפּ, האָט ער זיך האַרצרייסנד צעכליפּעט אונטער מיינע צערט־לענדע הענט. און יענער אונטן, איז געזעסן אין דרויסן איינער אַליין... וואָס דאַרפסטו מער, איך האָב אפילו ניט באַמערקט קיין וואַרעמקייט צו זיין אייגענעם פאָטער, ווי זאָל איך עס דיר אָנרופן, די...

מערי: ניט קיין געזעלשאַפטלעך קינד געווען, גלויב איך, ניט קיין וואַרעם־האַרציג...

אסתר: (שלאָגט איר איבער די רייד) ניין, ניין, ניט דאָס... אַ שווייגזאַמע, צוריקגעהאַלטענע נאַטור, מיט אַ האַרץ... (רוימט איין ווי אַ סוד) וואָס איז ניט געווען פריי אויפצוגיין, עפענען זיך... ניט געווען פריי... איין נאָכמיטאָג בין איך געזעסן מיט אים אין אַ קליינעם פאַרק פאַר אונזער הויז. ווען איך האָב מיך אויף אַ רגע אָפּגעריסן פון מיין בוך צו זען וואו ער איז, האָב איך אים געכאַפּט אין אַ מאָמענט ווען זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט איז געווען איינגעשלונגען אין עפּעס וואָס ער האָט גע־זען. ווייסט וואָס? אַ קינד האָט זיך דאָרט אַרומגעכאַפּט מיטן פאָטער, מסתמא אָט נאָר וואָס אָנגעקומען, דער גליקלעכער פאָטער. אַן אָנגענעמע סצענע. איך האָב אַ שמייכל געטאָן, געזען דעם קינד'ס מוטער גליקלעך שמייכלען, אַן אַנדערע פרעמדע פרוי האָט עס אויך געזען. אָבער מיין קאַרל האָט ניט געשמייכלט, מיין קינד האָט געקוקט און געליטן... עס איז דאָך געווען דאָס הונגעריגע געזיכט פון אַ פאַרשמאַכט קינד פאַר אַ פולן, נאָר פרעמדן טיש. קאַרל האָט מקנא געווען יענעם קינד. ער האָט זיך מיט זיין פאָטער קיינמאָל ניט אַזוי געפרייט...

מערי: ער, וואָס האָט געהאַט וויקטאָרן פאַר אַ פאָטער? ווי אַלט איז ער דעמאָלט געווען?

אסתר: זעקס יאָר...

מערי: מקנא געווען, זאָגסטו, פאַרוואָס?

אסתר: איך האָב דאָך דיר געזאָגט פאַרוואָס...

מערי: אָ, דו מיינסט אַז...

אסתר: אָ, זאָגסטו, דו מיינסט דאָס זייַנען פּוסטע סברות. וואָס האָסטו געוואָלט אַז איך זאָל אים האָבן געכאַפּט ביים וואָרפן שטיינער אויף אונזערע? שטיינער וואָרפן האָב איך אים ניט געזען... כ'האָב אים געזען, כ'האָב... (אונטערברעכט זיך אַ ווײַלע און שטודירט מערי'ס ערנסטן געזיכט און פרעגט שיר ניט אין אַ וויספּער) וואָס וואָלסטו געזאָגט אויב דו וואָלסט געזען וויקטאָר'ס זון, אַ אינגל שוין אין זיין עלפטן יאָר, מיט נאָך גאַסן־אינגלעך, זוכן אַראָפּצושרייען אונזערן אַ רעדנער? איך האָב עס געזען. איך האָב מיך אַנגעטראָפן אויף דער סצענע — צוויי בלאָק אין גאַנצן פון אונזער וואוינונג — איך בין דעמאָלט געקומען אין אָוונט אַהיים. און געזען אים צווישן די אַנדערע... ניין, ער איז ניט געווען קיין אומ־פּאַרטייאישער צושויער, כאָטש קיין שטיינער האָט ער ניט געוואָרפן, אפשר צוליב מיר... איך גלויב אַז צוליב מיר...

מערי: ער האָט דיך געזען?

אסתר: דערזען מיך? ניין, כ'האָב ניט געמיינט דאָס, ניט דאָס...

מערי: וואָס האָסטו געטאָן?

אסתר: וואָס האָב איך געטאָן? וואָס כ'האָב געטאָן? כ'האָב גאָר ניט געטאָן. ווערסט עס גלויבן? איך האָב גאָרניט געטאָן! אין דער מינוט וואָלט איך געווען גליקלעך אַז ער זאָל טאַקע אָנהייבן וואָרפן שטיינער, שטיינער, אין מיר, אין מיר... כ'האָב אים געלאָזן שטיין דאָרט מיט יענע ווי ער וואָלט ניט מיין קינד געווען, איך בין אַנטלאָפן, אַנטלאָפן צו זיך...

מערי: דו האָסט מיר ניט געזאָגט צי ער האָט דיך געזען צי ניט?

אסתר: איך ווייס ניט... עס איז פאַרבליבן אַ סוד... איצט שוין אויף אייביק... ער איז אַריין אין הויז פיל שפּעטער... אַ טויט בלייכער, און אַ... מיאוסער, אַ העסלעכער, אַזוי האָט ער מיר אויסגעקוקט דעמאָלט... און אַן עלנדער, אַ זייער עלנדער...

מערי: וואָס האָסטו געזאָגט?

אסתר: כ'האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן... געפילט, אַז מיט מיין שווייגן וועל איך מער ווירקן אויף אים... כ'האָב ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן...

מערי: וויקטאָר האָט געוואוסט דערפון?

אסתר: וויקטאָר האָט ניט געוואוסט... וויקטאָר... וויקטאָר האָט נאַרוואָס געהאַט באַקומען די ערשטע שרעקלעכע וואַרנונג פון זיין דאָקטאָר, זאָל איך קומען אים לייכטער מאַכן זיין אָנגעגריפן האַרץ מיט דער ליבער בשורה? אָבער ער איז ניט געווען געגאַרט אין זיין קינד, ווי אין די

גליקלעכע גאָר ערשטע יאָרן. וויקטאָר האָט מיר אויך גאָרנישט געזאָגט, אויך דאָסזעלבע: געשווינט מיך. נאָר איך בין אַמאָל אָנגעקומען אויף אַ סצענע צווישן פּאַטער און זון וואָס מיין אָנקומען האָט געמוזט האָבן איבער־געריסן. ביידנס געזיכטער האָבן זיך לאַנג דערנאָך ניט באַרואיקט. ביידע האָבן פאַרשוויגן וואָס עס איז פּאַרגעקומען. קאַרל איז געווען אַזוי בלייך ווי נאָך יענער סצענע אין גאַס. יעדעס מאָל וואָס איך פלעג אים זען בלייך ווערן פלעגט עס מיך מאַכן דענקען פון שטיקן, ווי ער ווערט דאָ געשטיקט ביי אונז... דערנאָך, ווייסטו דאָך, זיינען אָנגעקומען יאָרן פון שפּיטאָל פאַר וויקטאָרן און נאָכאַמאָל און אַ דריטן און לעצטן מאָל. ווען וויקטאָר איז אַרויס פון שפּיטאָל דאָס ערשטע מאָל האָט ער זיך ערשט גענומען צו דער אַרבעט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַריינכאַפּן וואָס מער פאַרן סוף. ער פלעגט זעלטן אין הויז זיין, אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פיל געשריבן אויך. איינמאָל האָט ער אָנגעהויבן צו זאָגן מיר עפּעס: „אונזער קאַרל, מיין ליבע אסתר, אונזער קאַרל", און ניט דערענדיקט. — „וואָס?" „אָט גאָר־ניט", און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. און דאָך האָט וויקטאָר ניט גע־וואוסט וואָס איך האָב געוואוסט, אין דעם בין איך זיכער. ער האָט אָנ־גענומען זיין זון פאַר איינעם וואָס לאָזט זיך ניט באַגייסטערן... ער האָט ניט געזען דעם שווייגנדיגן, איינגעשפּאַרטן אָפּאָנענט אין אים... (אסתר פאַלט אַריין אַ ווײַלע אין געדאַנקען) איך זאָג אָפּאָנענט, קעגנער, אָבער דער אינגל איז דאָך צוזאַמענגעבראָכן פון דעם קלאַפּ פון זיין פּאַטער'ס טויט. יאָ, מיין טייערע, צוזאַמענגעבראָכן... איך האָב דעמאָלט געגלויבט אַז דעם פּאַטער'ס טויט האָט פאַראורזאַכט אַ מין באַקערונג אין קינד. עס איז דאָך געשען אַזעלכעס, וואָס האָט באַדאַרפט איבערלאָזן אַן איינדרוק אויף אַ יונג קינד, אַ יונגע פאַנטאַזיע; די אומגעהייערע צאָל מענער, פרויען, יונג און אַלט, אַזוי פיל שיינע יונגע קידער, די פייערלעכע צערעמאָניען, די גרויסע ערע וואָס מען האָט אָפּגעגעבן דעם פאַרשטאָרבענעם... (טוט אַ זיפץ, מיט שמערץ) איך האָב מיך אָבער טועה געווען. קאַרל'ס טרויער האָט זיך ניט געלאָזט צוזאַמענמישן מיט אונזערן. עס איז געווען זיין פער־זענלעכער צער און איז פאַרבליבן אַ סוד פאַר מיר. איך קאָן מיר נאָר משער זיין אַז ער האָט דאַן דורכגעלעבט שווערע טעג, אַז ער איז פיל גע־פּרואווט געוואָרן פון יענע געשעענישן און אַרויס פאַרשטאַרקט אויף זיין אייגענעם אופן, אַרויס אַן איינזאַם קינד, ווייט פון אונז אַלעמען...

מערי: איך פאַרשטיי דיך ניט, אסתר, דו זאָגסט אַז דו קאָנסט זיך נאָר משער זיין, אַז עס איז פאַרבליבן זיין סוד און נאָך אַזעלכעס... איר זייט דאָך אָבער געווען צוזאַמען, דו און ער, נאָדוויקטאָר'ס טויט, מוטער און קינד צוזאַמען, טאָ...

אסתר: דו פֿאַרשטייסט ניט. ווּעסט פֿילעס ניט פֿאַרשטיין... איך גלויב אַז ווען ניט יענע פֿאָר לעצטע שטורמישע יאָרן פֿון וויקטאָר׳ס לעבן וואָלט אַלץ אַנדערש געווען... מיינסט אַז די געשטאַלט פֿון מיין קינד ווי איך האָב אים געזען נאָך יענער שוידערלעכער סצענע אין סטריט, האָט מיך שנעל צורו געלאָזן? ניט פֿאַרפֿאָלגט מיך? מיין קינד, מיין קינד, העסלעך אין מיינע אויגן!... איך פֿלעג מיך אָפֿט פֿרעגן: ווי: העסלעך ביז עלנדקייט אָדער עלענד ביז העסלעכקייט, עלנד, עלנד... אָבער דאָס זיינען געווען וויקטאָר׳ס לעצטע און גרעסטע יאָרן. איך גלויב ניט אַז דאָס וואָס מען רופֿט טריאומפֿירן פֿון גייסט איבערן קערפּער האָט זיך געקאָנט מער אַרויסצייגן, ווי אין וויקטאָרן יענע טעג. וויקטאָר׳ס פֿייער האָט קיינמאָל אַזוי העל, אַזוי גלאָרדייך ניט געברענט. פֿאַר מיינע אויגן האָט ווידער אויפֿגעלויכטן דער פֿאַבלהאַפֿטער וויקטאָר פֿון יענע ערשטע נאַאיווע טעג מיינע... אָרעמער, עלנדער קאַרל... איך געדענק איין נאַכט אין בעט. איך האָב נאָרוואָס געהאַט אויסגעלאָשן די ליכט האַבנדיג איבערגעלייענט וויקטאָר׳ס אַ בריוו פֿון וועג, וואָס איך האָב יענעם טאָג דערהאַלטן, האָב איך מיך פֿאַרטראַכט איבער וויקטאָר׳ס יוגנט. וויקטאָר האָט דאָך פֿאַרבראַכט זיינע ערשטע יאָרן אין אַ היים ניט נאָר פֿרעמד נאָר פֿיינדלעך צו זיין יונגן גייסט. איז ער אָבער אַוועק צו צוועלף יאָר, פֿאַרלאָזן פֿאָטער און מוטער, ברידער און שוועסטער, זיי קיינמאָל מער ניט געזען. איך אַליין... איך וועל ניט זאָגן אַז מיין היים איז מיר געווען אַזוי ווייט און פֿרעמד, ס׳איז מיר געוואָרן פֿרעמד נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט באַגעגנט וויקטאָרן... איך בין אַוועק פֿון הויז צו וויקטאָרן... קאַרל ליידט... ווייל ער קאָן ניט אַוועקגיין...

מערי: קאַרל האָט דען געוואָלט אַוועקגיין?

אסתר: ניין, ער האָט ניט געוואָלט... ער האָט ניט געקאָנט אַוועקגיין, צוליב מיר...

מערי: דו גלויבסט אַזוי?

אסתר: איך ווייס אַזוי. איך ווייס ער איז געבליבן צוליב מיר...

מערי: דו מיינסט ער איז געווען צוגעבונדן צו דיר, פֿאַרשטיי איך... נו, האָסטו גאָרניט געפּרואווט אים צו דערנענטערן צו זיך... איך מיין, אין גייסט?

אסתר: עס וואָלט ניט געהאָלפֿן. קאָמפּראָמיסן זיינען ניט געווען אין זיין כאַראַקטער. אין דעם הינזיכט איז ער געווען וויקטאָר׳ס זון...

מערי: טאָ וואָס האָט ער געוואָלט?

אסתר: איך ווייס ניט... ער האָט געוואַרט...

מערי: געוואַרט? אויף וואָס האָט ער געוואַרט?

אסתר: כ׳ווייס? געוואָרט אפשר אַז איך זאָל מיך איבעראַנדערשן.

מערי: האָט ער זיך ווען אויסגעדריקט אין דעם זינען?

אסתר: איך פאַרשטיי אַזוי, כ׳גלויב אַזוי...

מערי: און איר האָט קיינמאָל קיין געהעריקן געשפּרעך ניט גע־האָט?

אסתר: ניין, מיין פריינט, ניט געהאָט... דו שטויסט, ווי זאָל איך דיר דערקלערן? מעגלעך ווייל, ווי דו האָסט שוין געהערט פון מיר, האָט מיך רעדן מיט אים אָפּגעשראָקן. נאָך דעם שטורעם און טומל, נאָכן גרויסן רויש פון יענע לעצטע יאָרן מיט וויקטאָרן, איז פּלוצלונג אַנטשטאַנען פאַר מיר אַזאַ אומבאַקאַנטע פרעמדע, שטילקייט, איך בין צוריקגעקומען נאָך דער לעצטער טרויעריקער צערעמאָניע אין אַ לעער און שטיל הויז. די נייע שטילקייט האָט געוואונדעט, געשניטן מיין האַרץ, געהיילט אָבער אויך מיט דער צייט. איך האָב פון קיין זאַך ניט געוואָלט דענקען, פון קיין זאַך ניט טראַכטן, איך האָב נאָר געוואָלט פילן די נייע שטילקייט אַרום זיך. אַזוי זיינען אַוועק טעג, טעג, אַן אַן ענדע. עס האָט זיך געדוכט אַז איך שטיי פונקט אויף דערזעלבער שטעלע וואו מיין שיקזאָל האָט מיך אַוועקגעשטעלט דעם טאָג ווען איך האָב פאַרלאָרן וויקטאָר׳ן. עס איז אָבער ניט געווען אַזוי. דעם פּאַסאַזשיר אויף אַ פעריִ דוכט זיך אָפט אַז ער שטייט אויף איין אָרט סיידן ער קוקט פאַר זיך, אָדער הינטער זיך, צו איין ברעג אָדער צום אַנ־דערן. ווען איך פלעג אַמאָל אויפהויבן מיין בליק פלעג איך שוין זען אַז איך בין ניט אויף איין אָרט געשטאַנען... דו ווייסט, מערי, אויף וועלכן ברעג איך פלעג אַ בליק טאָן? אויפן ברעג וואָס איך האָב פאַרלאָזן. פאַרנט, פאַר זיך האָב ניט געוואָלט קוקן, און אַרום זיך — אויך ניט... אַזוי, למשל, פלעג איך זיך אַמאָל צוכאַפּן צו אַלטע פּאַמפלעטן, אַלטע ליטעראַטור ראַמאַ־נען פון אונזער סאָרט...

מערי: ווי דענקסטו, אסתר, האָט עס קאַרל באַמערקט?

אסתר: כ׳גלויב אַז יאָ... (נאָך אַ פּויזע) וואָס דאַרפסטו מער, מיין פריינט, צייטנווייז, זוכנדיק אין מיין קאַמאָד, פלעג איך מיך אָנשטויסן אויף וויקטאָר׳ס אַ בילד איינגעראַמט אין לעדער. עס איז דער טייערסטער, גע־ראַטענסטער און ליבסטער בילד פון אים... איך געדענק נאָך מיין פרייד ווען איך האָב דאָס בילד צוערשט געזען... יאָ, צייטנווייז, האָב איך גע־זאָגט, פלעג איך מיך אָנשטויסן אויף דעם בילד און זיך דענקען, אַז איך זע עס אַזוי זעלטן און דאָך גלייך עס צוריקלייגן. אַן אַנדערש מאָל אפילו ניט געעפנט דעם ראַם אַ קוק צו טאָן...

מערי: וואוהין אָבער האָט עס דיך געטראָגן?

אסתר: כ'ווייס ניט, גלויב מיר, מערי, איך ווייס ניט, איך האָב דערפון ניט געדענקט. ס'האָט מיך געטראָגן, ווי דו רופסט עס, לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ביז וואַנען איין טאָג איז מען מיך געקומען פרעגן צי איך בין קארל'ס מוטער... איך האָב פון קיין זאַך ניט געוואוסט. כ'מיין, איך האָב ניט געוואוסט אין וועלכע באַזונדערע פאַרבינדונגען קאַרל שטייט. יאָ, יאָ, אַזוי איז עס געווען ביז וואַנען איך בין געבליבן שטיין פאַר זיין טויטן קער־פער, ווען איך האָב געהערט זיך אויסשרייען: „פאַרגיב מיר, מיין קינד, פאַרגיב מיר, מיין קינד, פאַרגיב מיר מיין קינד". דאָס זיינען געווען מיינע איינציקע ווערטער. די ווערטער, אָבער האָב איך געשריען אָן אויפהער. געשריען הויך, היסטעריש, געשעפּטשעט שטיל אַריבערבויגנדיק זיך איבער אים, איבער זיין לעבלאָזן געזיכט. איך האָב געגאַרט אַז ער זאָל מיך הערן, געגלויבט, אז אפשר, אפשר הערט ער מיך טאַקע. „פאַרגיב מיר, מיין קינד!"

מערי: פאַרגיב מיר, מיין קינד?

אסתר: יאָ, פאַרגיב מיר, מיין קינד. דאָס האָב איך נאָך אַ לאַנגע צייט דערנאָך געזאָגט און זאָג עס שטענדיק ווען איך טראַכט פון אים. איך האָב מיך מערערע מאָל געפרעגט: אויב איך האָב געוואוסט וואָס צו זאָגן מיין טויטן קינד, פאַרוואָס זיינען מיר קיינע ווערטער ניט געקומען צום לעבעדיקן? פאַר וואָס, פאַרוואָס?...

# דאָס הויז פון טרוימבילד

דער זאָנדערבאַרער געפיל איז געקומען צו וואָלמאַנען פּלוצלינג, ביים ענדע פון אַ געוויינלעכן מאָלצייט, ווען ער איז געזעסן מיט זיין פרוי און קינדער און צוזאַמען מיט אַלעמען זיך לוסטיג געמאַכט איבער אַ חכמה פון זיין אינגסטן קינד. דאָס געפיל איז געקומען פּלוצלינג, אָבער אַזוי שאַרף און געוואַלטיג אַז ער איז ניט זיכער געווען צי פילט ער עס, אָדער זעט עס מיט זיינע אויגן. דער געפיל איז באַשטאַנען אין דעם אַז ער, וואָלמאַן, זיצט דאָ ביי אַ פרעמדן טיש, אפשר ניט מיט זיין פרוי און קינדער, אַז ער געהערט זיך דאָ ניט אָן און טאָר בכלל אַזוי ניט זיצן דאָ. האָט זיך זיין שמייכל אויפ׳ן שטעל אָפּגעווישט פון זיין געזיכט, ער האָט זיך אויפגעהויבן און אָן אַ וואָרט צו די אַרומיגע, פאַרלאָזן דעם צימער.

וואָס קאָן באַדייטן דער געפיל? — האָט ער זיך געפרעגט אַזוי שנעל, ווי ער איז געבליבן מיט זיך אַליין. — ווי אַזוי איז ער, אַ פרעמדער, אין אַ הויז וואָס ער אַליין האָט זיך געבויט? טאָ פאַר־וואָס איז צו אים פּלוצלינג געקומען אַזאַ ווילדער געדאַנק? ס׳איז דאָך ניט גלאַט אַ געדאַנק, וואָס איז דורכגעלאָפן דורך אים, נאָר אַ קויל, אַ קויל, וואָס איז אַריינגעדרונגען טיף אין אים... — ער, אַ פרעמדער, ביי זיך אין הויז!... כאָטש אין אַ געוויסן זינען קאָן קיין מענטש ניט זאָגן, אַז די, אָדער יענע זאַך, איז זיין אייגנס... וואָלט ער געשטאָרבן, למשל, קען מען זיך גרינג פאָרשטעלן, אַז אַנאַנ־דערער וואָלט אים געקאָנט פאַרטרעטן אי ביי זיין פרוי, אי ביי זיינע קינדער. יענער וואָלט געקאָנט פונקט אַזוי זיצן געמיטלעך ווי ער אַליין איז נאָרוואָס געזעסן, ביי דעמזעלבן טיש אַרומגערינגלט פון דערזעלבער גרופּע. דאָס אָבער איז דאָך אַן אַלטער געדאַנק, דאָס קאָן דאָך ניט זיין די פולע באַדייטונג פון דעם, וואָס איז נאָרוואָס צו אים געקומען.

אַזוי איז וואָלמאַן געזעסן אין זיין פריוואַטן צימער און שווער־מוטיג נאָכגעדענקט. אויפ׳ן וואַנט אַנטקעגן איז געהאַנגען אַ בילד פון

אים אַלס גאָר אַ יונגער מאַן, און וואָלמאַנ׳ס אויגן האָבן זיך מערערע מאָל אָפּגעשטעלט אויפ׳ן בילד ווי ער וואָלט געפרעגט: וואו גע־הערן מיר זיך אָן אויב ניט דאָ? דאָס בילד האָט ניט געענטפערט וואו, אָבער די גוט באַקאַנטע ווענט און די פאַרשידענע זאַכן אַרום, האָבן ווי באַשטעטיגט דעם שווערן געדאַנק. — אַזוי גוט באַקאַנט קע־נען זיין נאָר די ווענט פון אַ געפענגעניש פון וואַנען דאָס האַרץ רייסט זיך, ס׳קאָן ניט זיין דאָ... דער געפיל, וואָס איז געקומען פון אָט דעם געדאַנק, אַז ער איז איינער צווישן פרעמדע, האָט וואָלמאַנ׳ען שוין ניט פאַרלאָזן נאָר פאַרשאַרפט זיך מיט די טעג, ווי ער האָט עס מיט מורא פאַראויסגעזען פון דער ערשטער רגע אָן. ער האָט שוין ניט געקאָנט גלייכגילטיג אַריינגיין אין זיין גאַס, אָדער אין הויז צו זיך, אָדער זען זיין נאָמען צוזאַמען מיט זיין אַדרעס. נאָך עפּעס, ער האָט אָנגעהויבן צו גלויבן, אַז דער שרעקלעכער געפיל איז צו אים צוערשט געקומען באַגלייט פון אַ מין טרוימבילד פון אַ מאָדנער אומבאַקאַנטער הויז, וואָס איז פאַר אים פאַרבליבן אומדייטלעך, ווייל עס האָט אַפילו קיין פולע רגע ניט געדויערט. זאָל דאָס זיין דאָס הויז פון וואַנען ער קומט? אָדער גאָר וואוהין ער דאַרף גיין? אפשר האָט ער טאַקע אַמאָל באַדאַרפט גיין ערגעץ און אויף זיין וועג אַהין פאַרבלאָנדזשעט אַהער, און פאַרגעסן אָן אַלעם. עס פּאַסירן דאָך אַזוינע זאַכן, ווי עס ווערט דערציילט פון געוויסע פּאַטאָלאָגישע פאַלן?

פון וואַנען קומט ער? האָט ער זיך געפרעגט, ווייל פון זיין אָפּ־שטאַמונג האָט ער גאָרניט געוואוסט. דאָס איז אים איצט אויסגע־קומען מער געהיימניספול ווי ביז אַהער: אַ פאָטער וואָס איז גע־שטאָרבן ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען, אַ מוטער, אַן אָרעמע פרוי אַריינגעטאָן אין גאַנצן אין דער זאָרג פון טאָג, און זעלטן דערמאָנט זיין פאָטער. פון קיין קרובים האָט ער קיינמאָל ניט געהערט. איין איינציגע זאָנדערבאַרע עראינערונג איז אים פאַרבליבן אַזוי בולט פון יענע ערשטע טעג זיינע — אַ באַזוך, איין נאַכט, מיט זיין מוטער אין אַ קליין לאָמפּן־געשעפט. דאָס איינציגע מאָל וואָס ער, דער זעקס־יעריגער אינגעלע, האָט זיך געפונען אין אַזאַ צויבערהאַפטער אומגע־בונג פון אַזעלכע וואונדערלעכע לאָמפּן וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געהאַט געזען, און ביוסטן און סטאַטועטקעס פון ווייסן מאַרמאָר: פון שטומע פאַרטיפטע דענקער, פון עפּעס אַ סקולפּטאָר, וואָס האַקט שטיק אין אַ געדולדיקן שטיין אַריין, אַ באַגייסטערטע פיגור פון אײי־נעם מיט אַ גלאָק און לאַנטערנע. צולעצט, גאָר צולעצט, פאַר זייער אַוועקגיין — עס איז געווען נאָך 12 ביינאַכט, געדענקט ער, — זיינען

פלוצלינג אָנגעקומען פון דרויסן אַ פּאָר יונגע לייט. איינער וואָס איז געווען דער זון פון דער איינביטימערין פון געשעפט, האָט געטראָגן אַ פאַרוויקלטע פאַן, וואָס ער האָט אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל. אַ לאַנגע צייט פאַר זיי איז קיינער אין געשעפט ניט אַריין — זיינען זיי ביידע געקומען ווי פון דער נאַכט אַרויס. דער קליינער וואָלמאַן האָט דאָרט צוערשט געהערט דאָס וואָרט: „באַוועגונג" און געזען אַן אומגעוויינלעכע פאַן. פון דעמאָלט אָן זיינען לאָמפּ, פאַן און באַוועגונג פעסט פאַרבונדן אין זיין געדאַנק. נאָר דאָס וואָרט, „באַוועגונג" האָט איינגעהאַלטן די ערשטע בוכשטעבלעכע באַדייטונג: רירן זיך, גיין ערגעץ. וואָסער פאַן ס'איז געווען וויס ער ניט, ווייל ס'איז געווען צוזאַמענגעוויקלט, זיי האָבן דאָרט געמוזט קענען זיין, וואָלמאַנ'ס, פאָטער. די וואוילע פרוי דאָרט האָט באַמערקט, אַז דער קליינער איינגעקלע איז זייער ענלעך אויף זיין פאָטער. די פרוי, אַזאַ פרעמדער טיפּ, גאָרניט ווי זיין מוטער. אַזוי אויך די אַנדערע. געקומען וואַרשיינלעך פון אַנאַנדער לאַנד, ווי זייערע לאָמפּן און ביוסטן. אפשר זיין פאָטער אויך אַזוי... אָבער וואו זיינען זיי איצט? וואו איז זייער פאָהן?

:: :: ::

מאַן און ווייב זיינען געזעסן אין זייער שיינעם פאַרמעגלעך־איינגעריכטעטן זאַל און געליענט. וואָלמאַן האָט לאַנגזאַם אַוועקגעלייגט זיין בוך און געפרעגט:

— קומט דיר אַרויף אַ געדאַנק, אַז מען וואַרט ערגעץ אויף דיר?

— ווער וואַרט?

— וואָס וויס איך? מענטשן, פאַרשטייט זיך...

— פאַרוואָס זאָלן זיי וואַרטן אויף מיר?

— אפשר ווייל דו האָסט זיי אַמאָל צוגעזאָגט צו קומען?

— צוגעזאָגט צו קומען? כ'האָב קיינמאָל קיינעם אַזעלכעס ניט צוגעזאָגט.

— קאָנסט גאָרניט וויסן. האָסט אפשר צוגעזאָגט אַמאָל און פאַרגעסן... אפשר נאָך אין דיין קינדהייט. אפשר האָט דיין פאָטער פאַר דיר געמאַכט דעם צוזאָג אָדער די מוטער?...

— צוגעזאָגט וואָס?

— אפשר קומען מיט זיי...

— קומען מיט זיי? זיי גייען דען ערגעץ?

— יאָ, אַזעלכע וואָס גייען ערגעץ...

— און זיי וואַרטן אויף מיר?

— זיי וואַרטן מיט זייער פּאַן... מיט אַ צוזאַמענגעוויקלטער פּאַן...

— פאַרוואָס זאָל איך וועלן גיין מיט זיי אַז ס'איז מיר אַזוי גוט דאָ מיט דיר? — האָט זי זיך לוסטיג צעלאַכט. — דו האָסט מיר אויפ־געבויט מיט אַזויפיל מי אַזאַ שיין הויז און איך זאָל גאָר וועלן גיין מיט יענע? — האָט זי צוגעגעבן מיט אַן אַנדער אויסברוך פון פריילעכן געלעכטער.

זעענדיג פון זיין אויסדרוק אַז ער בלייבט אַזוי קאַלט צו איר געלעכטער, האָט זי געפרעגט:

— דו מיינסט עס דען ערנסט מיט דיין פראַגע?

ער האָט איר ניט געענטפערט נאָר געבליבן קוקן אַזוי אויף איר.

פאַרוואָס ווילסטו האָבן אַז איך זאָל דענקען פון מענטשן וואָס וואַרטן אויף מיר ערגעץ?

אַזוי ווי ער איז געבליבן קוקן און שווייגן, איז זי געוואָרן קענטיג באַאומרואיגט. זי האָט געהאַט באַמערקט אַז איר מאַן גייט אַרום אַ צעטראָגענער די לעצטע צייט. — געשעפטס־אַנגעלעגנהייטן, — האָט זי זיך געזאָגט, און אים צו רו געלאָזן וויסנדיג אַז אַלע פראַגעס זיינען אים אומאָנגענעם. אין דער מינוט אָבער, איז איר די גאַנצע זאַך קשה געוואָרן: ס'מוז זיין עפּעס אַנדערש, ס'איז ניט געשעפטן.

— עס זיינען ניט דיינע אייגענע געדאַנקען... כ'מיין אַז מען וואַרט אויף דיר ערגעץ?...

— ניט מיינע געדאַנקען, — האָט ער ענדלעך געענטפערט זעענדיג ווי דער פרוי'ס אומרואיגקייט וואַקסט פאַר זיינע אויגן.

— טאָ ווי אַזוי קומסטו מיך פרעגן די גאַנצע געשיכטע?

ער האָט אָנגעוויזן אויפן בוך לעבן אים.

— אַ, דו האָסט עס געלעזן אין דיין בוך?

ער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— געדאַנקען פון בוך איז עפּעס אַנדערש... פון בוך איז עפּעס אַנדערש...

וואָלמאַן האָט געזען אַז די פרוי איז איצט פולשטענדיג באַרואיגט. זי האָט שוין אָנגעהויבן צו דענקען, אַז איך בין פון זינען אַראָפּ, — האָט וואָלמאַן זיך געטראַכט. — אפשר בין איך טאַקע משוגע? און אַז משוגע וואָס העלפט עס מיר? עס מאַכט דען לייכטער מיין שווערע לאַסט?

⁂ ⁂ ⁂

איין זונטאָג פרימאָגן, קורץ דערנאָך, איז פרוי וואָלמאַן אַריין צו אים אין צימער, זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול און האָט געזאָגט מיט אַ ליבן אָבער געקינצלטן שמייכל. — פאַר אַן אמת׳ן שמייכל איז זי ניט געווען געשטימט:

— אין דעם בוך וואָס דו האָסט געלייענט זיינען ניטאָ אַזעלכע געדאַנקען...

ער האָט זיך אויפגעכאַפּט ווי פון אַ חלום. ער איז פּונקט געווען פאַרטיפט אין סצענעס פון זיינע פריע קינדער־יאָרן.

— וועלכע געדאַנקען?

— דו ווייסט וועלכע... פון מענטשן מיט פּאָנעם וואָס וואַרטן אויף איינעם...

— איז עס אין אַנדערן בוך, — האָט ער געענטפערט אַזוי שנעל ווי ער האָט איר פאַרשטאַנען.

— אין דעם אַנדערן בוך אויך ניטאָ... איך האָב דעם אַנדערן אויך איבערגעלייענט...

וואָלמאַן האָט גאָר די לעצטע טעג אָנגעהויבן צו פילן אַז זיין פרוי שטודירט זיין באַנעמען זיך מיט אַ מין חשד.

— פאַרוואָס זאָגסטו מיר ניט פון וואַנען די געדאַנקען קומען צו דיר? — דיינע אייגענע געדאַנקען אפשר? — זי האָט געוואַרט אַ ווײַלע אויף אַן ענטפער פון אים.

— דו ווילסט אַוועק פון מיר? ווער וואַרט אויף דיר? אַ פרוי? אַ געליבטע פון אַמאָל אפשר, וואָס דו ווילסט צוריקגיין צו איר? איז דאָס די באַדייטונג פון מענטשן וואָס וואַרטן? — די פרוי איז איצט געווען העכסט אויפגערעגט פון אירע אייגענע ווערטער טאַקע. וואָלמאַן האָט ניט געקאָנט צוזען אירע ליידן.

— אַ געליבטע פון אַמאָל! אַ פרוי? אַוועקגיין מיט אַ פרוי, נאָך וואָס, פרעג איך דיר? אַ שיינע פרוי האָב איך דאָך דאָ מיט מיר... — ער האָט איר קיין ליגן ניט געזאָגט. איר שיין געזיכט און די אָפטע בליצן אין אירע אויגן האָבן אין דער מינוט פיל גערעדט צו זיין האַרץ. אָבער טאַקע דאָס שיינע געזיכט וואָס האָט זיך אַזוי שיין אָפּגעשפּיגלט אין יעדער שיינער מינוט אירער, האָט איר געמאַכט אַזוי פרעמד צו אים, איז זי טאַקע זיין פרוי?...

— טאָ וואָס דען מיינסטו, אַז מען וואַרט אויף דיר? מיט וועמען ווילסטו עס גיין? אַזוי פּלוצלינג אַריינגעפאַלן געדאַנקען פון גיין גאָר?...

— פלוצלינג איינגעפאַלן, זאַגסטו? — מיטאָמאָל זיינען די געדאַנקען וועלכע זי האָט אים נאָרוואָס איבערגעשלאָגן מיט איר אַריינגיין צו אים — די סצענעס פון זיין קינדהייט, צוריקגעקומען ווי אויף אַ ים כוואַליע און געמאַכט אים די רגע פאַרגעסן אַן אַלעם — פלוצלינג איינגעפאַלן צו גיין, זאָגסטו? כ׳האָב שוין געגאַרט צו גיין ווען איך בין נאָך גאָר אַ קליין קינד געווען... — און ער האָט איר גענומען דערציילן מיט אַזוי פיל פרייד פון די סצענעס וואָס ער האָט נאָרוואָס איבערגעלעבט אין געדאַנק.

— איך האָב אַלס קינד נאָך קיין זאַך אַזוי פיל ניט געגאַרט, ווי צו גיין און גיין; געגאַרט מען זאָל מיך ערגעץ מיטנעמען, גיין מיט עלטערע, גיין מיט חברים, קיין חלוק ניט מיט וועמען, אָדער וואוהין אַבי נאָר גיין, גיין...

ער האָט אויך דערציילט, ווי אַזוי אַן עלטערע פרוי, זייערע אַ שכנה האָט אים אַמאָל מיטגענומען אין אַ הויז פון אַ גאָר אַלט פּאָרעל, טאַקע גאָר, גאָר אַלט. ער איז געווען אַנטציקט פון באַזוך, אָבער די אַלטע פיל מער אַנטציקט פון אים. זיי האָבן ממש ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט אים — אַזוי ווי מיט אים וואָלטן זייערע אייגענע קינדערשע יאָרן צוריקגעקומען...

וואַלמאַן האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין פרוי, און געזען אַז זי הערט אים אָן אינטערעס.

— אָבער איצט ביזטו דאָך ניט מער קיין קינד, — האָט זי אים איבערגעשלאָגן זיינע רייד.

דאָס האָט אים מיט אַמאָל צוריקגעבראַכט צו זיין צושטאַנד פון גרויסער אינערלעכער אומרו.

— איצט בין איך ניט מער קיין קינד... ביזט גערעכט, ביזט גערעכט... ער איז געבליבן שטיין פאַר איר פאַרזונקען אין טיפע געדאַנקען, זיינע ליפּן האָבן מעכאַניש געמורמלט: „ניט מער קיין קינד... גערעכט, גערעכט״. ענדלעך האָט זיך ווי אַ ליכט אָנגעצונדן אין זיין אויג. ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— ווייסט וואָס איך דענק? איך גלויב אַז איך האָב איצט ווידער דערזען יענע הויז...

— וועלכע הויז?

— דאָס הויז פון טרוימבילד...

זי האָט אים ניט פאַרשטאַנען. ער האָט איר קיינמאָל ניט דערציילט פון קיין טרוימבילד.

— איך גלויב אַז דער וועג אַנטפּלעקט זיך מיר... ער האָט ווידער אַזאַ רואיקן שמייכל געטאָן.

— וואָלמאַן, וואָלמאַן! האָט זי אויסגעשריען היסטעריש, טויט־בלייך פון שרעק. — זי האָט דערקענט אין זיין אויג דאָס פריילעך פּייערל פון אַ וואַנזיניקן...

# אַן עדות

די קליינע גרופּע פאַרן געריכט־הויז זיינען זיך ענדלעך צעגאַנ־גען. מען האָט זיך בלויז אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע אויסטוישן מיינונגען איבער׳ן גוטן אויסגאַנג פון דעם משפּט; די עלטערע פּאָר וועט, לויט דער אַנטשיידונג פון געריכט, קריגן די פּאָר הונדערט דאָלאַר שאָדנערזאַץ, וואָס זיי האָבן פאַרלאַנגט. עס איז ניט געווען קיין סוד אַז די סומע וועט זיי גוט צונוץ קומען. אַלע, איינגעשלאָסן דעם אַדוואָקאַט אַליין, זיינען געווען פון איין מיינונג, אַז דעם משפּט האָט געוואונען נאָר איין עדות, מר. אַפּטער. זיין שיינער העכסט סימ־פּאַטישער אויסזען, די ערלעכקייט, אויפריכטיקייט, וואָס ליגן ממש אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים; די קלוגקייט און באַשיידנהייט מיט וועלכער ער האָט געענטפערט דעם צד שכנגד, האָבן פון דער ערש־טער מינוט אָן צוגעצויגן און איבערצייגט די געשוואָרענע. האָט מען אים קאָמפּלימענטירט און קאָמפּלימענטירט, אַז אַפּטער האָט פריי אויפגעאָטעמט ווען ער האָט זיך ענדלעך געפונען אַליין. ער האָט געוואָלט זיין אַליין. אָבער ביי די ערשטע פּאָר טריט האָט אים זיינער אַ פריינט אָנגעיאָגט.

— ווייסט איר, אַז איך בין געווען אין געריכטסזאַל?

— יאָ, איך ווייס.

— כ׳האָב געגלויבט אַזוי. כ׳האָב באַגעגנט, דוכט מיר, אייער בליק אין דער סאַמער רגע ווען איר האָט זיך אויפגעהויבן פון עדות זאָגן.

— ווי קומט איר דאָרט? — אַפּטער איז קענטיג געווען אומ־צופרידן מיט דעם וואָס זיין פריינט איז געווען אין געריכטסזאַל. ער האָט טאַקע דערפילט אַ שווערקייט, אַן אומאַנגענעמקייט ווען ער האָט אים דערזען ביים אַראָפּגיין פון עדות־שטול.

— איר זייט געווען אַ וואונדערלעכער עדות. איר האָט געוואו־נען דעם משפּט, אויב איר ווילט וויסן.

— יאָ, געהערט אַזוי זאָגן — האָט אַפּטער געענטפערט האַלב גלייכגילטיק, האַלב פאַרדריסלעך.

— די געשוואָרענע האָבן פון אײַך די גאַנצע צייט זייערע אויגן ניט אַראָפּגענומען, ניט נאָר די פרויען, די מענער אויך...

אָפּטער האָט ניט געענטפערט אויף'ן קורצן, ניט איבערצייי־גענדן אַרויסלאָזן, מיט וועלכן זיין פריינט האָט באַגלייט זיין באַ־מערקונג. יענער אָבער האָט פאָרטגעזעצט:

— ס'איז אָבער ניט געווען אמת, וואָס איר האָט דערציילט די געשוואָרענע... — אָפּטער האָט פאַרקוקט זיין פריינט אין די אויגן אַריין.

— איר קוקט מיך אָן? כ'מיין ניט צו זאָגן, אַז יענע לייטע זיינען ניט באַרעכטיקט צו דעם וואָס דאָס געריכט האָט זיי צוגע־פסק'נט. באַרעכטיקט — יאָ, אָבער ניט לויט'ן געזעץ. איר האָט ניט פאָרגעשטעלט די זאַך אַזוי ווי עס איז אין אמת'ן פאַרגעקומען.

— גערעכט, — האָט אָפּטער צוגעגעבן.

— אָבער איר האָט געשוואָרן אַז איר וועט זאָגן די וואָהרהייט?...

אָפּטער האָט אים ניט געענטפערט. ער האָט אויסגעוויזן ווי ער וואָלט אים גאָרניט געהערט.

— כ'דאַרף אײַך ניט דערציילן — האָט דער פריינט ווייטער געזאָגט, — אַז איך בין מער ווי זיכער, אַז פאַר זיך אַליין וואָלט איר אויף אַ האָר פון אמת ניט אָפּגעטראָטן, אַפילו פאַר דעם מלך'ס אוצרות ניט. — ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ בליק צו טאָן אויף אָפּטער'ן, ער האָט ניט געוואָלט אַז יענער זאָל אָננעמען זיינע ווער־טער אַלס אַ קאָמפּלימענט, ווייל ער האָט באמת געהאַט דעם טיפסטן רעספּעקט פאַר אָפּטער'ן. אָפּטער האָט געשוויגן און געשפּרייזט פאָר־ווערטס טריט ביי טריט מיט אים. אָן אויגנבליק האָט זיין פריינט זיך גע'ישוב'ט פאָרטצוזעצן צי ניט. ער האָט פאָרגעזעצט.

— ניט אין דעם אָבער גייט עס, ניט אין דעם. וואָס איך וויל אַרויסברענגען איז דאָס — אַז איך וואָלט קיינמאָל זיך ניט גע־גלויבט, אַז איר זייט עס פעאיג צו טאָן אַפילו פאַר אַנאַנדערן. וואָס איז דער חלוק? פאַרשטייט איר מיך? איך האָב געהערט, געקוקט, און געשטוינט: איר, און ניט איר און פאָרט איר... אָבער ווי אַזוי, איר? ווי איז עס מעגלעך? דאָס פרעג איך מיך די גאַנצע צייט. ווי אַזוי איר?... סיידן איר זייט אַרויף אויף'ן עדות־שטול ניט האָבנדיג באַטראַכט, וואָס מען וועט פאַרלאַנגען פון אײַך. און דאָרט, אויף'ן שטול, ווי זאָל איך עס זאָגן — דאָרט האָט שוין אייער ראַליע אײַך געבראַכט דערצו, די ראָליע...

— די ראַליע, — זאָגט איר ? — האָט אָפּטער זיך אומגעקוקט צו זיין פריינט.

— די ראַליע, אַזוי האָב איך געזאָגט. הייסט עס, איר האָט מיך יאָ געהערט, ווייל אַן אַנדערשמאָל איז מיר אויסגעקומען אַז איך רעד צו זיך אַליין אַז איר זייט גאָר געווען פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען, אמת אַזוי ?

— פאַרנומען אין געדאַנקען, יע, אָבער אין די זעלבע געדאַנקען, אפשר האָב איך ניט געהערט אַלץ וואָס איר האָט געזאָגט, צוגעהערט זיך אַ ביסל צו זיך אַליין, אַ ביסל צו אייך, פרעגט מיך בחרם וועלכעס ס'איז אייערס, און וועלכעס ס'איז מיינס... די ראַליע, גלויבט איר, די ראַליע פון אַן עדות פון וועלכן יענע אָרעמע מענטשן האָבן ערוואַרט הילף, דאָס מיינט איר ?

— דאָס האָב איך מיר געפרעגט, אָבער די ראַליע פאַרענטפערט דאָך גאָרניט.

— גערעכט, די ראַליע פאַרענטפערט ניט...

— אוודאי ניט. אין וואָס האַנדלט זיך דאָ ? ניט אין דעם וואָס אַ זאַך איז אָפּגעשילדערט געוואָרן ניט ווי עס האָט פּאַסירט, אָדער, גאָר פּראָסט, ניט אין דעם אַז אַ ליגן איז געזאָגט געוואָרן. אַ ליגן איז דאָך ב"ה ניט קיין נאָווינע. דער עיקר איז דאָך ווער עס האָט דעם ליגן געזאָגט און ווי אַזוי דער ליגן איז געזאָגט געוואָרן. ווער און ווי אַזוי ? דעם ליגן האָט דאָך געזאָגט איר און אַ ליגן פון אייער מויל איז דאָך ניט צו אונטערשיידן פון אַן אמת. ס'איז אַן אמת וואָס איז אַ ליגן. איך ווייס ניט צי איר באַטראַכט זיך אַליין מיט מיינע אויגן, אָבער ביי מיר זייט איר דאָך ניט סתם אַן ערנהאַפטער מאַן, איר זייט דאָך דער ערנהאַפטער מאַן. וואָס אַזעלכעס וואָלט איך אייך ניט געגלויבט? ניט געטרויט ? וואָס עפּעס איך ? די געשוואָרענע קענען אייך ניט, זיי זעען אייך דאָס ערשטע מאָל, און די געשוואָרענע האָבן דעם מינדעסטן צווייפל ניט געהאַט אַז איר זאָגט דעם אמת. דער אויסדרוק אייערער, יעדע קלענסטע תנועה און די געלאַסענע די קאַלטע האַלטונג אייערע, האָבן דאָך ממש געאָטעמט מיט אויפריכטיקייט, מיט גאָבעלער מענטשלעכער ווירדע, ווי אַזוי צווייפלען ? ניין, ליבער אָפּטער, איר קאָנט זיך ניט ערלויבן צו זאָגן אַ ליגן. מען הערט אויף צו גלויבן, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אמת, מען ווייסט ניט ווי אַזוי אייך מער צו טרויען, אָדער ווען אייך צו טרויען. גיי טרעף ווען? כ'האָב געזאָגט אַ ראַליע, לאָמיר אייך באַמערקן, אַז איך גלויב איצט אַז געוויסע ראַליען טאָר אַפילו אַ גוטער שוישפּילער ניט שפּילן...

נאָר איר הערט מיך שוין ווידער ניט... אַרט מיך אויך ניט. איך האָב געמוזט אַרויסזאָגן וואָס עס איז מיר געלעגן אויפ'ן האַרצן...

— ניין, איך האָב אייך געהערט, — האָט אָפּטער געענטפערט הגם אין אַ העכסט גלייכגילטיקן טאָן.

— איר הערט מיך יאָ? איר זאָגט ראַליעס. ווייסט איר פון וואָס איך האָב נאַרוואָס געהאַט געדענקט? פון איינער אַ פרוי. זי האָט געהאַט פאַרלאָרן אַן איינציק קינד, אַ זון. זי איז אַמאָל געזעסן מיט אַ צייט שפּעטער, אין טעאַטער. פּלוצלינג דערזעט זי אויף דער בינע אַ סצענע אַזוי ענלעך צו דעם, וואָס זי האָט אַליין אַמאָל דורכגע־לעבט: אויך אַ מוטער וועלכער מען קומט אָנזאָגן דעם פּלוצלינגען טויט פון איר זון, אַ פרישן און געזונטן יונגנמאַן. די שוישפּילערין האָט עס געשפּילט מיט אַזאַ רעאַליזם אַז די אָרעמע פרוי האָט פאַר־געסן וואו זי איז אין דער וועלט און געדענקט אַז דאָס וואָס זי זעט, קומט פאָר אין דער ווירקלעכקייט. זי זעט אַז די מוטער פאַרשטייט ניט צוערשט. זי הערט מען גייט איר דערציילן פון איר זון, שמייכלט זי שוין פאָראויס, אָבער באַלד, באַלד, קרימט זיך דער שמייכל אויס שטייף אויף איר בלוטלאָזן געזיכט: זי הויבט אָן צו פאַרשטיין. און איצט ווייס זי שוין, איצט ווייס זי... גאָט! די שטילע, שטומע קאָנוואולסיען פון קערפּער, טויזנטער שטילע קאָנוואולסיען און ענד־לעך אַ מעקע! דער ערשטער שרעקלעכער שוואַכער אויסגעשריי פון דעם ניי־געבאָרענעם מוטער צער, אַ מעקע, ווי פון אַ הילפלאָזע שאָף. אָבער וואָס איז דאָס? אַ פאַרהאַנג פאַלט? אַן אַפּלאָדירן? אַ טומלדיג אַפּלאָדירן... „ווי נידערטרעכטיג!" — שרייט אויס די צושויערין, — די פרוי, און רייסט זיך מיט געוואַלט אַרויס פון דאָרט. „ס'איז נידערטרעכטיג, ס'איז אַ שענדונג פון אַ מוטער'ס צער, מען טאָר עס ניט, מען דאַרף עס ניט!"

די צוויי פריינט זיינען דערווייל צוגעקומען צו אַ פּונקט וואו זייערע וועגן האָבן זיך פאַנאַנדערגעשיידט. זיינען זיי געבליבן שטיין איינער געגן צווייטן אַ מינוט אָן ווערטער.

— הייסט עס, אַז איר האָט מיך היינט געזען אין אַ נייען ליכט.

— האָט אָפּטער אָנגעהויבן, — איך — זיך אַליין אויך, גלויבט מיר... אָבער דאָס מוז איך אייך זאָגן: איך האָב מיר קיינמאָל ניט פאַרגע־שטעלט אַז איר קענט ווערן אַזוי ליידנשאַפטלעך, מיין פריינט.

— ניט יעדע זאַך וועט מיך מאַכן אַזוי ליידנשאַפטלעך, ווי איר רופט עס...

— דאָס פאַרשטייט זיך... אָבער אייער געפיל איז געווען אַזוי... אַזוי... אַזוי פערזענלעך. — אָפּטער האָט באַמערקט אַ ביטערן שמייכל אויף זיין פריינט׳ס ליפּן. אַנטשולדיגט, — האָט ער ניט געוואָלט דערלאָזן יענעם עפּעס איינווענדן, — איך וועל צוגעבן, אַז אין אַ געוויסער מאָס רירט עס אָן אַפילו אַ זייטיגן פערזענלעך, — זיין פריינט האָט דאָ העפטיג געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ אין איינשטימונג. — אָבער דאָך... — אָפּטער האָט ניט דערענדיגט.

ער האָט שוין שיר ניט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו זיין פריינט צום אַוועקגיין, נאָר אַ ניי־אַנטשטאַנענער אויסדרוק אין יענעמ׳ס אויג האָט אָפּטער׳ן צוריקגעהאַלטן.

— אַ שווערע זאַך דאָס לעבן, — האָט יענער געזאָגט, — שווער, שווער, ניטאָ קיין אמת.

— איך מיינט אַז איר האָט אַנגעוואָרן דעם צוטרוי אין מיר?

— ניין, ניט אין אייך...

— ניט אין מיר? נאָר וואָס?

— אַזוי.

— אַזוי?

— יאָ, אַזוי...

— איך זע איר ליידט, — האָט אָפּטער געזאָגט קוקנדיג זיין פריינט אין די אויגן אַריין.

יענער האָט צוערשט אים ניט געענטפערט, עטוואָס שפּעטער האָט ער געזאָגט:

— איך האָב געדענקט אַז איך האָב מיך שוין באַרואיגט... בין איך אָבער ווייט, ווייט פון רו... אפשר איז „זי” אומשולדיג, אפשר, גיי טרעף... וואָס קאָן מען וויסן?

אָפּטער האָט ניט געוואוסט צי רעדט עס יענער צו זיך אַליין צי צו אים. גאָר אומערוואַרט האָט יענער אַ שאָקל געטאָן מיט׳ן קאָפּ צו אָפּטער׳ן און איז אַוועק. „ער האָט גערעדט צו זיך אַליין”, האָט אָפּטער איצט פאַרשטאַנען.

די געשעהעניש אין געריכטס-זאַל פון אַ פּאָר שעה צוריק, איז איצט פאַרגעקומען אָפּטער׳ן אַזוי ווייט צוריק אין פאַרגלייכעניש מיט זיין פריינט׳ס שמערץ, הגם עס איז געווען קלאָר ווי דער טאָג, אַז ס׳איז פּונקט פאַרקערט.

# לייב שטאַרקער

מר. קליין האָט זיך לאַנגזאַם געהויבן איבער די שטיינערנע אין מיטן אָפּגעטראָטענע טרעפּ פון אַ האַרלעם טענעמענט הויז צום דריטן שטאָק אַרויף. געגאַנגען איז ער וועגן ביזנעס, ווי ער אַליין וואָלט עס גערופן.

נאָר ס׳איז געווען ניט מער ווי רעדן פון ביזנעס: ער האָט זיך געוואָלט דורכשמועסן וועגן זיינעם אַ פּלאַן פאַר זיך, דערווייל נאָך אַ ווייטלויפיקע זאַך, מיט איינעם, וואָס לויט ווי ער האָט געהערט, איז זייער באַהאַוונט אין אַזעלכע זאַכן. אַז ער איז צוגעקומען צו דער טיר פון אַפּאַרטמענט האָט ער זיך אַרומגעקוקט און אָנגעקלונגען. די טיר האָט אים געעפנט אַ מיטל־וואוקסיקע דאַרלעכע פרוי פון אַ יאָר 40 אין אַ הויז־קלייד. זי האָט אים באַקוקט מיטן שאַרפן, ניט פאַרשלאָפענעם בליק פון איינער, וואָס רייבט זיך אַליין אַרום ביזנעס.

— מר. לייב שטאַרקער? — האָט קליין שיין און קלאָר אַרויסגע־בראַכט דעם נאָמען פאַר דער פרוי, אַזוי ווי עס פּאַסט זיך פאַר אַ נאָמען וואָס האָט אים שטאַרק אימפּאָנירט. — איך וויל זען מר. „לייב שטאַר־קער!״

אַנשטאָט אים צו ענטפערן, יאָ, צי ניין, האָט די פרוי אים גענו־מען נאָך נייגיריקער באַטראַכטן. עס איז געווען קלאָר אַז „לייב שטאַר־קער״ איז ניט געווען אַזעלכער וואָס מע קלאַפּט ביי אים אָפּ די שוועלן, סיידן קליין האָט אָנגעקלונגען ניט אין די געהעריקע טיר. — האָט ער איבערגעחזרט אַזוי שיין און קלאָר ווי דאָס ערשטע מאָל: „מר. לייב שטאַרקער״...

— שטאַרקער? יאָ, איך האָב געהערט, — האָט די פרוי געזאָגט אָן דעם „מר.״ און אָן דעם „לייב.״

— דאָ... — האָט זי געזאָגט אין אַ טאָן אַזוי ווי מע וואָלט איר דאָ געכאַפּט ביי עפּעס וואָס זי קאָן ניט אָפּלייקענען. די פרוי האָט שוין פאַר דער צייט געהאַט אָפּגעמאָסטן דעם באַזוכער און אָפּגעשאַצט אַז קיין איבעריקעס קאָן מען פון אים ניט ערוואַרטן.

— קאָן איך אים זען?

— ער איז איצט ניטאָ אין הויז. וועגן וואָס האָט איר אים גע־וואָלט זען?

— כ'האָב אים געוואָלט זען... פּערזענלעך... ווען ערוואַרט איר אים?

— ווען ערוואַרט איך אים? — זי איז געוואָרן מער און מער אי־בערצייגט אין איר ערשטער אָפּשאַצונג פון פרעמדן מאַן. — וואָס מיינט איר, איך האָב גאַרניט בילכערס צו טאָן, ווי זיצן און וואַרטן אויף לייבן? אויסקוקן מיינע אויגן נאָך אים טאָמער כאַפּט ער זיך אַראָפּ אויף אַ ווײַלע?

קליין האָט אַ שמייכל געטאָן. עס איז אים געפעלן געוואָרן וואָס די פרוי האָט געזאָגט און ווי אַזוי זי האָט עס געזאָגט. אַגב האָט אים אַביסל הנאה געטאָן, וואָס ביי זיך אין הויז און פאַר זיין אייגענער פרוי איז אַפילו אַ „לייב שטאַרקער" קיין גרויסער האָן ניט. די פרוי האָט מיטגעשמייכלט און קענטיק ווייכער געוואָרן אין איר באַנעמען.

כ'מיין ניט דאָס. כ'מיין ווען וועט ער זיין אין הויז?

— פאַר וואָס זאָגט איר ניט וואָס איר דאַרפט אים? וואָס, ס'איז אַ סוד?

— ניין, ניין, ס'איז קיין סוד ניט... איר זייט, פאַרשטיי איך, מרס. „לייב שטאַרקער?"

די פרוי האָט קוים אַ בויג געטאָן איר קאָפּ אויף יאָ. זי האָט ניט אויסגעוויזן זיך איבעריק צו יחוסען מיט דעם וואָס זי איז מרס. שטאַר־קער.

— איר פאַרשטייט, — האָט קליין אָנגעהויבן צו ערקלערן, — איך בין געקומען פרעגן ביי אים אַן עצה...

— אַן עצה? — האָט די פרוי זיך געוואונדערט, — איר זייט געקומען פרעגן ביי לייב'ן אַן עצה? — מרס. שטאַרקער האָט אים אָנגעקוקט מיט גרויס ערשטוינונג.

איצט איז זי שוין אין אמת'ן געוואָרן נייגיריק. זי קען שוין לייבען שיינע לאַנגע יאָרן און זי הערט איצט צום ערשטן מאָל אַז מען זאָל קומען זיך שואל בעצה זיין מיט איר מאַן.

— זאָגט מיר נאָר, איך בעט אייך, וואָסער עצה זוכט איר?

— איך האָב מיך געוואָלט באַראַטן מיט אים מכוח ביזנעס, אַ ביזנעס־ראַט...

— איר זייט פאַראינטערעסירט אין ביזנעס? — האָט זי אָנגע־הויבן צו פאַרשטיין, — און איר ווילט זיך מישב זיין מיט לייב'ען?

— יאָ, ס'איז אַזוי...

— איר קענט לייב׳ען? איר האָט אים ווען געזען? — זי האָט די פראַגע געפרעגט מיט אַ ראַפינירטן שמייכל. זי האָט געגלויבט אַז זי פאַרשטייט שוין דעם מאַנ׳ס טעות.

— ניין, איך האָב אים קיינמאָל ניט באַגעגנט, איך קום לויט אַ רעקאָמענדאַציע.

— אָ, מיט אַ רעקאָמענדאַציע! אַזוי רעדט איר דבורים. טאָ לאָמיר אייך זאָגן, ליבער פריינט, מען האָט געמיינט ניט אים, מען האָט געמיינט מרס. שטאַרקער. איר זוכט מיך. — זי האָט זיך פריי צעלאַכט פון קליינ׳ס טעות. — זעצט אייך צו, מיסטער.

קליין אָבער האָט מיסטרויאיש געשאָקלט מיט׳ן קאָפּ אויף ניט.

— מען האָט געשמועסט פון אַ מאַן, ניט פון קיין פרוי, פון אַ מר. ניט פון אַ מרס. שטאַרקער.

— באַרישער מענטש, — האָט זי איינגעטענה׳ט מיט קליינען, — מיין מאַן, לייב שטאַרקער, איז ניט קיין ביזנעס מאַן...

— אפשר ניט, מישט ער זיך אין ביזנעס, וואָס ווייס איך דאָרט...

— וואָסער מישן, ווען מישן... צו זיבעצן יאָר האָט ער אָנגעהויבן צו דרייען דאָס רעדל דאָרט און וועט עס שוין ניט אויפהערן צו דרייען...

— אַן אָפּערייטאָר? ביי וואָס?

פון קליינ׳ס אָרט פרעגן האָט מרס. שטאַרקער אויפ׳ן שטעל דערקענט אַ וואַרשיינלעכן קונד.

— איר זאָגט מיר ליבערשט ווער עס האָט אייך געשיקט אַהער?

— האָט זי געפרעגט.

— ווער עס האָט מיך געשיקט? געשיקט אַזעלכע וואָס קענען אים גערעדע גוט, קענען אים שוין פון לאַנג אַן, גלויב איך, ער איז ביי זיי אַ חשוב׳ער איינגייער.

— ווער אַזעלכע זיינען זיי? לאָמיר שוין הערן.

— די גאָלדינס...

— די גאָלדינס? וועלכע גאָלדינס?

— איר האָט גאָרניט געהערט פון די גאָלדינס? ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

מרס. שטאַרקער האָט זיך דערפילט אין אַ שטיקל פאַרלעגנהייט. זי האָט ביז דער מינוט קיינמאָל ניט געהאָט געהערט פון די גאָלדינס. זי וואָלט זיך קיינמאָל ניט געגלויבט אַז איר מאַן איז פעאיג עפּעס פון איר צו פאַרבאָרגן, סיידן אפשר אַמאָל אַ דאָלאַר אָדער צוויי פון זיין „פּיי״, אָבער אַ גאַנצע פאַמיליע באַהאַלטן פון איר, די גאָלדינס?...

ווער קאָנען זיי זיין ? אַ חשוב'ער אײַנגייער דאָרט, לייב, שוין פון לאַנג אויך... דערווייל אָבער איז איר ניט אָנגעשטאָנען צוגעבן איר באַ־וואַכער אַז זי ווייס פון קיין שום זאַך ניט.

— איך הויב מיך שוין אָן צו דערמאָנען, — האָט זי געזאָגט.

— און איר אַליין קומט גאָר ניט צו זיי ? — האָט זיך קליין גע'חידוש'ט אין אַ טאָן אַז עס האָט זיך געלאָזט דער פרוי גלויבן, אַז ווער ווייס וואָסערע אָנגענעמע אָוונטן זי האָט פאַרלאָרן דורך דעם וואָס די גאָלדינג'ס הויז איז ניט אָפן פאַר איר ווי פאַר איר מאַן. „ער מוז דאָרט זיין אַ גאַנצער בן־בית, — איז דורכגעלאָפן אין איר מוח. — „קומט דאָרט מסתמא אין יענע אָוונטן, ווען איר דערציילט אַז ער גייט צו אַ מיטינג. וואָס קאָן זי וויסן ווען."

— וואָס דענקט איר, איך האָב צייט אַרומצולויפן אויף באַזוכן ?

— איר זייט אין ביזנעס, זע איך.

— יאָ, געוויס אַזוי. איך אַרבעט אויף „קאָמישאָן" ווען איך ברענג אַ קונד, פאַרשטייט זיך, אויב דער „דיל" גייט דורך... מע לויפט זיך געננוג אָן איידער עס גייט דורך. — דאָס האָט די פרוי דווקא קיין ליגן ניט געזאָגט.

— מאַכט מען כאָטש אַ לעבן ? — האָט קליין שיער ניט מקנא גע־ווען די פרוי.

— ווי דען אַנדערש ? ווער אַרבעט עס פאַר אומזיסט ?

מרס. שטאַרקער האָט דאָ געמאַכט אַ גאָר שיינעם אָנשטעל ווי פאַר אַ וואַרשיינלעכן קונד. וואָס דען, זי ווייס אים אפשר גיין דערציילן אַז מער ווי אויף אַ שיינעם פוטער פאַר זיך האָט זי ניט געמאַכט פאַר דער צייט פון איר פאַדעניש אַרום ביזנעס און אַז אין דעם פוטער אפילו, האָט איר לייב אויך געהאַט אַ שטיקל טייל?... — האָט זי פאַרטגע־זעצט:

— זעצט זיך בעסער צו, וואָס אייגנטלעך האָט איר געוואָלט אויסגעפינען ? איר האַלט ביי קויפן אַ ביזנעס, פאַרשטיי איך.

— איך האַלט נאָך ניט אַזוי וויט, כ'האָב געוואָלט צוערשט אַזוי אַרומרעדן די זאַך... איך...

— וואָס, למשל, אַזעלכעס? לאָמיר הערן.

קליין האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אומבאַקוועם. ער האָט געזען אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ שווערן בעל דבר וואָס שאַרפט שוין אַ צאָן אויף אים, די פרוי מיינט ביזנעס. אויב ער וואָלט געווען גרייט שוין צו גיין אין ביזנעס ווייס ער דאָך וואוהין צו גיין אָן איר. וואָס ער האָט געוואָלט איז גלאַט דורכרעדן זיך, אָנהערן זיך, אָנשמעקן זיך. מען

האָט אים דערציילט, אַז לייב שטאַרקער איז אי אַ מענטש וואָס ווייס אַ סך פון ביזנעס, און אויך אַזאַ איינער וואָס לאָזט זיך רעדן, האָט ליב צו טאָן אַ טובה, אַ מענטש אַ דימענט. לייב שטאַרקער טרייבט אַיך ניט אין ביזנעס ווי זי, זיין פרוי. קליין האָט נאָך איצט אויך ניט געצווייפלט אַז לייב איז זיין מענטש; מאַלע וואָס זי זאָגט דאָרט! האָט ער זייער באַדויערט וואָס ער האָט אים אין הויז ניט געטראָפן. אָבער ווי דרייט ער זיך דאָ אַרויס פון איר?

די פרוי ווידער האָט באַמערקט אַז דער מאַן קווענקלט זיך, נאָר אַזאַ צושטאַנד איז פאַר איר ניט געווען קיין נאָווינע. זי האָט שוין גע־קענט דעם סאָרט מענטשן וואָס הויבן זיך אָן צו קווענקלען ווען עס קומט צו עפּעס. מיט אַזעלכע קונים דאַרף מען וויסן ווי זיך צו באַנעמען. האָט זי אָנגעהויבן צו שמייכלען צו אים ממש מוטערלעך און אַביסל אָפּגעטראָטן פון אים אויך. דאָס האָט געווירקט. קליין האָט באַלד איינגעזען אַז זי איז גאָרניט די פרוי וואָס ער האָט געדענקט. איז וואָס האָט ער מורא צו זאָגן איר אָפן פאַר וואָס ער וויל זען לייב שטאַרקער׳ן און טאַקע נאָר אים? האָט ער איר געגומען דערציילן וואָס ער האָט געהאַט געהערט ביי די גאָלדינ׳ס: ווי אַזוי איר מאַן האָט זיי טאַקע ביים לעבן געראַטעוועט, ווי אַזוי ער האָט זיך אָנגעדרייט טאַקע מעשה נס אין דער רעכטער מינוט...

די פרוי האָט אַ שמייכל געטאָן.

— איר גלויבט ניט? — האָט קליין געזאָגט, מ׳האָט דאָך אויף צו מאָרגענס שוין באַדאַרפט גיין צום לאָיער, גיין מיט די מזומנים, אָפּשרייבן זיך. מען איז דאָך געווען זיכער אַז מען האָט אַנטדעקט אַזעלכעס וואָס מע וועט פון די הענט אַרויסרייסן אויב מע זאָל זיך נאָר דערוויסן דערפון... אַ גליק וואָס מר. שטאַרקער האָט זיך פונקט אָנגעדרייט, זיי האָבן אים געהאַט געזוכט ווי מיט ליכט, ניט געוואוסט זיין אַדרעס. מע האָט געוואָלט הערן וואָס ער וועט זאָגן.

— וואָס ווייס לייב? הערט מיך רעדן, פּלאַפּלט ער מיר נאָך.

— זעט איר דאָך אַז ער האָט יאָ געוואוסט. זיי וואָלטן געבליבן שיין שטעקן דאָרט ווען ניט ער... איר לאַכט? וואַרט אויס, איר וועט הערן וועט איר שוין גאָרניט לאַכן...

קליין האָט מיט זיינע לעצטע פאַר ווערטער גאָרניט איבריגעס אויסן געווען. וואָס האָט ער געקאָנט וויסן? נאָר זיין אומשולדיגע נבואה איז אין קורצן מקוים געוואָרן. אַזוי שנעל ווי מרס. שטאַרקער האָט דערהערט אַז אַ פרוי איז דאָרט די מעקלערקע געווען איז זי געוואָרן העכסט טשיקאַווע.

— אַ פרוי, זאָגט איר, האָט זיי רעקאָמענדירט די סטאָר? ווייסט איר אפשר ווער די פרוי איז?

— וואָס ווייס איך? זי איז געקומען צו זיי כלומרשט דורך אַן אַלטן גוטן פריינט...

— די גאָלדינג׳ס אַ פריינט?

— וואָס פאַלט אייך איין די גאָלדינגס? די גאָלדינגס האָבן ניט געקויפט די סטאָר.

— ניט די גאָלדינגס? טאָ ווער זשע?

— זייער איידעם.

— זייער איידעם?! אפשר איז עס אַ יונגע פאָר אָן קינדער? — דער פרוי׳ס געזיכט איז אויגנבליקלעך געוואָרן מאָדנע געשפּאַנט.

— כ׳ווייס ניט, — האָט קליין געענטפערט טאַקע ווייל ס׳איז ווירקלעך געווען אַ יונגע פאָר אָן קינדער. — כ׳ווייס ניט...

עס איז אים פלוצלינג געוואָרן ענג און שמאָל. ער האָט דער־שפּירט פון דער פרוי׳ס געשפּאַנטן אויסדרוק אַז ער האָט דאָ ניט ווילנדיג אַ קאָשע פאַרקאָכט. אַלץ האָט זיך געהאָט אָנגעהויבן גראַדע אַזוי גוט. עס איז אים אַפילו איין רגע אַרויף אויפ׳ן זינען, אַז דאָס זעט ער דאָ פאַר זיך די פרוי וואָס האָט נאַראַיעט יענע סטאָר, אָבער ווי אַזוי שיקט זיך עס? די איז דאָך לייב שטאַרקער׳ס פרוי, ווי איז עס מעגלעך? יאָ, יאָ! ס׳איז די פרוי, זי איז עס די פרוי! ס׳איז שלעכט...

אַ טעפּל איז פלוצלינג איבערגעלאָפן מיט היפשן גערויש אין דער קיך דערביי.

— וואַרט אַ רגע, — האָט מרס. שטאַרק געזאָגט, — איך קום צוריק אין אַ רגע...

קליין האָט שוין פריער געהאַט געוואָרפן אַן אויג אויף אַ טיר וואָס איז געווען דווקא גאָר דערביי, — אמת אַן האָפנונגסלאָז אויג... איצט איז ער אומגעריכט פאַרבליבן אַליין אויף אַ רגע... ער זאָל נאָר קאָנען אָפּציען שטיל געזונט, און שנעל געזונט.

— אַ קלינינג סטאָר, אמת? — האָט מרס. שטאַרקער אַרויסגע־שריען פון איר קיך נאָך איידער זי איז געווען צוגעקומען צום רוישיגען טעפּל, — אַ קלינינג סטאָר, האַ?

אין צימער אָבער איז שוין ניט געווען ווער עס זאָל איר ענטפערן.

# אַרום אַ בילד

אין אַ געוויסער בילדער־גאַלערעע איז געווען אויסגעשטעלט צווישן פילע אַנדערע בילדער אַ בילד, וואָס האָט געצויגן די מייסטע אויפמערקזאַמקייט. מעגלעך ניט אַזוי פיל צוליב זיין ווערט אַלס קונסטווערק, ווי צוליב דעם סיוזשעט. דאָס בילד האָט פאָרגעשטעלט די פאַסאַדע פון אַ מין פאַלאַץ פון העכסט אייגנאַרטיגער אַרכיטעקטור, ווייס און גלענצנד ניי, ווי נאָרוואָס פאַרענדיגט. אויף אַ שטיגל ביים סאַמען אַריינגאַנג זיינען געשטאַנען אַ פאָר אַלטע ריזיקע שיך, אויסגעקרימט, פאַרשטויבט און פאַרשמירט; אַ פאָר אַלטע הויזן, צעריסענע און פאַרלאַטעטע, זיינען געלעגן דערביי צוזאַמען מיט עפּעס אַן אָרעם קלומעקל; פון אַ שטעקן אָנגעשפאַרט אָן דער גלענצנדער וואַנט פון הויז איז אַראָפּגעהאַנגען אַן אַלט אָפּגעבלאַקירט ראָק מיט לאַטעס פון פאַרשידענעם מאַטעריאַל. פאַרנעמענדיג אַ טייל פון פאָדערגרונט האָבן זיך די מטלטלים גלייך געוואָרפן אין די אויגן. עפּעס איז אין יעדער זאַך געלעגן אַזוי פיל כאַראַקטער, אַזוי פיל זעלבסטווירדע און זיכערקייט, אַז יעדער צושויער אָן אויסנאַם האָט זיי ביים ערשטן בליק באַגריסט מיט אַ האַרציגן שמייכל. ביי אַנדערע איז עס ווייטער ווי דער ערשטער שמייכל ניט געגאַנגען. זיי האָבן אַפילו ניט רעכט באַטראַכט די איבעריגע זאַכן. אַנדערע ווידער האָבן זיך אָפּגעשטעלט לענגער, זיי האָבן געוואָלט פאַרשטיין. אָבער אויך פון די זיינען פילע שנעל אַוועק מיט אַ צוק פון די פּלייצעס. קליינע גרופּעס האָבן זיך צייטנווייז אָפּגעשטעלט פאַרן בילד און דיסקוטירט די באַדייטונג. אַנדערע האָבן אויסגעדריקט אַ מיינונג, אַז דאָס איז די אַרבעט פון אַ ליץ, ווי זיי וואָלטן געשטאַנען ניט פאַר אַ בילד נאָר פאַר אַ ממשותדיגן פאַלאַץ, וואו אַ פאַרבייגייענדער בעטלער האָט זיך דערווייל דאָ אויסגעלעגט ווי ביי זיך. האָט מען געלאַכט פון געדאַנק וואָס אַ בעטלער קאָן זיך פאַרגינען.

— וואָס לאַכט איר? — האָט איינער פון אַן אַנדער גרופּע געפרעגט זיינע פריינט, הגם זיין אייגענער ברייטער שמייכל איז נאָך ניט אין גאַנצן

געווען פאַרשוואונדן. — ערשטנס, — האָט ער זיי אויפמערקזאַם געמאַכט, — זיינען דאָס ניט קיין בעטלערשע טראַנטעס נאָר אַרבעטס קליידער. אין דעם האָט מען מיט אים איינגעשטימט. — און נאָך וואָס פאַר אַן אַרבעטער — אַ ריז. — ער האָט זיי געהייסן אָנקוקן די שיך. ער האָט געוואָלט האָבן, אַז דער מאָלער האָט געכאַפּט פּונקט די הייסע מינוט ווען דער אַרבעטער האָט פאַרענדיקט זיין אַרבעט — די געביידע איז פאַרטיק. יעדע מינוט קען דער אַרבעטער אָנקומען, צונעמען זיין קלומעקל און אַוועקגיין. אַ שטאָלצע פיגור, — ער האָט זיין אַרבעט ערליך אָפּגעטאָן.

— אַ שטאָלצע פיגור, זאָגט איר? — האָט איינגעווענדט אַ בלייכע עטוואָס סענטימענטאַלע פרוי. — אַזאַ בנין ווערט ניט אויפגעשטעלט אין איין טאָג. יאָרן האָט דער ריז אייערער פאַרבראַכט אין און אַרום דעם הויז. געקומען מיטן טאָג צוגלייך און אַוועק שוין דונקל; געגעסן דאָ זיין טעגלעך מיטאָג־מאָלצייט, קען יעדעס ווינקעלע דאָ, געשאַפן אַלץ מיט אַזוי פיל געפיל ווי איר קאָנט זען. אָבער אין דער סאַמער ערשטער רגע ווען ער האָט זיך געזעגנט און זאָגן מיט פרייד און שטאָלץ: מיין בנין איז פאַרטיק, וועט ער מיטאַמאָל אַ פרעמדער צו דעם אַלץ. ער געהערט זיך דאָ מער ניט אָן. ער איז איצט אפשר אינוויינין צו געבן אַ לעצטן בליק. ער וועט אַרויס מיט אַ גאַנץ אַנדער געפיל ווי שטאָלץ. דער מאָלער האָט די מינוט גוט פאַרשטאַנען. קוקט זיך צו, דער בנין אַן איינזאַמער, עס זעט זיך ניט קיין לעבעדיג באַשעפעניש אַרום. און דאָס ארעם קלומעקל פאַר דער טיר, און ווי דער רעקל האָט זיך אַזוי אָרעם צוגעטוליעט צו דער וואַנט ווי צו עפּעס אַ וואַנט פון אַ הייליגטום.

דער בלייכער פרוי'ס מאַן, אויך איינער פון דער גרופּע, האָט אונטערגעשמייכלט און געזאָגט:

— איר באַשעפטיגט זיך צו פיל מיטן ריז וועלכן מען זעט ניט אָן, פאַרוואָס באַטראַכט איר ניט בעסער דעם בנין? ערשטנס, איז עס דאָך ניט קיין געוויינלעכער פּאַלאַץ: טיר און טויער אָפן, ניטאָ קיין שומרים, קיינע וועכטער. כ'וועל ניט זאָגן אַז איך וויים געגוי וואָסער געביידע עס איז, ס'איז ניט אַ געוויינלעך פּאַלאַץ, דאָס איז קלאָר. און זעט איר די ליבע ליכט אין וועלכער ביידע, דער פּאַלאַץ און די... מטלטלים, באַדן זיך אַזוי לוסטיג? וואָסער האַרמאָניע! קוקט זיך צו צו יענע שאָטנס — די טונקעלע פלעקן אין יענע פענסטער רעכטס: דאָס איז דאָך אַן ענטפער צו די לאַטעס, און נאָך וואָס פאַראַ ענטפער! דוכט זיך איך ניט אַז דאָס רעדט מען פון פּאַלאַץ אַרויס צו זיי? אַ געשפּרעך, אַן אמת'ער גע־

שפּרעך! ווידער, איך וועל ניט זאָגן אַז איך ווייס פון וואָס עס ווערט דאָ גערעדט, נאָר עס רירט, עס צופּט ביים האַרצן. נעמט אָוועק די שמאַטעס און איר רואיינירט דאָס גאַנצע בילד, איר לייגט אַ האַנט אויפן וואונדער־לעכן בנין. אייער ריז איז אפשר אינווייניג, וואָס קאָן איך וויסן? אויב יאָ, איז עס ניט צו שיידן זיך. אַ טרויעריגע סצענע? האָבן מיר דען ניט אַלע אויפגעשמייכלט ביים ערשטן בליק?

אַרום אַ שעה שפּעטער איז צוגעקומען נאָך אַ קליינע גרופּע צום בילד, צווישן וועלכער דער מאלער אַליין פון בילד איז אויך געווען. דאָס איז ער געקומען מיט אַ פּאָר פריינט. די גרופּע, איינגעשלאָסן דעם מאַלער, האָט צוערשט באַגריסט דאָס בילד מיט אַ שמייכל.

נאָך אַ קורצער צייט פון שטילער באַטראַכטונג האָט דעם מאַלער'ס אַ יונגע פריינדין געפרעגט:

— איר האָט עס ערגעץ געזען?

נאָך אַן אויגנבליק פון נאָכדענקען האָט דער מאלער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— געזען דעם פּאַלאַץ צוזאַמען מיט דאָס איבעריגע? — האָט זי אַ מאַך געטאָן מיט איר האַנט איבער די מטלטלים.

— יאָ, ביידע צוזאַמען.

— אָנגעקומען פּלוצלינג אויף דער סצענע?

— יאָ, פּלוצלינג.

— ניט דאָ אין שטאָט?

— ניט דאָ.

זי האָט ניט געפרעגט וואו ער האָט עס געזען. ער אַליין האָט זיך עס אויך ניט געפרעגט.

— און איר האָט גאָרניט געפּרואווט אויסגעפינען, ווי אַזוי אַרום זיי קומען דאָרט צוזאַמען?

— ניין.

— וואָס דען האָט איר געטאָן?

— געטאָן אַ שמייכל און גענומען מאָלן, מאָלן.

# אין געפענגעניש

דער וואָרדן האָט געפירט אַ קליינע גרופּע פון חשובע באַזוכער אַרום געפענגעניש. איינער פון די באַזוכער איז געווען דער באַוואוסטער אַדאַם, באַרימט ניט נאָר אַלס גרויסער שרייבער נאָר אויך אַלס מענטשן־פריינט און נאָבעלער כאַראַקטער. זיי האָבן שוין געהאַט באַזוכט איין פליגל פון דער געפענגעניש וואו די טויט־שטראָף־אַרעס־טאַנטן האָבן זיך געפונען און איצט זיינען זיי עס געגאַנגען צו אַן אַנדער געביידע. דער וואָרדן האָט אַ שפּאַסהאַפטן שמייכל געטאָן ווען ער האָט באַמערקט אַ קופּקע אַרעסטאַנטן וואָס זיינען געשטאַנען אַ קורצע שטרעקע פון זיי און זיך געפּאַרעט אַרום עפּעס אַן אַרבעט.

— איר ווייסט וואָס עס האָט אַרויסגערופן מיין שמייכל? — האָט ער זיך געווענדט צו זיינע מיטגייער, הויפּטזעכלעך אָבער צו דעם באַקאַנטן אַדאַמען, — איר זעט יענעם פּאַרשוין דאָרט? ער שטייט עטוואָס אַן אַ זייט פון זיין גרופּע און זשעסטיקולירט צו די אַנדערע מעשה פּאַרמאַן. ער איז אָבער ניט דער פּאַרמאַן און ווייס פון דער אַרבעט אפשר ווייניגער פון זיי, ווייל ער איז ניט קיין פעאיגער מענטש. נאָר אַזוי שנעל ווי ער געפינט זיך צווישן אַנדערע, אַנטוויקלט ער זיך גלייך אין אַ מין פּאַרמאַן אָדער פּאַרשטייער. דער שפּאַס איז, וואָס גאַנץ אָפט לאָזט מען זיך פירן פון אים. אַזוי איז שוין די מענטשלעכע נאַטור. מען וויל געפירט ווערן.

— אין וואָס באַשטייט זיין פּאַרברעכן? — האָט אַדאַם געפרעגט.

— פּאַרברעכן, — האָט דער וואָרדן ווי אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט, — ער איז וואָס מען רופט אַ געמיינער אָדער ביליגער פּאַר־ברעכער. ניט ער האָט איינבילדונגס־קראַפט, ניט קיין איבעריגן מוט. ער האָט בלויז באַשווינדלט זיינע נאָענטע, קרובים אָדער פריינט. באַרויבט זיין אַלטע מוטער פון איר לעצטן סענט, אָפּגענאַרט אַ בוזים־פריינט, אָוועקגענומען פון אים זיין ווייב צוזאַמען מיט דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרט געלט און געלאָזט שטיין די פרוי אַליין ערגעץ וואו אין

דער וועסט. קיין גרויסע ריזיקע מיט גאָר פרעמדע האָט ער קיינמאָל ניט גענומען. ער ווערט אין קורצן באַפרייט.

וואָס נעענטער זיי זיינען צוגעקומען צו דער גרופּע אַרעסטאַנטן, אַלץ קלערער איז די באַזוכער געוואָרן דעם וואָרדנס שפּאַסיגער שמייכל. יענער פאַרשווין איז געווען דער ערשטער, דער איינציגער אַרעסטאַנט וואָס האָט זיי געשיינט צו טראָגן זיינע אַרעסטאַנטן־קליידער מיט דער ווירדע מיט וועלכער מע טראָגט די קליידער פון אַ הויכן אַמט. עס איז געווען אַ מיטל־וואוקסיגע פיגור, מיט אַ רונדיק קליין בייכעלע, אַ רונד געזיכט, רויטלעכע באַקן און האָט געטראָגן ברילן. ניט קיין מיאוס׳ער, מער ניט, וואָס זיין שטייפע האַלטונג האָט אים געמאַכט אויסזען לעכערלעך. ווי דער וואָרדן האָט דערקלערט איז ער אַ גרויסער מקפּיד אַז זיינע מלבושים זאָלן אים זיין פּונקט צו דער מאָס, זיין היטל איז געזעסן וואוילעריש אויף זיין קאָפּ, גאָר ניט ווי ביי די אַנדערע אַרעסטאַנטן.

דער וואָרדן האָט באַמערקט דעם היטער פון דער גרופּע אַנקומען פון ערגעץ און אים אָפּגעשטעלט צו זאָגן אים אַ פּאָר ווערטער. האָבן זיך די באַזוכער אויך אָפּגעשטעלט. געקוקט אַרום זיך, און באַטראַכט די פון וואָרדן אָנגעוויזענע פּערזאָן מער ווי די אַנדערע פון זיין קאָמפּאַניע. מעגלעך אַז איינער פון די באַזוכער האָט אַ שמייכל געטאָן. האָט יענער אַרעסטאַנט עס באַמערקט און די רציחה אין אים האָט אָנגעהויבן צו קאָכן און זיין נאַטירלעך רויט געזיכט איז נאָך רויטער געוואָרן. און ער האָט אויסגעלאָזן זיין צאָרן פּונקט אויפן אומשולדיגן אַדאַמען.

— דו, ממזר, — האָט ער ממש געשפּיגן מיט נידעריגער פאַראַכטונג אַדאַמען אין די אויגן אַריין, — דו אויסוואורף, אויך דו קומסט אַהער? ווי קומסטו אַהער צו קוקן? מיינסט אַז איך קען דיך ניט? איך דער־קען דיך... איך ווייס ווער דו ביזט. דו ביזט... אַן אויסוואורף, אַ גאָט פאַרדאַמטער פּייגלינג, אָט וואָס דו ביזט!...

אַדאַם איז געשטאַנען אין טיפער דערשטוינונג פאַרן אַרעסטאַנט, געקוקט אים גלייך אין די אויגן און אַן שום ענטפער. מען האָט באַמערקט אַז ער איז טויט בלייך געוואָרן, ווען דער אַרעסטאַנט האָט אין אים אַריינגעצילט זיין: „איך דערקען דיך".

דער גאַנצער אינצידענט האָט זיך געענדיגט נאָך איידער ער האָט זיך אָנגעפאַנגען. דער וואָרדן מיטן היטער זיינען אויגענבליקלעך אָנגע־לאָפן, דעם אַרעסטאַנט האָט מען גלייך אָפּגעפירט — „דיסציפּלינירן". אַדאַם האָט דעם וואָרדען געבעטן אַז ער זאָל יענעם אָפּלאָזן. — „דיס־ציפּלין מוז אויפגעהאַלטן ווערן" — האָט דער וואָרדן ניט נאָכגעגעבן.

— אַלץ איז פאַרגעקומען אַזוי שנעל און אומגעריכט, — האָט איין באַזוכער שפּעטער באַמערקט, — אַז איך האָב אפילו קיין צייט ניט געהאַט אַראָפּצולאָזן אים ווי געהעריג.

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט אַ צווייטער באַמערקט — איין רגע, אָבער טאַקע ניט מער ווי איין רגע האָב איך געדענקט אַז יענער קען טאַקע אַדאָמען...

—איך האָב אויך דאָס זעלבע געדענקט, אַז יענער האָט געגלויבט, אַז ער דערקענט אימעצן אין אַדאָמען; ער האָט נאַטירלעך געמאַכט אַ טעות, ווי עס טרעפט זיך אַמאָל.

— און איך וועל שווערן, — האָט אַ דריטער געזאָגט — אַז אַדאָם אַליין האָט אַזוי געגלויבט... געדענקט איר ווי ער איז בלייך געוואָרן, ווען יענער האָט אים אין די אויגן אַריינגעשריען: „איך קען דיך?"...

— און אויב אַדאָם האָט אפילו געגלויבט אַז יענער קען אים, וואָס האָט ער זיך באַדאַרפט אַזוי דערשרעקן?

— דאָס זאָלט איר ניט פרעגן, — האָט גאָר דער ערשטער באַמערקט, — זאָל נאָר אַ דעטעקטיוו, למשל, פּלוצלינג אַרויפזעצן אויף אייך זיינע האַנט־קייטלעך, וואָלט איר זיך אויך דערשראָקן און אַ רגע אַ טראַכט געטאָן אַז איר זייט שולדיג. וואָס קאָן מען וויסן?

אַלע האָבן איינגעשטימט: „וואָס ווייס אַ מענטש?"

דער וואָרדן האָט זיך אַנטשולדיגט פאַר אַדאָמ'ען און אויסגעדריקט פאַר אים זיין טיפן פאַרדרוס.

—ניט קיין אומגליק, — האָט אַדאָם געענטפערט מיט אַ שמייכל,

— אַ קויט־באָד, זאָגט מען, — איז אין געוויסע פאַלן גוט פאַרן געזונט.

דער וואָרדן האָט מיטגעשמייכלט.

— וואָלט מען זיך געגלויבט, — האָט ער געזאָגט, — אַז אַזאַ העסלעכע בריאה זאָל האָבן אין זיך אַזאַ חוצפה? ער איז דאָך אפשר דער געמיינסטער פון זיי... האָט דערשפּירט, פאַרשטיי איך, אַז מען האָט פון אים געהאַט אונטערגעלאַכט. פון וואַנען נעמט זיך עס אין אַזעלכן אַזויפיל חוצפה?

— עס איז אפשר בעסער אַזוי.

דער וואָרדן האָט אַ טראַכט געטאָן:

— איר זייט אפשר גערעכט, — האָט ער האַלב צוגעשטימט.

ווען ער האָט געהערט אַז אַדאָם האָט באַשלאָסן ניט צו דערענדיגן דעם טור אַרום דער געפענגעניש, איז ער געוועזן זייער אַנטוישט.

— סטייטש?

— אָט אַזוי...

אָדאָם האָט געוויס געהאַט אַנדערע סיבות אויף צוריקצוציען זיך פון דער קאָמפּאַניע. איינס איז געווען זיכער — ער האָט געוואָלט פּילן אויף זיך יענעם קויט אַ ביסל לענגער. ער האָט זיך נאָר געפרעגט: צי צייגט ער דערמיט ניט אַרויס די זעלבע גאווה וואָס יענער פאַרשווין אין זיין אַרט טראָגן די אַרעסטאַנטן־קליידער?

ווי אַזוי די אַנדערע אַרעסטאַנטן האָבן זיך באַצויגן צו דעם אינצידענט האָט קיינער ניט באַמערקט, סיידן אפשר די געאיבטע אויגן פונ׳ם וואַרדן.

# געשיכטע

דער פאַראיין האָט געפּייערט זיין 25־יעריגן געבורטסטאָג. יעדער פון די מיטגלידער האָט באַקומען אַ העפטל, וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרן צו דער געלעגנהייט איבער דער געשיכטע פון פאַראיין זייט דער גרינדונג ביז דער סאַמע לעצטער מינוט, צוזאַמען מיט דער לעבנס־געשיכטע פון די גרינדער, און אַנדערע פאַראיין־עניגים. דערווייל איז מען געזעסן אַרום די טישן און זיך שיין משמח געווען. מען האָט שוין געהאַט געהערט די וויכטיגסטע רעדעס, ווען ליפּסאָן האָט זיך אויפגע־הויבן פון אָרט און געבעטן דאָס וואָרט. דאָס איז געווען אַ חידוש, ווייל ליפּסאָנען האָט מען געקענט אַלס שטילן צוריקגעצויגענעם מענטשן, אַ מיטגליד פון אָנהייב אָן נאָך, וואָס איז קיינמאָל מיט קיין עפנטלעכער רעדע ניט אַרויסגעטראָטן. וואָס קאָן ער האָבן צו זאָגן? די ערשטע מינוט האָט ליפּסאָן אַרויסגעוויזן אַביסל נערוועזיטעט, האָט זיך אָבער באַלד קאָנטראָלירט און איבעררAַשט אַלעמען, און זיך אַליין אויך, מיט דער פרייהייט און זעלבסט־פאַרטרויען פון זיין רעדע. אָט וואָס ער האָט געזאָגט:

ער וויל וויסן פאַרוואָס סיי אין געדרוקטן העפטל, סיי אין די רעדעס האָט מען פאַרשוויגן אַ וויכטיגע אָנגעלעגנהייט פון די ערשטע פּאָר יאָר פון פאַראיין? אויב שוין געשיכטע טאָ זאָל זיין געשיכטע מיט... מיט באַקצייבער, ווי מען רופט עס. ער, ליפּסאָן, איז ניט אויסן אָנצודייטן אויף קיינע איינצלנע פערזאָנען, די מער פאַראַנטוואָרט־לעכע אָדער גאַנץ אומשולדיגע. עס איז דאָ ניט קיין פראַגע פון דעם אָדער יענעם, די עצם המעשה אָבער טאָר ניט פאַרשוויגן ווערן. די עצם המעשה איז גוט באַקאַנט אַלע ערשטע מיטגלידער. וואָס אָנבאַלאַנגט די שפּעטערע און איגגערע מיטגלידער, ווייס ער שוין ניט. עס קאָן זיין אַז אַנדערע פון זיי האָבן דערפון ניט געהערט, איז בעסער אַז זיי זאָלן יאָ וויסן.

עס האָבן ליפּסאָנען איבערגעשלאָגן, טאַקע די איגגערע מיטגלידער, פאַרוואָס ער מאַכט צו לאַנגע הקדמות. די עלטערע האָבן גלאָט געצוקט

מיט די אַקסלען. „גוט, האָט ליפּסאַן געזאָגט, ער איז שוין פאַרטיג מיט זיין הקדמה. די גרינדער, — האָט ער פאַרטגעזעצט, — און די ערשטע מיטגלידער פון פאַראיין האָבן צו יענער צייט געהערט צו אַ געוויסער באַוועגונג, הגם ער האָט קיינמאָל ניט פאַרשטאַנען די שייכות צווישן די צוויי. זיינען געווען צייטווייליג פאַרבונדן מיט אַ מין קולט, וועט ער עס רופן".

ליפּסאַן האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט אָפּצוהאַלטן אַ שטיקל כוואַליע פון אומגעדולד אין עולם און ווידער געזאָגט: „איך מיין ניט צו דערמאָנען קיינע איינצלנע פּערזאָנען, איך בין אויסן געשיכטע אַלס געשיכטע און ניט מער ווי דאָס. אַ מין קולט, אַלזאָ, פון געשלעכטלעכער אויסגעלאַסנקייט. אַלע צוימען פון דור־דורות זיינען מיטאַמאָל ווי אָפּ־געווישט געוואָרן. מענער האָבן זיך אַליך דערלויבט און צוגעזען גלייכ־גילטיג ווי זייערע פרויען דערלויבן זיך דאָס זעלבע. יונגע מיידלעך..."

— איך גלויב ניט אַז וואָס דו זאָגסט איז אמת, — האָט אים איינער אונטערגעבראָכן.

— דו, גלויבסט ניט אַז ס'איז אמת, האַ? — האָט ליפּסאַן יענעם ניט געלאָזט ענדיקן, — פון דיר אַליין איז עס טאַקע ניט אמת. דו האָסט געהערט צו די ווייניגע, ליידער צו די ווינציגע, וואָס האָבן זיך געהאַלטן ביים אַלטן. איך פאַרשטיי טאַקע ניט פאַרוואָס דו כאַפּסט זיך דאָ אַרויס, וואָס האָסטו מורא צו האָבן?

— אָט ווייל איך האָב ניט וואָס מורא צו האָבן, זאָג איך, אַז אויב עס וואָלט אפילו געווען אמת, זע איך אויך ניט איין וואָס דו ווילסט דאָ האָבן. און וועמען אינטערעסירט עס?

— דו זעסט ניט איין וועמען עס אינטערעסירט? מערקט נאָר געניו, ניט אַן איינצלנער מענטש, נאָר אַ גאַנצע געמיינדע, גייט פּלוצלונג אַראָפּ פון גלייכן וועג, און לאָזט זיך אַריין אין אַ געשלעכטלעכן געמיש, פּונקט ווי ביי די... — איך בין ניט קיין אַנטראָפּאָלאָג, איך קאָן ניט פּונקט איצט אָנרופן דאָס פאָלק אָדער פעלקער — אַזעלכעס זאָגסטו אינטערעסירט קיינעם ניט? אויב אַזאַ מין זאַך קאָן זיך פאַרלויפן איין מאָל, קאָן עס דאָך פאַרקומען אַ צווייטן מאָל אויך, אַ צוקונפטיגן מאָל. און אויב אויפן געשלעכטלעכן געביט, איז עס דאָך אויף אַן אַנדער מאָראַלישן געביט אויך מעגלעך. דאָס, זאָגסטו, איז ניט איב־טערעסאַנט? איז די געשיכטע פון פאַראיין אַלס אַן עדה ניט וויכטיג אין דיינע אויגן? איז די לעבנסגעשיכטע פון די גרינדער יאָ אינטע־רעסאַנט!...

— באַרירט ניט קיין איינצלנע פּערזאָנען! — האָט זיך אַן אַנדער מיטגליד אַריינגעמישט.

— וואו האָב איך דאָ באַרירט איינצלנע פּערזאָנען? ווי שוין געזאָגט, מיך אינטערעסירט ניט דער, אָדער יענער, נאָר געשיכטע. איך פרעג פאַרוואָס האָט מען דעם גאַנצן ענין פאַרשוויגן? ס'איז דאָך זאָנדערבאַר. איך האָב אַמאָל ליב צוצוקוקן זיך צו יענע פאַרשוינען, די אַמאָליגע רעדלפירער... קיינע נעמען ניט צוצוגעבן — אַנדערע אַזוינע סטאַטעטשנע און בכבוד'ע מענטשן (מען האָט באַמערקט אין עולם אַז ליפּסאָן קוקט דאָ אין דער ריכטונג פון גרינדער, מר. גראַף). יאָ, אַזוינע סטאַטעטשנע, גאָר ניט די מענטשן פון אַמאָל, אויבערפלעכלעך אפילו קיין זכר ניט פון אַמאָליגן. שותפים אין די אַמאָליגע מעשים באַגעגענען זיך און מען גיט ניט אפילו אַ פינטל מיטן אויג. איז אָבער אַלץ פאַרגעסן געוואָרן? איך גלויב ניט. איך האָב ניט פאַרגעסן, איך, וואָס בין געווען ניט מער ווי אַ צושויער, טאָ ווי אַזוי האָבן זיי עס געקאָנט פאַרגעסן? הייסט עס, פאַרשוויגן... ניט פאַרגעסן"...

— הער זיך צו, ליפּסאָן, — האָט זיך ווידער אויפגעהויבן דער ערשטער, — זאָל זיין גענוג. איך האָב מיר גאָר ניט פאָרגעשטעלט, אַז דו קאָנסט אַזויפיל איבערטרייבן... אַז אַ פּאָר יונגעלייט באַנאַרישן זיך אַמאָל, הייסט עס שוין געשיכטע?

—יונגעלייט! — האָט זיך ליפּסאָן צעלאַכט, — לאָמיר דיר צו וויסן טאָן, אַז דער רעדל־פירער איז דעמאָלט געווען שוין גאָרניט אַזוי יונג, אַז...

ליפּסאָן האָט געזוכט צו באַגעגענען זיך מיט די אויגן מיט גראַפ'ן, דעם גרינדער, געזוכט אַזוי, אַז עס איז שוין ביי קיינעם קיין ספק ניט געווען וועמען ער מיינט. דאָס איינציגע וואָס האָט געפעלט איז געווען אַז ער זאָל אים אָנרופן ביים נאָמען. איז אַנטשטאַנען אַ געטומל. מען האָט זיך אויפגעהויבן פון די ערטער, מען האָט געקלאַפּט מיטן האַמער, רעדן ווייטער האָט מען שוין ליפּסאָנען ניט געלאָזן. דער רואיגסטער פון אַלע איז געווען גראַד דער בכבוד'ער בלאַסלעכער גראַף. ער אַליין האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגן.

— עס גייט מיר ניט אָן, — האָט ער געענטפערט ווען מען האָט אים געפרעגט, וואָס ער דענקט פון דער גאַנצער געשיכטע. אין גיכן איז שטיל געוואָרן און מען האָט זיך גענומען צום טאַנצן, די יינגערע מיטגלידער מייסטנס. ליפּסאָן און זיין פרוי זיינען אַוועק באַצייטנס.

ווען די פּאָר זיינען געקומען צו זיך אַהיים, האָט מרס. ליפּסאָן געפרעגט איר מאַן:

— וואָס האָסטו דאָרט באַדאַרפט פאַרקאָכן אַ גאַנצע קאַשע, איך בעט דיך, מיין מאַן?

— פאַרקאָכן אַ קאַשע, הייסט עס ביי דיר? וואָס האָסטו געוואָלט, אַז איך זאָל זיי הערלאָזן פאַרפאַלשעווען געשיכטע?

— אָבער וואָס האָסטו געוואָלט פון גראַפן? וואָס האָט ער דיר געטאָן? וואָס דאַרפסטו גלאַט איינרייסן זיך מיט אַ מענטשן?

— ווער זאָגט דיר, אַז איך האָב עפּעס צו אים? איך בין קיינעם ניט אויסן געווען... הייסט עס, אַז דו האָסט באַמערקט ווי מען האָט זיך אָנגעשטויסן אין עולם ווען איך האָב געמיינט? — ליפּסאָנ׳ס געענדערטער טאָן האָט אויסגעדריקט אָפענע צופרידנהייט. — האָסט געזען ווי ער האָט זיין קאָפּ ניט אויפגעהויבן, ניט געלאָזן זיך אין די אויגן אַריינבליקן?

— אוודאי האָב איך געזען... איך בין ניט בלינד. — דאָס פרעג איך דאָך, וואָס האָסטו פונקט צו אים געהאַט?

— ניט געהאַט צו אים, נאָר איך האָב אים גלאַט פיינט, אַט דעם בלייכן צדיק׳ל מיט דער האַנאָראָווער מינע.

— געשיכטע! — האָט זיך מרס. ליפּסאָן ניט געקאָנט באַרואיקן.
— וואָס גייט דיר אָן אָן אַלטע געשיכטע מער ווי יעדן אַנדערן? דו האָסט עס געמעגט פאַרגעסן. שעמען מעגסטו זיך, מיין מאַן, ווי האָסטו זיך דאָרט אויסגעדריקט? „אויב איך קאָן ניט פאַרגעסן, איך, אַ צושויער״. — מרס. ליפּסאָן האָט נאָכגעקרימט איר מאַנ׳ס טאָן ציטירנדיק אים. — וואָס קאָנסטו דאָרט ניט פאַרגעסן? פינף און צוואַנציק יאָר אַ געשיכטע... וואָס עס ליגט אַלץ אַ מענטשן אין קאָפּ!...

— פאַרוואָס זאָל איך פאַרגעסן? ווייסטו דען וואָס דער סטאַ־טעטשנער גראַף האָט העמאָלט אָנגעפירט? איך ווייס ניט צי דיר איז עס באַקאַנט, וואָס זאָג איך, עס איז דיר געוויס אומבאַוואוסט, קיינער ווייס דערפון ניט, ער האָט דאָך מיטגעצויגן דבורה׳ן אויך... וועסט עס גלויבן? דבורה׳ן אויך, אויף דבורה׳ן וואָלט איך מיך טאַקע ניט געריכט...

— קוקט אים נאָר אָן, ווי געפעלט ער אייך — דבורה׳ן אויך, אַ יחסנ׳טע דבורה, ווי געפעלט אייך אַזעלכעס! נעמט זיך אָן דבורה׳ס קריוודע נאָך גוטע 25 יאָר!...

— אפשר נעמסטו זיך גאָר אָן גראַפ׳ס קריוודע, מיין ווייב? איך פרעג, ווער נעמט זיך דאָ אָן וועמעס קריוודע?

— כ׳וועל שוין דיר לאָזן וויסן ווער...

— אַזוי, דו ווערסט מיר לאָזן וויסן ווער? דו ווערסט מיר לאָזן וויסן... — דאָס איז אַלץ וואָס ליפּסאָן האָט באַוויזן צו ענטפערן אויף דער הייסער רגע. גאָר אַן אַנדער ענטפער האָט זיך פון אים געריסן, נאָר ער האָט אים אונטערדריקט דערוויילּ. ער האָט שוין געהאַט גענוג געשיכטע פאַר דעם אָוונט.

# נאָכ'ן שטורם

די יונגע מיס שטערן, אַן אַסיסטענט אין לאַבאָראַטאָריע פון פיזישע וויסנשאַפטן, האָט אַראָפּגענומען די קאַווע און די כּבוד פון טאַץ און צעשטעלט איבערן קליינעם טישל און זיך צוגעזעצט אויף אַ שטול קעגן איר גאַסט, אַ דרייסיק יעריקן פּראָפעסאָר. ער האָט שוין געהאַט פאַרבראַכט אַרום אַ שטונדע אין צימער, באַטראַכט און באַוואונ־דערט די שיינע איינאָרדנונג, די שטילע, פרידלעכע אומגעבונג, דעם בלומען־גאָרטן אונטן, וואָס מען האָט געקאָנט זען פון די גרויסע ליכ־טיגע פענסטער. עס איז געווען זיין צווייטער באַזוך ביי איר. איצט האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל אויף איר שמייכל צו אים און געלאָזן איר קוקן אויף זיך אַן ווערטער. ער האָט פאַרשטאַנען אַז זי קלייבט זיך אים עפּעס צו זאָגן.

— איר פרעגט מיך גאָרניט פאַרוואָס איך שטודיר אייך אַזוי ?

— האָט זי געפרעגט.

— ניין, צו וואָס פרעגן ? זיינען מיר דען ניט קיין פּראָפעסיאָנעלע פאָרשער ?

זי האָט געלאַכט.

— אמת. טאָ פרעגט כאָטש וואָס איך פאָרש.

— איך זע אַז איר גייט עס מיר אַליין זאָגן, אָן מיין פראַגע.

— יאָ. איך וועל זאָגן, אַז ניט קוקנדיג אויף אונזער זייער קורצער באַקאַנטשאַפט דוכט מיר, אַז איך ווייס אַלץ וועגן אייך . . .

ער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— לאַכט ניט, איך בעט אייך. אייער געזיכט איז אַזאַ אָפענער, פרייער, אַז יעדער וואָס וויל קאָן לעזן.

— אויב אַזוי, מיין ליבער פריינט, וועל איך אייך מוזן בעטן צו לעזן, לעזן הויך, איך זאָל הערן, ווייל איך אַליין ווייס זייער ווייניק פון זיך און וואָלט וועלן וויסן מער . . .

— אפשר ווילט איר וויסן מער ווי מען באַדאַרף ? . . .

— מעגלעך ס'איז אַזוי, אָבער דאָך איז עס אַ פֿאַקט אַז איך ווייס כעמט ווי גאָרניט פֿון זיך.

— טאָ לאָמיר בעסער רעדן פֿון אייך. אייער פֿאַמיליע איז דאָך אַזאַ אַלטע און גרויסע. אייערע עלטערן זיינען מסתמא געבאָרן דאָ?

— מיינע עלטערנ'ס עלטערן אויך...

— און איר האָט זיי געקענט, די עלטערנ'ס עלטערן? איר קענט זיי נאָך? איך מיינע — ניט. ניט נאָר ניט געקענט פֿער־זענלעך נאָר איך ווייס ניט אַפֿילו ווער זיי זיינען אָדער וואו זיי האָבן געוואוינט, אין וועלכער שטאָט, ווי איך וואָלט געוועזן אַן אונטערגעוואָרפֿן קינד. איך האָב געקענט נאָר מיין מוטער, מיין מוטער אַליין, געקענט 12 יאָר אינגאַנצן. וואָלט זי געלעבט לענגער וואָלט איך אפשר מער געוואוסט. — ער איז געבליבן פֿאַרטראַכט אַזוי ווי געישובט זיך צי זאָל ער פֿאָרטזעצן — מיין פֿאָטער געדענק איך קוים, אפשר געדענק איך ניט, אפשר איז דאָס וואָס איך געדענק ניט מער ווי אַ פֿאַנטאַזיע...

— איר האָט אָנגעוואוירן אייער פֿאָטער אין אייער ערשטער יוגנט?

— אָנגעוואָרן? יאָ. אָבער ניט אַזוי ווי איר מיינט... איר מיינט געוויס דורך זיין טויט? — ער האָט אָנגעקוקט די יונגע מיידל אַזוי ווי ער וואָלט וועלן זי זאָל טרעפֿן ווי אַזוי ער האָט זיין פֿאָטער פֿאַרלאָרן. זי האָט געענטפֿערט זיין בליק אָבער געשוויגן און געוואַרט.

— אויב איר ווילט וויסן, — האָט ער נאָך אַ קורצער פּויזע געזאָגט, — בין איך גאָרניט זיכער צי איך טראָג מיין פֿאָטער'ס נאָמען. ריכטיגער, איך בין זיכער אַז ניט. אפשר איז עס מיין מוטער'ס מיידלשער נאָמען אויך ניט... „פּרעי" — אַ נאָמען אָן אַ פֿאַרוואָס, אָדער מיט אַן אורזאַך וואָס איז פֿאַרבליבן אַ סוד פֿאַר מיר... איצט פֿאַרשטייט איר שוין? — האָט ער געפֿרעגט און אַ ליבן שמייכל געטאָן — ווי ווייניק איר ווייסט פֿון מיר?

— איך האָב ניט געמיינט וויסן אין דעם זינען. כ'האָב געמיינט עפּעס אַנדערש — האָט זי איינגעווענדט.

— אפשר מיין איך ווייניק וויסן אין דעמזעלבן זינען וואָס איר? איך וועל אייך בעטן נאָך אַ קאַווע — האָט ער זיך אַליין איבערגעהאַקט, אַ זופּ טוענדיג פֿון זיין קאַווע.

— פֿאַרוואָס זאָל איך עס אייך ניט זאָגן? — האָט ער פֿאָרטגעזעצט — איך האָב פֿון דעם, כ'מיין פֿון מיין אָפּשטאַמונג ערשט געטראַכט היינט אין פֿרימאָרגן... דער שיינער פֿרילינג פֿרימאָרגן — האָט ער

אָנגעוויזן מיטן פינגער אויפן הערלעכן טאָג אויף יענער זייט פון די גרויסע אָפענע פענסטער — האָט מיר געמאַכט צו דענקען אין פאַר־בינדונג מיטן געדאַנק צו באַזוכן אייך היינטיגן פרימאָרגן. איר הערט זיך צו צו מיר מיט אַזויפיל אינטערעס אַז איך הויב אָן צו פילן, אַז איך האָב אפשר ווייניק צו דערציילן... נאָר אַז איר האָט שוין געפּרוּווט זיך צו פאַרקוקן אין מיר וויל איך, אַז איר זאָלט זען מער און מער... ווייסט איר, הייסט עס, נאָך ניט ווי אַזוי איך האָב מיין פאָטער פאַרלאָרן. גענוי ווי אַזוי ווייס איך אַליין אויך ניט. עס איז פאַרגעקומען איין נאַכט, איין שרעקלעכע נאַכט, ווען איך בין פעסט געשלאָפן אין מיין בעטעלע, אַ קינד פון אַרום פיר. אין פּרילינגצייט איז עס געווען פונקט ווי איצט, אפשר אין דעמזעלבן מאָנאַט. כ׳בין פעסט געשלאָפן. נאָר די ערשטע טייל פון דער נאַכט, ווייל שפּעטער האָב איך פון צייט צו צייט געהערט דורכן שלאָף שטימען, מיין מוטערס שטימע מייסטנס, און אויך געזען ווי דורך אַ נעפּל דאָס ליכט פון צימער פון וואַנען די שטימען זיינען געקומען. אויפגעכאַפּט זיך, מסתּמא, אויף אַ רגע און געזען, אַזאַ האַרטע, באַרמ־לאָזע, טויטלעכע ליכט דורך די דונקעלהייט פון מיין צימער... איך האָב אַמאָל געזען אַ ווייטע שׂרפה אין מיטן פון אַ פינסטערער נאַכט, האָט עס מיך געמאַכט דענקען פון יענעם ליכט אין דעם צימער ביי זיי... דאָס ליכט פלעגט מיר צוריקקומען אַמאָל שפּעטער אַלס אַ לעבהאַפטע עראינערונג. אָבער מיין מוטערס שטימע ווי זי האָט אָפּגעקלונגען אין יענער נאַכט, די שטימע פלעגט צוריקקומען אַמאָל אין דערווירקלעכקייט: איך פלעג זי הערן ווען מיין מוטער פלעגט אַמאָל ווערן פּלוצלינג אומגעדולדיג מיט מיר. אפשר האָט זי עפּעס דערזען אַזעלכעס אין מיר וואָס איך קאָן מיר נאָר משער זיין: — אַ פונק פון מיין פאָטער, וואָס ווייס איך? און אפשר בין איך ניט געווען אַזוי שולדיג ווי דאָס שווערע לעבן אירס דאָ: איינע אַליין אין אַ פרעמד לאַנד, מיט אַ קינד דערצו... אַזוי, צי אַנדערש, פלעגט זיך מיר דוכטן אַז איך דערקען יענע שטימע. מערקווירדיג איז דאָס, אַז דעם שטורם וואָס האָט געבושעוועט יענע נאַכט אין דרויסן האָב איך ניט געהערט. אַ שרעקלעכער, גאָר אומגעוויינלעכער שטורם, ווי איך האָב פאַרשטאַנען פיל שפּעטער, איז עס געווען: שלאָקס־רעגן, בליץ, דונער און ווינטן, ווינטן... — דאָס האָב איך ניט געהערט. העכסט מעגלעך אַז זיי האָבן דעם דרויסנדיגן שטורם פאַרזען. צוליב דעם אינווייניגסטן שטורם... ווידער איז עס מעגלעך אַז אַ דונער, אָדער אַ בליץ, האָט עס מיך פון צייט צו צייט

אויפגעוועקט... אָבער געזען האָב איך נאָר דאָס רויטלעך ליכט אין צימער, און געהערט ניט דעם ווינט, נאָר מיין מוטער.

מיס שטערן האָט אַ רוק געטאָן איר שטול זי זאָל קאָנען בעסער זען איר גאַסט.

— מיין פאָטער איז מסתמא אָנגעקומען שפּעט יענע נאַכט בשעת איך בין שוין געשלאָפן. אָנגעקומען נאָך אַ לענגלעכער אָפּוועזנ־הייט, פאַרשטייט איך. איך געדענק, איך האָב אַמאָל געפרעגט: „ווען וועט פּאַפּאַ צוריקקומען?"

— געקומען אום גלייך צוריקצוגיין? — האָט מיס שטערן געפרעגט.

— יאָ, געקומען אָוועקצוגיין... אפשר האָט ער געהאַט פאַרקוקט צו מיר אין מיין בעטל, אפשר דאָס אויך ניט. איך געדענק אים נאָר פון פריער, דאָס הייסט, איך זע די שטאַרקע הויכע פיגור פון אַ מאַן, וואָס קומט צו מיר צוזאַמען מיטן געדאַנק פון יענעם הויז... מיין מוטער גראָדע אַזאַ דינינקע, פאַרהעלטניסמעסיג קליינינקע, אַ באַשיידענע, מיט אַ טיף־באַהאַלטענעם כח... איינמאָל זע איך מיך אויף מיין פאָטערס קני, כ׳זע זיינע אויגן — שטרענגע, שטאָלענע, העל־בלויע און פרעמדע. זיינע אויגן זע איך מייסטנס, זיינע שטאָלענע פרעמדע אויגן...

מיס שטערן האָט די גאַנצע צייט פון זיין רעדן ניט אַראָפּגענומען איר בליק פון אים. אין דער מינוט האָט פרעיע׳ן זיך געדוכט אַז איר אויג ווערט מער געשפּאַנט.

— ניין, — האָט ער געזאָגט, — איך האָב ניט זיינע אויגן...

— איך קען גוט אייערע אויגן, — האָט זי געענטפערט אָן אַ שמייכל.

— פרעמדע אויגן, האָב איך געזאָגט. יענע שטאָט איז מיר אויך פאַרבליבן פרעמד. איך ווייס עד היום ניט דעם נאָמען פון דער שטאָט. די דירה איז דאָס איינציגע וואָס איך געדענק פון יענער צייט. גלייך נאָך יענער נאַכט, פאַרשטייט איך, האָט מיין מוטער פאַרלאָזן די דירה און די שטאָט. געוואַנדערט מסתמא פון אָרט צו אָרט ביז וואַנען מיר זיינען ענדלעך, אַ יאָר שפּעטער, געקומען אַהער. זי און איך, געקומען צו קיינעם ניט...

— און קיינע אַנדערע פערזאָנען אַרום אייך אין יענער פרעמדער שטאָט, ווי איר רופט עס, פריינט אָדער אייגענע, געדענקט איר ניט?

— כ׳געדענק ניט, סיידן איין פרויען־געשטאַלט און דאָס אויך אַזוי נעפּלהאַפט. כ׳גלויב אַז מיר האָבן דאָרט קיינע נאָענטע ניט

געהאַט, אפשר ניט געוואָלט האָבן. פאַר מיין מוטער איז עס זיכער געוועזן אַ פרעמדע שטאָט. ער האָט איר געבראַכט דאָרט.

— אָן אירע עלטערנ׳ס צושטימונג, פאַרשטיי איך?

— אָן זייער וויסן אפילו, גלויב איך.

—איר דענקט אַז אירע עלטערן האָבן אים גאָרניט געקענט?

— אַזוי דענק איך. זי איז וואַרשיינלעך אַוועק פון אירע עלטערן צוליב אים. זי האָט מסתמא געוואוסט אַז זיי וועלן איר זייער צושטימונג ניט געבן.

— וואָס איז געוועזן די אורזאַך? — האָט מיס שטערן געפרעגט.

— ער איז זיי געוועזן, ווי זאָל איך זאָגן? . . . צו פרעמד . . .

— פרעמד אין גייסט?

— פרעמד אין גייסט? געוויס, פרעמד אין אַלעמען, פרעמד אין גלויבן... ניט זייערער... אפשר האָט זי געגלויבט אַז זי וועט זיי ווען עס איז צוזאַמענברענגען. אַזוי דענק איך. אָבער ווי עס האָט זיך אויסגעלאָזן האָט זי שוין ניט געגלויבט אַז אירע עלטערן וועלן איר ווען עס איז פאַרגעבן...

— איז זי געבליבן אַליין...

— אַליין... אַליין מיט מיר... כ׳בין דעמאָלט נאָך קיין פולע צען יאָר ניט אַלט געוועזן... איך געדענק אַז איך האָב איר אַמאָל געפרעגט צי זי דענקט אַמאָל פון יענער דירה דאָרט. און גלייך געפרעגט: „וואו איז יענער?" יאָ, אַזוי האָב איך מיך אויסגעדריקט. „כ׳וויס ניט, — האָט זי געענטפערט, — דענק ניט אָן אים, מיין קינד". די אָרעמע פרוי אָבער האָט מיר ניט געזאָגט ווי אַזוי ניט צו דענקען, ווי אַזוי פאַרגעסן. וואָס איך געדענק נאָך פון יענער דירה איז אַ שיינער זאָל מיט האַלב-גלעזערנע טירן וואָס פירן פון זאָל אין אַ גאָרטן אַריין. אָט דעם גאָרטן זע איך נאָך אין אַזאַ העלן ליכט ווי אפשר קיין אַנדער זאַך ניט. איך זע אים אָבער ווי איך האָב אים געזען דעם מאָרגן נאָך יענער נאַכט... מיין מוטער, פאַרשטיי איך, האָט זיך יענעם מאָרגן קוים דערוואַרט אויף מיין אויפשטיין. זי אַליין האָט זיך מסתמא ניט געהאַט אַפילו צוגעלייגט און איך האָב מיך אפשר עטוואָס פאַרשלאָפן. ווען איך האָב אויפגעעפנט מיינע אויגן האָב איך איר דערזען שטיין פאַר מיר. ווער ווייס ווי לאַנג, וויפיל מאָל זי האָט שוין דעמאָלט באַזוכט מיין געלעגער. זי האָט מיך גלייך אויפגעהויבן צו זיך און גענומען מיך קושן ווי קיינמאָל ביז דאַן. איך האָב דערשפירט אויף זיך אירע פייכטע באַקן. „ביזט אַזוי נאַס, מאַמאַ", — האָב איך געזאָגט. — איך וואָלט עס אפשר פאַרגעסן ווען ניט

דאָס פאָלגענדע. ווייל אַזוי שנעל ווי מיר זיינען אַרויס אין גאָרטן, האָב איך אויסגעשריען: „נאַס, נאַס". אַלץ אַרום האָט געלויכטן און געשימערט מיט דער פייכטקייט פון דעם רעגן פון דער פאַריקער שטורעמדיגער נאַכט: די שטאַמען פון די בוימער, די בלעטער, און דאָ און דאָרט לוזשעס פון זוניג וואַסער. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מיין מוטער און דערזען דיזעלבע ליכטיגע טראָפּנס אין אירע אויגן און געגלויבט טאַקע אַז דאָס איז איין און דיזעלבע נאַסקייט... ביי די ערשטע טריט האָב איך מיר געמוזט אָפּשטעלן — אַ גרויסער שיינער בוים איז געלעגן אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג און פאַרצאַמט מיר מיין וועג, אַ מעכטיגער בוים, שטאַם, צווייגן, בלומען און בלעטער... דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געזען אַ בוים ניט הויך און שטאָלץ איבער מיר, נאָר מאַכטלאָז אונטן, פאַר מיינע פיס. די בלומען זיינע האָבן מיך איין אויגנבליק צוגעצויגן. איך האָב אָבער ניט געוואָגט זי אָנצורירן. באַלד האָב איך דערזען אַנדערע בלומען, אַזויפיל ווייסע בלומען, געדענק איך, צעזייט און צעשפרייט דאָ און דאָרט, אָן בלעטער, אָן אַ שיעור בלעטער, גרינע, פרישע בלעטער. און צו דערזעלבער צייט האָט אַלץ אַזוי געשיינט, געלויכטן, געשפיגלט, און געווען אַזוי פריש, וואַרעם, בלוי און צאַרט...
„מאַמאַ!" האָב איך אויסגערופן. מיין מוטער האָט מיך פאַרשטאַנען. — „דאָס איז דער שטורעם," — האָט זי מיר דערקלערט, — „אַ שטורעם געווען ביינאַכט". „דאָ?" — האָב איך געפרעגט און געצייגט אויפן גאָרטן. „אַ שטורעם" דאָ, דאָ?... דאָס וואָרט שטורעם איז מיר געווען ניי. איך האָב עס מיר פאָרגעשטעלט גאָרניט ווי אַ נאַטירלעכע ערשיינונג נאָר ווי איינע פון יענע פאַנטאַסטישע באַשעפענישן וואָס די קינדערשע פאַנטאַזיע מאָלט זיך. מיין מוטער האָט מיך ווידער גענומען אין אירע הענט, און איך האָב איר געהערט כסדר איבערזאָגן: „אַ שטורם, אַ שטורם, אַ שרעקלעכער שטורם". ערשט שפּעטער, יאָרן שפּעטער, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זי האָט שוין דעמאָלט געדענקט פון אַן אַנדערן שטורם, פון יענעם שטורם פון יענע שרעקלעכע יאָרן... דער שטורם וואָס איז איצט שטילע געשיכטע. — פרעי האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און געבליבן שטיין פאַר זיין פריינט. זי איז אויך אויפגעשטאַנען.

— דער שטורם פון וועלכן אייער פאָטער איז הינגעריסן געוואָרן?
— האָט זי געפרעגט. — ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ.
— און אין וועלכן ער איז פאַרשוואונדן? — האָט זי צוגעגעבן.

— אויב ער איז פאַרשוואונדן... אויב ער איז פאַרשוואונדן...
— האָט ער געענטפערט.

זי האָט אים געקוקט אין די אויגן. עס איז פאַר איר געשטאַנען אַ שטאַרקע הויכע פיגור, די הענט אַראָפּגעהאַנגען, דער קאָפּ עטוואָס געבויגן, אַזוי ווי ער וואָלט דאָ געשטאַנען פאַר איינער אין וועמעס האַנט עס ליגט זיין שיקזאַל. זי איז געווען זייער גערירט. זי האָט גענומען זיינע הענט אין אירע און ניט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים. ער האָט אַביסל אויפגעהויבן זיין קאָפּ, אַ לייכטן דריק געטאָן אירע הענט מיט זיינע פינגער: „וואָס וועט זי זאָגן? זאָל זי פאַרשן, פאַרשן", — האָט ער זיך געטראַכט, און צום סוף אַ זאָג געטאָן:
— אָט אַזעלכער איז געווען מיין פאָטער, אַזעלכער, אַזעלכער...

# מאַטעמאַטיקע אויך

מר. בלאָך, אַ לערער, איז געשטאַנען פאַר זיין אָפּענער טיר און זיך געפּרעגט, צי די פרוי וואָס קומט אַרויף איבער די שטיגן האָט עס געקלונגען זיין הויז־גלעקל. עס איז ניט געווען דער סאָרט פרוי וואָס קומט געוויינלעך צו אים. אַ נידעריגע, אַ דיקע, אָן אַ הוט, אַ מיטל־יעריגע פרוי — בקיצור, אַ פרוי אַ באַלעבאָסטע. די פרוי איז אָבער צוגעגאַנגען גלייך צו אים, געגעבן אַ פריינדלעכן שמייכל און געזאָגט:

— איר זייט מר. בלאָך, דער לערער? איר זעט אויס ווי איך האָב מיר פאָרגעשטעלט... איך בין מרס. יאַסנע.

— מרס. יאַסנע?

— מרס. יאַסנע, יאָ. מיין נאָמען דאַרף איך זיין באַקאַנט, מיין זון איז אייערער אַ שילער. — בנימין יאַסנע.

בלאָך האָט זיך גלייך דערמאָנט.

די פרוי איז אַריין אין הויז, זיך צוגעזעצט אויפן שטול וואָס ער האָט איר דערלאַנגט, ווידער גוט באַטראַכט דעם לערער און געזאָגט:

— מיין זון האַלט פון אייך אָן עולם ומלואו... האָט פאַר אייך דעם גרעסטן דרך־ארץ, זעלטן צו זען. טאַקע דאָס האָט מיר געגעבן דעם געדאַנק צו באַזוכן אייך. בנימין ווייס ניט פון מיין באַזוך צו אייך...

— ער ווייס ניט? פאַרוואָס ווייס ער ניט?

— גאַנץ איינפאַך. ווען ער האָט געהערט, אַז איך קלייב זיך אייך צו זען, האָט ער גענומען דראָען מיט וואָס דען ניט? אַז ער וועט פון שטאָט אַנטלויפן, אַז ער וועט זיך פאַר אייערע אויגן ניט מער באַווייזן, אַז ער וועט פון הויז אַרויסציען זיך. איר האָט אים באַדאַרפט הערן... וויל איך אייך בעטן אַז איר זאָלט זיך אַמאָל ניט אויסרעדן פאַר אים אַז איך בין ביי אייך געווען. בעסער ניט, ווי דענקט איר?

— וואָס ווייס איך? ווײַבאַלד איר...

— גערעכט, איר ווייסט ניט אין וואָס עס האַנדלט זיך. אַלזאָ, איך בין געקומען אייך בעטן איר זאָלט זיך דורכשמועסן מיט מיין זון... אַזוי ריכטיג דורכשמועסן. בנימין פירט זיך ניט אויף ווי געהעריג אין הויז, כ׳מיין מיט טאַטע־מאַמען... טוט וואָס ער וויל... וויל איך איר זאָלט אים אַ ביסל אויס׳מוסר׳ן, אייך וועט ער הערן...

מר. בלאָך האָט אַ מאָדנעם שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— איר שאָקלט מיטן קאָפּ... פאַרוואָס ניט דערקלערן אים? איר האַלט ניט פון כבוד אָב ואם?

— ס׳איז ניט דאָס, נאָר אייער בנימין איז דאָך ערשטנס ניט קיין קינד. ער איז דאָך אַ יונגערמאַן פון 18, גלויב איך.

— און אַ יונגערמאַן פון 18 איז שוין פראַנק און פריי, הייסט עס, אָן שום עול אויף זיך?

— פריי צי ניט פריי, ווי קום איך צו...

— וואָס הייסט, ווי קומט איר? איר זייט דאָך זיין לערער... אייער וואָרט איז ביי אים הייליג... אַזאַ אַפשיי...

— כ׳בין זיין לערער, ס׳איז אמת, אָבער אַ לערער פון וואָס? וואָס מיינט איר לערן איך אים?

אדרבא, וואָס לערנט איר אים?

— איר ווייסט ניט וואָס?

— גענוי וויס איך ניט. וואָס מיינט איר, ער דערציילט אונז אַ סך?

— כ׳לערן אים, למשל, מאַטעמאַטיקע.

— מאַטעמאַטיקע, זאָגט איר? גוט. מאַטעמאַטיקע, זעט איר, איז מיר ניט פרעמד.

מר. בלאָך האָט געכאַפּט אַ בליק אויף דער פרוי. ער איז פאַראינ־טערעסירט געוואָרן. זי האָט אים פאַרשטאַנען.

— כ׳מיין ניט צו זאָגן, — האָט זי געזאָגט, — אַז איך האָב געלערנט מאַטעמאַטיקע, כ׳האָב געהערט פון מאַטעמאַטיקע, געהערט נאָך אַלס קינד. מיין מאַן רעדט אויך אַמאָל פון מאַטעמאַטיקע און מאַטעמאַטיקער. ס׳איז אונז ניט פרעמד. איר לערנט אים מאַטעמאַטיקע. נו, וואָס זאָגט מאַטעמאַטיקע?

— מאַטעמאַטיקע זאָגט ניט קיין מוסר, מיין ליבע פרוי...

— ניט קיין מוסר? מאַטעמאַטיקע לאָזט אַ זון הערן די עלטערן ווי די וואַנט, שיר ניט אויסלאַכן זיך פון וואָס דער טאַטע אָדער די מאַ־מע זאָגט? איר שמייכלט... זעט איר שוין, אַז איך ווייס עפּעס יאָ פון מאַטעמאַטיקע, כאָטש איך האָב עס ניט געלערנט..

— איר האָט אַ טעות, מרס. יאַסנע, מאַטעמאַטיקע מאַכט זיך ניט ווּיסנדיג פון דער גאַנצער געשיכטע.

— מאַכט זיך ניט ווּיסנדיג? ווי אַזוי איז עס מעגלעך?

— אַזוי איז עס. מאַטעמאַטיקע באַהאַנדלט עפּעס אַנדערש, באַ־האַנדלט אַלערליי חשבונות, אַלץ קאַלטע חשבונות...

— און וואָס איז מיט וואַרעמע חשבונות, ווי עס קומט פאַר אין אַ פאַמיליע?

— מאַכט זיך ניט ווּיסנדיג פון אַזעלכע חשבונות...

— און די אַנדערע ביכער? ער האָט דאָך אַנגעקויפט אַזויפיל ביכער, זיי מאַכן זיך אויך ניט ווּיסנדיג? איר לערנט אים שפּראַך, רעדן, שרייבן...

— טאָ וואָס?

— וואָס, פרעגט איר? איר האָט באַדאַרפט הערן וואָס ער האָט געזאָגט זיין פאָטער נעכטען. איר ווילט וויסן?

— ס'איז ניט מיין זאַך, מרס. יאַסנע... מען לערנט ניט וואָס צו זאָגן אויב איר ווילט וויסן, מען לערנט ווי אַזוי צו זאָגן, ווי אַזוי?...

— ווי אַזוי לערנט איר, יאָ... נו, דאַרף מען אַזוי רעדן צו אַ טאַטן? זיין פאָטער איז ניט אַבי ווער, מר. בלאַך. אויף אים געזאָגט געוואָרן צו זיין ניט קיין ערגערער מאַן. ער האָט אייך אַמאָל דערציילט פון זיין פאָטער? ניין? פאַרוואָס ניט? ער האָט זיך מיט זיין פאָטער ב"ה ניט וואָס צו שעמען. און פון מיר האָט ער יאָ גערעדט?

כדי אַנצוטאָן דער פרוי אַ נחת־רוח האָט בלאַך געענטפערט, אַז פון איר האָט בנימין יאָ גערעדט.

— וואָס האָט ער אייך דערציילט? טשיקאַווע.

זי האָט ניט געוואַרט ביז וואַנען בלאַך וועט געפינען דעם פאַסיגן ענטפער. זי האָט פאַרכאַפּט:

— געזאָגט אַ גוט וואָרט, מסתמא? האַ?

— יאָ, אַ גוט וואָרט, אַ שיין וואָרט...

— נו, קומט אים אַ דאַנק... קנאַפּ געטאָן פאַר אים? הייסט עס, מר. בלאַך, אַז מיין גאַנג צו אייך איז אומזיסט?

— **מיר פאַרדריסט זייער, מרס. יאַסנע, נאָר...**

— כ'פאַרשטיי אייך. איר לערנט וואָס עס איז געשריבן אין די ביכער. און די ביכער ווילן ניט וויסן...

— ס'איז אַזוי...

— ס'איז אָבער ניט ריכטיג אַזוי, דענק איך. איך מיין ניט ריכטיג פון די ביכער...

— אפשר זייט איר גערעכט.

מרס. יאַסנע האָט זיך אויפגעהויבן, באַטראַכט דעם צימער.

— איך מוז אײַך עפּעס זאָגן, מר. לערער. מילא וועגן יענע אַנ־דערע ביכער ווייס איך ביט. איך בין ניט אַזוי נאָענט באַקאַנט אין זיי. מאַטעמאַטיקע אָבער... מאַטעמאַטיקע זאָל עס אויך פֿאַרשווייגן... פֿון מאַטעמאַטיקע האָב איך עס גאָרניט דערוואַרט...

# אין אָוונט

די דריי פרויען, מרס. פריד און אירע צוויי טעכטער, מרים, און עטעל, זיינען געזעסן אין זייער עס־צימער. אַלע דריי, איבערהויפּט די מוטער, זיינען געווען זעלטן גוט אויפגעלעגט — אין אַ טיף רואיגן אופן, ווען די שטימונג ווילט זיך פילן מער אינערלעך ווי אַרויסצייגן זי אויסערלעך. שוין ביים טיי טרינקען האָט מרס. פריד אויפמערקזאַם געמאַכט אירע טעכטער ווי פיין דער טיי האָט דאָסמאָל געשמעקט און פאַרזיכערט זיי אַז עס איז ניט פון געוויינלעכן סאָרט. וואָס ווייטער אין אָוונט האָט זיך די אָנגענעמע שטימונג פאַרטיפט. מען האָט געשמועסט און אויפגעהערט אַ ווײַלע צו שמועסן, געכאַפּט אַ בליק אין אַ צייטונג אָדער בוך אָדער געזעסן אַזוי. מען האָט געפילט דאָס פאַרגעניגן פון זיין צוזאַמען און מען האָט אויך געקאָנט אַ ווײַלע פאַרבלייבן אומגעשטערט מיט זיך אַליין. דער לאַנגער וואַנט־זייגער האָט פּינקטלעך אָפּגעקלאַפּט די צייט אָבער פאַר זיך אַליין, קיינער האָט אים ניט געהערט. נאָר אַזוי ווי מרס. פריד איז געזעסן פונקט אַנטקעגן זייגער, האָבן זיך אירע בליקן אייניגע מאָל אָנגעטראָפן אויפן ציפערבלאַט, נאָר יעדעס מאָל האָט איר געדאַכט אַז זי זעט דיזעלבע צייט וואָס פריער, אַזוי ווי די ווייזערס וואָלטן זיך גאָרניט געהאַט באַוועגט פאַר דער צייט.

צוערשט זיינען די פרויען געזעסן אַרום טיש, די טעכטער קעגן דער מוטער, נאָר ווען זיי האָבן איר געזען אַרויסגיין אויף אַ רגע און צוריקגעקומען מיט איר אַלבום אין האַנט, האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז דאָס גייט זי אַריינשטעלן אין אַלבום די ניי־ערהאַלטענע פאָטאָגראַפיע פון אַן אַלטער פריינדין אירער פון דער וועסט. האָבן זיך די מיידלעך שוין צוגעזעצט רעכטס און לינקס פון זייער מוטער. זאָגנדערבאַר, דער אַלבום אַליין אויף זיין טישל איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ נייגיריקע זאַך ווי ווען ער האָט זיך געפינען אין אימיצענס הענט. דאַן האָט מען זיך שוין גע־מוזט צוזעצן און העלפן יענעם קוקן. עס איז געווען אַ רייכער אַלבום, אַ מין אילוסטרירטע געשיכטע פון דער פאַמיליע, מיט בילדער פון נאָנטע און ווייטע. אַנדערע בילדער וואָס די מיידלעך געדענקען נאָך פון זייערע

ערשטע יאָרן. דאָסמאָל האָט זיך געפילט אַז איין בילד איז אַזוי איבּ־טערעסאַנט ווי דער אַנדערער. האָבן זיי זיך לאַנג אָפּגעשטעלט אויף יעדער פאָטאָגראַפיע. די לאַנגזאַמקייט פון טעמפּאָ, ווי זיי האָבן זייער אַרבעט געטאָן, איז אפשר געווען דער הויפּט רייץ פון דער שטימונג. די באַ־מערקונגען וואָס די בילדער האָבן אַרויסגערופן זיינען אויך געווען אַזוי געלאָסן אויסגעדריקט. זעלטן ווען איינע האָט איבערגעשלאָגן די אַנ־דערע מיט אַ פּלוצלונג אנטשטאַנענעם געדאַנק. ווייל אויך די געדאַנקען זיינען ניט פּלוצלונג אַנטשטאַנען, נאָר אָנגעקומען לאַנגזאַם און ניט געאיילט. זיצנדיג אַזוי ווי זיי זיינען געזעסן פאַרן אָפענעם אַלבום, האָבן זיי צייטנ־ווייז געמאַכט דעם איינדרוק שיער ניט פון אַ געמאָלטער, ניט ווירקלע־כער, גרופּע. אַ שיינע גרופּע איז עס געווען אין זאַנפטען ליכט פון צימער.

איין בילד אין אַלבום וואָס זיי האָבן שוין אַ צייט ניט געהאָט געזען איז גלייכצייטיק באַגריסט געוואָרן פון אַלע דריי מיט אַ שמייכל, אַ האַרציקן שמייכל אָבער מיט אַ געפיל וואָס איז געווען עפּעס קאָמישעס אין דעם. עס איז געווען דאָס בילד פון אַ 15־יעריגן אינגל, וואָס האָט ערנסט און שטאָלץ געטראָגן דעם יוניפאָרם פון אַ רוסישן גימנאַזיסט מיט אַ לאַנגע רייען מעשענע קנעפּלעך. דער אינגל האָט דרייסט און מוטיק געקוקט אין די אויגן פון צושויער. די מיליטערישע האַלטונג פון זיין דינער אינגלשער פיגור, זיין געזיכט, אַזוי פריש און קינדיש, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון שטייפן און קאַרעקטן מונדיר — איז אויס־געקומען אַזוי קאָמיש אין די אויגן פון די אין אַמעריקא געבאָרענע מיידלעך. אויך זייער מוטער האָט עס שוין אויסגעקוקט אַזוי אויסטער־ליש נאָך די לאַנגע יאָרן אין נייעם לאַנד. דער שיינער אינגל איז געווען דער פאָטער פון די צוויי מיידלעך און פון זייער עטוואָס עלטערן ברודער, דער פאַרשטאָרבענער מאַן פון זייער מוטער.

מיט אַ 16 יאָר צוריק, זעקס וואָכן נאָך זיין טויט, האָט מרס. פרייד איינע אַליין געשטודירט דאָסזעלבע בילד: עס איז דאַך געווען אַזוי פּונקט ווי דער אָריגינאַל ווי זי האָט אים געקענט צו יענער צייט פון זיין עלטער. באַטראַכטנדיג דאָס בילד דעמאָלט האָט פאַר איר דאָס טראַ־גישע אויסגעווייגט פון יונגן מוטיגן פּנימל. דער שיינער אַקוראַטנער אינגעלע האָט ערפילט אַלץ וואָס זיין מוטיג פּנימל האָט צוגעזאָגט. דער שילער וואָס איז געווען דער ערשטער אין זיין קלאַס, איז שפּעטער גע־וואָרן דער מאַן וואָס איז געשטאַנען אַזוי הויך אין זיין פּראָפעסיע. די דרייסטע שיינענדע אויגן, די ענערגיע, די אַמביציע האָבן זיך ניט גע־מינערט ביז צולעצט. אַפילו אין יענער שווערער מינוט פון פרישן

פאַרלוסט האָט זי ניט פאַרגעסן אַז ער האָט זיי, איר מיט אירע דריי קליינע קינדער, ניט איבערגעלאָזן אומפאַרזען און אומפאַרזאָרגט. וואָס עס האָט זיך ניט געלאָזט זען אין יענעם ליבן פּנימל איז געווען דאָס שוואַך האַרץ אונטער דעם שטייפן מונדיר, פון דעם האָט דער ענערגישער אינגעלע אַליין ניט געוואוסט. וואָס עס האָט זיך אָנגעזען אין אים איז געווען דאָס, וואָס וועט ברענגען ערפאָלג, אָבער דאָס וואָס האָט באַדאַרפט איבעררייסן זיין טעטיקייט און זיין יונג לעבן — דאָס איז געווען טיף פאַרבאָרגן.

איז איר איצט, אין דעם געמיטלעכן אָוונט, אויפן געדאַנק אַרויף די עראינערונג פון יענער האַרצבררעכנדער מינוט ? יאָ, אָבער אין דער שיינער און פרידלעכער שעה איז עס געווען ניט אַן עראינערונג, נאָר אַ ווייטער, קוים הערבאַרער אָפּקלאַנג פון אַ לאַנג פאַרגאַנגענעם טרויער. עס האָט געהייסן : זי האָט אַמאָל אַ ביטערן טרויער געהאַט, אַמאָל, אַמאָל . . . אַן אָפּקלאַנג וואָס האָט די איצטיגע מינוט נאָך זיסער און רייכער געמאַכט. איר פריערדיגער שמייכל איז געבליבן שוועבן אַרום אירע ליפּן.

אַ שטאַרקערע, הגם גאַנץ פאַרשידענע עראינערונג, איז געקומען אַן אויגנבליק שפּעטער.

— קינדער, — האָט זי געזאָגט, — איר ווייסט וואָס עס איז מיר איצט געקומען אויפן זינען ? עפּעס פון אַזוי פיל יאָרן צוריק . . . כ'בין דעמאָלט אפשר ניט מער ווי 10 יאָר אַלט געווען. איין ווינטער אָוונט, זיינען מיר קינדער געזעסן, ווי מיר זיצן דאָ איצט, פאַר אַ פאָטאָגראַפיע אין אַן אָפענעם אַלבום. אַ יונגע פרוי, איך געדענק ניט איר נאָמען, נאָר זע איר נאָך איצט פאַר זיך : מיט אַזעלכע טיפע שוואַרצע אויגן, האָט אונדז אָנגעוויזן אויף אַ בלייכן קרייז אַרום דאָס בילד. אַליין וואָלטן מיר דעם קרייז קיינמאָל ניט באַמערקט, אפשר איז גאָר אַזאַ קרייז ניט געווען. „דער בלייכער קרייז", — האָט זי אונדז דערקלערט, — קומט פון דעם וואָס די פרוי פון יענעם בילד לעבט שוין ניט מער. אַזעלכע בלייכע קרייזן הויבן זיך אָן צו פאַרמירן אַרום דאָס בילד גלייך נאָך דער פערזאָנ'ס טויט". ווי געהיימניספול עס האָט אונז קינדער דאַן געקלונגען, ווי טרויעריג דאָס בילד האָט געקוקט מיטן בלייכן קרייז אַרום . . .

דאָס בילד פון דעם יונגן גימנאַזיסט האָט ניט געוויזן אַפילו דעם שוואַכסטען שפּור פון אַ קרייז. דער שיינער אינגל האָט געקוקט אַזוי ווי לעבעדיג . . . די מיידלעך האָבן זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע, אפשר טאַקע דערפאַר ווייל דאָס בילד האָט אַזוי לעבהאַפט געקוקט, און זיך

צוריקגעלעגט אין זייערע שטולן, ווי זיי וואָלטן אָנגעהויבן זיך צוצוהערן צו עפּעס, וואָס האָט זיך אין זיי גענומען רעגען... אַזוי רייסט מען זיך אַמאָל אָפּ פון אַן אינטערעסאַנטן בוך וואָס מע לעזט אָדער פון איי־גענע געדאַנקען און טרוימערייען ווען עס דוכט זיך פּלוצלונג אָפּ אַז מען האָט געהערט שטילע טריט הינטער זיך. — מע הערט זיך צו אַ רגע, קיינער קומט ניט און מע פאַרגעסט. אויך איז צו זיי קיין באַשטימטער געדאַנק ניט געקומען, נאָר עפּעס אַן אומבאַשטימטער געפיל — יאָ!...

— מאַמאַ, — האָט מרים געזאָגט, — איך געדענקט דעם טאַטן... יאָ, יאָ!

די מוטער האָט שוין מער ווי איין מאָל געהערט פון מרים׳ן דאָס זעלבע און אויך איצט האָט די מיידל גענומען אָפּשילדערן איר פאָטער פאַר איר. די מוטער האָט איר גוטמוטיג אויסגעהערט. מרים האָט ניט געקאָנט קלאָר געדענקען איר פאָטער, זי איז צוויי יאָר אַלט געווען ווען ער איז געשטאָרבן. נאָר די מוטער האָט איר געלאָזט אים שילדערן ווי איר פאַנטאַזיע האָט איר אין דער מינוט אים געמאָלן און זי אַליין האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. וואָס מאַכט עס אויס?

די איין יאָר אינגערע פון איר שוועסטער, עטל, האָט זיך אויך צו־געהערט. זי אַליין האָט פון קיין זאַך ניט געוואוסט. נאָר זייער ברודער, האָט יאָ עפּעס געדענקט, ער איז שוין אין זיין פערטן יאָר דאַן געווען.

מרס. פריד האָט אירע קינדער קיינמאָל ניט דערציילט, זי האָט עס קיין מענטשן ניט דערציילט, — אַן אינצידענט אינם טאָג פון איר מאַנ׳ס לויה. זי האָט זיך אַריינגעכאַפּט אויף איין רגע אַ בליק צו טאָן צו זיי, אירע דריי קליינע קינדערלעך, וועלכע האָבן זיך געפונען אונ־טער דער אויפזיכט פון זייער הויזמיידל אין הויז פון אַ טיר־צו־טיר שכנה. עס איז פונקט געווען די רגע ווען זייער פאָטער׳ס אָרון איז אַרויסגעטראָגן געוואָרן פון הויז. האָט מרס. פריד געפונען די פרעמדע הויז־מיידל ממש צעגייען זיך אין טרערן וואָס זי האָט געשלונגען און באַהאַלטן פון די קינדער, שטייענדיק אין אַן אומעטיגן ווינקל פאַר זיך. די צוויי מיידלעך אָבער האָבן געקייכט פון געלעכטער. מרס. פריד׳ס אויגן האָבן אויפגעלויכטן מיט אַ לעבעדיג פייערל. זי האָט זיך געווענדט צו די מיידלעך.

— אייער פאָטער האָט מיר אַמאָל דערציילט עפּעס וואָס איז טאַקע זייער קאָמיש — אַן אַנעקדאָט פון זיין ערשטן יאָר אין אַמעריקאַ. ער איז איינגעשטאַנען ביי אַ וואוילער פרוי, אַן אַלמנה, אַ מרס. ראָזען, איין זונטאָג איז ער געזעסן ביים טיש צוזאַמען מיט אירע פינף קינדער און אַ פּאָר אַנדערע געסט, פריינט פון הויז. מען האָט געהאַלטן אין מיטאָג־

עסן, געשמועסט אין צווישן־צייט פון איין געריכט צום אַנדערן. מרס. ראָזען איז טאַקע באַלד אָנגעקומען פון קיך אַרויס היפּש צערויטעלט מיט אַ ברייט שמייכלענדיגן געזיכט, אין אירע הענט האָט זי געטראָגן אַ העכסט גערעטענעם פּרוכט־פּודינג. „ווי נעמט מען דאָ מאָריס'ן איצט!" — האָט זיך די פּרוי געווענדט צום גאַנצן עולם. — מאָריס וואָלט זיך דאָך מחיה געווען . . . אַזאַ פּודינג, אַזאַ פּודינג . . .

מאָריס, איר געוועזענער מאַן, איז שוין געווען אַ סך־הכל צוועלף יאָר טויט. דאָס זאַנדערבאַרע דערביי איז געווען דאָס, וואָס אַזוי האָט די פּרוי איר מאַן קיינמאָל ניט דערמאָנט . . .

האָבן זיך די דריי פּרויען שוין דערמאָנט אָן אַנדערע קאָמישע פּאַסירונגען און געמיטלעך געלאַכט. קיינער האָט ניט באַמערקט ווער עס האָט דעם אַלבום פאַרמאַכט. גיכער ווי אַלץ האָט די האַנט וואָס האָט עס פאַרמאַכט געטאָן אויטאָמאַטיש אָן שום מיין, אין מיטן פון האַרציקן אונטערהאַלטן זיך.

—אָט דאָס, מוטער, מוזטו דערציילן ווילע'ן און באַב'ן, — האָט מרים געזאָגט.

עס האָט זיך שוין געהאַנדלט פון אַנאַנדער אַנעקדאָט. וויל'ן האָט מען ערוואַרט זאָל קומען צוזאַמען מיט זיין פריינט באַב'ן, טאַקע מרים'ס באַשערטן. וויל האָט שוין געאַרבעט אויף זיין דאָקטאָראַט. ווי זיין פאָטער פאַר אים, האָט ער זיך אויסגעצייכנט אין זיין שטודירן, הגם אויף אַ גאַנץ אַנדער געביט. אָבער איידער די צוויי יונגעלייט זיינען אַריינגעקומען איז שטיל געוואָרן אין צימער. מרים האָט זיך פאַרטיפט אין אַ בוך, עטעל האָט זיך צוגעטוליעט צו איר מוטער מיט איר קאָפּ אויף איר אַקסעל. אין עטעל'ס געדאַנק האָט ערוואַכט די אינטערעסאַנטע געשיכטע וואָס זיי, מרים און זי, האָבן אַ פּאָר וואָכן צוריק געהערט פון זייער טאַנטע, דער מוטער'ס אַ שוועסטער און וואָס זיי האָבן באַדאַרפט דערוויל האַלטן בסוד פון זייער מוטער: אַ געשיכטע פון זייער מוטער און איינעם אַ דאָקטאָר בלאַק, זייער פאָטער'ס אַ נאָענטער פריינט פון אַמאָל. ווי אַזוי אָט דער בלאַק האָט זיך אַ יאָר נאָך זייער פאָטער'ס טויט אָנגעבאָטן דער מוטער און אַז פיר יאָר דערנאָך האָט עס שוין שיער ניט געהאַלטן ביי חתונה. די מוטער איז אין אים אמת פאַרליבט געווען נאָר זי האָט זיך ניט געקאָנט באַשליסן צוליב אירע קליינע קינדער. עטעל האָט נאָך געדענקט אַז יענע צייט איז דער דאָקטאָר געווען אַ זייער אָפטער באַזוכער אין זייער הויז, זי האָט אָבער דעמאָלט גאָר ניט פאַרשטאַנען. דערנאָך האָט מען אים אויפגעהערט צו זען ביי זיי. ער האָט געהייראַט אַנאַנדערע מיט וועלכער ער האָט זיך מיט אַ יאָר צוריק

געשיידט. אָבער מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק האָט ער ווידער באַזוכט זייער הויז. ער איז צוריקגעקומען נאָך אַזויפיל יאָרן... אַ פיל עלטערער... עטעל האָט אַ הייסן דריק געטאָן איר מוטער צו זיך.

מרס. פריד ווידער האָט געדענקט פון עפּעס אַנדערש. זי האָט גענומען אַ צייטונג פון טיש אָבער צוליב אַ געדאַנק וואָס איז איר פּונקט אָנגעקומען האָט זי די צייטונג פון איר האַנט אַרויסגעלאָזן. עס וואָלט איר מעגלעך שווער געווען צו זאָגן ווי אַזוי דער געדאַנק איז צו איר געקומען, נאָר זי האָט געזען אַ זעלטענעם טאָג וואָס זי האָט פאַרבראַכט מיט אַ גרופּע פריינט אין אַ וועלדל, ערגעץ אין די בערג. פאַריגן זומער איז עס געווען. זי האָט איצט געדענקט פון דער גרופּע פריינט, ניט מער ווי מע געדענקט אַמאָל גאָר אומבאַקאַנטע מענטשן מיט וועלכע מע האָט זיך צופעליג צוזאַמענגעטראָפן ביי אַ זעלטן שיינער געלעגנהייט ווען די געלעגנהייט מאַכט די אומבאַקאַנטע באַליבט און צום געדענקען. איר געדאַנק איצט איז געווען אויסשליסלעך פאַרנומען מיטן טאָג אַליין, פון שיינעם, העלן טאָג און ליכטיגן הימל. און מער ווי אַלץ פון דער אומפאַרגעסלעכער דויערהאַפטיקייט, די געהיימניספולע אייגנשאַפט זיינע, וואָס האָט איר די גאַנצע צייט געמאַכט פילן אַז אַזאַ טאָג פאַרגייט ניט, נאָר דויערט און דויערט.

מיט איר יונגער טאָכטער'ס ליבע אָרעמס אַרום איר איז איר צייטנווייז שווער געווען צו אונטערשיידן די איצטיגע מינוט פון יענעם זומערטאָג. אַיין קליין וואָלקענדל האָט זיך דאַן געזען אויפן וייטן בלויען הימל, אַזוי ווייט אַוועק, אַזוי ווייט, אַליין, אַליין, אָבער אויך דורכגעדרונגען מיט דער ליכט פון טאָג...

עטעל האָט פּלוצלונג דערשפירט אַז איר מוטער האָט ווי אויפגעציטערט אין אירע אָרעמס.

— ביזט געווען איינגעשלאָפן, מאַמעניו?

— איינגעשלאָפן? וואָס עס פאַלט דיר איין. די סאָבוויי אונטן... האָסט ניט געהערט? אַזוי פּלוצלינג פאַרבייגעלאָפן... און אַנדערש מאָל גיט עס אַ וויג דאָס גאַנצע הויז...

— דער „עקספּרעס", האָט מרים באַמערקט, אַרויפקוקנדיג פון איר בוך...

# פאַרזען

„אַז עס איז באַשערט אַ מענטשן אַ צרה קומט זי זיך אויף אים פון אַ גאָר אומערוואַרטעטער ריכטונג. די אַלטע געשיכטע, פאַרריגלט טיר און טויער, פאַרפעסטיגט די פענסטער, נאָר פאַרזען ערגעץ וואו איין קליינע עפענונג און די גאַנצע מי און פאַרזיכט זיינען אַרויסגעוואָרפן."

דאָס איז געווען מר. בריל'ס ערשטער געדאַנק ווען ער האָט זיך דערפילט אין דרויסן אויף דער פרייער לופט. ער איז נאָרוואָס אַרויס־געקומען פון דער פיר־צימערדיגער דירה אין וועלכער די 22־יעריגע בעלא, האָט געוואוינט מיט איר מוטער און אַן עלטערן ברודער. אַרויס איז ער פון דאָרט אַ גוטע שעה, אויב ניט אַ שעה מיט אַ האַלב, פאַר דער צייט. עס איז אים פלוצלינג געוואָרן צו ענג אין הויז, דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דאָס בעסטע פאַר אים איז, אַז ער זאָל זיך דער־וויל אַרויסכאַפּן, האָט ער געפונען אַן אורזאַכע און איז אַרויס.

ס'איז געווען אַ שיינע אָקטאָבער נאַכט, אין גאַס האָט נאָך גע־טומלט ניט ווייניגער ווי ביי זיין קומען מיט אַ צוויי שעה צוריק. ווען בריל האָט דערזען די בלענדענדע ליכט אין די צוויי פענסטער פון דער האַרדווייר־סטאָר אַנטקעגן, האָט ער דערפילט ווי מען וואָלט אים ממש אַרויסגעטריבן פון דאָרט. געוויינלעך פלעגט ער די פענסטער פון יענעם סטאָר שטענדיג געפינען אָן ליכט ווען ער פלעגט אַרויסקומען פון בעלאַ'ס הויז. אַזוי ווי ער האָט דאָך ניט געקאָנט בלייבן שטיין פאַרן הויז און קוקן, האָט ער זיך גענומען גיין אָן אַ שום באַשטימטער ריכטונג.

פון בעלאַ'ס הויז האָט מען בריל'ן ח"ו ניט אַרויסגעטריבן. פאַר־קערט, בעלאַ'ן האָט זייער פאַרדראָסן וואָס ער פאַרלאָזט איר אַזוי פרי דאָסמאָל. זיי האָבן זיך געהאַט אַזוי שיין פאַרווילט די גאַנצע צייט ביז... ביז בעלאַ'ס פאַרלאַנג, — אַ פאָרשלאַג גערעדע אַן אומשולדיגער און פאַרשטענדלעכער. בעלאַ האָט זיך געוואָלט באַקענען מיט בריל'ס פריינט. האָט זי אים פאָרגעשלאָגן איינצולאַדן זיי צו זיך אין הויז, זי וועט מאַכן אַ שטיקל אויפנאַמע. ווייל זי חלש'ט צו קענען די באָיס, —

ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט, — „זיי מוזן זיין שוין איינמאָל אַ „באַנטש“, — ווי זי שטעלט זיך פֿאָר“.

אַז עס זאָל קאָנען אַמאָל קומען צו אַזאַ פֿאַל, וואו ער זאָל ביי זיך אין הויז, דאַרפֿן פֿאַרשטעלן בעלאַ'ן פֿאַר דער גאַנצער חברה, איז בריל'ען קיינמאָל פֿריער ניט איינגעפֿאַלן — דאָס איז געווען די פֿאַרזעהענע עפּענונג. ווען ער האָט דערהערט דעם פֿאַרשלאָג איז עס געווען אַזוי ווי דער גאַנצער שטילער פֿאַרגעניגן פֿון די לעצטע דריי־פֿיר מאָנאַט פֿון זיין שדכנ'ען זיך צו דער יונגער מיידל, ווערט פּלוצלינג צעשטערט, קומט אפשר צו אַן ענדע. און דאָס איז נאָך ניט געווען דער גאַנצער פֿאַר־שלאָג אויך. בעלאַ'ס פּלאַן איז געווען צו קומען צו דער אויפֿנאַמע ניט אַליין נאָר צוזאַמען מיט דזשעניען, איר פֿריינדין, אַן וועלכער זי גיט זיך קיין ריר ניט.

דזשעני, שאַדט ניט צו וויסן, איז ניט סתם אַ דזשעני. עס איז אַ מיידל וואָס ווייס איין זאַך: חי, חי, חי און חאַ, חאַ חאַ. די קלענסטע קליינינקייט און זי פּלאַצט אויס אין אַ געלעכטער. זי איז ניט קיין אָפּ־לאַכערקע, זי האָט ניט קיינע בייזע געדאַנקען דערביי. גיט איר די גע־לעגנהייט, איז זי גרייט אַזוי האַרציק צו לאַכן פֿון זיך אַליין אויך, ווי למשל, ווען מען מאַכט איר אויפֿמערקזאַם אַז זי האָט ניט גענוצט דאָס ריכטיגע וואָרט, אָדער ווען זי פֿאַרפּלאָנטערט זיך גלאַט אַזוי אין געשפּרעך. זי איז זייער באַליבט אין בעלאַ'ס הויז, פֿון דער מוטער, פֿון ברודער, פֿון די שכנים. פֿון בעלאַ'ן אַליין, וואָס איז מיט אַ יאָר צוויי אינגער פֿון איר, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. בריל'ן אָבער האָט דזשעני, איבער־הויפּט די ערשטע צייט געמאַכט זייער נערוועז מיט אירע פּלוצלינגען אויסשיסן אין אַ געלעכטער, אַפֿילו דעמאָלט, ווי עס טרעפֿט זיך אַמאָל, דער געשפּרעך גייט אויס און עס ווערט אויף אַ ווײַלע שטיל אין הויז. אָט דער דזשעני'ן האָט עס בעלאַ געפּלאַנט מיטצונעמען מיט זיך, זאָל דזשעני אויך אָנקוקן די „באָיס“.

ווי אַזוי אים, בריל'ן איז די מעגלעכקייט פֿון אַזאַ פֿאַרשלאָג קיינ־מאָל ניט אַרויף אויפֿן געדאַנק איז שווער צו פֿאַרשטיין, ווייל ער איז בטבע אַ פֿאַרזיכטיגער מענטש וואָס האָט זיך ליב צו באַוואָרענען פֿון אַלע זייטן. איז ער טאַקע איצט גייענדיג איבער די גאַסן געווען אש להבה אויף זיך אַליין, געפֿילט הייס און קאַלט... ווען ער וואָלט אָבער ניט געפּלאָפּלט אַזוי פֿיל וועגן זיינע פֿריינט וואָלט איר אַזאַ פֿאַר־שלאָג קיינמאָל אויפֿן זינען ניט אַרויף. עס איז זיין אייגענער לויזער צונג, וואָס איז שולדיג אין דעם.

ביי בריל'ן איז געווען אַ כלל אַז ניט יאָרן מאַכן אַ מענטשן אַלט, נאָר דאָס ציילן פון די יאָרן. אַז מען חשבונ'ט ניט איז מען אַזוי אַלט ווי מע וויל אַליין. ווער רעדט נאָך אַז אויפן געזונט האָט מען זיך ניט צו באַקלאָגן; קיין פליך האָט מען ניט, אַפילו קיין איינציג גרוי האָר אויך ניט. — האָט ער טאַקע ניט גע'חשבונ'ט. אמת, עס געפינען זיך פריוויליגע בוכהאַלטאָרן, וואָס אָן שום לוין ציילן זיי יענעמ'ס יאָרן און דוקא ניט אונטער די אויגן אויך, פלעגט בריל די מענטשן אויסמיידן. ער פלעגט זעלטן צוליב דעם פאַרשמעקן צו זיין אייגענער, איינציגער שוועסטער. זי ציילט אַפילו ניט יענעמ'ס יאָרן, געהערט זי אָבער צו די מענטשן וואָס האָבן גלאָט ליב זיך אינגער צו מאַכן ווי זיי זיינען אויף דעם אַנדערנ'ס חשבון... וואָלט עס איר בריל מוחל געווען, מאַכט זי זיך אָבער אינגער אויף זיין חשבון... ביי איר איז ער ניט סתם איר ברודער נאָר איר „עלטערער ברודער". „סטייטש, ווי באַלד אַז דו האָסט נאָר איין איינציגען ברודער טאָ וואָס דאַרפסטו דאָ דעם „עלטערן?" מאַכט זי זיך נאַאיוו טאַקע ווי גאָר אַ יונג קינד און פרעגט: „וואָס? ביזטו ניט מיין עלטערער ברודער?" גיי שטעל איר אַריין אַ פינגער אין מויל. וואָלט זי כאָטש געווען אַ מיידעלע פון אַכט, צען אָדער אַפילו צוואַנציק יאָר, האָט זי אָבער שוין אַ טאָכטער פון צוואַנציק. — באַגייט זיך שוין בריל אָן איר, איז ווינציגער געזען זיך.

נאָך עפּעס האָט בריל געוואוסט וואָס האָט געהאָט אַ שטיקל שייכות מיט דעם פריערדיקן — אַז איינער וועט זיך גיכער דורכשוואַרצן ווי צוויי אָדער מער. איינער וועט ניט ציען אויף זיך אַזוי פיל אויפמערקזאַמ־קייט. דאָס האָט ער געהאָט אין זינען ווען ער האָט ענדלעך באַשלאָסן צו הייראַטן. עס איז ניט געווען גענוג אַז דאָס מיידל זאָל אים געפעלן, ער האָט פאַרגעצויגן אַ יתומה. אַ יתומה פוןביידע זייטן איז מה טוב, לכל הפחות אָן אַ פאָטער. קומען און געפינען אַ פאָטער אין הויז — דאָס ניט, דאָס איז שוין אַ מין צוויי קוניע לעמעלס. בעלאַ'ס פאָטער האָט זיך געהאַט אָפּגעטראָגן פון דער וועלט באַצייטנס, ווי ער וואָלט עס אים צוליב געטאָן. נאָר וואָס קומט אים אַרויס דערפון איצט, איצט?...

בריל האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ סטאָר. אַ פאָר וואָכן צוריק האָט ער אין דער סטאָר געקויפט בעלאַ'ן אַ רינגעלע. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די האַלב טונקעלע פענסטער ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס און אַוועק ווייטער. ער האָט שוין געהאַט דורכגעטראַכט אַלערליי פּלע־נער אָפּצושלאָגן בעלאַ'ן פון איר געדאַנק. עס איז געווען אומזיסטע מי, ווייל ער האָט געוואוסט אַז זי איז ניט אַזעלכע וואָס לאָזט זיך לייכט אָפּווענדן פון אירן אַ קאַפּריז. ער האָט אפשר צום צענטן מאָל

אַ טראַכט געטאָן וועגן זיינע „באַיס" פון וועלכע ער וואָלט איצט געוואָלט פּטור ווערן ווי פון אַ בייזע מכה...

„בען הוירש"... ער האָט דערציילט בעלאַ'ן אַזוי פיל פון הוירש'ס וויצן און שפּיצלעך... אַז זי מוז זיך איצט פאַרשטעלן ווער ווייס וואָס פאַר אַ יונגער העלד דאָס איז... הוירש איז אַזעלכער וואָס עס ווילט זיך דערציילן פון אים. מע פלעגט זיך אַמאָל האַלטן פאַר די זייטן פון געלעכטער פון זיינע וויצן. דאָס איז אָבער געווען מיט אַ 15 יאָר צוריק! „אָלד הוירש" רופט מען אים איצט. גרוי און אַלט געוואָרן פאַר דער צייט. ער קאָן נאָך איצט אויך רעכט אַריינזאָגן ווען ער פילט זיך אויפגעלעגט, רעדט ער אָבער אַזוי שטיל אַז מע הערט אים קוים.

מיט גראָס'ן, וואָלט עס שוין אפשר ניט געווען אַזוי שלעכט. גראָס איז קודם כל דער אינגסטער פון די חברה, אויך ניט נעכטן פון איי זיך אויסגעקאַלופּעט, אָבער שטאַרק איז ער ווי אַייזן. אָבער אַזוי ווי הוירש'ן הערט מען קוים, אַזוי זעצט עס פון גראָסן ווי פון אַ טראָמפּייט. ווען מע קומט אים באַזוכן איז מען שוין זיכער אַז מען וועט דערהערן זיין קול נאָך אין דרויסן און גאָר אונטן, אין האָל, אַזוי ווי דאָס גאַנצע הויז וואָלט זיינס געווען. דאָס וואָלט אפשר שוין ניט אויסגעמאַכט, פאַרקערט, אויף אַ שמחה איז עס אַ שטיקל מעלה ווען עס טומלט און רודערט זיך, האָט ער אָבער אַ מיאוס'ן חסרון, אָט דער גראָס: רופט קיינעם ניט ביי זיין נאָמען, ער האָט איין נאָמען פאַר אַלע: „אַלטער ביין". „העי, דו, אַלטער ביין!" טאָמער מאַכט מען זיך ניט הערנדיג פילט ער זיך ניט צוצוקומען און אַ טורקע טאָן אין זייט אַז עס קאָן שוין קיין טעות ניט זיין וועמען ער האָט געמיינט. פאַר דזשעני'ן וועט ער זיין ווי געוואונשן... ער, בריל וואָלט זיך שוין לאַנג צוריק געהאַט אָפּגעטרייסלט פון אים אויב עס וואָלט מעגלעך געווען.

דער „בלייכער פּיין" איז כאַטש אַ שטילער מענטש, טשעפּעט קיינעם ניט. האָט געמעגט אויסקוקן אָביסל אינגער, זיינע שווערע טונ־קעלע ברילן וואָלט ער אים אויך מוחל געווען. איז ער נאָך אונטער זיין ווייב'ס פּאַנטאָפל. אָן זיין ווייב וועט ער ניט קומען, מער וואָלט אים ניט געעפּלט! זיין ווייב, אַ קליינע, אַ דאַרע, אַ פּאָר יאָר עלטער פון איר מאַן, מיט קליינע שוואַרצע בויערנדע אויגלעך וואָס האַלטן אין איין נישטערן וואָס עס טוט זיך ביי יענעם. פאַרגינט קיינעם די יאָרן ניט, לאָזט ניט אַ קאָפּ אויפהויבן. אויף אים, בריל'ן, איבערהויפּט, האָט זי לעצטנס געוואָרפן אַ פאַרדעכטיג אויג. קענטיג זי פאַרטראָגט ניט זיינע מאָדישע קליידער, זיינע קאָלירטע קראַוואַטן. זי קומט ניט אַרויס אָפן נאָר קוקט פון דער זייט און מאַכט אַ פּשט אַזוי אין דער וועלט אַריין.

„אַנדערע מענטשן, — האָט זי אַמאָל באַמערקט, — ווייסן ניט וויפיל דער זייגער איז". האָט בריל איר דוקא געענטפערט, אַז אויב די וואָס יאָגן זיך צו דער אַרבעט מעגן אָנציען דעם זייגער אויף שפּעטער, פאַר וואָס טאָרן ניט די, וואָס האָבן צייט, אָנשטעלן דעם זייגער אויף צוריק? זי האָט דערשנאַפּט ווי פון אונטער דער ערד אַרויס אַז בריל לאָזט זיך אַמאָל געבן אַ פּנים־מאָסאַדזש פון זיין באַרבער, קאָן זי עס ניט פאַרדייען. גיי פיר צוזאַמען מיט דיינע אייגענע הענט אָט די „ליבע" פרוי מיט בעלא'ן, מער דאַרף ער ניט!

ווייטער האָט בריל דאָס מאָל שוין ניט געוואָלט קוקן. די פאַר זיינען שוין די סמעטענע. אַלע אָבער זיינען זיי „היסטאָריקער", וואָס דערמאָנען דיר יעדע מינוט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט דיר פאַר פופצן יאָרן, פאַר צוואַנציג יאָרן... וואָס וועט ער זיך נאַריש מאַכן, ער האָט ניט מיט וועמען צום טיש צו גיין. עס איז דער ריכטיקער „סעט" פאַר אַ זילבערנער האָכצייט...

בריל האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ גוט־האַרציקן מענטשן. פאַרשטייט זיך, ער איז קיינמאָל ניט אין וואָסער געשפּרונגען אָדער אין פייער, צו ראַטעווען אַן אַנדערן, אָדער זיך בדיל הדל געשטעלט צוליב אַ פריינט אין נויט, ער איז אָבער ניט געווען פון די וואָס גייען אַרום קאַלט און אָנגעבלאָזן, האָט שטענדיק געהאַט גרייט אַ שמייכל, אַ גוט וואָרט פאַר יענעם, געלאָזט לעבן. דאָס אַלץ ביז אַ געוויסן פונקט נאָר. איז אָבער איינער געשטאַנען אין זיין וועג דעמאָלט איז שוין געווען עפּעס אַנדערש, דעמאָלט איז ער געווען גרייט להשמיד ולהרוג. עס רעדט זיך נאָר אַזוי, ער האָט חלילה, קיינעם ניט געמערדערט, נאָר וואָלט זיך געמאַכט אַמאָל אַזוי, אַז יענער וואָלט געפאַלן פון זיינעם אַ בליק וואָלט ער זיך ניט געשטעלט ווייגען. ער האָט מער ווי איין מאָל געוואונשן אַזעלכן דעם טויט. עס איז פאַר אים געווען גענוג אַז יענער שטייט אים אין וועג, שולדיג צי אומשולדיג. בריל'ס פריינט זיינען אים איצט געשטאַנען ווי אַ שווערער שטיין אין וועג. הלואי וואָלט ער זיי גאָר ניט געהאַט געקענט, וואָלטן זיי איצט אים ניט געלעגן אויפן קאָפּ. ער האָט שוין מיט יאָרן צוריק זיך באַדאַרפט באַפרייען פון זיי, באַזאָרגן זיך מיט אַנאַנדער „קראָוד", מיט אינגערע מענטשן, וואָלט ער זיי מיט אַ פרייען געמיט גע־קענט איינלאַדן צו דער פּאַרטי, עס וואָלט געווען אַ שיינע „פּאַרטי"... און ווי זיי האַלטן זיך עס צוזאַמען ווי צוגעשמידט איינער צום צווייטן, איינער לאָזט דעם אַנדערן ניט אָפּ. טאָמער זעט מען איינעם ניט אַזוי גיך וועט שוין דער צווייטער קומען געוואויר ווערן, ס'איז זיך ניט אָפּצו־טשעפּען. אַ שיף איז אַמאָל אונטערגעגאַנגען, צוויי און דרייסיק מענטשן

אומגעקומען, אַלע לאַנדסלייט פון איין פּאַראַיין. נאַרישקייטן, קיין נסים טרעפן זיך ניט. נאָר וואָלט עפּעס מיט זיין „חברה" געשען איז אסור אויב זיי וואָלטן אים געפעלט. דאָס מיינט ניט אַז ער וואָלט זיי שפּעטער ניט דערמאָנט אַמאָל צו גוטן...

אָבער פאַר וואָס ניט גיין מיטן אמת? — האָט בריל מיטאַמאָל אַ טראַכט געטאָן — און זיך אמת דערפרייט ביים געדאַנק. ווי אַזוי איז עס אים ניט אײַנגעפאַלן די גאַנצע צייט? נאָר מיטן אמת, ער האָט דאָך בעלאַ'ן קיינמאָל ניט גענאַרט און ניט געוואָלט נאַרן, שטענדיג געוויזן זיך ווי ער איז. וועט ער איר זאָגן וויפיל דער זייגער איז, וועט געבן דעם ריכטיגן ציפער און פטור — האָט ער ניט מער וואָס מורא צו האָבן. נאָך בעסער, ער וועט אָנרופן אַ ציפער מיט אַ 10—12 יאָר אינגער ווי ער איז, אפשר נאָך אַ קלענערן ציפער... וואָס ווייס זי? אין דעם פאַל האָט בריל שוין פאַראויסגעזען אַז ער וועט ניט האָבן דאָס האַרץ אַ זאָג צו טאָן איר אַזוי קאַטעגאָרוטיג אַז עס איז אַ חלום. וואָס איז זי דאָ שולדיג? און ער אַליין? פאַר וואָס זאָל ער פלוצלינג אַרויס־וואַרפן אויף זיך די עלטער, וואָסי? אַזוי ווילן זיינע פריינט אפשר? איז, הייסט עס, ווידער ניט פריילעך.

בריל האָט ניט באַמערקט אַז ער האָט זיך אַרומגעדרייט שוין אַ היפּשע ווײַלע הין און צוריק אויף זיין אייגענעם בלאָק. ער איז שוין געווען מיד פון אַרומשפּרייזן, האָט ער זיך צוגעשפּאַרט צו אַ גאַס־לאָמפּ ביים ראָג גאַס. עס איז שוין געווען שפּעט. ער איז געווען די איינציגע פּערזאָן אויפן בלאָק, געשטאַנען אַליין ווי דער אַנדערער לאָמפּ ביים אַנדערן ראָג גאַס.

פאַר דער צייט איז געוואָרן נאָך וואַרימער אין דרויסן. עס האָבן זיך געהערט די שטימען פון צוויי פּרויען וואָס האָבן געשמועסט אַזוי רואיג און געמיטלעך. „זיצן מסתמא אויף די טרעפּ פון הויז אין אַט דער שטילער שעה און ריידן צווישן זיך, ס'איז זיי מקנא צו זיין," — האָט ער געטראַכט — און בשעת מעשה געטראַכט פון זיין אייגענער וואוי־נונג ווי שיין און באַקוועם עס איז. ער האָט זיך גאַרניט וואָס צו שעמען מיט זיין וואוינונג: שיינע מעבל, אַ שיינער טעפּיך אויסגעשפּרייט איבערן דיל; איין בילד אויפן וואַנט איז אַ מתנה פון מרס. פּיין, טאָקע פון זיין בעל הבית'טע דער מרשעת... אַזאַ טבע האָט זי, האָט ליב אַ שטאָך צו טאָן יענעם, און כאַפּט זיך גלייך צו פאַרגיטיגן. האָט זיך מורא איינצורייסן... אַ שאָד, אַ שאָד. עס וואָלט געקאָנט זיין אַ לעבעדיקער אָוונט ביי אים. גראָס אַליין קאָן אָנפילן אַ הויז מיט זיך. די רעשט האָבן

נאָך אויך ניט פאַרגעסן ווי פריילעך צו מאַכן... גוטע פריינט זיינען זיי אים דאָך!

בריל האָט ניט באַמערקט ווי די צוויי פרויען זיינען אָנגעקומען און פלוצלינג, ווי פון דער נאַכט אַרויס, האָט עס אַ קלונג געטאָן פון הינטער אים קלאָר און בולט אין דער איינזאַמקייט פון דער אַרומיגער שטילקייט:

— וואָס האָסטו געדענקט, יעטע, ער איז אַ יונגערמאַנטשיק? ער איז שוין אַ גוטער פופציקער, אויב ניט מער, אויב ניט מער...

בריל האָט זיך אַ שאַרפן טרייסל געטאָן... און כאָטש ער איז געווען זיכער אַז די פרויען האָבן ניט אים געמיינט, דאָך האָט ער זיך אויגנבליקלעך אָפּגעטראָגן...

# פאָלקס־געסט

יענעם טאָג האָט זיך די שטאָט געריכט אויף גרויסע געסט. די גאַזעטן האָבן די נייעס געמאָלדען וואָכן פאַראויס. און יענעם טאָג האָבן זיי כמעט ווי פון קיין אַנדער ענין ניט געשריבן. מען האָט געוועקט דעם עולם צו קומען אין מאַסן באַגעגענען די געסט — די פאָלקס־געסט. וואָס מער דער עולם וועט קומען אַלץ גרעסער וועט זיין דער כבוד פאַר די געסט און אויך פאַר די מאַסן אַליין. עס איז געווען באַשריבן מיט אַלע איינצלהייטן, וואו די געסט וועלן אַראָפּשטייגן און וואו די מאַסן דאַרפן זיך פאַרזאַמלען אין גרויס אָרדנונג, פאַרשטייט זיך, און אויך דער מאַרשרוט וועלכן די געסט וועלן דורכמאַכן צו זייער האָטעל, אַז מען זאָל וויסן וואָס מען האָט צו טאָן און ווי אַזוי צו דעקאָרירן די הייזער פאַר וועלכע זיי וועלן פאַרבייפאָרן, מיט די באַוואוסטע קאָלירן, דאָס, און נאָך אַזעלכע איינצלהייטן ווי דער שטייגער איז.

די מאַסן האָבן טאַקע דעם כבוד אָנגעטאָן. שעה׳ן פאַר דעם אָנקומען פון די געסט האָט מען זיך שוין אָנגעהויבן צו פאַרזאַמלען. אין די לעצטע אַנדערטהאַלבן שעה איז דער אָנגעדייטעטער פּלאַץ געווען אין גאַנצן געפּאַקט מיט מענטשן. עס האָט געשווימבלט און געגריבלט מיט מענער, פרויען, און אַפילו קינדער; אָרימע, און פאַרמעגלעכע; אין שווערע מאַנטלען, אין לייכטע מאַנטלען און גאָר אָן מאַנטלען, לעבעדיקע און פאַרכמאַרעטע געזיכטער, מייסטענס מיט פענדלעך אין די הענט און מיט קאָלירטע בענדלעך אין די לאַצן. אַלץ האָט זיך געשטיקט צוזאַמען און געוואָרט. פּאָליציי מיט גלאַנציגע שילדן אויף די בלויע רעק זיינען געפלויגן אַהין און אַהער, דאָ צוריקגעשטופּט, דאָרט פאַראויסגעשטופּט. מען האָט געוואָרט געדולדיג און דערווייל האָט מען נאָך געהאַלטן אַלץ אין קומען, נאָך אַלץ זיך געצויגן צום פּלאַץ צו. — „מוזיקאַנטן, מוזיקאַנטן״! האָט זיך דערהערט, און מע האָט גענומען קוקן אויף דער פאַרבייגייענדער גרופּע מוזיקאַנטן, געראַדע מיט פאַרזאָרגטע פּנים׳ער, וועלכע מען האָט דערקענט דורך זייערע אויסגענייטע קאָסטיומען און די שפּיל־אינסטרומענטן.

אַ שעה פאַר׳ן קומען פון די פאָלקס־געסט, איז מר. פרענקל אַראָפּגעקומען אויפן זעלבן פּלאַץ. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פינף און־

דרייסיק, פון מיטעלן וואוקס, דינלעך אין פיגור, שיער ניט אויסגע־דאַרט, און טונקל־הויטיג. ער האָט געטראָגן אַ שפּאָגל נייעם אָנצוג, און איבער דעם אַ נייען העלן ראָק; אַ נייען הוט און נייע שיך. ס'איז אָבער ניט געווען לכבוד די פּאָלקס־געסט, נאָר צוליב זיינע אַ פּריוואַטע אָנגע־לעגנהייט. ער איז עס געקומען ערוואַרטן זיין פרוי וועלכער ער האָט שוין ניט געזען איבער זעקס יאָר. ער האָט נאָך אַפילו צייט געהאַט, זיין פרוי האָט באַדאַרפט אָנקומען אַ שעה שפּעטער, נאָר דער מאַן האָט סיי ווי סיי ניט געפונען וואָס צו טאָן עפּעס אַנדערש פאַר דער צייט, איז ער געקומען פריער — וועט ער זיך דערוויילע אַביסל אַרומדרייען איבערן פּלאַטפאָרם.

— וואָס איז דאָס אַזעלכעס? — האָט ער זיך געפרעגט ווען ער האָט זיך אַזוי אומדערוואַרטעט געפונען אין מיטן פון דער געדיכטער מאַסע. — אַ שיינע געשיכטע! — און אים איז גלייך ניט פריילעך געוואָרן, ווייל מען האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף אים און געמומען אים גלייך שטופּן פון אַלע זייטן. ער האָט קיין שום אָנונג ניט געהאַט, וואָס דאָס אַלץ באַדייט. ער פלעגט אפילו לייענען צייטונגען, און טאַקע פון אָנהייב ביזן סוף, ליב געהאַט צו פאַראינטערעסירן זיך אין פאַרשיידענע זאַכן. נאָר די לעצטע טעג האָט ער זיינע צייטונגען אפילו ניט פאַנאַנ־דערגעוויקלט, געקויפט זיי נאָר אויס אַלטע געוואוינהייט. ער איז אויך געווען איינער וואָס איז ניט אָפּגעשטאַנען פון אַזאַ מין פאָלקס־צונויפקום, שוין ניט איין מאָל געשטאַנען שטונדנלאַנג אין אַן ענגער מאַסע מענטשן, זיך געשטיקט, געוואַרט, און אַרויסגעקוקט אויף דאָס אָנקומענדיקע און זיך אַמוזירט מיט אַלעמען גלייך. — נאָר דאַ... דאַ האָט ער אפילו ניט געוואָלט פרעגן וואָס עס קומט דאַ פאָר? ס'איז אים גלייך געוואָרן אַ מין פרעמדע, פיינטלעכע, אומגעהייערע זאַך פון וועלכער ער מוז זיך אַרויסרייסן, אַז ניט איז ער פאַרלאָרן, ווערט ער איינגעשלונגען, ווערט ער איינער פון זיי...

דאָס הויז וואוהין ער האָט באַדאַרפט, האָט ער געקאָנט זען פון זיין אָרט: אַ לאַנג, געל, וואָכעדיק הויז. דאָס האָט נאָר פאַרשאַרפט זיין פאַרדרוס, וואָס מען האָט אים דאַ אַזוי פּלוצלונג פאַרצאַמט זיין וועג. איצט האָט ער זיך געפונען ממש פאַר אַ וואַנט אפשר צען פוס די טיף, ווידער מיט פּענלעך און בענדלעך, מיט געזיכטער וואָס קאָנען אַזוי אָפּשטייך אַן אייביקייט... אַ פּאָליסמאַן, וואָס ער האָט דערזען פאַרבייגייין אין פראָנט, צו וועלכן ער האָט אָנגעהויבן צו שרייען און מאַכן מיט די הענט, האָט זיך אויף אים אפילו ניט אומגעקוקט.

— ס'איז שוין גאָר קיין געלעכטער ניט! — האָט ער ווי מיט גרויס פאַראיבל געזאָגט צו אַ פאַרשוין לעבן אים, הגם יענער האָט

אפילו ניט געדענקט צו לאַכן. — איך דאַרף... — נאָר פרענקל האָט ניט באַוויזן צו דערזאָגן וואָס ער האָט געוואָלט, ווען פלוצלונג איז אַנטשטאַנען אַ נײַ געדראַנג. אָט דער געדראַנג אָבער האָט אים געראַטעוועט. אַ פּאָליסמאַן וואָס איז אָנגעקומען האָט אים דערהערט שרײַען, האָט ער אים אַרויסגעצויגן אַ האַלב דערקוועטשטן פון דער מענגע אַרויס און אַריבערגעפירט אויף דער אַנדערער זײַט וואו דאָס געלע הויז איז געשטאַנען.

דער ברייטער פּלאַץ האָט אין דער מינוט פאַרגעשטעלט אַ הערלעך בילד. פון אַלע זייטן מאַסן אויף מאַסן פון מענטשן, קאָפּ אויף קאָפּ, איינגעהאַלטן אין די גרעניצן פון שרעגנעס פּאָליסלייט. דאָס העלע זונען־ליכט האָט באַלעבט די גאַנצע סצענע, אַרויסגעבראַכט יעדעס פּיצעלע פאַרב. לאַנגע פילקאָלירטע פאָנען האָבן געפלאַטערט יום־טוב־דיק איבער אַלץ און אַלעמען און פון דער ווייטן זיינען שוין די מוזי־קאַנטן געשטאַנען גרייט מיט זייערע גלאַנצנדיקע אינסטרומענטן אין די הענט. אַלץ האָט געוואַרט אין שפּאַנונג, געוואַרט אויף אַ גרויסער מינוט... עפּעס האָט זיך אָנגעהויבן צו דערוועקן אין פרענקלס האַרצן ווען פרענקל איז פאַרבייגעלאָפן דורך דער ברייט פון פּלאַץ און ניט ווילנדיק געכאַפּט אַ בליק אויף דעם אַרומיקן האָט זיך ביי אים אין האַרצן אָנגעהויבן עפּעס צו רעגן און וועקן, ווי די פרישע, קלאָרע לופט אַרום אים וואָלט פּלוצלינג אויפגעציטערט מיט עפּעס אַ לאַנג־לאַנג דערוואַרטעטן טראָמפּייטן־רוף. דאָס געהיימניספולע וואַרטן פון דער טויזנטער־קעפּיקער מאַסע האָט אויף אַן אויגנבליק ווי אַריינגעדרונגען אין אים. נאָר פרענקל האָט אויפן שטעל אָפּגעווענדט זיינע אויגן — ס'איז ניט זיין ציל איצט. זיין ציל איצט איז זיך צו דערשלאָגן צום גרויסן געלן וואָכעדיקן הויז דאָרט, פון וועלכן אַן אַנדער ענדלאָזע וואָגנט מענטשן האָט אים אָפּגעשיידט. ווידער אַמאָל די זעלבע פרעמדע פיינד־לעכע געזיכטער מיט די זעלבע פענדלעך אין די לאַצן... פרענקל האָט זיך גענומען שטופּן און שפּאַרן אויף ווי ווייט עס האָט זיך געלאָזט. ער האָט זיך געשפּאַרט מיט זיין שאַרפן זייט, מיטן מויל געמורמלט כלומרשט אַנטשולדיקונג, און געבעטן, אָבער אין האַרצן פול מיט רציחה אויף זיי. „ניט געדאַכט זאָלן זיי ווערן", האָט ער געזאָגט, ווען ער האָט זיך ענדלעך אַרויסגעריסן אויף דער פרייער זייט, צו דעם געלן הויז — אַ פאַרשוויצטער און פאַרסאָפּעטער, אַ צעריבענער און צעקוועטשטער. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף זיך און אים איז געוואָרן פינצטער אין די אויגן: דער גאַנצער גלאַנץ אַראָפּ פון זיינע אויסגעפּרעסטע מלבושים, די גאַנצע נייקייט ניט געוואָרן. „באַדאַרפט קויפן אַ נייעם ראָק, דער

אַלטער, וואָלט ניט געגוג געווען צו ווערן אַזאַ שמאַטע", האָט זיך פרענקל געטראַכט.

צו וואָרפן אַ בליק אויף צוריק אויפן ריזיגן עולם דאָרט, איז פרענקלען אפילו אויפן געדאַנק ניט אַרויף. ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן שנעל אונטערן טונקעלן טויער פון הויז, דורכגעשפרייזט זיין גרויסע קילע און טונקעלע לענג און ווידער אַרויס אויף דער פרייער לופט, איצט שוין אויף דער פלאַטפאָרם. ער האָט נאָך געהאַט אַ האַלבע שעה צייט. ער האָט ווי עס איז אויסגעגלעט זיינע קליידער, זיך אַליין אויסגעגלייכט, און ס'איז אים אויף אַמאָל צוריק גוט געוואָרן. „אַ שיינער טאָג, אַ הערלעכער טאָג", האָט ער געמורמלט אַ צופרידענער. פון דער ווייטן האָבן זיך דערטראָגן שאַרפע קורצע באַפעלן פון דער פּאָליציי און דאָס שנעלע פאַרבייקנאַלן פון פערד איבערן גלאַטן אַספאַלט, עפּעס אַ נייע פאַרשפּעטיגטע מאַסע האָט אַריינגעמאַרשירט. די גרויסע מינוט האָט זיך דערנעענטערט. פרענקל אָבער האָט עס כמעט ווי ניט געהערט. אימיצער וואָס איז אים אָנגעקומען אַנטקעגן, האָט שמייכלענדיג געמאַכט אַ באַמערקונג וועגן פּאַראַד אָנווייזנדיג אים מיטן פינגער אַהינצו. פרענקל האָט מיט אַ שמייכל דערווידערט אָבער פון וואָס יענער רעדט האָט ער ניט געכאַפּט. ער האָט שפּאַצירט הין און צוריק איבער דער פלאַטפאָרם און געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט די לעצטע וואָכן... אַזויפיל איינגעהאַנדלט, איינגעקויפט! נו, איצט האָט ער אַן אייגן היים, און דאָ קומט זי...

נאָר אָט האָבן פּלוצלינג אַ שאַל געטאָן די טראָמפּייטן, אַ זעץ געטאָן די פּויקן, אַרויסרופנדיג, הילכנדיג, מיטציענדיג. אַרום פרענקלען האָבן אַ שטראָם געטאָן אַ מאַסע באַן־אַרבעטער אין זייערע אויסגעשמירטע אַרבעטס־קליידער... פרענקל האָט אַ ליבן שמייכל געטאָן. „איין צימער, צוויי צימער, דריי צימער און אַ קליין, פערט צימערל פאַר אַ באָרדער האָט ער שוין אויך... שוין איינגעהאַנדלט אפילו אַ בעט פאַרן באָרדער וואָס ער האָט נאָך ניט, מיט אַ מאַטראַץ, דעקע און אַלע אַנדערע זאַכן, וואָס איז נויטיג פאַר אַ באָרדער. ער וועט איר אַלץ דערציילן", — האָט ער געטראַכט מיט פאַרגעניגן. דאָס האָט ער געמיינט אַז ער וועט איר דערציילן אַז ער אַליין איז די גאַנצע וואָך געשלאָפן אין צוקונפטיגן באָרדער'ס בעט. געווען, הייסט עס, אַ וואָך צייט אַ באָרדער ביי זיך אַליין. ער האָט ניט געוואָלט אַליין, אָן איר, באַנייען די שטוב, די בעטן, דאָס בעטגעוואַנט. געגעסן האָט ער אין קליין צימערל, זיינע זאַכן הענגען נאָך דאָרט אין שרענקל. ער וועט עס איר קאָנען צייגן, אַריינפירן אין צימערל און זאָל זי זען.

אַלץ אַרום האָט פּלוצלינג אַ ציטער געטאָן — און גלייך איז די לופט אָנגעפילט געוואָרן מיטןווילדן יובל־געשריי פון אַ צען־טויזנטער מענגע. „ריי... ריי... ריי!" און ווידער „ריי און ריי!" כוואַליע אויף כוואַליע. נאָך אַ קורצער אָטעמלאָזער פויזע האָט עס ווידער אַ ציטער געטאָן און דערנאָך אַ ווילדער כאַאָס פון באַפעלן, געשרייען, קנאַלן פון פערד און מהומהדיגער געלאָף, דער געלאָף פון אַ מאַסע נאָך די געסט וואָס זיינען אָנגעקומען, זיך באַוויזן פאַרן עולם, און אַוועק אויף זייער מאַרשרוט.

פרענקל האָט אויף אַ רגע איבערגעריסן זיינע געדאַנקען, זיך צוגעהערט אין דער לופט אַריין. אין דער זעלבער רגע האָט ער דערזען אין דער ווייטקייט אַ ווייסלעכן רויך: „זי, זי... איר צוג" און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן פאַראויס מיט אימפּעט. — עס איז געווען זי.

:: :: ::

דעם זעלביגן טאָג, שפּעט אין אָוונט, איז פרענקל געזעסן מיט זיין פרוי ביי זיך אויף זייער נייער דירה. זיי האָבן זיך שוין געהאַט דערציילט, איבערדערציילט און אויסגעפרעגט אַ טויזנט זאַכן, שוין באַקוקט שיינע עטלעכע מאָל אַלץ וואָס האָט זיך געפונען אין זייער היים, און איצט זיינען זיי געזעסן ביים טיש איינער קעגן צווייטן און זיך אָפּט אָנגעטראָפן מיט די אויגן.ביידע זיינען געווען אַ ביסל מיד. אין איינער פון די קורצע פויזעס פון זייער געשפּרעך האָט פרוי פרענקל גענומען פויל פאַנאַנדערפעפענען אַ צייטונג, וואָס זי האָט געפונען אויפן טיש און לאַנגזאַם איבערגעלאָפן מיט די בליקן.

— איר האָט דאָ היינט געהאַט געהויבענע געסט, זע איך... זי האָט אָנגערופן די נעמען פון די געסט.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט ער איבערגעפרעגט.

— זי האָט איבערגע׳חזר׳ט איר באַמערקונג.

די נעמען זיינען אים געווען מער ווי גוט באַקאַנט און ס׳איז אים גלייך איינגעפאַלן אַז דאָס אומגעווייגלעכע צוזאַמענקומען פון פאָלק דאָרט אויפן פּלאַץ איז געוויס געווען לכבוד די גרויסע געסט. ער האָט איבערגעלעבט אין געדאַנק די געדרענגעניש אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן ווי אין אַ פאַסטקע און פון וועלכער ער האָט זיך אַרויסגעדרייט טאַקע ווי דורך אַ נס. — מעשה נס, — האָט ער זיך געמורמלט שטיל, — כסדר נסים. — ער האָט געמיינט די גאַנצע לויפעניש און פאַדעניש זיינע פון די לעצטע וואָכן...

— געלויבט איז גאָט וואָס איך האָב דיך שוין דאָ, מיט מיר! — האָט ער געזאָגט. טרערן האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן.

# מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן

מרס. מירקין, אַ שוואַכע פרוי פון אַ יאָר זעכציק, איז זיך אָפּגעזעסן אירע געוויינלעכע צוויי שעה ביי איר טאָכטער אין הויז, זיך אָפּגעשפּילט מיט אירע אייניקלעך, אויסגעפרעגט און אויסגעהערט וואָס עס איז פאָרגעקומען ביי איר טאָכטער פאַר די לעצטע פּאָר טעג, אַליין דערציילט איניגע קלייניקייטן פון איר הויז און דאַן זיך געלאָזן אַ היים צו זיך. פון די שטיגן איז זי אַראָפּ גוט אויפגעלעגט, סיידן עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען אין איר עפּעס פון וואָס זי האָט נאָך אַליין קיין אַהנונג ניט געהאַט, און וואָס שפּעטער האָט זיך איר געדוכט, אַז זי האָט עס שוין געהערט אין קלאַפּ פון דער טיר וואָס זי האָט פאַרקלאַפּט נאָך זיך — און געהאַט דאָס געפיל, ווי עס וואָלט איר עפּעס אין האַרצן אַ קלאַפּ געטאָן. ביים אַרויסגאַנג פון הויז האָט זי זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ קליין קופּקעלע פון יונגע פרויען וואָס האָבן גערעדט און געזיפצט קוקנדיג פון צייט צו צייט אַרויף צו, אויפן צווייטן פלאָר פון אַ גרויס הויז אַנטקעגן.

מרס. מירקין האָט אויך אַרויפגעקוקט, האָט זי קיין באַזונדערס ניט באַמערקט: איינפאַכע פענסטער מיט שויבן וואָס האָבן שוואַרץ, אָן אויסדרוק, אַראָפּגעקוקט אין דעם זונען־ליכט אַרום. קיין פאָרהאַנגל ניט, קיין נפש ניט, ליידיגע צימערן משמעות. קודם כל, פון אַן אַלטער געוואוינהייט אין אַזעלכע פעלע, האָט זי אויסגעשפּיגן דריי מאָל, ווי פאַר זיך, דערנאָך געפרעגט ביי די פאַרביישטייענדע:

— וואָס אַזעלכעס איז געשען דאָרט, וואו מען קוקט אַרויף?

האָט מען איר דערציילט אַז דער יונגער מאַן וואָס האָט פאַרנומען יענע דירה וואו זיין פרוי איז מיט זעקס וואָכן צוריק געשטאָרבן און ער האָט דעמאָלט אַזוי פיל מאָל גע׳חלש׳ט פון צער און האַרצווייטאָג, האָט זיך היינט אַרויסגעצויגן פון דער דירה און וועט חתונה האָבן טאָקע די טעג. חתונה האָט ער מיט אַ פרוי פון אַ דערבייאיג הויז: אַ הויכע, אַ שוואַרצע, מיט רויטע קרעלן...

— אַ סברא אַז ער האָט איר געקענט נאָך פאַר יענער׳ס לעבן — האָט אַ פרוי איר אויפגעקלערט.

— זי איז אַן אַדעסער מיט געפּאַרבטע באַקן — האָט אַנאַנדער פרוי צוגעגעבן.

— אַ שוואַרץ יאָר אויף זיי! — האָט מרס. מירקין אויסגעשאָסן — זאָל גיין אין ד׳ערד אַזאַ שטאָט!

איר געזיכט איז געוואָרן רויט און ווילד אַזוי, אַז די פרויען האָבן פאַרגעסן דעם יונגן מאַן און זיך גענומען חידוש׳ן אויף איר. זי איז אָבער ניט פאַרבליבן מיט זיי און זיך געלאָזן לויפן אַ היים. „אַ שוואַרץ יאָר אויף אַזאַ שטאָט! — האָט זי געמורמלט צו זיך אויף איר האַסטיגן וועג. — בין איך דאָך ניט משוגע געוועזן! — האָט זי צו זיך געזאָגט אָפּגייענדיג אַרום אַ בלאָק, — האָב איך דאָך געוואוסט וואָס איך וויל!״

זי האָט געזען אַזוי קלאָר ווי עס וואָלט פאַרגעקומען דעם פאַריגן טאָג אַ סצענע פון אַן 18 מאָנאַט צוריק, אין איר טאָכטער׳ס הויז, אין דער צייט פון איר קימפּעט. — אויך אַ הויכע, אַ שוואַרצע, מיט געפּאַרבטע באַקן און מיט רויטע קרעלן אויפן בלויזן האַלז און אַן אַדעסער! זי איז געווען אַ וואַרטספרוי אויף אַ פּאָר וואָכן אין הויז. אַ פאַרצאַפּלטע פלעגט זי ווערן ווען זי פלעגט זען אַ מאַנספאַרשוין, און מער ווי אַלעמען האָט זי זיך געוואָרפן אין די אויגן איר אַלטן! זי האָט אים גאָר פון מויל ניט אַרויסגעלאָזן, דאָ דערמאָנט ער איר אַן אַ גאָווערנאָר, דאָ אַ דזשאָדזש וואָס זי קען. און דאָ איז זי גלאָט נתפעל פון דעם וואָס ער האַלט זיך אַזוי שיין, יונג, און טראָגט זיינע קליידער אַזוי נעט. זי וואָלט אים ניט אויסגעטוישט, האָט זי געזאָגט, פאַר צען יונגע! און געשמייכלט אים גלייך אין די אויגן אַריין... און איר אַלטן האָט הנאה געטאָן וואָס ער געפעלט נאָך, זיך ניט געשעמט אַרויסצואווייזן זיין נחת. — „בין איך דאָך ניט געווען משוגע, — האָט זי צו זיך ווידער איבערגע׳חזר׳ט. —אַ האַרץ נאַרט זיך ניט״. זי האָט דאַן געשוויגן, זי האָט אים גלאָט ניט געלאָזן צופיל אַרומדרייען זיך אין הויז, געטריבן אים אין פּאַרק אַרויס, אָבער אַזוי זיך ניט געמאַכט וויסן. איר האַרץ אָבער, ווייס איין גאָט.

פאַרוואָס זי לויפט אַזוי שנעל אַ היים האָט זי זיך ניט געפרעגט. עס האָט זיך איר געוואָלט זיין ביי זיך אין הויז גאָר אַן אַ באַרעכענען זיך. אין הויז ביי איר איז קיינער ניט געווען. „שפּאַצירט אַרום אין זיינע יונגע הויזלעך״, — האָט זי צו זיך געזאָגט, דענקענדיג פון איר אַלטן וואָס לויט זיין פּראָגראַם מוז ער איצט פאַרברענגען אין פּאַרק. די „יונגע הויזלעך״ זיינען עס געווען אַ פּאָר העל גרינע הויזן, שפּאָגל נייע, מיט אַ מאָדנע שאַרפן קנייטש אין מיטן, וואָס דער אַלטער האָט די טעג געקראָגן פון זיין איידעם. די הויזן זיינען איר גלייך ניט געפעלן גע־

וואָרן און איצט נאָך ווייניגער ווי פריער. „זי וועט אים ניט לאָזן טראָגן די הויזן" — איז איר אַריין אין געדאַנק.

דערווייל אָבער האָט זי זיך גענומען רויען אין דעם אַלטען'ס זאַכן אָט גלאַט אַזוי אָן אַ שום פאַרוואָס. זי האָט ניט דורכגעלאָזן קיין איינ־ציג מלבוש זיינס: צעוואָרפן, צעשליידערט, אויסגעליידיגט יעדע קעשענע. „וואָס האָט ער דאָרט אין זיינע קעשענעס", — האָט זי געוואָלט וויסן. אין זיינע קעשענעס האָט זי גאָרניט געפונען אַ חוץ שטיקלעך שפּאַגאַט זאָרגפעלטיג צוזאַמענגעלעגט און עטלעכע קנעפּלעך. אין אַלטן האָט די לעצטע צייט ווידער אויפגעלעבט אַן אַמאָליגער, נאָך פון די גאָר יונגעלשע יאָרן, אינטערעס אין קנעפּלעך. ער האָט ניט געקאָנט גלייכ־גילטיג פאַרבייגיין אַ לויזן קנעפּל. ער פלעגט אויפהויבן ווייבערשע קנעפּ־לעך אויך. אין איין קעשענע האָט זי געפונען אַ האָרנאָדל. זי האָט זיך אַפילו גלייך דערמאָנט אַז עס איז איר אייגענע האָרנאָדל וואָס זי האָט אים געגעבן אויף צו רייניגן זיין ליולקע, דאָך האָט זי די האָרנאָדל שאַרף בודק געווען, אפשר וואָס... זי האָט געקוקט אויף דער אָרימער פרויען האָרנאָדל אין דער מאַנזבילשער קעשענע, און איר האַרץ האָט זיך אָנ־געפילט מיט גרויס רחמנות צו זיך אַליין. פון זיינע מלבושים איז זי איבערגעגאַנגען צו זיין דעסק און גענומען נישטערן דאָרט, געוואָרפן פאַפּירן אָן דרך־ארץ אַהין און אַהער. זי האָט געוואוסט אַז זי וועט גאָרניט געפינען, דאָך האָט זי געוואָרפן און געזוכט. „ס'איז גאָרניט מיט גאָרניט, — האָט זי געמורמלט, — זי איז אויסגעשפּילט, ס'איז זיין וועלט! אַזוי שנעל ווי זי פאַרמאַכט מיטן אויג וועט מען זיך צו אים אַ נעם טאָן... אַזאַ למך! אַזאַ אַלטער נאַר זאָל ניט האָבן קיין פעסטע דעה. — נאַר אַזוי לייכט וועט עס אים ניט אָפּגיין".

ווען מר. מירקין איז שפּעטער אין הויז אַריין האָט ער זי געפונען זיצן ביים פענסטער. זי האָט געטראַכט פון אירער אַ פריינדין וואָס איז נעבעך מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק פון דער וועלט אַוועק. אַ יונגע פרוי נאָך געווען, אַ דריי־פיר יאָר יונגער פון איר. די לעצטע צייט אויך אַזוי בלייך און שוואַך אין געזונט געווען ווי זי אַליין איז. בשעת מעשה האָט איר יענער'ס טויט גאָרניט אַזוי אויפגערודערט ווי די לעצטע פּאָר טעג. געטראַכט אויך פון איר שכנה — אַ טיר ביי אַ טיר — אַ פרוי שוין קרוב 70. דריי מענער האָט זי שוין באַגראָבן. שוין אַ יאָר ווי זי וואוינט מיט איר פערטן מאַן. ווי זי אַליין דערציילט, דוכט זיך איר אָפּט אַז זי האָט גאָר קיינמאָל מיט קיין אַנדער מאַן ווי דעם איצטיגן ניט געלעבט, אַזוי גוט געטראָפן מיט אים. זי האָט אַפילו דאָסזעלבע געזאָגט פון איר דריטן מאַן, אפשר פון צווייטן אויך, נאָר דאָס האָט

זי אַליין ניט געדענקט. אַ „שטיינערנע פרוי" — האָט מרס. מירקין זי גערופן. זי האָט איר ניט פאַרטראָגן.

אין אַ גאָר אַנאַנדער שטימונג איז אַריין מר. מירקין. ער האָט זיך געפילט דוקא גוט אויפגעלעגט נאָך די פּאָר שעה אין פּאַרק. זיין געוויינלעך רויט געזיכט האָט געשיינט מיטן נייעם קופּער פון דער פרישער פרילינג־זון. ער האָט ניט אויסגעזען יונגער ווי זיינע 65 יאָר נאָר גאַנץ קרעפטיג און אין גוטן געזונט מיט אַ פּנים פריי פון קנייטשן. זיין פריו האָט זיך געמאַכט ניט באַמערקן זיין שאָקל מיטן קאָפּ צו איר נאָר בגנבה האָט זי אים נאָכגעשפּירט. געזען ווי ער שטעלט אַוועק זיין שטעקן, נעמט אַראָפּ זיין ראָק, געהערט ווי ער ברומט זיך אונטער עפּעס אַ לידל, רייסט עס איבער אַ רגע און כאַפּט עס אויף באַלד צוריק, געכאַפּט אַ בליק אויף זיין רויטן קאַרק. די אדהעסערקע איז געווען גערעכט, מע וועט אים לאַנג ניט צורו לאָזן. אַזאַ מין וועט מען צוצוקערן... עס איז אַ „שטיינערנער ייד" איז איר איינגעפאַלן...

וואָס זי האָט ניט געקאָנט פאַרשטיין איז דעם אונטערשייד צווישן איר און אים. אין אמת'ן, מע עסט דאָסזעלבע, מען טרינקט דאָסזעלבע, מע לעבט צוזאַמען, — איז זי שוואַך, אָן אַ טראָפּן בלוט און ער...

זי האָט נאָכאַמאָל אַ בליק געטאָן אויף זיין רויטן קאַרק. „אַ שטיינערנער"... „אָן עין־הרע, אָן עין־הרע זאָל אים ניט זיין — האָט זי זיך געמורמלט. נאָך אַלעמען האָט ער דאָך איר צו פאַרדאַנקען זיין שיינעם געזונטן אויסזען, דאָס האָט זי אויף אים אַזוי גוט אויפגעפּאַסט". דער געדאַנק טוט איר גרויס הנאה. איין קלייניקייט ווי זי היט אים אָפּ...

נאָך דעמזעלבן פרימאָרגן איז זי אים נאָכגעלאָפן — אים דערמאָנט צו נעמען זיין מעדיצין וואָס ער האָט פאַרגעסן. ער האָט זיך געהאָט באַקלאָגט אַז אים דריקט אונטערן האַרצן, האָט זי געפרעגט דעם דראָגיסט. נו, דאַרף מען אים כסדר דערמאָנען צו נעמען זיין מעדיצין. וואָס הייסט, ער איז דאָך ביי איר טייערער ווי איר לעבן. יאָ, אָבער, אָבער... מר. מירקין האָט איר פּלוצלינג איבערגעשלאָגן אירע געדאַנקען.

— וואָס זיצסטו עפּעס אַזוי? — האָט ער געפרעגט אַוועק־שטעלענדיג זיך פאַר איר שוין אָן רעקל.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויף אים. דאָס ערשטע וואָס זי האָט געוואָלט איז ניט זאָגן, נאָר אָנשרייען אויף אים, אַז ער זאָל אַראָפּנעמען זיינע הויזן און טאָקע גלייך! די הויזן זיינען אין אמת'ן טאָקע געווען אַ ביסל צו העל־גרין. דער איידעם זייערער האָט זיי ניט געוואָלט טראָגן צוליב זייער העלקייט. מירקין אַליין וואָלט זיי אפשר ניט געטראָגן ווען ער

איז געווען יונגער. — „וואָס מיינט ער זיך, — האָט זי געטראַכט, — ער ווערט יונגער?" נאָר זי האָט די מינוט פאַרשוויגן. עס איז איר געווען צו שווער אויפן האַרצן.

— ס'איז עפּעס געשען? — ער איז געוואָרן אַביסל באַאומרואיגט. דאָס האָט איר אויפגעבראַכט.

— דו ווילסט עפּעס זאָל געשען, האַ? אַזוי איז, הייסט עס, אַלץ צו גוט? אמת, צו גוט?

— וואָסי? וואָס איז?

— אַז דו וואָלסט זיך געהאַט אומגעקוקט אויף דיין ווייב כאָטש ווי אויף דיינס אַ קנעפּל וואָלסטו ניט געפרעגט וואָסי, וואָלסט שוין אַליין געוואוסט. — דער אַלטער האָט טאַקע אויפגעהויבן אין מיטן פון זיין פראַגע אַ קנעפּל פון דער דילע, איינעם פון די קנעפּלעך וואָס זי האָט פריער אַרויסגעשליידערט פון זיינע קעשענעס.

— וואָס, זעסט גאָר ניט אַז איך גיי אונטער פון טאָג צו טאָג? איך גיי דאָך אויס פאַר דיינע אויגען.

מירקין האָט זיך דערפילט שולדיג. זיין פרוי האָטווירקלעך אויסגעקוקט מאָדנע בלייך איצט. אפשר האָט ער זיך טאַקע ניט גענוג אומגעקוקט אויף איר.

— ביזט אפשר גלייך צו אַנדערע מענער — האָט זי אָנגעהויבן און גלייך געבליבן שטיין. זי האָט זיך דערמאָנט אַן דעם יונגן מאַן וואָס מען האָט באַדאַרפט אַזוי פיל מינטערן און וואָס האָט זיך אין אַ פּאָר וואָכן צייט געטרייסט מיט אַנאַנדערע. אַלע מענער האָבן ביי איר אין דער מינוט געהאַט איין פּנים, דעמזעלבן טעם, וואָס זי האָט אָבער געוואָלט זאָגן, איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש. יאָ, זי ווייס שוין. זי האָט די מינוט געדענקט פון אַזעלכע פאָרלעך וואָס אַפילו דער טויט שיידט ניט, איינס קאָן דעם צווייטן ניט איבערלעבן. האָט זי פאָרטגעזעצט:

— גלייך אפשר צו אַנדערע מענער וואָס ס'איז איין גוף און איין נשמה... אַז ווען אַפילו איינס גייט אַוועק, פאַרשטייסט? — עס איז איר געווען שווער צו דערענדיגן איר געדאַנק.

— דו ווילסט אַוועקגיין? — האָט ער אומשולדיג געפרעגט.

— איך וויל אַוועקגיין? — האָט זי אויסגעשריען באַטאָנענדיג דעם „וויל". זי איז געוואָרן אומגעדולדיג מיט אים וואָס מע קאָן אים ניט מאַכן פאַרשטיין אַזאַ איינפאַכע זאַך — פאַרוואָס זאָל איך וועלן אַוועקגיין? ווער וויל עס?

עס האָט איר געערגערט וואָס ער שטייט אַ שטומער פאַר איר און קאָן איר אָנגעווייטיגט האַרץ ניט לעזן.

— דו האָסט ניט קיין שכל, מיין מאַן, איך מיין, האָב קיין פאַר־איבל ניט, אַז מע קאָן דיר לייכט דעם קאָפּ פאַרדרייען. דו וועסט גלויבן אַלץ וואָס מע זאָגט דיר.

דאָ האָט ער זיך דוקא אַנטקעגנגעשטעלט. ניט קיין פולע צוויי יאָר ווי ער האָט זיך צוריקגעצויגן פון ביזנעס איז ער נאָך אַלץ שטאַלץ געווען מיט זיין ביזנעס־חוש.

— ווער האָט עס מיר דעם קאָפּ פאַרדרייט? — האָט ער געוואָלט וויסן — ווען האָב איך עס אַלץ געגלויבט?

זי האָט אים אָנגעקוקט און קוים זיך צוריקגעהאַלטן פון זאָגן אים: „איך אַליין האָב דיך אַזוי פיל מאָל אָפּגענאַרט". זי האָט ניט געמיינט אַז זי איז אים אומגעטריי געווען, נאָר וויפיל מאָל האָט זי אים געמאַכט גלויבן אַז איין זאַך קאָסט דריי מאָל אַזוי פיל ווי עס האָט געקאָסט אָדער גאָר אַ דריטל פון פּרייז? וויפיל מאָל אין מיטן פון אַ חשבון וואָס ער האָט פון איר געפאָדערט האָט זי אים מיט אַ גוט וואָרט אָדער אַ חנ'עוודיגע מינע געמאַכט פאַרגעסן אַז אַלעמען? דאָס האָט זי אָבער איצט ניט געזאָגט. זיינען זיי געבליבן אַ ווײַלע זיצן איינס קעגן צווייטן און געשוויגן.

— ווייסט וואָס איך האָב נאָר וואָס געהערט? — האָט ער שטיל אָנגעהויבן.

זי האָט אים ניט געענטפערט. ניט געוואָלט אים צוליב טאָן און ווייזן אַז עס אינטערעסירט איר וואָס ער וויל זאָגן. נאָר אַזוי ווי ער איז געבליבן שווייגן און זי איז פאַרט געוואָרן טשיקאַווע האָט זי אומגעדולדיג געזאָגט:

— פון וואַנען זאָל איך וויסן וואָס דו האָסט געהערט? אַ שיינע פראַגע!

— כ'האָב געמיינט אַז ס'אינטערעסירט דיר ניט — האָט ער זיך פאַרענטפערט.

ער האָט זיך גע'ישוב'ט צי זאָל ער דערציילן צי ניט: זי איז עפּעס אַזוי אויפגערעגט. דערװייל האָט איר געדולד שיער ניט גע־פּלאַצט. ענדלעך האָט ער זיך אַנטשלאָסן:

— עליע פישער איז געשטאָרבן — האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט.

— עליע פישער געשטאָרבן?! — אין איר געזיכט האָט זיך פּלוצ־לינג באַוויזן פאַרב און אירע אויגן האָבן אויפגעלויכטן. עליע פישער איז געווען אירער אַ ווייטער באַקאַנטער אָבער איצט עפּעס אַזוי מאָדנע נאָנט...

— יאָ, יאָ, שוין אַ וואָך טויט. זיך געלעגט שלאָפן אַ געזונטער און שוין ניט מער אויפגעשטאַנען.

— ער איז דאָך אַזאַ גבור אַ מאַן און נאָך גאָר אַ יונגער מאַן?

— 62 יאָר — האָט ער געענטפערט.

— אַזאַ גבור!!

פישער איז געווען זייער ענלעך צו איר אייגענעם מאַן, נאָר עטוואָס העכער און שטאַרקער אין אויסזען.

— און זיין פרוי לעבט — האָט זי צוגעגעבען — הויט און ביינער, קאָנסט איר? אַן אַ טראָפן בלוט אין פּנים, אַ קרענקלעכע פון יאָרן אַן... ווי זאָגט מען עס: אַן אַלטער שאַרבן... אמת?

— זיין דאָקטאָר האָט געזאָגט — האָט מירקין איר איבערגע־שלאָגן — יאָקבי, יאָקבי...

— יאָקבי וואָס זאָגט דער דאָקטאָר? לאָמיר שוין הערן!

— איך וועל דיר זאָגן דעם אמת — האָט מירקין געזאָגט אַביסל פאַרלעגן — איך געדענק ניט וואָס... נאָר וואָס אין זינען געהאַט און ס׳איז אַרויס. איך וועל זיך דערמאָנען, וועסט זען...

— ווי פאַרגעסט מען עס וואָס אַ דאָקטאָר זאָגט? אַ מענטש...

מירקין איז אָפּגעטראָטן און זיך גענומען פאָרען אַרום זיין נאָכ־מיטאָג צושפּאַרן זיך. ער איז אָבער צוריקגעקומען, ער האָט זיך דערמאָנט.

— כ׳ווייס שוין... כ׳האָב דיר געזאָגט אַז איך וועל מיך באַלד דערמאָנען. דער דאָקטאָר האָט געזאָגט אַז מע קאָן קיינמאָל ניט וויסן...

— אַזוי? — האָט די פרוי געזאָגט — מען קאָן קיינמאָל ניט וויסן?...

זי איז געבליבן זיצן אויפן שטול פון וועלכן זי האָט זיך שוין געהאַט אויפגעהויבן. זי האָט אַליין ניט געוואוסט ווי זי פילט. אַ מינוט האָט זיך איר געדוכט אַז עס איז איר פיל לייכטער ווי פריער און אָט ווידער שווער... זי האָט דערפילט ווי אַ טרער גליטשט זיך פון איר אויג אַרויס און קייקלט זיך לאַנגזאַם אַראָפּ איבער איר בלייכע באַק און נאָך אַ טרער, און נאָך אַ טרער, אַזוי לאַנגזאַם איינע נאָך דער אַנ־דערער. אָ ווי זי וואָלט זיך איצט געוואָלט אויסוויינען אויף איר מוטער׳ס שויס. איר מוטער וואָלט איר פאַרשטאַנען, אָבער איר מוטער איז שוין צוואָנציג יאָר טויט.

אין דעם אַנדערן צימער האָט די בעט אַ סקריפּ געטאָן אונטער דעם אַלטן מירקין.

# אידיליע

— איך האָב היינט געהאַט אַ גאַסט, אננא, — האָט מרס. זעלדין געזאָגט צו איר קוואַרטיראַנטקע, אַ פרוי אַ יאָר צוואַנציק יונגער פון איר..

ביידע פרויען האָבן זיך געפונען צוזאַמען, אַלע אָוונט אין דער צייט, אין זייער געמיינשאַפטלעכן עס־צימער. זי האָט געזאָגט אַזוי קאַלט־בלוטיג אויסערלעך, ס׳איז אָבער געווען דער מין קאַלטבלוטיקייט, וואָס שטרייכט אונטער, אַז דער גאַסט איז געווען ניט אַבי ווער. אננא האָט עס דערפילט און נייגעריג אַ קוק געטאָן צו מרס. זעלדין.

— איר וועט קיינמאָל ניט טרעפן ווער...

אַז מרס. זעלדין האָט געזען אַז אַננא פּרובט אַפילו ניט טרעפן, איז זי אַרויס אָפן מיט די נייעס.

— צביה׳ס איניקל געווען דאָ... מרים׳ס זון...

אַננא איז אין אמת׳ן געוואָרן איבערראַשט.

מע האָט ניט באַדאַרפט זיין אַ לאַנגע צייט באַפריינדעט מיט מרס. זעלדין — אננא האָט ביי איר געוואוינט איבער צוויי יאָר — צו וויסן אַז צביה איז געווען זעלדינ׳ס לעבענסלענגלעכע פריינדין, נאָך פון קינד־ווייז אָן ביז יענער׳ס לעצטער מינוט, אַ דריי יאָר צוריק אין איר זעכ־ציקסטן יאָר. פאַר מרס. זעלדין אָבער, האָט צביה ניט אויפגעהערט צו לעבן. „צביה האָט מיט זיך מיטגענומען אַ העלפט פון איר וועלט, — פלעגט זי אָפט זאָגן. — די אַנדערע העלפט וועלט וועט זי פאַרלירן ווען זי אַליין וועט ניט ווערן.״... איר טויט איז געווען פאַר איר אַ שווערער פאַרלוסט שיער ניט ווי איר מאַנ׳ס טויט.

— ווי זעט ער אויס?

אננא האָט געוואוסט אַז זעלדין האָט דעם באַזוכער ניט געזען פון זייט ער איז געווען אַ דריי־יעריג קינד ווען זיינע עלטערן האָבן זיך באַזעצט ווייט אַוועק פון איר.

— אַ פאַרשוין... אַ העלד... אַז איך זאָג אַ פאַרשוין מעגט איר זיך פאַרלאָזן. איך בין אַ מבין אויף אַ שיינעם יונגן מאַן, — האָט זעלדין געלאַכט, — אַ בלאָנדין...

— ווען איז ער דאָ געווען?

— זעט איר, אננא, געקומען איז ער אַביסל צו פרי, צען אַזייגער. איך הער אַ קלונג, עפן די טיר און זע פאַר מיר אַ העלדישן יונגן מאַן. מרס. זעלדין, זאָגט ער, איך בין טעד, מרים׳ס זון, צביה׳ס אייניקל. איר פאַרשטייט מיך, אַזוי אומגעריכט, צביה׳ס איינציג אייניקל. און איך שטיי מיר אַזוי אין מיין געשטריקט הויז־קליידל מיטן רויטלעכן פאַר־טוך אויף דעם — פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב אים אַריינגעפירט אין הויז און געבעטן אים צו האָבן געדולד אַ וויילינקע, טאַקע נאָר אַ וויילינקע. מיינט איר אַז ער האָט מיך ניט פאַרשטאַנען? עס איז ביי אים טייער יעדע מינוט, זאָגט ער, ער האָט בלויז איין שעה פאַר מיר, ווייל מען האָט אים אַרויסגערופן טעלעגראַפיש ערגעץ, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט ביי אונז אויף אַ שעה און אַ האַלב, אַ האַלבע שעה אויף צו באַקוקן אונ־זער שטעטל און מיר גיט ער אָפּ אַ שעה... איין וויילינקע... ער האָט אַזאַ ליבן שמייכל, האָט איר באַדאַרפט זען. עס רעדט זיך אָבער אַזוי איין ווייליקנע. אַז איך בין אַריין צו זיך איז ערשטנס, די שוואַרצע אָדער מיין בלויע קלייד? — גענומען די בלויע. האָט מיר אָנגעהויבן צו פאַלן פון די הענט, כ׳האָב גלייך געזען ס׳איז אַ מעשה אָן אַ סוף. ער וואַרט דאָרט איינער אַליין און איך חלש אויף צו זיין מיט אים און דאָ האָבן מיר סך הכל איין שעה — איין שעה פאַר מיר, אַ האַלבע פאַר דער גאַנצער שטאָט... האָב איך געלאָזט ליגן די בלויע קלייד אויפן בעט און אַרויפגעכאַפּט אויף זיך דעם בלויען פאַרטוך מיינעם און אַריין אין בלויען...

— דער רויטלעכער קאָליר פאַסט אַייך אַזוי שיין, איר מעגט וויסן...

— יאָ, איך ווייס עס, אָבער איך געפעל מיר בעסער אין דעם בלויען. אַ חוץ דעם, אין דעם רויטן האָט ער מיך דאָך שוין געזען. — מרס. זעלדין האָט עס געמיינט ערנסט. יאָ, דאָס אויך, איך האָב אַרויפ־געכאַפּט מיינע פערל...

— דאָס איז גראַדע אַ גוטער איינפאַל.

— הייסט עס, מיר האָבן אַ שעה — האָב איך געזאָגט, — ווען איך בין אַריין צוריק צו אים. „54 מינוט", — האָט ער געענטפערט. אויך ער האָט געציילט די מינוטן, געציילט גענויער ווי איך. — זאָגט מיר דעם אמת, האָבן איך געפרעגט, — אַייער מוטער, מרים, האָט אַייך געהייסן מיך באַזוכן?

— „ניט געהייסן". „געבעטן? אויך ניט". „ווי דען"? „געפרעגט צי איך וועל אַייך אָפּשטאַטן אַ באַזוך". „און פון דער שעה און די האַלבע שעה ווייס זי?" „ניין". „ס׳איז אַייער אייגענער באַשלוס?" „געוויס אַזוי, ווי דען אַנדערש?" — „צביה וואָלט געוועז אַנטציקט", — האָב איך געזאָגט, און געפילט ווי אַ טרער שטעלט זיך מיר אין אויג, ווייל מיין צביה האָט מיר אַרויסגעקוקט פון מיין יונגן העלד׳ס אויגן...

איר ווייסט דאָך מיט וואָסערע אויגן צביה פלעגט קוקן אויף מיר?
אננא האָט געוואוסט. צביה איז געווען ניט בלויז אַן איבערגעגע־בענער פריינט, נאָר איינע איבערגעגעבן אויס גרעניצלאָזער, ברייט־האַר־ציקער באַוואונדערונג. זי האָט אין איר באַוואונדערט יעדע איינצעלהייט: איר אויסזען, איר שיינעם געשמאַק, איר גאַנצע גייסטרייכע נאַטור. באַוואונדערט איר ניט ווייניגער אַלס אַ פרוי מיט אַ גרויען קאָפּ ווי ווען זי איז געווען אַ יונגע מיידל מיט קאַשטאַן־ברוינע האָר. אננא האָט דאָס געוואוסט, זי אַליין איז פאַר די צוויי יאָר באַקאַנטשאַפט מיט איר אויך געוואָרן צוגעבונדן צו דער פרוי.
— טרערן האָבן מיר זיך געשטעלט אין די אויגן — האָט מרס. זעלדין ווידערהאָלט. — דעם יונגן מאַנ׳ס פריינטשאַפט איז דאָך מיר געקומען דורך צביהן... עס איז געווען א מין לעבעדיקער גרוס פון איר... „אַייער מוטער האָט אַייך דערציילט פון מיר?״ — האָב איך געפרעגט. „געוויס אַזוי״, — האָט ער געענטפערט, — „מיין באָבע אויך״. ער האָט מיך דערקענט פון ערשטן בליק, ער קען יעדן איינציגן פון מיינע בילדער. „איך האָב פיל פאַרלאָרן?״ — האָב איך געפרעגט.
— „אַזוי פיל איז צוגעקומען״, — האָט ער געזאָגט. ווי געפעלט ער אַייך, אננא? ער האָט געשוואָרן אַז ער מיינט עס ערנסט. ער וועט האָבן וואָס צו דערציילן זיין מוטער, איר הערט?
— אַ צושויער וואָלט געווען שווער צו זאָגן וועלכע פון די צוויי פרויען האָט מער הנאה פון דער געשיכטע: מרס. זעלדין וואָס האָט דערציילט, צי אננא.
— ער איז געזעסן ביי מיר אין הויז אַ שעה מיט צען מינוטן. דאָס האָט ער אויפגעמאָנט די זעקס מינוטן וואָס איך האָב פאַרשוועגדט ביי זיך אין צימער אָן אים... די פיר עקסטראַ מינוטן איז שוין געווען שטראָף... און ווייסט איר וואָס נאָך, אננא? פאַרן אַוועקגיין האָט ער געזאָגט אַז ער וועט ביי מיר בעטן ערלויבניש.
„אויף וואָס?״ ער וויל מיר אַ קוש טאָן... „קושן? צו וואָס דאַרפט איר די ערלויבניש?״ ער וויל מיך קושן ווי אַ יונגער מאַן קושט אַ יונג מיידל. „אויב אַזוי״, האָב איך געזאָגט, — „דאַרפט איר דאָך אודאי קיין ערלויבניש ניט, אויב ווי אַ יונג מיידל״.
דער צימער האָט אָפּגעהילכט מיטן געלעכטער פון די צוויי פרויען.
— אַ פאַרדרוס נאָר, — האָט מרס. זעלדין געזאָגט עטוואָס שפּע־טער שוין, וואָס ער האָט מיך פונקט געטראָפן אַזוי... כ׳מיין אין מיין הויז־קלייד.
— כ׳זע ניט פאַרוואָס עס זאָל אַייך אַרן, ווי באַלד איר זייט אַזוי אויך געפעלן געוואָרן...
— אמת, אָבער אַזאַ געלעגנהייט, און ס׳איז דאָ אַזאַ שיין קלייד, וואָס פּאַסט מיר אַזוי...

# דער אַלטער

פֿאַר דעם אַלטן האָט דעם צימער פֿאַרנומען אַ יונגערמאַן, אַ מר. פֿעלשין, דווקא אַן אינטערעסאַנטער יונגער מאַן: הויך, שלאַנק, מיט אַזאַ ליבן שמייכל און אַזוי פֿריינדלעך מיט יעדן איינציקן. מען האָט אים אָבער זעלטן ווען געזען. ער פֿלעגט אַרויס פֿון הויז פֿרימאָרגנס און קומען שפּעט אין דער נאַכט. בלויז אַ זונטאָג אָדער אַ שבת האָט ער זיך אַמאָל באַוויזן, און דאָס אויך בלויז אויף אַ פּאָר מינוט, ווען ער פֿלעגט אויסטוישן אַ פּאָר פֿריינדלעכע ווערטער מיט די צוויי מיידלעך אין הויז אָדער מיט זייער מוטער. פּרוּוון אים אײַנצוהאַלטן אויף עפּעס לענגער איז געווען אַרויסגעוואָרפֿענע מי: שטענדיק איז ער געווען באַשעפֿטיקט. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז ער האָט שוין געהאַט אַ כּלה, טאַקע די טאָכטער פֿון זיין באַלעבאָס. לאַנג אין צימער האָט ער ניט געוואוינט און ווען ער האָט אַרויסגעמופּט איז דער צימער געשטאַנען ליידיק אַ שיינע פּאָר וואָכן: אַלץ זיך ניט געמאַכט די ריכטיקע פּערזאָן. האָט מרס. פֿאַניטש ניט געקאָנט שוין לענגער שפּעקולירן און ווען דער אַלטער איז געקומען דינגען דעם צימער, האָט זי זיך געקווענקלט, געקווענקלט און דאָך אים פֿאַרדונגען.

דער אַלטער האָט געהאַט אַ נאָמען, פֿאַרשטייט זיך. אָבער אין הויז צווישן זיך ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אים, איז עס געווען נאָר „דער אַלטער.״ די מיידלעך האָבן זיך גלאַט אויף אים ניט אומגעקוקט. מרס. פֿאַניטש איז געווען די איינציקע וואָס האָט געדענקט זיין נאָמען, געדענקט אָבער זעלטן געברויכט. עס איז ניט געווען אַ נאָמען וואָס רעדט זיך גלאַט אַרויס: מר. הורוויץ.

אויב איר ווילט וויסן איז דער מר. הורוויץ אפשר ניט געווען אַזאַ זקן, אפֿילו ניט קיין פּופּציקער. מרס. פֿאַניטש האָט אים זיינע יאָרן ניט געפֿרעגט און האָט קיינמאָל ניט געפֿילט אַז זי טוט אים אַן עוולה ווען זי באַצייכנט אים אַלס דער אַלטער. ביים דינגען דעם צימער האָט ער איר געוואָרנט אַז ער וועט געברויכן איר קיך צוויי מאָל אַ טאָג: אין דער פֿרי און אין אָוונט. אויף אַ פּאָר מינוט נאָר, צו מאַכן זיך טיי אָדער קאַווע. ער האָט געהאַט זיינע אייגענע קיך־מכשירים. פֿאַר דעם צימער איז ער געווען גרייט צו צאָלן אַ דאָלאַר אַ וואָך מער ווי דער יונגער.

וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? אַן איבעריגער דאָלאַר אַ וואָך גייט ניט צופּוס, האָט זי אײַנגעשטימט.

אײַנגעשטימט. האָט זי געקאָנט פאַראויסזען, אַז אין דער פרי וועט זיך דער אַלטער אַרײַנלאָזן אין קיך מיט זײַן טעפּל אָדער קריגל און אין אָוונט וועט ער אַראָפּקומען פּונקט ווען מען קאָן זיך אויסגעצייכנט באַ־גיין אָן אים? אָדער גיי טרעף אַז ער איז נאָך אַזאַ גרויסער צוכט אויך, דער אַלטער. אַז ער מוז זײַן טעפּעלע גוט אויסוואַשן פאַרן נוצן און נאָכן נוצן, און טאַקע מיט זײַנע אייגענע קלאַפּערגעצייג וואָס ער ברענגט מיט, אײן בערשטל, נאָך אַ בערשטל. אַ באַקסעלע פּודער, און נאָך אַנדערע מכשירים. וואָס וואָלט שוין געווען אַז זי וואָלט יאָ פאַר־אויסגעזען — איז דאָך ווידער דיזעלבע געשיכטע, אַז לענגער אויס־וואַרטן מיטן צימער האָט מען שוין ניט געקאָנט און ער צאָלט פאַרט מער ווי אַנאַנדערער. די מיידלעך טענה'ן אַז מען האָט יאָ באַדאַרפט אויסוואַרטן. אפשר זײַנען זיי גערעכט. כאָטש ניט יעדן טאָג יאָוועט זיך אָפּ אַזאַ מאַן ווי פעלשין.

לאַנג פאַרבלייבט ער ניט אין קיך, וואָס אמת איז: ער האַלט וואָרט, ניט מער טאַקע ווי אַ פּאָר מינוט. נאָר זי האָט גאָרניט באַמערקט צוערשט אַז ער איז אַזוי גרויס. הויך איז ער ניט, נאָר ברייט, אַ פּלייצע טאַקע פון אַ דייזשע ברויט — אַ וואַנט. פאַרשטעלט, ווען ער קומט אַרײַן אין קיך, דאָס גאַנצע ליכט מיט זײַן פּלייצע. זי האָט עס דערציילט אירע טעכטער טאַקע דעם צווייטן טאָג שוין נאָך זײַן אַרײַנמופן. די קיך איז אַזוי אויך ניט איבעריג ליכטיג. ער איז בכלל פּיזיש אַ שווערער מאַן. עס דוכט זיך אַמאָל, אַז ווען ער וואָלט געווען דינער און שמעלער, וואָלט זי אים שוין אפשר מוחל געווען. בעסי, אײַנע פון די טעכטער, האָט אים איין טאָג געזען דאַן־טאָון וואו זי אַר־בעט. זי האָט אים טאַקע דערקאָנט נאָך זײַן פּלייצע. מען האָט אין הויז זײַן פּלייצע געקענט בעסער ווי זײַן פּנים: אויף דער פּלייצע פלעגט מען אַמאָל כאַפּן אַ בליק, דאָס געזיכט האָט מען אויסגעמידן. „דאַון־טאַון גאָר?" ווי קומט ער עפּעס דאַון־טאַון, אין יענעם געגענט? האָט ער איר אויך געזען?" זי האָט געגלויבט אַז יאָ, ער האָט זיך פּלוצ־לינג פאַרקירעוועט אויף צוריק, האָט זי גלייך פאַרקוקט אָן אַ אַ זײַט.

ווי געזאָגט שוין מען האָט ניט געקאָנט פאַראויסזען ווען ער וועט זיך אַרײַנרוקן מיט זײַן טשייניקל צי קריגל. איין מאָל האָט ער זיך פּונקט באַוויזן אַרום 9 אין אָוונט און טאַקע ווען די מיידלעך האָבן זיך אונטערהאַלטן ביי דער טיר מיט אַן אָנגעזעענעם גאַסט. אַרײַנגע־לאָזן זיך ברייטלעך אויף זײַן שטייגער מיט די גוט באַקאַנטע מכשירים אין די הענט: קריגעלעך, בערשטלעך, ס'זאָל פעלן אַ האָר. וואָס גייט עס אים אָן? גיי דערצייל דעם יונגן גאַסט אַז ס'איז ניט עפּעס אַ נאַכט־וואַנדלער וואָס האָט פאַרבלאָנזשעט אין אַ פרעמד הויז אַרײַן, אַז

דיזעלבע סצענע קאָן מען זען יעדן אָוונט אַמאָל פריער אַמאָל שפּעטער, דער מאַן קומט לויט דעם באַדינג.

ווי מרס. פּאַניטש איז זיך משער געווען האָט דער אַלטער געפילט אַז מען איז דאָ אין הויז ניט פאַרליבט אין אים, זי האָט דעם אַלטן ניט געקאָנט מוחל זיין, וואָס ער האָט זיך אָנגעדרייט צו דינגען דעם צימער פּונקט אין דער צייט, ווען דער צימער איז שוין געשטאַנען אַ צייט ליידיג. וואָלט ער זיך דאַמאָלס ניט אָנגעדרייט וואָלט אפשר פאַרט באַוויזן זיך אַ לייטישער יונגער מאַן ווי די קינדער האָבן ערוואַרט. אָט טאַקע מיט דעם געדאַנק האָט זי פון אים פאַרלאַנגט אַ העכערן פּרייז. זי האָט געמיינט אַז ער וועט ניט געבן. נו, האָט ער דוקא יאָ געגעבן. אים וואָלט דאָך ניט געווען קיין אונטערשייד וואו ער וואוינט, קומט עס אויס ווי אַ מין אויף צו להכעיס זאַך. מאָדנע איז וואָס ער האָלט זיך דאָ איין ביי זיי. עס אַרט אים גאָרניט וואָס מען פאַר־טראָגט אים קוים. דערלאַנגט יעדן מאָנטאָג אין דער פרי פּינקטלעך זיינע וואָכנטלעכע פאַר דאָלאַר. ניט געאיילט נעמט ער אַרויס זיין בריפטאַש, ציט אַרויס פון דאָרט דאָלאַר נאָך דאָלאַר, אַלץ איינציגע דאָלאַרן און דערלאַנגט יעדן דאָלאַר באַזונדער און פרעגט דערנאָך: קאָרעקט? און מיט אַ זיסן שמייכל, אַ כאַפּ טאָן איר האַנט, אַריינ־לייגן דאָס צוזאַמענגעדריקט פּעקעלע און אַזוי אַ דריק טאָן איר די האַנט, אַז ווען אימיצער וואָלט געשטאַנען דערביי וואָלט ער געמיינט ווער ווייס וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָ. עס אַרט אים גאָרניט, דעם אַלטן, — מסתמא צו קיין בעסערס ניט געוואוינט. אַ ליבע צורה אויך — דער אויבערשטער טייל פון קאָפּ אַזוי ברייט ווי ביי איינעם וואָס האָט וואַסער אין קאָפּ און דער אונטערשטער טייל מאָדנע שמאָל. קיין פרייע מינע זעט מען ביי אים ניט, מוז זיין אויף צרות. בעסי האָט אים געזען דאון־טאָון... וואָס טוט ער דאון־טאָון? נאָר ווען מען גייט עס אָן וואָס ער טוט?

איין פרימאָרגן ווען מרס. פּאַניטש איז אַריין אין דעם אַלטנ׳ס צי־מער מיט די וועש פאַר דער וואָך, האָט זי געפונען אויפן טיש אָן אָפענעם, ניט פאַרקלעפּטן קאָנווערט מיט אַ בריוו אין דעם. „פאַר־געסן מיטצונעמען", — האָט זי זיך געטראַכט. זי איז געוואָרן זייער טשיקאַווע — וואָס פאַר אַ בריוו זאָל עס זיין? נאָר צוערשט האָט זי אַרויסגעצויגן פון קאָנווערט אַ „סנעפּשאָט" וואָס האָט האַלב אַרויסגעע־שטעקט: אַ בילד פון אַ יונג מיידל. זי האָט גלייך צוגעגעבן אַז עס איז אַ שיין מיידל, אַ זעלטן שיין מיידל. „זי איז נאָך אפשר קיין צוואַנציק יאָר ניט... זאָל זיין עס איז זיינס אַ טאָכטער?" — און זי האָט זיך גענומען לעזן דעם בריוו. עס איז טאַקע געווען פון דעם אַלטנ׳ס טאָכטער. מרס. פּאַניטש האָט געלעזן און געשמייכלט, וואָס ווייטער זי האָט געלעזן אַלץ מער געשמייכלט. דער בריוו איז דוקא געווען אַ

גאַנץ ערנסטער, ערטערווייז רירנד אויך. נאָר וואָס עס איז דער פרוי פאַרגעקומען קאָמיש איז געווען וואָס די יונגע מיידל דאָרט צעגיסט זיך ממש אין ליבע צו דעם אַלטן. ווידער אַמאָל און אָבער אַמאָל אַז זי חלש'ט אים שוין צו זען, דעם פאַרשוין, ווי זי ציילט שוין די מינוטן ווען זיי וועלן שוין אַלע קאָנען צוריק צוזאַמען זיין. און ווי ער זעט אויס?
— דאָ האָט מרס. פאַניטש געגעבן אַ באַזונדער שמייכל — און ווי ער פילט זיך און ער זאָל זיך למע"ה ניט צופיל אָנשטרענגען צוליב זיי. און יאָ, פאַרוואָס שרייבט ער גאָר ניט ווי אַזוי ער האָט זיך איינגע־אָרדנט אַליין אויף זיין דירה.
— קינדער, מיר וועלן פטור אין גיכן פון אַלטן — האָט מרס. פאַניטש געזאָגט אירע טעכטער יענעם אָוונט.
די מיידלעך זיינען גלייך געוואָרן נייגיריק:
— טאַקע? ווען? ווען?
האָט זי זיי דערציילט אַלץ וואָס זי אַליין האָט זיך דערוואוסט אין דער פרי. אַז זי האָט די גאַנצע צייט געשפּירט אַז דער אַלטער מוז זיין אויף צרות. האָב איך מיך טאַקע ניט גענאַרט. עס איז אים נעבעך ניט פויגלדיג. זיין ווייב האָט געמוזט האָבן דורכגעמאַכט אַ שווערע אָפּע־ראַציע, איז איר טאָכטער מיט איר דעם גאַנצן זומער ערגעץ וואו — דערנאָך האָט זי די מיידלעך געמאַכט לאַכן מיט דעם, וואָס עס איז איר אַליין פאַרגעקומען אַזוי קאָמיש אין יענעם בריוו.
„פאַפינקע, פאַפינקע, האָט זי אייניגע מאָל ווידערהאָלט, זע פאַ־פינקע זאָלסט אָן זיך אַליין ניט פאַרגעסן".
— אַ זעלטן שיין מיידל זיין טאָכטער, האָט זי געענדיגט, נאָך גאָר יונג אויך... איר וואָלט זיך גאָר ניט געגלויבט.
דער אויסדרוק אויף די געזיכטער פון די מיידלעך איז געווען, ווי עס וואָלט אין אמת'ן געווען אַ זאַך וואָס עס איז שווער צו גלויבן.

# גאָג

דורות, צאַללאָזע יאָרן צוריק, האָט זיך איין פרימאָרגן ביים ראַנד פון אַ שיין שטעטעלע אָפּגעשטעלט אַ פור. דער פורמאַן און אַנדערע פון די פּאַסאַזשירן האָבן געהאָלפן אַראָפּשטייגן אַ שיינע יונגע פרוי. זיי האָבן דערציילט אַז די פרוי צוזאַמען מיט איר מאַן האָבן זיך אַרויס־געלאָזט אויף אַ זייער ווייטע רייזע פון אַ ווייטער גאָר אומבאַקאַנטער געגנט. אויפן וועג איז איר מאַן אומגעקומען דורך אַ גאָר אונגעווייגלעכן צופאַל, איז זי אַ קראַנקע געבליבן אויף אַן אָרט אַ פּאָר מאָנאָט ביז וואַנען זי האָט געדענקט אַז זי איז אימשטאַנד פאָרטצוזעצן איר רייזע. די פרוי אָבער איז ווידער קראַנק געוואָרן און ווייטער ניט געטאָרט פאָרן. אויפן דריטן טאָג נאָך איר קומען אין שטעטעלע איז די פרוי געשטאָרבן פון אַ פריצייטיגער אַנטבינדונג. דאָס קינד, אַ אינגעלע, איז געבליבן לעבן.

די געשעעניש האָט אויפגערודערט די נאָנטע שטילע אומגעבונג. אַ קינדערלאָזע אלמנה האָט זיך אונטערגענומען צו זיין אַ מוטער צום קינד און אַזוי איז זי עס געוואָרן. די פרוי האָט קיינמאָל דערנאָך ניט געהאַט קיין אורזאַך צו באַדויערן איר שריט. אויף אַ נאַטירלעכן אופן, פלעגט זי אָפטמאָל דענקען, — וואָלט איך אַזאַ קינד קיינמאָל ניט גע־קאָנט האָבן. דאָס קינד האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין אויסערגעוויינ־לעך אין אַלע הינזיכטן. זיין שיינקייט אַליין — אַ פרעמדע, אומבאַ־קאַנטע שיינקייט, אפשר צוליב דעם וואָס זיינע עלטערן זיינען געקומען פון אַ ווייטן אומבאַקאַנטן לאַנד. די פרעמדע שיינקייט האָט פאַרכשופט יעדעס אויג. די צייטן זיינען געווען אַזעלכע אַז יעדע אומגעווייגלעכע פּאַסירונג האָט אָנגעדייט אויף אַלערליי געהיימניספולע מעגלעכקייטן, האָט מען זיך פאַרטראַכט איבער דעם, וואָס דאָס קינד'ס פאָטער איז מסתמא אומגעקומען גלייך ווי די מוטער איז שוואַנגער געוואָרן, און די מוטער האָט אויפגעהערט צו לעבן אין דער מינוט ווען זי האָט עס אויף דער וועלט געבראַכט. — דאָס אַלץ קאָן דאָך ניט האָבן געשען גאָר אָן אַ באַדייטונג און עס מוז האָבן אַ געהיימע באַדייטונג פאַרן קינד און פאַרן שטעטעלע אפשר אויך. דער פאָטער האָט געוויס גע־פלאַנט צו פאָרן ערגעצוואוהין ווייטער, די מוטער דאָסזעלבע, דאָס קינד

אָבער האָט באַדאַרפט קומען צו זיי... די אלמנה האָט באַשלאָסן צו באַקענען דאָס קינד אין דער געהעריגער צייט מיט זיין ריכטיגער אָפּ־שטאַמונג. זי האָט געפילט אַז עס איז מער ניט ווי רעכט, אַז דאָס קינד זאָל וויסן פון זייך אומגליקלעכער מוטער וועמעס קבר איז געווען ניט ווייט פון דער אלמנה'ס וואוינונג. די אַרומיגע, איינפאַכע מענטשן, מענער, ווי פרויען, האָבן איינגעשטימט מיט איר.

דאָס שפּעקולירן איבער דעם זאָנדערבאַרן קומען פון קינד האָט ניט אָנגעהאַלטן לאַנג נאָך די ערשטע פּאָר טעג: אַלע זיינען געווען שווערע אַרבעטער, ווער אין פעלד, ווער ביי עפּעס אַנדערש. ניט זיי האָבן געהאַט די צייט צו זוכן און פאָרשן, ניט די נייגונג. האָט מען די פרוי און איר קינד צו רו געלאָזן, סיידן אַמאָל, און דאָס אויך נאָר די ערשטע צייט, פלעגט איינער, ווען ער האָט זיך צופעליג אָנגעטראָפן מיט דער אלמנה, אָ פרעג טאָן: „וואָס מאַכט דער יונגער גאַסט? — און גלייכצייטיג באַמערקן: „איך בין געווען ביי זיין אָנקומען"... די־זעלבע פראַגע ווידערהאָלן וואָכן שפּעטער מיט דערזעלבער באַמערקונג: „איך בין געווען ביים סאַמע אָנקומען פון יענער פור".

עפּעס אַנדערש די אלמנה. זי איז דאָך שטענדיג געווען מיטן קינד פלעגט זי אָפטמאָל זען אַזעלכעס וואָס אַנדערע האָבן ניט געקאָנט זען. זי פלעגט זיך מייסטענס פרעגן: אפשר זיינען אַנדערע קינדער אויך אַזוי? און ענטפערן זיך, אַז ניט, ניט אַזוי. אַן אַנדערש מאָל פלעגט זי ביי אַזעלכע געלעגנהייטן פאַלן אויף אירע קני און דאַנקען די געטער פאַר דער גרויסער מתנה, וואָס איז איר באַוויליגט געוואָרן. דאָס קינד האָט זי טאַקע אַ נאָמען געגעבן „גאַג", אַ געטלעכע מתנה, אויף דער שפּראַך פון לאַנד, און, איבריגענס, אַ געוויינלעכער נאָמען. דאָס קינד פלעגט אָפט קוקן פאַר זיך אַ היפּשע צייט אין איין ריכטונג, אין דער ריכטונג פון וועלכער זיין מוטער איז געקומען אַמאָל אין דער פור.

— וואָס קוקסטו דאָרט, וואָס האָסטו דאָרט געזען? — האָט עס די אלמנה באַמערקט — האָט זי אים אַמאָל געפרעגט ווען ער האָט ענדלעך אָפּגעווענדט זיינע אויגן פון דאָרט.

— אַ פור האָב איך געזען...

—אַ פור? — האָט זי געפרעגט און איבערגעפרעגט אַן ערשטוינטע, ווייל קיין פור האָט זיך די גאַנצע צייט ניט געזען.

דאָס קינד האָט איר ניט געענטפערט און זי האָט מורא געהאַט מער צו פרעגן.

אַן אַנדערש מאָל פלעגט דאָס קינד איר שטעלן פראַגן: וואו געפינען זיך די שטערן בייטאָג? ער פלעגט ניט מיד ווערן צו קוקן אויף די שטערן, אָדער פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי פיל, די שטערן? אַזעלכע און ענלעכע פראַגן פון אַ קינד קוים דריי יאָר אַלט, האָבן דער פרוי גע־

מאַכט פיל צו דענקען, דענקען און שטוינען פאַר זיך. זי האָט צו קיין אַנדערן דערפון ניט גערעדט, אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס, וואָס בלויז איר מיטן קינד איז עס אָנפּערטרויט געוואָרן.

שפּעטער ווען גאַג האָט אָנגעהויבן צו גיין אין שולע האָט שוין מער קיין פראַגע ניט געקאָנט זיין פון האַלטן בסוד דאָס מערקווירדיגע אין קינד. דער אינגל איז אָנטציקט געוואָרן פון דער וואונדערלעך שיינער געשיכטע פון יענעם פאַלק איבעהויפּט מיט די לעגענדן. וואָס עס האָט אים אַמ־מייסטן פאַרכאַפּט זיינען געווען יענע מאָמענטן פון דעם פאַלק׳ס געשיכ־טע ווען דאָס געטלעכע האָט זיך אָפן אָנטפּלעקט צום מענטשן. זיין אויפפאַסונג איז געווען גאָר ניט פון אַ קינד פאַר זיינע יאָרן. ער פלעגט צייטנווייז שטעלן פראַגן וואָס האָבן זיין לערער געמאַכט פילן, ווי ווייט איבערפלעכלעך זיין אייגענער וויסן פון דעם געגענשטאַנד איז געווען. אַן אַנדערש מאָל ווידער נאָך דעם קינד׳ס אַ פראַגע, פלעגט דאָס וואָס איז געווען טונקל פאַר אים, פלוצלינג אויפלייכטן מיט אַ געהיימער ליכט אַזוי ווי אין אַן אַמאָליקן, גאָר אַמאָליקן הימל וואָלט גאָר אַן אַמאָליקע זון פלוצלינג צוריק אויפשיינען און מיטברענגען אַ לאַנג פאַרגאַנגענעם טאָג. און אַן אַלט געשעענער גס וואָלט זיך דאָ ווידערהאָלט פאַר דעם לערער׳ס אויגן און אַ ליכט מיט אַ פּראַכט וואָס מענטשן האָבן זייט יענער צייט קיינמאָל ניט געזען.

האָט דער לערער דעם וואונדערבאַרן אינגל געבראַכט פאַרן חאַרטו, ד״ה פאַרן „קלוגן״, זאָל דער אַלטער חאַרטו זען דאָס קינד. דער אַלטער חאַרטו וואָס האָט אַזוי פיל געוואוסט און געדורשט נאָך מער וויסן. ווען דער חאַרטו האָט דערזען דאָס שיינע קינד האָט ער דערשפּירט אַ גרויסע פרייד און געבענטשט אים. עטוואָס שפּעטער, ווען דער חאַרטו און דער לערער זיינען פאַרבליבן אויג אויף אויג, האָט דער חאַרטו געפרעגט:

— דוכט זיך איך ניט אַז דאָס קינד האָט אַ פרעמדן אויסזען?

— ער איז אַ פרעמדער, — האָט יענער געענטפערט, — דאָ געבאָרן אַפילו, אָבער פון פרעמדע אומבאַוואוסטע עלטערן.

און ער האָט דערציילט דעם חאַרטו אַלץ וואָס ער האָט געוואוסט פון גאַג׳ס אָפּשטאַמונג. אין טיפע געדאַנקען האָט ער איבערגעלאָזן דעם חאַרטו. דער חאַרטו האָט גוט געוואוסט אַז מען טאָר קיינמאָל ניט זאָגן אַז אַ זאַך איז איינעם פרעמד, ווייל אונטער אַ פרעמדן אויסזען פאַר־באָרגט זיך אָפט עפּעס, וואָס איז באַשערט צו ווערן נעענטער ווי דאָס נאָענטסטע, פאַרבאָרגט זיך כדי מען זאָל עס ניט פאַרבייגיין אַן באַזונ־

דערער אויפמערקזאַמקייט ווי אַ געוויינלעכע זאַך... וואָס איז מער אייגן און נעענטער ווי די אייגענע זעלע? און וואָס איז פרעמדער?...

„אַ פרעמדער באַזוכער! מיר ערוואַרטן דאָ אַ פרעמדן באַזוכער...״ — האָט דער האַרטו זיך געזאָגט באַדייטונגספול.

טאַקע אַרום יענער צייט האָט די אַלמנה באַשלאָסן צו באַקענען דעם זעלטענעם אינגל מיט זיין טרויעריגער לעבנסגעשיכטע. איין נאָכמיטאָג האָט זי אים צוגערופן צו זיך און אָנגעהויבן:

— מיין קינד, איך וויל, איך דאַרף דיר עפּעס דערציילן. — זי האָט אָבער גלייך אויסגעבראָכן אין ביטערע טרערן. זי האָט מורא געקראָגן אַז דאָס שיידט זי זיך אויף אייביק מיטן קינד אַלס איר אייגן קינד, אַז גלייך נאָך אירע ווערטער ווערן זיי אויס מוטער און זון און זי בלייבט צוריק די קינדערלאָזע אַלמנה פון פריער און ער דער זון פון אַנאַנדער פרוי. ווי קאָן זי זיך שיידן פון אַזאַ זון? דאָך האָט זי געפילט אַז זי מוז זיך שטאַרקן, טראַכטנדיג, אַז יענע, די אומגליקלעכע מוטער, האָט זיך געשיידט פון אים נאָך איידער זי האָט אים געזען, נאָך איידער זי האָט געוואוסט אַז זי איז געוואָרן אַ מוטער פון אַ זון. — האָט זי פאַרט־געזעצט שוין עטוואָס רואיגער.

— געדענקסטו, מיין קינד, ביזט דעמאָלט נאָך אַ קליין קינד געווען, געדענקסטו, ווי דו האָסט זיך אַמאָל לאַנג פאַרקוקט אין יענער ריכטונג אַהין, וואו דער אַלטער וועג איז? אפשר געדענקסטו נאָך אַז איך האָב דיך דעמאָלט געפרעגט וואָס דו זעסט דאָרט?

— איך געדענק.

— וואָס האָסטו געזען דאָרט?

— אַ פור...

— אַ פור?... — האָט די אַלמנה איבערגעזאָגט נאָך אים. זי האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע. זי האָט ערוואַרט און דאָך ניט ערוואַרט דעם ענטפער. זי האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און ווידער אָנגעהויבן:

— מיט דרייצן יאָר צוריק, האָט איין פרימאָרגן, טאַקע אויף יענעם אַלטן וועג, זיך באַוויזן אַ פור... און זי האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס זי האָט געזען און וואָס זי האָט געהערט. צוערשט האָט זי געקוקט דעם קינד אין די אויגן אַריין אָבער באַלד אָפּגעווענדט איר בליק: די גע־שפּאַנטקייט פון זיין געזיכט און די נייע, אומבאַקאַנטע ליכט אין זיינע אויגן, זיינען געווען צופיל פאַר איר. האָט זי שוין גערעדט מיט אַראָפּ־געלאָזענע אויגן. זי האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף אים ביי דער ענדע פון איר דערציילונג, און האָט געזאָגט:

— אַזוי האָב איך דיך אויפגענומען פון די הענט פון דיין הייבאַם, פון דער אַלטער טענא, אַן עופה׳לע, וואָס איז געווען איין אַליין אויף דער וועלט, אַן איינזאַם, איינזאַם קינד. און ווען איך האָב דיך צו מיין האַרצן צוגעטראָגן, האָב איך געוואוסט אַז איך וועל זיך קיינמאָל ניט שיידן פון דיר...

זי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט צום אינגל און צוגעצויגן אים צו זיך. זי האָט דערפילט ווי ער טוליעט זיך צו צו איר האַרצן, און געהערט ווי ער רופט זי שטיל: „מאַמע, מאַמע”... מאַמע און מער גאָרניט. — האָט זי אָנגעהויבן צו וויינען זאַנפט איבערן שווערן אומפאַרשטענדלעכן מענטשלעכן שיקזאַל ביז וואַנען זי האָט געפילט אַז זי מוז זיך אויפהויבן און גיין בעטן ביי די געטער.

גאַג איז אַרויס פון הויז, געגעבן איין לאַנגען בליק צום הימל ארויף און אַוועק צו זיין אַרבעט אויפן פעלד.

די אלמנה האָט גאַג׳ן געגעבן דיזעלבע ערציאונג וואָס אַנדערע פון איר שטאַנד — זייערע קינדער: אַביסל שולן און אַרבעט מיט די עלטערע פון הויז. זי האָט געהאַט אַ גאָרטן און אַ פעלד און דער אינגל האָט איר אָנגעהויבן באַהילפיג צו זיין אַזוי שנעל ווי ער איז אַרויס פון זיינע גאָר ערשטע יאָרן, אַזוי אַז אויסערלעך האָט זיך גאַג׳ס יוגנט ניט אונטערשיידט פון די אַנדערע יונגע לעבנס אַרום. מער ניט וואָס ער איז געווען פיל ערנסטער פון די אַנדערע, איז אָבער די אלמנה אויך געווען אַ העכסט ערנסטע פרוי. גאַנץ פאַרשידן איז געווען גאַג׳ס אינערלעכער לעבן. דער וואונדער מיט וועלכן ער פלעגט אָפט בלייבן שטיין אין זיינע ערשטע יאָרן פאַר אַ געוויינלעכן געגנשטאַנד, פאַר אַ בוים, למשל, אַביסל אַן אַ זייט פון אַנדערע ביימער, ווער רעדט נאָך פאַר זיין אייגן געשטאַלט אין אַ שפיגל אָדער וואַסער, — דער וואונדער האָט מיט די יאָרן ניט אויפגעהערט. פאַרקערט, זיין וואונדער וועלט האָט זיך פיל פאַרגרעסערט, האָט אַריינגענומען אויך דעם הוילן רוים, די וויטקייטן און די נאַכט. אונטער דעם איינפלוס פון דער שולע האָט זיך פאַר אים אַנטדעקט דער רייכער אוצר פון די פאָלקס־לעגענדן און פאַבעלן און זיין נאַטירלעך רייכע פאַנטאַזיע האָט זיך פיל פאַררייכערט און פאַרטיפט. ביסלעכוויז האָט זיך אויסגעאַרבעט ביי אים אַן אייגנאַרטיגע אַנשויאונג. עס האָט געהייסן אַזוי:

„אַלץ וואָס איז, צי בוים, צי חיה, צי פויגל איז נאָר צייטווייליג דאָס וואָס עס שיינט צו זיין. אַזוי, למשל, ווי אין אַ קינדער שפיל ווערט איין קינד אַ בוים, אַנאַנדער אַ חיה, דער דריטער גאָר עפּעס אַנדערש אא״וו. אין עצם אָבער זיינען דאָך אַלע דיזעלבע קינדער, אַזוי אויך איז די גאַנצע פאַרשידנאַרטיגע נאַטור ניט מער ווי אַ צייטווייליגע פאַרמאַסקירונג פון

איין סאָרט לעבעדיגע באַשעפעניש. די געטלעכע קראַפט האָט געהייסן יעדן איינציקן פאַרמאַסקירן זיך אויף זיין אופן און אַזוי איז עס געוואָרן. די פאַרשטעלעניש איז ניט אויף אייביג. יעדע איינציקע זאַך קאָן ווערן עפּעס אַנדערש; אויך יעדער איינציקער רגע ווען גאָט זאָל נאָר הייסן אַזוי. האָט מען דען ניט געזען ווי אַזוי פויגל און אַנדערע חיות האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן צו רעדן ווי מענטשן? אָדער ווי אַן אומוויסנדער נאַר האָט געוויזן דעם ריכטיקן וועג צו די גרעסטע חכמים, וואָס האָבן זיך אַמאָל געפונען פאַרלאָרן?" וואָס דער אינגל האָט פיל באַוואונדערט, איז ווי אַלע, אַלע באַשעפענישן, ערפילן זייער ראָליע אַזוי איינגע'עקשנ'ט געטריי, אַפילו די קלענסטע פליגעלע פאַרראַט ניט איר סוד. גאָג פלעגט אַמאָל פאַרקוקן זיין הונט אין די אויגן אַריין און עטלעכע מאָל האָט ער דערפילט אַז נאָך איין פונק אין הונט'ס אויג, און זיי דערקענען זיך ביידע וואָס זיי זיינען. נאָר דער פונק איז ניט ערשינען און דער הונט איז געבליבן אַ הונט. אָט טאַקע דעריבער איז עס געווען אַזוי ליב און לייכט פאַר גאָג'ן צו ערפילן זיין אייגענע ראָליע. גאָג האָט ליב געהאַט זיין פעלד און גאָרטן און מער ווי אַלץ זיין אַרבעט אין פעלד און גאָרטן: ער האָט ניט געפילט אַז ער אַרבעט, נאָר אַז ער דינט דער געטלעכקייט. איין פרימאָרגן ווען ער האָט געהערט די קלעפּ פון זיין האַ־מער אָפּקלינגען אונטערן בלויען הימל אין דער פרישער דופטענדער מאָרגן לופט, האָט זיך אים אין זיין עקסטאַז געדוכט, אַז דאָס קלאַפּט זיך אויס אונטערן האַמער אַ געזאַנג אַזוי פריי און פריילעך, ווי דער גע־זאַנג פון די פויגל אַרום און אַרום.

דאָס איז געווען די פאַנטאַסטישע וועלט אין וועלכער דער אינגל האָט געלעבט ביזן סאַמע טאָג, ווען די אלמנה האָט אים אַנטפּלעקט זיין ריכ־טיגע אָפּשטאַמונג. אַ פולע שעה נאָכדעם, ווי ער איז פון הויז אַרויס, האָט ער געאַרבעט אויפן פעלד מיט זיין געוויינלעכן פלייס. אַ צושויער וואָלט געגלויבט אַז דער אינגל שענקט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צו זיין אַרבעט. פּלוצלינג האָט גאָג'ס האַנט אַרויסגעלאָזן זיין גראַבליע און ער אַליין האָט זיך אַראָפּגעלאָזט ווי אָנמעכטיג אויף דער ערד, פאַר־דעקט זיין געזיכט מיט די הענט און אויפגעהויבן אַ געוויין. ער האָט געוויינט ווי אַ קינד וואָס זעט זיך פּלוצלינג אַרום, אַז עס געפינט זיך איינער אַליין אין אַ פרעמדער געגנט. אַרום און אַרום איז קיין נפש ניט געווען, נאָר די זון אין דער הויך האָט אים געזען זיצן. אַזוי סאַי אים, און זיין הונט, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו אים אין שטומען וואָונ־דער וואָס עס קומט דאָ פאָר פאַר זיינע אויגן. ניט לאַנג האָט גאָג גע־וויינט. ער האָט זיך אין קורצן אַרומגעקוקט און דערזען זיין גראַבליע

וואָס איז געלעגן מיטן הענטל צו אים. האָט ער עס אָנגענומען ווי אַ צייכן אַז ער דאַרף אָנגיין מיט זיין אַרבעט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, אָפּגעווישט זיין פייכט געזיכט, אַ גלעט געטאָן און באַרואיגט דעם ניט פאַרשטייענדן הונט און זיך צוריקגענומען צו זיין אַרבעט אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט ניט געשען. אַזוי האָט ער געאַרבעט ביז צו דער ענדע פון יענעם גרויסן טאָג און געאַרבעט דעם נעקסטן טאָג, און די טעג און די חדשים לאַנג דערנאָך. געאַרבעט פלייסיג אָדער, ווי ער האָט געפילט, געטריי געשפּילט זיין ראָליע אין דעם גרויסן געטלעך־דיריגירטן שפּיל. ניט בלויז געאַרבעט, נאָר אויך געוואַרט מיט געדולד און צוטרוי אַז אַלץ וועט ווידער ווערן אַזוי קלאָר ווי פריער.

דערווייל זיינען פון צייט צו צייט אָנגעפלויגן געדאַנקען ווי פויגל פון דער לופט אַרויס. אַנדערע געדאַנקען, טאַקע ווי אַנדערע פויגל, זיינען געפלויגן אַזוי הויך איבער אים און אַזוי שנעל פאַרביי אים, איז אים נאָר געבליבן צו האָפן, אַז אַ צווייטן מאָל וועלן זיי ניט אַזוי הויך און ניט מיט אַזאַ געשווינדקייט פאַרבייפליען. אַנדערע געדאַנקען ווידער האָבן זיך געלאָזט דערקענען און האָבן אויך דערמונטערט זיין האַרץ, ווי פויגל וואָס שטעלן זיך אָפּ און זינגען פון אַ נאָענטן צווייג אַרויס. איינמאָל האָט זיך גאָג דערמאָנט אָן אַ פּאַסירונג ווען ער איז זעקס־זיבן יאָר אַלט געווען. אַן אַרבעטער זייערער, אַן אַלטער מאַן, איז געשטאָרבן. אים, דעם קליינעם גאָג'ן, האָט מען געזאָגט אַז דער אַרבעטער איז אַוועק אויף אַ וויטע רייזע. „ווען וועט ער צוריקקומען ?" — האָט ער געוואָלט וויסן. ווען מען האָט אים ערקלערט אַז פון אַזאַ רייזע קומט מען ניט צוריק האָט ער זיי דעמאָלט ניט געגלויבט : וואָס הייסט גיין און ניט צוריקקומען ? די שטערן קומען צוריק. ער גלויבט זיי איצט אויך ניט. אין דער מינוט אָבער, מיט דער עראינערונג אַזוי פריש פאַר אים, האָט אים ניט ווייניגער אינטערעסירט די פראַגע פון וואַנען איז די עראי־נערונג צו אים געקומען ? פאַרוואָס איצט ? עס מוזט דאָך זיין אַ מיין אין דעם. ניט אומזיסט איז דאָך אַ פּאַסירונג צוריקגעקומען אין געדאַנק אַכט יאָר שפּעטער...

גאָג האָט דערפילט, אַז זיין וועלט איז פיל גרעסער געוואָרן זייט דעם טאָג פון דער אלמנה'ס מיטטיילונג, אומגעהויער גרעסער געוואָרן. זיין פאָטער איז אַרויסגעפאָרן פון אַ ווייטער שטאָט, וואָס מען וויס אַפילו איר נאָמען ניט, געפאָרן איז ער אין אַ נאָך ווייטערע שטאָט. איצט ווען גאָג איז געשטאַנען אַליין אין פעלד פלעגט ער פילן אַז איבער דער קיילעכ־דיגער ווייטקייט אַרום אים איז פאַראַן אַ צווייטע ווייטקייט און נאָך און נאָך ווייטקייטן און ווידער ווייטקייטן... וואוהין איז זיין פאָטער גע־

פאַרן, נאָך וואָס, און פאַרוואָס האָט מען אים ניט געלאָזן פאַרווירקלעכן זיין וואונש? אָפּגעשטעלט אים ביים סאַמען אָנהויב? פאַרוואָס האָט מען זיין מוטער אין מיטן וועג אָפּגעשטעלט? און פאַרוואָס האָט מען אים צוגעפירט פונקט צו דער שטעטעלע וואָס ער האָט אַזוי ליב? אַלץ האָט דאָך אַ מיין... „אין יענער מינוט, — האָט די אלמנה געזאָגט, — איז ער געווען איינער אַליין אויף דער ווייטער וועלט", — און דאָך מוז ער דאָך ערגעץ האָבן טאַנטעס, פעטערס, שוועסטערקינדער און אפשר אויך אַ באָבע און זיידע ערגעצוואו ווייט, נאָר זיי ווייסן פון אים ניט און ער ווייס ניט פון זיי. וואָלט איינער פון זיי פאַרבייגיין אָדער קומען אין שטעטעלע דאָ, וואָלט ער דאָך ניט וויסן אַז ס'איז זיינס אַ נאָענטער, אפשר אַ גאָר, גאָר נאָענטער... אַזוי האָט דאָך לאָם פון דער געשיכטע אָפּגעטריבן פון זיך מיט כעס אַ געזאַנדטען פון גאָט, וואָס איז געקומען אַ פאַרמאַסקירטער צו אים... גאָג האָט דאָ דערפילט אַז אַ געדאַנק איז אָנגעקומען, ווי יענע פויגל וואָס זיינען געפלויגן צו הויך און צו גיך איבער אים...

גאָג האָט זיך איין נאַכט צוריקגעקערט אַ היים פון אַ דערבייאיגן דאָרף. ער איז איצט שוין געווען אַ יונגער מאַן פון קנאַפּע אַכצען יאָר. עס איז געווען אַ זייער שפּעטע שעה און צוקומענדיג צו דער איינציגער ליכטיגער הויז אין דער אַרומיגער פינסטערניש האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. עס איז געווען דעם האַרטו'ס הויז. „דער האַרטו וואַכט", האָט גאָג צו זיך געזאָגט, „דער האַרטו וואַכט. אַזוי וואַכט דער קאָפּ ווען דאָס רעשטע פון גוף ליגט אין רו אויסגעצויגן אויפן בעט אָדער אויפן גראָז, אַזוי חלומ'ט דער קאָפּ אין טיפסטן שלאָף אויך"... גאָג האָט געהאַט באַגעגנט דעם האַרטו אַ פּאָר וואָכן צוריק. עס איז ניט געווען דער מענטש ווי ער האָט אים געזען דאָס ערשטע מאָל. גאָג האָט זיך איצט געפרעגט וואָס ער האָט זיך שוין געפרעגט דאַן: פאַרוואָס איז דער אַלטער מאַן אַזוי אומעטיג און בלייך, אַזוי מיד און אַלט? דער האַרטו, דאָס ליכט פון פאָלק? שטייענדיג איצט פאַר דעם הויז אין דער פינסטער האָט גאָג געטראַכט, ווי דער האַרטו האָט אַזוי ליבלעך געהאַלטן זיינע ביידע הענט און געקוקט אים פאַרשעמט אין זיינע אויגן. „וואָס האָט ער געזוכט אין מיינע אויגן?" — האָט ער זיך איצט ווידער געפרעגט. — „וואָס האָט ער געוואָלט געפינען דאָרט? דער האַרטו, דאָס ליכט פון פאָלק". און גאָג האָט פאַרטגעזעצט זיין איינזאַמען וועג דורך די שטילע און פינסטערע גאַסן.

גאָג האָט ניט געוואוסט אַז דער האַרטו האָט געהערט פון זיינע אָפטע וואַנדערונגען לעצטענס אין הייליגן וועלדל אין דער ערשטער פרישקייט פון פרימאָרגן...

אין גאָג׳ס ניינצנטן יאָר איז די אלמנה פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. ניט זי און ניט די אַרומיגע האָבן געגלויבט אַז זי וועט אַראָפּ אַ לעבעדיגע פון איר קראַנקען־בעט. האָט זי זיך געפונען אין גרויס פאַרצווייפלונג און שרעק פון דעם, וואָס קומט דאָ אָן אויף איר אַזוי ווי עס וואָלט געווען עפּעס אויף וואָס זי האָט זיך קיינמאָל ניט געריכט. נאָר אין גאָג׳ס אַנוועזנהייט האָט זי זיך געהאַלטן עטוואָס רואיגער, דאַן פלעגט זי אַרויפקוקן צו אים מיט אויגן וואָס האָבן שטום געבעטן זיין הילף.

איין טאָג — עס איז געווען איר לעצטער לעבעדיגער טאָג — איז גאָג געזעסן ביי איר בעט און צאַרט געגלעט אירע הענט. די ליבע הענט וואָס זיינען קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו טאָן אים גוטס פון זיין ערשטער מינוט אָן. שוואַך, שטערבלעך שוואַך ווי די אָרעמע פרוי איז געווען, האָבן אירע פיבערהאַפטע אויגן ניט אויפגעהערט צו רופן און בעטן. גאָג האָט אויפגענומען איר בעטענדן בליק פון הילפלאָזיקייט אַזוי צאַרט ווי זי האָט אים אַמאָל אויפגענומען, אַ הילפלאָז ניי־געבאָרן קינד, און אַלץ צאַרטער און זאַנפטער געגלעט אירע קאַלטע און בלייכע הענט, די גאַנצע צייט אין טיפן, טיפן דענקן. מיט אַמאָל האָט ער אַרויסגעלאָזן אירע הענט, ווייל ער האָט דערזען אויפשטראַלן אין זיך אַ ליכט. אַן אינערלעך ליכט אַזוי געהיימניספול פאַרשידן פון דער געוויינלעכער זונען־ליכט, אַ ליכט ענלעך צו דער ליכט פון דער לבנה אָבער אויך אַזוי וואונדערלעך פאַרשידן. די אינערלעכע ערשיינונג האָט געדויערט אַן אויגנבליק נאָר איידער גאָג האָט צייט געהאַט צו פרעגן זיך, וואָס עס באַדייט, איז דער ענטפער געקומען צו אים פון זיך אַליין: „דירא! דאָס איז דאָך די ליכט פון דער געטין דירא, דער אייביג יונגער, ווי מען שטעלט איר פאָר, דער אייביג יונגער, ווי דער פרילינג שמייכלענדער דירא!“ און גאָג׳ס פּנים האָט אויפגעלויכטן ביי דער ערקענונג. ער האָט אַ בליק געטאָן אויף זיין שטאַרבענדע מוטער און ווי וואונדערלעך, וואונדערלעך! דער פרוי׳ס געזיכט האָט אויך געשטראַלט.

— מוטער, ליבע מוטער מיינע! — האָט גאָג אויסגעשריען, — דו האָסט אויך געזען? — ער האָט ניט געוואָרט אויף איר ענטפער, זיכער אַז זי האָט אויך געזען די ערשיינונג, און פאַרכאַפּט פון דער גרויסער אַנטפּלעקונג: „דירא ביי אַ טויטן בעט!“ איז אים איצט קלאָר געוואָרן... ווי זאָנדערבאַר! ער איז קיינמאָל ניט געווען פולשטענדיג צופרידן מיט דער אָנגענומענער מיינונג פון דער ראָליע פון דער געטין דירא. איצט זעט ער זי אַנדערש... גאָג האָט דערשפּירט אַז ווערטער קומען אָן, אַ דראַנג פון ווערטער, פון דערווייל נאָך אומבאַקאַנטע ווערטער, וואָס קומען אָן ניט מיט זיין ווילן און ניט קעגן זיין ווילן ,ווי גאָר ניט זיינע

אייגענע ווערטער. אָבער וואָסערע ווערטער! די אַרומיגע וואָס זיינען איצט צוגעקומען נענטער צו דער פרוי׳ס בעט האָבן אויך אַזוי געפילט, אַזוי האָבן זיי שפּעטער דערציילט, אַז אַ געהיימע קראַפט רעדט אַרויס פון דעם געטלעך באַגייסטערטן וואונדערשיינעם יונגן מענטשן.

עס זיינען געווען ווערטער וואָס קיינער פון זיי האָט נאָך זיין גאַנץ לעבן ניט געהערט און ניט געחלומ׳ט צו הערן, ווערטער פאַרשלייערט ווי די נאַכט, אָבער ווי די נאַכט רייך מיט צאָללאָזע שטערן, אָדער מיטן רואיק־לויטערן ליכט פון אַ פולער לבנה. דער טיפער סוד פון דיראַ׳ן וואָס איז נאָרוואָס אַנטפּלעקט געוואָרן גאַג׳ן, דער סוד פון דער אייביגער באַנייאונג, האָט זיך דאָ געשילדערט אין ווערטער אַזוי ניי און פריש, ווי די געהיימע נייהייט פון די ערשטע בלעטער פון ערשטן פרילינג, וואָס קיינער ווייס ניט ווי אַזוי זיי קומען און פון וואַנען...

ווען גאָג האָט געענדיקט און דערזען פאַר זיך די שטראַלענדע געזיכטער פון דעם קליינעם איינפאַכן קרייזל אַרום, האָט ער די ערשטע רגע ניט אַנדערש געדענקט, אַז דאָס זעט ער אויף זייערע געזיכטער רוען די ליכט פון דער געטין. דער קליינער עולם... ער האָט געהאַט פאַרגעסן אַן זיי, געדענקט אַז ער רעדט צו זיין מוטער אַליין. איצט האָט ער דערזען באַקאַנטע געזיכטער. דער חאַרטו אויך דאָ? ווען איז ער געקומען? זיין געזיכט אויך ניט צו אונטערשיידן איצט פון די אַנדערע, די פיל איינפאַכערע. ער האָט אויך געהערט, אָדער אפשר גאָר געזען?... און אָט איז נימא, זייער באַדינערין, זי קומט אים אַנטקעגן מיט אַזאַ פרייד. מיט אַ צייטיקן מאַך פון זיין האַנט האָט גאָג די פרוי אָפּגעשטעלט איידער נאָך זי האָט באַוויזן צוצוקומען צו אים. ער האָט דערפילט אַז ער מוז צוערשט פאַרבלייבן מיט זיך אַליין אין פרייען דרויסן. איז ער אַרויס פון הויז אַליין.

אָבער הויך אין דעם וואָלקענלאָזן הימל דרויסן האָט זיך באַוויזן אַ פויגל, הויך און אומגעאייַלט האָט ער זיך געטראָגן איינער אַליין אין דער פרייער לופט אויבן. און אַ שאָטן, ניין, אַ צווייפל איז אָנגעקומען אויף גאָג׳ן ווי אַ וואָלקענדעל וואָס באַווייזט זיך פּלוצלינג אויף אַ קלאָרן בלויען הימל, ווערט אַ יש מאין. ווייל גאָג האָט פאַרשטאַנען אַז יענע הויכע וואָרהייט איז געבליבן שוועבן הויך איבער אים און זיך נאָך אַלץ ניט געלאָזט געבוי צו דערקענען און אַז דאָס, וואָס איז נאָרוואָס איינגעשלאָסן געוואָרן, אין קראַנקן־צימער דאָרט, איז אַ שטיק פון ווערטער, איז נאָך ניט יענער פרייער געדאַנק, יענע פרייע וואָרהייט.

„טאָ וואָס איז דאָס וואָס האָט זיך געלאָזט פאַנגען?״ — האָט גאָג זיך מיט שמערץ און שרעק געפרעגט. אַ געוואַלטיגער דראַנג האָט גע־

צויגן דעם יונגן גאָג ווייט אין פעלד אַהין, צו יענעם אָרט וואו ער האָט אַלס אינגל פון דרייצען יאָר זיך אָנמעכטיג אַראָפּגעלאָזן אויף דער ערד, זיך הויך און פריי פאַנאַנדערגעווייגט און געפונען צייט־ווייליגען טרייסט. דאָס איז געווען אוממעגלעך איצט ווען זיין מוטער קאָן יעדע רגע אויסגיין. — איז ער מיט אַ שווערן האַרץ אַריין צוריק אין הויז.

די אַלמנה, זיין מוטער, איז שוין געווען אויסגעגאַנגען. זי איז געלעגן מיט אַ געזיכט פון וואונדערלעכער רו. די קליינע גרופּע פרויען אַרום איר בעט האָבן באַגעגנט גאָג'ס בליק מיט אויגן נאַס פון טרערן, אָבער טרערן ליכטיג מיט דער ניי־אָנגעצונדענער ליכט. און גאָג האָט געוואוסט אַז ער האָט אַוועקגעגעבן עפּעס, וואָס איז ניט געווען זיינס...

גאַנצע דריי טעג נאָך דער באַערדיגונג פון דער אלמנה איז גאָג געבליבן אַליין מיט זיך. עס זיינען געווען דריי לאַנגע און שווערע טעג פון ביטערער פּריבונג אין וועלכע דער יונגער גאָג האָט זיך געזען ניט נאָר אַ קינד אָן אַ טרייער מוטער, נאָר אפשר פאַרלאָזן פון די געטער אויך. ער האָט געבעטן און געפרעגט און געדולדיג געוואַרט אויף אַ ליכט, אָבער נאָר איין איינציגן ענטפער האָט מען אים געגעבן דורך די גאַנצע דריי לאַנגע טעג — אַ וועג וואָס מען האָט אים געצייגט, אַ לאַנגן וועג וואָס ליגט פאַר אים. דאָס האָט מען אים געצייגט אויך יעדעס מאָל וואָס ער האָט, מיט אין גוף און גייסט, איינגעדרעמלט אויף אַ רגע — אַ לאַנגן וועג וואָס ציט זיך ווייט אַוועק פאַר אים. אַ וועג וואָס דערציילט ניט וואוהין עס פירט אָדער ווי לאַנג עס איז, זאָגט נאָר אַז עס פירט אים אַוועק אויף שטענדיג פון דאַנען, פון דער ליבער שטעטעלע, פון די גוטע מענטשן אַרום.

ווען גאָג איז געקומען זיך זעגנען מיטן חאַרטו — דער איינציגער וואָס האָט געזאָלט וויסן אַז ער גייט אַוועק — איז ער געוואָרן העכסט איבער־ראַשט צו געפינען אַז דער חאַרטו האָט גלייך פאַרשטאַנען מיט וועלכער אבזיכט גאָג איז געקומען. דער חאַרטו האָט אים געוויזן אַז אי זיין קומען, אי זיין אַוועקגיין, איז לאַנג צוריק אָנגעדייטעט געוואָרן אין אַן אַלטער קוועלע, אַ לעגענדע. האָט גאָג שוויגענד אַראָפּגעבויגן זיין קאָפּ אונטער דער ערנסטער ברכה פון קלוגן אַלטן.

פאַרטאָג נאָך האָט גאָג פאַרלאָזן זיין הויז. ווען ער איז צוגעקומען צום אַלטן וועג איז ער געבליבן שטיין אַ מינוט. ניט ווייל ער האָט געצווייפלט אין וועלכע ריכטונג זיך צו נעמען נאָר עס האָט אַזוי געצויגן צו פאַר־בלייבן כאָטש נאָך אַ ווײַלע אין ליבן געגנט. זיין וועג איז געלעגן אין דער ריכטונג וואוהין זיין פאָטער און מוטער פאַר אים, האָבן זיך אַמאָל אַרויסגעלאָזן, און אין דער ריכטונג האָט ער זיך גענומען. אַ וואונדערשיינע

יונגע פיגור אונטער אַ שווערער לאַסט, און דאַך אויסערלעך גאַרניט געטראָגן.

---

ערשט יאָרן שפּעטער האָט די שטעטעלע צופעליג געהערט וועגן גאַג׳ן, ריכטיגער געזאָגט, מען האָט זיך משער געווען אַז עס איז געווען ער. דער האַרטו איז שוין אַ צייט צווישן די לעבעדיגע ניט געווען. מען האָט דערציילט אַז איינער מיטן נאָמען גאַג און לויט די באַשרייבונג אין אויסזען ווי גאַג, איז אומגעקומען אין אַ ווייטער געגנט פון אַ בליץ־שלאַג אונטער אַ הייליגן בוים, וואָס איז געשטאַנען ביי אַן אַלטן טעמפּל. מען האָט אים דאָרט באַערדיגט ווי אַ הייליגן, ווייל אַזוי איז געווען אָנגענומען דאָרט, אַזאַ טויט און אונטער יענעם בוים קאָן טרעפן נאָר אַ הייליגן מאַן. דער באַריכט האָט געשוויגן צי גאַג איז געווען איינער אַליין ווען דער בליץ האָט אים געטראָפן, אָדער מיט אַ באַגלייטער אָדער באַגלייטערס . . .

# מען קומט . . .

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ מוטער, אַן אלמנה, און פיר קינדער: צווײ זין און צווײ טעכטער. אויפגעהאַלטן דאָס הויז האָבן די דרײ איִנגערע קינדער. דער עלטסטער, ברוך, אַ יונגער מאַן פון אַ יאָר אײן־און־צוואַנציק, איז געווען אַ גײסטיג קראַנקער. ער האָט שוין געהאַט פאַרבראַכט אַ פאָר יאָר אין אַן אַנשטאַלט, נאָר אַזוי ווי דאָס האַלטן אים דאָרט איז געווען אַ צו שווערע לאַסט פאַר דער פאַמיליע און קײן פאַרבעסערונג האָט זיך אויך ניט געמערקט, האָט מען אים צוריקגעבראַכט אַ הײם. אײן דאָקטאָר האָט געגלויבט אַז אין הויז צווישן זײַנע אײגענע איז דאָ מער האָפנונג פאַר אים געזונט צו ווערן. אַלע האָבן אײַנגעשטימט אַז קײן געפאַר צו האַלטן אים אין הויז איז ניטאָ, ער האָט קײנע בײזע נײגונגען ניט. נאָר דאָס האָט מען דער מוטער זײַנער ניט באַדאַרפט דערצײלן — זי וואָלט קײנמאָל ניט געגלויבט אַז איר גאָלדענהאַרציגער ברוכ׳ל איז פעאיג אויף בײזעס, אַפילו ווען ניט בײם פולן זינען.

אין הויז האָט זיך ברוך געהאַלטן אָפגעזונדערט. די ערשטע צײַט האָט מען געפּרואווט ניט צו לאָזן אים בלײַבן אַלײן מיט זיך. מען האָט אָבער באַלד אײַנגעזען, אַז דאָס ערגערט אים זײער, האָט מען אים צו רו געלאָזן. ער האָט אַפילו געגעסן באַזונדער אין זײַן קלײנעם צימערל, און דאָס נאָר די אײנפאַכסטע שפּײַז, און ניט מער ווי צו דערהאַלטן דאָס לעבן. ווען ער איז פאַרבליבן אײנער אַלײן אין הויז, און די מוטער איז געווען פאַרנומען אין קיך, פלעגט ער ליב האָבן צו פאַרברענגען אין קלײנעם און געמיטלעכן זאַל. אויב עס זײַנען געווען מער מענטשן אין זאַל האָט ער צו קײנעם קײן וואָרט ניט אויסגערעדט, העכסטנס אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יע, אָדער ניט ,און ניט געקוקט קײנעם גלײַך אין די אויגן. אין אָוונט פלעגט ער אָפט אַרויסגײן אויף אַ שפּאַציר. מען האָט שוין דערקענט זײַן קלאַפּ מיטן טיר בײם אַרויסגײן אָדער אַרײַנקומען. די מוטער האָט אים אַמאָל דערזען פון דער ווײַטן אין גאַס שטײן מיט אַן

אומבאַקאַנטן מאַן, האָט זי זיך פאַרבאָרגן — הינטער אַ קאָר צו זען וואָס דאָ קומט פאָר. די צוויי זיינען זיך אָבער אין דערזעלבער רגע פאַנאַנ־דערגעגאַנגען. אומבאַמערקט פון איר זון, האָט זי אָנגעיאָגט דעם אומבאַ־קאַנטן. —„איר האָט ביי אים עפּעס געפרעגט?" „יאָ, דעם וועג צו מעדיסאָן סטריט". — „האָט ער אייך געוויזן וואו?" „ניין, ער האָט נאָר אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אַז ער ווייס ניט". „אַזוי, ער ווייס ניט?" ס'איז געווען די גאַס וואוהין ער איז געגאַנגען, זייער גאַס. האָט ער ניט פאַרשטאַנען יענעם? אָדער ניט געוואוסט, אָדער געוואוסט און ניט געוואָלט זאָגן?

ביסלעכווייז האָט מען זיך צוגעוואוינט צו ברוך'ס מעלאַנכאָלישער אָנוועזנהייט אין הויז. מען האָט געלעבט, געגעסן, געטרונקען, גערעדט און האַרציק געלאַכט, אָפּטמאָל אין גאַנצן פאַרגעסנדיק די שטומע פיגור אין זייטיגן קליינעם צימערל. אַפילו די מוטער זיינע האָט אָפּטמאָל פאַר־געסן. אַן אַנדערש מאָל פאַרענדיג זיך אַרום דעם צוגרייטן פון מאָלצייט אָדער זיצנדיג אַליין מיט עפּעס אין דער האַנט, וואָס זי האָט פאַרריכט, פלעגט איר פלוצלינג איינפאַלן צו טראַכטן פון דער צייט ווען ברוך'ל איז געווען אַזאַ לוסטיגער און טרייער אינגעלע. „ווי איבער די הויכע בערג ליגן יענע טעג, יענע יאָרן", פלעגט זי זיפצן. אַז דער אויסדרוק, „איבער די בערג" קומט צו איר פון ברוך'לען אַליין האָט זיך די אָרעמע פרוי קיינמאָל ניט געכאַפּט. ברוך אָבער האָט איר אַמאָל געזאָגט: מאַמע, דוכט זיך דיר ניט אַז מיר זיצן צווישן בערג, הויכע בערג אַרום און אַרום, יעדע איינציגע מינוט קאָן זיך באַוויזן פון איבער די בערג איינער וואָס איילט צו אונז, איילט מיט אַ גוטער בשורה?" איר קינד'ס געדאַנק איז איר זייער געפעלן געווען דעמאָלט, זי האָט עס אָבער שוין פון לאַנג פאַר־געסן. „ווי איבער די הויכע בערג ליגן יענע טעג" פלעגט זי צו זיך איבער'חזר'ן אייניגע מאָל און געבן אַ שווערן זיפץ. ניט קיין האָפנונגס־לאָזן זיפץ. ניין, זי האָט געגלויבט אַז איר קינד'ס רפואה וועט קומען אַזוי פלוצלינג ווי דער אומגליק איז געקומען יענעם שרעקלעכן טאָג צו וועלכן זי האָט איר געדאַנק ניט שטענדיג געקאָנט דערלאָזן.

„פון וואָס דענקט ער? ווייל ער קאָן דאָך ניט זיצן אַזוי אַליין גאָר אָן שום געדאַנקען". די פראַגע האָט די מוטער געפרעגט זיך אַליין ביי איר זונ'ס צוריקקומען אַהיים פון אַנשטאַלט, ווען זי האָט אים געקאָנט בעאָבאַכטן דעם גאַנצן טאָג, און זי האָט עס זיך נאָך ניט אויפגעהערט צו פרעגן. ווען ער איז געווען נאָך גאָר אַ קינד אָדער שפּעטער אַזאַ לע־בעדיגער אינגעלע, פלעגט זי אַמאָל באַמערקן ווי ער זיצט אַליין פאַר־

טראַכט אין אַ ווינקעלע, אָדער אין דרויסן, אָפּגעזונדערט פון זיינע יונגע חברים. ווען ער פלעגט באַמערקן איר בליק אויף זיך, פלעגט זיין פּנים אויפלייכטן מיט אַ גליקלעכן שמייכל. דעמאָלט איז זי גאַרניט געווען אַזוי טשיקאַווע צו וויסן איבער וואָס ער האָט זיך פאַרטראַכט. דעמאָלט איז ער געווען אַ קינד צוגלייך מיט אַנדערע קינדער, פיל בעסער ווי אַנדערע קינדער. טראַכט ער אַמאָל פון יענע טעג? געדענקט ער זיי? הערט ער זיך אַמאָל צו פון זיין צימערל וואָס מע רעדט אין הויז? וויל ער וויסן? פאַרשטייט ער? די ערשטע טעג פון זיין צוריקקומען האָט זי געפּרואווט אים דערמאָנען דאָס אַמאָליגע: געדענקסט, ליבער מיינער, דאָס, יענעס? דערקענסטו די זאַך, אָדער יענע? אָבער איר זונ׳ס גע־זיכט האָט אויסגעדריקט צופיל ליידן ביי די פראַגן. אפשר וויל ער ניט, טאָר ער ניט געדענקען דאָס אַמאָליגע. אפשר איז בעסער אַז ער זאָל אַלץ פאַרגעסן. איינציגע האָבן געהאַלטן אַז ס׳איז גלייכער צו לאָזן אים פאַרגעסן דאָס געוועזענע. האָפט זי אַלץ, אַז ס׳וועט קומען אַ טאָג ווען ער וועט פּלוצלינג פאַר איר דערשיינען אַ פרישער, געזונטער, אַ ביי־געבאָרן קינד.

דינסטאָג אָוונט ברענגט איר אייב פּינקטלעך זיין געהאַלט פאַר דער וואָך. ער פאַרדינט פיל מער ווי די מיידלעך און גיט אַלץ אָפּ דער מוטער. ווי ווייניג מען קאָן פאַראויסזען, — זאָגט אַמאָל די מוטער: — געווען אַזאַ פאַרשטיפטער אינגל, אייב, פון קיין זאַך ניט געוואָלט וויסן, ניט געזאָרגט זיך פאַר גאָרניט. אין שטוב איינהאַלטן אים איז געווען אומ־מעגלעך, כסדר דרויסן, און דרויסן. זיין פאָטער׳ס פריצייטיגער טויט און דער אומגעריכטער קלאַפּ מיט ברוך׳ן האָבן עס געמאַכט די גרויסע אי־בערקערעניש אין אים. ווי וואָלט זי איצט אויסגעזען אָן אייב׳ן? אייב, דער אויפהאַלטער פון הויז, און ברוך׳ל, אָט די טרייע, גוטע נשמה פאַר וועמען דער שטילסטער זיפץ איז ניט פאַרלאָרן געגאַנגען — ווי אַ פרעמדער... ער האָט דאָך פון אַלץ אין הויז געוואוסט, גאַרניט ווי אַ קינד אין זיינע יאָרן. אפשר האָט ער ניט געטאָרט אַזוי פיל וויסן... ער איז קוים 4 יאָר אַלט געווען, געזעסן אויפן דיל און זיך געשפּילט און איר מאַן האָט איר געלעזן אַ בריוו פון זיין ברודער. אַ גוט וואָרט פון יענעם. אַפילו ניט אַזוי פיל ווי אַ רעכטער צוזאָג האָט איר מאַן באַ־גייסטערט, ממש געגעבן אים פליגל. ער האָט בכלל יעדן איינציגן גע־גלויבט: זיי האָבן זיך אַזוי גענויטיגט אין הילף. אין מיטן לעזן פון בריוו האָט ער איר מיט אַ נויג פון קאָפּ אויפמערקזאַם געמאַכט אויפן קינד; דאָס קינד האָט זיך צוגעהערט! עס איז געווען קאָמיש צו זען — וואָס האָט אַזאַ קליינס געקאָנט פאַרשטיין? האָבן זיי ביידע גע־

שמייכלט דאָס קינד זאָל ניט באַמערקן. מישטיינס געזאָגט, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פון יענעם בריוו? געמיינט אפשר עפּעס... יענער איז דאָך קיין איינציג מאָל ניט געקומען זען דאָס קינד פון זינט עס איז קראַנק געוואָרן — איר יתומ׳ל... דאָס קינד האָט אָבער דעמאָלט פאַרט געמוזט עפּעס פאַרשטיין פון בריוו. פון שפּעטער איז דאָך שוין אָפּגערעדט. שפּעטער האָט ער אַלץ, אַלץ געוואוסט און פאַרשטאַנען, גאָרניט ווי אַ יונג קינד. וואָלט זי אים גאָרניט דערציילט וואָלט ער אַליין אַלץ דערפילט פון דער לופט אַרויס. ער פלעגט פון זייערע אויגן אַרויסלעזן וואָס ער האָט געוואָלט וויסן — זייער צער, זייער טרייסט. יענעם טאָג, למשל, יענעם טאָג, וואָס האָט זי אים דען דערציילט? גאָרניט! וואָס איז געווען צו דערציילן? זי האָט דען געגלויבט, ס׳איז געווען צו גוט צו גלויבן. אגב האָט דאָך יענער פאַרשוין ניט געזאָגט אַז ער קומט באַשטימט; געזאָגט, אַז אויב ער וועט אַרויספאָרן, וועט ער קומען ניט שפּעטער פון ניין אָדער צען אין אָוונט. צען אַ זייגער איז מען שוין געווען זיכער אַז ס׳איז אַ חלום... די קינדער זיינען שוין געשלאָפן, ברוך׳ל איז אויך שטיל אַוועק זיך לייגן, מיט גאָרניט אַרויסגעוויזן אַז ער ווייס פון עפּעס. זיינען זיי געבליבן זיצן, זי, מיט איר מאַן, אַביסל געשוויגן, אַביסל גערעדט, גערעדט פון אַלערליי זאַכן, נאָר ניט פון דעם. אפשר האָט מען געדענקט דערפון, אָבער דעם געדאַנק האָט מען ניט געבראַכט איבער די ליפּן. גיין שלאָפן האָט זיך ניט געוואָלט כאָטש מען האָט שוין אויך קיין זאַך ניט געוואַרט, ניט זי. אָבער פּונקט צוועלף אין דער נאַכט, פּונקט צוועלף, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט זייער טיר־גלעקל פון אונטן. איר מאַן איז אויגנבליקלעך אַראָפּ. זי אַליין האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט זיך צו פרעגן וואָס עס קאָן באַדייטן?, פּלוצלינג האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר פון צימער וואו ברוך׳ל מיט זיין ברודער זיינען געלעגן, און ברוך׳ל איז ערשינען מיט דעם גאַנצן חן פון זיינע עלף יאָר. זיין פּנים האָט געלויכטן מיט פרייד.

— ער איז געקומען, — האָט ער פריילעך צו איר געזאָגט, — איך האָב געוואוסט אַז ער וועט קומען.

— ווער, ער? וועלכער ער?

— איך ווייס ווער, דו ווייסט אויך, — האָט ער פרייִדיג אויסגערופן, אַז זי אַליין האָט שוין אויך אָנגעהויבן צו גלויבן.

— גיי צוריק אין בעט! — האָט זי אים גענומען טרייבן און פאַר זיך אַליין שטיל געלאַכט.

אָבער באַלד האָבן זיך דערהערט איר מאַנ׳ס שווערע, איינזאַמע טריט איבער די שטיגן אָבער קיין שטימען האָט מען ניט געהערט. האָט זי

פאַרשטאַנען אַז ס׳איז געווען עפּעס אַ טעות. „ס׳איז געווען ניט צו אונז״, — האָט איר מאַן באַשטעטיגט, — ס׳איז געווען אַ טעות״. ווען זי האָט זיך אומגעקוקט איז שוין דאָס קינד אין צימער ניט געווען. זי ווייס ניט צי דאָס קינד איז אַוועק פאַר זיין פאָטער׳ס אַריינקומען, אָדער ווען ער האָט אים דערזען צוריקקומען אַליין. פון וואַנען אָבער דאָס קינד האָט זיך דערוואוסט פון דער גאַנצער געשיכטע איז אַ סוד. זי געדענקט ניט אַז זי זאָל אים האָבן עפּעס געזאָגט.

ווי אַזוי און ווען איז ער געריִרט געוואָרן? זי, זיין מוטער, וועט קיינמאָל ניט וועלן צולאָזן דעם געדאַנק, אַז ער איז געריִרט געוואָרן אין דער צייט ווען זי האָט אים געהייסן קוקן אויף זיין פאָטער׳ס טויטן קערפּער און געשריגען: ברוד׳ל, ברוד׳ל, ברוד׳ל זע! זע! זע! זע!... געשריגען הויך, ווי ניט מיט איר שטימע, ווייל ער איז אַריין צו זיי שוין אַ געריִרטער. אָבער ווען און ווי אַזוי — דאָס ווייס זי ניט. זי איז יענע טעג געווען אַזוי פאַרנומען מיט איר קראַנקן מאַן, אַז זי האָט זיך אויפן קינד ניט ריכטיג אומגעקוקט. זי ווייס אַז זיי האָבן אים אַרומגעשיקט — וואָס ווייס ער נעבעך? ער האָט אַזוי געגאַרט באַהילפיג צו זיין, גרייט געווען אַלץ צו טאָן, אָבער אַלץ אומזיסטע שליחות געווען... מער ווייס זי פון קיין זאַך ניט.

אָבער אַריין איז ער שוין אַ געריִרטער. פון וואַנען ער איז געקומען ווייס זי ניט. זי האָט געדענקט אַז ער איז מיט זיי, מיט אַלעמ, אַרום דעם נאַרוואַס אויסגעגאַנגענעם פאָטער זיינעם. וואָס האָט זי געקאָנט וויסן? דער צימער איז געווען פול. זי האָט אים די ערשטע דערזען אַריינקומען צו זיי. ער האָט געשמייכלט, יאָ, ברייט, ברייט געשמייכלט ווי נאָר אַ געריִרטער קאָן שמייכלען. וואָס האָט זי געקאָנט טאָן? האָט זי געשריגען, געשריגען, געשריגען: ברוד׳ל, ברוד׳ל, זע! זע! זי וואָלט אַליין פון זינען אַראָפּ אויב זי וואָלט ניט געשריגען. זי האָט געוואָלט אַראָפּשרייען, אַוועקשרייען די זינלאָזע, די שרעקלעכע פרייד זיינע. דאָס קינד אָבער האָט גאָרניט פאַרשטאַנען, עפּעס האָט ער איר געוואָלט זאָגן, עפּעס האָט ער געשעפּטשעט, געמורמלט ווי ער וואָלט געוואָלט איר אַיינרוימען אַ סוד. ווער האָט אים געקאָנט הערן, גוטע מענטשן האָבן אים זאָרגפעלטיג אַוועקגעפירט פון דער טרויעריגער סצענע, איר האָבן שכנות אַרומגע־רינגלט. זייט דאַן האָט זי אויף זיין געזיכט קיין שמייכל מער ניט געזען אַזוי ווי זי אַליין וואָלט דעם שמייכל פון אים פאַרטריבן... אָבער וואָס האָט ער אַזעלכעס דעמאָלט איר געוואָלט זאָגן? דאָס האָט זי זיך קיינמאָל ניט דערוואוסט. די מענטשן אַרום האָבן דוקא יאָ געהערט:

„מע קומט פון איבער די בערג, האָט דאָס קינד געשעפּטשעט, מע קומט פון איבער די בערג״...

# אַ באַקאַנטשאַפט

באַקאַנט האָבן זיי זיך גאַנץ צופעליג. מר. בען, אַ קליינער, דאַרער, עטוואָס פאַרעלטערטער טונקעלער מאַן איז געגאַנגען שנעל, שנעל, מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ צו זיך אַהיים, געאײַלט זיך צום עסן נאָך אַ טאָג אַרבעט. אַנטקעגן אים איז געגאַנגען דוקא לאַנגזאַם דער ברייטער, הויכער, רואיגער אויפן אויסזען, בערטשינסקי. און דער קליינער בען איז אַריינגעשפּרונגען אין ברייטן בערטשינסקין אַריין.

— אַנטשולדיגט, — האָט בען אַ מורמל געטאָן און אָפּגעשפּרונגען.

— ס׳מאַכט ניט אויס, — האָט בערטשינסקי אים אָפּגעענטפערט מיט אַ ברייטן שמייכל. — ווען צוויי מענטשן שטויסן זיך אָן איינער אין צווייטן הייסט עס אַז ס׳איז גוט פאַר זיי ביידן צו באַקענען זיך... מען קאָן אַמאָל ניט וויסן צו וואָס עס קאָן פירן.

בען, וואָס האָט קיין איבעריגע באַקאַנטשאַפטן ניט געהאַט, האָט אַ קוק געטאָן אויף דער הויכער און שיין געקליידעטער פיגור פונ׳ם אומבאַקאַנטן און געענטפערט:

— ס׳שאַדט קיינמאָל ניט זיך צו באַקענען מיט אַ מענטשן.

— איר וואוינט מסתמא אין דעם געגנט? — האָט בערטשינסקי געפרעגט. בען האָט אים אָנגעוויזן מיטן פינגער אויף זיין הויז, אַ רויטציגלדיגע, פיר־שטאָקיגע געביידע.

— אָט דאָ וואוין איך. איר זעט יענע פענסטער וואו ס׳איז די רגע ליכטיג געוואָרן, דאָס איז מיין דירה...

— די רגע ליכטיג געוואָרן, איז דאָך טאַקע אַ גוטער סימן, — האָט בערטשינסקי געלאַכט. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין וועסט־קעשענע אַ וויזיט־קאַרטע.

— איך הייס בערטשינסקי, איר זעט, יוסף בערטשינסקי, און דאָס איז מיין אַדרעס. איר קומט אַמאָל אין יענעם געגנט?

— ניין, ס׳איז וויט...

— איך, זעט איר, קום אין אייער געגנט אָפט... איר אַרבעט, מסתמא, אין אַ סטאָר? פאַרשטייט איך, אַ באַוויבטער? און קינדער?

— צוויי קינדער.

— טאָ גייט אַהיים צו אייער פרוי און קינדער.

און די צוויי האָבן זיך פריינדלעך צעשיידט.

„אַ מאָדנע באַגעגעניש" — האָט זיך בען געטראַכט אויפן קורצן וועג צו זיך אַ היים — טאָקע אומגעוויינלעך. וואָס קאָן אַזאַ מענטש פאַר־לאַנגען? גאָרניט, וויבאַלד קיין אינשורענס אַגענט איז ער ניט, דאַרף ער דאָך מיך זיכער ניט... וואָס פאַראַ שיינער אויסזען... וואָס פאַראַ שיינע פיגור... און אַ פריינדלעכער מענטש אויך דערצו... שיינט צו זיין אַ מאָדנער מענטש אָט דער בערטשינסקי..." בען האָט זיך ניט געגלויבט אַז בערטשינסקי וועט אים באַזוכן כאָטש יענער האָט זיך שיער אַליין ניט אַנגעבאָטן צו קומען צו אים.

ביי זיך אין הויז האָט בען ניט גלייך דערציילט פון דער באַגעגעניש. ערשט נאָכ'ן מאָלצייט האָט ער אָן שום הקדמות אַרויסגענומען בערטשינ־סקי'ס קאַרטע און אַוועקגעלעגט עס אויפן עק טיש לעבן זיך. די ערשטע צו באַמערקן די קאַרטע זיינען געווען די קינדער. זיין פרוי'ס אויג האָט עס געכאַפּט ווען ער האָט די קינדער אָפּגעטריבן פון קאַרטל.

— „בערטשינסקי, יוסף בערטשינסקי" — האָט זי געלעזן, — ווער איז ער עס?

— גאָרניט מיט גאָרניט...

ער האָט ווירקלעך ניט געוואוסט ווי אַזוי איר צו שילדערן די געשעעניש. דערציילן איר אַזוי ווי עס איז פאָרגעקומען טאָר מען ניט: זי וועט גלייך אָנהויבן צו דענקען, אַז עס איז ווער ווייס וואָס אַזעלכעס. זי איז אָבער צו אים צוגעשטאַנען און ער האָט איר דערציילט.

— ער האָט דיר געזאָגט אַז ער וויל אונז באַזוכן?

— אַזוי האָט ער געזאָגט.

די פרוי האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן טיש וואָס איז געווען אָנגע־שטעלט מיט די נאָך ניט אַוועקגענומענע געפעס פון סאַפּער, און בכלל אויף דער קיך וואו זיי זיינען געזעסן.

— אונזער פּאַרלאָר דאַרט האָט מיר אַ גרויסן טעם... ניט געהאַט אפילו די צייט אַ שטיקל אָרדענונג צו מאַכן דאָרט. ס'איז פשוט ניט שיין פאַר מענטשן...

דעם טיש האָט זי גלייך גענומען צוקלייבן.

בערטשינסקי האָט געהאַלטן וואָרט. צוויי וואָכן שפּעטער האָט ער זיך אַריינגעלאָזן צו די בענס. בען האָט שוין כמעט אָן אים געהאַט פאַר־געסן אויף אַזוי ווייט, אַז ווען דער גאַסט איז אַריינגעקומען האָט ער אים

ניט דערקאָנט. יענער אָבער האָט אים געגעבן אַ פריינטלעכן נייג מיטן קאָפּ, ווי צו אַן אַלטן באַקאַנטן:

— איר דערקענט מיך גאָרניט? כ'בין בערטשינסקי! — און ער האָט זיך הויך צעלאַכט. דאָס הויז האָט בערטשינסקי געפונען אין דער געוויינלעכער אָרדענונג, אָדער אומאָרדענונג. פרוי בען מיט וועלכער ער האָט זיך אַזוי העפלעך באַגריסט איז רויט געוואָרן און זיך אַנטשולדיקט פאַר אים. די קינדער זיינען גראָד אין הויז ניט געווען.

— אַ דאגה אייערע! — האָט ער באַרואיגט די פרוי. — ער האָט זיך אָפּגעזאָגט גיין ווייטער ווי די קיך, וואו ער האָט געפונען מאַן און ווייב. ער וויל זיך פילן ווי אַן אייגענער מענטש, האָט ער דערקלערט. עס איז ניט געווען קיין ליגן. ער האָט טאַקע אַזוי געוואָלט.

— בין איך, הייסט עס, אין אייער היים, מר. בען, — האָט ער געזאָגט אַריינזעצנדיג זיך אַ צופרידענער אין זיין שטול.

עס איז געווען אַ באַקוועמע קיך. פרוי בען איז אים אַ רגע אויס־געקומען באַקאַנט, די ערשטע רגע. זי האָט אויסגעקוקט איינגער פאַר איר מאַן; אויך אַ דינע פיגור אָבער אַזעלכע אומרואיגע אויגן. דער פאַרלאָר וועלכן דער גאַסט האָט געקאָנט זען פון זיין פּלאַץ, איז געווען האַלב באַלויכטן פון דעם ליכט אין די פענסטער פון די דירות נאָענט אַנטקעגן.

— מיר וואוינען דאָ סך הכל אַ פּאָר חדשים, — האָט בען געזאָגט.

— מיר האָבן פריער געוואוינט... — און ער האָט אָנגערופן די גאַס וואו זיי האָבן געוואוינט פינף יאָר נאָכאַנאַנד און וואו ער וואָלט נאָך עד היום געוואוינט ווען ניט זיין פרוי וועמען עס איז אייגעפאַלן אַ שגעון אַריבערצוציען זיך און אויסבייטן אַ שענערע דירה אויף אָט דער אָ.

— נאָך אַמאָל, וואו האָט איר געוואוינט, זאָגט איר? — האָט בערטשינסקי געפרעגט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז בערטשינסקין איז יענע גאַס געווען גוט באַקאַנט. ער אַליין האָט אַמאָל געוואוינט אַ דריי־פיר נומערן ווייטער, פּונקט דאָרט וואו בען האָט געוואוינט ווען ער איז נאָך געווען אומפאַרהייראַט. פרוי בען, איידער זי האָט חתונה געהאַט, האָט אויך געוואוינט אין יענעם געגנט און בערטשינסקי האָט געקענט איר הויז. אַלע צדדים זיינען געווען צופרידן מיט אָט דער צופעליגער קרובהשאַפט זייערער. האָט בערטשינסקי שוין געפּרוּווט אויסגעפינען, צי וויס ער ניט פון בענען נאָך עפּעס מער:

— האָט איר עפּעס אַ שייכות צו די „בענס"... — און בערטשינסקי האָט דערביי אָנגערופן אַ געוויסע פאַמיליע.

— ניין.

בערטשינסקי האָט אָנגערופן נאָך אַ נאָמען פון די „ביג בענס״, אָבער קליינער בען״ האָט אַלץ געענטפערט אַז ער געהערט ניט צו זיי.

— דו פאַרשטייסט, — האָט בען זיך פאַרענטפערט פאַר זיין פרוי, — מר. בערטשינסקי רופט אַלץ אָן גרויסע, רייכע פאַמיליעס... מיר זיי־נען אַ קליינע פאַמיליע, ס׳איז נאָר דערזעלבער נאָמען...

זיין פרוי אָבער האָט אים כמעט ווי ניט געהערט. זי איז שוין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע געדאַנקען און איר געזיכט האָט עס געצייגט. זי האָט קיינמאָל ניט געקאָנט לאַנג זיך רואיג אַמוזירן, שטענדיג געפונען עפּעס צו באַאומרואיגן זיך.

— ווי אַזוי קומט איר צו וואוינען אין יענע געסלעך? — האָט זי ווי פּלוצלינג זיך געווענדט צו בערטשינסקין.

— וואָס עפּעס איך? — האָט יענער צוערשט איר ניט פאַרשטאַנען.

זי האָט געענטפערט מיט אַ פאַרשטענדיקן שמייכל און איר מאַן האָט זיך גענומען אויסטייטשן איר שמייכל:

— פאַר אַזאַ מאַן ווי איר פּאַסט זיך עפּעס ניט. — האָט בען דער־ענדיגט מיט אַ זשעסט פון זיינע הענט.

— ס׳איז אַן אָרימער געגנט! — האָט די פרוי שטאַרק באַטאָנט דעם „ריש״ פון „אָרעמער״, און דאָס גאַנצע וואָרט ווי די פרוי האָט עס אַרויסגערעדט האָט ווי אַרויסגעשטעלט אָרעמקייט אין איר נאַקעטער הוילקייט, און ווי דאָס וואָלט ניט גענוג געווען האָט זי נאָך צוגעגעבן:

— „אַ געמיינער געגנד!״ — ווידער מיטן זעלבן שאַרפן „ריש״.

בערטשינסקי האָט דערפילט ווי דאָס קומט אים אין געזיכט. בען אָבער האָט האַרציק געשמייכלט פון זיין פרוי׳ס שאַרפן אויסדרוק.

— ווען האָט איר דאָרט געוואוינט? — האָט ער געפרעגט.

— אָ, מיט אַ צייט צוריק — אַ לאַנגע צייט צוריק... — עס איז געווען אַ ליגען און דער יונגער מאַן האָט זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנ־הייט.

— דאָס זיינען אַנדערע דבורים! — האָט די פרוי געזאָגט. — כ׳האָב גלייך פאַרשטאַנען אַזוי... איר האָט ליב, פאַרשטיי איך, אַמאָל צו פאַרבלאָנדזשען צוריק אין די אַלטע אָרעמע געסלעך, באַקוקן ווי עס זעט דאָ אויס?

ניט וויסנדיג ווי און וואָס צו ענטפערן האָט בערטשינסקי שוואַך געשמייכלט, זיך צוריקגעלענט אין זיין שטול און גענומען פאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס. די גאַנצע צייט האָט ער זיינע אויגן פון דער פרוי ניט אַראָפּגענומען.

— ניט אַלע קאָנען זיך אַרויפּאַרבעטן, — האָט די פרוי צוגעגעבן מיט אַ טיפן זיפץ און מיט אַ טיפע בענקשאַפט אין בליק — ס׳מוז זיין אַ באַזאָנדערע קראַפט...

— ס׳איז גאָרניט אַז מע ווייס נאָר ווי, — האָט בערטשינסקי געזאָגט וואָס ער האָט אַמאָל געהערט זאָגן.

בען האָט זיך צעלאַכט:

— אַזוי אַז מען ווייס נאָר ווי!, — האָט ער איבערגע׳חזר׳ט איניגע מאָל.

בערטשינסקי האָט געמוזט מיטלאַכן. פרוי בען אָבער איז געווען ערנסט. אירע אויגן זיינען איצט געווען נאָך אומרואיגער ווי געווײנטלעך. איז שוין בערטשינסקי אויך געוואָרן ערנסט.

— אַז מען וויל וויסן, קאָן מען וויסן, — האָט ער געזאָגט.

בען האָט ווידער אויסגעשאָסן אין אַ געלעכטער.

— ווער וויל עס ניט וויסן? — האָט ער געפרעגט.

בערטשינסקי איז שוין ניט געווען ווייט פון מיטלאַכן מיט בענען נאָר ער האָט זיך באַצייטנס אָפּגעהאַלטן, ווייל די פרוי האָט פאַרדריסלעך זיך געווענדט צו איר מאַן:

— וואָס קוועלסטו אַזוי אַן? אַ גליק האָט דיר געטראָפן, אַז דו ווייסט ניט ווי אַזוי — אַ גרויסער גליק דיר!

בען האָט זיך ניט געפונען געטראָפן פון זיין פרוי׳ס ווערטער. ער האָט זיך איבערגעבליקט מיט זיין גאַסט און געזוכט צו מאַכן אים לאַכן, נאָר יענער האָט געפילט אַז ער מוז באַרואיגן די פרוי:

— ס׳איז גאָר ניט... אַייער בען קאָן זיך נאָך אויך שיין אַרויפּ־אַרבעטן.

די פרוי האָט אים אָנגעקוקט.

— איר קאָנט זיך עס ניט גלויבן? — האָט ער געפרעגט, — איר קאָנט זיך עס ניט גלויבן? — ער האָט זיך אַליין אויך געפילט געטראָפן פון דער פרוי׳ס סאַרקאַסטישן שמייכל.

זי האָט ניט געענטפערט.

— ווי אַזוי? — האָט בען געפרעגט אין אַ טאָן, ווי עס וואָלט זיך דאָ געהאַנדלט פון אַנאַנדער פערזאָן, ניט פון אים אַליין, אַזוי אַז זיין פרוי האָט שוין אויך אַ שמייכל געטאָן. בען אָבער האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער.

— ווי אַזוי? — האָט בערטשינסקי אָנגעהויבן, ווי אַזוי?... ער האָט דערפילט ווי פרוי בען קוקט אויף אים פון אַ זייט. — מענטשן אַרבעטן זיך אַמאָל אַרויף דורך גוטע פריינט.

— דורך פריינט... — האָט בען געזאָגט און זיך עפּעס ווי אַ קרום געטאָן.

אָבער די פרוי, זי האָט איצט געקוקט בערטשינסקין אין די אויגן אַריין. איר בליק האָט געקאָנט אײַנבײַסן זיך אין אײנעם.

— וואָס? — האָט בערטשינסקי זיך איבערגעבויגן צו בענען, — איר קאָנט זיך גאָר ניט גלויבן אַז אַ מענטש קאָן העלפן אַ מענטשן?

— זײַן געזיכט האָט געפלאַמט.

פרוי בען האָט זיך אַ רוק געטאָן אויף איר שטול.

— אפשר — האָט בען צוגעגעבן — דאַרף מען דאָך געפינען דעם מענטשן! ווי קום איך צו אַזעלכע מענטשן?

איין רגע פריער האָט בערטשינסקי שיער ניט געזאָגט בענען אַז „אַפילו אַזאַ מענטש ווי איר, בען, קאָנט העלפן. איר קענט מיר אפשר העלפען מיט אַ ראַט, אָדער אַ גוט וואָרט". געזאָגט האָט ער אָבער:

— אפשר וועל איך זײַן דער מענטש — און געשפּירט אַז עס ווערט אים קאַלט אַרום האַרצן.

— איר? — האָט בען געשטוינט, ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ געהיימניס: — איר בערטשינסקי? דער פאַר אונז אומבאַקאַנטער בערטשינסקי? — איר? איר?...

„איר?" — האָט מרס. בען נאָכגעקרימט איר מאַן און זיך היל־כיג צעלאַכט. — קאָנסט זיך עס גאָרניט גלויבן, האַ? מר. בערטשינסקי קוקט דיר אפשר אויס ניט גרויס גענוג?

ביידע, בען און זײַן גאַסט, האָבן זיך צעלאַכט. בערטשינסקי וואָלט גאָר ניט געגלויבט אַז די פרוי איז פעאיג אויף אַזאַ האַרציגן און זאָרג־לאָזן געלעכטער. די פרוי האָט זיך אויפגעהויבן פון איר פּלאַץ, בערטשינ־סקי האָט איר נאָכגעפאָלגט, ער האָט שוין פריער געוואָלט אויפשטיין. בען האָט זיך אויך גענומען אַרויסקראַפּקען פון זײַן ווינקל. אַלע זיינען געבליבן שטיין אין מיטן צימער. בערטשינסקי האָט געזען ווי די פרוי מאַכט אויף אַן עקסטראַ ליכט. די אַטמאָספערע איז אויף אַמאָל געוואָרן יום־טוב׳דיגער. בערטשינסקי האָט זיך אַ רגע פאַרגעסן אָן אַלץ, אַזוי אומגעריכט איז ער צווישן פריינט, און דערצו נאָך דער העלד פונ׳ם אָוונט...

— איר, פאַרשטיי איך, האָט זיך אַליין צו עפּעס דערשלאָגן אין לעבן, — האָט די פרוי געזאָגט. — בערטשינסקי האָט זיך געפונען גע־שמייכלט פון איר הויכער מיינונג פון אים, דאָך האָט ער אײַנגעווענדט:

— ניין, ניין, איר זייט זיך טועה... איינער איז קיינער... קאָנט איר זיך פאָרשטעלן אין וואָסערע שרעקלעכע לאַגעס איך האָב מיך

שוין געפונען? — ער איז געוואָרן ערנסט און זיינע אויגן האָבן זיך פאַרטונקלט ווי מיט באַהאַלטענע טרערן. — איר, איר, — האָט ער זיך געווענדט צו בענען, איר האָט אַ היים... פינף יאָר, זאָגט איר, האָט איר געוואוינט אין איין דירה... איך האָב אַזוי פיל מאָל באַדאַרפט לויפן אין די מרחקים צו אַ פריינט איבערנעכטיגן אַ נאַכט... באָרגן אַן אַדרעס... איר האָט אַ שטעלע... איך פלעג קוקן דורך די ליכטיגע פענסטער פון סטאָרס אין די פינסטערע קאַלטע נעכט, קוקן מיט קנאה אויף אַזעלכע מענטשן ווי איר: „גליקלעכע מענטשן", — האָב איך געטראַכט — הויבן זיך אויף אין דער פרי און האָבן וואוהין צו גיין, וואו צו זיין דעם גאַנצן טאָג... איך בין אַמאָל אַזוי נאָכגעגאַנגען איינעם ביז צו זיין הויז... הע... הע... אויך אַזאַ קליינינקער ווי איר... וועט איר גלויבן, די קליינע דערשלאָגן זיך לייכטער ווי די גרויסע... עס איז זיי אויך בעסער אין פילע אַנדערע הינזיכטן... איר קאָנט ניט וויסן. המ. מען זעט אַמאָל אַ מאַן מיט אַ שיינער, גרויסער פיגור, מיינט מען צוערשט ווער ווייס ווער ס'איז. אָבער אַזוי שנעל ווי דער מאַן ווייזט זיך אַרויס צו זיין אַ נויט־באַדערפטיגער, אַז ער איז אויף צרות, איז מען אַן רחמנות זיך אַן אים נוקם פאַר דעם ערשטן ביסל רעספּעקט וואָס מע האָט אים אין אָנהויב ארויסגעוויזן. מ'האָט דאָס געפיל ווי יענער האָט זיי אָפּגענאַרט, אומישנע אָפּגענאַרט...

בערטשינסקי האָט גערעדט מיט האַרץ, מיט לידן אין געזיכט און אויסשליסלעך צו בענען. מיטאַמאָל איז ער שטיל געבליבן. ער האָט דערשפּירט אויף זיך דער פרוי'ס ברענענדיג אויג. אַ זאַנדערבאַר פייערל האָט דאָרט געלויכטן אַזוי, אַז דער גרויסער בערטשינסקי האָט שיער ניט אויפגעציטערט. ער האָט זיך אָבער אויגנבליקלעך קאָנטראָלירט:

— פאַרפלוידערט זיך, האַ? אַמאָליגע יאָרן, אָבער אַזוי פריש ווי נעכטן, ווי היינט... ווי קום איך אָבער צו רעדן דערפון? פון וואָס האָבן מיר געהאַט גערעדט? אַ, יאַ... פון אייך מר. בען.

בען איז שוין איצט אין גאַנצן געווען גלייכגילטיג צו בערטשינסקיס רייד, נאָר זיין פרוי, איז שוין ניט אָפּגעטראָטן פון בערטשינסקין. וואָס, למשל, קאָן ער טאָן פאַר איר מאַן? ווי אַזוי? ער האָט באַקאַנטשאַפט, פאַרבינדונגען, קאָן ער אים געפינען אָדער אַ שטעלע פון אַ מענעדזשער אָדער אַזוי עפּעס אַ בעסערע שטעלע. פון אַ מענעדזשער־שטעלע האָט בען ניט געוואָלט הערן. ס'איז געווען זיין פרוי'ס געדאַנק. בען האָט געהאַלטן אַז ס'איז ניט פאַר אים, געמיינט האָט ער אַז ער איז ניט פאַר דער שטעלע.

— אייער דאגה! — האָט בערטשינסקי זיך אַריינגעמישט, — זאָל זיין אַזוי אַ גוטע שטעלע...

— איר ווייסט וואָס כ׳וויל אײַך זאָגן, — האָט זיך בען ווי געבעטן רחמים, — לאָמיר נאָך בלייבן אַ שטיקל צייט וואו איך בין...

— ווי געפעלט ער אײַך? — האָט זיך די פרוי אַ נעם געטאָן צו איר מאַן, — וואָס האָבן מיר אַ גאַנצן אָוונט גערעדט? וואָס געדרייט אַ קאָפּ מר. בערטשינסקין?

בען האָט ענדלעך צוגעשטימט מיט אַזאַ טיפן זיפץ, אַז די אַנדערע האָבן זיך צעלאַכט. אין יענער מינוט זיינען בען׳ס קינדער אַריין, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען און אַ פיל אינגערער אינגעלע. מאַן און ווייב האָבן זיך אָן זיי אין גאַנצן געהאַט פאַרגעסן. בען האָט זיך צוגעכאַפּט צום אינגעלע, אָוועקגעזעצט אים אויף זיין קני און צוגעדריקט אים צו זיך ביז צום פאַרגיין זיך, אַזוי ווי עמיצער וואָלט אים דאָ געוואָלט שיידן פון זיין קינד. אַז מען וויל עפּעס צונעמען פון אים האָט דער מאַן ווירקלעך געפילט. צו דערזעלבער צייט האָט בערטשינסקי געזוכט צו באַקענען זיך מיטן שעמעוודיגן מיידעלע. אַלע פראַגען וואָס ער האָט איר געפרעגט זיינען איר אויסגעקומען אויסטערליש און איר געמאַכט צום לאַכן.

— האָסט ליב זינגען?

דאָס מאָל האָט זי אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף יע. פון זינגען אָבער האָט זי זיך אָפּגעזאָגט. האָט בערטשינסקי אַליין גענומען אַ פּאָר שיינע קרעפּטיגע טענער, וואָס האָבן אָנגעפילט דאָס צימערל. ס׳האָט ניט געהאָלפן. דאָס מיידל האָט גאָר געוואָלט עסן, — ניט זינגען...

דאָס וואָרט עסן האָט געווירקט ווי אַ כשוף. בערטשינסקי איז געווען דער ערשטער זיך מודה צו זיין אַז ער אַליין וואָלט איצט אויך עפּעס געגעסן. האָט ער פאָרגעשלאָגן צו טראַקטירן דעם עולם. קומענדיג אַהער האָט ער באַמערקט אַ דעליקאַטעסן־סטאָר אין קאָרנער מיט די ריכטיגע סחורה. עס האָבן ניט געהאָלפן קיינע איינווענדונגען, מען האָט געמוזט אָננעמען זיין פאָרשלאָג. בערטשינסקי האָט קיין ליגן ניט געזאָגט: ער האָט געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט, ווייל ס׳איז אַלץ געווען אַזעלכעס וואָס האָט זיך געלאָזט עסן: דער שמעקעדיגער אויפשניט, דאָס ביר, און די קנאַקעדיגע פלעצלעך האָבן געגרייצט זיין אַפּעטיט. דער „קליינער בען" איז ניט ווייט אָפּגעשטאַנען פון אים.

ווען בערטשינסקי האָט זיך ענדלעך געזעגנט מיט זיינע נייע פריינט אַ היים צו גיין זיינען שוין די קינדער געלעגן אין זייערע בעטלעך און געשלאָפן. בען האָט פאַרשלאָסן די טיר נאָך אים.

— אַ מאָדנער מענטש בערטשינסקי, — האָט ער שטיל געזאָגט צו זיין פרוי אין זייער שלאָף־צימער.

— כ׳האָב אים גאָר פאַרגעסן צו פרעגן מיט וואָס ער באַשעפ־טיגט זיך, — האָט זי געענטפערט אויך שטיל.

— מיר וועלן נאָך וויסן... מיר האָבן צייט. — האָט בען געענטפערט און זיך אויסגעטאָן. — דו מיינסט, — האָט ער ווייטער געזאָגט ווען ער האָט אויסגעלאָשן דאָס לעצטע ליכט, — כ׳האָב מורא צו זיין אַ מענעדזשער? ווייס איך וואָס? אויך מיר אַ גרויסע קונץ? וועסט זען, כ׳וועל זיך נאָך מישב זיין... — נאָך אַ קורצער פויזע האָט ער צוגעגעבן: איז עס ניט זאָנדערבאַר וואָס דו האָסט אָנגעצונדן דאָס ליכט אין הויז פונקט אין דער רגע ווען מיר האָבן זיך באַקאַנט דאָרט, אין דרויסן?...

אין דער זעלבער צייט האָט בערטשינסקי געשפּרייזט איבער די טונקעלע פאַרלאָזענע גאַסן פון דער גרויסער שטאָט. „הלוואי וואָלט איך זיי טאַקע געקאָנט העלפן!” — האָט זיך אים פון האַרצן אַרויס־געריסן אַ הייסער וואונש.

ער האָט זיך פאַרטיפט אין זיין אייגענער ביטערער לאַגע. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, וואָס ער איז געבליבן כמעט אָן אַ סענט צוליב דעם מאָלצייט דאָרט. ביטער, אָבער ס׳קאָן זיך דאָך פאָרט מאַכן אַזוי אַז...

ער האָט גענומען פאַנטאַזירן פון אַלערליי מעגלעכקייטן... „דו ביזט דאָך נאָך אַ יונגער אינגל, — האָט ער צו זיך געזאָגט, — ניט קוקנדיג אויף דיין בייזע גרויס... קאָנסט דאָך יעדן טאָג, אַפילו מאָרגן, וואָס עפּעס מאָרגן? פאַרוואָס ניט יעדע מינוט, אַפילו איצט דאָ, אויף דער איינזאַמער גאַס, נאָך איידער דו קומסט אַ היים אָנטרעפן דיין שאַנס... אָט דעם ריכטיגן מענטשן וואָס פאַרשטייט דיך, וואָס ווייס דיך מיט איין בליק... אַ שאָד וואָס ער האָט געטראָפן בענען ניט אַליין... אַ גרויסער שאָד... מיט אים אַליין וואָלט עס געווען גאָר אַנאַנדער שמועס... אַזאַ מענטש קאָן אַמאָל וויסן פון עפּעס... אַ שאָד”...

עס איז געווען אַ שיינע קלאָרע נאַכט. פּלוצלינג האָט בערטשינסקי זיך אויסגעגלייכט אין זיין גאַנצער שיינער פיגור. „מיטן קאָפּ וועסטו אָנליייגן, בערטשינסקי! און דיין וואָרט צו זיי וועסטו האַלטן. דו מוזט שאַפן פאַר יענעם דאָרט, — פאַר בעני׳ן, אַ מענעדזשער־שטעלע...

# גיטל

די באַלעבאָסטע, אַ שיינע בלאָנדע פרוי מיט אַ פּאָר בלויע, קלוגע אויגן, איז געשטאַנען אין קיך, אין אַ ראָזעווען מאָרגנראָק, אָנגעלענט אָן וואַנט, און געקוקט פאַרטראַכטערהייט פאַר זיך. די נייע דינסטמיידל, אין גאַנצן דעם דריטן טאָג אויף דער שטעלע, האָט שווייגנדיג געשניטן עפּעס אויף אַ ברעטל. עס איז געווען אַ קרעפטיג מיידל מיט אַ רויט־בליענדן געזיכט, קורץ־געוואָקסן און פעסט געבויט. זי איז געווען אין איר פופצנטן יאָר נאָר פון פיל עלטערן אויסזען, און זיך אומעטום אָנגעגעבן עלטער ווי זי איז. טאַק... טאַק . . . טאַק, — האָט זי געשיקט געהאַקט איבערן ברעטל. פּלוצלינג איז שטיל געוואָרן; דאָס מיידל האָט זיך אויך אויף אַ ווײַלע פאַרטראַכט און דערנאָך זיך ווידער גענומען האַקן מיטן מעסער, האַסטיגער ווי פריער. דאָס מעסער האָט שאַרף געאַרבעט אונטער דעם מיידל׳ס רויטע ברייט־פינגערדיגע הענט.

ביידע פרויען האָבן געשוויגן און ביידע האָבן פאַרשטאַנען פון וואָס יעדע דענקט. גיטל, די דינסטמיידל, האָט פאַרשטאַנען אַז איר באַלעבאָסטע פילט, אַז זי, גיטל, קען יעדע מינוט זיך אויפהייבן און אָנזאָגן איר, אַז זי גייט אַוועק פון דער שטעלע, און די באַלעבאָסטע האָט געפילט, אַז גיטל לעזט אירע געדאַנקען. ביידן איז געוואָרן קלאָר אַז זיי סימפּאַטיזירן איינע מיט דער צווייטער: דאָס מיידל וואָלט ניט וועלן פאַרלאָזן דאָס הויז, און די באַלעבאָסטע וואָלט אוודאי וועלן פאַרהאַלטן דאָס מערקווירדיגע מיידל. פונדעסטוועגן האָבן ביידע אויסגעמידן דירעקט צו ריידן וועגן דעם. די באַלעבאָסטע האָט געזען אַז דאָס מיידל קעמפט מיט זיך אַליין, און זי האָט מורא געהאַט אַז מיט דירעקטע ווערטער קאָן זי די זאַך ערגער מאַכן: אזוי אפשר וועט זי עס אויסקעמפן אין זיך אַליין — און בלייבן אויף דער שטעלע. פאַרוואָס אָבער זאָל זי גאָר האָבן צו קעמפן? פאַרוואָס זאָל זי קלערן אַוועקצוגיין פון אַ שטעלע וואו אַלץ — די אַרבעט, דאָס הויז, די מענטשן — געפעלן איר קענטיג זייער פיל, — האָט די פרוי בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין. אפשר האָט זי אַ

געליבטן און האָט מורא אַז מען וועט איר ניט לאָזן אים אויפנעמען ביי זיי ? ווער ווייס ? זי האָט געדענקט פון אַלערליי סברות.

פון דער פרוי וואָס האָט גיטלען געבראַכט אין הויז האָט די באַלעבאָסטע געהערט, אַז גיטלס לעצטע שטעלע איז געווען ביי אַ זייגער־מאַכער, וואו זי האָט זיך אויפגעהאַלטן אַרום אַ יאָר פאַר אַ קליינעם געהאַלט. אַוועק איז זי צוליב אַ פלוצלינגער מחלקה. די מחלקה אַליין האָט דער פרוי זייער אַמוזירט און איר געמאַכט פיל צו לאַכן. גיטל זאָל האָבן זיך אַריינגעמישט אין אַ קריג צווישן מאַן און ווייב: — ס'איז אַ חרפּה, — האָט זי געזאָגט איר באַלעבאָס, אַז אַ זייגערמאַכער זאָל אַזוי באַהאַנדלען אַ פרוי. — מאַן און ווייב זיינען זי באַפאַלן און גיטל איז אַוועק. זיי האָבן דערנאָך חרטה געהאַט און שטאַרק געוואָלט אַז זי זאָל צוריק־קומען. ניט אַנדערש, דאָס מיידל האָט אַ געליבטן, — האָט די פרוי באַשלאָסן.

— דו ווייסט, גיטל, האָט די פרוי ענדלעך געזאָגט, — כ'האָב מורא אַז דיר פעלט עפּעס דאָ ביי אונז און דו שעמסט זיך צו זאָגן.

גיטל האָט זיך אומגעדרייט, אַ קוק געטאָן אויף איר באַלעבאָסטע און געוואַרט וואָס זי וועט ווייטער זאָגן.

— פאַרשטייסט מיך, — האָט יענע פאַרטגעזעצט, — מיר ווילן אַז דו זאָלסט דיך פילן אַזוי ווי ביי זיך... קאָנסט אויפנעמען באַקאַנטע, פריינט, ווען דו ווילסט. ס'איז דיין הויז.

גיטל האָט איר צוערשט ניט פאַרשטאַנען, שפּעטער האָט זי אומעטיג געענטפערט, אַז זי האָט ניט קיין פריינט און עס איז ניטאָ ווער עס זאָל צו איר קומען.

— איינע אַליין גאָר ?

דאָס האָט דאָס מיידל ניט געוואָלט צוגעבן. וואָס הייסט, איינע אַליין ? — האָט זי געלאַכט, — אַז מען קען איר דאָ גוט, אַז מען ווייס ווער זי איז. פאַראַן דאָ שיינע עטלעכע פאַמיליעס פון זייער איראַפּעאישן שטעטל וואָס קענען איר און די איריגע אַזוי גוט.

— טאַטע און מאַמע וואוינען נאָך מסתמא אין דער אַלטער היים ?

ביי אַט דער פראַגע איז גיטל אַביסל אַריין אין אַ פאַרלעגנהייט. זי האָט ניט געקאָנט ענטפערן, אַז איר פאָטער האָט איר מוטער פאַרלאָזן נאָך איידער גיטל איז געבאָרן געוואָרן, אַז ער האָט צו זייער שטעטל ניט געהערט און מען האָט ריכטיג ניט געוואוסט פון וואַנען ער קומט, אַזוי ווי מען האָט ניט געוואוסט וואוהין ער איז אַוועק. אַז איר מוטער האָט איר, כמעט נאָך אַ זויגקינד איבערגעלאָזן מיט איר באָבען און איז אויך אַוועק — גאָט ווייסט וואוהין.

— ניין, — האָט זי געענטפערט, — ניט זיי. דער זיידע און באָבע... כ'מיין, דער זיידע, ווייל די באָבע לעבט שוין ניט...

— פאַרשטייסט, — איז די באַלעבאָסטע צוריקגעקומען צו איר געדאַנק, — וואָס איך האָב דיר געוואָלט זאָגן איז, אַז דו האָסט אַ שיין צימער פאַר זיך אַליין, ליכטיג, ריין, מיט אַ פענסטער אין גערטל אַרויס. געזען דעם גאָרטן? זומער, ווען עס וועלן זיך פאַנאַנדערבליִען די ביימלעך, וועסטו אים גאָרניט דערקענען. זאָלסט זיך פילן אַז ס'איז דיין צימער, אַ שטייגער ווי...

די פרוי האָט ניט דערענדיגט, ווייל גיטל האָט שעמעוודיג אַראָפּ־געלאָזט אירע אויגן. האָט זי באַשלאָסן צו לאָזן זי צו רו. עפּעס מוז דאָך זיין מיט דער מיידל.

אַ פּופצן מינוט שפּעטער ווען גיטל האָט געזען איר באַלעבאָסטע אַריינקומען פון עסצימער צוריק אין קיך אַריין, האָט זי זיך אָנגענומען מיט מוט און געזאָגט:

— כ'וועל אייך עפּעס פרעגן... — אירע קליינע אויגן זיינען נאָך קלענער געוואָרן און איר רויט געזיכט נאָך רויטער. — כ'שעם מיך אַפילו צו פרעגן, — האָט זי געלאַכט און אַנטבלויזט אירע געזונטע, קינדערישע ציין, — לייענט איר די צייטונגען? ווייסט איר אפשר וואָס הערט זיך מיט רחל'ען?

— מיט וועלכער רחל'ען?

— אָ, איר ווייסט ניט וועלכע רחל? — האָט זיך דאָס מיידל געוואונדערט, — די שיינע רחל, וואָס רויבער האָבן זי אַוועקגעפירט פון אירע ליבענדע עלטערנ'ס הויז. — „ליבענדע עלטערן" האָט אין גיטל'ס מויל געקלונגען ווי נאָר וואָס אַרויסגעלעזן פון אַ ראָמאַן. — אין אַ פינסטערער נאַכט זי אַרויסגענומען פון איר בעטל און זי דערצויגן צו העלפן זיי אין זייערע רויבערייען. איר ווייסט גאָרניט? ווי איז דאָס מעגלעך? — דאָס מיידעלע, רחל, איז געבליבן אַליין אין הויז, ביים עק פון אַ וויסטן געגנט. שוין דריי טעג אין דעם, ס'מוז זיין מער ווי דריי. ווען איך בין צו אייך אָנגעקומען איז געווען צוויי טעג. די רויבער האָבן געמוזט אָפּציען צוליב דער פּאָליציי. דאָס מיידל איז געבליבן אַליין... אַן אַלטער מאַן וואָס האָט שוין פון לאַנג געוואָרפן אַן אויג אויפן קינד קאָן אָנקומען יעדע מינוט... ווי אַזוי האָט איר עס ניט געלעזן? די צייטונגען שרייבן שוין אַ שיינע פּאָר וואָכן דערפון, שרייבן יעדן טאָג...

די פרוי האָט ליבלעך געשמייכלט.

— אין מיין צייטונג שרייבט מען ניט פון רחל׳ען... — און זי האָט איר דערקלערט, אַז די געשיכטע מיט רחל׳ען איז ניט קיין אמת׳ע געשעעניש, נאָר אַן אויסגעטראַכטע מעשה.

— וואָס הייסט אַן אויסגעטראַכטע מעשה? — האָט גיטל פּראָטעסטירט. — ווער האָט אויסגעטראַכט? אַז מען גיט אַלעמען נעמען, איר נאָמען און פאַמיליע, אפילו די נעמען פון די פעטערס און מומעס און אַלע פריינט און וואו זיי וואוינען: די גאַס און נומער?...

— נו, און נעמען קען מען ניט אויסטראַכטן? — האָט די פרוי געפרעגט און גוטהאַרציג געשמייכלט.

— צוליב וואָס אויסטראַכטן? נאָך וואָס גלאָט אין דער וועלט אַריין דערציילן ליגנס? וואָס האָבן זיי דערפון? וואָס קומט זיי אַרויס?

וויפיל די באַלעבאָסטע האָט ניט געזוכט צו דערקלערן דער מיידל, האָט זיך גיטל פאָרט געהאַלטן פעסט ביי דאָס איריקע.

— עפּעס אמת מוז דאָ זיין... אינגאַנצן אַ ליגן קאָן עס ניט זיין! ווי אַזוי קאָן מען עס גאָר אויסטראַכטן אַזאַ זאַך? אַלץ אַזוי ריכטיג, מיט די אַדרעסן, שטעט, באַנען... מיט אַזויפיל פּערזאָנען... אַלץ לייגט זיך דאָך אַזוי אויפן זינען... דער בריוו וואָס די עלטערן האָבן געשריבן צום רב פון שטאָט, אַזאַ הייליגער מענטש יענער. יעדע געשיכטע, אויב איר ווילט וויסן, אַפילו קינדערישע געשיכטעס, מוז זיין אַ ביסל אמת. עפּעס מוז דאָרט ליגן, אַנדערש קאָן עס ניט זיין!...

גיטל האָט שטאַלץ אויפגעהויבן איר קאָפּ און טיף אַריינגעקוקט אין איר באַלעבאָסטעס אויגן.

— אין וועלכן בלאַט האָסטו עס געלעזן? — האָט די באַלעבאָסטע געפרעגט.

— כ׳ווייס ניט... איך אַליין האָב עס ניט געלעזן...

— קענסט ניט לעזן? — האָט די פרוי מיט מיטלייד געפרעגט.

— איך קען ניט, — האָט גיטל שטיל און פאַרשעמט געענטפערט.

— כ׳קען ניט לעזן, אָבער איך פאַרשטיי מיך אויף אַ זייגער...

— פאַרוואָס זאָלסטו זיך ניט אויסלערנען צו לעזן?

— איך שעם מיך... כ׳האָב שוין געהאַט געקלערט פון אַ לערער, נאָר איך שעם זיך. כ׳קאָן נאָך גאָרניט. און ס׳מוז זיין אַזוי שווער...

ס׳איז ניט אַזוי שווער... אָט האָסטו זיך דאָך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין זיך אויף אַ זייגער...

— אויף אַ זייגער איז עפּעס אַנדערש... ס׳איז שוין אַ געשיכטע פון אַ צוויי־דריי יאָר צוריק. אויפן זייגער האָט מיך אויסגעלערנט מיינס אַ פריינט. — גיטל האָט געפילט אַז דאָס בלוט קומט איר אין געזיכט אַריין

ביי וואָרט „פריינט״: אפשר האָט זי ניט דאָס רעכט אָנצורופן מיטן נאָמען „פריינט״ יענעם יחסנ׳דיגן אינגל, וואָס פלעגט זיך אָפט לוסטיג מאַכן איבער איר, האָט איר אָבער ליב געהאַט און האָט איר געטאָן טובות.

ס׳איז ניט געווען דאָ אין אַמעריקע, — האָט זי צוגעגעבן, — ער האָט מיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין זיך אויף אַלערליי זייגערס...

— און ווער האָט דיר די געשיכטע געלעזן? — האָט די פרוי געוואָלט וויסן.

— אַ מיידל. מיר פלעגן שלאָפן צוזאַמען. זי איז אַ קרענקלעך מיידל. איך פלעג איר גוט איינרייבן פאַרן גיין שלאָפן און זי פלעגט מיר לעזן פון דער צייטונג. אויף יענער שטעלע...

— זיי האָבן דיר ניט געגעבן אַ באַזונדער בעט?

— זיי האָבן ניט געהאַט. זיי זיינען געווען אָרעמע מענטשן. ביידע פאַרנומען אין קראָם ביז שפּעט אין אָוונט.

גיטל איז אַ ווײַלע אַרויס נאָך עפּעס.

— אַ מאָדנע זאַך, — האָט זי געזאָגט ווען זי איז צוריקגעקומען, — אַ מאָדנע זאַך, אַ געשיכטע. פאַרוואָס איז עס אַזוי? עס צעשטערט די רו. מען דאַרף נאָר הערן די ערשטע פּאָר ווערטער, ווי אַזוי עס הייבט זיך דאָרט אָן, און שוין, ציט עס שוין אינעווייניג און מאָנט... ס׳קאָן אַמאָל אַזוי מאָנען אַ גאַנץ לעבן לאַנג אויב מען זאָל ניט וויסן דעם סוף. מען בענקט שרעקלעך, ווי נאָך אַן אייגענעם אָדער נאָך אַ גוטן מענטשן, וואָס מען האָט באַגעגנט און זיך קורץ געשיידט... ס׳גייט דורך אַן אימה.... כ׳פאַרשטיי ניט פאַרוואָס עס איז אַזוי? פאַרוואָס איז עס אַזוי?

גיטל האָט פאַרקלענערט דאָס פייערל אונטער אַ טעפּל, גענומען אַ בערשטל אין האַנט, עס באַטראַכט אַ ווײַלע, און דאַן זיך געווענדט צו איר באַלעבאָסטע וואָס איז דערביי געזעסן אויף אַ שטול.

— מיט אַ צייט צוריק, האָב איך געדינט אין אַ פאַמיליע, ניט דאָ, אין דער היים נאָך, ניט ווייט פון מיין אייגן שטעטל. פלעגט צו זיי אַמאָל אַריינקומען אַן עלטערער מאַן, ער שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן, אַ הויכער, דאַרער מאַן, מיט איינגעפאַלענע באַקן, אַ גרויליך באָרד, שוואַרץ-גרויליך און מיט אַזאַ שיינעם שטערן. דעם שטערן פלעגט ער שטענדיק ווישן מיט אַ רויט טיכעלע, אַלעמאָל ווישן, כ׳ווייס ניט פאַרוואָס... אַ שיינער שטערן... אַ שיינער מאַן אויך. מען פלעגט אים דאָרט רופן „דער אָנקל״, נאָר ער איז ניט געווען זייער אָנקל. כ׳ווייס ניט ווי אַזוי ער האָט זיך אָנגעהערט צו זיי. פלעגט ער דערציילן געשיכטעס! אה! פון וואָסערע מענטשן, פון וואָסערע מקומות! מען זעט עס גאָר ניט, מען הערט גאָר ניט פון אַזעלכע זאַכן. ער פלעגט עס דערציילן פאַר די

קינדער דאָרט, נאָר אַלטע האָבן אים אויך געהערט אַזוי גוט ווי די קינדער. כ׳זאָג אייך אַזוי גוט ווי די קינדער, און איר מעגט מיר גלויבן. איך האָב געהערט ווינציג פון די געשיכטעס, איך בין דאָך געווען מייסטנס פאַר־נומען. איינמאָל, איך וועל עס קיינמאָל, דוכט מיר, ניט פאַרגעסן, בין איך פונקט געווען דערביי ווי ער האָט אָנגעהויבן אַ געשיכטע גלייך פון אָנהייב אָן, מיט אַלעמען גלייך. עס האָט מיר קיינער קיין וואָרט ניט געזאָגט, פאַרקערט, די באַלעבאָסטע האָט נאָך צוגעשמייכלט צו מיר. עס איז אפשר געווען די שענסטע געשיכטע וואָס איך האָב ווען געהערט. זי האָט זיך געצויגן ווי אַ וואַלד, וואָס ווייטער און ווייטער איז אַלץ ווייטער און געדיכטער . . . ווי אַזוי וועט עס זיך דאָ ענדיגן! ווי אַזוי וועט עס זיך אַלץ ענדיגן? מען קען ניט וויסן, מען מוז וואַרטן און הערן, וואַרטן און הערן, כאָטש דאָס האַרץ גייט אויס. אַ געשיכטע פון אַ יתום און אַ יתומה, ניט קיין מאַמע, ניט קיין טאַטע, ניט פאַר מיר געדאַכט, ניט פאַר קיינעם געדאַכט. פון דער געשיכטע האָב איך געמוזט אַוועקגיין אין מיטן. שרעקלעך! וואָס? פלוצלינג אָנגעדרייט זיך דער באַלעבאָסטעס ברודער און אַוועקגעשיקט מיך אויף אַ נויטיגן גאַנג. ווי אַ משוגענע בין איך גע־לאָפן צוריק. ס׳איז מיר פונקט איינגעפאַלן צו לויפן צוריק מיט אַן אַנדער וועג, געמיינט ס׳וועט אויסקומען קירצער. אין שטאָט אָבער בין איך ניט געווען באַקאַנט, כ׳בין אין גאַנצן צען יאָר אַלט געווען, האָב איך מיר זיך פאַרבלאָנדזשעט, געפלויגן הין און צוריק איבער די זעלבע שמאָלע געס־לעך מיטן פעקל אין דער האַנט, ווי איך וואָלט מיך געפונען אין אַ פאַסטקע, און שיער ניט געוויינט פון פאַרדרוס. ס׳האָט אפשר ניט געדויערט אַזוי לאַנג ווי ס׳האָט זיך מיר געדוכט. ווען איך האָב מיך ענדלעך אַרויסגעפּלאָנטערט אויף אונזער ברייטער גאַס, איז שוין געווען צו שפּעט. ביים ערשטן בליק צו אונזער הויז האָב איך דערזען דעם מאַן אַרויסגיין. אַ פּאָר טריט פון שוועל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע, אַריינגע־נומען די באָרד צווישן די פינגער, אַ גלעט געטאָן, און זיך געלאָזן גיין. איך בין געבליבן שטיין אויף מיין אָרט מיטן פעקל אין דער האַנט און געוואַרט. ער איז געגאַנגען אַזוי געלאַסן און פאַרטראַכט. ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר מיר, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיר, כ׳האָב געמיינט אַז ער דערקענט מיך. ער אָבער האָט נאָר אַרויסגענומען דאָס רויט טיכל און איז אַוועק פאַראויס געלאַסן ווי פריער. האָט מיך ניט דערקאַנט . . . ווען איך בין אַריין, האָב איך געפונען אַ גאַנצע איבער־קערעניש. ער האָט די געשיכטע ניט געהאַט דערענדיגט. שפּעטער, דעם זעלביגן טאָג, איז געקומען מיין זיידע און מיך צוגענומען אַהיים. זינט דעמאָלט האָב איך שוין געפרעגט פאַרשיידענע מענטשן צי זיי וויסן

די זעלביגע געשיכטע. קיינער ווייס ניט, קיינער האָט ניט געהערט. מיט וואָס עס האָט זיך אויסגעלאָזן דאָרט, ווייס איך עד היום ניט.

די גאַנצע צייט וואָס גיטל האָט גערעדט האָבן אירע אויגן ווי פאַרקלענערט זיך און פאַרשפּיצט, כאָטש זיי האָבן געלויכטן מער ווי געוויינלעך. זיי האָבן געקוקט ווי אין זיך, אָדער אין עפּעס, וואָס קיינער אַ חוץ איר האָט ניט געקאָנט זען. איצט, אַז זי האָט געענדיגט און האָט זיך געפונען אין מיטן קיך אַזוי נאָענט פאַר איר באַלעבאָסטע מיט אַ פּיכט בערשטל אין איר האַנט, האָט זי זיך קענטיג פאַרשעמט. זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן פייכטן בערשטל, וואָס זי האָט נאָך אַזוי פעסט געהאַלטן.

— כ׳קאָן גאָרניט טאָן, — האָט זי געזאָגט מיט אַ טרויעריגן שמייכל, — די הענט נעמען זיך ניט צו דער אַרבעט... זיי זיינען מיר שווער ווי קלעצער...

— בענקסט נאָך דער פריערדיגער שטעלע?

— נאָך דער שטעלע? ניין, ניט נאָך דער שטעלע. וואָסער שטעלע איז עס געווען?...

— בענקסט נאָך דער מיידל?...

— נאָכן מיידל יאָ... ס׳איז געווען אַזוי גוט ביינאַכט פאַרן שלאָפן גיין... מיר ביידע און...

— און וואָס? — האָט די פרוי געפרעגט מיט אַ שמייכל, — כאָטש זי האָט גוט געוואוסט וואָס.

כ׳וועל מוזן צוריקגיין דאָרט, — האָט דאָס מיידל אַזוי שולדיג געזאָגט, — לאָזט מיך צוריקגיין, — האָט זי זיך געבעטן אַזוי קינדיש און מיט דער פרייער האַנט האָט זי ווי געפּרואווט פאַנאַנדערבינדן פון הינטן איר פאַרטעך...

# אַ שאלה

אַ צימער אין אַ רבים הויז. פון די צוויי אָפענע פענסטער זעען זיך די פּאָר שיינע ביימער פון הויף און אַ היפּש שטיק הימל. דער רב — אַ מאַן פון אַ יאָר פופציג, האָט אַ קורצע שוואַרצע באָרד, אַ געדיכט קאָפּ האָר און קלוגע אויגן. ער זיצט פאַר אַ לענגלעכן טיש און אַנטקעגן אים זיצט אַ פרוי פון איידעלן אויסזען, גרויע האָר, נעט געקליידט. זי קוקט זיך אַרום. די טיר פון צימער איז אָפן.

**פרוי:** יאָ, איך האָב געהערט אַז איר זייט זייער... אַ גוטער מענטש, רבי. זייער אַ גוטער מענטש.

**רב:** אָבער וואָס קאָן איך טאָן פאַר אייך, ליבע פרוי?

**פרוי:** דאָס ווייס איך ניט... (פאַרצווייפלט) עס איז מיר זייער ביטער... ביטער ווי דער טויט... (שטעלט זיך אָפּ און באַגעגנט דעם רבים געדולדיגן בליק פון דערוואַרטונג, זעצט פאָר:) צען וואָכן ווי איך בין אַן אלמנה... (ברעכט אויס אין טרערן) מיין מאַן איז געווען אַ בלעכער... פערציג יאָר געלעבט צוזאַמען. קיינמאָל פון אים קיין קרום וואָרט ניט געהערט. געהאַט אַ גאָלדענע האַרץ. האָט מיך אָפּגעהיט ווי... ווי...

**רב:** באַרואיגט אייך, איר ברויכט זיך ניט איילן.

**פרוי:** יאָ, אַ דאַנק אייך, רבי. האָב איך ניט געוואוסט פאַרוואָס זיך צו נעמען. כ'האָב קיינמאָל ניט געאַרבעט אַ חוץ אין הויז פאַר זיך, פאַרשטייט זיך, אַ באַלעבאָסטע געווען. ער האָט מיך קיינמאָל ניט געלאָזט אַרבעטן, כ'מיין פאַר יענעם אין אַ שאָפּ... בין איך געבליבן אַזוי, ניט געוואוסט וואָס מען טוט...

**רב:** אייער מאַן איז ניט אינשורט געווען?

**פרוי:** יאָ געווען אינשורט, ווי דען אַנדערש? נאָר עס איז כמעט ווי גאָרניט געבליבן. פאַרקרענקט. ער איז געווען אַ לאַנגע צייט קראַנק. אַ פּאָר הונדערט דאָלער געבליבן אין גאַנצן...

**רב:** און קינדער? האָט איר קינדער?

**פרוי:** איין טאָכטער, אַ בת יחידה. מער ניט געהאַט.

רב : אַ פאַרהייראַטע ?

פרוי : יאָ, פאַרהייראַט. האָט אַ אינגעלע... פיר יאָר אַלט... האָב איך זיך אריבערגעצויגן צו מיין טאָכטער. זיי זיינען צוגעשטאַנען צו מיר, זי און איר מאַן. זיבן וואָכן ווי איך וואוין ביי זיי. פיר די גאַנצע באַלעבאַטישקייט, קאָך, וואַש, טו אַלץ אין הויז. (זי קוקט אָן דעם רב, וועלכער שאָקלט מיטן קאָפּ.)

רב : און וואָס ?

פרוי : איז מיר שלעכט, איז מיר שלעכט...

רב : מען באַהאַנדלט אייך ניט ריכטיג ?

פרוי : כ'ווייס ניט ווי אייך צו זאָגן... כ'ווייס אַז ס'איז מיר ניט גוט...

רב : רעדט אַז איך זאָל אייך קענען פאַרשטיין, ליבע פרוי.

פרוי : ער לאָזט מיר ניט דעם ביסן אַראָפּשלינגען...

רב : אייער איידעם ?

פרוי : מיין איידעם...

רב : פאַרגינט אייך ניט דאָס עסן ?

פרוי : אפשר פאַרגינט ער מיר ניט דאָס עסן. ווער ווייס אים דאָרט. כ'מיין ניט דאָס. כ'מיין אַז ער לאָזט מיר ניט דעם ביסן אַראָפּשלינגען.

רב : (קוקט אָן די פרוי פאַרדעכטיגט) ווי אַזוי מיינט איר ?

פרוי : ער לאָזט מיר ניט מיין ביסן אַראָפּשלינגען. קוקט אַמאָל פון ווינקל פון אויג אַרויס, אַמאָל גלייך צו מיין גאָרגל צו (ווייזט אָן מיט איר פינגער אויף איר גאָרגל) בשעת איך עס און וואַרט אַזוי ביז וואַנען איך וועל דעם ביסן אַראָפּשלינגען... ער טוט עס אָפּט אַזוי...

רב : וואָס איז ער אויסן מיטן קוקן ?

פרוי : כ'ווייס ניט וואָס.

רב : זייט איר זיכער אַז ס'דוכט זיך אייך ניט אויס ?

פרוי : אוודאי בין איך זיכער. די ערשטע צייט האָב איך געדענקט אַז ער זעט עפּעס ביי מיר אויפן האַלז, האָב איך מיר צוגעקוקט צו זיך אין שפּיגל. ס'איז דאָרט גאָרניטאָ וואָס צו זען. אַלץ אַזוי ווי ביי אַלע מענטשן.

רב : האָט איר אים געפרעגט פאַרוואָס ער קוקט אויף אייך אַזוי ?

פרוי : איך האָב אים ניט געפרעגט. ער רעדט ניט צו מיר... האָט אויפגעהערט צו רעדן צו מיר.

ער : ער ענטפערט אייך ניט ווען איר רעדט צו אים ?

פרוי: איין מאָל האָט ער מיר ניט געענטפערט ווען איך האָב זיך געווענדט צו אים מיט עפּעס אַ פראַגע, האָב איך שוין מער ניט געפּרוּווט. איך בין ניט געוואוינט אַז מען זאָל מיר ניט ענטפערן. מיין מאַן ע"ה... ווען מיין מאַן האָט געלעבט... מיין איידעם אָבער גייט אַרויס אינדערפרי אָדער קומט אַריין אין אָוונט אַן אַ גוטן טאָג, אָן אַ גוטן אָוונט. גייט פאַרביי אַזוי ווי ער וואָלט קיינעם פאַר זיך ניט געזען...

רב: וואָס זאָגט אייער טאָכטער אויף דעם? וויים זי דערפון?

פרוי: אפשר ווייס זי, אפשר ניט... זי איז פאַרנומען די צייטן.

רב: זי אַרבעט ערגעץ?

פרוי: זי אַרעבט ניט, אַזוי פאַרשמאַיעט. זי מעבעלירט איבער דאָס הויז, דאָס גאַנצע הויז.

רב: ווי אָפט קומט איך אויס צו עסן מיט אים?

פרוי: מיר פלעגן עסן צוויי מאָל אַ טאָג צוזאַמען. איך עס ניט מער ווי צוויי מאָל אַ טאָג. איצט עס איך שוין פאַר זיך...

רב: אייער טאָכטער לאָזט אייך עסן איינע אַליין?

פרוי: זי לאָזט מיך. איך געפין שוין אַן אויסרייד.

רב: עסט איר, הייסט עס, איינע אַליין?

פרוי: יאָ. איך עס נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין אָפּגעגעסן. ניט אַליין, דאָס קינד איז מיט מיר...

רב: איר עסט צוזאַמען מיטן קינד, מיטן אינגעלע?

פרוי: ניין, דאָס קינד עסט מיט זיי. ער קוקט מיר אין מויל ווי איך עס, קוקט מיר אויך אין מויל אַריין.

רב: מיין ליבע, גוטע פרוי, דאָס מוז איך אייך שוין זאָגן: איר שמועסט זיך עפּעס איין. איר נעמט אויף זיך אומזיסטע ליידן. וואָס ווייס אַ קינד פון פיר יאָר? ס'איז דאָך אייער קינד אויך, פאַרגעסט ניט. אַ קינד האָט ליב זיך צוקוקן צו וואָס די גרויסע טוען. איר עסט, קוקט ער זיך צו ווי אַזוי איר עסט. וואָלט איר עפּעס אַנדערש געטאָן, וואָלט איר אויך געהאַט זיינע אויגלעך אויף זיך. וואָס ווייס אַ קליין קינד?

פרוי: איך זאָג ניט אַז דאָס קינד ווייס. ס'איז מיין קינד. אָבער קוקן — קוקט עס. ער האָט זיין טאַטנס אויגן, פּונקט די זעלבע אויגן... גרויסע, גרינלעכע, שאַרף גרינלעכע אויגן. זעלטן צו זען אַזעלכע אויגן. זעט מען זיי איין מאָל, געדענקט מען זיי. איך שמועס מיר קיין זאַך ניט איין.

רב: וויפיל, זאָגט איר, האָט אייער מאַן איבערגעלאָזן?

פרוי: איבערגעלאָזן ווייניג. אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר אין גאַנצן.

רב: אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר איז טאַקע ניט פיל, נאָר...

פרוי: דאָס געלט איז שוין אויך ניטאָ...

רב: איר האָט עס פאַרניצט?

פרוי: איך האָב עס אַוועקגעגעבן מיין טאָכטער.

רב: דאָס הייסט דאָך ניט, שוין ניטאָ.

פרוי: זי האָט עס שוין פאַרניצט, אײַנגעקויפט פאַרשידענס... זי מעבלירט איבער דאָס גאַנצע הויז...

רב: נו, און ער, אייער אײדעם, גלויבט איר, וועט אייך דאָס געלט ניט צוריקגעבן?

פרוי: ער וועט ניט צוריקגעבן. ער האָט געמיינט אַז ס'איז געבליבן מער געלט. מיין טאָכטער האָט מיר געזאָגט אַזוי.

רב: אַז וואָס?

פרוי: אַז ער קאָן גאָר ניט גלויבן, אַז עס זאָל האָבן געבליבן אַזוי ווייניג.

רב: ווען האָט זי עס אייך געזאָגט?

פרוי: געזאָגט נאָך די ערשטע פאָר וואָכן, גאָר פון אָנפאַנג נאָך.

רב: מיט וואָס באַשעפטיגט זיך אייער אײדעם?

פרוי: ער איז אַ זייגערמאַכער. האָט אַ סטאָר טאַקע דאָ אין קאָר־נער, אויב איר האָט באַמערקט. ער זיצט פאַר די פענסטער פון סטאָר מ׳יסטענס... קוקט אַריין אין די זייגערלעך. (די פרוי בלייבט זיצן ער־שטעפּט).

רב: זייט ניט פאַרצווייפלט, גוטע פרוי, נאָר ניט פאַרצווייפלט. מיר וועלן זען וואָס מע קאָן דאָ טאָן פאַר אייך...

פרוי: איך וויל דאָרט ניט זיין, כ'וויל ניט פאַרבלייבן מיט זיי.

רב: איר ווילט ניט פאַרבלייבן מיט זיי. דאָס פאַרשטייט זיך. מיר וועלן זען... (קוקט אַרויס פאַרטראַכט דורך די פענסטער).

פרוי: (שלאָגט איבער דעם רבי'ס געדאַנקען פלוצלינג) רבי! איך האָב אייך עפּעס געוואָלט פרעגן, שיער ניט פאַרגעסן נאָך וואָס איך בין געקומען. ס'איז אפשר אַ נאַרישקייט, איר וועט דאָך וויסן, רבי. איך בין געווען נאָך גאָר אַ קינד ווען איך האָב עס געהערט, אַרום 12 יאָר אַלט. קאָן עס זיין אמת? מע זאָגט אַז די וואָס קומען אום מיט זייערע אייגענע הענט ערוואַרט זיי אַ גאָר באַזונדערע שווערע שטראָף: מע לאָזט זיי ניט צו צו די אַנדערע מתים, מע האַלט זיי באַזונדער. קאָן אַזאַ זאַך מעגלעך זיין?

רב: (שפּרינגט אויף פון זיין אָרט אין אימה) וואָס רעדט איר, פרוי! וואָס רעדט איר! מען טאָר אַזעלכע געדאַנקען אין קאָפּ ניט טראָגן, איר

**הערט? אַלץ, אַלץ וועט רעכט ווערן, ליבע פרוי, זייט נאָר געדולדיק.**
(באַמערקט אַז די פרוי הערט אים ניט, זעט אים ניט, זי רעדט צו זיך אליין).

**פרוי**: **נאַרישקייטן, נאַרישקייטן, עס קאָן ניט אמת זיין, עס קאָן ניט...**

**רב**: (רופט דורך די אָפענע טיר זיין פרוי) **שרה'לע, שרה'לע,, קום אַהער אויף אַ ווײַלע...**

**(פאָרהאַנג)**

# ביים אויספּאַקן

— ביסט דאָ ? — האָט קופּער צוריקקומענדיג פון גאַס סתם אַזוי אַ פרעג געטאָן ביי זיין פרוי.

— וואו דען זאָל איך זיין אויב ניט דאָ ? — האָט זיין פרוי אים געענטפערט, אַרויפקוקנדיג צו אים מיט איין אויג, ווייל מיטן אַנדערן האָט זי אויפגעפּאַסט אויף אַ טאָפּ ביים זידן.

ער האָט גליקלעך אַ לאַך געטאָן ביי איר „וואו זאָל איך זיין ?" אַרום האַרצן האָט אים אַ קיצל געטאָן.

— פון וואָס לאַכסטו דאָס אַזוי ? — האָט די פרוי אין אַן ערנסטן טאָן געפרעגט. — איצט איז זי געשטאַנען פאַר אים אין איר שיינעם וואוקס, אירע רונדע בלויזע אָרעמס אַראָפּגעלאָזן. איר קאָלירטער פאַר־טוך, וואָס זי האָט געטראָגן, האָט איר נאָך צוגעגעבן מער רייץ און חן אין זיינע אויגן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו שמייכלען.

— איך לאַך ניט... איך שמייכל... מיר געפעלט דער לאָמפּ דאָרט אין אונזער עס־צימער... איך האָב געטראָפן מיטן לאָמפּ...

ער האָט זיך ניט געפרעגט, פאַרוואָס ער זאָגט איר ניט, אַז דאָס לאַכט ער פון גרויס צופרידנהייט מיט אַלעס און הויפּטזעכלעך מיט איר. קיין פאַנטאַזיע, קיין איבריגען חוש האָט זי ניט, — האָט ער זיך געטראַכט. — נעמט אַלץ אָן ווי עס וואָלט געווען אַזוי פון ששת ימי בראשית אָן. אים אָבער האָט די גאַנצע געשיכטע ניט אויפגעהערט טיף צו רירן.

אין אמת'ן, פערציק יאָר האָט ער אָפּגעלעבט אָן איר, ניט געוואוסט אַז עס עקזיסטירט אַזאַ פרוי, קיינמאָל דעם נאָמען אירן ניט געהערט. ער קען זי נאָך אַפילו איצט ניט רעכט גענוג. האָבן זיי אָבער חתונה געהאַט און — וואָס פאַראַ אומגלויבלעכע ענדערונג! אַט פרעגט זי אים שוין: „וואו זאָל איך זיין אויב ניט דאָ ?" אין זיין הויז, אין זייער הויז. און זאָל איינער אַ פרעג טאָן ווי לאַנג איז עס נאָך זייער חתונה ? — קיין צוויי וואָכן ניט, איז וואו זאָל זי טאַקע זיין ? זי האָט דען אַנאַנדער היים איצט ? זי פילט זיך דאָ זייער היימיש האָט ער

באָמערקט. שלאָפט אַזוי זיס און געשמאַק... שוין געהאַט דאָ אַ פּאָר חלומות, האָט זי אים דערציילט, און געראָדע גוטע חלומות. גע־בראַכט פאַרשטייט זיך, אירע קישענס און קאָלדרעס, איר גאַנץ ביסל האָב. ניט נאָר דאָס, ער, קופער, האָט אויף אַמאָל אויפגעהערט צו זיין דער פּריוואַטער מענטש וואָס ער איז אַ גאַנץ לעבן, קאָן מען זאָגן, געווען. אַרונטער אין גאַנצן אונטער איר רשות.

— לאָמיר טאַקע אַ קוק טאָן אויפן לאָמפּ, — האָט די פרוי גע־זאָגט און איז אַריין פון קיך אין צימער. — איך האָב נאָך דעם לאָמפּ רעכט ניט אָנגעקוקט.

ער האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פרישן געלעכטער פון איר נאַאיווי־טעט.

— מיטן טיש אויך געטראָפן, — האָט ער געזאָגט, און אַ זעץ געטאָן איבער דעם טיש מיט דער אָפענער האַנט. — געזען אַ טיש? אַ פעסטונג! — עס איז געווען אַ סאָלידער טיש נאָר קופער האָט גע־דענקט מער פון זיין פרוי׳ס שיינער און פעסטער פיגור ווי פון טיש. ווייטער באַהאַלטן זיינע געפילן האָט ער שוין ניט געקאָנט, האָט ער זי אַרומגעכאַפּט אַרום טאַליע.

— גיי שוין, גיי שוין, — האָט זי אים אָפּגעשטופּט, — מאַך דיך ניט נאַריש, איצט איז ניט די צייט.

— עס פעלט דיר אַ געוויסער חוש; מיין ליבע, — האָט ער איר אָפן געזאָגט.

— איך ווייס דאָרט וואָס דו רעדסט... האָט זי געענטפערט און איז אַרויס צוריק אין קיך.

עס איז געווען זיין ווירקלעכע מיינונג. ער האָט אָפט געטראַכט ווען מען וואָלט איר אַריינגעלאָזן אין גן־עדן אַריין, וואָלט זי דאָרט אויך געפונען אַלץ אַזוי זעלבסט־פאַרשטענדלעך, וואָלט זיך באַלד אָפּגעזוכט איר אַרבעט און געטאָן דאָס איריגע אַזוי געוויסנהאַפטיג און געלאַסן ווי דאָ ביי אים. ער האָט זיך דערפון ניט מצער געווען, ס׳איז נאָך אפשר פיקאַנטער אַזוי. אַבי ער פילט דעם טעם, די פּאָעזיע. אפשר איז עס אַנדערש? — ער פילט די פּאָעזיע, ווייל זי אַליין איז עס די פּאָעזיע! פּאָעזיע אין איר יעדן קער און ריר.

קופער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש. „וואָס ער האָט עס אָנגע־וואָרן, האָט ער געטראַכט, צוליב דעם וואָס ער האָט אַזוי שפּעט גע־הייראַט, צו פערציק יאָר. ביז פערציק יאָר כמעט קיין פרוי ניט גע־קענט.״ אויף אַ בויגעלע פּאַפּיר וואָס איז געלעגן אויפן טיש, האָט ער אָנגעשריבן מיט זיין בליישטיפט די ציפער 15, — די 15 יאָר וואָס ער

האָט אָנגעוואָרן. „פופצען“, פאַרוואָס ניט אַכצען? וואָס איז דאָ מיט אים געווען? ער האָט דאָך געדענקט אַזוי פיל פון פאַרהייראַטן לעבן, פלעגט זיך אָפט רייבן אַרום ניי־פאַרהייראַטע, נאָכגעקוקט, נאָכגעשפּירט, נאָכגעפרעגט זיך און דאָך פאַרבייגעלאָזן גאַנצע אַכצען יאָר. איצט האָט ער געגלויבט אַז זיינע פריינט זיינען באַגאַנגען אַן עולה קעגן אים, וואָס זיי האָבן אים געלאָזן אַזוי אַרומגיין. פאַרפאַלן.״ ער האָט זיך אויפגעהויבן, זאַרגפעלטיג צוזאַמענגעלייגט דאָס בויגעלע פּאַפּיר, — הגם אויסער דעם אויסגעשטראָכענעם 15 און דעם 18 איז עס געווען אַ בלאַנק בויגעלע פּאַפּיר, — עס פאַרשטופּט אין אַ וועסט קעשענע צוזאַמען מיטן בליישטיפט. „ס'איז מיר פאַרבליבן נאָך גענוג“, — האָט ער זיך געטרייסט.

קופער איז צוגעקומען צום שוועל און געבליבן שטיין. זיין פרוי האָט זיך איצט געגריבלט אין איר טראַנק און זיך ניט אומגעקוקט אויף אים, געזוכט עפּעס צווישן אירע זאַכן וועלכע זי האָט נאָך ניט איינגאַנצן געהאַט אויסגעפּאַקט. ער האָט געקוקט אויף די אומבאַקאַנטע זאַכן און די נייקייט פון זיין פאַרהייראַטן לעבן האָט זיך אים פּלוצלינג באַוויזן אין אַ נייער ליכט.

— אַ גרויס פון אַ טראַנק, — האָט ער באַמערט. דער טראַנק איז אים איצטווירקלעך אויסגעקומען גרעסער ווי ער האָט געדענקט. „אַזאַ טראַנק“... — ער האָט ניט דערענדיגט. געמיינט האָט ער, אַז אַזאַ טראַנק איז דאָך אַ גאַנץ לעבן, אַ גאַנץ לעבן אַן אים... אַזאַ טראַנק האָט וואָס צו דערציילן... קופער'ן איז איינגעפאַלן, אַז ער האָט נאָך אַפילו ניט ריכטיג אויסגעפרעגט זיין פרוי ווער זי איז? ווער איר מאַן איז געווען? פאַרוואָס זיי זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען? עס האָט זיך אַלץ ניט געמאַכט די געלעגנהייט פאַר דעם. איין אָוונט, מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, האָט ער איר שטימע דערהערט זיצנדיק ביי זיך אין צימער. זי איז געווען אויף אַ באַזוך ביי די לייטע וואו ער האָט געוואוינט און ער איז אויפן שטעל פאַרכאַפּט געוואָרן: אַלץ וואָס איז צאַרט, נאָך וואָס ער האָט אַזוי לאַנג געבענקט, האָט געציטערט אין דער שטימע. אַ פּאָר טעג שפּעטער האָבן זיי חתונה געהאַט.

קופער איז צוגעקומען נענטער צום טראַנק: מאָדנע קעסטעלעך וואָס מע זעט עס גאָר ניט, פאָטאָגראַפיעס פון אומבאַקאַנטע פאַרשוינען מייסטנס פון מענער. ווער זיינען זיי?

— דו ווייסט, — האָט ער אָנגעהויבן אין אַ ניט גאַנץ רואיגער שטימע, — מיר האָבן זיך נאָך ניט רעכט צוזאַמענגערעדט... אמת אַזוי?

זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים פון איר שטול און געוואַרט אויף דאָס ווייטערע. ער האָט אַ שוואַכן שמייכל געטאָן.

— איך מיין, מיר קענען זיך ביידע נאָך ניט רעכט...

זי האָט ניט אויפגעהערט צו קוקן אויף אים מיט דיזעלבע וואַרטענדע אָבער העכסט רואיגע אויגן. — איז ער געוואָרן אַביסל פאַרלעגן: אפשר טויג גאָר ניט צו רעדן אַזוי?

— קומט דיר ניט פאָר מאָדנע, וואָס מיר וויסן נאָך אַזוי גוט ווי גאָר ניט איינער פון צווייטן. מאַן און ווייב און... קענען זיך ניט... האָסט גאָר ניט מורא געהאַט צו קומען לעבן מיט מיר?

— מורא? — האָט זי געפרעגט, — פאַרוואָס זאָל איך האָבן מורא?

— איך מיין ניט געגוי מורא... עס פאַרשטייט זיך, ניט די מורא אַז איך קאָן דיך חלילה, עפּעס שלעכטס טאָן... — וואָס איך מיין איז... עס ווילט זיך דאָך וויסן מיט וועמען מע גייט לעבן...

— מען וועט לעבן וועט מען וויסן. וואָס קאָן מען וויסן פאַראויס?

— האָט זי אים מאָדנע אָנגעקוקט...

— יאָ, האָט ער איר איבערגעשלאָגן, ס'איז אמת, אָבער דאָך... ס'איז לייכט צו זאָגן מען וועט זען... נאָך דער חתונה איז שוין צו שפּעט צו זען...

— פאַרוואָס עפּעס צו שפּעט? ס'איז קיינמאָל ניט צו שפּעט. אַז מען טרעפט ניט, צעגייט מען זיך...

די פרוי האָט אירע ווערטער אַרויסגעזאָגט אַזוי קאַלטבלוטיג, און גענומען צוריקלעגן אין טראַנק אַ קעסטעלע, וואָס זי האָט געהאַט אַרויסגענומען. קופער האָט זיך אַביסל דערשראָקן. ס'איז אויסגעקומען אַז אָט אָט בלייבט ער מיט זיין דירה אָבער אָן אַ ווייב. „די פרוי דענקט, הייסט עס, אַז זי קאָן יעדע מינוט זיך אויפהויבן, פאַרפּאַקן צוריק איר טראַנק, צונעמען אירע קאָלדרעס און זיבן זאַכן און זיי מיר געזונט.“ ער איז געבליבן שטיין ווי אַ נאַר, אומבאַהאָלפן. וואָס זאָגט מען אַזעלכער? ווי האַלט מען איין אַזאַ פרייע באַשעפעניש?

— אַזוי גאָר! — האָט ער ענדלעך געזאָגט, מען נעמט און מען צעגייט זיך —אַ הפקר וועלט... מ'איז דאָך עפּעס מאַן און ווייב...

— ער האָט איר פאַרקוקט אין די אויגן מיט געבעט, ווי ער וואָלט צו איר געזאָגט: פאַרשטייסטו גאָרניט די גרויסע געהיימניס פון פאַמיליען לעבן? וואָס אייגענטלעך איז דאָ פאַרגעקומען? — מ'איז דאָך מאַן און ווייב, — האָט ער ווידערהאָלט. — וואָס וועסטו זאָגן אַז מאַן און ווייב איז עפּעס אַ קלייניקייט? ניט איין נשמה, ווי מע רופט עס? האַ? ניט איינס?

— חס וחלילה, — האָט זי געענטפערט, — אוודאי איינס...
ווי דען אַנדערש? אַ שיינע געשיכטע... — איצט האָט זי דאָס קעס־
טעלע וואָס זי האָט געהאַט צוריקגעלעגט אין טראַנק ווידער אַרויסגע־
נומען און קופער האָט זיך דערפילט עטוואָס רואיגער.

— טאָ וואָס זאָגסטו פאַנאַנדערגיין זיך? גיי שוין! מען טאָר
ניט רעדן אַזוי...

— געוויס ניט, — האָט די פרוי ערנסט געענטפערט, קענטיג
אונטער דעם איינפלוס פון זיין ערנסטקייט. און זי האָט אים צוגעשיקט
אַ באַרואיקנדיגן און צוזאָגנדיגן שמייכל...

קופער אָבער איז פאָרט נאָך ניט געווען אין גאַנצן רואיג. ער האָט
זיך דערמאָנט אַז ער ווייס נאָך אַלץ ניט, וואָס ער האָט געוואָלט וויסן.
איצט פיל מער ווי פריער איז ער געווען אומגעדולדיג צו דערגיין אַלץ.
ער איז דורכגעלאָפן עטלעכע מאָל איבערן עס־צימער און דאַן צוריק
אַריין אין קיך.

— זאָג מיר, כ׳בעט דיך, — איז ער גלייך צוגעטראָטן צום ענין,
— פאַרוואָס זייט איר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען?

— מיט וועמען? — האָט זי געפרעגט אַזוי געפאַסט און רואיג.

— וואָס הייסט מיט וועמען? מיט יענעם, מיטן פריערדיגן מאַן
מיין איך...

— אָ! מיטן פריערדיגן מאַן... מיינסט דאָך מיטן צווייטן?

— מיטן צווייטן? וואָס, דו האָסט דען געהאַט אַן ערשטן?

— ווייסט גאָרניט? כ׳וואָלט געשוואוירן אַז דו האָסט געוואוסט...

קופער׳ן איז געוואָרן קאַלט אַרום האַרצן. זי האָט אים אָנגעקוקט
מיט קינדישע אויגן. עס האָט זיך אים ניט געלאָזט גלויבן, אַז זי האָט
ווירקלעך געהאַט אַן ערשטן. ער האָט איר געקוקט אין די אויגן און
געוואַרט. זי האָט זיינע בליקן רואיג ערווידערט.

— וואָס איז ער געווען? — האָט ער ענדלעך געפרעגט.

— אַ קירזשנער.

קופער׳ן איז אַזש געוואָרן ענג אין האַלז — אַ קירזשנער, אַ קירזש־
נער, זאָגסטו? — ס׳איז הייסט עס, טאַקע ווירקלעך געווען אַן ערשטער.
אַ ווייטער, וואָכעדיקער קירזשנער דאָרט, האָט זיך אַזוי אינטים אַריינ־
געמישט אין זיין לעבן. געלעבט ווער ווייס, ווי לאַנג מיט זיין ווייב,
מיט זיין בערטען, אין דער צייט וואָס ער אַליין האָט זיך מסתמא אַרומ־
געדרייט אַ בענקענדיגער איינער אַליין, געכאַפּט הונגעריגע בליקן דאָ
און דאָרט...

— דו זעסט, — האָט זי באַמערקט אַנווייזנדיג אויף אַ שנירל קרעלן אַרום איר האַלז, — די קרעלען האָב איך פון אים.

ס׳בלוט איז אים אַזש געקומען אין געזיכט.

— דיינע קישנס אָדער דעקעס זיינען אפשר אויך פון אים נאָך?

— ניין, דאָס בעטגעוואַנט ניט...

אין זיין געדאַנק האָט ער קלאָר געזען ווי זי פאַרלאָזט דעם ערשטן, נעמט מיט מיט זיך די זאַכן, אייגענע און שותפות׳דיגע, ווער ווייס איר, פעקעלט זיך איבער שפּעטער מיט די זאַכן צום צווייטן, און נאָך שפּעטער צו אים, דעם דריטן...

— ווי לאַנג אַ שטייגער האָסטו געלעבט מיטן קירזשנער? — ער האָט זיך געוואונדערט ווי אַזוי ער האָט געקאָנט אַרויסברענגען די שרעקלעכע ווערטער פון זיין מויל.

— זעקס יאָר...

— און מיטן צווייטן?

— דריי...

„און איך וועל מיט דיר קיין איין טאָג לענגער ניט לעבן — האָט ער איין רגע שיער ניט אַ שמיץ געטאָן איר אין פּנים. — גיי, טראָג דיך מיט דיין טראַנק, מיט דיינע דעקעס צו אַ פערטען, אַ פינפטען, אַ פינפטען, אַ זעקסטען — ווערעס עסק איז עס"...

נאָר ער האָט געוואוסט אַז ער וועט איר די ווערטער ניט זאָגן, קיינמאָל ניט זאָגן. „פאַרוואָס קומט עס מיר אַזוי?" — האָט ער זיך נאָר געקאָנט פרעגן, אַזוי ווי קיין אַנדערן וואָלט אַזעלכעס ניט געטראָפן. ער וועט איר די ווערטער קיינמאָל ניט זאָגן. ער איז דאָך אַזוי שוואַך קעגן איר. ווי זי שטייט עס דאָ און קוקט אים אַזוי געדולדיק אָן, פאַרשטייט אפשר גאָרניט וואָס עס קומט אין אים פאָר. ניין, איר גלייכגילטיקייט איז ניט קיין געמאַכטע און ס׳איז ניט קיין געמאַכטער רייץ. אַזוי איז זי, ווי אַ שיין בלימעלע אין פעלד וואָס בויגט זיך כסדר פון ווינט... נאָר זי האָט אַ געוואַלטיגע קראַפט... לאָזן איר גיין צו אַנאַנדערן נאָכדעם ווי זי איז שוין געווען מיט יענע צוויי? ניין, קופער, דאָס ניט! קופער האָט דערשפּירט אַז זי ווערט אים טייערער און ליבער, יעדע מינוט, איז ער צוגעגאַנגען צו איר און אָנגעהויבן זי צו גלעטן, גלעטן איבערן קאָפּ, איבערן האַלז, איבער אירע שיינע אָרעמס. טרערן זיינען אים געשטאַנען אין די אויגן.

— און פאַרוואָס האָסטו זיך געשיידט... מיטן צווייטן? — האָט ער געפרעגט און זיינע גלעטענדע הענט האָבן אַ ציטער געטאָן. — ער האָט דיך ניט געוואָלט? האַ?

— ער האָט מיך ניט געוואָלט? ווער האָט עס דיר געזאָגט?
— קיינער האָט מיר ניט געזאָגט, איך פרעג, ווייל איך וויל וויסן...
— ער וויל מיך נאָך היינט אויך, — האָט זי געענטפערט באַפריי־ענדיק זיך פון זיינע הענט.
— היינט אויך?
— פאַרוואָס ניט היינט אויך? ער איז מיר גענוג נאָכגעלאָפן...
— און נו?...
— און נו..., האָט זי אים נאָכגעקרימט, — איך וויל אים ניט...
— דו ווילסט מיך?
— דיך יאָ.. נאָר דיך, נאָר דיך...
קופּער'ס האַרץ איז אין אים אויפגעגאַנגען פון פרייד.
— ער האָט זיך צו שפּעט אַרומגעזען? — האָט ער גליקלעך גע־לאַכט, — אַ ביסעלע צו שפּעט. — „אַזוי איז עס — איז אים דורכ־געלאָפן אַ געדאַנק, — איינער כאַפּט פון צווייטן. ס'איז אַ האַרצלאָזע וועלט".
— וואָס פאַר אַ פויגל איז ער עס יענער? — האָט ער געפרעגט אַזוי ווי עס וואָלט אים טאַקע אינטערעסירט.
— ער איז ניט קיין פויגל...
זי האָט זיך דערמאָנט אָן עפּעס און אַרויסגעשוועבט פון צימער. קופּער האָט מיט פרייד נאָכגעקוקט איר גראַציעזע און שיינע פיגור אַרויסשוועבענדיק פון צימער, און געטראַכט פון די פילע גליקלעכע יאָרן, וואָס שטייען אים פאַר מיט איר.

# האַלבוועגס

„מימי, מימי!״ — האָט אָפּגעקלונגען מרס. בערקאָ'ס קלאָרע און האַרציקע שטימע אין איין צימער און אין אַ צווייטן. — „וואו ביזטו מימי?״

מימי האָט זיך ניט אָפּגערופן. אין שלאָף־צימער איז זי אויך ניט געווען, נאָר דאָרט האָט מרס. בערקאָ זיך אָפּגעשטעלט פאַרן שפּיגל: אַ קוק געגעבן אויף איר שיין פּנים, אויף איר פיגור, אַ דריי געטאָן איין בלאָנדן קרייזל איבער אַ פינגער, אַ צווייטן, פאַרקוקט זיך אין די ווינקלען פון די אויגן, אויסגעשטרעקט דעם האַלז, דאָס אַלץ לאַנגזאַם און ניט פאַרגעסנדיג אָן מימי'ן וועלכער זי האָט צווישן איינס און דאָס אַנדערע ניט אויפגעהערט צו רופן שוין אין אַ לאַנגווייליגער שטימע: „מימי, מי—מי״. — „זאָל זיין זי איז גאָר דרויסן?״, — האָט זי זיך געפרעגט ווען זי איז אַוועק פון שפּיגל. אָבער אַזוי שנעל ווי די פרוי איז אַרויס פון שלאָפצימער האָט זי זיך געפילט אַרומגענומען אַרום די קני פון הינטן, טאַקע פון איר פיר און האַלב יעריקער טאָכטער מימי.

— וואו ביזטו געווען? האָסט ניט געהערט אַז איך רוף דיך?

די שוואַרץ־אויגיגע, טונקל־הויטיגע מיידל האָט אָנגעוויזן מיט'ן פינגער אַז זי איז געשטאַנען הינטער דער טיר פון צימער.

— וואָס האָסטו דאָרט געטאָן?

— געקוקט דורך אַ שמאָל, שמאָל שפּאַרונקעלע.

— געקוקט אויף וואָס?

— אויף דיר, מאַמעניו... געוואָלט זען וואָס דו טוסט ווען דו ביזט אַליין.

— מעג מען עס?

— פאַרוואָס ניט?

— ווייל מע טאָר ניט.

— און אַז מע וויל וויסן?

— מע טאָר ניט וועלן.

— מע מעג, — האָט די קליינינקע געזאָגט מיט אַ קלוגן וואונק פון איר שוואַרץ אויג, און ביידע האָבן זיך צעלאַכט און אַוועק אין קיך האַנט אין האַנט. פאַרבייגייענדיג פאַר איר פאָטער'ס שרייבטיש האָט מימי איבער אים אַ קלאַפּ געטאָן מיט דער גאַנצער ברייט פון איר קליין הענטל, איינמאָל און נאָכאַמאָל.

— וואָס האָט דאָרט דער פּאַפּאַ אין שופלאָד?

— פּאַפּירן.

— וואָסערע פּאַפּירן?

— אַלערליי.

— דו האָסט זיי געזען?

— אַנדערע יאָ.

— ער האַלט זיי פאַרשלאָסן, אמת? פאַרוואָס פאַרשלאָסן?

— זיי זאָלן ניט פאַרלאָרן גיין.

—"זיי זאָלן ניט פאַרלאָרן גיין" — האָט מימי נאָכגעזאָגט איר מוטער. — „פּאַפּירן, אַלערליי פּאַפּירן", — האָט זי איבערגעזאָגט — „ס'איז דאָרט גאָרנישט ניטאָ". דאָס לעצטע האָט זי געזאָגט שוין צו זיך אַליין. מיט אַ שטיפערישן מאַך מיטן קעפּל.

באַהאַלטנדיג זיך הינטער דער טיר פריער איז די קליינע מימי ניט אויסן געווען מער ווי צו באַהאַלטן זיך, אָבער ניט נאָכצושפּירן איר מוטער. פון פריערדיגער ערפאַרונג האָט זי שוין גוט געוואוסט אַז איר מוטער איז די זעלבע ווען זי אַליין, ווי ווען מיט אַנדערע — איר ליבע מוטער וואָס זי האָט אַזוי גוט געקענט. דאָך איז עס געווען אַ פאַקט אַז די קליינינקע האָט ליב געהאַט נאָכצושפּירן מענטשן. אייגענע צי גאָר ווילד פרעמדע, איבערהויפּט באַאָבאַכטן ווען יענע דענקען אַז קיי־נער באַמערקט זיי ניט... זי פלעגט זיך ניט געפינען אין אַ פאַרלעגנ־הייט ווען מע האָט דערשפּירט איר בליק אויף זיך און זיך אָנגעטראָפן מיט איר אויג אין אויג. זי פלעגט בלייבן אויף איר אָרט און ווייטער קוקן מיט דעמזעלבן קלוגן שמייכעלע אַרום אירע קוריעזע ליפּעלעך אַזוי ווי זי וואָלט געבליבן צו שטודירן דעם עפעקט פון זייער פלוצלינגער באַגעגעניש. זי האָט געהאַט אַ זאָנדערבאַר כאַראַקטעריסטיש שמייכעלע. איז עס מעגלעך אַז עס איז געווען ניט מער ווי אַ צופאַל דעם קינד'ס געזיכטסצי־גע, וואָס האָט געשפּילט מיט איר אויבערליפּ איבער דעם בליאַסק פון די האַלב פאַרדעקטע ציינדלעך, מיטן טיפן בליק פון די שיינענדע אויגלעך? צופיל איראָניע, צופיל פאַרשטאַנד איז אין דעם שמייכל געלעגן פאַר אַ קינד אין אירע יאָרן, איבערהויפּט נאָך וואָס צוליב אירע מיניאַטורנע געזיכטסציגע האָט זי אויסגעזען נאָך יונגער ווי אירע יאָרן. שוין מיט אַ

האַלב יאָר צוריק, ווען מימי איז געווען פיר יאָר אַלט, האָט אַמאָל איר פאָטער נייגיריג באַטראַכט זיין קינד און זיך געפרעגט וואָס באַדייט איר זאָנדערבאַרער שמייכל. מימי האָט זיך דעמאָלט געשפּילט מיט אַ גרופּע קינדער אין פּאַרק, זיי האָבן געטאַנצט אַזאַ מין טאַנץ און דערביי אַזוי ערנסט געזונגען די נאַאיווע ווערטער פון אַ קינדער־ליד. — „באַ־טראַכט נאָר גוט אונזער מימי", — האָט בערקאָ געזאָגט צו זיין פרוי וואָס איז געזעסן לעבן אים. מרס. בערקאָ האָט אויך קיין אַנדער זאַך ניט געטאָן, ווי נאָר נאָכגעפאָלגט די באַוועגונגען פון קינד. זי האָט געמאַכט אַ באַמערקונג אַז זייער מימי איז די שענסטע, די רייצענדעסטע פון אַלע אַנ־דערע קינדער. ער האָט איינגעשטימט מיט איר, ער האָט אָבער געוואָלט וויסן עפּעס אַנדערש.

— קוק זיך נאָר גוט צו, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — אונזער מימי, דוכט זיך אַ קינד ווי אַלע קינדער און דאָך אַנדערש: ווי געוויסנ־האַפט, ווי חנ'עוודיג, זי גייט דורך די גאַנצע פּראָצעדורע פון טאַנץ און געזאַנג. באַטראַכט נאָר דעם שמייכעל פון קינד, דוכט זיך דיר ניט אַז דאָס נעמט אַן עלטערע פּערזאָן אָנטייל אין קינדער שפּיל? ווי זי שמייכלט עס אונטער פון אַלעם?

מרס. בערקאָ האָט אַ שמייכל געטאָן.

— מימי איז קליגער פון זיי.

אַזוי האָט זי פאַרשטאַנען איר מאַנ'ס געדאַנק. ווען מימי איז צוריק־געקומען פון שפּיל האָט זי איר אַ קוש געטאָן אויפן ליפּ. דערמיט האָט זיך עס געענדיגט פאַר איר, ווייל מער דערפון האָט זי ניט געדענקט. ניט אַזוי מר. בערקאָ.

יאָרן איידער מימי איז געבאָרן געוואָרן, איידער אַפילו בערקאָ האָט באַגעגנט זיין פרוי, האָט ער זיך איין שיינעם זומער מאָרגן געפונען אין די „פּאַליסיידס". ער איז געזעסן איינער אַליין הויך איבערן האָדסאָן אויבן אויפן פעלז, וואו דער פעלז איז געווען אַזוי פלאַך ווי אַ טיש און ניט פיל גרעסער. ער האָט געקוקט אויפן קלאָרן הימל איבער אים, אויף די בוימער דאָ און דאָרט אַרום, אויפן אָפּגרונט אונטן און האָט פון קיין זאַך ניט גע־דענקט אַ חוץ וועגן דעם אַז ער זיצט הויך און ס'איז אים גוט. פּלוצלינג האָט ער דערזען אַ פּאָר טריט פון זיך, הויך אויפן פעלז, אַ מאָדנע קליינע חיה'לע וואָס קוקט אים אָן. ער האָט ניט געזען פון וואַנען און ווען זי איז געקומען. ער האָט אַזאַ פאַנטאַסטישע באַשעפעניש נאָך קיינמאָל ניט געזען: אַזוי קליין, מיט לאַנגע שוואַרץ און ווייסע פאַסן פוןביידע זייטן פון רויט־לעך פעל. עס קוקט אַזוי לאַנג אויף אים מיטן לאַנגן בויגן פון בושיגען עק פון הינטן אין דער לופטן, טרעט ניט אָפּ, קוקט, קוקט לאַנג... האָט

ער זיך דערשראָקן פאַר אָט דער באַשעפעניש. „עס איז דער גייסט פון אָרט״, — איז אים דורכגעלאָפן אַ געדאַנק אין וועלכן ער האָט איין רגע געגלויבט. שפּעטער האָט ער זיך דערוואוסט ווער די פאַנטאַסטישע באַשעפעניש איז געווען.

אַזוי אומגעריכט ווי דאָס ערשטע מאָל אויפן פעלז, אַזוי אומערוואַרטעט האָט זיך דיזעלבע באַשעפעניש באַוויזן פאַר אים אַנאַנדער מאָל — אַלס אַן עראינערונג, אמת, אָבער ווי לעבהאַפט, ווי עכט, — באַוויזן זיך אַזוי פיל יאָר שפּעטער. ער איז געזעסן איין זונטאָג נאָכמיטאָג און געקוקט אין זיך אַליין אַריין אַזוי ווי ער האָט זעלטן ווען ביז אַהער געקוקט אין זיך. ער האָט געגלויבט אַז ער איז איינער אַליין אין הויז. פּלוצלינג האָט ער דערשפּירט אַז ער איז ניט אַליין: מימי האָט אים רואיג באַטראַכט פון יענער זייט פון דער אָפענער טיר. אין ערשטן אויגנבליק האָט ער צוזאַמען מיט מימין אויך דערזען יענע פאַנטאַסטישע באַשעפעניש ווי זי איז געשטאַנען דאָרט אויפן פעלז. פונקט אַזוי אומערוואַרטעט איז עס פאָרגעקומען, פונקט אַזוי שטיל, פונקט אַזוי אַליין מיט זיך איז ער געווען איצט, ווי דעמאָלט אָבער מער ווי אַלץ — אים איז איצט אויך געקומען דער געדאַנק אַז ער זעט דעם באַלעבענדן גייסט פון יענער באַשעפעניש... זי איז צוגעלאָפן צו אים און ער האָט איר אויפגעהויבן צו זיך און גענומען זוכן טיף אין די פונקען פון אירע שמייכלענדע אויגעלעך. ער האָט דאָך נאָרוואָס געבליקט אין זיך נאָכפאָלגנדיק אַ געדאַנק וואָס איז אים געקומען דורך איר. ער האָט געפילט אַז ער האַלט אין זיין שויס מער ווי אַ קינד זיינס: עפּעס וואָס איז אַזוי נאָענט צו דעם נאָך פרעמדן דערווייל, דעם ניי־ערוואַכטן אין אים גייסט פון זעלבסט־פאָרשונג. מימי איז דאָך אויך אַ לעבעדיגער גייסט. ווער פון די צוויי איז געקומען די ערשטע, ווייל ווער איז עס אַזוי פיל און אַזוי אָפן געווען פאַראינטערעסירט אין אים ווי זי, די קליינינקע טאָכטער זיינע, באַזאָנדערס זייט זי איז געוואָרן דאָס מיניאַטורנע מענטשעלע וואָס זי איז?

פאַר מימין איז איר פאָטער געווען אַלץ. ניט אַזוי דער פאָטער וואָס פלעגט אַוועק פון הויז מאָרגנס און קומען צוריק אין אָונט, אָפטמאָל שפּעט אין אָונט. ניט גלאַט אַזוי צוריקקומען: אַ חוץ די געוויינלעכע פאַר צייטונגען וואָס מימי פלעגט זען אין איר מוטער׳ס האַנט דעם נעקסטן טאָג, וואָס דער פאָטער האָט מיטגעבראַכט, פלעגט ער דאָך מיטברענגען מיט זיך אַטמאָספערע, פערזענלעכע נייעס פון טאָג; געזען דעם, יענעם, געהערט דאָס, יענעס. היינט די פעקלעך, דאָ עפּעס פאַר איר, מימין, דאָ פאַר דער מוטער, פאַר דאָס הויז, פאַר זיך אַליין, וואָס מימי האָט געגלויבט אַז נאָר ער האָט געוואוסט וואו און ווי אַזוי זיי צו קריגן. דער טאָטע

איז אויך געווען אַזוי שטאַרק, אַזוי פֿאַרשידן פֿון דער באַליבטער מוטער.
— „וואָס טוסטו דאָרט״? — האָט זי אים אַמאָל געפֿרעגט מיט באַוואונ־דערונג און אינטערעס. זי האָט געמיינט וואָס ער טוט אין זיין אָפּיס. זי האָט שוין געפֿרעגט מער ווי איין מאָל דיזעלבע פֿראַגע ביי איר מוטער.
— ביזט אַן אַקאַונטאַנט, אמת?

און בערקאַ האָט זיין קליינע טאָכטער געמאַכט לאַכן דערציילנדיג איר אַז זיינע געשעפֿטס־ביכער זיינען גרעסער און שווערער פֿאַר איר. בער־קאַ פֿלעגט אָפֿט באַגעגענען מימי׳ס באַוואונדערנדן בליק ווען געסט זיינען געווען אין הויז. בערקאַ האָט געהאַט אַ גלאַטע צונג און מימי, האָט ער געפֿילט, מוז קוועלן פֿון דער אויפֿמערקזאַמקייט מיט וועלכער מען האָט זיך צוגעהערט צו איר פֿאָטער.

פֿאַרשטייט זיך, מימי פֿלעגט אַמאָל פֿאַקן איר פֿאָטער ביי עפּעס וואָס ער וואָלט בעסער געוואָלט אַז זי זאָל ניט האָבן געזען, כאָטש עס איז געווען עפּעס גאַנץ אומשולדיגעס. די קליינע איז געווען אַ בריה צו כאַפּן וועמען און לאָזן יענעם טרעפֿן פֿון וואָס עס שמייכלט, צי פֿון יענעמ׳ס פֿאַרלעגנ־הייט, צי פֿון דעם וואָס זי האָט יענעם איבערראַשט. בערקאַ האָט אַמאָל גע־וואָלט פּטור ווערן פֿון צוויי דריי גרויע האָר וואָס האָבן זיך באַוויזן ביי זיינע שלייפֿן, פּריציייטיג, וואו ס׳באַווייזן זיך מייסטנס גרויע האָר... איין צופּ מיט די שפּיץ פֿינגער, נאָך אַ צופּ און בערקאַ האָט אָדער גאָרניט אַרויסגעצופּט אָדער פּונקט ניט די גרויע האָר... ענדלעך האָט ער אַרויס־געצויגן איין האָר און גענומען באַטראַכטן עס פֿאַר די ליכט.

—— לאָמיר, פּאַפּאַ, אויך זען דעם האָר, — האָט ער פּלוצלינג דערהערט מימי׳ס שטימע בעטן.

— ווי קומסטו אַהער?

אַנשטאָט אַן ענטפֿער האָט ער גאָר דערזען איר שמייכעלע און דעם קלוגן פּונק אין אויג. האָט ער שוין ניט געפֿרעגט ווי לאַנג זי האָט אים אַזוי באַאָבאַכטעט.

דאָס, און נאָך עפּעס אַזעלכעס, האָבן בערקאַן געמאַכט ער זאָל שענקען אַביסל מער אויפֿמערקזאַמקייט דאָס קינד און טאַקע זיך אַליין אויך. יאָ, זיך אַליין אויך. ער האָט אָנגעהויבן לעצטנס חושד צו זיין אַז די קליינינקע קוקט אויף אים ניט בלויז מיט באַוואונדערונג אַליין. ביי איין געלעגנהייט האָט זיך אים שיער געוואָלט גלויבן, אַז זי שפּילט מיט אים, ווי ער האָט זי אַמאָל געזען שפּילן מיט די קינדער אין פּאַרק ווען זי איז געווען פֿיר יאָר אַלט און דאָך געמאַכט אים דענקען אַז זי איז מער ווי אַ קינד... יאָ, עס איז געווען לייכט צו גלויבן אַז מימי איז געקומען די ערשטע. מימי, דער וואַכזאַמער גייסט, די אַלץ־זעענדע מימי.

אַ פּאָר וואָכן נאָך יענעם נאָכמיטאָג האָט מימי גענומען צווישן אירע פינגער אַ קליינעם שליסעלע פון בערקאָ'ס שליסל־בינטל און געפרעגט:

— פּאַפּאַ, איז דאָס דער שליסעלע פון דיין שופלאָד? עפן דעם שופלאָד, לאָמיר זען וואָס דו האָסט דאָרט? איך וויל זען וואָס דו האָסט דאָרט . . .

בערקאָ האָט זיך האַרציק צעלאַכט און די קליינע האָט מיטגעלאַכט, אפשר איז איר אויך אויסגעקומען קאָמיש איר פאַרלאַנג. אָבער קורץ דערנאָך ווען בערקאָ האָט זיך געפונען אַליין ביי זיין שרייבטיש מיט דעם קליינעם שליסעלע אין האַנט האָט ער געוואוסט אַז דער קאָמישער פאַרלאַנג פון קינד האָט עס אים געבראַכט צו זיין שופלאָד, דעם אַרכיוו פון אַ האַלב לעבן זיינעם. ווי עס האָט זיך אים געדוכט. איבער אַ יאָר ווי ער האָט ניט געהאָט פאַרקוקט דאָרט, איז ער פּלוצלינג נייגעריג געוואָרן איבערצוגיין דורך די אַלטע פּאַפּירן, אַנדערע פון ווען ער איז ניט מער ווי 15 יאָר אַלט געווען. דעם ערשטן פּאַפּיר וואָס ער האָט גענומען אין האַנט אַריין איז געווען אַ געאָמעטרישע פּראָבלעמע, וואָס ער האָט אַזוי עלעגאַנט געלייזט צו 15 יאָר אין אַ פּאַרק פּאַר זיינע יונגע שול־חברים. אַן עלטערער בכבוד'ער מאַן אין ברילן, אַ פרעמדער צו זיי, וואָס האָט פון דער זייט זיך צוגעקוקט, האָט געבעטן צו זען די לייזונג, און דערנאָך מיט רויטן בליי־שטיפט אָנגעשריבן: „ווערט אַ גאָלדענעם מעדאַל". דעם אומבאַקאַנטן מאַן האָט ער מער קיינמאָל ניט באַגעגנט, אָבער דעם פּאַפּיר מיטן רויטן אויפשריפט איז ביי אים פאַרבליבן ביז איצט.

צו אַכצען יאָר האָט בערקאָ געגלויבט אַז ער באַזיצט אַ טאַלאַנט צום שרייבן. אַן אַרטיקל וואָס ער האָט דעמאָלט אָנגעשריבן ליגט אויך צווישן זיינע פּריוואַטע פּאַפּירן. עס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ רושם צווישן זיינע יונגע פריינט, אַנדערע פון זיי געדענקען עס נאָך ביז איצט. בערקאָ אַליין האָט אים מיט אַ צוויי דריי יאָר צוריק געלייענט פאַר זיין פרוי. אים אַליין האָט זיך געדאַכט אַז דער אַרטיקל איז זייער שוואַך, נאָר ווי־באַלד אַנדערע האָבן עס אַזוי באַוואונדערט און געדענקען נאָך, האָט ער עס געלאָזט ליגן. זאָל ער נאָר עפענען דעם שופלאָד קאָן ער זען נאָכאַמאָל דעם אַרטיקל.

בערקאָ האָט זיך אויך דערמאָנט אָן אַן אָוונט, אַזאַ וואונדער־שיינער זומער אָוונט, ער קאָן נאָך איצט פילן זיין צויבער . . . ער האָט צופעליג געטראָפן עטלען און זי האָט אים פאַרגעשלאָגן צו מאַכן אַ שפּאַציר צוזאַ־מען. ער איז אין עטלען ניט פאַרליבט געווען, אַפילו איין מינוט ניט, נאָר זי האָט גענומען זיין אָרעם איז ער מיט איר געגאַנגען. ער איז דע־מאָלט 21 יאָר אַלט געווען, האָט ער זיך פאַנאַנדערגערעדט. ער האָט אַזוי

ליב געהאַט צו הערן זיך רעדן. דעם נעקסטן טאָג האָט ער ערהאַלטן פון איר אַ לאַנגן בריוו: זי מוז אים מיטטיילן איר אײַנדרוק פון נעכטיקן געשפרעך. ווי זי האָט זיך אויסגעדריקט האָט זי געפילט „אַזוי ווי זי וואָלט לאַנגזאַם געבלעטערט די צויבערהאַפטע זייטלעך פון אַ בוך פון אַ טיפזיניגען און פילזייטיגען פּאָעט". בערקאָ האָט זיך איצט געפילט אַביסל אומבאַקוועם ביים געדאַנק פון בריוו. אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער האָט אים אַ פריינט זיינער פּאַרטרויליך געלייענט אַ בריוו פון דערזעלבער עטעל, וואו דיזעלבע פּראַזע האָט זיך געפונען, נאָר אין אַנאַנדער צוזאַמענהאַנג. די ווערטער האָט זי מסתמא געהערט אָדער געזען ערגעץ וואו. איצט איז זי שוין אַ פרוי מיט אַ מאַן און קינדער. זי וואוינט דאָ ניט ווייט, זיי האָבן אַ לאָונדרי. מרס. בערקאָ טרעפט איר אָפט אין גאַס. די טעג נאָך האָט עטעל זי געפרעגט איבער זי ווייס פון אַן אָנשטענדיגן יונגן מאַן, זי האָט אַ צימער צו פאַרדינגען. בערקאַן איז אויסגעקומען קאָמיש וואָס יענע זוכט נאָך אַלץ אַ יונגן מאַן. אויך עטעל'ס בריוו ליגט נאָך דאָ אין שופלאָד.

זאָל ער עפענען דעם שופלאָד? ניין. מאָדנע. דער געדאַנק פון די שפּעטערדיגע פּאַפּירן האָט אים געמאַכט פילן מער אומבאַקוועם ווי פון גאָר די ערשטע, די יוגענטלעכע, די יוגענטלעכע. וואָס עלטער ער איז געוואָרן איז... איז וואָס? דעם געדאַנק האָט ער שוין ניט געקאָנט דערענדיגן, ווייל אין דעם אויגנבליק האָט ער שוין געדענקט פון מימי'ס קאָמישן פאַרלאַנג צו פאַרקוקן אין זיין שופלאָד אַריין: וואָס אַזעלכעס האָט זי עס ערוואַרט צו געפינען דאָרט, די קליינע מימי, זיין ליבער גייסט, וועלכע געפינט זיך איצט ערגעץ־וואו מיט איר מוטער, אָבער אויך מיט אים, מיט אים די גאַנצע צייט...

ווען ער האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין שטול פאַרן ניט־געעפנטן שופלאָד, האָט ער שוין ניט געדענקט מער פון די פּריוואַטע פּאַפּירן נאָר פון עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך געפרעגט ווי אַזוי קומט עס, אַז אַזאַ מענטש ווי ער, וואָס איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט — האָט גאָרניט קיין רעכטע פּאַפּירן צו אידענטיפיצירן זיין ווערט. ער איז שוין האַלב וועגס אויף זיין לעבנס־רייזע אָבער ער פאָרט אָן אַ שום פּאַספּאָרט, אַזוי האָט ער געפילט... און ווי מימי וואָלט סימבאָליזירט זיינע געדאַנקען, האָט זי טאַקע צומאַרגענס צוויי מאָל אַ קלאַפּ געטאָן איבער איר פּאָטער'ס שרייב־טיש און געפרעגט איר מוטער:

— מאַ, וואָס האָט דער פּאַפּאַ דאָ אין שופלאָד?...

# פאַרפּירט

נאמא, אַ טונקל־הויטיג מיידל פון אַ יאָר 14, איז געשטאַנען פאַרן געריכט פון די „טרייע", אַ קליין האַלב־פּרימיטיוו פאָלק אין אַפריקאַ. ניט נאָר האָט זי מודה געווען איר שולד, נאָר זי האָט פרייוויליג באַשריבן מיט יעדער איינצלהייט, ווי אַזוי זי האָט אַרויסגעלאָזן פון געפענגעניש דעם „פרעמדן". וואָס האָט אומגעהייער פאַרשווערט די שולד פון קינד איז געוועזן דאָס, וואָס דער פרעמדער האָט שוין געהערט צו זאמזא'ן, דער העכסטער געטין פון „די טרייע", צו וועלכער ער האָט געזאָלט געאָפּפערט ווערן טאַקע דעמזעלבן טאָג. מען האָט שוין געהאַט געמאַכט אַזוי געוויסנהאַפט אַלע נויטיגע הכנות, צוזאַמענגעבראַכט דעם מאַטעריאַל פאַרן שייטערהויפן און די אַנדערע מכשירים. דער עולם האָט שוין מיט אַזאַ אומגעדולד געוואַרט אויף דער גרויסער און אונגעוויינלעכער צערעמאָניע. ווער איז געווען דער פרעמדער און אין וואָס איז באַשטאַנען זיין שולד? דאָס איז ניט גענוי פעסטגעשטעלט געוואָרן. מע האָט אים געפונען דערנענטערנדיג זיך צו די גרעניצן פון לאַנד, איינעם אַליין. אַ מאַן פון אַ יאָר 30, האָט ער ניט אַרויסגעוויזן קיין ווידערשטאַנד, אַפילו ניט געפּרואווט צו אַנטלויפן. פאַרקערט, געבליבן שטיין און געשמייכלט, געמאַכט אומפאַרשטענדלעכע צייכענס מיט די הענט, דערנאָך זיך געלאָזט אַוועקפירן צום „הויפּט" און ווידער געשמייכלט: געוואָלט וויזן אַז ער קומט ווי אַ פריינט. עס איז געווען קלאָר אַז ער מוז קומען פון זייער ווייט, ווייל ער האָט אויסגעקוקט אַזוי פאַרשידן פון „די טרייע" און פון די אַנדערע נאַכבאַר פעלקער: אַ שיינע קרעפטיגע פיגור, פיל קרעפטיגער ווי מע זעט ביי זיי געוויינלעך. ער האָט אַלץ אָנגעוויזן צום צפון, האָט מען פאַרשטאַנען אַז פון דאָרט קומט ער. מער ווי אויף שטום־לשון האָט מען זיך מיט אים ניט געקאָנט צוזאַמענרעדן און דאָס האָט אים קענטיג פאַרשאַפט גרויס פאַרדרוס. ער האָט ממש גע'חלש'ט מע זאָל אים פאַרשטיין. ווי אַזוי מען וואָלט זיך באַגאַנגען מיט אים, ווען ער וואָלט געקומען אין אַ געוויינלעכן טאָג, איז שווער צו זאָגן. קיין גרויס אַיינזעעניש צו זיך וואָלט ער בשום אופן ניט געפונען אין דער געמיינדע. אין אמת'ן, ווי אַזוי קומט עס אַ

מענטש צו זיין איינער אַליין ? אָדער מען האָט אים פאַרטריבן פון דאָרט, וואו ער געהערט זיך אָן, קאָן עס דאָך שוין קיין רעכטער מענטש ניט זיין, אַ פאַרבּרעכער מסתּמא ; אָדער ער האָט זיך מיט זיין אייגענעם ווילן אָפּ־געזונדערט פון די זייניגע — אַזעלכעס איז געווען אין די אויגן פון „די טרייע" פיל ערגער ווי דאָס ערשטע. האָט ער זיך אָבער, דער אומגליקלע־כער פרעמדער, באַוויזן פּונקט אין דעם ערשטן פון דער געטיב'ס ביין טעג — — דאָס האָט גלייך באַשטימט זיין שיקזאַל : אַז ער געהערט צו איר. דאָך האָט זיך דער פאָלקס־גייסטלעכער געשטעלט פאַר זאמזא'ס געצענבילד צו שטודירן איר ווילן. דאָס בילד האָט אַ שמייכל געטאָן, די געטין, הייסט עס, האָט באַוויליגט דעם קרבן. איז געקומען נאָמאַ, די קליינע נאָמאַ, און צונישט געמאַכט די אַלע פּלענער און אויך צעשטערט אַ פּייערטאָג אויב ניט פאַר־אורזאַכט עפּעס פיל ערגערס, ווייל פילע האָבן זיך מיט מורא געפרעגט צי די טאַט וועט ניט ערוועקן דעם צאָרן פון דער געטין.

ביסלעכווייז, שטייענדיג פאַר אירע ריכטער, האָט נאָמאַ אָנגעהויבן צו פאַרשטיין די גרוילטאַט וואָס זי איז באַגאַנגען. זי האָט געזען איר מוטער ברעכן די הענט, האָלען ווילד צוזאַמענגעדריקטע פויסטן אויף איר אייגענער ברוסט, און איר פאָטער שטייט דערביי אַ טויט־בלייכער, ווי זי האָט אים קיינמאָל פריער ניט געזען. איר פאָטער טאַקע האָט עס איר געבראַכט פאַרן געריכט. ער איז עס דער ערשטער געוואָר געוואָרן פון איר שולד. ער, דער היטער פון דער געפענגעניש. יאָ, נאָמאַ איז געווען די טאָכטער פון היטער, ווי שרעקלעך . . .

— ווען איז דיר איינגעפאַלן צו באַפרייען דעם געפאַנגענעם ?

— אין מיטן נאַכט, ווען אַלע אין הויז זיינען פעסט געשלאָפן.

— אַלע געשלאָפן, נאָר ניט דו . . . פאַרוואָס ביזטו ניט געשלאָפן ?

— איך ווייס ניט פאַרוואָס . . .

— אַזוי ? פּלוצלינג איז דיר איינגעפאַלן צו לאָזן אים פריי ?

— יאָ, פּלוצלינג.

עס איז געווען קלאָר אַז דאָס קינד האָט געזאָגט די וואַרהייט.

— האָסט ניט געדענקט פריער דערפון ?

— ניין, ניט געדענקט.

— האָסטו געדענקט, ליגענדיג אין בעט, פון אונזער געטין ?

— ניין.

— אָבער דו האָסט דאָך געדענקט פון דער גרויסער צערעמאָניע אויף וועלכער מיר האָבן זיך געגרייט ?

— פון דער צערעמאָניע יאָ . . .

— הייסט עס, אַז דענקענדיג פון אונזער אַלגעמיינעם פייערטאָג איז דיר פלוצלינג איינגעפאַלן אַרויסצולאָזן פריי יענעם פרעמדן...

אַ שרעקלעכער קרעכץ האָט זיך דערהערט. עס האָט געקלונגען, ווי עס וואָלט געקומען פון עפּעס אין דער לופט אַרויס. עס איז אָבער געווען דער גלייכצייטיגער ווי־קרעכץ פון דער גאַנצער פאַרזאַמלונג אַרום, איי־בערהויפּט פון די פרויען.

— דו ביזט ניט אַ טאָכטער פון „די טרייע”, נאמא.

נאמא האָט זיך ביי די ווערטער דערפילט שרעקלעך פאַרלאָזן און אַליין, ווי פאַרטריבן. איינער פון די ריכטער וועלכער האָט שוין פון אַ צייט בשתיקה געוואָרפן אַן אויג אויף נאמאן, און געפונען איר גלייכגיל־טיקייט צו אים, האָט געוואָלט וויסן אין וואָסער צושטאַנד זי האָט געפונען דעם פרעמדן ווען זי איז אַריין צו אים, צי ער איז געשלאָפן? דאָס האָט נאמא ניט געוואוסט. זי האָט בלויז באַמערקט ווי דער געפאַנגענער איז גע־זעסן אויפן דיל מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— האָט ער געהערט ווען דו ביזט אַריין?

—ניין, ניט געהערט, איך בין אַריין אַזוי שטיל...

— וואָס האָט ווייטער פּאַסירט? — האָסטו גערעדט צו אים?

— ניין, איך האָב אים נאָר אַ ליכטן טורקע געטאָן ביים אַקסל.

— אין דער פינסטער?

— ס'איז ניט געווען פינסטער... די לבנה אַ פולע, האָט אַריינ־געשיינט אין קאַמער אַריין... ער איז אויפגעשפרונגען ביים ערשטן ריר מיינעם... איך האָב דעם געפאַנגענעם שטיל אַרויסגעפירט פון זיין קאַמער אויף דער פרייער לופט און אים געוויזן וואוהין ער זאָל זיך לאָזן. דער וועג איז געווען ווייס פון ליכט פון דער לבנה.

— האָט ער זיך גלייך אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין?

— ניט אין דער ערשטער רגע...

— פאַרוואָס ניט? ער האָט ניט געוואָלט אַנטלויפן?

— ער איז געבליבן שטיין און קוקן...

— קוקן אויף וואָס, אויף וועמען?

— ער האָט געקוקט אויף מיר, אין מיינע אויגן... נאָר איך האָב אים געהייסן גיין, גיין וואָס שנעלער. איז ער אַוועק...

— ער האָט דיך אפשר גערופן מיט זיך?

— ניין... ניט גערופן.

— וואָלסטו געגאַנגען מיט אים אויב ער וואָלט דיך יאָ גערופן?

נאמא׳ס פאָטער האָט געשלאָגן אַ צאָן אָן אַ צאָן. אַ טאַנטע אירע, אַן עלטערע פרוי, איז שוין איצט געווען געל, ניט בלייך. אַלץ אַרום אַזוי שרעקלעך, אומהיימלעך . . .

— איך ווייס ניט, איך ווייס ניט . .. אפשר וואָלט איך מיטגעגאַנגען אויב ער וואָלט מיך גערופן . ..

— דו האָסט ערוואַרט אַז ער וועט דיך מיטנעמען, מיט דעם גע־דאַנק ביזטו געקומען אים באַפרייען?

— ניין, ניט דאָס, ניט דאָס . . .

— האָסט דערפון ניט געדענקט אַפילו ווען דו ביזט געשטאַנען לעבן אים ?

— ניין, ניט געדענקט דערפון, קיינמאָל ניט געדענקט דערפון.

קיינער האָט ניט געצווייפלט אין דער אויפריכטיקייט פון נאַמא׳ס ווערטער. אַנאַנדער ריכטער מיט אַ צערטלעכן פאָטערלעכן געזיכט האָט זיך געווענדט צו נאמאן :

— פאַרשטייסטו איצט, נאמא, וואָסערע שענדלעכע טאַט דו האָסט געטאָן ?

נאמא האָט אין אַן אויגנבליק אַרומגעכאַפּט די געשפּאַנטע און ער־רעגטע געזיכטער אַרום איר און געענטפערט :

— איצט פאַרשטיי איך . . .

— פריער האָסטו אַזוי ווייט ניט געוואוסט ?

— ניט געוואוסט . ..

— און האָסטו געוואוסט אַז מיר וועלן אפשר מוזן דיך אָפּגעבן אונ־זער געטין אנשטאָט דעם פרעמדן, אויב מיר וועלן אים ניט געפינען ?

— מיך ?

— יאָ, נאמא, דיך . . .

— כ׳האָב ניט געוואוסט . . .

— אָבער איצט ווייסטו שוין ?

— איצט ווייס איך.

— איצט ווייסטו. .. און ווען דו וואָלסט עס געוואוסט דעמאָלט, די פאַרגאַנגענע נאַכט, ווי דו ווייסט עס איצט, וואָלסטו אויך זיך אַראָפּגעגנב׳ט פון דיין בעט אַרויסצולאָזן דעם פרעמדן?

נאמא האט זיך פאַרטראַכט. זי האָט געוואָלט איבערגיין אין געדאַנק נאָכאַמאָל די פּאַסירונג פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט. אַלעמענס אויגן זיי־נען געווען געשפּאַנט אויפן קינד. די וואָס זיינען געווען נאָנט האָבן שיער בחוש געזען די באַוועגונג פון געדאַנק אין קינד, אַזוי פאַרטיפט איז זי געווען אין זיך.

— אויב עס וואָלט מיר אײַנגעפאַלן דאָס זעלבע וואָס עס איז מיר דעמאָלט איינגעפאַלן וואָלט איך . . . אַראָפּ פון בעט ... געגאַנגען אין קאַמער... — האָט זי ענדלעך געענטפערט מיט דער גאַנצער תמימות און אומשולד פון אירע 14 יאָר.

די ריכטער זיינען געבליבן אָן ווערטער. דאַן האָבן זיי זיך איבערגעקוקט און געלאַסן, געלאַסן, איינער נאָכ׳ן צווייטן זיך אויפגעהויבן פון זייערע ערטער. דער עולם איז געבליבן שטיין יעדער אויף זיין אָרט ערשטוינט פון דאָס, וואָס זיי האָבן געהערט. ס׳איז געווען אַזוי אומגלויבלעך. איינעם גאָר אָן אַלטן מאַן איז געקומען אויפן געדאַנק אַ מעשה וואָס ער האָט געהערט אין זיינע יונגע יאָרן, ווי אַזוי מען האָט אַמאָל געכאַפּט אַ אינגל וואָס האָט געפּרואווט אָנרירן די רוט אין דער האַנט פון דעם הילצערנעם געטש פיל־פיל. דער אינגל האָט זיך געוואָלט איבערצייגן צי ער וועט פאַלן טויט אויפן אָרט, אַזוי האָט ער ערקלערט. דעם אינגל׳ס פּסק האָט דער אַלטער ניט געקאָנט אויסגעפינען.

דערווייל זיינען די ריכטער אַוועק זיך באַראַטן. צוויי שומרים האָבן נאמא׳ן אָפּגעפירט אָן אַ זייט און געבליבן שטיין ווי וואַרטענדיג אויף אַ באַפעל. פּלוצלינג, נאָך איידער דער עולם האָט געהאַט צייט צו קומען צו זיך, האָט מען דערזען ווי אַ קליין מיידעלע, אפשר ניט מער ווי צען יאָר אַלט, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט אַן אויסערגעוויינלעכן אימפּעט צו נאמא׳ן און גענומען גלעטן און קושן אירע הענט און פיס. וואָס איז דאָס אַזעלכעס? ווער איז זי? אודאי האָט מען איר גלייך אָפּגעריסן און פאַרהאַלטן. אָבער ווער פאָרט איז זי געווען? קיינער ניט, עפּעס אַן אָרעם מיידעלע פון אַ דערבייאיגן דערפל, וואָס איז איינע אַליין מיטגעקומען מיטן עולם, זיך פאַרקליבן אומבאַמערקט גאָר אויבנאָן און אַלץ געהערט און געזען.

— פאַרפירט פון זעלבן בייזן גייסט! — האָט איינער פון עולם באַמערקט און געשאָקלט ערנסט מיטן קאָפּ.

# אומשולדיגע עופה׳לעך

מיס שולץ האָט זיך אויפגעהויבן פון איר באַנק אין פּאַרק און זיך גענומען גיין אַ היים נאָך דריי לאַנגווייליגע שעה פון זיצן און אַרומדרייען זיך אַרום דעמזעלבן אָרט. ווען מען וואָלט איר געפרעגט, וואָלט זי דעם גאַנצן סענטראַל פּאַרק אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — דער פּאַרק צייכנט זיך מיט קיין באַזונדערס ניט אויס — וואָלט זי געזאָגט.

גייענדיג איר לאַנגזאַמען גאַנג האָט זי באַמערקט פאַר זיך אַ פּאָרל אויף אַ באַנק, געראַדע ניט קיין איבריג יונג פּאָרל. וואָלט עס געווען אַ גאָר יונג פּאָרל וואָלט זי זיך אַפילו ניט אומגעקוקט אויף זיי, ס׳גייט איר ניט אָן. זי איז אַליין ניט איבריג יונג, אין די שפּעטע דרייסיקער. זי האָט גלייך פאַרשטאַנען אין וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט, אַז מען האָט זיך מסתמא נאָר וואָס באַקאַנט. ס׳האַלט נאָך הפּנים ביים אָנהויב.

מיס שולץ האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף דער פרוי, אויפן מאַן. מילא, יענע האָט איר נאָך ניט געקאָנט זען, זי איז געזעסן מיט דער פּלייצע צו איר, אָבער ער, פאַרוואָס קוקט ער זיך ניט אום? קאָן ניט מפסיק זיין אַ רגע? מיס שולץ האָט ניט ליב געהאַט צו זען זיך פאַרנאַכלעסיגט, איבערהויפּט פון דעם סאָרט מענער. — נאָך אַלעמען זיינען זיי דאָך אויסן ניט מער ווי צו באַקענען זיך מיט אַ פרוי. די גלייכגילטיקייט צו איר פון דעם מאַן האָט איר גלייך אָנגעסטראָיעט קעגן אים. עס האָט איר אָבער ניט געמאַכט אַרונטערצונעמען די אויגן פון אים. פאַרקערט, זי איז געוואָרן טשיקאַווע צו כאַפּן אַ וואָרט פון דאָס וואָס ער דערציילט יענער דאָרט, ווייל ס׳איז געווען דער מאַן וואָס האָט פונקט גערעדט. איז זי שוין פאַרבייגע־גאַנגען נאָנט געבוג פאַרן פּאָרל. וואָס איר אויער האָט געכאַפּט האָט איר ערשט רעכט אויפגעבראַכט אויפן מאַן, כאָטש עס זיינען געווען גאַנץ אומשולדיגע ווערטער. אומשולדיג פאַר וועמען? פאַר אַזעלכע וואָס ווייסן ניט, — ניט פאַר איר.

— „אַזוי, — האָט זי אין געדאַנק געזאָגט צו דעם אומבאַקאַנטן מאַן, פאַרביישפּאַצירנדיג לאַנגזאַם דורך אים — אַזוי, „דיין גרעסטער פאַרגעניגן

איז צו ליגן אויף גראָז אין אַ שאָטנדיקן אָרט, לעזנדיק אַ גוטן בוך". — האָט זי ציטירט דעם מאַנ'ס ווערטער. — „דאָס איז דיין גרעסטער פאַרגעניגן", טאָ, פאַרוואָס ליגסטו ניט אויפן גראָז? ס'דאָ גענוג גראָז אַרום, שאָטנדיג גראָז אויך. פאַרוואָס זיצסטו מיר עפּעס אויף אַ באַנק וואו עס איז דוקא ניט אַזוי שאָטנדיג? יאָ, און וואו איז דיין גוטער בוך?"

וואָס עס האָט מיס שולצן ממש אַרויסגעבראַכט פון די כלים איז, וואָס זיי מאַכן זיך פאַר אַזעלכע נעבעכלעך, אַזעלכע ווייכינקע, גוטינקע. „אויב דו ביזט טאַקע אַזאַ זיס צוקערל, טאָ ווי קומסטו גאָר איצט, אין אַ פראָסטן מיטנוואָך, אין פאַרק? ביזט קראַנק צו אַרבעטן? נאָר אַרבעטן ווילסטו ניט." גיכער פון אַלץ האָט אַזעלכער אַ ווייב, אָדער פאַרדרייט גלאַט דעם קאָפּ איין פרוי נאָך דער אַנדערער.

וואָס זי קאָן ניט פאַרשטיין איז פאַרוואָס זיי — די פרויען — הערן זיך צו צו אַזעלכע, וואָס זיי גלויבן זיי. ברוך השם ניט קיין קינד, יענע פרוי אויפן באַנק, און זיצט און הערט זיך צו און מיינט ס'איז תורת לאָקשן... דער נעכטיגער אויך געווען אַזאַ מין, זאָל פעלן אַ האָר. מיס שולץ האָט געדענקט פון מאַן וואָס האָט זיך צוגעזעצט צו איר דעם פאָריגן טאָג. וואָס ער האָט איר ניט אָנדערציילט! זיין מוטער האָט אים געבענטשט פאַרן טויט. אַזאַ גוט קינד, הייסט עס געווען. היינט וואָס ער האָט אַלץ צוטאָן פאַר זיין שוועסטער וואָס האָט אַ מאַן אַ שילממזל! ווען ניט ער... האָט זי טאַקע ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן דעם מאַן. וואָס קאָן מען ענטפערן אַ מאַן מיט אַזאַ גאָלדן האַרץ כלומרשט? האָט זי אים געזאָגט עפּעס וואָס זי האָט אים אפשר ניט באַדאַרפט זאָגן? אפשר האָט זי מיט דעם נאָך ערגער געמאַכט? נאָר ס'ווילט זיך דאָך ווייזן אַז מען איז אויך ניט געמאַכט פון שטיין ווען מען הערט יענעם ריידן אַזויפיל פון זיין ווייך האַרץ. איז איר פונקט איינגעפאַלן צו זאָגן, אַז זי וואָלט געקאָנט אָפּלעבן אַ גאַנץ לעבן אויף מילכיגס, וואָס ס'איז ניט אמת, און ער? האָט ער איר דען דערציילט בלויז דעם אמת? מיט וואָס האָט זי דאָ געקאָנט ערגער מאַכן? ער האָט געזאָגט, אַז אָן אַ שטיקל סטעיק וואָלט ער ניט געקאָנט אויסקומען. נו, האָט זי דאָך מיט אים איינגעשטימט. זי האָט דאָך ניט געזאָגט אַז זי עסט קיינמאָל קיין פלייש ניט. נאַרישקייטן! ניט צוליב דעם איז ער היינט ניט געקומען. ער איז ניט געקומען ווייל ער איז אַ ליגנער, אַ קאָפּ־פאַרדרייער. וואָס דען? ער איז טאַקע דער אומשולדיגער עופעלע וואָס ער מאַכט זיך? אַבי זי האָט גע'פּטר'ט דריי שעה וואַרטנדיג אויף אים, אַזוי פאַרמאַטערט זיך. זייער נויטיג געווען אויפנייען דאָס זומער־קליידל פאַר אים, אַ גאַנצן

מאָרגן געבייט, געוואָלט קומען אין עפּעס רעכט זומערדיג... פאַרדרייט ער זיך דאָרט זיין קאָפּ!

מיס שולץ איז צוגעקומען צו איינעם פון די טויערן פון פּאַרק. עס האָט זיך איר ניט געוואָלט אַרויסגיין, עס האָט זיך איר אויך ניט געגלוסט צו פאַרבלייבן. איז זי געבליבן שטיין, געקוקט אויף דעם, אויף יענעם. נאָר אָט האָט זי באַמערקט אַ מאַן אין אַ זייטיגער אַלייע. „זאָל עס זיין ער? קוקט אויס ווי ער. האָט ער זי געזען? געזען און מאַכט זיך ניט זעענדיג? אפשר ניט דערקענט? אפשר גייט ער עס צו יענעם פּלאַץ? אַזוי שפּעט? זי וועט אים נאָכגיין. ס'איז טשיקאַווע. ער גייט אָבער צו לאַנגזאַם. געקומען אַן אַנדערער פאַרדרייען אַ קאָפּ? געוויס — פאַרקערט זיך שוין ערגעץ אַנדערש. זי וועט אים גאָר איבער־שניידן דעם וועג... אַ קוק טאָן אים גלייך אין פּנים אַריין און — פאַרבייגיין.

„ניט גוט זאָל אים ווערן, דעם פּאַסקודניאַק", — האָט זי פאַר־ביטערט אַ טראַכט געטאָן ווען זי האָט זיך איבערצייגט אַז ס'איז גאָרניט דער דאָזיגער מאַן. מיטן וואָרט „פּאַסקודניאַק" האָט זי, פאַרשטענדלעך געמיינט דעם נעכטיגן. „נאָך ניט גענוג זיך אָנגעלאָפן צוליב אים, איז דאָס נאָך אַ צוגאָב"...

אַן אויסגעמאַטערטע איז זי אַרויס פון פּאַרק. וואָס זי האָט נאָך אַלץ געוואָלט פאַרשטייט איז פאַרוואָס „זיי" מאַכן זיך פאַר אַזעלכע אומ־שולדיגע עופה'לעך. יענער אויך: וויל זיך אַזוי אומשולדיג ליגן אויפן גראָז... זאָל ער שוין ליגן אונטערן גראָז, אינאיינעם מיטן אַנדערן, מיטן נעכטיגן... און מען גלויבט זיי! ווי יענע האָט זיך צו איר פאַרשוין דאָרט צוגעהערט! טאָקע צום לאַכן...

# אומפאַרענטפערטע פראַגן

מרס. ברעם האָט אַרויסגענומען אַ זעלטן־גענוצט העפטל פון אַ פאַרשלאָסענעם שופלאָד אין איר דעסק, באַטראַכט איר שרייבפען, געכאַפּט אַ קוק דאָ און דאָרט אין איר העפטל, אָפּגעשטעלט זיך עטוואָס לענגער אויף דאָס לעצט פאַרשריבענע, און נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַ ווײַלע צוגעהערט צו דער שטילקייט פון הויז, וואו אַ חוץ איר איז אין יענער מינוט קיינער ניט געווען, האָט זי גענומען שרייבן:

וואָס עס באַוועגט מיך צו שרייבן פונקט איצט איז, ערשטנס, אַ באַמערקונג וואָס איך האָב געהערט היינט אינדערפרי אין הויז־עלע־ווייטאָר, וואָס איין אומבאַקאַנטע פרוי האָט געמאַכט צו דער אַנדערער: — היינט, האָט זי געזאָגט, איז מיין פאָטער׳ס יאָרצייט. 21 יאָר ווי ער איז טויט. איך וועל יענעם טאָג קיינמאָל ניט פאַרגעסן. — מיט די ווערטער איז זי אַרויס פון עלעווייטאָר. דאָס צווייטע, איז אַ סעריע בריוו פון לעזער אין אַ זשורנאַל, וואָס איך לייען, איבער קריטישע מאָמענטן אין זייער לעבן. איך האָב ניט בדעה צו פאַרעפנטלעכן וואָס איך שרייב איצט, דערווייל שרייב איך נאָר פאַר זיך. איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט צו הערן פאַרוואָס יענע אומבאַקאַנטע וועט דעם טאָג קיינמאָל ניט פאַרגעסן. איך ווייס אַז וואָס באַלאַנגט מיר, איז דער טאָג פון מיין פאָטער׳ס טויט אַזוי פריש אין מיר, ווי עס וואָלט פאָרגעקומען ערשט נעכטן און ניט מיט קנאַפּע 16 יאָר צוריק. נאָר לאָמיר בעסער דערציילן.

יענער טאָג איז געווען איינער פון די זעלטן־שיינע טעג ביים סוף מאַי. אַ זוניגער טאָג. איך בין געווען אַ מיידל פון 19 יאָר. ווען איך בין אויפגעשטאַנען אין דער פרי האָב איך דאָס ערשטע דערזען דעם צאַרט־שמייכלענדיגן העל־בלויען הימל און איך האָב זיך גלייך דערמאָנט אַז מיר, אַ גאַנצע גרופּע, האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט צו טרעפן זיך ביי אַ פּאַרק הינטער דער שטאָט און דאָרט זאָלן מיר פאַר־ברענגען דעם גאַנצן טאָג. אונזער גרופּע האָט געדאַרפט באַשטיין פון מיין פאָטער, מיין 16־יאָריגן ברודער, מיר אַליין, און מיין יונגן פריינט, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרענדיגט זיין קורס אַלס דאָקטאָר. אין איין

אויטאָ האָט באַדאַרפט פאָרן מיין טייערע פריינדין בערטאָ מיט אירן אַ ברודער, און אין צווייטן — מיין פעטער און מומע. בשעתן צוגרייטן זיך האָב איך געטראַכט וועגן דעם, אַז ערשט מיט אַ יאָר צוריק האָט נאָך אונזער מוטער געלעבט און זי איז געווען איינע פון אַן ענלעכן אַרויס־פאָר. אַזוי טראַכטנדיג האָב איך געפילט אַז דער זעלביגער געדאַנק איז אויך געוויס געקומען בערטאָן אין זינען. נאָך איידער מיר זיינען אָנגעקומען צום טרעפּונגס־פּונקט האָט מיין ברודער באַמערקט:

— זעסט, דעב, די גאָלדס קומען אויך מיט, אָט איז זייער אויטאָ.

— ער האָט עס געזאָגט מיט פולשטענדיגער גלייכגילטיקייט. איך אַליין האָב שוין אויך באַמערקט דעם אויטאָ. דערזען דעם אויטאָ, האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין האַרצן אַן אומאָנגענעמער געפיל. צו די גאָלדס האָב איך גאָרנישט ניט געהאַט, גאָלד איז געווען מיין פאָטערס שותף אין געשעפט. נאָר דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז די גאָלדס האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך זייער גאַסט פון פילאַדעלפיע, אַ קוזינע זייערע, אַן אלמנה, מרס. ראָוז. די דאָזיגע מרס. ראָוז האָב איך שוין געהאַט באַגעגנט אַ 2—3 מאָל און ניט געוואָלט איר מער זען. אפשר בין איך איר חושד געווען, אַז זי וויל פאַרנעמען דעם אָרט פון מיין מוטער. עס האָט זיך מיר געדוכט, אַז אַנאַנדער סאָרט פרוי וואָלט איך מער פאַרטראָגן. וועד ווייס? איינס איז מיר געווען קלאָר: אין דער געזעל־שאַפט פון דער דאָזיגער פרוי איז מיין פאָטער ניט געווען דער זעלביגער רואיגער קלוגער, בכבודער מענטש ווי ער איז אַלעמאָל געווען. ער האָט גערעדט מער ווי געוויינלעך, און אפילו העכער און גיכער ווי געוויינלעך, און דער אינהאַלט האָט מיר אָפט דערמאָנט אָן אַנדערע איבערפלעכלעכע יונגעלייט וואָס איך האָב געקענט. וואָס מער איך האָב געפילט אַז די פרוי פאַרשטייט, אַז דאָס האַנדלט ער אַזוי אונטער איר ווירקונג און געווען דערמיט צופרידן, אַלץ מער האָט עס מיך געערגערט. דאָס האָט געמאַכט, אַז איר געזעלשאַפט זאָל מיר זיין אַזוי דערווידער. מיין פאָטער האָט מיך ניט געהאַט פאָרבאַרייט צו טרעפן זיי דאָ און איך האָב מיך געפרעגט פאַרוואָס? אפשר איז עס אים פון געדאַנק אַרויס. עס קאָן אָבער אויך זיין אַז ער האָט עס געטאָן בכיוון. איך בין געווען מער גענייגט צו גלויבן אַז עס איז געווען מיט אַ כוונה: מעגלעך אַז ער האָט מורא געהאַט אַז ווען איך וואָלט געוואוסט וואָלט איך מיר אָפּגע־זאָגט מיטצופאָרן. אַזוי, צי אַנדערש, האָב איך באַשלאָסן צו האַלטן זיך רואיג און ניט אַרויסצוצייגן מיין אומצופרידנהייט. אין אַ דריי־פיר שעה אַרום האָב איך געפונען אַ גוטע געלעגנהייט אָוועקצוגיין פון דער געזעל־שאַפט צוזאַמען מיט מיין פריינט, דעם יונגן דאָקטאָר. מיר זיינען אָוועק

שפּאַצירן אַרום דעם וואַלד. אויף דער געלעגנהייט האָב איך זיך קוים געקענט דערוואַרטן — צו באַפרייען זיך אויף אַ קורצער צייט פון דער דאָזיגער. איך קאָן ניט זאָגן, אַז עפּעס איז דאָ פאַרגעקומען וואָס איז געווען אומגעווײנלעך. נאָר זי האָט מיין פאָטער ניט אָפּגעלאָזט אפילו אויף איין רגע. מיין האַרץ איז מיר געווען שווער. איך ווייס ניט צי מיין יונגער פריינט האָט עטוואָס אויף מיר באַמערקט, נאָר אַזוי שנעל ווי מיר האָבן זיך אַ ביסל דערווייטערט פון דער געזעלשאַפט, האָט ער מיך געפרעגט:

— די מרס. ראָוז האָט קינדער?

— אַ צען־יאָריגן זון.

— שוין לאַנג אַן אלמנה?

— כ'ווייס ניט.

— זי איז ניט קיין מיאוסע, — האָט ער באַמערקט. אויף דעם האָב איך ניט געענטפערט. אַ ביסל שפּעטער האָט ער ווידער געפרעגט:

אויף ווי לאַנג איז זי אַהער געקומען?

— איך ווייס ניט, — איז געווען מיין קורצער ענטפער, כאָטש מיר האָט זיך געגלוסט אַז ער זאָל ביי מיר נאָך עפּעס פרעגן, מער רעדן וועגן איר. מיר אַליין האָט זיך אויך געוואָלט ריידן, דערציילן. מיר איז געווען ביטער אויפן האַרצן. אַ מאָדנע שטימונג, ווי עפּעס אַ פאַר־געפיל וואָלט מיר גענאָגט.

האָבן מיר ביידע שפּאַצירט זייט ביי זייט און מיר האָבן געשוויגן.

מיר האָבן געשוויגן אַ לענגערע צייט. מיין מוטערס געשטאַלט איז מיר געשטאַנען פאַר די אויגן. איך האָב זיך וועגן איר צערעדט. עפּעס איז מיר האָט מיך געצוואונגען צו רעדן וועגן איר. מיין פריינט האָט זי ניט געקענט. איך האָב אים דערציילט אַלץ וואָס איך האָב געוואוסט וועגן איר, ווי זי האָט זיך צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט מיין פאָטער, ווי צוגעבונדן זיי זיינען געווען איינער צום אַנדערן און אַזוי צוגעבונדן זיינען זיי פאַרבליבן ביזן סוף. איך האָב אים אויך דערציילט מיין מוטער'ס לעצטע ווערטער פאַר איר טויט: „געדענק, מיין טאָכ־טער, זאָלסט אים ווי ווייט מעגלעך פון אויג ניט אַרויסלאָזן, פון אויג ניט אַרויסלאָזן".

איך האָב מיך אַ ווײַלע צוגעהערט צום אָפּקלאַנג פון די ווערטער אין מיר: „אים פון אויג ניט אַרויסלאָזן". פאַר דער צייט האָבן מיר זיך געהאָט צוגעזעצט אויפן הויכן ברעג פון אַ שיינער גרינער לאָנקע. אַלץ אַרום איז געווען אַזוי ניי, אַזוי פריש, אַזוי גרין, אַזוי פרילינגדיק. מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צוקוקן צו די גרופּעס יונגוואַרג דאָ און דאָרט

איבער דער לאַנקע און זייערע לוסטיגע שפּילערייען. אַ זאָרגלאָזיקייט, אַ לוסטיקייט האָט אָפּגעקלונגען פון אַלע זייטן. אַלץ האָט פריי געאָטעמט. איך האָב מיך געווענדט צו מיין פריינט, איך האָב אים געוואָלט עפּעס זאָגן, ווען אַ פּילקע האָט פּלוצלונג אַ זעץ געטאָן אין מיין ווייסן קעפּ אַריין וואָס איז געלעגן אויפן גראָז צווישן אונז, אַ זעץ געטאָן און איז אָפּגעשפּרונגען אויף אַ זייט. מיין פריינט איז אויפגעשפּרונגען און מיט אַ געלעכטער האָט ער אויפגעכאַפּט די פּילקע און פאַנאַנדערלאָזנדיג עטלעכע מאָל זיין אָרעם ווי אַ גוטער באַל־שפּילער האָט ער די פּילקע אַ לאָז געטאָן הויך אין דער לופט. אויך איך בין אויפגעשפּרונגען גלייך נאָך אים. דער פּלוצימדיגער זעץ האָט מיר אַזוי פּלוצים צוריקגעבראַכט אַהין צו יענער געזעלשאַפט.

— לאָמיר צוריקגיין, — האָב איך געזאָגט, — איך האָב מורא, אַז מיר האָבן זיך אַ ביסל פאַרזאַמט.

דער דאָקטאָר האָט אַ קוק געטאָן אויף זיין זייגער און איינגעשטימט. האָבן מיר צוזאַמענגעקליבן אונזערע קלייניגקייטן און זיך געלאָזט אויף צוריק. מיר זיינען געווען אַ היבשע שטרעקע פון דאָרט. וואָס נעענטער מיר זיינען געקומען אַלץ שנעלער האָבן מיר זיך געלאָזט גיין.

— איך זע זיי ניט, — האָט דער דאָקטאָר פּלוצים געזאָגט ווען מיר זיינען געווען נאָענט צום פּלאַץ וואו מיר האָבן זיי איבערגעלאָזט.—זיי זיינען דאָ ניטאָ. אָדער אפשר איז דאָס ניט דער פּלאַץ.

— זיי זיינען ניטאָ? — האָב איך זיך פאַרוואונדערט, — וואו קענען זיי זיין? איך האָב אָבער באַלד דערזען בערטאַס אויטאָמאָביל און באַלד אויך בערטאַן. זי איז געגאַנגען איינע אַליין. איך האָב צו איר אויסגעשריען. זי האָט זיך אומגעקערט. מיר האָבן גענומען לויפן איינע צו דער אַנדערער. בערטאַס יונגער ברודער, האָב איך דערווייל באַמערקט, איז געזעסן איינער אַליין אויף אַ שטאַם פון אַ בוים. דער פּלאַץ האָט אויסגעזען מאָדנע פאַרלאָזן.

— עפּעס האָט געמוזט געשען... וואָס איז געשען? — האָב איך געפרעגט ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אויף איר געזיכט, ווי בלייך און צעטראָגן עס איז. — וואו איז פּאַפּאַ?

— גאָרנישט, גאָרנישט געשען, — האָט זי קוים אַרויסגערעדט. זיי רואיג, זיי רואיג, מיין דעב. — זי האָט געציטערט.

— עפּעס איז געשען מיט מיין פאָטער? מיט מיין פאָטער?...

אַנשטאָט אַן ענטפער האָט זי נאָר געקוקט מיר אין די אויגן. האָב איך מיך געשטאַרקט צו וואַרטן געדולדיג.

— ער איז געפאַלן, — האָט זי ענדלעך געזאָגט.

— געפאַלן? — האָב איך ניט פאַרשטאַנען.

— יאָ, ס'איז אים פּלוצלונג ניט גוט געוואָרן, איז ער געפאַלן. זי האָט אָנגעוויזן אויפן אָרט, אָבער ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט איז עס ניט געווען דער אָרט.

— וואו איז ער?

— מ'האָט אים אַוועקגעפירט אין שפּיטאָל.

צען טעג נאָכאַנאַנד איז מיין בערטאַ דערנאָך פון מיר ניט אָפּגעטראָטן. מיר האָבן צוזאַמען געוויינט, צוזאַמען געשוויגן און מערסטנס אפילו איינגעשלאָפן צוזאַמען. דער ערשטער זונטאָג נאָך יענעם שרעקלעכן זונטאָג איז געווען אַ קאַלטער און אַ רעגנדיגער. מיר האָבן זיך געטרייסט מיט דער נאַטירלעכער באַמערקונג: — הלוואי וואָלט עס גערעגנט פאַראַכטאָגן זונטאָג. בערטאַ האָט מיר שוין אַלץ דערציילט געַנוי, מיט אַלע איינצלהייטן וואָס עס איז פאָרגעקומען. ניט אויף איין מאָל האָט זי דאָס געטאָן, נאָר פאַרזיכטיג, ביסלעכווייז, איין מאָל איין זאַך און אַ צווייטן מאָל אַ צווייטע זאַך. ניט זי וואָלט געקענט אַלץ מיט אַמאָל אויסדערציילן, ניט איך וואָלט געקענט אַלץ מיט אַמאָל אויסהערן. חוץ דעם האָט יעדע איינצלהייט מיך פאַרהאַלטן פון זיך אַליין, ניט געלאָזט ווייטער גיין. דאָס זיינען דאָך געווען מיין פאָטער'ס לעצטע שטונדן, האָט יעדעס וואָרט זיינע, יעדער זשעסט, יעדער טאַט, געהאַט אַ באַזונדערע באַדייטונג פאַר מיר. איך האָב געוואָלט צוזאַמענשטעלן פון די אַלע קלייניקייטן, מיין פאָטער, פון די לעצטע פאַר שעה, ווי מען שטעלט צוריק צוזאַמען פון די שטיקלעך אַ טייערע צעבראָכענע כלי... אָבער דאָס צוזאַמענגעשטעלטע איז געווען אַזוי האַרצרייסנדיג.

דרויסן האָט גערעגנט, גערעגנט אַ דינער רעגן, און איך בין געזעסן און אַלץ געטראַכט פון דעם זעלביגן. מיין פאָטער'ס לעצטע שטונדן זיינען געווען לעבעדיג און לוסטיג. אָבער טאַקע אָט די שוידערלעכע לוסטיקייט האָט געריסן מיין האַרץ. עס איז געווען אַזאַ אויסטערלישע לוסטיקייט, אַזוי פרעמד צו זיין כאַראַקטער. פון וואַנען איז זי געקומען אויף אים, אָט די זאָנדערבאַרע לוסטיקייט, וואָס האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די לעצטע שוידערלעכע מינוטן. וואָסערע שוידערלעכע מינוטן דאָס זיינען געווען... מיין פאָטער וועלכן איך האָב אפשר קיינמאָל ניט געזען לויפן, איז געפאַלן לויפנדיג, לויפנדיג. געפאַלן איז ער צוויי מאָל. פון דעם צווייטן פאַל האָט מען אים שוין געדאַרפט אויפהייבן...

נאָך פאַר מיין אַוועקגיין אויף יענעם שפּאַציר מיט מיין פריינט, האָב איך שוין באַמערקט ווי „יענע" קאָן ניט רואיג איינשטיין אויף אַ

מינוט אויף איין אָרט. פון איין אָרט צום אַנדערן איז זי געלאָפן. אפילו אַ פּאָר טריט נגר, איז זי ניט געגאַנגען נאָר איז געלאָפן. זי איז דווקא גראַציעז געלאָפן. פאַר יעדן שפּרונג אירן פלעגט זי מיט אַ כלומרשט נאַטירלעכער, כאַטש גוט־איינגעשטודירטער באַוועגונג צוזאַמענגענעמען איר קורץ קליידל פון הינטן אַרום און געבן אַזאַ רייצנדיגן בויג מיטן קאָפּ — אַזוי קינדעריש נאַאיוו... בערטאַ האָט אויסגעצייכנט אילוסטרירט דעם זשעסט, כאָטש מיט ביטערניש אין האַרצן...

— ווען איך וואָלט געווען אויפן אָרט, ניט אַוועק אויף קיין שפּאַציר, וואָלט מיין פאָטער ניט געלאָפן, וואָלט...

בערטאַ האָט שוין מערערע מאָל געהערט פון מיר אויסדריקן אָט דעם געדאַנק, און געענטפערט מיט גלעטן מיין האַנט און איך האָב זיך ווידער און ווידער געזאָגט אין געדאַנק אַז איך האָב ניט געטאָרט דאַן איבערלאָזן מיין פאָטער מיט יענער... כ׳האָב זיך דערמאָנט אָן מיין מוטער׳ס ווערטער: „ווי ווייט מעגלעך, מיין טאָכטער, ניט אַרויס־לאָזן אים פון אויג, אויף אַ מינוט ניט". איך האָב ניט געטאָרט אַוועקגיין. און דאָך, האָב איך ווייטער געטראַכט, קאָן דען אַ טאָכטער שטענדיג זיין ביי איר פאָטער׳ס זייט? אַ חוץ דעם איז דאָך מיין פאָטער אַליין געווען אַן אָפּגעהיטער מענטש, אַזאַ באַדאַכטזאַמער. איין וואָך פאַר דעם אומגליק איז ער געווען ביי זיין דאָקטאָר אויף איינעם פון זיינע רעגלמע־סיגע באַזוכן, און מיטאַמאָל אַזוי פלוצלינג... ווער האָט עס געקאָנט טראַכטן אַז אין דער צייט וואָס איך מיט מיין פריינט האָבן געקוקט ווי די יונגוואַרג שפּילט אויף דער לאָנקע, האָט זיך דאָרט אויך, ביי זיי, אָנגעהויבן אַ שפּיל, און אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט דעם וואָס מרס. ראָוז האָט אַרויסגע־פּאָדערט מיין ברודער צו דערי־אָגן איר. נאָכדעם זיינען שוין אַנדערע געלאָפן, מיט איר, און אָן איר. איין מינוט, ווען בערטאַ האָט געגלויבט אַז מיין פאָטער קאָן דאָ מיטגעצויגן ווערן, איז זי צוגעגאַנגען צו מרס. ראָוז און איר דערקלערט, אַז מיין פאָטער איז יעדע איבעריגע אָנשטרענגונג פאַרבאָטן. יענע האָט איר געענטפערט נאָר מיט אַ צוק מיט די אַקסלען אַזוי, ווי זי וואָלט איר ניט פאַרשטאַנען. אפשר האָט זי איר טאַקע ניט פאַרשטאַנען, זי איז געווען אַזוי פאַרקאָכט... מערקווירדיג וואָס בערטאַ אַליין ווייס ניט ווי אַזוי עס איז געשען: ווער ס׳האָט וועמען אָנגעבאָטן...

וואָס עס איז געשען איז פאַרגעקומען צווישן אים און איר, איז פאַרגעקומען אַזוי פלוצלונג און פונקט ווען בערטאַ האָט זיך ערגעץ פאַרקוקט. זי האָט זיך אומגעקוקט אין דעם אויגנבליק ווען מיין פאָטער האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך יענער און איז ביים סאַמע אַרויספאָר געפאַלן: אפשר האָט ער זיך פאַרטשעפּעט אָן עטוואָס אין גראָז, אָדער איז געפאַלן

צוליב זיין לאַנגער אָפּגעוואוינקייט פון לויפן. אפשר איז עס געווען זיין נערוועזער צושטאַנד, דער געדאַנק אַז ער טוט ניט די גלייכע זאַך. ער האָט זיך אָבער שנעל און פלינק אויפגעהויבן און געזען זיין אייגענעם יונגן זון לאַכן אים אין פנים אַריין. מיין ברודער האָט זיך פונקט אויס־געדרייט און ניט געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. מרס. ראָוז האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט מיט אַ שמייכל. דאָס האָט מיין פאָטער ווילד געמאַכט. האָט ער שוין גענומען לויפן ווי אַ ווילדער, ווייל געפאַלן איז ער אויפן ברייטן אויטאָמאָביל וועג וואָס שניידט דורך דעם פּאַרק גאָר נאָענט דערביי, געפאַלן פאַר אַ לויפנדיגן אויטאָ. דער אויטאָ האָט נאָר דערענגדיגט וואָס ער אַליין האָט אָנגעהויבן...

אַזוי האָט זיך מיין פאָטער׳ס לעבן געענדיגט. איז דאָס שיקזאַל? האָט דער שיקזאַל געוואָלט צום נאַר מאַכן אַ מענטשן, וואָס ווען נאָך גאָר אַ יונגער אינגל האָט ער שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן פון אַ צוועק, און פלאַנמעסיג און מעטאָדיש געאַרבעט צו דערגרייכן וואָס ער האָט זיך פאַרגענומען? אַזאַ סוף פון אַ מענטשן מיט אַזאַ קלוגן און קילן קאָפּ, אַזאַ אויסגערעכנטן און אָפּגעהיטן אין אַלעם? ער, דער האַרציגער און איבערגעגעבענער מאַן, דער זעלטענער, זעלטענער פאָטער זאָל אַזוי ענדיגן? פאַרוואָס זאָל דער שיקזאַל וועלן אַזעלכעס? און וואָס איז גלאַט שיקזאַל?

איך בין געשטאַנען ביי זיין טויטן קערפּער און געקוקט אויף דעם ליבן געזיכט וואָס איך האָב אַזוי גוט און נאָענט געקאַנט: — מיין פאָטער, מיין פאָטער, פון פאַר יענעם זונטאָג. ער איז געשלאָפן אַזאַ אומשולדיגן שלאָף. מיין ליבער פאָטער שלאָפט... עס האָט זיך געדוכט אַז ער קאָן זיך יעדע מינוט אויפכאַפּן און מאַכן אונז אַלעמען דענקען אַז די גאַנצע געשיכטע איז ניט מער ווי אונזערער אַ חלום. עס האָט דאָך ניט גע־קאָנט זיין עפּעס אַנדערש ווי אַ חלום. ס׳איז אָבער פאָרט נישט געווען קיין חלום, ס׳איז געווען די בייזע ווירקלעכקייט...

שפּעטער, אָפּט דענקענדיג פון זיין לעצטן שלאָפנדן אויסזען, פלעגט מיר אויסקומען אַזוי ווי איינער, אַ פרעמדער, וואָלט זיך עס אַריינגע־גנב׳עט צו אים אין זיין שלאָף, ווי אַ גנב שאַרט זיך אַריין אין אַ הויז פון אַ שלאָפנדען און וועקט דער צייטווייליגער באַלעבאָס פון זיין הויז. אָבער ניין, ס׳איז דאָך ניט געווען קיין פרעמדער, ס׳איז דאָך געווען איר פאָטער...

צוליב וואָס האָט ער עס געטאָן? געוואָלט שפּילן אַ ווייכע אַ ראָלע? פאַרוואָס? פאַר ווען? פאַר יענער?... אָ, ניין! ווי עס האָט זיך

שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז ער אַפילו רעכט פאַראינטערעסירט אין איר ניט געווען...

די אַלע פראַגן, ווי פילע אַנדערע, זיינען פאַרבליבן אָן אַן ענטפער. אַלץ וואָס איך זע איז מיין פאָטער'ס שלאָפענדיג געזיכט, וואָס האָט אויסגעוויזן אַז עס ווייסט פון גאָרניט. . .

# עלסי׳ס געבורטסטאָג

אַלף און בית זיינען געווען פון די לעצטע געסט וואָס האָבן פאַר־לאָזן די פריילעכע געבורטסטאָג־פּאַרטי פון דער 17־יעריגער עלסי. ביים אַרויסגאַנג האָט זיך ראַלף געווענדט צום בית, זיינעם אַ גוטן, אַלטן באַ־קאַנטן:

— אונזער וועג איז, דוכט זיך, דער זעלבער?

— יאָ, דער זעלבער.

— טאָ לאָמיר גיין צוזאַמען.

אַז זיי זיינען שוין געווען אין דרויסן, אין דער שפּעטער שעה פון אַ הערלעכער אָנהייב־האַרבסט נאַכט, האָט אַלף פאָרגעשלאָגן:

— אַזאַ שיינע נאַכט... ווי אַזוי גייט מען עס אַריין גלייך אין שטיקנדיגן סאָבוויי?... אפשר וואָלט איר געווען אַ בעלן אַ שפּאַציר טאָן אַ שטיקל וועג? מיר קאָנען גיין ביים זייט פון פּאַרק... אַ פיינער שפּאַציר...

דאָס איז טאַקע וואָס איך האָב געוואָלט פאָרשלאָגן. דער וועג פאַר אונז ציט זיך אַ היפּשע שטרעקע לענג אויס דעם פּאַרק... איך האָב מיך געוויס ניט וואָס צו אײַלן; איר זייט עפּעס אַנדערש — איר זייט אַ פאַרהייראַטער מאַן...

— און אַז פאַרהייראַט איז וואָס?

— כ׳ווייס... די ווייב אפשר... עס ווילט זיך גיכער אַהיים קומען...

— נאַרישקייטן... איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן? אַ שיינע מיידל געוואָרן, עלסי.

— איר האָט אויך באַמערקט?

— וואָס עפּעס איך א ו י ך? וואָס בין איך בלינד? שיין אַנטוויקלט...

— יאָ, זייער שיין... וואָס איך האָב געמיינט מיט מיין „אויך" איז אַז איך גלויב אַז אַ פאַרהייראַטער מאַן קוקט... ווי זאָל איך אייך זאָגן? קוקט מיט אַנדערע אויגן.

— מיט אַנדערע אויגן? — וואָס מיינט איר מיט דעם?

— כ׳מיין... ווי זאָל איך עס זאָגן, כ׳ווייס ווי אַזוי א י ך קוק.

איר, פֿאַרשטיי איך, זעט איר זעלטן ווען. איך באַטראַכט איר שוין פֿון אַ שיין שטיקל צייט. איך בין ביי זיי אַן אָפּטער איינגייער, אויב איר ווילט וויסן. די לעצטע צייט, מיין איך...

— איר האָט איר געגעבן אַ שיינע מתנה...

— איר האָט געזען די מתנה? ווייזט אויס, איך האָב ריכטיק צוגעטראָפֿן, אַז זי האָט אַזעלכעס געוואָלט. אַ גליקלעכער געדאַנק...

— בית האָט זיך אָפּגעשטעלט, אַרויסגענומען אַ סיגאַרעט, פֿאַררויכערט, אַ טיפֿן צי געטאָן און עס גלייך אָפּגעוואָרפֿן, אַ קוק געטאָן פֿאַר זיך און אויף ביידע זייטן פֿון דער גאַס און געזאָגט:

— אַ וואונדערשיינע נאַכט, אמת? די נאַכט איז אַזוי דער־פֿרישנדיק נאָך די פֿאַר שעה אין אַ וואַרעם געפּאַקט הויז. אגב, האָב איך געטרונקען אַ קאַפּעטשקע מער ווי מיין געוואוינהייט, קיין געפֿאַר ניט. ס'איז גוט וואָס מיר זיינען דאָ צוזאַמען, אין סאַבוויי וואָלט איך סיי ווי סיי ניט אַריין, וואָלט מסתמא געגאַנגען אַהיים אַליין, מיט מיינע געדאַנקען. — ער האָט אַ קוק געטאָן אין דער פֿינסטערניש פֿון פּאַרק אַריין. — איר ווייסט, די נאַכט איז אַ פֿריינט, אַזוי פֿיל איך צייטנווייז, אָבער אָפֿט אַן אומעטיגער, טרייסטלאָזער פֿריינט...

— איר האָט, דאַכט זיך, ניט פֿאַרענדיגט וואָס איר האָט אָנגעהויבן דערציילן.

— כ'האָב ניט פֿאַרגעסן, מיין פֿריינט, דאָס וואָרט איך אויף די געהעריגע ווערטער. כ'האָב אייך געזאָגט, אַז איך שטודיר עלסי'ן שוין אַ שטיקל צייט. „אַ שיין אַנטוויקלט מיידל", האָט איר געזאָגט. גערעכט, אַזאַ ליכטיק אויג, און אַזאַ ליכטיגער שמייכל. אָבער איך פֿרעג מיר, וואָס זעט זי מיט אירע פֿרישע, ליכטיקע אויגן? איך געדענק וואָס איך האָב געזען ווען איך בין געווען אין אירע יאָרן, איך זע עס נאָך היינט, איר מעגט מיר גלויבן. איך האָב געגאַרט אַז נאָך אַ זעל זאָל עס זען מיט מיר, דאָס איז ליידער ניט געשען ביז איצט... דאָס פֿרעג איך מיך: וואָס זעט זי? מיט וועמען וועט זי דאָס צוזאַמען זען? פֿאַר וועמען וועט זי עפֿענען איר צוזיבערהאַפּטע וועלט? וואָסער ריינער, יונגער, טוי־פֿרישער מאָרגן גרייט זיך דערצו. איך קאָן ניט זען איר אָדער דענקען פֿון איר און ניט דענקען פֿון דעם, וואָס איך שטיי אין דרויסן דערוויל, כאַפּ אַ צופֿעליגן שטראַל דורך אַ שפּאַרונקע.

— איר זייט פֿאַרליבט...

— פֿאַרליבט? עס איז ניט שווער צו זיין פֿאַרליבט אין אַזאַ... קינד. כ'האָב פֿאַרשטאַנען אַז איר וועט עס אַזוי אויפֿפֿאַסן, אָבער...

— אָבער וואָס?

— אָבער איך בין דאָך מער ווי פאַרליבט אין דעם יונגן קינד, איך בין דאָך פאַרליבט אין זיך אויך, אין מיין פאַרגאַנגענער יוגנט. פאַרגאַנגענער? וואָס זאָג איך? עס איז נאָך ניט פאַרגאַנגען, די יוגנט לעבט נאָך טיף אין מיר און וואַרט און גאַרט אויף גאָט'ס זיסע ליכט. איך קאָן זיך נאָך אפשר פאַרהאַלטן פון פאַרגיין... איר שמייכלט?... וואָס שמייכלט איר? איך פאַרשטיי. איר דענקט פון מיין עלטער, איר ווייסט גענוי ווי אַלט איך בין?

— מיר זיינען, גלויב איך, פון זעלבן עלטער, אין די פופציגער?

— ניין, ניט אין די פופציגער, ווי גאָט איז אייך ליב, ליגט מיר ניט צו קיין יאָרן... איך ווער פופציג די טעג. אפשר ניט קיין גרויסער חילוק, נאָר אַז מען טראָגט אַ משא איז די קלענסטע צוגעבעניש צופיל. 9.98 איז ניט 10, ווייסן גוט די רעכענערס... איך האַלט ערשט ביי פופציג.

— און זי איז געוואָרן 17. דענקט איר, אַז זי וועט איינשטימען? אַנטשולדיגט, כ'מיין איז זי פאַרליבט אין אייך?

— דאָס איז דער גרויסער סוד. — בית קוקט ווידער אין פינסטערן פאַרק אַריין. — די נאַכט זאָגט אַמאָל יאָ, אַמאָל ניט; דעם טאָג האָב איך נאָך ניט געפרעגט.

— איר האָט איר אָדער אירע עלטערן קיין אָנצוהערעניש ניט געגעבן?

— ניין.

— גאָרניט צוגעקומען נעענטער צו איר?

— ניין, ניין. — ביידע מענער שווייגן אַ ווײַלע. בית קוקט זיך איצט צו צו דער ריי הייזער אַנטקעגן וואו עס האָט זיך זעלטן געזען אַ ליכט.

— ווי שטיל דאָ איז פאַר אַ פאַרטרוילעכן געשפּרעך, — האָט בית ווייטער גערעדט. כ'האָב אייך דאָך שוין געזאָגט אַז די נאַכט קאָן זיין אַזוי פריינטלעך אַמאָל. זי, עלסי, האָט מיר דערציילט אַ חלום, טאַקע פון ניט לאַנג צוריק, נאָך קיין פולע דריי וואָכן ניט. זי האָט זיך געזען אין אַ וואַלד אויפן לאַנד. אין דער מינוט ווען זי האָט אָנגעהויבן צו דענקען אַז זי האָט פאַרבלאָנדזשעט און אָנגעהויבן צו לויפן אַהין און אַהער אין שטייגענדער אַנגסט, איז זי אַרויס אויף אַן אָפן פעלד און דערזען פאַר זיך אַן אָפענעם נאַכמיטאָגדיגן הימל, געדיכטע קוסטעס, אַ שרעקלעך פרעמדער געגנט און זי איז אַליין, אַליין, ווען פלוצלונג, וואָסער גרויסע פרייד! איך בין פלוצלונג ווי אויסגעוואַקסן פאַר אירע אויגן. אַ טרער איז איר אַרויס ביים דערציילן...

— דאָס אַלץ?

— ניין, ניט אַלץ... זי האָט מיר אַ היפשן טרייסט געטאָן, אָנגע־מענדיג מיך פאַר מיינע ביידע אָרעמס. זי איז אַ שטאַרק מיידל, מסתמא.

— און מער גאָרניט?

— נאָך עפּעס... איר מוטער איז פּונקט אָנגעקומען. האָב איך געקאָנט זען, אַז זי גייט איבערגעבן איר חלום דער מוטער און ווי זי האַלט זיך צוריק — אַ קוק געטאָן אין מיר, ניט אויף מיר, און רויט געוואָרן... דאָ האָט איר שוין אַלץ, איך זע אַז איר וואַרט אויף נאָך?...

— אַ חלום?

— אפשר אַ חלום...

— כ׳מיין ניט אַזוי...

— אַ דאַנק אייך... אַ האַרציגן דאַנק...

— און די עלטערן? אירע עלטערן שטויסן זיך אָן?

— די עלטערן האָב איך ניט שטודירט... דאָס מיידל איז ניט צום פאַרקויפן און איך בין ניט קיין קונה.

— דאָס קאָן איך זען.

בית האָט זיך פאַרטראַכט איבער דעם ווי אַזוי ער האָט אַלעמען געמאַכט גלויבן אַז זיין מתנה קאָסט אים ווייט ניט דאָס וואָס עס איז אפשר ווערט. ווען ער האָט דערוואַכט פון זיין געדאַנק און געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט ער באַמערקט אַז אַלף דענקט אויך פון עפּעס, האָט ער איבער־געוואָרט, געזאָגט אָבער האָט ער שוין עפּעס אַנדערש.

— איך געדענק נאָך מיינע ערשטע קינדעריש̇ע באַקאַנטשאַפט מיט אַן אָפּעראַ־גלאָז, אַ שפּאַקטיוו האָבן זיי עס גערופן. דער וואונדער פון דעם איז געווען, וואָס דאָס ווייט־ווייטע קומט צו צו די סאַמע אויגן און ווען מען קוקט פון דער אַנדער זייט, ווערט דאָס נאָענטסטע אַזוי ווייט... אָט דער שפּאַקטיוו קומט מיר די לעצטע צייט אָפּט אַרויף אויפן געדאַנק: פון וועלכער זייט קוק איך? אַמאָל איז אַלץ, אַלץ, אַזוי נאָענט, אַזוי וואַרעם נאָענט, אָבער אַן אַנדערש מאָל... דאַרף איך אייך זאָגן, וואָס מיר דוכט זיך אַן אַנדערש מאָל?... און צוריקגעשמועסט, צווייפל איך ניט אין מיין יוגנטלעכן פייער, וואָס איך האָב אויפגעהאַלטן און דורכגעטראָגן די אַלע יאָרן, און וואָס האָט די גאַנצע צייט געוואָרט אויף אַזאַ גרויסן מאָמענט, טאָ פאַרוואָס זאָל איך צווייפלען אין איר? זי און אירע 17 יאָר האָבן דאָך דערוועקט מיין פייער... פאַרוואָס זאָל איך צווייפלען אַז דאָס געפיל איז קעגנזייטיג? אַז איר יונגער גייסט גייט דאָ מאַכן דעם פּונקען־שפּרונג צו מיינע 17 יאָר פון אַמאָל, וואָס לעבט און וואַרט אין מיר? און דאָך האָב איך מורא אַז איך וועל וואַרטן ביז וואַנען... ווייסט איר ביז וואַנען?

— כ׳ווייס ניט, ביז וואַנען ?

— לאָמיר אײַך עפּעס דערציילן : ווען איך בין אַלט געווען 17—18 יאָר האָב איך פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן אין דער רייכער הויז פון מיין פאָטער׳ס אַ קרוב. דאָרט וואו איך בין געווען, האָב איך גלייך דערפילט אַז איך בין געקומען אין אַן אַטמאָספערע פון „אויפגעקומענע״. יעדער איינציגער פון זיי איז אַזוי געווען, אַ חוץ איין טאָכטער, אַ מיידל פון אַ יאָר 16. זי האָט געהאַט אַזאַ וואַרעם האַרץ, אַזאַ נאָבעלע נשמה. איך האָב זי דערקענט פון איר ערשטן שמייכל. דעם לעצטן אָוונט ביי זיי, האָב איך געהאַט אַ וואונדערלעכן געשפּרעך מיט דער מיידל, איך גלויב מיין ערשטער געשפּרעך פון דעם סאָרט ווען מען פילט אַז מען גיט אַזויפיל יענעם און אַז מען קריגט נאָך אפשר מער, מער. אין אַ פלוצלונגדיגער פויזע האָבן זיך אונזערע ליפּן ווי צופעליג געטראָפן אַזוי נאָענט צוזאַמען, אַזוי ווייטאָגדיג נאָענט : יאָ, צי ניט ? — איך האָב דעם קוש ניט געגעבן, ניין. זי האָט געגעבן אַ מאָדנעם שמייכל, ניט פון אַנטוישונג, נאָר פון ליידן. איך בין אָפּגעפאָרן מיט אַ צעבראָכן האַרץ. לאַנג, לאַנג האָב איך געפילט די נאָענטקייט פון אונזערע ליפּן און לאַנג, לאַנג דעם לאָך אין האַרצן. . .

— האָט איר זי מער קיינמאָל ניט געזען ?

בית האָט אויף דער פראַגע ניט געענטפערט.

— ווייסט איר שוין איצט ווי לאַנג איך קאָן וואַרטן ? אָבער היינט בין איך דאָך ניט מער זיבעצן יאָר אַלט. . . אויב עס זאָל זיך אויסלאָזן אַז אויך דאָ האָט געטראָפן דאָס זעלבע, דאַן. . . דאַן. . . — בית האָט אַ קוק געטאָן פאַר זיך און געזוכט אין געדאַנק ווי צו ענדיגן זיין זאַץ. אלף איז געוואָרן אויפמערקזאַם. — דאַן וועל איך מיט מיינע אייגענע הענט האָבן אויסגעלאָשן מיין ליכט, מיין פייער, און דאָס מאָל שוין אויף שטענדיג. . . דאַן וועל איך בלייבן ווי. . .

ביידע, אלף און בית, האָבן אַ פּאָר מינוט פריער געהאַט באַמערקט אַן איינזאַמע פיגור ביי דעם איינציגן באַלויכטענעם פענסטער פון אַ גרויסער שוואַרצער גראָמאַדע פון אַ הויז. אלף האָט זיך איצט ווי אינסטינקטיוו געווענדט אין יענער ריכטונג. דאָס פענסטער איז איצט געווען פינסטער. . .

בית איז פלוצלונג אַנטשוויגן געוואָרן. אלף האָט זיך משער געווען, אַז אַזאַ צוריקגעצויגענער מענטש ווי בית איז, האָט זיך געמוזט כאַפּן, אַז זיין פול האַרץ האָט זיך דאָ צופיל אַרויסגעגעבן. האָט ער דערשפּירט אַז ער איז זיין פריינט עפּעס שולדיג.

— איך האָב איינציגע מאָל, — האָט אלף אונטערגעבראָכן די שטיל-

קייט, — געהערט אייך באַמערקן אַז איך אַלס פאַרהייראַטער מאַן האָב אפשר אַן אַנדער בליק אויף דעם אָדער יענעם. איך קאָן נאָר רעדן פאַר זיך, ניט פאַרן כלל פון די פאַרהייראַטע. אויב איר געדענקט, האָב איך פאָרגעשלאָגן אונזער שפּאַציר און איך האָב דער ערשטער דערמאָנט עלסין... איך דענק אויך, אַז ווען איך וואָלט אייך דאָ ניט געטראָפן וואָלט איך אויך ניט געגאַנגען גלייך אַהיים, נאָר געשפּאַצירט אַ שטיק וועג אַליין, אפשר ביים פּאַרק אויך. פאַרוואָס, וועט איר אפשר פרעגן, אויך צוליב עלסין? יאָ און ניט. צו מיר איז עלסי כמעט אַ פרעמדע, איך זע איר אַמאָל אין אַ יובל. אָבער איך האָב זי דעם אָוונט געפונען אַזוי שטאַרק, אַזוי אינטענסיוו, אַזוי ברענענדיג 17, אַז... פאַרגעסט ניט, מיין פריינט, אַז איר האָט זיך אויסגעדריקט: זי אין אירע 17 יאָר...

— יאָ, אָבער וואָס? דערענדיגט.

— יאָ, אַזוי פלאַמענדיג זיבעצן, אַז איך האָב צייטנווייז געגלויבט אַז איך בין קיין מאָל 17 ניט געווען, אַז, ווי זאָל איך עס זאָגן? יאָ, אַז מיך האָט מען אַרויסגעשיקט אויף דער וועלט אַ 55־יעריגן ווי איך בין איצט... איר, ווידער, האָט מען געגעבן אַן אייביגע 17־יעריגע יונגקייט... איך מיין ניט צו זאָגן, אַז איך האָב געהאַט אַן אומגליקלעכע יוגנט, עס וואָלט געווען ניט אמת. וואָס איך מיין איז, אַז איך געדענק ניט מיין יוגנט. אויב איך האָב עס געהאַט ווייס איך ניט וואו עס איז אַהינגעקומען. איר וואַרט אויפן שפּרונג, אויפן פונקען־שפּרונג, אויפן עלעקטרישן בריק צווישן אייערע 17 פון אַמאָל און אירער. איך בין אייך מקנא, ווי איך בין אַייך מקנא. איך שעם מיר ניט צו זאָגן. איר קוקט מיך אָן?

— איך הער מיך צו.

— איר, מיין פריינט, זייט אַ פראָפעסאָר, איך בין אַ ביזנעס מאַן. אָנגעהויבן האָב איך אַלס פעדלער: געגאַנגען מיטן פּאַק פון הויז צו הויז. מייסטנס האָט מען מיך ניט געלאָזן עפענען מיין פּאַק, געגעבן אַ קלאַפּ מיט דער טיר פאַר דער נאָז און געהייסן גיין. ווי אַ געוועזענער פעדלער, אַלזאָ, פיל איך אַז איך האָב מיין פּאַק קיינמאָל פאַר קיינעם ניט געעפנט. דער פּאַק ליגט אפשר ערגעץ באַגראָבן אונטער אַ משא פון אַנדערע פּעק און פּעקלעך. איך ווייס אפילו ניט וואָס ער האָט אַנטהאַלטן, מיט וואָס פאַר אַ סחורה איך בין אַרויסגעקומען. אפשר איז ניט געווען נאָך וואָס דעם פּאַק צו עפענען, אפשר גיט מען מייסטע מענטשן אַ פּאַק פון גאָרנישט מיט גאָרניט. איך ווייס ניט, כ׳ווייס נאָר אַז קיינער האָט אין מיין פאַל ניט געהאַט די נויטיגע בייגעריגקייט צו ווען פאַרקוקן אין מיין פּאַק אַריין.. אפילו מיין אייגענע פרוי ניט. מיין פרוי, זעט איר, האָט אין מיר יאָ עפּעס אַנטדעקט...

— וואָס אַזוינס?

— יאָ, יאָ. אָבער אַזוי שפּעט, ווי מיט צען־צוועלף טעג צוריק, נאָך די אַלע יאָרן צוזאַמען זיין, און גאַנץ אומדערוואַרט אויך. איר ווילט הערן? כ׳קום אין אָוונט אין הויז אַריין, קומט מיר מיין ווייב אַ באַגייסטערטע: — „טרעף ווער ס׳איז געקומען אין אַמעריקע?״ — איר ווייסט דאָך, מיר האָבן דאָ אין אַמעריקע די לעצטע פּאָר וואָכן דער־וואַרט גרויסע געסט. הייב איך אָן צו טרעפן: — איינשטיין? — ניין; — וויצמאַן? — אויך ניט. אָן אַנדער ענלעכער נאָמען, ווידער ניט. — דו וועסט קיינמאָל ניט טרעפן, — זאָגט זי. —אַז איך וועל קיינמאָל ניט טרעפן, טאָ וואָס מאַטערסטו מיך אומזיסט? — אַלזאָ, ווער? — סטאַשעק איז געקומען. — סטאַשעק? וועלכער סטאַשעק? — געדענקסט ניט? סטאַשעק וואוילער! — האָב איך זיך דערמאָנט. געווען אַמאָל אין דער אַלטער היים אַ שעיה אָדער „סטאַשעק וואוילער״, אַ פּאַרשוין מיט רויטע בעקעלעך און דינע שוואַרצינקע וואָנסעלעך מיט שפּיצלעך אַרויף, מאָדנע שמאָלע הויזן, אַ גאַרניט, אַ פּאַרשוין אַריינצושטעלן אין שויפענסטער פון אַ מענער־קליידער געשעפט. איך קוק מיך אום אויף מיין ווייב: זי זעט מיך דאַכט זיך ניט, זי זיצט מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן און אַ גליקלעכן שמייכל שוועבט אַרום אירע ליפּן. זי איז געשטאַנען אין דער פּאָזע פון אַ הייליגער, וואָס קוקט אויף דער פּראַכט פון דער געטלעכקייט. דאָ האָט זי געקוקט אין איר פאַנטאַזיע אויף דעם סטאַשעק פון מיט פינף און צוואַנציג יאָר צוריק.

— דו ווייסט, — האָט זי מיר דערקלערט, — דיך האָב איך מער ליב געקראָגן ערשט נאָך דער חתונה.

— מער ווי וואָס? מער ווי וועמען?

— מער ווי פאַר דער חתונה. גאָר צוערשט און גאָר פאַרליבט בין איך געווען אין סטאַשעקן. וועלכע מיידל איז אין אים ניט געווען פאַרליבט?

ביידע מענער האָבן זיך גוטמוטיג צעלאַכט. אלף אָבער האָט זיך באַלד אַנטשולדיגט פאַר זיין פריינט:

— איך פיל, אַז איך האָב צו לאַנג אויסגעצויגן מיין געשיכטע. נאָך אַלעמען איז עס דאָך אייער אָוונט, אייער און עלסיס. ווי האָט איר געזאָגט? די נאַכט קאָן פריינטלעך זיין: מיר האָבן געהאַט אַ ליבע נאַכט.

ביידע זיינען איצט געשטאַנען אין דער גוט באַקאַנטער געגנט וואו זיי האָבן געוואוינט. זיי האָבן גאָר ניט געהאַט באַמערקט אַז ווען זיי זיינען אַרויס פון דער טונקלקייט פון פּאַרק האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן.

# קאָמפּראָמיסן

מר. און מרס. לעוו האָבן געהאַט אַ שטיקל שטרייט יענעם פרי־מאָרגן איבער אַ גאַנץ אומוויכטיקן אינצידענט.ביידע האָבן שוין געהאַט איבער דער מאָס זיך צעהיצט, ווען מרס. לעוו, אַננעמענדיג איר מאַנס אַ באַמערקונג פאַר עפּעס ערגערס ווי עס איז געווען, האָט אָפּגעמאָסטן מיט איר בליק איר מאַן פון קאָפּ ביז די פיס, און מיט ווערטער וואָס האָבן ממש געאָטעמט מיט עקל, צו אים אויסגעשריען:

— אַוועק פון מיינע אויגן, דו... העסלעכקייט!

אָבער טאַקע אין דער זעלבער הייסער רגע האָט איר פאַרדראָסן אויף איר ווילדן אויסברוך. ערשטנס, האָט זי זיך גלייך געכאַפּט אַז זי האָט שלעכט אויסגעטייטשט זיינע ווערטער, צווייטנס, און מער ווי אַלץ, ווייל זי האָט געוואוסט ווי שרעקלעך עמפּינדלעך איר מאַן איז. און זי האָט טאַקע גלייך געקענט זען די שוידערלעכע ענדערונג אין אים, אַזוי ווי אַ קויל וואָלט אים דאָ געהאַט געטראָפן. אַ מינוט איז ער געבליבן שטיין אָרעם און אָן ווערטער פאַר איר.

— וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט ער דערנאָך געפרעגט מיט בלייכע בלוטלאָזע ליפּן, — וואָס?

— מיר צו וויסן...

— מיינסט, איך האָב ניט געהערט?

— האָסט געהערט, טאָ וואָס פרעגסטו?

ער האָט איר גאָרניט געענטפערט און איז אַרויס פון צימער. דער אינצידענט וואָס האָט פאַראורזאַכט די מחלקה איז פאַר דער צייט שוין געהאַט פאַרשוואונדן פון ביידנס געדאַנק. ער האָט זיך אָבער צוריק־געקערט אין צימער צו זיין פרוי.

— ביזט גערעכט, — האָט ער אַנגעהויבן און זיך גלייך אָפּגע־שטעלט אַ קוק צו טאָן אויף זיך אין לאַנגן שפּיגל אַנטקעגן, אויף זיין ווייט ניט אָנציענדיגן געזיכט, די בלייכע אויגן, די פּאָקן־שטופּלען, די שווערע גאָמבע, און דאַן אויף זיין גאַנצער פעסטער, אָבער קורצער און שווערער, שיר ניט קאָמישער פיגור. — ביזט גערעכט, — האָט ער ווידערהאָלט, — איך בין... — ער האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט, עס איז אים געווען שווער אויסצורעדן דאָס וואָרט, — יאָ, איך בין העסלעך...

אָבער... אָבער... לאָמיר דיך פרעגן, אויב איך קוק אַזוי אויס...
אין דיינע אויגן... טאָ, ווי אַזוי... — זיין שטימע האָט אַ ציטער געטאָן
און ער איז ווידער אַרויס, און ניט פאַרענדיגט זיין פראַגע. אָט טאַקע
ביים סאַמע אָנהויב פון זיין פראַגע איז אים געקומען אַ געדאַנק, אַז עס
איז בעסער ניט צו שטעלן די פראַגע דערווייל. בעסער זיך באַדענקען
פריער.

די גאַנצע צייט אויפן וועג צו ביזנעס און צוריק פון ביזנעס און אומעטום וואו ער האָט זיך נאָר געפונען דורכן גאַנצן טאָג, האָט לעוו'ס מוח געעגבערט די פראַגע, ווי אַזוי איז עס אים פריער קיינמאָל ניט געקומען אויפן געדאַנק, אַז זי איז ניט בלינד צו זיין אויסזען, אַז זי ליידט אפשר דערפון, און ווער ווייס נאָך אויף וואָסער אופן זי ליידט... פאַרטראָגט אים אפשר ניט... האָט ער טאַקע באַדאַרפט וואַרטן ביז וואַנען זי וועט עס אים אָפן אַרויסזאָגן? ער, וואָס אַליין האָט ער מאָדנע ניט פאַרטראָגן קיין העסלעכע מענטשן — זיין פרוי איז אפשר ניט אַזוי באַרמלאָז צו זיי ווי ער איז, אָבער אין תוך ניט פאַרשידן. ער ווייס דאָך, למשל, אַז אפילו אויף די פאָר שטונדן הויז־אַרבעט וויל זי אין הויז ניט האָבן קיין מיאוס'ע מיידל. זי האָט פון אים קיינמאָל ניט באַהאַלטן אירע געפילן אין דעם הינזיכט, דאָס הייסט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַנדערע, ניט וועגן אים. מיט אַ פאָר יאָר צוריק האָבן זיי ביידע, ער און זי, זיך גע'חידוש'ט איבער דעם וואונדער וואָס אַ גאַנץ שיינער יונגערמאַן גייט חתונה האָבן מיט זיין, לעוו'ס שוועסטער, העלען. העלען איז ניט מיאוס'ער פון אים, פאַרקערט, איר געזיכט איז דאָך ווייניגסטנס פריי פון שטופלען. וואָס האָט ער, לעוו, זיך דעמאָלט געדענקט? ער האָט זיך געמוזט האַלטן אין אַ גאַנץ אַנדערער קאַטעגאָריע פון די אַנדערע מיאוס'ע. ער איז ניט געווען געגאַרט אין זיך, נאָר... נאָר וואָס? נאָך ביי זיין גאָר ערשטער באַקאַנטשאַפט מיט זיין פרוי, געדענקט ער, האָט ער שטאַרק געצווייפלט אין דער מעגלעכקייט זי זאָל מיט אים חתונה האָבן. אָבער אַזוי שנעל ווי זי האָט צוגעשטימט האָט ער אָן אַלץ פאַרגעסן.

זאָל עס מעגלעך זיין, אַז איר האָט אָפּגעעקלט פון אים די גאַנצע צייט, די זעקס־זיבן יאָר פון זייער צוזאַמענלעבן? אָפּגעעקלט ווי די שרעקלעכע גרימאַסע אויף איר געזיכט האָט אויסגעדריקט ווען זי האָט אים אָפּגעטריבן פון זיך: „אַוועק העסלעכקייט!" זעקס־זיבן יאָר געשטיקט אין זיך אַזאַ עקל? וואָסער שמערצהאַפטער, פאַרניכטנדיגער געדאַנק פאַר דעם עמפּינדלעכן לעוו'ן. אָבער פאַרוואָס האָט זי איינגעוויליגט פון אָנהויב אָן? אַזאַ שיינע פרוי ווי זי, האָט אים ניט באַדאַרפט. עס

וואָלטן זיך געפונען אַנדערע, אַנגענעמערע, בעלנים אויף איר. זיבן יאָר צוזאַמען, צווייַ קינדער מיט אים, קיינמאָל פריער פון איר קיין פאַר־דעכטיגע באַמערקונג ניט געהערט. ווי אַזוי? פאַרוואָס האָט זי עס פונקט איצט אַרויסגעשאָסן מיט איר עקל? איצט זיך אַרומגעזען? אפשר דערפאַר וואָס איצט האָט זי עס צום ערשטן מאָל דערשפּירט? אַזוינס טרעפט אַמאָל...

לעוו האָט זיך געפּרוּווט טרייסטן מיט דעם אַז זי האָט אפשר אַליין ניט געוואוסט וואָס זי האָט געזאָגט, ווערטער כאַפּן זיך אַמאָל אַרויס אַזוי. אָבער ער האָט זיך ניט געלאָזט פאַרשווינדלען פון זיך אַליין. וואָס הייסט ווערטער כאַפּן זיך אַרויס אַזוי אין דער וועלט אַריין? פון וואַנען כאַפּן זיך די ווערטער אַרויס? פון אינעווייניג. הייסט עס, אַז טיף אינעווייניג ליגט דער קוואַל.

לעוו האָט מיט שאַרפן ווייטאָג דערפילט אַז פון דעם ביטערן געדאַנק וועט ער זיך אַזוי שנעל ניט באַפרייען. ער האָט דערפילט, אַז מיט דער הילף פון די כלומר'שט אַרויסגעכאַפּטע ווערטער האָט ער געכאַפּט אַ בליק אין די באַהאַלטענע טיפענישן פון זיין פרוי'ס נשמה. שוואַרצע טיפענישן... און דאָך האָט איר פאַרדראָסן אויף וואָס זי האָט געזאָגט, דאָס איז געווען קלאָר, געוואָלט צוריקכאַפּן, אויב עס וואָלט געווען מעגלעך. פאַרוואָס? אָט צוליב דעם טאַקע האָט ער ניט פאַר־ענדיגט יענע פראַגע צו איר, די פראַגע וואָס ער איז אומישנע אַריין פרעגן. וואָרעם אויב זי האָט טאַקע ניט געוואוסט וואָס זי האָט געזאָגט, טאָ צוליב וואָס זאָל ער איר עפענען די אויגן... מען טאָר אַמאָל ניט מאַכן יענעם צו קלוג... אויב זי האָט ניט געוואוסט וואָס זי האָט געזאָגט, הייסט עס, אויב... און אויב טאַקע אַזוי אַפילו, אָט וואָס? מיט איין זאַך איז לעוו געווען זיכער, אַז ער האָט יענעם פרימאָרגן געקראָגן אַ וואונד וואָס וועט זיך ניט אַזוי לייכט פאַרהיילן. ער וועט לאַנג, לאַנג דאַרפן וואַרטן און פאַרשן ביז וואַנען דער אמת וועט פעסטגעשטעלט ווערן. ער איז ניט אַזעלכער וואָס וועט זיך לאָזן זיין אַ קעגנשטאַנד פון עקל צו יענעם. ניט ער, ניט לעוו.

:: :: ::

מרס. לעוו ווידער האָט אויך געפילט, אַז איר מאַן וועט אַזוי שנעל ניט פאַרגעסן זייער שטרייט. זי האָט עס געאורטיילט פון זיין גרויסער אויפרעגונג — זי האָט אים זעלטן ווען געזען אין אַזאַ צושטאַנד. איבער־הויפּט ווען ער איז צוריקגעקומען צו פרעגן די פראַגע וואָס ער האָט ניט דערפרעגט. זיין טיילווייזע פראַגע האָט זי כעמט ווי ניט געהערט און ניט געדענקט. אַזוי פאַרנומען איז געווען איר גאַנצע אויפמערק־

זאַמקייט מיט דעם ווילד־אויפגערעגטן אויסדרוק פון איר מאַנ'ס פּנים. איר האָט זייער פאַרדראָסן אָט די גאַנצע געשיכטע, ווייל זי האָט פיינט געהאַט לאַנגע „ברוגז־טענץ" און זי האָט פאַראויסגעזען אַ לאַנגן „ברוגז־טאַנץ", ווייל ער איז „אַזאַ". פון אירע ווערטער וואָס האָבן אַרויסגע־רופן דעם אויפרודער, האָט זי כמעט ווי ניט געדענקט, אַזוי ווי די ווערטער וואָלטן גאַרניט געהאַט צו טאָן דערמיט. ביי איר איז געווען געזאָגט און פאַרגעסן. ווען זי האָט זיך אַמאָל דורכן טאָג דערמאָנט, האָט זי זיך איינמאָל געזאָגט: „וואָס האָט ער געדענקט, אַז ער איז אַ פאַרשוין, מיט מענטשן צו גלייך? וואָס האָט ער זיך אַזוי אָנגעכאַפּט דאָרט? אונזער אַרטי זאָל נאָר ניט זיין גערעאָטן אין אים". זי האָט געמיינט, אַז ער זאָל חלילה ניט זיין אַזוי קורץ ווי דער פאָטער.

אַן אַנדערש מאָל, ווידער, האָט זי צו זיך געזאָגט: „ער קאָן זיין העסלעך אַז ער וויל נאָר" און דערביי אַזוי טיפזינעג אַ שמייכל געטאָן.

לעוו וואָלט לאַנג, לאַנג נאָכגעדענקט ווען ער וואָלט דעם שמייכל באַמערקט. עס איז שווער צו באַשטימען צי האָט זי געשמייכלט ווייל דער געדאַנק איז איר אַרויסגעקומען קאָמיש אָדער אַן אַנדער געדאַנק, וואָס די ווערטער האָבן אַרויסגערופן, האָט איר געמאַכט צו שמייכלען. אפשר וואָלט זי אַליין ניט געוואוסט וועלכעס, ווייל עס האָט געמוזט זיין אַן אויגנבליקלעכער געדאַנק און ס'איז ניט געווען לויט איר נאַטור צוּפּצוהאַלטן דעם לויף פון אירע געדאַנקען.

ווען לעוו איז געקומען אין אָוונט אַהיים, האָט ער זיך ניט אויפ־געפירט אַנדערש ווי נאָך אַ געוויינלעכער איבערוווערטלונג. דאָס הייסט, ער איז געקומען צום טיש עסן, זיך איבערגעוועקסלט מיט די נויטיג־סטע ווערטער נאָר און גלייך נאָכן עסן איז ער אַוועק צו זיך אין צימער. דאָס האָט איר אָבער ניט אָפּגענאַרט, זי האָט געזען וואָסערע אָנשטרענ־גונגען דער מאַן מאַכט צו האַלטן זיך אויסערלעך אַזוי פאַרהעלטניס־מעסיג רואיג. האָט זי אים באַגלייט מיט אַ שטומען בליק ביז דער טיר און געגעבן דערנאָך אַ צוק מיט די אַקסלען: וואָס קען זי טאָן? ערשט אין אַ וואָך אַרום האָט זי אים פאַרהאַלטן ביים אַרויסגיין פון הויז מיט די ווערטער:

— שעמען מעגסטו זיך, מיין מאַן. — ער האָט איר אָנגעקוקט אָן ווערטער.

— וואָס אַזעלכעס האָב איך עס דיר געזאָגט?

— טאַקע, וואָס האָסטו געזאָגט?

— כ'האָב געזאָגט, אַז... עס זיינען דאָ שענערע פון דיר...

ער האָט זיך קוים אָפּגעהאַלטן פון צו פרעגן: — אָט דאָס איז אַלץ

וואָס דו האָסט געזאָגט? — האָט ער איר נאָר געקוקט אין פּנים אַריין.

— כ'האָב געזאָגט, אַז דו ביזט ניט אַזאַ פאַרשוין... וואָס קומט מיר דערפאַר?

לעוו האָט געפילט אַז ער הייבט אָן ציטערן פון אָנמאַכט. שטאַר־קער און פעסטער מאַן וואָס ער איז געווען, האָט ער געפילט, אַז ער שטייט קוים איין אויף זיינע פיס. וואָס עס האָט אים געריסן צו טאָן, איז צוגעקומען נאָענט, נאָענט צו דער שיינער, רואיגער, אומגעשטערטער פרוי און אַריינשרייען אין דער שיינער רונדער צופרידנהייט פון איר לייכטנדיגן פּנים דאָס וואָס זי האָט אים יענעם פרימאָרגן געזאָגט, נאָכ־קרימען איר אין פּנים אַריין דעם גאַנצן עקל פון איר יענער גרימאַסע. נאָך מער. אָננעמען איר פעסט פאַר די ביידע בלויזע אָרעמס אירע און טרייסלען, טרייסלען, טרייסלען. יאָ, אַרויסטרייסלען זי פון איר געמיטס־רואיגקייט, דערציילן איר וואָס ער האָט דורכגעלעבט יענעם טאָג, — די גאַנצע וואָך, דערציילן יעדעס פּיצעלע... זאָגן איר, אַז קיין מענטש קען זיך ניט העלפן ווען ער איז געבוירן געוואָרן העסלעך, יאָ, העסלעך, אָבער וואָסער רעכט, וואָסער רעכט האָט זי געהאַט צו לעבן מיט איינעם פון וועמען איר עקלט אָפּ? וואָסער מאָראַליש רעכט? ווייל ער האָט געפילט מיט זיין גאַנצן וועזן אַז אַ שרעקלעך אומרעכט איז אים דערמיט געטאָן געוואָרן. אָט דאָס האָט זיין האַרץ געריסן זיך אויסצו־שרייען, אָבער ער האָט ניט געקאָנט אפילו זיין מויל עפענען. אָט טאַקע די שיינע רונדע רואיגקייט וואָס האָט אים געקוקט אַזוי אומשולדיג אין די אויגן האָט אים ניט געלאָזן ריידן. אירע שיינבאַר אומשולדיגע ווערטער אויך. אפשר איז זי טאַקע אומשולדיג, אפשר האָט זי גאַרניט געמיינט דאָס וואָס אים דוכט זיך? אפשר? אין אַזאַ פאַל טאָר ער דאָך ניט רעדן. אַרויסצוגעבן וואָס עס איז ביי אים אויפן האַרצן וואָלט דאָך געווען צו עפענען די אויגן איינער וואָס איז, צום גליק, פאַר אים בלינד, מאַכן איר צו זען אין אים אַזוינס וואָס פאַר איר עקזיסטירט עס ניט, שיר ניט איינשמועסן איר און אויף אַזאַ אופן מקריב צו זיין זיין לעבן מיט איר צו זיינס אָן איינרעדעניש. די דאָזיגע געדאַנקען האָבן פאַראַליזירט זיין צונג. איז ער שוין בעסער אַרויס פון הויז שטום, מיט פאַרקלעמטע ליפּן, וואָרעם אַנדערש וואָס צו זאָגן האָט ער ניט געפונען. ער איז אַרויס לאַנגזאַם, לאַנגזאַם, און געקוקט און געפאַרשט אין אירע אויגן ביז צו לעצט.

— ווילסט ניט הערן, — האָט זי געזאָגט, — איז ניט. מיין דאגה...

דער ריטם פון „אפשר איז זי אומשולדיג, אפשר..." — וואָס האָט זיך איבערגע'חזר'ט אין לעוו'ס קאָפּ, האָט אים באַרואיגט אויף דער

ערשטער רגע, אַפילו איר „מיין דאגה“ אויך. „וואָס נאָך האָט זי געזאָגט?“ — האָט ער זיך געפרעגט. יאָ, יאָ, „עס זיינען דאָ שענערע פון דיר“, האָט זי געזאָגט. זי האָט געמוזט אין זינען האָבן איבּ'ן, איז אים גלייך איינ־געפאַלן. זיין פריינד איבּ'ן, דעם „שיינעם איבּ“, ווי אַנדערע רופן אים. צווישן אַלע זייערע באַקאַנטע איז איבּ איר ליבלינג. אים באַגעגנט זי שטענדיג מיט קאָנטיגן פאַרגעניגן. איבּ'ס ווייב איז ניט ווערט צו האָבן אַזאַ מאַן, זאָגט זי אָפט. ניין, לעוו איז ניט חושד געווען אַז צווישן זיין פרוי און איבּ'ן קומט עפּעס פאָר. דאָס ניט. נאָר ער האָט אָנגעהויבן צו גלויבן אַז זי מוז אָפט דענקען פון איבּ'ן, ווי ער אַליין, למשל, דענקט זינלעך, גלוסטנדיג פון אַ שיינער אומבאַקאַנטער, וואָס ער זעט צופעליג אין גאַס. דער חילוק אָבער צווישן אים און זיין פרוי איז, וואָס ער קאָן זיך צוריקקערן פון געדאַנק פון פרעמדע רייצן צו דער פולער שיינקייט פון זיין אייגענער פרוי, אָבער זי... זי מוז מקנא זיין איבּ'ס פרוי, האָט ער איצט פאַרשטאַנען, — ווער ווייס איר דאָרט און אירע געדאַנקען...

לעוו האָט זיך דערמאָנט אַז ער דאַרף ערגעץ גיין. אויף די שטיגן נאָך האָט אים אָפּגעשטעלט אויף אַ ווײַלע די פּלוצלעכע דער־אינערונג פון דער צייט ווען ער איז נאָך געווען אַ זיבעצניאָריגער אינגל. אין אַ ליידנשאַפטלעכער מינוט האָט ער אַרומגענומען די מיאוס'ע הויז־מיידל פון אַ באַקאַנטער פאַמיליע, וואָס מען האָט טאַקע געהאַלטן צוליב איר גרויסער מיאוס'קייט: זי האָט געאַרבעט פאַר ביליגער. אויך זי האָט געהאַט אַ געשטופּלט געזיכט. איצט, ווי איינציגע מאָל פריער, איז ער רויט געוואָרן ביי דער דאָזיגער דעראינערונג. יענע האָט נאָך אים אָפּגעשטופּט אויך. איצט האָט ער זיך אַ פרעג געטאָן: ווי וואָלט געווען ווען זי וואָלט אים ניט געהאַט אָפּגעשטופּט? עס האָט אים אַ שוידער געטאָן פון דער פראַגע און ער האָט גענומען מאַכן שנעלע שריט...

:: :: ::

איין שבת־אויפדערנאַכט, אין אַ צען וואָכן אַרום, איז לעוו געזעסן איינער אַליין אין זיין עסצימער. דער לאָמפּ האָט העל און אָנגענעם געלויכטן. פאַר די גאַנצע צען וואָכן האָבן זיך די באַציאונגען צווישן מאַן און פרוי באַשיינפּערלעך ניט געהאַט געענדערט, מער ניט וואָס לעוו פלעגט אָפט פאַרבלייבן לענגער נאָכן עסן אין עסצימער, לעזן זיין צייטונג אָדער אַזוי זיצן אין זיין באַקוועמען לענשטול. ביידע האָבן שוין ווי געהאַט צוגעוואוינט זיך צו זייער נייעם אַרט לעבן. אים האָט זיך צייטנווייז געדוכט, אַז ווער ווייס ווי לאַנג ער לעבט שוין אַזוי און אַז אַזוי וועט עס שוין וואַרשיינלעך בלייבן. אָפטמאָל האָט לעוו אַרויפגעקוקט פון זיינע געדאַנקען אַוועק צום שיינעם לאָמפּ צו, ווי מען פאַרקוקט אַמאָל

אין אַ געשפּרעך אין די אויגן פון מיטרעדער און ער איז געווען צופרידן, וואָס דער לאָמפּ שטייט אויפן אָרט. פריער, אין אָונט, פלעגט זיין פרוי אַריין און אַרויס פון צימער און כמעט ווי זיך ניט אומגעקוקט אויף אים. זי האָט געטראָגן די זעלבע ווייסע קלייד ווי דאַן, מיט ביין וואָכן צוריק. די ווייסע קלייד מיט די בלויזע אָרעמס אַרויס, די שיינע ברוינע אָרעמס. שפּעטער אין אָונט האָט ער זי געהערט באַשעפטיגן זיך מיט די קינדער, דערנאָך לייגן זיי שלאָפן. מער האָט ער איר שוין ניט געהערט, אַ לאַנגע צייט שוין ניט. אַלץ איז געווען שטיל אַרום, זי איז שוין געמיטלעך אויך געשלאָפן. ער האָט ניט געוואָלט זיך לייגן שלאָפן. עס איז געווען אָנגענעם צו זיצן אַזוי, מיטן לאָמפּ דאָרט, און לאָזן אַלערליי געדאַנקען צו קומען ווי זיי ווילן. יאָ, יאָ, זיין שוועסטער העלען מיט איר מאַן, ווידעראַמאָל די זעלבע שוועסטער. ער האָט זיי געזען מיט עטלעכע טעג צוריק. און לעוו האָט אין זיין געדאַנק נאָך אַמאָל באַשטעטיגט, אַז יענער איז מער פאַרליבט אין איר ווי זי אין אים, און נאָכאַמאָל האָט ער זיך אַליין געפרעגט, צי איז עס עפּעס אומנאַטירלעכעס. ער האָט אַמאָל שוין געהערט פון אַזעלכע זאַכן. וואָס עס קומט אַלץ ניט פאַר...

ווי שטיל אָבער ס'איז איצט, דוכט זיך פיל שטילער ווי פריער, גאָר אַן אַנדער שטילקייט. אויף וואָס אייגנטלעך וואַרט ער? אויף גאָרנישט... וואָס אָבער וועט ער פאַרשפּעטיגן? ס'איז גוט אַזוי, אַ ביסל שווערמוטיג, אָבער גוט...

לעוו האָט אין געדאַנק דערזען אַ שטערן פאַלן אין הימל... עפּעס איז פאַרשוואונדן... וואו קומט אַהין אַזאַ שטערן? — דער לאָמפּ? האַ? זי! זי! זי שטייט אין טיר... ווי אַזוי? יאָ, זיין ווייב, אין דעם זעלבן ווייסן קלייד מיט די בלויזע אָרעמס... ער האָט מסתמא געהאַט איינגעשלאָפן אין זיין שטול אַ רגע און ניט געהערט איר קומען. ביידע האָבן זיך טיף אַריינגעקוקט אין די אויגן אַריין, ביידע געשוויגן. שטייט שוין אפשר לאַנג אַזוי, ניין, גיכער נאָר וואָס געקומען. איז זי דען ניט געשלאָפן?

ווי אַ שולדיגער האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיינע אויגן. גאָט איינער! זי האָט פאַרלאָשן דאָס ליכט, דעם לאָמפּ. לעוו'ס האַרץ האָט אַ שפּרונג געטאָן אַזוי ווי עס וואָלט זיך אַ יאָג געטאָן נאָך דעם פּלוצלונג פאַרשוואונדענעם ליכט. פינסטער... ווי זיין האַרץ זעצט, זעצט, זעצט... די צייט איז ווי געבליבן הענגען אין דער לופטן און זיך ניט געוואָלט באַוועגן... לעוו האָט געפילט אַז ער וואַרט, וואַרט אין דער פינסטער... ווי אומעטיג...

# קאָנקורענטן

מר. לעוו האָט שוין געהאַט אָפּגעגעבן זיין פרוי דעם געווײנלעכן גוטן־טאָג פאַרן אַרויסגיין אינדערפרי צו ביזנעס. ער האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט אויף אַ רגע צו הערן וואָס זי האָט אים צו זאָגן.

— דו ווייסט, האָט זי אים געזאָגט, ווען זי האָט אים גוט באַטראַכט.

— דו דאַרפסט שוין אַ נײעם מאַנטל און טאָקע אַן אַנצוג אויך. און עפּעס זעסטו מיר אויס צו בלייך...

לעוו האָט געענטפערט מיט אַ שמייכל און איז אַרויס. אָבער צו זיך אַליין האָט ער געזאָגט, אַז נאָך אַלעמען האָט ער אין דעם דאָזיגן טאָג, מיט אַ קורצער צייט צוריק, ניט געהאַנדלט אַזוי שלעכט. יענעם פרימאָרגן האָט ער דערזען פון דער ווייטן שולצן, אַ באַקאַנטן נאָך פון אַמאָליגע צייטן און ער איז גלייך אַריין אין ערשטן טויער אויסצומיידן אים: ניט געוואָלט זיך ווייזן פאַר יענעם ווי ער איז. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס לעוו האָט אַזוי געהאַנדלט, און פאַר קיין אַנדערן וואָלט ער אפשר אַזוי ניט געהאַנדלט. שולץ געדענקט אים נאָך פון זיינע אומפּאַרהייראַטע יאָרן, ווען ער, לעוו, האָט זיך שטענדיק שיין געקליידט און געהאַלטן. איצט איז אַלץ אַנדערש. איצט האָט ער אַ ווייב און אַ קינד צו פאַרזאָרגן און ביזנעס איז אויך גאָרניט ווי דעמאָלט. שולץ, פאַרקערט, זעט אויס דער זעלבער: די זעלבע קורצע און פעסטע פיגור, ס'געזיכט רויטלעך, די באַקן פולער, די זעלבע שוואַרצע דורכדרינגענדיגע אויגן, מיט דעם שטענדיגן צופרידענעם שמייכל וואָס וויל זיך אויף אַ מינוט ניט שיידן פון זיין געזיכט. שולץ איז געבליבן אומפּאַרהייראַט. אָט דעם שמייכל אין די אויגן קען לעוו ניט פאַרטראָגן. אפשר איז עס ביי שולצן אַזוי נאַטירלעך. אָבער וואָס לעוו זעט אין אים, איז צופיל רויטקייט אין פּנים, אויגן וואָס זעען אויס אַריינצודרינגען פיל ווייטער ווי מען מעג און וואָס מען קען זיי דעם וועג ניט פאַרשטעלן, און אַ שמייכל, וואָס איז אָנגעזעטיגטע צופרידנהייט מיט אַלץ וואָס די אויגן האָבן געזען. פון גרויס צער שמייכלט מען ניט.

יאָ, ער האָט געטאָן אַ גלייכע זאַך, וואָס ער האָט זיך ניט געלאָזט זען פון שולצן. דאָס איז געווען לעווו׳ס ערשטער געדאַנק. ביים צווייטן געדאַנק האָט ער זיך פאַררויטלט פון חרפּה. וואָס, אַ שטייגער, וואָלט זיין ווייב געזאָגט, ווען זי וואָלט געהערט אַז איר מאַן האָט זיך באַהאַלטן פאַר שולצן, כדי ניט צו באַווייזן זיך פאַר אים אין זיינע אָפּגעטראָגענע קליידער? יאָ, טאַקע, וואָס וואָלט זי געזאָגט? שולץ האָט זיך דאָך אַמאָל געהאַט גע׳שדכנ׳ט צו איר. ווי וויט ערנסט יענער איז געווען ווייס ער ניט. וואָס ער ווייס יאָ איז, אַז ווען ער אַליין האָט זיך באַוויזן אויף דער סצענע, איז יענער ביסלעכווייז אָפּגעטראָטן. זיין ווייב האָט אים דעמאָלט פאַרזיכערט, אַז ער האָט יענעם פּשוט אַרויסגעשטופּט...

לעוו האָט נאָך קיין צייט ניט געהאַט צו פאַרגעסן דעם לעצטן אינ־צידענט ווען זיין ווייב האָט זיך געווענדט צו אים מיט אַ פראַגע דיזעלבע וואָך טאַקע. זי האָט דעמאָלט געהאַלטן אין מיטן דערלאַנגען ס׳עסן צום טיש ביים אָוונט מאָלצייט.

— דו באַגעגנסט גאָרניט אַמאָל שולצ׳ן? זעסט אים גאָרניט?

— איך זע אים ניט, וואָסי?

—גאָרניט, וואָס זאָל זיין? — זי האָט אַרומגעלעגט דאָס שטיקל פלייש מיט גרינס, — איך פרעג אַזוי...

— ווילסט אים אפשר זען?

— און אויב יאָ, וואָס קומט מיר? — זי האָט געלאַכט און אים צו־גערוקט זיין חלק עסן.

— איך בענק נאָך אים ניט, — האָט ער געזאָגט.

— וואָסי? וואָס האָט ער דיר געטאָן?

ניט זי האָט געוואַרט אויף אַן ענטפער, ניט ער האָט געדענקט צו ענטפערן. ער האָט זיך קוים דערוואַרט אויפן עסן און אַז ער האָט עס פאַרזוכט האָט ער גלייך דערפילט די אַלע טעמים וואָס ער האָט געפילט פון דער ווייטן. אָבער אין רעכטן מיטן פון אַ זאַפטיקן ביסן איז אים איינגעפאַלן אַז ער האָט זיך גאָרניט געהאַט מיט וואָס צו שעמען פאַר זיין האַנדלונג. דאָס האָט ער זיך אַליין געהאַט איינגעשמועסט אַז ער האָט זיך באַהאַלטן פאַר שולצ׳ן צוליב זיין אויסזען, אָבער אין אמת׳ן האָט ער אים גלאַט ניט געוואָלט זען: ער האָט אים אויסגעמיטן ווי מע מיידט אויס עפּעס וואָס איז אומאַנגענעם. דאָס איז שוין עפּעס אַנדערש. לעוו איז געווען אַזוי צופרידן מיט דער אויפפאַסונג פון יענעם אינצי־דענט אַז ער האָט שיער ניט געהאַלטן ביי דערציילן זיין פרוי די גאַנצע געשיכטע און פּטור... אָבער דערציילט האָט ער עס ניט.

דער רעזולטאַט פון דער אויפפּאַסונג איז געווען אַז איצט האָט לעוו גענומען אויסמיידן שולצ'ן שוין לויט אַ פאַראויס פאַרמירטן פּלאַן און ניט ווי דאָס ערשטע מאָל, ווייל אַזוי איז עס אים אויגענבליקלעך איינ־געפאַלן. עס איז ניט געווען שווער דורכצופירן דעם פּלאַן ווייל ער האָט שולצ'ן כסדר באַגעגענט אין אַ געוויסן געגענט פון בראָדוויי וואו יענער האָט געוואוינט און מייסטנס געווען באַשעפטיקט. לעוו האָט באַשלאָסן צו ווייכען פון יענעם געגענט. און אַזוי נאָך פּטור ווערן פון אים און פון יעדן געדאַנק וועגן אים.

אויסגעלאָזן האָט זיך פּונקט דער היפּוך. ביז אַהער האָט לעוו פון שולצ'ן זעלטן ווען געדענקט. זיי פלעגן זיך באַגעגענען ניט אַזוי אָפט, אָפּשטעלן זיך אויף אַ ווײַלע און זיך ווידער פאַנאַנדערגיין. אַמאָל האָט ער דערציילט זיין ווייב אַז ער האָט אים באַגעגנט, אַנאַנדער מאָל דאָס אויך ניט. איצט אָבער פלעגט ער זיך מוזן דערמאָנען אָן יענעם יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך צופעליג געפונען אַרום יענער זעלבסט־פאַרבאָטענער נאָכבאַרשאַפט. נאָך מער, אַזוי ווי זיין נייע טעאָריע איז געווען אַז ער ווייכט פון שולצ'ן ווייל ער איז אַן אונאַנגענעמע פּערזאָן, האָט ער שוין אויסגעמיטן די נאָכבאַרשאַפט אַפילו מאַנאַטן שפּעטער ווען ער האָט זיך שוין געהאַט באַנייט מיט אַ נייעם מאַנטל. נישט נאָר דאָס. שולץ האָט אַן אייגנאַרטיגן גאַנג. אַ קליין־געוויקסיגער פלעגט ער האַלטן אין איין ציען זיין פיגור. פון דערווייטנס האָט זיך געדאַכט, ווי אַ קאָפּ שווימט אַרויף און אַראָפּ, ווערט אויף אַ רגע פאַרשוואונדן און גיט זיך ווידער אַ וואָרף אין די אויגן ווען יענער גיט זיך אַ צי אין דער הויך. איז פאַר לעוו'ן גענוג געווען צו דערזען פון דער ווייטן אַ פּערזאָן מיט אַזאַ מין גאַנג צו מאַכן אים גלייבן אַז דאָ זעט ער שולצ'ן זיך דערנענטערן. פלעגט ער זיך אַליין אויך אויגנבליקלעך אויסגלייכן, פאַרשנעלערן זיינע טריט כדי פאַר אים זיך פאַרבייצוטראָגן ניט מער ווי מיט אַ מאָך מיט דער האַנט אַלס גרוס, ווי איינער וואָס האָט קיין צייט ניט, — און אויסגעפינען גלייך אַז ער האָט זיך אויסגעגליכן און פאַרבייגעפלויגן פאַר אַ ווילד פרעמדן מאַן.

אַ פּאָר מאָל האָט געטראָפן אַז לעוו האָט אין גאַנצן געהאַט פאַר־געסן אָן „זיין„ פאַרבאָטענעם געגענט און זיך געפונען פלוצלינג שפּאַצירנ־דיג אין רעכטן מיטן פון די פּאָר אים פאַרווערטע גאַסן. — „כ'האָב אים אין דר'ערד", — האָט ער אויסגערופן יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך אַרומגעזען וואו ער געפינט זיך. „איך האָב אים אין דר'ערד. וואָס האָב איך מורא פאַר אים, ווער'מעס דאגה?" און פאַרטגעזעצט זיין גאַנג מיט דערזעלבער בעזאַכטקייט ווי פריער ביז צום סוף און געפילט דערביי ווי ער וואָלט דאָ באַוויזן ווער ווייס וואָס פאַר אַ גבורה...

אַרום צוויי יאָר שפּעטער האָט ער זיך אַמאָל באַגעגנט מיט זיינס און שולצ'עס אַ געמיינשאַפטלעכן באַקאַנטן וועלכן ער האָט שוין לאַנג ניט געהאַט געזען. אין מיטן פון זייער געשפּרעך, גאָר אומערוואַרטעט פאַר זיך אַליין האָט לעוו אַ פרעג געטאָן.

— זעט איר אַמאָל שולצ'ן?

— איך וויל אים ניט זען! — האָט יענער געענטפערט.

— איר ווילט אים ניט זען? — האָט לעוו געפרעגט, — ער האָט זיך שיער ניט אַרויסגערעדט: איר ווילט אים אויך ניט זען?

— פאַרוואָס זאָל איך אים וועלן זען? — אינער איז שוין קנאַפּע צוויי יאָר טויט. איר האָט גאָרניט געהערט?

לעוו'ן איז פּלוצלינג קאַלט געוואָרן.

— ניין. איך האָב גאָרניט געהערט... פון וואָס איז ער גע־שטאָרבן? אַ יונגער מאַן נאָך געווען...

— ער האָט זיך גענומען דאָס לעבן, זיך גע'סמ'ט...

— פאַרוואָס?

— וואָס פאַרשטייט איר ניט? פון וואוילטאָג נעמט מען זיך ניט דאָס לעבן, געווען אויף גרויסע צרות...

און לעוו האָט געהערט צו זיין גרויס ערשטוינונג אַז שולץ וואָס האָט אימער אַזוי נעט און צופרידן אויסגעזען, האָט געמוזט ענדיגן זיין לעבן ווייל ער איז געבליבן אָן מיטלען צום לעבן.

— אַזוי, אַזוי! — האָט ער געשטוינט.

„שולץ טויט, שולץ טויט", האָט לעוו צו זיך גערעדט ווען ער איז פאַרבליבן אַליין און גלייכצייטיג זיך פאַרגעשטעלט אַ טויטן שולצ'ן וואָס ליגט ערגעץ־וואו באַהאַלטן אין דער ערד. פּלוצלינג איז ער געבליבן שטיין, ווי ער וואָלט ערשט באַגריפן די שרעקלעכע און לעכערליכע זייט פון דעם: קנאַפּע צוויי יאָר האָט ער געפירט חשבונות מיט... מיט אַ מת! שולץ איז געווען טויט פאַר דער גאַנצער וועלט אַ חוץ פאַר אים, ער האָט זיך נאָך גע'חשבונ'ט מיט אים! לעוו האָט פאַרמאַכט די אויגן, ווי ער וואָלט וועלן אויסמיידן צו זען ווי לעכערלעך ער מוז אויסווייזן אין זיינע אייגענע אויגן.

ווען ער איז שפּעטער, אַ היים געקומען פון ביזנעס, האָט ער כלומרשט מיט באַדויערן געלאָזט וויסן זיין פרוי:

— מיר האָבן פאַרלאָרן אַ פריינט.

זי האָט אַרויפגעקוקט צו אים מיט ערוואַרטונג.

— שולץ איז געשטאָרבן, האָט ער געזאָגט באַדייטונגספול און דערציילט אַלץ וואָס ער האָט דאָ ניט לאַנג געהערט וועגן אים.

זי האָט ניט געוואָלט גלויבן אַז שולץ האָט זיך דעם לעבן גענו־מען צוליב עקאָנאָמישע אורזאַכן.

— ער איז מסתמא, קראַנק געווען...

דאָס האָט לעוו׳ן ממש אויפגעבראַכט.

— געהערט אַן איינגעשפּאַרטקייט, — האָט ער זיך געערגערט, — מיט וויכטיגערע פון שולצ׳ן האָט אַזוינס פּאַסירט... ער האָט קיינמאָל קיין לעבן ניט געמאַכט, — האָב איך געהערט... — ער האָט געזען ווי זי גיט אַ צווייפלדיגן שאָקל מיטן קאָפּ, האָט ער אַ מאַך געטאָן אומ־געדולדיג מיט דער האַנט, ווי איינער זאָגט: „וואָס איז דאָ צו רעדן?"

דורכ׳ן גאַנצן אָוונט איז דער געדאַנק וועגן שולצ׳ן אויפגעשפּרונגען אין לעוו׳ן. עס האָט אים טיף געריגט וואָס יענער נעבעך איז געקומען דערצו אַז ער האָט באַדאַרפט ענדיגן זיין לעבן ערגעץ אין אַן איינזאַמען צימער. אויס שולץ, און אויס דאָס גיין און אונטערשפּרינגען, דאָס גיין און אונטערשפּרינגען. ווי פּאַטעטיש ס׳איז געווען דאָס וועלן אויסזען העכער, דאָס אומזיסטע ציען זיך אַרויף.

איצט איז לעוו׳ן אויסגעקומען אַז יענעמ׳ס בויערנדע אויגן האָבן ניט געזוכט וואָס ער האָט געמיינט, נאָר עפּעס אַנדערש. מאָדנע, פון זיין ווייב האָט ער שוין מער קיין איינציג וואָרט ניט געהערט וועגן אים... ער האָט געקוקט צו איר. אָבער זי האָט זיך געמאַכט אים ניט זעענדיג... זי איז געזעסן און געלייענט עפּעס אַ ראָמאַן, און ווי ס׳האָט אים אויס־געוויזן, געשלונגען זייטל נאָך זייטל... אין הויז איז געווען שטיל...

# דער געדעמפטער

„עס איז געווען אַ מין זעלבסט־פאַרליבטקייט, — האָט ער מיר דערקלערט, אַרויסלאָזנדיג זיינע ווערטער צוזאַמען מיטן געדיכטן רויך פון ציגאַר, —אַ מין זעלבסט־פאַרבלענדעניש. יעדער איינער מוז אַביסל ליידן דערפון. אַ ביסל אפשר שאַדט ניט: כ'ווייס, עס גיט צו זעלבסט־פאַרטרויען, מוט. צופיל אָבער איז שוין עפּעס אַנדערש. איך וועל מיך ניט אַריינלאָזן אין חקירות צו דערפאַרשן פון וואַנען די דערשיינונג שטאַמט; איך וועל אייך בעסער דערציילן דעם אינצידענט, אויב איר ווילט הערן."

ער האָט ווידער אַנגענומען אַ מויל מיט רויך און אַנגעהויבן: בין איך הייסט עס, געווען זעלבסט פאַרליבט. וואָס הייסט זעלבסט־פאַרליבט? וועט איר פרעגן. זעלבסט־פאַרליבט מיינט גאַנץ איינ־פאַך, פאַרליבט אין זיך אַליין. אייך איז דאָך באַקאַנט דאָס פאַרליבט זיין אין אַן איינפאַך מיידל, און דאָס פאַרגעטערן איר אויף אַזוי ווייט, אַז דער פאַרליבטער הייבט אָן צו זען אין איר אַזעלכעס וואָס האָט דאָרט קיינמאָל ניט עקזיסטירט. דעמזעלבן געפיל האָב איך איבערגעלעבט, נאָר וואָס, — עס איז געווען אַ געפיל צו זיך אַליין, ניט צו קיין פרעמדער מיידל. איך בין געווען דער ליבהאָבער און דער געליבטער.

זעלבסט־פאַרשטענדלעך, מיין געפיל האָט ניט געהאַט די ליידנ־שאַפטלעכקייט פון אַ ליבע צו אַ פרוי. עס איז געווען אַ רואיקער, ניט קיין שטורמישער, געפיל, מיט וועלכן מען לעגט זיך רואיג שלאָפן, מען שלאָפט אָפּ פעסט די נאַכט, און מען שטייט אויף אַ מונטערער און מען ווייס אַפילו ניט פון אַזאַ ליבע־עקזיסטענץ, נאָר וואָס עקזיסטירט דאָך מיט אַ שטילער געהיימער קראַפט, און שטילער באַטרונקענקייט.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אַ ווײַלע, אַ שמעק געטאָן זיין ציגאַר, אַ ליבן קוק געטאָן אויף דעם, ווי ער וואָלט אילוסטרירט די שטילע קראַפט פון וועלכער ער האָט גערעדט. איך האָב ניט ווילנדיג אַ שמייכל געטאָן. ער האָט מיטגעשמייכלט און פאַרטגעזעצט:

נו, אַז פאַרליבט אין זיך, בין איך געווען פאַרליבט אין אַלץ

וואָס האָט געהאַט אַ פאַרבינדונג מיט מיר. איך האָב ליב געהאַט מיינע ביכער, פאַרשטייט זיך, און — איך וועל מיך גאַרניט שעמען זאָגן — מיינע קליידער אַפילו ליב געהאַט אומבאַוואוסטזיניג, אַלץ, וואָס איז געווען אין מיין רשות. מיינס אַ רעקל איז ביי מיר געווען ניט גלאַט אַ רעקל צווישן רעקלעך. שוין די שטאָף אַליין האָט צו מיר גערעדט. גע־רעדט פון מיר אַליין טאַקע, ווייל אין דעם פאַרשטייט איר מיך, האָט זיך דאָך אַנטפּלעקט מיין אויסוואַל. איבערהויפּט האָט מיך אימפּאָנירט מיינס אַן אַלט הוט דורך וועלכן עס האָבן אַרויסגעשפּאַרט די אויסבויכונגען פון מיין קאָפּ. ווען איך פלעג אַוועקשענקען אַן אַרימאַן מיינס אַן אויסגעטראָגן הוט, פלעגט מיר שטענדיג אויסקומען, אַז איך שענק אַוועק מער ווי אַ הוט . . . וואָס דאַרפט איר מער, אַפילו מיינע חסרונות זיינען מיר געווען ניט ווייניגער ליב ווי די בעסטע מעלות.

אָט ווייסט איר, למשל, אַז איך בין ניט קיין גרויסע בריה מיט מיינע הענט. איך האָב קיינמאָל קיין בליישטיפט ניט געקענט רעכט אָפּ־שניצן. ווען איך האָב עס שוין יע אָפּגעשניצט, איז עס געווען קרום און לאָם, מיט שטיגן . . . און דאָך, וועט איר מיר גלויבן? פלעג איך אַנקווועלן קוקנדיג אויף די שטיגען, מיינע שטיגן . . . מיין אַרבעט. זיי זיינען מיר פאַרגעקומען ווי אַן אויסדרוק פון מיין אינדיווידואַליטעט. פאַרקערט, פלעג איך ליב האָבן צו קייקלען צווישן מיינע פינגער דעם קיילעכדיג אויסגעשניצטן בליישטיפט פון מיינעם אַ פריינד און שמייכלנדיג טראַכטן: ווי רונד, ווי גלאַטיג, ווי רעגולער, אָט ווי דיין קעפּעלע. און די פאַר־גלייכעניש האָט מיך האַרציג אַמוזירט.

דאָס מערקווירדיגסטע איז, וואָס מיינע פריינד האָבן אויף מיר גע־קוקט מיט אפשר ניט פיל ווייניגער באַצויבערטע אויגן. איר זעט מיך שמייכלען און איר דענקט אוודאי אַז דאָס טוט מיר הנאה ביים געדאַנק, אַז מיינע פריינד האָבן מיך באַוואונדערט. ניין. דאָס שמייכל איך פון פאַר־געניגן ביים דערמאָנען זיך אָן מיינע פריינד. פאַרגעסט ניט, אַז די גע־שיכטע וואָס איך דערצייל אייך איצט איז ניט פון נעכטן, און אַ סך פון מיינע דאַמאָלטיגע פריינד זיינען איצט ווייט, ווייט פון דאַנען. דאָס מאַכט זיי דאָפּעלט טייער און אגב, פאַרשטייט איר, זיינען זיי דאָך עפּעס מיינע פריינד . . .

ביי מיינע פריינד, אַלזאָ, בין איך געווען דער גאַנצער טאַנגעבער. ווי אַזוי? פאַרוואָס? פאַר ווען? איך רעכן אַז דאָס איז געווען אַ מין געהיימער איינפלוס, דער איינפלוס פון מיין זעלבסט־גלויבן, ווייל איך בין ניט געווען קיין כבוד־זוכער, קיין באַרימער, פאַרקערט, צוריק־געצויגן, קיינמאָל ניט צודרינגלעך, און זעלטן פון זיך גערעדט. נאָר ווי

שטיל מיין זעלבסט־באַוואונדערונג איז געווען, האָט זיך עס דאָך געמוזט אַרויסווייזן אין מיין אַרט רעדן, אין מיינע האַנדלונגען, אין מיין באַנעמען זיך — און אויף אַזאַ אופן זיך שטיל איבערגעטראָגן צו זיי...

איך בין קיינמאָל מיט זיי ניט געווען צו פאַמיליאַר, צו פאַרטרוי־לעך, קיינמאָל ניט צו נאָענט, ניט צוגעלאָזט — עס איז שטענדיג געווען אַ געוויסע שטרעקע צווישן אונדז. דאָס אַלץ, וויל איך איר זאָלט וויסן, איז געווען ניט אויסגערעכנט, נאָר גאַנץ נאַטירלעך. און טאַקע ווייל עס איז געווען אַזוי נאַטירלעך, אַזוי איינפאַך און באַשיידן, האָט עס געהאַט אַזאַ זיכערע ווירקונג.

איין זאַך קען איך ניט פאַרשטיין. פאַרוואָס איז מיר אַליין קיינמאָל ניט איינגעפאַלן זיך צו פרעגן: ווער בין איך עס אַזעלכעס? בין איך טאַקע העכער פון אַנדערע? אפשר גאָר נידעריגער? נאָר צוריקגענו־מען, אפשר האָט זיך שוין דאַמאָלס געוועבט שטיל אין מיר אַזעלכעס, וואָס וועט זיך מיט דער צייט אויפהויבן געגן מיין „טראָן". איך האָב אין זינען, וואָס עס איז פאַרגעקומען שפּעטער און וואָס וועט אייך באַלד קלאָר ווערן. ווי די מעשה איז, אויב עטוואָס האָט זיך יע געוועבט, איז עס צוגעגאַנגען שטיל, ביז צו אומבאַוואוסטקייט, און איך בין מיר דער־ווייל אַרומגעגאַנגען געקרוינט פון מיין אייגענער זעלבסטבאַוואונדערונג, צופרידן און שטאָלץ, און געווען זיכער, אַז דאָס וואָס איך זע אין זיך זעט אין מיר יעדער איינציגער.

געוואוינט האָב איך אין יענע צייטן אויף דער הינטער גאַס. אייך איז דער געגנד באַקאַנט. איך האָב געגעסן מיין מיטאָג מאַלצייט אין אַ פּריי־וואַט רעסטאָראַן וואָס איך האָב מיר אָפּגעזוכט ניט ווייט פון מיין דירה. דער געגנט איז ווייט ניט קיין געהויבענער און די עסער פון דעם רעס־טאָראַן זיינען געווען אַרבעטער און קליין־הענדלער. אין מיטן וואָך פלעגן זיי קומען, ווי זיי שטייען און גייען, אין זייערע אַרבעט־קליידער, און געגומען עסן מיט זייערע אומגעוואַשענע הענט. זונטאָג זיינען זיי געווען אויסגעפוצט און אויסגעקוקט עפּעס מאָדנע, נאַאיוו, אין זייערע זונטאָג קליידער. איך פלעג שטענדיג קומען פּינקטלעך צו דערזעלבער צייט, און פריער פאַר אַלעמען. זעלטן פלעגט מיר אויסקומען צו געפינען אַנדערע עסער פאַר מיר. נאָר אַז איך האָב געהאַלטן ביי דער צווייטער העלפט פון מיין מיטאָג, פלעגט מען שוין אָנהויבן צוזאַמענצוקומען און איידער איך פלעג פאַרטיג ווערן, איז שוין דאָס הויז פול געווען.

איך האָב געהאַט מיין שטענדיגן אָרט, ווייל, זייענדיג דער ערשטער, האָב איך שטענדיג געפונען מיין אָרט לעדיג. עס איז געווען אַן אָרט פון וועלכן איך האָב געקענט באַטראַכטן דאָס הויז און די קונדן. מעגלעך, אַז

טיילוויז האָט מיך געצויגן אַהין דער גרויסער קאָנטראַסט, וואָס איך האָב געגלויבט עקזיסטירט צווישן מיר און די איבעריגע אַריינגייער. וואָס איינפאַכערע געזיכטער און מאַניערן איך האָב דאָרט געזען, אַלץ מער האָט עס מיך אַמוזירט, כאָטש אין קיין געשפּרעכן בין איך מיט קיינעם פון זיי קיינמאָל ניט אַריין. מיר פלעגן זיך איבערבליקן מיט דעם סאָרט בליקן, ווי עס קוקן זיך איבער פּאַסאַזשירן, וואָס קוקן אַרויס פון די וואַגאָן־פענסטער צו די פּלאַטפאָרם־שפּאַצירער ווען עס אינטערעסירט ניט דעם אַנדערענס סיטואַציע, פון פאַרבינדונגען קען קיין רעד ניט זיין. איך, פאַרשטייט זיך, האָב מיך געפילט ווי אַ פולמאַן־פּאַסאַזשיר, וואָס פאָרט אין ווייטע געגענטן. זיי זיינען געווען כמעט איין קאָמפּאַניע, זיך גערופן ביי דעם ערשטן נאָמען, און דער נאָמען, ווי געוויינלעך, שטענדיג פאַרצויגן: איטשעלע, יאַנקעלע, קיינמאָל ניט יצחק, יעקב.

מער פון אַלעמען האָבן געצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט די באַלעבאַטים, אַ פאַמיליע פון דריי. זיי, האָט זיך מיר געדוכט, פאַרשטיי איך אויסגעצייכנט. פון מיין אָרט האָב איך איבערגעבליקט צו זייער דירה, זייער ווירטשאַפט, אָפט ניט ווילנדיג. געהערט אַפילו זייערע אינטימערע געשפּרעכן און באַקאַנט זיך מיט זייערע פריינט. דעם באַלעבאָס אַליין פלעג איך זען נאָר שבת און זונטאָג. אַ גאַנצע וואָך האָט ער מסתמא געאַרבעט ביי עפּעס אַנדערש. ווען ער איז געווען, פלעגט ער זיך אַלץ פאָרען אַרום דעם שנאַפּס וואָס ער האָט צעטיילט אומגעזעצלעך פון שטרוי־איינגעוויקלטע פלעשלעך אַרויס. צו בראָנפן האָט ער וואַרשיינלעך געהאַט אַ שטיקל שוואַכקייט, ווי דאָס רויט שפּיצל פון זיין נאָז האָט געוויזן, אָדער די אַרט און וויזע מיט וועלכער ער פלעגט באַגעגענען די פון זיינע קונדן, וואָס פלעגן טרינקען. וויפיל סימפּאַטישע פאַרשטענדיגונג דער איד האָט געקענט אַריינלעגן אין זיין אויג! די ניט־טרינקער האָט ער אינגאַנצן איגנאָרירט. איך האָב מיר משער געווען אַז ער מוז טאַקע אַרבעטן ביי בראָנפן.

זיין ווייב האָט געקאָכט און פלעגט זעלטן אָפּטרעטן פון קיך, נאָר אָפט קוקן אין עס צימער צו די עסער, און צייטנווייז צווואַרפן אַ פריינטלעך וואָרט צו אַ באַקאַנטן. ווען אַ פרעמדער פלעגט אַריינקומען, האָב איך באַמערקט, ווי זי פלעגט אַראָפּרוקן איר פאַרטוך, אַ שמיר טאָן מיטן האַנט איבערן פּנים — דעם שמיר האָט עס איר באַדאַרפט מאַכן פּרעזענטעבל, — אַרויסטרעטן אַ פּאָר טריט צום עס־צימער מיטן שטענדיגן ברוך־הבא שמייכל אויפן געזיכט, אַ בליק געטאָן און גלייך באַלד צוריק אין קיך אַריין, איבערצוגעבן דעם איינדרוק איר אַרויסהעלפערקע, וועל־

כע מען פֿלעגט אָפֿט הערן פֿון קיך אַרויס, אָבער קיינמאָל ניט זען, הפּנים צוליב דעם צושטאַנד פֿון איר קאָסטיום, אָדער אַנאַנדער אורזאַך.

מיך האָט די באַלעבאָסטע געקענט, איך מיין מיין געזיכט. זי פֿלעגט מיך שטענדיק באַגריסן. איך בין זיכער אַז אויך איר אַרויסהעלפֿערקע פֿלעגט פֿאַרקוקן צו מיר, כאָטש איך האָב זי קיינמאָל דערבײַ ניט געפּאַקט. די שעלמע איז געווען צו זעלבסט־באַוואוסט און צו פֿלינק זי זאָל זיך לאָזן פּאַצאַפּען אין מיטן פֿון אירע גנבֿיש־געהיימע אויספֿאָרשונגען. איז זי בײַ מיר פֿאַרבליבן דאָס „זינג־פֿויגעלע פֿון קיך" ווי איך פֿלעג זי רופֿן.

די טאָכטער האָט דערלאַנגט דאָס עסן און גענומען דאָס געלט. זי איז געווען אַזוי צעטראָגן, אַזוי פֿיל זיך אָנגעהערט דאָרט, אַז זי פֿלעגט קיינמאָל ניט געדענקען די מעניו און זיך מוזן צוריקקערן אין קיך איבערצופֿרעגן. זי האָט שוין געוואוסט אַז איך עס שטענדיק דיזעלבע פֿליש — געדעמפֿטע, איז זי מיר געווען, בין איך זיכער, דאַנקבאַר דערפֿאַר, און האָט עס מיר סערווירט אָן איבעריגע פֿראַגען. געדעמפֿטע פֿליש האָב איך געגעסן ניט אויס גרויס ליבע דערצו. פֿאַרקערט, איך האָב אַפֿילו דעם נאָמען פֿון דעם ניט געקענט הערן — איך פֿאַרזיכער עס אײַך, נאָר ווײַל די אַנדערע פֿליישן זייערע האָב איך נאָך ווייניגער פֿאַרטראָגן.

זיצנדיק דאָרט בײַ מיין עסן, פֿלעג איך מיך אָפֿט פֿרעגן: וואָס קענען די מענטשן פֿון מיר טראַכטן? עס איז בײַ מיר קיין צווייפֿל ניט געווען, אַז זיי זיינען שטאָלץ געווען צו האָבן אַזאַ איינגייער ווי איך, אַז זיי רעדן פֿון מיר אָפֿט צווישן זיך אין קיך, אָדער אין אָוונט ביים טיש, ווען זיי זיינען פֿריי פֿון זייער אַרבעט. בײַ מיר איז קיין ספֿק ניט געווען, אַז דאָס מיידל זייערס — יעטאַ האָט זי געהייסן — מוז זיך באַרימען מיט מיר פֿאַר אירע פֿריינדינס: עס קומט אַריין צו אונז אַ... אַ וואָס? טאַקע אַ וואָס? ווי אַזוי באַשרייבן זיי מיך? ווי רופֿן זיי מיך צווישן זיך ניט וויסנדיק מיין נאָמען? — דאָס האָב איך מיך אָפֿט געפֿרעגט און געווען נייגעריק צו וויסן, איבערהויפּט ווי דאָס מיידל, יעטאַ, רופֿט מיך.

דאָס מיידל האָט מיך אינטערעסירט מער ווי אירע עלטערן. זי איז געווען גאָרניט מיאוס. רייכע טונקל־שאַטינע האָר, שוואַרצע גלאַנציקע אויגן, שטענדיק שיין און נעט אָנגעטאָן, געשמאַקפֿול צוגעפּאַרבט. און טאַקע דאָס פֿאַרגעסן פֿון איר מעניו, איר שטענדיגער צוטראָגן זיין האָט מיך צוגעצויגן. זי פֿלעגט אָפֿט בלייבן אין צימער מיט מיר, ווען קיינער איז נאָך ניט געווען. איך פֿלעג עסן מיין מיטאָג און זי פֿלעגט קוקן פֿון פֿענסטער אַרויס, און, פֿון צייט צו צייט, אויף מיר. אין צימער אַזוי שטיל און איך האָב געגלייבט, אַז עס איז איר אָנגענעם צו פֿאַרבלייבן אַזוי מיט

מיר. כאָטש שווייגנדיג, דאָך צוזאַמען. „וועלכע דאַטע איז היינט?"
— האָט זי מיך איינמאָל געפרעגט.

ווי אַזוי באַשרייבט זי מיך, אַלזאָ? און איך פלעג מאַכן אַלערליי השערות.

„דער פּאָעט", — האָב איך זיך געענטפערט אַמאָל, דערמאָנענדיג זיך ווי אַזוי באַלטונאַוו, דער שניידער, האָט מיך אַמאָל, אין די פּריי־בחור'ישע יאָרן, אָנגערופן פאַר מיין מוטער: „דאָס איז דער מלבוש פאַר אייער פּאָעט." — וואָס עפּעס פּאָעט? איז מיין מוטער געווען נייגעריג צו וויסן. — „אָ, ער רעדט אַזוי שנעל אַז איך קען אים קוים פאַרשטיין", — האָט ער איר דערקלערט.

אפשר דער פילאָסאָף? נאָר מיט „פילאָסאָף" וואָלט איך געווען אומצופרידן. עס איז צו אַלגעמיין, צו אומבאַשרייבלעך. פּיליכט דער שיינער, שטילער, דער בלייך־שיינער, דער טיף־פאַרקלערטער, דער אַנ־דערש־ווי־אַליגער? דער שפּיגל קעגנאיבער האָט מיר באַשטעטיגט די אַלע עפּיטעטן... דער פייכט־שוואַרצאויגיגער? אָדער אפשר גאָר אונזער בלייך־שיינער? אונזער אַנדערש־ווי־אַליגער? אונזער געהיימניספולער?

אַזוי קלערנדיג פלעגן זיך אונזערע אויגן אָפט טרעפן — זי פון איר ווינקל ביים פענסטער און איך פון ביים־טיש — און מיר האָט זיך געדוכט, אַז איך לעז די אַלע נעמען אין אירע גלאַנציגע אויגן, און איך פלעג איר לייכט צושמייכלען. מען דאַרף איר אַמאָל אַ פרעג טאָן, האָב איך מיר אַמאָל געזאָגט. איך האָב עס אָבער אָפּגעלייגט פון צייט צו צייט.

דערגאַנגען בין איך עס ענדלעך גאָר אויף אַן אַנדער אופן. אָט ווי אַזוי:

איך בין אַמאָל געזעסן ביי זיך אין צימער און געשניצט אַ בלייי־שטיפט, מיט „שטיגן", אויף מיין שטייגער. אין מיטן קומט אַריין מיינער אַ פריינט:

— איך האָב אייך היינט געזוכט, — הייבט ער אָן, — אומעטום, געווען אין אייער רעסטאָראַן אויך...

— אין רעסטאָראַן? — ווער איך נייגעריג, — ווען?

— אַרום איינס.

— אויב איינס, זייט איר געקומען אַ צוואַנציג מינוט צו שפּעט, — זאָג איך אים.

— יאָ, — ענטפערט ער, — זיי האָבן מיר דאָרט טאַקע אַזוי געזאָגט.

— אַזוי? — שמייכל איך מיר זיך צופרידן, — זיי האָבן אייך געזאָגט. זיי קאָנען מיך דאָרט גוט, האַ?

— יאָ, ענטפערט ער און ער לאַכט אויך, — עס ווייזט אַזוי אויס.

— זי, די ווייטערקע, יעטאַ, האָט מיט אייך גערעדט מסתמא?

— פּראָוו איך טרעפן און ווער אומגעדולדיג.

— ניין, דאָס מיידל, — זאָגט ער, — האָט זיך דווקא ניט אָנגעשטויסן, זיינען מיר אַריין אין קיך... אָן אַרויסהעלפערקע דאָרט האָט גלייך געטראָפן װעמען איך מיין... אַי, אַ יפה־פיה די אַרויסהעלפערקע!... און אַ קאָסטיום!

— די אַרויסהעלפערקע? פון וואַנען קען זי מיך?

— זי קען אייך יאָ... נאָר מען רופט אייך מיט אַ מאָדנעם נאָמען דאָרט...

און ער לאַכט און לאַכט, קייכט זיך פאַר געלעכטער: אַ מאָדנער נאָמען.

— ווער רופט מיך?

— אַלע. אַלע רופן אייך מיט דעם נאָמען. „דער געדעמפּטער", רופן זיי אייך... — און ער צעלאַכט זיך ווידער — „דער מאַן מיינט דעם געדעמפטן!" — אַזוי האָט זי, די אַרויסהעלפערקע, גלייך אַרויסגעשריען: „דעם געדעמפטן!"

— זיי האָבן ניט מיך געמיינט, — זוך איך אים צו איבערצייגן און שטרענג זיך אָן צו באַווייזן אים מיט אַלע באַווייזן, אַז זיי מיינען אַן אַנדערן, וואָס קומט כלומרשט אין דער זעלבער צייט און זעט אויס אַ ביסל ווי איך. נאָר לאַכן, טאַקע פאַרקייכן זיך, האָט מיין פריינט ניט אויפגעהערט און אַלץ איבערגעחזר'ט: „דער געדעמפּטער? דער געדעמפּטער?"

— כאָמעס! — האָב איך אויסגעשריען שפּעטער, ווען מיין פריינט איז שוין געווען אַוועק, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז זיי האָבן מיך געמיינט. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען אַז דעם נאָמען האָט זי, די אַרויסהעלפערקע, מיר געגעבן. נאָר פון איר קאָפּ מוז עס שטאַמען, צוליב די געדעמפּטע פלייש, וואָס איך פלעג עסן יעדן טאָג.

און דאָך האָב איך מיך שפּעטער, ווען איך האָב מיך געהאַט באַרואיגט אַ ביסל, געפרעגט: בין איך טאַקע זיכער אַז זיי אָדער זי האָבן קיין אַנדער מיין דערביי ניט געהאַט? אפשר בין איך טאַקע אַ „געדעמפּטער?"

— „געדעמפּטער!" — פלעג איך מיך אַליין רופן פון צייט צו צייט.

— ווען האָט איר אויפגעהערט זיך אַזוי צו רופן?

— ווען האָב איך אויפגעהערט? כ'האָב נאָך ניט אויפגעהערט...

— האָט ער געענטפערט מיט אַ קלוגן וואונק אין אויג...